אלע ווערק פון

# מענדעלע מוכר־ספרים

(ש. י. אבראמאוויטש)

## באנד 16

# אין א שטורם־צייט.
# צוריק אהיים.



פערקויף: געזעלשאפט „צענטראל", ווארשא.

# אין אַ שטורעם-צייט.

## א.

דאָס איז געווען אין יענע צייטען, ווען מיר האָבען זיך אַלאָז
געטאָהן, ניט היינט געדאַכט, פון דער היים און האָבען אָנגעשפּאַרט
אַזש אין אָדעס — איך אין נאָך אַ גאַנצע חאָפּטע קאַבּצאַנסקער יודען.
אָנגעקומען אַהינצו און דערזעהען, אַז אָדעסער יודען זענען אונז גאָר
ניט אַרויסגעגאַנגען אַנטקעגען צום וואָקזאַל, ווי מיר האָבען גערעכענט
לכתחילה, ניט אויפגענומען אונז פאַר טייערע געסט און ניט פערבעטען
יעדערען אין אַ בעל-הבית'ישע שטוב, — האָבען מיר, במחילה, געמוזט
נעהמען די קלומקעס מיט די זעקל'עך אויף די פּלייצעס און אַוועק אין
שטאָדט אַריין. אין שטאָדט איז די קאָמפּאַניע זיך ביסלעכווייז צע-
קראָכען, ווער אַהין, ווער אַהער: מע מוז דאָך פאָרט אין זינען האָבען
אַ נאַכטלעגער. נאָר איך און ליב דער מלמד האָבען זיך געהאַלטען איני-
איינעם, וואָרום נאָך איידער מיר זענען אַרויסגעפאָהרען פון דער היים
האָבען מיר אָבגערעדט, אַז מיר'ן זיין שותפות: מיר האָבען אפילו
אָנגעשריבען אַ שותפות-כתב און זיך געגעבען תקיעת-כף. מיט מיה און
מאַטערניש האָבען מיר זיך אָבגעזוכט אַ אַכסניה, ווערליג אונזער גראַד—
אַנ'ענג פינסטער חדר'ל ערגעץ נאָר אויבען, אונטער'ן דאַך.

דער דאָזיגער ליב דער מלמד, אַנ'עלטערער מענש, איינער פון
די קאַבּצאַנסקער מכובדים, איז אַלע זיינע יאָהרען געווען אַ גרויסער עני
ואביון און דערצו אַ מטופל מיט קינדער. אַ חוץ, וואָס ער האָט נערערענט

פון ביאור ביז שפּעט אין דער נאַכט מיט יודישע קינדערלעך כּתּות'ווייז אַ כּתּה נאָך אַ כּתּה, האָט ער נאָך געהאַט עטליכע אַנדערע מע־נה'דיגע פּרנסות: געווען אַ אַ שדכן, אַ אַ בעל־תּוקע, אַ געמאַכט שמעק־טאַבאַקע פאַר יודישע נעז, און נאָך אַלע זאַכען איז ער געווען אַ קבצן אין זיעבען פּאָלעס; ווי זאָגט מען דאָס — אַ סך פּרנסות און ווייניג ברכה. פונדעסטוועגען האָט ער, חלילה, צו גאָט קיין טענות ניט געהאַט, פערקעהרט, ער פלעגט נאָך אָבגעבען אַ דאַנק און אַ לויב זיין ליעבען נאָמען פאַר דעם גרויסען חסד, וואָס מע לעבט. איז אָבער געקומען אַ צייט, וואָס פון דער דאָזיגער געמיינער פּרנסה זיינער איז אויך געוואָרען אַ תּל. גאָט'ס צאָרען האָט זיך אויסגעגאָסען פּלוצלונג אויף קאַבצאַנסק און אויף די אַרומיגע שטעדט. ס'האָבען זיך אָנגעהויבען פּאָגראָמען מיט שלעק מיט אומגליקען — ממש מעשה סדום. יודישע פּרנסות זענען געוואָרען געשלאָגען, יודישע געשעפטען געפאַלען, יודען זענען געבליבען אָהן ברויט. נו, און אַ כּלל איז, אַז ווען מ'איז הונגעריג, רחמנא ליצלן, ווערט מען אָן דעם יושר, דאָס עהרליכקייט, קריכט מען איינער דעם אַנדערען אין גרגרת, רייסט מען זיך און מע בייסט זיך, ווי די הינד איבער אַ טרוקענעם ביין. דאַכט זיך, וואָס קען שוין זיין ערגער ווי מלמדות, אַז אָך און וועה צו אַזאַ ליעבהאַרציג „געשעפט“, האָט זיך דאָ אויך אָנגעהויבען קנאה מיט שנאה מיט מחלוקת, סע זענען געפלויגען דאָנאָסלעך און איינער דעם אַנדערען האָט גע'רודפ'ט ביז גאָר. דער סוף האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז ליב דער מלמד, לא די וואָס ער האָט אָנגעוואוירען זיין מעמד, האָט ער נאָך געמוזט בעצאָהלען שטראָף אויך, וואָרום מ'האָט איהם גע'מסר'ט, אַז ער לערענט אָהן אַ בלעטעל. — אַ וואָלף, אַ שטייגער, אַז ער איז הונגעריג, קלאָגט ער, וואָיעט ער אין וואַלד אינמיטען דער נאַכט, גיסט ער אויס זיין שווער געמיט אין אומעטיגע קולות; אַ יוד אָבער, אַזוינער ווי רב ליב, אַז סע דערגעהט איהם דאָס וואַסער ביז'ן האַלז, שווייגט ער, טראָגט ער שטילערהייט זיינע וועהטאָגען און לאָזט פון זיך קיין פאַרע ניט הערען, נאָר ער זיצט טאָג ווי נאַכט איבער'ן משניות, אָדער ער שטילט זיך דאָס האַרץ מיט אַ קאַפּיטעל תּהלים. אמת, פון ליב'ס צד וואָלט גאָר קיין מניעה נישט געווען, ער זאָל בעקומען עפּעס אַ שטעלע אין דער האַנדעלס־וועלט, אַ שטייגער ווערען אַ בוכהאַלטער אין אַ גרויסער קלייט, אַ „מענש“ אין אַ פאַבריק, אין אַ באַנק, אין אַ קאָנטאָר, פאַר וואָס ניט? אַ יוד טויג צו אַלצדינג, אַבי נאָר מזל. אַז גאָט וויל שיסט

אַ בּעזעם, — איז דאָ אַ יודיש ווערטעל. האָט זיך אָבער, מעשה שטן, ניט געטראָפען אַזאַ מין שטעלע: די מניעה איז, פערשטעהט איהר מיך, געוועזן אינ'ם אַנדערען צד; ליב דעם מלמד האָט אַלע זיינע יאָהרען ניט געשפּיעלט דאָס גליק, האָטש צעדיים זיך. דעריבּער, אַז ס'איז געוואָרען אַ געשריי: יודען, אין די קאָלאָניעס! — אָט ווי מע רופט אַ שטייגער: אין באָד אַריין, יודען! — האָט זיך ליב דער מלמד אויפגעחאַפּט מיט אַנ'אימפּעט און געענטפערט: הנני! איך בּין אָנגעבּרייט, איך בּין מוכן ומזומן מיט אַלע מיינע רמ"ח אברים.

און בעונותינו הרבים איז מיר דעמאָלט אויך נעגאַנגען, ווי זאָגט מען דאָס, מיט דער פּוטער אַראָב. דער מסחר מיט ספרים איז געוואָרען וואָס אַ טאָג ערגער. דער „קורא נכבד" האָט אויסגעזעהען ווי אַ חולה, וואָס ס'איז איהם פאַסקודנע אין מויל, סע נודיעט איהם אויפ'ן האַרצען; ער וויל עפּעס אַ דערקוויקעניש, עפּעס אַזוינס, וואָס ס'איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ, און וואָס מע זאָל איהם ניט געבּען, איז אידם פע, מיאוס, חלשות. דערלאַנגסט איהם אַ לשון־קודש'דיגע פּאָטראַווע, שרייט ער: „געה! נעה! ס'איז טרוקען, האַרט, ניט צו פערדייען". טראָגסט איהם אונטער אַ שפּאָגעל נייע זשאַרגאָנישע פּרעזשעניצע, וואַרפט ער זיך: „עט, בּלאָטע שבּבלאָטע... גיט מיר בּעסער עפּעס אַזוינס... אַזוינס ווי אַ זעלעבּם... אַז ס'זאָל נעהמען, ס'זאָל קוויקען!" — וואו בּעקומט מען אָבּער אַזאַ מין סחורה, אַז אַלצדינג, וואָס איך פערמאָג אין מיין בּיידעל, איז זיי פריקרע, פון אַלצדינג קרימען זיי מיט דער נאָז. גאָט אין הימעל! ניטאָ קיין ערגערע יסורים, ווי האָבּען צו טאָן מיט אַ קבצן אַ בעל־גאוה, וואָס השגות האָט ער גרויסע, ועלען וויל ער דוקא זעהר אַ סך, נאָר אויספּיהרען — לא מיט אַנ'אַלף. בּעטראַכט, אַ שטייגער, מיך אַליין. לא די, וואָס איך האָרעווע פאַר זיי אַזוי פיעל יאָהרען, לא די, וואָס איך האָב אַריינגעבּראָקט אין דעם געשעפט אַ מטמון מיט געלט, אַוועקגעלעגט אי כח, אי צייט, אָבּגעגעבּען, דאַכט זיך, דאָס בּלוט פונ'ם האַרצען און קיין מזל־בּרכה דוקא ניט געזעהען, קומט מיר נאָך איצט אויסהערען אַלערליי שטעכווערטלעך, טענות, זיד־לערייען; זעהען, ווי יודען־חולאים קוקען אויף מיר בּייז, אַקוראַט ווי איך האָב זיי געטאָן ווער ווייסט וואָס פאַר אַ רעה. איז מיר טאַקי דעמאָלט געוועזן בּיטער און פינסטער, ס'איז מיר פּשוט נמאס געוואָרען דער גאַנצער עסק. וואָס טויג מיר, טראַכט איך מיר, דער גאָלדענער מסחר מיט די בּריליאַנטענע געשעפטען? וואָס טויג מיר דאָס גע־ונר זיין, דאָס

אַרומשלעפּען זיך בּכל תּפוצות ישראל? וואָס טויג מיר דאָס האָבּען צו טאָן מיט אינזערע ליעבּהאַרציגע יודעלעך?

אין יענע שווערע טעג איז מיר פּלוצלונג נמאס ומאוס געוואָרען אַלצדינג: אי די אָרימע שטעדטלעך, אי די משונה'דיגע יודען. וואָס וואוינען דאָרט, אי דער גאַנצער וועג, וואָס איך האָבּ זיך געשלעפּט אויף איהם אַזוי פּיעל יאָהרען. אַלצדינג האָט אין מיינע אויגען בּעקומען אַנ'אַנדער צורה, אַלצדינג איז מיר מיט אַמאָל געוואָרען פרעמד, — גאָר ניט דער וואַלד, גאָר ניט די פעלדער, וואָס פריהער. פּליצלונג איז גאָט'ס וועלט מיט מיר געוואָרען אויס חבר. אַקוראַט ווי אַלצדינג אַרום און אַרום וואָלט געשעפּטשעט: ניט פון דיינעטוועגען, יוד, סוד'ען זיך דאָ די בּיימער, וואַקסען די גראָזען, בּעדעקען זיך מיט תּבואה די פעלדער, צייטיגען זיך די פּרוכטען; ניט פון דיינעטוועגען זינגען די פויגעלעך, וואָרקען די טויבּען; ניט דיר שמעקען די קווייטען, גיסען זייער ריח אַלערליי בּשׂמים! אפילו די זון, אוי וועה, וואַרימט אויך ניט ווי אַמאָל. דעריבּער, אַז ס'איז אַרויס אַ קלאַנג וועגען יודישע קאָלאָניעס אין ארץ ישראל, איז דאָס מיר שטאַרק אַריין אין דער מחשבה; דערצו האָבּען נאָך אונזערע קאַבּצאַנסקער יונגע־לייטלעך געהאַלטען וועגען דעם ענין פייע־דיגע דרשות, אָנגעשפּיגעוועטע מיט מליצות און צוגעשמאָלצענע מיט פּסוקים און טרייסט־ווערטער פון דער תּורה און די נביאים, האָבּען מיר די דרשות אויך אונטערגענעבּען חשק. די פאַנטאַזיע האָט מיר אָנגעהויבּען פליהען, איך האָבּ שוין געזעהען פאַר זיך דאָס הייליגע לאַנד, וואו עס רינען טייכען פון מילך און האָניג און ציגען עסען בּאָקסערען און פייגען. וואָס איז דער חדוש? אַזוי איז דאָך די טבע פון אַ מענשען, אַז אין אַ עת־צרה הויבּט ער אָן האָפען אויף נסים. איך האָבּ אַ קוק געטאָן אויף מיין פעררדעל: הויט און בּיין, קיים וואָס די נשמה האַלט זיך אין איהם, סע האָט שוין, נעבּעך, קיין כּח ניט צו פלאָנטען מיט די פיס. טראַכט איך מיר: וואָס איז שולדיג אָט דאָס אומגליקליכע גאָט'ס בּעשעפעניש? וואָס האָבּ איך צו איהם? וואָס מוטשע איך עס מיט טענתים און מיט דער שווערער משׂא פון יודישע ספרים אומזיסט־אומנישט? בּיז וואַנען איז דער שיעור — בּיז סע וועט שוין גאָר איינגאַנצען אומפאַלען און איינגעהמען אַ מיתה משונה? ניין, נענוג, טראַכט איך מיר, גלעטענדיג דעם אָדלער מיינעם פון הינטען, נעבּען דעם אויסגעקראָכענעם וויידעל — גענוג שוין, שוין צייט, מיר זאָלען זיך צעשיידען, און לאָז דיר גאָט העלפען אַ בּעסערען עסק. איידער יודישע ספרים!...

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָב איך שוין פערקויפט דאָס פערדעל פאַר אַ פּאָר קערבלעך איינעם אַ וואַסער-פיהרער. מסתמא איז דער קליאַטשע שוין בעשערט געווען צו האָבען צו טאָן מיט וואַסער: ווי עס איז ידוע, איז אין אַ סך יודישע ספרים אויך מעהר ניטאָ ווי וואַסער.

אַז איך בעטראַכט איצט דאָס לויפעניש, וואָס מיר זענען דעמאָלט געלאָפען, שטעלט זיך מיר פאָר אַזאַ מין בילד: אַ מהומה, אַ יריד אין קאַבצאַנסק! יודעלעך, צאן קדשים, שטופען זיך, יאָגען זיך, קרייבען זיך צונויף אין טשערעדעס; ס'איז אַ געוואַלד, אַ געשריי, אַ געפּילדער, אַז סע דערגרייכט עד לב השמים. עטליכע באַראַנעס, וואוילע יונגען, וואָס ס'האָט זיך זיי עפּעס אויסגעדאַכט, זיי ווייסען אַליין ניט וואָס, שפּרינגען אַרויס, שטעלען זיך פאָרענט, לאָזען זיך געהן, — די טשערעדע נאָך זיי. נאַנצע וואָלקענס שטויב הויבען זיך פון אונטער די קאָפּיטעס, שפּרייטען זיך, פערבלענדען די אויגען, אַזוי אַז קיינער זעהט ניט דעם וועג. אַלע יאָגען, לויפען, איילען אין גרויס אימפעט מיט פאַרמאַכטע אויגען, אַקוראַט ווי עמיצער שלעפּט זיי, ווי עמיצער שמייסט זיי פון הינטען, און איך, אַלטער צאַפּ, בין איך בתוכם. די שאָף רוישען, מעקען, ברומען — וואָרום זיי זענען נעבעך הונגעריג; זיי לויפען אין איין אָטעם, וואוהין די פיס טראָגען, וואָרום זיי רעכענען: אפשר וועלען זיי פאָרט געפינען אַזאַ שטיקעל אָרט, וואו ס'איז דאָ אַביסעל פּאַשע...

אַז איך דערמאָן מיר יענע צייטען, שוועבט אַ שמייכעל ניט ווילענדיג אויף מיינע ליפּען, אָבער אינוועניג וויינט די נשמה; איך לאַך מיט טרערען און דאָס האַרץ טוט אַזוי וועה.

דאָס רוב טשערעדע זענען געווען אַלטע צאַפּעס, דאַרע, קוואַרע, וואָס אפילו צו דער שחיטה טויגען זיי אויך ניט, ס'זאָל זיי צו קיין בזיון ניט זיין. די ציקעלעך — די יונגע לייטלעך מיט די פלאַמענדיגע דרשוה— האָבען זיך דוקא פונ'ם אָרט ניט געריהרט; ס'טייטש, זיי האָבען דאָך נעדאַרפט טונטערען אַ נ ד ע ר ע, איינריידען דעם עולם, אַז ס'איז ניטאָ קיין בעסערס, ווי נעהמען די פעקלעך אויף די פּלייצעס און געהן; זיי האָבען נעדאַרפט מזכה זיין דעם כלל מיט זייער שליחות. גערעדט האָט מען, אַז אין אָדעס איז דאָ מיליע-מיליאָסען גאָלדענע רענדלעך: פון קערות, פון צדקה-פּושקעס, פון אתרוגים וכדומה. געלט איז דאָ אַריבער נענוג, מע זיצט נאָר אין מע וואַרט, סע זאָלען קומען יודען, נעהמט מען באַלד און מע שיקט זיי אָב קאָמפּאַניעס-וויז מיט'ן ים און מיט דער יבשה, מע ניאַנטשעט זיך מיט זיי אין וועג און מע ברענגט זיי

בשלום אל המנוחה ואל הנחלה. פון די קלאַנגען האָט זיך דאָס געגומען די גאַנצע מהומה. גיכער, גיכער! — האָבען יודען גערופען איינער צום אַנדערען, — ס׳איז טייער יעדע מינוט: טאָמער וועט נאָך חלילה פאַר אונז ניט בלייבען קיין אָרט.

אָט אין יענער צייט האָב איך זיך דאָס צונויפגעקאָמפּאַניעט מיט ליב דעם מלמד. מיר האָבען אָבגעמאַכט צווישען אונז, מיט אַ תקיעת־כּף און אַ נקיטת־חפץ, אַז אַלצדינג, וואָס דער אויבערשטער וועט אונז צושיקען, סיי אין זיין זכות, סיי אין מיינעם, זאָל זיין אונזער ביידענס, און אַ תּנאי האָבען מיר אויסגענומען, אַז מיר זאָלען לעבען דוקא איני־איינעם, זיך ניט שיידען איינער פונ׳ם אַנדערן. איך בין מיט דעם שותּפות אויסען געווען צוויי זאַכען: ערשטענס איז גלאַט גוט, אַז ס׳האָט אין דער פרעמד אַ היימישען מענשען, מיט וועמען אויסצוריידען אַ וואָרט; צווייטענס איז דעמאָלט יודישקייט שטאַרק אַריין אין דער מאָדע, האָב איך מיר געטראַכט: מיט אַזוינעם ווי רב ליב ווערט מען ניט פערפאַלען. ער איז דאָך אַ מלמד, אַ כּשר׳ער יוד לכל הדעות, וועט ער אונז ביישטעהען אין אונזערע נויטען. אַזוינעם ווי רב ליב פאַסט זעהר גוט אויסצושטרעקען אַ האַנד נאָך אַ נדבה, מאָהנען וואָס סע קומט פון צדקה, וואָרום יודישקייט — דאָס איז דאָך זיין אַרטי־קעל. אַז סע שטייגט אַ סחורה, ווערט געהויבען דער כּוחר, וואָס האַנדעלט מיט איהר. מאַך איך, הייסט עס, אַ גוט געשעפט, וואָס איך נעהם רב ליב׳ן פאַר אַ שותּף. הײנט גלאַט, וואָס אַרט מיך אַ שותּפות אין אַזאַ מין עסק, וואו ביידע צדדים לעגען ניט אַריין קיין צעבראָ־כענעם גראָשען און זענען זיך נאָר מתחייב צו טיילען די כּשר׳ע מציאות, וואָס וועלען זיך זיי, אם ירצה השם, טרעפען.

אין גרויס איילעניש זענען מיר אָנגעקומען קיין גלופּסק. דאָרט האָבען מיר זיך אַריינגעזעצט אין דער באַהן און מיט אַ טראַסק אַריינגעפאָהרען קיין אָדעס.

וואָס זאָל איך אייך דערצעהלען? סע טרעפט זיך אַמאָל אַ מגפה, אַ אַנשיקעניש ניט נאָר אויף דעם גוף, נאָר אויך אויף דער נשמה פון די מענשען. אַמאָל מאַכט זיך, אַז די מגפה ווייזט זיך אַרויס אין אַזוינע סכנים, ווי ביי משוגענע הינד, רחמנא ליצלן: פונ׳ם מויל רינט אַ גיפטיגע סלינע, דער כּעס ברענט מיט סכנות נפשות, סע ווילט זיך אָנחאַפּען יענעם און בייסען, און צופּען... אין אַמאָל מאַכט זיך, אַז דער שכל ווערט געשלאָגען — זעהט מען אַנ׳איבערגעקעהרטע וועלט,

אַ תהו ובוהו: דער קאָפּ אונטען, דער וויידעל אויבען, דאָס גוטע קומט אוים שלעכט, דאָס פינסטערע — ליכטיג, דאָס ווייסע — שוואַרץ; דער וואָלף ווערט אַ צדיק, דאָס שעפּעלע — אַ רשע מרושע; אַלצדינג ווילד, קאַפּויר, איבערגעדרעהט, אָהן אַ טאָלק, אָהן אַ סדר. אויף אונז אין יענע טעג האָט גאָט, ברוך הוא, אָנגעשיקט אויך אַזאַ מין קרענק: ס'האָט אונז, לא עליכם, געשטופּט, געהויבען אין דער לופטען, ניט געלאָזט אונז רוהען אַ רגע. דער מוח איז אונז געפלויגען, די פאַנטאַזיע האָט אונז געטראָגען פייל אויס'ען בויגען. איבערפאָהרען דעם ים איז ביי אונז דעמאָלט געוועזען אַ קלייניגקייט, אַ קינדער־שפּיעל, ניט ווערט אַ שמעק־טאַבאַקע.

נאָר וואָס מיר זענען אַריין אין דער אַכסניה, מיער און אויסגע־מוטשעט פון דער נסיעה, דערפיהלען מיר: אהאַ, סע טאָרקעט שוין, סע שטופּט אונז — זיצט ניט, פּעטערס, געהט, טוט, זייט זיך משתדל, — ס'איז אַ רענדעל אַ מינוט.

— רב מענדעלע, — זאָגט ליב דער מלמד, — לאָמיר ניט וואַר־טען, לאָמיר אַריבערגעהן טאַקי תיכף ומיד!

וואוהין געהן, צו וועמען געהן? דאָס האָב איך אַליין אויך געוואוסט זעהר גוט, דאָס האָב איך פערשפּאָרט צו פרעגען. ס'איז דאָ, האָט מען געשמועסט, אַזוינע מינע חברה־לייט, וואָס זענען פריהער געווען אַפּיקורסים און איצט האָבען זיי פּלוצלונג דערפיהלט אין זיך אַ יודישע נשמה — אין אונזערע מקומות האָט מען זיך אָנגערערצעהלט וועגען זיי גאַנצע פּעק מיט מעשׂות, איינע וואונדערבאַרער פון דער אַנדערער, — אָט די בעלי־תשובה בענקען שטאַרק נאָך אַ יודען, זיי געהען פּשוט אוים נאָך אַ יודענ'ס טריט. זיי וועלען זיך דאָס מרחם זיין איבער אונז כרחם אב על בנים, זיי האָבען שוין אָנגעגרייט פאַר אונז אַ מקום מנוחה, זיי וועלען אונז פערזאָרגען, אַבי מיר זאָלען נאָר פאָלגען, וואָס זיי וועלען הייסען!.. דעם אמת זאָגענדיג, האָט זיך מיר אַליין אויך שטאַרק גע־גלוסט זיך זעהען מיט זיי וואָס גיכער און איבערגעבען אונזער בקשה, נאָר פאַר רב ליב'ן האָב איך זיך געקנייטשט, געמאַכט אַ מינע, אַקוראַט ווי איך וויל זיך פריהער אַביסעל אויסרוהען פונ'ם וועג.

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, — פרעג איך איהם, — וואָס איז דאָס אַיילעניש מיט אונז? וואָס וועלען מיר אָנווערען, אַז מיר וועלען געהן אַביסעלע שפּעטער?.. ווייסט איהר גאָר, וואָס איך וועל אייך זאָגען, רב ליב? יוען נאָט העלפט מיר בעסער אַ רעבט מרחץ,

אַי וואָלט איך דאָס אַרויפגעקראָכען אויף דער אויבערשטער באַנק און וואָלט זיך אויסגעצייגעוען, ווי איך בין גרויס, און וואָלט זיך אָבגעשמי־סען מיט אַ גוט בערעזעווע בעזעמעל, וואָלט איך זיך, כלעבען, אויס־געגלייכט מיינע אַלטע ביינער! דאָס וואָלט געווען טאַקי באמת פקוח נפש!...

— ניין, רב מענדעלע, — ענטפערט מיר רב ליב מיט זיינע גלאַטע ריידעלעך, — ראשית חכמה דאַרף מען אין זינען האָבען געשעפט, פרנסה איז קודם צו אַלצדינג. אַ מרחץ וועט פון אייך ניט אַנטלויפען, אָבער דער ענין, וואָס מיר זענען אין איהם עוסק, קען נאָך, חלילה, ווערען עבר זמנו. דאָס איז ניט קיין שפּילכעל, רב מענדעלע! איהר פרעגט: וואָס ווערען מיר אָן? אַודאי און אַודאי ווערען מיר אָן! איך זאָג אייך, רב מענדעלע, איך בין דאָך עפּעס ניט קיין נעכטינער, איך האָב שוין פערזיכט אין מיין לעבען אַלצדינג, ווייס איך פון מיין אייגענער פּראַקטיקע: אַ מלמד, אַז ער פערהאַפּט ניט דעם בין־הזמנים, איז פערפאַלען, קומט אַנ׳אַנדער מלמד און נעהמט צו דאָס יונגעל — און אויס! והילד איננו!... ביי אונז איז היינט בין הזמנים; פון אַלע זייטען יאָגען זיך מלמדים, וואָס זענען גרייט צו אָקערען די ערד אפילו מיט דער נאָז. יעדער איינציגער וויל פערהאַפּען אַנ׳אָרט, בעקומען אַ שטיקעל נחלה דאָרט, אינ׳ם לאַנד פון די אבות. אַ קאַטאָוועס עפּעס?... ניין, רב מענדעלע, קומט, אָבער קומט טאַקי וואָס גיכער.

פון די קאָבצאַנסקער יונגע לייטלעך האָבען מיר געהאַט בשותפות עטליכע בריעף צו איינינגע פון די היגע חברה־לייט. האָב איך געפּאַ־גט רב ליב׳ן און מיר זענען קודם־כל אַוועק זיך זעהען מיט זיי.

~~~~~~~~

# ב.

נעמיינט האָבען מיר, אַז די דאָזיגע לייט זענען ווער ווייסט ווער — חשוב׳ע מענשען, גדולי הדור, וואָס די איבעריגע אָרעמער יודען קומען אויס אַנטקעגען זיי, ווי קאַרליקעס אַנטקעגען אַ ריעז, ווי קליינע זעמליאַנ־קעס אַנטקעגען אַ הויכען מויער. מסתמא, האָבען מיר גערעכענט, קען זיי דאָ דאָס מינדסטע קינד, מסתמא וועט יעדערער, ווען מיר׳ן
~~~~~~~~

אַ פּרענ מאָן, באַלד אָנווייזען אויף זיי מיט'ן פינגער. היינט מאָלט אַייך אוים, ווי אַזוי מיר האָבען זיך געחדוש'ט, אַז מיר האָבען אַ פרענ געטאָן איין דורכנעהער, דעם אַנדערען, דעם דריטען: וואו וואוינט דער און דער — און קיינער ווייסט ניט! מיר פרעגען און פרעגען, מיר לאָזען שוין ניט דורך קיינעם — אָבער סע העלפט ניט. מע קוקט נאָך אויף אונז מיט חוזק, מע לאַכט, חאָטש נעהם בעגראָב זיך פאַר בושה. פערטראַכט איך מיר: אַ שענע שטאָדט, אַז אָך און וועה! נעהערט אַ קהלה, וואו קיינער קען ניט די חשיב'סטע מענשען, די שענסטע מנהיגים. ניט אומזיסט זאָגט מען, אַז דאָס איז אַנ'אויסגעלאַסענע שטאָדט, אַ פערשייטטע, אָהן אַ פּיצעל דרך־ארץ פאַר עלטערע! דערוויילן איז אונז טאַקי גוט נמאס געוואָרען זיך אַרומדרעהען אין די גאַסען, מ'איז שוין נעווען מיעד אייך. אַ גליק, וואָס גאָט האָט אונז צוגעשיקט אַ בעקאַנטען, וועלכער האָט אויף אונז רחמנות געהאַט און אונז צוגעפיהרט בשלום צו דעם הויז, וואו איינער פון אונזערע אדונים האָט געוואוינט.

נאָך פונ'ם ערשטען קוק אָן איז מיר ניט געפעלען ניט דער ענגער בלאָטיגער הויף, ניט די שטוב, וואָס אפילו צווישען אונזערע קאַבצאַנסקער חורבות וואָלט זי געזען אַנ'אויסנאָהם מיט איהר משונה'דיגער געשטאַלט, ניט די הויכע שמאָלע טרעפ, וואָס האָבען אונז געפיהרט צו דער נידעריגער דירה דאָרט אין עק בוידעם. נאָר פונדעסטוועגען בין איך ביי זיך ניט אַראָבגעפאַלען. מאַלע וואָס, — האָב איך מיר געטראַכט, — קאָרג יודישע גבירים איז דאָ, וואָס זענען אָנגעשטאָפּט מיט געלט, ווי קורח, און לעבען זיי אין שטיקעניש און אין עפּוש, ווי די חזירים. אַז מיר זענען אָבער אריינגעקומען אינווייניג, איז מיר געוואָרען זעהר קאַלעמוטנע. אינווייניג האָבען מיר דערזעהען אַ יונגנמאַנטשיק פון אַ יאָהר עטליכע און צוואַנציג, אַ דאַרען און אַ לאַנגען, מיט שיטערע האָר און אַ קורץ בערדעל; דאָס פנים איז ביי איהם געווען בלייך, קראַנק, ווי ביי איינעם, וואָס איז נאָר וואָס איבערגעקומען דעם פריזיוו.

— דאָ וואוינט רב גימפּל ב"ר זרח? — פרעג איך.

— רב גימפּל ב"ר זרח וואוינט דאָ? — פרעגט מיט מיר אינאיינעם רב ליב דער מלמד, כדי צו ווייזען, אַז ער איז אַ שותף, אַז ער טוט אויך עפּעס אין אונזער עסק.

— יאָ, — ענטפערט דער יונגער מאַן, — וואָס וועט איהר עפּעס זאָגען?

— מיר דאַרפֿען האָבען צו אייער טאַטען, — זאָג איך, און רב ליב דער מלמד חור'ט נאָכדעם איבער דאָס איינענע וואָרט אין ויאָרט.

— איך האָב ניט קיין טאַטען. דאָס דאַרפט איהר, מסתמא האָבען צו מיר אַליין טאַקי — ענטפערט דער יונגער מאַן מיט אַ פריינדליכען שמייכעל.

— דאָס זענט איהר טאַקי אַליין! — זאָג איך און גיב אַ מאָרנע דרעהה מיט דער נאָז, ווי איינער רעדט: זאָלסט דערלעבען אָנזאָגען שע־נערע בשורות.

— איהר אַליין זענט דאָס טאַקי, פּאַני!! — זאָגט מיר נאָך רב ליב, נאָר מיט אַ מאָרנער, התלהבות און מיט אַ שיינענדיג פּנים. פאַר גרויס שמחה רוקט ער זיך אַרויס אַ פריהער און שיסט אויס:

— מיר האָבען אַ בריעף... אַ בריעף האָבען מיר צו אייך, פּאַני!

דער יונגער מאַן לייענט איבער דעם בריעף, נאָכדעם דרעהט ער זיך אויס צו אונז, גיט אונז אָב שלום, דערלאַנגט אונז בענקלעך און זאָגט מיט אַ פרעהליך פּנים:

— זיצט, ליעבע יודען. מע שרייבט מיר דאָ אין בריעף, וואוהין איהר קלייבט זיך פאָהרען. וואויל, זעהר וואויל! שוין לאַנג צייט. דאָס וויסטע לאַנד, די פערלאָזטע אַלמנה, וואָס קוקט שוין אַזוי פיעל יאָהרען אַרויס אויף איהרע פערטריבענע קינדער. רופט איצט צו אייך, שטרעקט אויס איהרע אָרעמס. וואויל איז אייך, וואָס איהר קעהרט זיך אום צו איהר מיט אייער אייגענעם גוטען ווילען. אַזוינע יודען, ווי איהר, מעג מען רופען גבורי הדור, גבורים זענט איהר, וואָס האָבען בכח אויפצוטאָן גרויסע, וואונדערליכע מעשים לכבוד אונזער פאָלק ישראל.

— מיט דעם אויבערשטענ'ס הילף! ער, ברוך הוא, איז אַודאי דער גרויסער בעל־יכולת, ער האָט דעם כח און מיר די גוטע כונה, — זאָגט רב ליב דער מלמד מיט גרויס נחת־רות און ענדיגט מיט אַ פּסוק: — רצו עבדיך את אבניה ואת עפרה יחוננו. אודאי ווילען מיר בעקומען אַ נחלה אין ארץ ישראל.

— מיט דעם אויבערשטענ'ס כח און מיט יודיש' געלט. — מיש איך זיך אַריין, כדי צו געבען אָנצוהערעניש, אַז מע מיינט דאָ טאַקי די קלינגערס, וואָס מע דאַרף האָבען צום ענין.

— דערפאַר זאָלט איהר גאָר ניט האָבען קיין דאגה, ס'וועט שוין זיין רעכט, אם ירצה השם, — זאָגט דער יונגער מאַן און שמייכעלט

דערביי ווי, איינער, וואָס ווייסט אַ סוד, נאָר ער טאָר איהם ניט אויס־זאָגען. — געלט וועט זיין. כלל ישראל איז ניט אָרים, און סע טוט טאַקי, ברוך השם, אויך. סע אַרבייט אין דעם עבק באמונה.

בשעת מיר זענען אַזוי געזעסען און געשמועסט וועגען אונזער ענין, איז אָנגעקומען נאָך אַ יונגער מאַן און נאָך איינער, ביז ס'האָט זיך ביס־לעכווייז אָנגעקליבען אַ שטאַרקער מנין. אויך חברה־לייט פון איין קליי־זעל, מיט איין האַרץ און איינע דבורים. אַ קוק טאָן אויף זיי, האָט מען באַלד דערקענט, אַז סע טוט זיי שטאַרק הנאה, זיי קוועלען ממש אָן... די אַלע יונגע לייט האָבען אונז אָבגעגעבען דעם שענעם ברוך הבא און האָבען זיך אַריינגעלאָזט מיט אונז אין אַ ברייטען שמועס וועגען ישוב. ביסלעכווייז האָבען זיי זיך צעהיצט, פערפלוינען גאָר הויך, אָנגעהויבען שיטען מיט נבואות: נאָך אַביסעל וועט געהאָלפען ווערען יהודה, און דאָס פאָלק ישראל וועט רוהען, ווי פריהער, אויף זיין ערד, יעדער יוד אונטער זיין וויינשטאָק און זיין פייגענבוים, מיט דעם אויבערשטענ'ס הילף. מ'האָט געקלעהרט, געקליגט זיך, וואו נעהמט מען געלט. יעדערער האָט געהאַט זיין פּלאַן, זיינע פּראָיעקטען, מ'האָט געצעהלט, גע'חשבונ'ט, און ס'איז אויסגעקומען גאָר אַ שלל, עפּעס גאַנצע בערג מיט גאָלד. ווער סע וויל זיך בעקענען מיט די אַלע עצות און פלענער און גרויסאַרטיגע חשבונות בפרטות, — פערשפּאָר איך איהם דאָס דערצעהלען: מע קען זיי אַלע געפינען אין די וואונדערבאַרע מאמרים, וואָס זענען געדרוקט געוואָרען אַביסעל שפּעטער אין די יודישע גאַזעטען.

אָרום האַלבע נאַכט זענען מיר געקומען צוריק אויף דער סטאַנציע. איך זיץ און שוויינ, ס'איז מיר דוקא ניט שטאַרק אויפגעלעגט אויפ'ן האַרצען; רב ליב, פערקעהרט, איז זעהר קאָנטענט און האַלט אין איין ריידען. סע שיט זיך פון איהם, ווי פון אַ זאַק, ער קען זיך ניט איינ־האַלטען פאַר גרויס הנאה, וואָס ער האָט פון זיך אַליין. ער איז מיט אַמאָל געוואָרען חשוב'ער ביי זיך אין די אויגען, אַקוראַט ווי ער וואָלט באמת געווען איינער פון די אַמאָליגע גבורי ישראל, אַקוראַט ווי ער וואָלט פון אַ מלמד געוואָרען פלוצלונג אַ פריץ, אַ פּאָמיעשטשיק. ער פּלאַפּעלט, וואָס סע קומט איהם אויף דער מחשבה.

— וויפיעל, האָט ער געזאָגט, איז דאָ ביי אונז יודען? — פרעגט מיך ליב און קוקט מיט אַזוינע אויגען, ווי אַ מענש, וואָס איז פערטאָן אין אַ טיעפען ענין.

— איך געדענק ניט, וואָס ער האָט דאָרטען געבעבעט, — ענטפער

איך קאַלט און לאָז אַרויס אַ גענייץ. — וואָס דאַרפט איהר אַ שטייגער וויסען, וויפיעל יורען ס'איז דאָ? זאָל נאָט העלפען, ס'זאָל זיין נאָך טויזענט מאָל מעהר. אייער ראגה...

— מיר דאַכט, יאָ... אַזוי, אַזוי. ער האָט אויסגערעכענט עפּעס אַ פינף מיליאָן. — זאָגט רב ליב, פערבייסענדיג די אויבערשטע ליפּ און קנייטשענדיג דעם שטערען. — ווערליג איך פערשטעה, דאַרף זיין נאָך מעהר. נאָר לאָמיר רעכענען אויפ'ן ערגסטען פאַל — פינף־זעקס מיליאָן. נו, שטעלט אייך פאָר, אַז יעדער יוד צאָהלט אַלע יאָהר נאָר איין קערבעל, האָט איהר זעקס מיליאָן קערבלעך אַ יאָהר, און אַ משך פון פופציג יאָהר — דרייהונדערט מיליאָן, היינט פראָצענט פאַר דער גאַנצער צייט, האָבען מיר אַ קימאַ־לן אפשר פון טויזענט מיליאָן. ס'איז דאָך אַ פשוט'ער חשבון, קלאָר ווי דער טאָג. וואָסער אַ יוד וועט זיך דאָס אָבזאָגען צו געבען אַ קערבעל אויף אַזאַ גרויסען ענין? האַ? איך בין בטוח, אַז אונזערע גבירים וועלען דוקא געבען הונדערט מאָל אַזוי פיעל. וואָס זשע דאַרפט איהר נאָך, רב מענדעלע? — וואָס שווייגט איהר, רב מענדעלע? רעדט ווערטער!

— איהר קלויבט זיך, ווייזט אויס, אויף זיין היינטיגע נאַכט, — ענטפער איך. — איהר האָט ניט קיין אַנדער אַרבייט, ווי בערעכענען דעם כלל־ישראל? פאָלגט מיך. לאָמיר זיך בעסער לעגען שלאָפען. איך בין מיעד און ס'איז שוין טאַקי שפּעט. אויך מאָרגען דאַרף מען פריה אויפשטעהן און זיך נעהמען צו דער אַרבייט.

— וואָס זאָגט איהר, רב מענדעלע? מיר וועלען ענדיגען מאָרגען אונזער עסק? — פרעגט מיך רב ליב. נאָר איך ענטפער איהם ניט, פערדעק זיך מיט דער קאָלדרע און שלאָף.

## ג.

אויף מאָרגען, אז רב ליב דער מלמד איז אויפגעשטאַנען, איז ער געוועזען זיכער, אַז היינטיגען טאָג וועט ער פאַרטיג מיט'ן גאַנצען ענין און אין אַ צוויי־דריי טעג אַרום קלויבט ער זיך איבער אין אַ גוטער שעה צו זיך אין דער נייער נחלה אין הויבט אָן צו לעבען אין עושר און אין

כּבוד, ווי אַ בן־מלך. מיט אַ לויטערען קאָפּ און אַ רוהיג געמיט, ווי אַ פּריץ, אַ בעל־הבית פון מאַיאָנטקעס, האָט ער זיך גענומען זיינע אינסטרומענטען, דאָס הייסט דעם טלית מיט די תּפילין, און איז אַוועק צו דער אַרבייט, דאָס הייסט צום דאַוונען — שיקען אַ שבח און אַ לויב זיין ליעבען נאָמען אינאיינעם מיט אַנדערע יודען, און אַגב טאַקי בעקע־נען זיך מיט געוויסע מענשען, וואָס מיר האָבען זיי נעדאַרפט האָבען צו אונזער עסק. מיך, זאָל מיך נאָט ניט שטראָפען פאַר די זינד, — האָט ניט שטאַרק געצויגען אין בית־מדרש אַריין, האָב איך מיר מתּיר געווען צו דאַוונען ביחידות און עס דוקא געמאַכט בּקיצור, ווי מיין שטייגער איז. דערפאַר האָב איך נאָכדעם מאריך געווען אין דער מצוה פון אי־בערבייסען. איך האָב מיר געקויפט פּירות פון ארץ־ישׂראל — באָקסערען און פייגען און אונטערגעפוילטע פּאָמעראַנצען, — אַ סחורה, וואָס מע קריענט אין אָדעס בחצי חנם, און האָב זיך גענומען צו דער אכילה מיט דער גרעסטער כּונה. איך בין נאָך ניט געווען פאַרטיג, ווען רב ליב דער מלמד האָט זיך אומגעקעהרט און מיר אָנגעזאָגט די גוטע בשׂורה, אַז ער ווייסט שוין אויף געווים, מיט וועמען מיר דאַרפען ריידען און וואָס מיר האָבען צו טאָן. קודם כּל, זאָגט ער, דאַרפען מיר זיך זעהען מיט דעם קאַרלינער — דאָס איז דער אַרי שבּחבורה, דער קאָפּ, דער מנהיג. ער איז אַ גרויסער געלערענטער, בּקי אין אַ סך חכמות און האָט דערצו אַ יודיש האַרץ. אָן איהם ווענדט זיך אַלצדינג: וואָס ער וועט זאָגען, אַזוי וועט זיין.

— אָט וועט איהר זעהען, רב מענדעלע, אַז מיר'ן נאָך היינט, מיט דעם אויבערשטענ'ס הילף, קאָנטשען אַלע אונזערע געשעפטען. וואָרום פאַר וואָס טאַקי ניט? אויב דער קאַרלינער האָט נאָר איין פונק פון יודישקייט אין האַרצען, מוזען מיר דאָך נושא חן זיין ביי איהם אין די אויגען. וואָס זאָגט איהר? וואָס פאַר חסרונות קען מען, חלילה, געפינען אין אַזוינע יודען ווי מיר? — אַזוי זאָגט רב ליב דער מלמד און גלעט זיך דערביי די באָרד און די פּאות און בעקוקט זיך פון אַלע זייטען. — מיר דאַכט, אַז קיין בעסערע יודען דאַרף מען גאָר ניט. אַלצדינג וואויל און פיין, ווי סע געהער צו זיין. נאָר וואָס דען? איך האָב מורא... איך זאָל עס נאָר ניט אויסריידען אין אַזאַ שעה... אפשר וועלען דערוויל אונזערע קאַבצאַנסקער יודעלעך... איהר פערשטעהט דאָך אַליין, וואָס איך מיין.

— איהר האָט מורא, אַז אונזערע קאַבצאַנסקער זאָלען ניט קומען

פריהער און נים פערהאַפּען, — פאַל איך איהם אַריין אין די רייד.
— איך האָב מורא פאַר אַנ׳ערגערער צרה — ענטפערט ליב דער מלמד און שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ. — איך האָב מורא, אַז ס׳וועלען קומען די קאַבצאַנסקער מלמדים — איהר פערשטעהט, וואָס איך מיין?... וועלען זיי דאָך, מסתמא, וועלען אויסחאַפּען דאָס יונגעל, וועלען זיי אָנריידען אויף אונזער חדר ווער ווייסט וואָסערע פּאַסקודסטווע, קענען מיר נאָך, חלילה, בלייבען אָהן אַ קנעלונג... איהר קענט דאָך אונזערע יודעלעך...
— איהר מיינט, הייסט עס, דאָנאָסען, מסירות? — ענטפער איך. — ניין, רב ליב, דערפאַר איז ניטאָ, וואָס מורא צו האָבען. אמת, אונזערע יודען האָבען ליעב אָנצוריידען איינער אויפ׳ן אַנדערן. און די קאַבצאַנסקער האַלטען פון דער מדה זעהר און זעהר. סע גלויבט זיך אָבער נים, אַז איצט אָ, ווען מיר הויבען אָן אַ נייעם ענין, זאָל מען באַלד מאַקי זיך נעהמען צו די אַלטע מנהגים. עסט בעסער איבער־בייסען, רב ליב, ס׳איז שוין צייט.
רב ליב וואַשט די הענד און עסט מיט אַפּעטיט די ארץ־ישראל־פּירות. ער קומט ביסלעכווייז צו זיך און הויבט אָן דערצעהלען נסים ונפלאות, ווי גוט און וואויל עס וועט אונז זיין, אם ירצה השם, אין אונזער נחלה, וואָס פאַר אַ גליק סע וואַרט דאָרט אויף אונז. ער קוועלט פאַר נחת, ער שמעלצט זיך ממש, ריידענדיג.
תיכף נאָכ׳ן עסען לאָזען מיר זיך אין שטאָדט אַריין. אין איינער פון די גאַסען זעהען מיר אַ שפּייכלער פון תבואה. נעבען איהם שטעהען עטליכע מענשען און רייניגען ווייץ. רב ליב שטעלט זיך אָב, נעהמט אָן אַ פולע זשמעני ווייץ און קוקט זיך איין, ווי אַ בקי, וואָס בעטראַכט אַ פּראָבע כדי צו וויסען, וויפיעל מע מעג צאָהלען פאַר אַ פוד. אין דער מינוט שפּרינגט אונטער אַ יודעל:
— ווייץ ווילט איהר? איהר ווילט קויפען ווייץ? קומט, איך האָב אַנ׳אָרט, וואָס מע קען קויפען בזול הזול. איך בין אַ מעקלער בין איך.
רב ליב שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ אויף ניין און פערדרעהט די נאָז.
רב ליב, דאַרפט איהר וויסען, האָט אפילו נים געטראַכט וועגען קויפען ווייץ. נאָר וואָס דען? אַזוי ווי ער האָט זיך שוין געהאַלטען פאַר אַ שטיקעל פּאָמיעשטשיק, אַ יוד פון אַ נחלה, מוז ער דאָך האָבען עפּעס אַ שייכות צו תבואה. הייגט אַז ער האָט אויפ׳ן וועג צו זיין נחלה דער־זעהען אַ קופּע מיט ווייץ, האָט ער זיך בפּיון אָבגעשטעלט און אַ קוק

געטאָן, כּדי ער זאָל נאָכדעם קענען זאָגען: ווייץ? אָהאָ! אויף ווייץ פרעגט מ י ך. איך האָב זיך אין מיין לעבען גענוג אָנגעזעהען מיט ווייץ.

— אויב איהר קויפט ניט, מאָ אפשר פערקויפט איהר טשאַסאָם? — פרעגט דער מעקלער און חאַפּט אָן רב ליב'ן פאַר דער פּאָלע. — רעדט ווערטער, פּאַני. איך האָב גראָד אַ קונה אויף ווייץ, אויף מיינע נאמנות.

רב ליב לאָזט זיך געהן, שטאַרק צופריערען, וואָס מע האַלט איהם פאַר אַ סוחר, און ענטפערט קיין וואָרט ניט. דער מעקלער טרעט פון אונז אָבער ניט אָב, ער געהט אונז נאָך, ווי אַ קוה אַ קאַלב, און האַלט אין איין ריידען: ענטפערט, רב יוד! וואָס אַרט אייך, אַז איהר וועט ענטפערן, וואָס? איהר גלויבט מיר אפשר ניט, האַ? מאָ דערפרעגט זיך אויף מיר, אדרבא, פרעגט וועמען איהר ווילט. וועט מען אייך זאָגען, אַז איך, חייקעל דער מעקלער, בין אַ קאַראַנטנע מענש, מע מעג זיך אויף מיר פערלאָזען. ביי מיר אַ וואָרט איז הייליג, גערעדט איז גערעדט, ניט ווי די איבעריגע מעקלערס, די זשוליקעס, די בייטעל-שניידערס, וואָס ס'איז אַ סכנה אַריינצופאַלען אין זייערע הענד. איך, פּאַני, בין אַליין געוועזען אַ סוחר בין איך, נאָר וואָס קען מען טאָן, אַז ס'איז נימאָ קיין מזל?... איך בעט אייך, רב יוד, זייט ניט קיין עקשן, זאָגט, אפשר האָט איהר צו פערקויפען?

— וואַרט אַביסעל, וועלען מיר מיט אייך מאַכען געשעפטען, אם ירצה השם, — ענטפער איך, כּדי פּטור צו ווערען פון אַ שלאַק, אַנ'-אָנשיקעניש. אין האַרצען טראַכט איך מיר: וועסט שוין זעהען אונזער ווייץ, ווי דו זעהסט דיינע אויערען. — וואַרט אַביסעלע, רב יוד. איצט האָבען מיר זעהר קיין צייט ניט. מיר לויפען צוליעב אַ ספּיעשנע עסק.

— איהר לויפט? זאָגט זשע מיר, ליעבע יודען, וואוהין לויפט איהר? — פרעגט דער מעקלער אויפ'ן יודישען שטייגער. וועגען אָב-טשעפּען זיך פון אונז טראַכט ער נאָך אַלץ ניט.

לכתחילה האָב איך בדעה געהאַט איהם נאָר ניט אָבצוענטפערען אויף אַזאַ נאַרישער קשיה. נאָר נאָכדעם האָב איך זיך מישב געווען: לאָמיך איהם בעסער אויסזאָגען, וואוהין מיר געהען, וועט ער טאָקי מוחל זיין אונז אָבפיהרען צום קאַרלינער, וואָרום ניט איך, ניט רב ליב ווייסען ניט דעם וועג אַ הינצי. אַזוי אַזוי, רב חייקעל, ביסט טאָקי אַ גרויסער חכם, ווילסט וויסען אַלע סודות, מענדעלע איז אָבער קליגער

פון דיר. ער וועט דיך אין אַ גוטער שעה אײַנשפּאַנען, און דו וועסט איהם ריענען ווי אַ כשר'ע בהמה! — איך פערדרעה די נאָז, פערקנייטש דעם שטערן און ענטפער מיט אַ פראַגע אויף אַ פראַגע — אויך אויפ'ן יודישען שטייגער:

— און אַז מיר געהען צום קאַרלינער, איז וואָס? אפשר ווילט איהר אויך געהען מיט אונז?

— אַוודאי געה איך מיט אייך! ווי דען? דער קאַרלינער! איך בין דאָך ביי איהם אַנ'איינגעהער, אַ שטיק חשוב, — ענטפערט דער מעקלער מיט שמחה, און תיכף כדי דבור שפּרינגט ער אַרויס פאָרענט און לאָזט זיך געהן. אַלע מינוט קוקט ער זיך אום, מאַכט צו אונז פון דער וויימענס מיט די הענד, אַז מיר זאָלען נאָכגעהן נאָך איהם.

וואָס אמת איז אמת, די כשר'ע בהמה, וואָס גאָט האָט אונז צוגעשיקט, האָט אונז געדיענט באמונה. חייקעל דער מעקלער האָט אונז אַזוי לאַנג געפיהרט דורך גאַסען און פּלעצער, ביז ער האָט אונז גע בראַכט בשלום צום קאַר־ינער'ס הויז.

— אָט דאָ וואוינט ער! זאָגט חייקעל אַ פערסאָפּעטער, אַ צעהיצ־טער פונ'ם וויימען וועג, און ווישט זיך דעם שוויים מיט'ן עק פּאָלע.

— אַ דאַנק אייך! — רוף איך זיך אָן. — איצט וועלען מיר שוין אַליין געפינען די טהיר.

דער מעקלער בלייבט שטעהן, ווי מטושטש. ער מאַכט עפּעס מיט די ליפּען, דרעהט מיט די פינגער, נאָר איך מאַך זיך ניט ווי־סענדיג. איך נעהם רב ליב'ן און מיר לאָזען זיך ביידע געהן אויף די מירמעלשטיינענע טרעפּ.

מאָלט אייך, ס'איז מעשה נסים, וואָס מיר זענען ניט געפאַלען אויף די טרעפּ. איהר דאַרפט ניט פערגעסען, אַז פון קינדוווייז אָן זענען אונזערע פיס געוועהנט צו טרעטען דאָס מיסט און די בלאָטעס פון קאַבצאַנסק און פון אַנדערע אַזוינע יודישע שטעדטלעך; דאָרט זענען זיי אויסגעוואַקסען, דאָרט האָבען זיי בעקומען זייער בעזונדערע צורה. היינט אַז זיי האָבען פּלוצלונג דערפיהלט אונטער זיך אַ גלאַטע, ציכטיגע, אָבגעווּעקסעלטע שטיינערנע פּאָדלאָגע, האָבען זיי זיך נעבעך געגליטשט, געריקט זיך, ניט געקענט אַיינשטעהן. ווען ניט זכות אבות, וואָלטען מיר צעהן מאָל געפאַלען און געבראָכען, חלילה, האַלז און נאַקען.

דער פאָדער־צימער איז געוועזן פול מיט מענשען, וואָס האָבען גע־האַט בקשות צום קאַרלינער: איינער געהט אַרויס, דער אַנדערער אַריין,

און אַלע אָהן היטלען. השם יתברך איז יודע דעם אמת, ווי שווער ס'איז אונז געווען אָבצודעקען אינזער קאָפּ, וואָס זינט מיר לעבען, זינט מיר זענען אַרויס פון דער מאַמע'ס בויך, איז ער ביי אונז געווען צוגעדעקט אי ביי־טאָג, אי ביי־נאַכט. נאָר וואָס האָבען מיר געזאָלט טאָן, אַז דער משרת, דער צורר, וואָס איז געשטאַנען ביי דער טהיר, האָט עס אונז פערזאָגט מיט'ן הארבען וואָרט. אפילו די יאַרמעלקע האָט ער אונז גע־הייסען אויסטאָן! אָהן היטלען האָבען מיר זיך געפיהלט זעהר לא עליכם׳־דיג, אָט אַשטייגער ווי מע זאָל עמיצען פלוצלונג אויסטאָן נאַקעט צווי־שען אַ עדה מיט מענשען. רב ליב איז געשטאַנען, ווי אַנ'אייסגעפּאַט־שטער, אַז ס'איז געווען אַ בזיון און אַ האַרץ־וועהטאָג אויף איהם צו קוי־קען. אָט אַזוי האָבען מיר געוואַרט אַ שטיקעל צייט אין איינע יסורים, ביז מ'האָט אונז געהייסען אַריינגעהען צום קאַרלינער אין קאַבינעט. איצט האָב איך דוקא אָבגעטרעטען דעם כבוד רב ליב'ן: איך האָב איהם ביי דער טהיר אַ שטופּ געטאָן, ער זאָל געהן פאָרענט, און איך בין געגאַנגען נאָך איהם.

ס'איז דאָ מענשען, וואָס אַז מע זעהט זיי איינמאָל, קען מען זיי שוין קיינמאָל ניט פערגעסען. זיי ווערען דיר ווי איינגעבאַקען אין האַר־צען, זיי בעקומען אַ שליטה איבער דיינע געדאַנקען און דיינע געפיהלען; אַז דו קלויבסט זיך עפּעס טאָן, דערמאָנסטו זיך אין זיי און דו סטאַ־רעסט זיך, ווי אַ יונגעל פאַר'ן רבי'ן, אַז דיין אַרבייט זאָל זיין אָבגע־טאָן וואָס בעסער. איך געדענק נאָך איצט אויך דעם קאַרלינער, ווי אַ לעבעדיגען: אַ שענער מענש, ניט זעהר קיין הויכער. אַ שטילער אומעט רוהט אויף זיין בלייכען פּנים, און אַז ער רעדט מיט עמיצען און טוט אַ שמייכעל, איז דאָס ווי דער מאָרגענשטערן, וואָס שיינט אַרויס פון צווישען די וואָלקענס. מע פיהלט, אַז דער אומעט איז ניט קיין סימן פון אַ בייזען חאַראַקטער צו פון אַ קאַפּריז, נאָר ער נעהמט זיך פון אַ סך טראַכטען און קלערען איבער טיעפע ענינים. ער רעדט ווענינ, אָבער ער קוקט אַ סך. ער פערקוקט אַייך, דאַכט זיך, טיעף אין האַרצען. זיינע אויגען דערצעהלען די עדעלקייט פון זיין נשמה, די קנייטשען אויפ'ן שטערען זאָגען אויס זיינע הויכע מחשבות, אפילו די גראָהע האָר געבען איהם צו אַ בעזונדערען חן.

דער קאַרלינער האָט אונז אויפגענומען, שטעהענדיג נעבען אַ שרייב־טיש מיט אַ סך שרייב־געצייג. אויף יענער זייט טיש איז געזע־סען איבער אַ פּאַק מיט בריעף איינער אַ מאַן פון אַ יאָהר פערציג, מיט

אַ לאַנגער באָרד, ווייזט אויס, אויך אַנ׳ערעלער נפש, אַ קאָפּ־מענש — דאָס האָט מען דערקענט אין זיין פּנים אין אין זיינע אויגען. דער קאַרלינער האָט זיך אין אונז איינגעקוקט און ווינקט אונז, מיר זאָלען זאָגען, וואָס מיר דאַרפען.

— מיר זענען קאַבּצאַנסקער זענען מיר, און ווילען פאָהרען אין די קאָלאָניעס. — זאָגט רב ליב און פערנויגט זיך דערביי משונה׳דיג און דאָס פּנים ווערט ביי איהם מאָדנע אויסגעקרימט, ווי ביי אַ יורענע.

— און וואָס האָט איהר געטאָן ביז אַהער?

— אַ מלמד בין איך געווען, געלערענט יודישע קינדער האָב איך.

— ווילט איהר, הייסט עס, זיין אַ מלמד אין די קאָלאָניעס? — זאָגט דער קאַרלינער און בעטראַכט רב ליב׳ן מיט איין אויג פונ׳ם קאָפּ ביז די פיס. — די קאָלאָניעס זענען נאָך ערשט אַ פּראָיעקט, זיי זענען נאָך גאָר ניטאָ אויף דער וועלט, און מלמדים קומען שוין זיי מזכה זיין מיט זייערע ח ד ר י ם!...

— די תּורה איז געווען פאַר בריאת עולם, אַ כּל שכּן פאַר די קאָלאָניעס, — רופט זיך אָן דער, וואָס זיצט ביי׳ם שרייב־טיש אין הויבט אויף דעם קאָפּ פון די בריעף און בעטראַכט מיך פון דער ווייטען.

— ניין, פאַני, — ענטפערט רב ליב און קוועטשט דעם „ניין" מיט׳ן נוסח פון אַ שלשלת. — איך וויל ניט זיין קיין מלמד, איך וויל בע־קומען אַנ׳איינענע נחלה אין ארץ־ישראל.

— נעהמט אייך בעסער צוריק צו דער תּורה און צום טייטעל, — ענטפערט דער קאַרלינער מיט אַ שמייכעל. — כאַר אייך איז, דאכט זיך, ניטאָ קיין בעסערער מקום, ווי קאַבּצאַנסק.

— איך שווער אייך, פאַני, אָט האָט איהר מיין הן צדק, אַז איך בין מוכן ומזומן אַוועקצוגעבען מיין נשמה פאַר דעם פאָלק ישראל, איך וויל זיך מפקיר זיין פאַר זיין כּבוד, אַבי מע זאָל מיר נאָר געבען אַ שטי־קעל פעלד מיט אַ וויינגאָרטען אין ארץ־ישראל.

דער קאַרלינער פערבייסט די ליפען און קוקט אויף רב ליב׳ן מיט שפּאָט, ווי איינער רעדט: וואָס טוט מען מיט אזא שלאַק? ער שווייגט אַ ווייל, נאָכדעם רופט ער זיך אָן צו מיר:

— און וואָס זענט איהר? אויך אַ מלמד?

— איך בין אַ יוד. — פּלאַפּל איך אַ צעטומעלטער און אַ דערשראָ־קענער פון דעם קוקען, וואָס דער קאַרלינער און דער אַנדערער האָבען

אויף מיר געקוקט. איך פיהל אליין, אז ס'איז נאַריש, און לאָז פאַר חרפה אַראָב דעם קאָפּ. ווען די ערד עפענט זיך אונטער מיר און שלינגט מיך איין אויפ'ן אָרט, מעגט איהר מיר גלויבען, אז ס'וואָלט מיר דע־מאָלט געווען מעהר ניחא, איידער שטעהן און פיהרען אָט דעם שמועס.

— דאָס פרעג איך אייך ניט, — ענטפערט דער קאַרלינער, — דאָס זעהט מען אין אייך. איך וויל וויסען, וואָס איז אייער פרנסה.

— ער איז מיין שותף! — העלפט מיר רב ליב ענטפערן דעם קאַרלינער. רב ליב, זעה איך, האַלט זיך פאַר וועלטליכער פון מיר, פאַר מעהר מעורב עם הבריות. — דער ייד איז מיט מיר שותפות אין דער נחלה, וואָס מיר וועלען, אם ירצה השם, בעקומען. מיר האָבען אפילו אַ שותפות־כתב כתיב והתים.

זינד איך לעב האָט מיר קיינער ניט אָנגעטאָן אַזוי פיעל יסורים, ווי רב ליב מיט אָט דעם ענטפער. איך בין מבולבל געוואָרען נאָך מעהר ווי פריהער, טראָפּענס קאַלטען שוויים זענען מיר אַרויסגעטרעטען אויפ'ן פנים. ווען מע גיסט אויף מיר אוים אַ זודיגען אָקראָפּ, וואָלט ביי מיר געווען בעסער, איידער דער געלעכטער, וואָס דער קאַרלינער, ווי איך האָב געמיינט, וועט פון מיר לאַכען. דאַנקען גאָט, וואָס ס'איז דערצו ניט דערגאַנגען. דער קאַרלינער האָט אַ טיעפען זיפץ געטאָן און געפרעגט מיט רחמנות:

— וואָס זשע ווילט איהר, רבותי?

— מיר זענען געקומען אייך בעטען, אַזוי ווי איהר זענט דער בעל־הבית פון די קאָלאָניעס, זאָלט איהר אונז אויסהעלפען מיט געלט, וויפיעל מיר וועלען דאַרפען. ביי אייך איז דאָס דאָך אַ קליינינקייט, און אונז וועט איהר טאָן די גרעסטע טובה, — זאָגט רב ליב מיט'ן נוסח פון „יקום־פורקן“: ער הויבט אָן מיט אַ בקשה און לאָזט אוים מיט אַ דאַנק. — דער אויבערשטער וועט אייך דערפאַר געבען אריכת־ימים און וועט אייך העלפען, וואו איהר וועט זיך קערען און ווענדען.

— איך קען אייך איצט ניט העלפען, זאָל אייך גאָט העלפען, — ענטפערט דער קאַרלינער מיט אַ זיפץ און טוט אַ מאַך מיט דער האַנד. מיר זאָלען אַרויסגעהן.

רב ליב מאַכט זיך אָבער ניט וויסענדיג און רירט זיך ניט פונ'ם אָרט. ער גרייט זיך ערשט פערפיהרען אַ לאַנגען שמועס, ווישט די נאָז, רייבט דעם שטערען. איך נעהם איהם אָן פאַר דער פאָלע און שלעפּ

איהם צו דער טהיר. אַזוי געהען מיר אַרויס: איך פריהער, ער נאָך מיר.

בשעת מיר זוכען אין פּאָדער־צימער אונזערע היטלען און דרעהען זיך פון איין ווינקעל צום אַנדערען, קומט אַרויס יענער, וואָס איז געווען ביי׳ם טיש. ער דערזעהט מיך און מאַכט צו מיר:

— דאַכט זיך, איך האָב אייך אַמאָל געזעהען אין גלופּסק אָדער אין אַנ׳אַנדער שטעדטעל פון יענעם קאַנט. אויב איך האָב קיין טעות ניט, זענט איהר מענדעלע מוכר ספרים.

— יאָ, איהר האָט ניט קיין טעות. ווער זשע זענט איהר.

— איך בין.... סע פרעהט מיך צו זעהען אַזאַ וואוילען גאַסט. איצט קען איך מיט אייך קיין סך ניט ריידען, ווייל איך בין שטאַרק פאַרנומען. אָבער איך האָף, אַז מיר וועלען זיך נאָך זעהען און וועלען נאָך שמועסען באריכות. האָט מיר אַ גוטען...

אַז דער מעקלער האָט אונז דערזעהען אַרויסגעהענדיג פונ׳ם קאַר־לינער, האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן צו אונז מיט אַ הכנעה׳דיג שמייכעלע און געקוקט אינז אין מויל אַריין, געחאַפּט איטליכע תנועה אונזערע, געבווינגען זיך אין דרייען, און יעדער אבר זיינער האָט געזאָגט: הנני! איך בין אָנגעבריימ! שיקט מיך, וועל איך לויפען אין פייער און אין וואַסער!... מיר אָבער האָבען זיך געמאַכט ניט וויסענדיג און זענען געגאַנגען שטילשווייגענדיג, וועלענדיג פּטור ווערען פון איהם. יענער איז אָבער קיין נאַר ניט און האָט דוקא בעשלאָסען נאָכצוגעהן נאָך אונז, און בשום אופן ניט געוואָלט אָבטשעפּען זיך. אַז ער האָט דערזעהען, מיר געהען אַלץ און שווייגען און קוקען זיך ניט אום, האָט ער אָנגע־הויבען זיך בעטען:

— האָט רחמנות, יודען! מאַכט דורך מיר אַ געשעפטעל, וועט איהר, מיט דעם אויבערשטענס הילף, ניט דערלעגען. איך בין, ניט פאַר אייך געדאַכט, אַ גרויסער אביון און אַ מטופל מיט קינדער. האָט רחמנות, זאָל אַ יוד דורך אייך פערדיענען אַ גראָשען.

מחמת ס׳איז מיר דענסטמאָל געווען זעהר אָנגעזאָלצען אויפ׳ן האַר־צען און איך האָב שטאַרק געוואָלט פּטור ווערען פון דער זלודניע, האָב איך שטיל אַ זאָג געטאָן צו רב ליב׳ן:

— דאָס זענט א י ה ר שולדיג, וואָס ס׳האָט זיך צו אונז צוגע־קלעפּט אַזאַ פאַרשלעפּטע קרענק. אַ מאַכער פון ווייץ זענט איהר מיר

געוואָרען אינטימען דערינגען. אַ פיינער מאַכער! ענטפערט איהם שוין ׃ איך בעט אייך, און זאָל ער געהן צו אַלדי רוחות.

— אומזיסט אייער טרחה, פעטער, — האָט ר' ליב זיך אָנגערופען צום מעקלער. — איצט וועט ניט זיין גאָר ניט, איך שווער אייך אויף מיינע נאמנות! איבער אַ יאָהר, אם ירצה השם, לשנה הבאה...

— איבער אַ יאָהר מעגט איהר איבערגעהן אויף מיין פערמעגען, אַ רוח אין אייער!... האָט דער מעקלער אָנגעהויבען שעלטען מיט טויטע קללות. נעבעך! ער האָט אַלץ געהאָפט, אַז ער וועט מאַכען אַ געשעפטעל, און דאָ זעהט ער די סוחרים אַנטלויפען גאָר פון איהם. מען שטעלט פיס און מען קוקט זיך ניט אום — און פונ'ם גאַנצען מסחר לאָזט זיך אויס אַ בוידעם, אַ נעכטיגער טאָג.



## ד.

אומעטיג און קאַלעמוטנע איז מיר געווען אויפ'ן האַרצען נאָכ'ן שמועס מיט'ן קאַרלינער. אַ וואָלקען פון טרויער האָט זיך אָנגערוקט אויף מיין נשמה — און די פליגעל פון מיין האָפנונג זענען געלעגען מאַט, ניט צו קענען פליהען הויך ווי פריהער. ר' ליב דער מלמד האָט זיך געטאָן זיינס, ווי עס פאַסט פאַר אַ כשר'ן יודען, ער איז זיך געגאַנגען מיט אַ קאַלטער לעבער אין בית-מדרש אריין, דאַוונען מעריב בצבור. מיך האָט אָבער די גאַנצע מעשׂה ניט געלאָזט רוהען. איך האָב מיר געוואָלט אַביסעל צושלאָגען די געדאַנקען, האָב איך זיך געלאָזט אין שטאָדט אַריין, שפּאַצירען. איך האָב זיך ארומגעבלאָנקעט אַ פאַרטראַכטער עטליכע שעה און בין ערשט געקומען צו זיך, ווען ס'האָט אָנגעהויבען געהן אַ רעגען און האָט מיר גענעבען אָנצוהערעניש, אַז ס'איז שוין צייט צו געהן אַהיים. אויפ'ן גאַס איז שוין ניט געווען קיין לעבעדיגער נפש.

אויף דער סטאַנציע האָב איך דערזעהען: ר' ליב ליעגט אויפ'ן בעטעל און שלאָפט, און די פערדריפּעטע קאַפּאָטע זיינע טריקענט זיך נעבען דער הרובע. איך האָב זיך אַנידערגעזעצט בײ'ם טיש, אַ פאַרזאָרגטער, אַ צעטראָגענער, שטאַרק אויפגעבראַכט אויף מיר טאַקי אַליין. ר' ליב איז געלעגען אויסגעצויגען אויפ'ן רוקען, געחראָפּעט, געבלאָזען תקיעות מיט זיין לאַנגער קרומער נאָז, ווי אַ שופר, און איך האָב געקוקט אויף

איהם, ביי דער שיין פון אַ חלב'דיג ליכטיל, בעטראַכטענדיג דעם נפש פונ'ם קאָפּ ביז די פּיאַטעס. אַ שענער נפש! דער גוף דאַר, קוואַר, טרוקען, ווי אַ שפּיינדעל, אָן אַ לויט פלייש אויף די ביינער; די הענד — לאַנגע, דינע צוים־שטעקלעך, מיט בלאָהע אָנגעשוואָלענע אָדערען, וואָס סטאַרטשען אַרויס פון אונטער דער געלער הויט. דאָס פּנים — אַ וויסטע חורבה, איינגעשרומפּענע באַקען, אײַנגעפאַלענע אויגען, אַ לאַנגע האָרבאַטע נאָז שטעקט אינמיטען, ווי אַ קוימען אין אַ אָבגעבּרענט הויז, ביי דער זייט אַ אַלטער אויסגעפליקטער בעזים — דאָס איז ר' ליב'ס זקנה. איך קוק אויף איהם מיט אַ שמייכעל פון צער אויף די ליפּען און טראַכט מיר: אַ פיינער פּ ו ע ל, אַ שעהנער ערד־אַרבייטער, משטיינס געזאָגט!.. און ד אָ ס רייסט זיך אָב פון אַ היים, פון ווייב און קינדער, און זוכט זיך נייע גליקען מיט נייע פּרנסות, וואָס ער האָט פון זיי ניט די מינדסטע השגה. פיין, כ'לעבּען!... און טאַקי באַלד האָב איך אַ קלערער געטאָן: און דו, מענדעלע? ווי קומסט ד ו צו אַזאַ נאַרישקייט, צו אַזאַ גראָבען טעות? — אַ שטאַרקער פּאַרדראָס האָט זיך אויפגעהויבען אין מיין נשמה, איך האָב אָנגעהויבען מוסר זאָגען מיר אַליין און דעם גאַנצען כלל ישראל: וואו איז אייער חכמה, וואו איז אייער אויסגערעכענטקייט, זודע־רעך? רק איהר חאַפּט זיך, רק איהר יאָגט זיך, אומעטום זענט איהר מקדים נעשה לנשמע, קיינמאָל בעטראַכט איהר ניט, צו ט ו י ג ט איהר צו דער אַרבייט, וואָס איהר נעהמט זיך, צו וועט איהר ניט קאַליע מאַכען דעם גאַנצען עסק. וואָלט נאָך דאָס האַפּעניש זיך געגומען נאָר דערפון, וואָס מיר רעכענען ניט אויס אַ פריהער — וואָלט נאָך געווען צו דערליידען. איך האָב אָבער מורא, אַז דאָ שטעקט אַ סך אַ גרעסערער אומגליק. אדרבא, מיר האָבען דוקא יאָ אַ חשבון, אַ אויסרעכענונג, מיר חאַפּען זיך און יאָגען זיך טאַקי, ו ו י י ל מיר האָבען שטענדיג אַ בעהאַלטענעם מיין. אונז איז דער עיקר ניט דער ענין, נאָר אונזער אייגען פּערדיענסטעל, ניט די זאַך גופא, נאָר אונזער פּרנסה. אונז הויבט ניט אָן צו אַרען, וואָס מיט אונזער לויפעניש און שטופּעניש וועלען מיר ברייננגען אַ שאָדען דער אַרבייט, אַבי מיר אַליין זאָלען דאָ אָבלעקען אַ ביינדעל. כל זמן ס'איז דאָ אַ שפּאַלט, אַ שפּאַרונע — רוק זיך, בן אדם, שפּאַר זיך און גנב'ע זיך אַריין!... כל זמן ס'איז דאָ אַ טראָפּען מילך ביי דיין קוה אין די אייטער — קוק ניט, וואָס זי איז הונגעריג, מעלק! איי טאָמער וועט דורך דיין שטופּעניש חרוב ווערען דער גאַנצער בנין, — ס'אַ דאגה דו האָסט. זאָל ער חרוב ווערען, נו וועט זיין ניט

מיר, ניט דיר. פון צוויי וועגען איז דער בעסטער דער, וואָס טויג מיר, אויב אָבער איך קען פון איהם קיין נוצען ניט האָבען, מעג ער זיך אפילו בעצם זיין זעהר אַ גלייכער וועג, — מיר איז ער קרום. זועל איך אויף איהם שפייען קלעק. אַזוי פיהרען מיר זיך, אַזוי איז אונזער שטייגער: אַלצדינג נאָר די איינענע טובה, אַנדערש ווערט אַ יוד ניט קיין חובב... איהר פערשטעהט דאָך, וואָס איך מיין.

אָט אַזוי האָב איך גע'טענה'ט, געאַמפּערט זיך מיט מיר אַליין, געזוכט אַלץ חסרונות. ר' ליב איז דערווייל געשלאָפען, געחראָפּעט און געפייפט מיט דער נאָז. נאָכדעם האָט ער אָנגעהויבען זיפצען און קרעכצען פונ'ם שלאָף, דער הוסט האָט איהם געמוטשעט, געשטיקט דעם אָטעם, די ליחות האָבען זיך געשטעלט אין האַלז, געבולבעט און זיך איבערגעקוויקעלט אַרויף און אַראָב, און האַרצען האָט ביי איהם געפּווישטשעט, געריפּעט, געסקריפּעט, ווי אַ גאַנצע קאַפּעליע כלי־זמר. מיך האָט דערקלעמט ביי'ם האַרצען און איך האָב אַ טראַכט געטאָן: אַז אָך און וועה איז איהם! ער ווייסט דען, נעבעך, פון אַ לעבען, ער האָט דען פערזוכט אַמאָל אַ גוטען טאָג! אוי, רבונו של עולם! וויפיעל יודען מוטשען זיך אַזוי אָב אַלע זייערע יאָהרען, ווערען פאַרשוואַרצט, פאַרפינסטערט, אויסגעריסען פון דער יוגענד ביז דעם סוף פון זייער ביטערען לעבען! ס'ווערט געבווירען אַ נייער נפש, אַ לעבעדינגע נשמה געהט אַרויס פון דעם אויבערשטענ'ס הענר און בעקליידט זיך מיט הויט און פלייש. צוליעב וואָס? כדי צו הנאה האָבען פון גאָט'ס וועלט, כדי מיט אַלע חושים צו געניסען די שפע, וואָס דער בורא האָט אויסגעגאָסען אויף דער ע־ד. וואָס זשע טוען מענשען? מע לענט אַרויף אויפ'ן יונגען נפש אַ שווערען יאָך, מען בינדט איהם, מע פּענטעט איהם הענר און פיס, מע זאָגט איהם: אַזוי און אַזוי, אָט דאָס טאָרסטו ניט, אָט יענס איז דיר פערבאָטען; ביסט אַ יודעלע, אַ ליבעלע ביסטו, אַ גאַנצער פּאַק גזרות און חומרות איז פאַר דיר אָנגעשריעבען, אָנגעגרייט פון פריהער, און דו מוזט פאָלגען. און אָט אַזוי וואַקסט אַ נייער נפש, פערוויסט און פעראומערט, פערקלאָגט און פערצאָרענט, שטענדיג הונגעריג און דאָרשטיג, אָהן ליב, אָהן לעבען, אָהן זאַפט און אָהן חיות, ווי אַ קאַרטאָפעליע, וואָס וואַקסט אין אַ פינסטערען פערשטונקענעם קעלער, וואו די זון שיינט אַריין נאָר דורך אַ קליין שפּעלטעל. און אָט שטעהט ער פאַר דיר אַ פּאַרטינגער — אַ בינדעל ביינער אַרומגעפלאָכטען מיט שס"ה גידין!... דער קראַנקער פנים, טויט ווי אַלע טויטע, דערצעהלט, אָהן

אַ שום תּרעומות, חס ושלום, זיינע צרות און וועהטאָגען און בעט, דאַכט זיך, רחמים; זיינע טרוקענע בּיינער ריידען, טענה'ן: זעהט, וואָס פון אַ מענשען קען ווערען! יעדער הוסט, יעדער זיפץ, יעדער קרעכץ איז אַ ביטערער געשריי, דאָס בּעקלאָגט זיך אַ מענש אויף זיין וויסט לעבען, וואָס איז ניט מעהר ווי איין לאַנגע גסיסה. ווי זשע קען מען האָבּען צו איהם טענות, וואָס ער וואַרפט זיך, זוכט, נישטערט, אפשר וועט ער אָביסעל גרינגער מאַכען זיין וועהטאָג? וואָס פאַר אַ אויסגערעבענטקייט קען מען פערלאַנגען פון אַ מענשען, וואָס איז גאָר ניט בּיי די חושים, וואָס געהט אוים פאַר יסורים? ווי קען מען גאָר האָבּען די העזה צו אָבּלאָבען פון איינעם, וואָס חאַפּט זיך אָן פאַר אַ שטרוי בּשעת ער טרינקט זיך? ווער וועט דאָס געהן זידלען אַ הונ-גערינגען, וואָס ער טראַכט גאָר וועגען דער אכילה, וואָס ער איז גרייט צו לויפען אפילו קיין בּויבעריק צוליעב אַ שטיקעל לחם? — אַז אָך און וועה איז דיר, ליב מלמד, אַז זינט דו לעבּסט האָסטו סך-הכּל געהאַט נאָר איין גערּאַנק, איין כּונה, איין פערלאַנג: איבּערחאַפּען אַ כּזית, כּדי דו זאָלסט ניט אויסגעהן פאַר הונגער. אַז אָך און וועה איז דיר און אַז אָך און וועה איז מיר און אַז אָך און וועה איז אַלע קאַבּצאַנסקער יודען!...

— דאָס זענט איהר, ר' מענדעלע?! — האָט מיך אַ פרעג געטאָן ר' ליב, וועלכער האָט זיך אָקאָרשט אויפגעחאַפּט פונ'ם שלאָף. אויף זיין פּנים איז געווען אַ שמייכעל און אַליין האָט ער בּשעת מעשה גע-קרעכצט פון טיעפען האַרצען.

— וואָס קרעכצט איהר אַזוי? — האָבּ איך איהם געפרעגט מיט גרויס רחמנות. — איהר זענט חלילה קראַנק?

— חס ושלום! סע קרעכצט זיך עפּיס אַזוי... גלאַט אין דער וועלט אַריין... אַזאַ טבע בּיי מיר... דאָס מאַכט נים אוים, דער-צעהלט בּעסער, וואָס הערט זיך עפּיס נייעס?

— וואָס זאָל זיך הערען? גאָר נים! — האָבּ איך איהם געענט-פערט מיט אַ טיעפען זיפץ.

— איהר נעהמט זיך אַלץ צום האַרצען, ר' מענדעלע, און מיר האָט זיך גע'חלום'ט אַ טייערער חלום, — האָט ר' ליב געזאָגט מיט אַ זיסען שמייכעל. — מיר האָט זיך גע'חלום'ט. אַז איך שפּאַציר זיך מיר אַרום, ווי אַ בּעל-הבּית, צווישען אַ וויינגאָרטען און גיב אַכטונג אויף די פּועלים. זיי אַרבּייטען, און איך טרייב זיי אונטער: פוילט זיך נים,

יודען, אַרבייט, אַרבייט, דער טאָג שטעהט ניט! זיי ענטפערען מיר אָב: האָט קיין דאגה ניט, בעל־הביה, מיר טוען אונזער אַרבייט בשלמות, קוקט זיך בעסער אום אויף אייער אייגען געזונד, סע זאָל אַייך, חס ושלום, ניט שאַדען, וואָס איהר בויגט זיך; מיר זענען אַייערע קנעכט, מיר זענען גרייט צו האָרעווען, צו אַקערען מיט דער נאָז, אַבי איהר זאָגט אונז זיין געזונד און שטאַרק און זאָלט פאַר אונז תפלה טאָן. — איך געה מיר אַזוי אַרום איבער'ן וויינגאָרטען און איבער'ן פעלד, איך מאַך אַ ברכה און בין טועם פון די פייגען און טייטלען און באָקסערען, און איך קוויק מיך מיט וויינטרויבען און מיט מילגראָ־מען און שטופ מיר אָן פולע קעשענעס מיט ארץ־ישראל־אויבס. — האַ, וואָס זאָגט איהר, אַ וואוילער חלום?

— אויב אַזוי, שלאָפט אייך געזונטערהייט... לענט זיך, רב ליב, וועלען זיך אַייך אפשר חלום'ן נאָך שענערע חלומות, אויב איהר האָט פון זיי אַזאַ נחת־רוח, — האָב איך איהם געענטפערט און זיך אויך גע־לענט שלאָפען.

אין דער פריה, אַז איך בין אויפגעשטאַנען, האָב איך זיך גע־פיהלט, ווי אַ שכור, וואָס אַז ער חאַפּט זיך אויף נאָך אַ שווערען שלאָף, איז ער בייז, צושויבערט, אַלצדינג זעהט ביי איהם אויס קאַפּויר, אַלצדינג רייצט איהם די נעבליטען און אַליין ווייסט ער ניט, וואָ ער זאָל זיך אַהינטאָן פאַר גרוים ענמת נפש. ר' ליב דער מלמד איז זיך אויפגעשטאַנען גאַנץ פריה און אַוועק אין זיין וועג אַריין — דאַווענען בצבור, איבערשמועסען מיט מענשען און זיך משתדל זיין וועגען אונזער ענין. ער האָט זיך אַזוי געחאַפּט, אַז ער האָט ניט אוספּייעט אָבריי־ניגען די בלאָטע פון זיין בגד, אַקוראַט ווי עס וואַרט אויף איהם ווער ווייסט וואָס פאַר אַ מציאה און ער האָט מורא, סע וועט זי ביי איהם ניט אייסחאַפּען. — וועט איהר דאָך פרעגען, פון וואָס לעבט אַ שטייגער אַזאַ יוד, אַז אין קעשענע איז שוין ניט געבליעבען קיין צובראָכענער גראָשען? עט! אַ קשיא אויף אַ יודען! אַ יוד לעבט דאָך שטענדיג מיט נסים, ער לעבט בעל־כרחו, מיט'ן כח פון דעם שטוים, וואָס מ'האָט איהם געגעבען, בשעת ער איז אַרוים פון דער מאַמעס בויך; אַ יוד לעבט מיט אמונה און בטחון — און אַז וואַייל איז דעם, וואָס ער פערמאָגט האָטש אַזאַ קאַפּיטאַל. אָבער וואָס קען זיין פון אַזוינעם ווי איך, וואָס דער שכל האָט איהם שוין איבערגערעדט, ווי די שלאַנג האָט איבערגערעדט אונזער מוטער חוה'ן, און ער האָט זיך שוין אַריינגעלאָזט

אין פרעגענישען און חקירות? אַזוינער וועט שוין האָבען יסורים אין קלעמענישען אויפ׳ן פוד. צוויי וועגען זענען אָפען פאַר דעם מענשען: אָדער זיי אַ יוד, ווי אַלע יודען, לעב מיט בטחון, געה מיט פערמאַכטע אויגען אַהין, וואוהין דער ווינט טראָגט דיך, פרעג ניט קיין קשיות און האָב ניט קיין טענות — און לעב! אָדער, אַז דו ווילסט זיין אַ חכם, איבערקלעהרען, שטעלען קלאָץ-קשיות: דאָס לענט זיך דיר אויפ׳ן שכל און דאָס ניט, דאָס געפעלט דיר און דאָס איז חוץ מדרך הטבע — טאָ נעהם און לעג זיך אַוועק און שטאַרב. דיינע טענית זענען בלאָטע, קיינער דאַרף זיי ניט האָבען... בלינדע אמונה און בטחון זענען נאָך אַ גליק פאַר׳ן יודען, זיי העלפען איהם נאָך אין זיינע נויטען, ווי דאָס שלאָף-געטראַנק, וואָס מע גיט איין אַ מסוכ׳נעם חולה, העלפט איהם, ער זאָל ניט פיהלען דעם וועהטאָג בשעת מע שניידט איהם, אַניט וואָלט דער וועהטאָג געווען צו גרויס, ניט צום איבערטראָגען. ניטאָ אויף דער וועלט קיין אומגליקליכערעס בעשעפעניש, ווי אַ יוד וואָס הויבט אָן קלערען. אַזוינער פיהלט שוין די בראָדיוועקע אויף זיין נאָז, ער שעמט זיך שוין פאַר זיך אַליין, און ווי טיטוס׳עס פליעג לעבערט איהם זיין מח די שאלה: וואָס וועלען לייט זאָגען? ס׳איז ממש אַ האַרצוועהטאָג אָנצוקוקען, ווי אַזוינער האַלט מלחמה מיט זיך אַליין, ווי ער וויל פערלייקענען זיין אייגענעם „איך“ און וואָלט אַ בעלן געווען אַריינקריכען אין אַ פרעמדער הויט. איז שוין, כ׳לעבען, טויזענטמאָל בעסער אַזוינעם, ווי ר׳ ליב דער מלמד. וואָס פעהלט איהם? ער פיהלט גאָר ניט, אַז ער האָט אַ בראָדיוועקע אויף דער נאָז, ער געהט זיך פאַוואָלינקע, מיט אַן׳אָנגעבייגענעם קאָפּ, ווי אַ ניונקעלע, און פרעגט ניט קיין קשיות. ער איז מקיים אַלע תרי״ג מצות, ווי גאָט האָט געבאָטען, און פערלאָזט זיך אויף נסים.

אין שׂהל אריין, מענדעלע! — האָב איך גע׳טענה׳ט מיט זיך אַליין. — צו עבודת הבורא, מענדעלע! בטחון איז אַ יודישע זאַך, געניג שוין פילאָזאָפיע! ווי קומט גאָר אַ קאַבצאַנסקער יוד צו פילאָזאָפיע? אַ קבצן, אַז ער הויבט אָן חקירה׳ן, איז דאָס פאַר איהם די גרעסטע סכנה. ס׳טייטש דו, מענדעלע, ביסט דאָך אַוועק פון דער היים, ווי אַן׳אמת׳ער יוד, האָסט גענומען די פיס אויף די פלייצעס און האָסט זיך אַלאָז געטאָן, צוזאַמען מיט אַלע קאַבצאַנסקער יודען, אין דער ווייטער וועלט אַריין מיט אַ גרויסען בטחון אויף זיין ליעבען נאָמען, האָסט ניט איבערגעקלעהרט און ניט איבערגעפרעגט און ביסט געלאָפען —

און פלוצלונג פרעגסטו נאָר קשיות און שאַרפסט זיך אַ מח! וואָס איז? עמיצער האָט אויף דיר אַ קוק געטאָן, ווי אויף אַ טפש, און האָט אָפּגעלאַכט פון דיר און פון דיינע בטלנ׳ישע דרכים? איז זשע וואָס? אַ יוד טאָר ניט זיין אַזאַ גרויסער גדלן, אַז מע דאַרף — בויגט מען אָן במחילה דעם קאָפּ און מע געהט נאָך אַמאָל און ווידער אַמאָל און אָבער אַמאָל און מע בעט און מען מאָנט און מע דערקוטשעט — און מע געהט שוין בפירוש ניט אַוועק מיט לעדיגע הענד. ווען עמיצער וועט דיר זאָגען: כ׳האָב געזעהען אַנ׳אָרימאַן אַ בשת־פנים, וואָס יודען בני־רחמנים האָבען זיך אויף איהם אַליין אומגעקוקט און איהם געגעבען אַ מתנת־יד מיט זייער גוטען ווילען — זאָלסטו ניט גלויבען. שקר וכזב! מיט׳ן גוטען ווילען וועט אַ יוד קיינמאָל ניט געבען; זיינער אַ קאָפּיקע איז אַזוי שווער זיך צו שיידען מיט דער קעשענע, ווי, להבדיל, דער נשמה צו פערלאָזען דעם גוף, און געהט זי שוין יאָ ארויס, די קאָפּיקע, פון אַ יודישען בייטעל, ווערט דערביי אַזאַ גערודער מיט אַ געשריי מיט אַ טראַסקע־ריי, אַז סע הערט זיך פון איין עק וועלט ביז דעם אַנדערען, און דער געבער בעקומט זיין שכר דוקא אויף דער וועלט: כבוד און גדולה און חניפה אונטער די אויגען און אין די אויגען. אַזוי איז שוין, ברודער, דער סדר העולם.

די דאָזיגע געדאַנקען האָבען מיך ביסלעכווייז בערוהיגט. איך האָב מיר געזאָגט: איך בין אַ יוד, ווי אַלע יודען, איך מוז זיין אַ עניו, ניט מקפיד זיין זעהר שטאַרק אויף מיין כבוד און זיך פאַרלאָזען אויפ׳ן רבינו של עולם: זאָל ער פיהרען, ווי ער פערשטעהט.

~~~~~~~~~~

## ה.

אויסגעקומען ווי עס איז מיט זיך אַליין, האָב איך. ווי אַנ׳אמת׳ער יוד, זיך גענומען צום געהן און צום ריידען. איך בין פלוצלונג געוואָרען אַ משונה׳דיגער בעל־דברן און אַ געהער — איינס אין דער וועלט. איך האָב שוין ניט געקענט אַיינזיצען קיין מינוט אויף אַנ׳אָרט, איך האָב זיך כסדר געשלעפט פון בוני׳ן צו שמוני׳ן — ניין, וואָס זאָג איך „געשלעפט“: געלאָפען, געאיילט זיך מיט גרויס אימפעט,
~~~~~~~~~~

נעאַרבייט מיט אַלע אברים, ווי דער שטיינער איז ביי אונז יורען — און דערביי אַלץ געריידט, געשיט מיט ווערטער, ווי ניט אין זיך, גע׳דרשנ׳ט וועגען אַזוינע זאַכען, וואָס איך הויב זיי ניט אָן צו פערשטעהן. וואָלט קאַבצאַנסק געווען דאָס אַמאָליגע קאַבצאַנסק און די יורען וואָלטען געזעסען, ווי אין די גוטע יאָהרען, אין בית־מדרש אונטער דער הרובע, איז ביי מיר קיין ספק ניט, אַז איך וואָלט דאָרטען געוואָרען דער ראש המדברים און וואָלט דערצעהלט גאַנצע פעק מיט מעשיות פון פאָליטיק און פון מלחמות. איצט פלעגען מיר זיך אָפט צונויפקלייבען ביי איינעם פון יענע יונגע־לייטלעך און מיר פלעגען שמועסען וועגען ערד־אַרבייט, וועגען פלאַנצען בוימער, וועגען הלכות וויינגאָרטען וכדומה. אַלצדינג האָבען מיר, פערשטעהט זיך, געוואוסט, וועגען אַלצדינג געהאַט אַ ידיעה, יעדערער איז זיך געגאַנגען מיט זיין אייגענער שטה, געהאַט זיינע אייגענע חשבונות — און ניט, חלילה, ווייל מיר האָבען ווען עס איז געפּרובט זיך פערנעהמען מיט אַזוינע זאַכען. פערקעהרט, קיינער פון אונז האָט אין די אויגען ניט געזעהן קיין וויינגאָרטען זינט ער לעבט. נאָר וואָס דען? מיר האָבען זיך געקלינגט מיט אונזערע גמרא־קעפּלעך, מיר האָבען בעשאַפען סברות, איינע שאַרפער פון דער אַנדע־רער, געבויעט גאַנצע בנינים אויף אַזוינע פונדאַמענטען, וואָס מיר האָבען זיי געפונען פאַרטיג אין אונזער פאַנטאַזיע אָדער אויסגעזויגען פון׳ם פינגער. איך, הקטן מענדעלע, בין דוקא ניט אַראָבגעפאַלען פאַר׳ן איבעריגען עולם, איך האָב אויך גע׳דרשנ׳ט וועגען פלאַנצען און זייען און קלייבען פרוכטען, ווי עס שטעהט געשריבען אין משניות סדר זרעים, און ווי איך האָב געדענקט נאָך פון יונגעלוויז, ווען איך האָב געלערענט אין חדר.

אַזוי זענען אַוועק עטליכע טעג און איך האָב אַלץ פערבראַכט צווי־שען גוטע פריינד און געבויעט לופט־שלעסער מיט דער הילף פון אמונה און בטחון, ווען דער יצר־הרע, דער ימח־שמו׳ניק, האָט מיך ווידער גענומען צום ספיק און האָט אָנגעהויבען מיר פּיקען. אין מח: זעה, מענדעלע, וואָס פאַר אַ צורה דו האָסט! בעטראַכט זיך נאָר, וואוהין דו ביסט פערקראָכען. דיין קישקע מאָנט דיך: עסען — און דו האָדע־וועסט זי מיט הבטחות! זי בעדאַרף ברויט — און דו טרייסט זי מיט גליקען, וואָס זענען ניט געשטויגען, ניט געפלויגען. וואָס קומט דיר אַרויס פון די אַלע טייערע שמועסען, אַז דיינע חברים רעדען נאָר, אַז טוען טוען זיי ניט אַ האַנר אין קאַלט וואַסער און האָבען ניט בכח

דיר צו העלפען, אפילו ווען זיי זאָלען וועלען. היינט די פרומקייט דיינע, בעטראַכט זיך נאָר, וואָס זי האָט פאַר אַ פנים. פרומקייט איז טאַקי אַ גוטע רפואה געגען אַלערליי צרות און שרעק. נאָר ווען זשע איז דאָס געוואָרען? ווען זי שטעהט איין בּיי אַנ'אמת'ן חניאָק, בּיי אַ שוטה בן פיקהאָלץ. דו בּיסט דאָך אָבּער בּטבע נאָר ניט קיין נאַר, בּיי דיר איז דאָך בּעסער איין חיי-שעה פאַר'ן גוף איידער אַלע תענוגים פון דער נשמה, דו ווייסט דאָך אָבּגעבּען אַלע דיינע פאַנטאַזיעס פאַר אַ שטיקעל ממשות'דיגע טובה. היינט גלאַט נאַרסטו דאָס גאָר זיך אַליין, פערשלאָגסט זיך האַקע-בּאַקע, כּדי דו זאָלסט פערשפּאָרען טראַכטען — און דאָס, זעהסטו, איז שוין גאָר ניט פיין. דאָס פּאַסט גאָר ניט פאַר אַזאַ אַלטען יודען, ווי דו. פע, מיאוס, מענדעלע! לא די, וואָס דו בּיסט אַ קבּצן, ווילסטו נאָך זיין אויף דער עלטער אַ רמאי אויך! איך האָבּ זיך דאָס, כּ'לעבּען, אויף דיר ניט גערעכט...

איהר זעהט, רבּותי, וואָס פאַר אַ מאָדנעם יצר-הרע איך האָבּ: ער קומט, כּלומרש'ט, אינ'ם נאָמען פונ'ם אמת. ער נעהמט מיך דורך מיט אויסגערעכענטער מיושב'דיגע ווערטער, ער רעדט מיך איבּער מיט זיין קלאָרען פערשטאַנד און איך קען איהם ניט בּיישטעהן. שלעכט! פער-פאַלען מיין גאַנצער בּטחון! דער יצר-הרע האָט פון איהם געמאַכט אַ בּערגעל אַש. אוים! איך האָבּ ווידער דערפיהלט מיינע אַלע וועה-טאָגען. דער עסק איז קיין עסק ניט, די צייט געהט אַוועק אומזיסט-אומנישט און וואָס וועט זיין דער תּכלית! איך בּין פאַר עגמת נפש געוואָרען אַ שטיק אַפּיקורס און האָבּ אָנגעהויבּען געפינען חסרונות אין אַלע אונזערע גאָלדענע פּלענער.

איינמאָל זיץ איך מיר אַזוי אויף דער סטאַנציע אין געהאַקטע וואוג-דען, — איך גיבּ אַ קוק דורכ'ן פענסטער און טו מיך אַוש אַ טרייסעל. ר' ליבּ דער מלמד, מיין טייערער זווג, געהט זיך פראַנק און פריי איבּער דער גאַס מיט עפּיס אַ פּריצה פון איין זייט און אַ פּריצ'ל אין אַ קאַפּעלוש פון דער אַנדערער. אַלע זענען זעהר שטאַרק אויפגעלעגט. מע רעדט אין מע לאַכט און מע קוועלט ממש פאַר נחת. די פּריצה איז שטאַרק צעקאָכט, רעדט עפּיס און שטורכעט ר' ליבּ'ן פון איין זייט און דער קאַפּעלוש פון דער אַנדערער, און מיין רבּ ליבּ דער מלמד אי שטאַרק בּגליפין, ער בּעבּעט עפּיס מיט גרויס התלהבות, דרעהט מיט'ן גראָבּען פינגער און שטורכעט זיי בּיידע מיט די עלענבּויגענס. די פּאָלעס פון דער קאַפּאָטע זענען בּיי איהם צעפלויגען, איינע אַהין,

איינע אַהער, און פון אינמיטען קוקען אַרויס אַ פּאָר פיס אָנגעטאָן אין ווייסע גאַטקעס, במחילה. אַ שעהנע קאַרטינע! ס'האָט ביי מיר געהאַט אַ פּנים, אַקוראַט ווי ער איז אַראָב פון'ם זינען, איך האָב בשום אופן ניט געקענט פערשטעהן, וואָס דאָ טוט זיך. תּחילת האָב איך אַ טראַכט געטאָן, אפשר איז דאָס נאָר אַ חלום, איך האָב זיך אָבער אַ קניפּ געטאָן און האָב דערפיהלט, אַז ס'איז וואָהר, יאָ, ס'איז אַנ'אמת: ליב דער מלמד געהט אינמיטען גאַס מיט עפּיס אַ נפקא — ליב דער מלמד, ער אליין בכבודו ובעצמו. ווי געפעלט דאָס אייך? רבונו של עולם, האָב איך מיר אַ טראַכט געטאָן, אפשר איז טאַקי אמת, וואָס מע זאָגט, אַז דאָ, אין אָט דער שטאָדט, איז דער טויער פון'ם גיהנם און אַז דער שטן שפּיעלט זיך דאָ מיט יודישע נפשות. אָבער געוואַלד! דער שטן, האָבען מיר אַ קימא לן, איז דאָך אַ דורכגעטריבענער, אַ יונג אַ כוואַט, ווי זשע קומט ער צו אַזאַ ווילדער נאַרישקייט ווי פערפיהרען עסקים מיט רב ליב'ן? וואָס, ער האָט שוין קיין בעסערס, ווי רב ליב, גאָר ניט געקענט געפינען!?

אַ פערביטערטער, אַ דערצאָרענטער, האָב איך זיך אויפגעהויבען פון'ם בענקעל און גענומען אַרומשפּאַנען איבער'ן חדר. נאָכדעם האָב איך זיך אַנידערגעלעגט אויפ'ן בעטעל און בין געלעגען אַ שטיקעל צייט — אפשר וועט מיר ווערען אַביסעל רוהיגער אויף דער נשמה.

ווי איך ליעג אַזוי, עפענט זיך די טהיר און ס'קומט אַריין ר' ליב דער מלמד מיט אַזאַ פּנים. ווי אַ יוד קומט, אַ שטיינער, צו זיינעם אַ פריינד גיט יום־טוב בּיטען. ער שיינט ממש, די אויגען לייכטען, אויף די ליפּען אַ זיס שמייכעלע — מע זעהט, סע טוט איהם שטאַרק הנאה. ער קוועלט אָן פאַר נחת. איך האָב אומיסנע פערמאַכט די אויגען, געמאַכט זיך, אַז איך שלאָף, און דערווייל בעטראַכט דעם טייערען נפש מיט אַלע זיינע פּאָסטעמקעלעך. ר' ליב איז צוגעגאַנגען צו מיין בעטעל, נאָר אַז ער האָט דערזעהען — איך שלאָף, האָט ער זיך אָבגערוקט און גענומען אַרומגעהן איבער'ן חדר שטילערהייט, אויף די שפּיץ פינגער. שפּעטער האָט ער אויסגעטאָן די וואָכעדיגע קאַפּאָטע און אַראָבגענומען פון'ם פלעקעל די שבת'דיגע, אַרומגעקוקט זי פון אַלע זייטען און אָנגעטאָן אויף זיין דאַרען גוף. נאָכדעם האָט ער זיך אַרומגעטאַפּט די פּאות, די באָרד, פערריכט דאָס היטעל אויפ'ן קאָפּ און אנגב זיך פער'גנב'ט און געחאַפּט אַ קוק אינ'ם שפּיגעלע, וואָס איז געהאַנגען אויף דער וואַנט. פון זיין שמייכעלע דאָט מען געקענט

פערשטעהן, אַז ער איז מיט זיך זעהר צופריעדען, אַז ס'איז איהם גוט אויפ'ן האַרצען. אפשר האָט ער מאַקי געפונען חן און לייטזעלינקייט אין זיינע איינענע אויגען, ווי אַלע מיאוס'ניצעס, וואָס אַז זיי פוצען זיך פאַר'ן שפּיגעל, רעכענען זיי, אַז זיי זענען פאַרשווינען, שעהנקייטען איינס אין דער וועלט. דעם אמת מוז איך זאָגען, אַז מיר איז ר' ליב דוקא ניט אַזוי געפעלען, פערקעהרט: דאָס פוצען זיך האָט איהם נאָך געמאַכט מגושם'דיגער, ווי ער איז געוועהנליך. איך האָב ניט ווילענדיג אַ טראַכט געטאָן וועגען דעם יונגען יוסף'ן מיט פּוטיפר'ס ווייב זליכה — און אַז איך האָב ווידער אַ קוק געטאָן אויף מיין ליעבהאַרציגען שכן אין זיינע שבת'דיגע בגדים, איז מיר געוואָרען פינסטער אין די אויגען, איך האָב זיך פערשעמט פאַר זיך אַליין — און איך האָב ניט געוואוסט, וואָס פריהער: חוזק מאַכען אָדער זיין אין כעס. נאָר וואָס מיין בן־זוג איז אַרויסגעגאַנגען, בין איך אַראָב פונ'ם בעטעל און האָב זיך צעלאַכט מיט אַ ביטערען געלעכטער.

עס טרעפט זיך אַמאָל, איך פיהל, אַז אין מיר לעבען צוויי מענדעלעך, צוויי בעשעפענישען, יעדע פערשיעדען פון דער צווייטער; זיי וואוינען ביידע אין איין דירה, נאָר זיי קוקען אויף אַלצדינג מיט פערשיעדענע אויגען, זיי האַלטען כסדר מלחמה און קענען איינע ניט גובר זיין די צווייטע. אַז איין מענדעלע ווייגט, ווילט זיך דעם אַנדערען לאַכען, און וואָס איינער לויבט, איז ביי'ם אַנדערען ניט ווערט אַ דרייער. איין מענדעלע איז אַ שוטה, אַ פתי יאמין לכל דבר, אַז ער זעהט מענשען פיינען זיך פאַר איהם אויס מיט ווערטער, ריידען שעהנע מליצות, מיינט ער: ס'איז תורת לאָקשען. זאָגט מען איהם עפּיס אַ גוט וואָרט, איז דאָס ביי איהם אַ כשר'ע מטבע. ער גלויבט באמונה שלמה, אַז אַלע האָבען איהם ליעב, אַז אַלע זענען מוכן ומזומן צו העלפען איהם אין זיינע נויטען. דער אַנדערער מענדעלע איז גראָד אַ חכם, אַנ'איבערגעשפּיצטער; ער פיהלט שטענדיג, וואו דער שוך קוועטשט, ער ווייסט, אַז ניט אַלצדינג, וואָס סע בלישטשעט, איז גאָלד, און אַז אַ חזיר בלייבט אַ חזיר, חאָטש ער מעג אפילו אַרויסשטעלען דאָס הינטערשטע פיסעל. בשעת הדחק, ווען די תוכחה האָט זיך אויסגעגאָסען אויף די קאַבצאַנסקער יודען — „ויסעו", און מ'האָט גענומען לויפען, האָט דער ע ר ש ט ע ר מענדעלע געפיהרט די גערעדיע, ער איז געווען דער גאַנצער כל ולך, ווי, אַשטייגער, דער גבאי, אַז סע קומט זיין חודש. ער האָט דאָס זיך אָנגעחאַפּט מיט הענד און מיט פיס פאַר

די קאָלאָניעס און האָט זיך אויסגעמאָלט אין דער פאַנטאַזיע אַ נײַ לעבען אויף דער עלטער; ער האָט דאָס געחאַפּט און פערקויפט דאָס פערדעל, אַוועקגעוואָרפען דעם מסחר מיט ספרים, געמאַכט שותפות מיט ר׳ ליב׳ן אין אַוועק מיט איהם צו אַלדי שוואַרצע יאָהר, זוכען אין די וויטע מקומות מזל־ברכה; ער, דער ערשטער מענדעלע, איז געווען בטוח, אַז מיט דעם וואָס לעבט אייבינ׳ס הילף און מיט יודיש געלד וועט ער זיך בעזעצען אין אַ רוהיגען מקום אונטער זיין וויינשטאָק און זיין פייגענ־בוים. איצט האָט דער צווייטער מענדעלע איבערגענומען די ממשלה, ער האָט אָנגעהויבען אויסרעכענען דעם ערשטען מענדעלע אַ צעטעל חטאים, דערוויזען איהם זיין נאַרישקייט און געמוסר׳ט אין איין אָטעם: ס׳טייטש, אַן אַלטער יוד, אַ צעבראָכענער שאַרבען, הויט און ביין, ווי קומסטו גאָר טראַכטען וועגען אַזעלכע זאַכען, אויסמאָלען דיר אַזעלכע מינ׳ע פייגעלעך, וואָס ס׳איז גאָר ניט נאָך דיין כח און נאָך דיינע יאָהרען? ווי קומסטו גאָר וועלען זיך פערשטעל׳ען פאַר אַ יונגען מאַן?... וואוהין טראָגט דאָס דיך, שוטה איינער, ווילסט פערזוכען דעם טעם פון אַ צדקה־פושקע?... פערגעס זשע ניט, אַז דערמיט שאַדסטו אַנדערע יודען, וואָס פאַר זיי איז די צדקה־פושקע מעהר אָנגעמאָסטען ווי פאַר דיר, און זיי האָבען זי טאַקי כשר פערדיענט. וואָס זשע וואַלגערסטו זיך דאָ אין דער אַכסניא, פוילע בריאה? וואָס וועסטו אויס־ליגען אין אַזאַ לאָך?

מילא, כל זמן דער צווייטער מענדעלע האָט נאָך אַלץ גע׳טענה׳ט אַזעלכע מינ׳ע טענות, האָט דער ערשטער נאָר צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ און אַמאָל אַריינגעשטעלט אַ וואָרט צוליעב יוצא וועגען. אַז יענער האָט זיך אָבער גענומען צו זיין יודישקייט אויך און האָט איהם אָנגעהויבען בעווייזען מיט אותות ומופתים, אַז זיין יראה, זיין אהבה און זיין פרומקייט זענען נאָר לפנים, אַז דאָס איז נאָר אַ מאַניפאָרגע, אַן אָנ־שטעל, אַז ער מיינט גאָר ניט די הגדה, נאָר די פּאַליטשיקעס, דעם שכר אויף דער וועלט, — איז דער ערשטער מענדעלע געוואָרען מלא חימה און האָט אויפגעהויבען אַ געוואַלד: אַזוי, שייגעץ, דו קריכסט מיר שוין נאָר אין די גרגרת, דו פערקלייבסט זיך צו מיר לפני ולפנים און ווילסט אויסזאָגען פונ׳ם חדר, אַז מיין ליעבשאַפט און מיין איבער־געגעבענקייט זענען נאָר מיט אַן אויסוועניגסטער פּניה — פע! אַזאַ! דאָס וועסטו ביי מיר ניט פועל׳ן בשום ענין ואופן!

ויתרוצצו... האָבען זיך די צוויי מענדעלעך געביצקעט אינוועניג.

געריסען זיך און געפליקט, ווי די הענער, דערביי האָבען זיי געמאַכט אַזוינע קולות, אַז ס'האָט מיר געלעכערט דעם מוח. איך האָב מיר גע־טראַכט. אפשר וועלען זיי שטילער ווערען, ווען איך וועל אַראָב אין גאַס אַריין, ס'האָט אָבער געהאָלפען, ווי אַ טויטען באַנקעס, זיי האָבען זיך אַלץ געווערטעלט, געקראָכען איינער דעם אַנדערען אין די לעבער. געצופט מיך דער אַהין, דער אַהער, אַז איך האָב ניט געוואוסט, וואו טו איך זיך אַהין. דער שוטה מיינער טאָרעט מיך: צוריק, מענדעלע, צו דיינע יודעלעך, צו די פערוויסטע, פער'חשב'טע, פעראומערטע יודע־לעך, וואָס האָבען זיך, ווי דו, אַוועקגעלאָזט אויף קדוש השם; דאָרט וועסטו אויסרוהען דיין פערמאַטערטע נשמה! אָבער דער חכם מיינער האָט זיך אָן מיר געהאַלטען שטאָל אין אייזען — און האָט געשריען אויף אַ קול: שוטה שבעולם! וואוהין געהסטו? וואָס וועסטו דאָרט טאָן?.. וואָס פאַר אַ רוה וועסטו געפינען צווישען אָט די קראַנקע, צעבראָכענע, פערוויינטע נשמות, וואָס ווייסען אַליין ניט, ווער ס'האָט זיי פערשלייערט?.. אָט אַזוי האָב איך זיך אַרומגעדרעהט איבער'ן שטאָדט, די פיס האָבען מיך געטראָגען אַהין, אַהער, און דער קאָפּ האָט זיך געדרעהט, ווי אַ ווינד־מיהל.

— רב מענדעלע! — האָט פלוצלונג אויסגערופען איינער אַ יוד, וואָס פאַר גרויס אַיילעניש האָב איך זיך אָן איהם אָנגעשטויסען אינמיטען גאַס, אָבער מיט אַזאַ אימפעט, אַז ס'האָבען מיר אָנגעהויבען ווער טאָן די זייטען. איך גיעב אַ קוק: דער יוד, וואָס איז דעמאָלט געזעסען ביי'ם קאַרלינער!

— וואוהין לויפט איהר אַזוי אָהן אַנ'אָטעם? — פרעגט מיך יענער און האַלט מיך אָהן ביי דער פּאָלע.

— איך לויף דען? — ענטפער איך — דאָס הייסט אַזוי געגאַנגען. אַ יוד, פערשטעהט איהר מיך, האָט קיין צייט ניט, אַ יוד יאָגט זיך שטענדיג... דאָס האַרץ ציהט, די מחשבות פליהען, די אברים אַלע געהען חאָדראָם, דער מוח ברענט און די פיס לויפען...

— אַ יוד איז דאָך אָבער אַ מענש, אַ בר־דעת — האָט יענער גע־ענטפערט מיט אַ פריינדליכען שמייכעל, — און אַ מענש דאַרף וויסען, אַז אויף אַלצדינג איז דאָ אַ צייט.

— אויף אַלצדינג איז דאָ אַ צייט, אָבער ניט ביי יודען — האָב איך געענטפערט מיט אַ ביטער געפיהל — אַ יוד, ווי איהר זעהט איהם, לעבט קיינמאָל ניט צו דער צייט: ער עסט ניט און טרינקט ניט צו דער

ט, ער צאָהלט זיינע חובות און קומט מיט בקשות און טוט תשובה
האָט חרטה — נאָך דער צייט. ער נעהמט אַ ווייב און האָט קינדער
ווערט געעלטערט און שטאַרבט — פאַר דער צייט... די גאַנצע
ישע היסטאָריע, פונ׳ם אָנהויב ביז׳ן סוף, איז איין לאַנגער צעטעל
צרות מיט וועהטאָגען מיט שלעק מיט פורעניות, וואָס האָבען זיך
טראָפען אונזערע ברידער — אין די ערשטע דורות, ווייל זיי
בען צופריה געקומען אויף דער וועלט, און אין די לעצטע
רות, ווייל זיי זענען, ווי די שונאים זאָגען, צו־שפּעט, צו־לאַנג פערבליע־
אויף דער וועלט. נעהמט בעטראַכט אפילו איצט, וויפיעל נאַראָ־
איז דאָ צווישען אונזערע יודעלעך, וואָס ווילען איבערדרעהען דאָס
רעל אויף צוריק, מיהען זיך אויפצוטאָן אַזוינע זאַבענישען, וואָס ס׳איז
ין לאַנג עבר זמן. איך זאָג דאָס. פאַני, מאַקי אַנטקעגען מיר אַליין:
ר האָט זיך אויך געטראָפען אַ מכשול — איך האָב זיך בענאַרישט און
ף דער עלטער זיך גענומען צו אַזאַ עסק, וואָס ס׳איז שוין פאַר מיר
ט די צייט. ניטאָ דערצו ניט דער כח, ניט די יאָהרען.

— איך פערשטעה, ר׳ מענדעלע, אוי, פערשטעה איך, וואָס
יך קוויטשעט. איהר טוט זיך אַליין אַ ביס און אַנדערע דער־
הלען איהם אייך, דעם ביס. איך וואָלט אייך געקענט אָבענטפערען
יף איינינע פון אייערע רייד, איך זעה אָבער, איהר זענט שטאַרק
טראָגען, ווייל איך זיך מיט אייך איצט ניט אַריינלאָזען אין וכוחים. —
אָט יענער געענטפערט און האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט
עבשאַפט און רחמנות. איך האָב זיך אויך אַיינגעקוקט אין זיין פנים
האָב דערזעהען, אַז אין איהם לעבען אייך צוויי נשמות, צוויי
זונדערע מענשען. מיר זענען געשטאַנען אַ ווײַלע און געקוקט איינער
יפ׳ן צווייטען, מיין חכם האָט געקליעבען נחת פון זיין חכם, און
ין נאַר האָט זיך שטילערהייט נע׳סוד׳עט מיט זיין נאַר, און ביידע
אָבען מיר בשעת מעשה געפיהלט, אַז מיר האָבען אַרץ איינע גע־
אַנקען און אַז קיין מחלוקת וואָלט צווישען אונז ניט געקענט זיין,
ידען מע זאָל פערדרעהען די יוצרות, אַזוי אַז איינעמ׳ס שיטה זאָל
לחמה האַלטען מיט׳ן אַנדערענ׳ס חכם, אָט פונקט ווי די צוויי האַלטען
לחמה אין יעדען פון אונז ביידע.

יענער האָט ווידער אָנגעהויבען רעדען:

— הערט, ר׳ מענדעלע, איך האָב שוין עטליכע מאָל געשמועסט
ענען אייך מיט דעם קאַרלינער. ער וואָלט אייך זעהר אַ בעלן געווען

זעהען, נאָר מחמת איך האָב אַלץ קיין צייט ניט, האָב איך אַייך וועגען דעם ניט געקענט איבערגעבען. גוט, וואָס מיר האָבען זיך בעגעגענט. איך וועל נאָך היינט מאַקי בעטען דעם קאַרלינער, ער זאָל מיר זאָגען בעשטימט, ווען איהר זאָלט צו איהם קימען. און איך גיעב אַייך מיין עהרען-וואָרט, אַז איך וועל אַייך וועגען דעם מודיע זיין צו דער צייט און וועל ניט פערשפעטיגען, האָטש איך בין אַ יוד מיט אַלע יודישע תנועות. און איצט האָט אַייך אַ גוטען... איך מוז געהן ווייטער!

איידער איך האָב אויסגעפייעט ענטפערען אַ האַלב וואָרט, איז יענער שוין ניט געבליעבען. איך בין געשטאַנען אינמיטען גאַס און האָב ביי מיר אַליין געהאַט אַ פּנים ווי יענער הסיד, וואָס ס'האָט איהם אָנגעזאָגט אַ בשורה: היינט געפינסטו אַנ'אוצר.

ו.

יענע נאַכט בין איך געשלאָפען זעהר שלעכט. די געדאַנקען האָבען זיך מיר געפלאָנטעט אין קאָפּ, געטאַנצט און געדרעהט זיך אויי געזשומעט, אַזוי ווי די פליגען, אַז זיי דערשמעקען דעם ריח פון האָניג. דער האָניג, פערשטעהט איהר דאָך, דאָס איז געווען די טייערע בשורה, אַז דער הערר קאַרלינער וויל זיך מיט מיר זעהען. נאָר וואָס זאָג איך: „האָניג“? די בשורה האָט ביי מיר געהאַט אַלערליי טעמים, איך האָב אין איהר געשמעקט אַלע ריחות פון גן-עדן. אַ קאַטאָוועס! דער הערר קאַרלינער וויל מיך זעהען! מיין נאַר איז ווידער עולה לגדולה געוואָרען, ער האָט זיך אָנגעהויבען פשט'לען, דרשנ'ען אַלערליי סברות און האָט מיר צוגעזאָגט ישועות ונחמות, הלואי אויף אַלע יודען. ס'איז שוין אַריבער האַלבע נאַכט, און איך בין נאָך אַלץ ניט געשלאָפען. ר' ליב איז ניט געווען אין דער היים, און מיר איז דאָס גאָר ניט קשה געווען, וואָרום איך בין, לא עליכם, געווען שטאַרק פער'טרור'ט מיט מיינע אייגענע געשעפטען. אינדערפריה, אַז איך האָב זיך אויפגעהאַפּט, האָב איך דערזעהען, ר' ליב איז אַלץ ניטאָ. דאָ איז מיר שוין געוואָרען בריקרע. היתכן? זעלט'ס אַנדערש זיין, אַז ער איז געקימען, בשעת איך בין שוין געשלאָפען און איז אַוועקגענאַנגען דאַוונען גאַנץ פריה, איידער

איך בין נאָך אויפגעשטאַנען, וואָלט ער דאָך געדאַרפט מיטנעהמען דעם טלית און תּפילין — און דאָ זעה איך, זיין טלית־זאַק ליעגט זיך אויף זיין געוועהנטליכען אָרט — אויף דער קאָמאָדע. וואָס זשע דען, מוז מען זאָגען, אַז ר' ליב האָט ניט גענעכטיגט אין דער היים, איז דאָס דאָך טאַקי זעהר מיאוס, וואָס מיאוס הייסט, סע שלאָגט טאַקי חלשות צום האַרצען! ניט אומזיסט האָט ער געכטען זיך אַרומגעשפּאַצירט מיט אַ פּריצה אינמיטען גאַס, מסתּמא איז דאָס ניט גלאַט... און דאָס, וואָס ער האָט זיך נעכטען געפּוצט אַנטקעגען שפּיגעל און געטאַפּט די פּאות אין צורעכט געמאַכט די קאַפּאָטע, מוז דאָ אויך, פערשטעהט זיך, עפּיס שטעקען... ווי איך ליג אַזוי אין טראַכט, וואָס קען דאָס בעדייטען, קומט אַריין דער משרת פון דער אַכסניה און פרעגט מיך: „וואו איז אייער יוד, פעטער, אייער שכן, מיין איך? עפּיס אַ באַרישנע פרעגט זיך אויף איהם, זי האָט שטאַרק חשק איהם צו זעהען". איך האָב איהם געענטפערט, אַז ר' ליב איז ניטאָ אין דער היים, און יענער איז אַרויס מיט אַ שמייכעל פון אַ עזות־מחוצף־ארצע־פּ־אַסקע, ווי איינער רעדט: „פעטערס, מע קען אייך, מיר ווייסען, אַז איהר זענט גרויסע פאַסקידניאַקעס, חאָטש איהר פערשטעלט זיך פאַר כשר'ע יודען, נאָט און ציצית". מיר איז די גאַנצע מעשה געווען זעהר ניט צום האַרצען. איך האָב אונטער די אייגען אָבגעגעבען ר' ליב'ן אַ פיינע פּאָרציע שטעך־ווערטלעך מיט זלזולים, און דאָ האָב איך נאָך דערזעהען זיין וואָכע־דיגע קאַפּאָטע, ווי זי הענגט אויף דער וואַנד, אַ טרויעריגע, אַ פער'־יתום'טע, אויסגעשמירט נעבעך אין בלאָטע ביז'ן נאַרטעל, ווי דער שטיינער ביי אַ יודענע דער פאַרטוך ערב שבת. אויך אַ רעשטעל צו די צרות! אַז אָך וועה איז איהר נעבעך, האָב איך מיר געטראַכט, אויף וואָס זי, שלימזול, איז איבערגעקומען! אַלע איהרע יאָהרען האָט זי איהם טריי געדיענט, פון שבת צו שבת געוועזען בעהעפט צו איהם, צו זיין לייב, ניט פערלאָזט איהם אַזוי לאַנג, ביז זי האָט זיך אַליין אויס־געריבען אויף אַ שמאַטע, און איצט האָט ער זיך גענומען אַנ'אַנדערע און זי איבערגעלאָזט אַ ווייסטע עגונה! אַ שענעם פּנים האָט זי איצט, ניט פאַר קיין שום יודישער יופע געדאַכט. די קעשענע איז צוריסען, צופּיצעלט, פון אַ לאָך שטעקט אַרויס עפּיס אַ שטיק פּאַפּיר. איך ציה אויס, ניט ווילענדיג, מיין האַנד און שלעפּ אַרויס דאָס פּאַפּיר. איך זעה: אַ שעהנע האַנדשריפט, אָנגעשריעבען שוואַרץ אויף ווייס כהאי לשנא: „זייט זיך מטריח, קומט צו געהן היינט אויפדערנאַכט אַהין און אַהין, אין דעם

און דעם'ס הויז, צימער נומער אַזוי און אַזוי". עהע! טראַכט איך מיר, גוטע יאָהרען זיך דערלעבט! איהר פערשטעהט עפּיס אַ פּשט?

אַ גליק, וואָס איך בין דעם טאָג געווען זעהר פער'טרוד'ט: איך האָב געשריעבען בריעף צו מיין ווייב און צו בעקאַנטע, האָב איך זיך אַביסעל פערקלאַפּט דעם מוח, איך זאָל נים איבערטראַכטען. די בריעף זענען, פערשטעהט איהר דאָך, ניט געווען קיין פרעהליכע: אַ שווערע מרה־שחורה איז אויף זיי געלעגען אויסגעשפּרייט און דער ניגון פון קינות האָט זיך געלאָזט הערען פון יעדער שורה. שלעכט, ביטער! אַ מיאוס'ע וועלט! ניטאָ קיין אמת, ניטאָ קיין אמונה, ניטאָ קיין יראת שמים, אַלצדינג איז שקר, — אפילו באָרד און פאות און ציצית, האָב איך מיר געטראַכט, זענען אויך ניט קיין גאַראַנטיע היינטיגע צייט. אַלצדינג שקר וכזב! נאָר נאָכדעם האָב איך אָנגעהויבען איבערקלעהרען ווייעדער צוריק: „סך הכל פון וואַנען נעהמען זיך ביי מיר די אַלע ביטערע מחשבות? — פון איין רב ליב'ן! נו, איז דאָס דען ניט אַ נאַרישקייט? איין פויל שייטעל האָלץ, איין טרוקען שפּענדעל האָט דאָס אין מיר אָנגעמאַכט אַזאַ מורא'דיגע שרפה, אַז איך ברען און פלאַקער און שיט שוועבעל און פעך און הייסע קוילען אויף דער גאַנצער וועלט! ווי שיקט זיך דען אַזוינס! — וואָס וואָלסטו, מענדעלע, אליין געזאָגט דערויף, ווען דו זעהסט, אַ שטייגער, עמיצער בויעט אַ גאַנצע שיטה וועגען הנהגת העולם, פּסקנ'ט אַלצדינג להומרא, מאַכט אַ תל פון אַ וועלט מיט מענשען, נאָר דערפאַר, וואָס ס'האָט זיך איהם פערשטעלט אַ קוצע קוה פאַר אַ ווינד־מיהל און ער געהט אַרום אַ צוקאָכטער? היתכן? טוט דען דאָס אַ בר־דעת? שטעל דיר פאָר, דאָרט האָט אַ בעל־דרשן בעקומען דאָס עהרליכע אויסקומעניש פון זיין פלונית'טע, די ארורה; וועט ער געהן שרעקען דעם גאַנצען עולם און שול מיט שבעה מדורי גיהנם? דאָרט האָט אַ געלערנטען אַ בים געטאָן אַ פליעג און נאָז בשעת ער שרייבט זיין ספר, נו, וועט ער אויסגיסען כל חמתו אויף דער גאַנצער וועלט און וועט שרעקען, אַז הכל הבל — אַלצדינג איז בלאָטע?.. שעהן, האַ? — אַזוי האָב איך גע'מוסר'ט מיין שוטה, איינגע'טענה'ט מיט גוטען און מיט בייזען, אויפגעוואָרפען איהם, וואָס ער איז אַזאַ חאַפּער. פון אַלצדינג ווערט ער נהפעל, פון אַ ליאַדע קיצעל נעהמט ער אַרויס פון די כלים, אַלצדינג חאַפּט ער און שלינגט, ווי הייסע לאָקשען, ניט פערגענדיג און ניט קלערענדיג און נים איבערלעגענדיג, און וואָס אויף דער לונג איז ביי איהם באַלד אויף דער צינג. האָטש סע מעג זיין אַ נאַרישקייט,

אַ גרויסע עולה. אַזוי האָב איך איהם אויסגערעכענט פּאַוואָלינקע זיין רייסטער חטאים, ביז די טהיר האָט זיך אָנ'עפען געטאָן און ס'איז אַריין ר' ליב דער מלמד, אויסגעפּוצט אין דער שבת'דיגער קאַפּאָטער מיט אַ פּנים, ווי אַ מחותן.

— סקאָצעל קומט, מחותן! וואָס מאַכט איהר עפּיס גוטס? — האָב איך איהם אַ זאָג געטאָן מיט אַ געלעכטערעל, וואָס ס'שטעכט אין דער זיבעטער ריפּ. — ווי טאַנצט מען דאָס אַ גאַנצען מעת־לעת פאַר דער כּלה און מע רופט זיך גאָר ניט אָפּ? איהר זענט גאָר ניט מיער?

— וואָס רעדט איהר וואָס? — זאָגט ר' ליב און שטעלט אויף מיר אויס אַ פּאָר אויגען.

— אָט דאָס, וואָס איהר הערט. זאָגט נאָר, ר' ליב, האָט איהר געגעבען אַייער אַלטער אַ תּנאי־גט איידער איהר האָט זיך געלאָזט אַ הער?

ר' ליב ע..עהט ווי אַ גולם, מויל און אויערען אויפגעשטעלט, די באָרד און די נאָז אויפגעהויבען אין דער הויך, און איך רייד ווייטער, איהם אויף צופּוקעניש:

— וואָס איז? ס'איז דאָך אַ יודישע זאַך, מע פאָהרט אין אַזאַ סרום, מע ווייסט ניט, צו וועט מען קענען בייטשטעהען דעם יצר־הרע, אַ קשיא אויף אַ מעשׂה, וואָס סע קען זיך מיט אַ יודען טרעפען, מ'איז דאָך ניט מעהר, ווי אַ בשׂר ודם, נו, ניט מען דערווייילע דעם ווייב אַ גט... כּדי ס'זאָל, חלילה, ניט זיין קיין מכשול... וואו האָט איהר דאָס גע־נעכטיגט היינטיגע נאַכט, פעטער?

— ביי אַ היימישען יודען, וואָס וואַרט אויך אויף אַ נחלה. מיר האָבען געשמועסט דעם גאַנצען אויפערנאַכט, ביז מיר זענען אַנשלאָפען געוואָרען.

— וואָס זשע האָט איהר זיך אַזוי אויסגעפּוצט, ווי צום טאַנץ?

— וואַרט אויס אַביסעל, ר' מענדעלע, איהר וועט מיט גאָט'ס הילף געוואָהר ווערען אַלצדינג, — האָט מיר ר' ליב געענטפערט מיט אַ פרעהליכער מינע, אויסטוענדיג די קאַפּאָטע און בלייבענדיג אין איין טלית־קטן.

— אוי זענט איהר אַ פּאַרשוין, ר' ליב, קיין בייז אויג זאָל אייך ניט שאַדען, אַ מלכות, אַ קיסר'שע צורה. מיידלעך קוקען אויף אייך פון אַלע פענסטער, מע לויפט אייך נאָך אין די גאַסען. איינע אַ פיינע

פריצה, האָט זיך אפילו נאָכגעפרעגט נאָך אייך אויף דער סטאַנציע, זי געהט ממש אוים נאָך אייער טריט.

— אַזוי? זי איז געווען דאָ... זי האָט זיך געפרעגט אויף מיר!.. איצט, רב מענדעלע, מעגט איהר מיר טאַקי זאָגען מזל-טוב!.. האָט ר' ליב איינגעשריגען מיט ההפעלות און פאַר גרוים חדוה האָט ער אָנגע־הויבען ריידען אויף עפּים אַ משונה'דיגען תרגום-לשון. — איהר הערט? איך זאָג עס אָהן לצנות. סע קימט מיר מזל-טוב קומט מיר.

איך האָב איהם בעטראַכט פון קאָפּ ביז די פים: צו איז ער נים אַראָב פינ'ם זינען. וואָס טוט זיך מיט דעם יורען?

— וואָס בעבעט איהר? — זאָג איך צו איהם. — וואָס איז דאָס פאַר אַ לשון? ר' ליב, רעדט בעסער יודיש, ווי מיר האָבען גערעדט ביז אַהער!...

ר' ליב הערט אָבער נים. ער פּלאַפּעלט עפּים אויף אַ צוקאַליעטשער שפּראַך, פּאָלאָווינע יודיש, חצי לשון-קודש, און סע קומט איהם אָן מיט בויך-וועהטאָג, וואָרום ער איז, נעבעך, נים געוועהנט. ער וואַרגט זיך מיט יעדען וואָרט, סע שטעלט זיך איהם אין האַלז, נים אַהין, נים אַהער, ביז איך קום איהם צו הילף און שלעפּ עס אַרוים פון זיין גאָר־גל. אין דער מינוט האָט ר' ליב געהאַט אַ פּנים פון אַ יורענע, וואָס זי געהט נעבעך שווער צו קינד, און איך בין געווען די באָבע, וועלכע פּאָרעט זיך נעבען איהר, טוט מעשים, פּרובט אַלערליי סגולות, כדי צו העלפען דער יולדת איבערקומען בשלום. אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז גאָט האָט געהאָלפען, ס'איז אַריינגעקומען דער משרת און האָט איבער־געגעבען ר' ליב'ן עפּים אַ צעטעלע. ר' ליב האָט עס איבערגעלייענט און זיין פּנים האָט נאָך מעהר אָנגעהויבען שיינען. ער האָט תיכף אויפ'ן שטעל אָנגעטאָן די שבת'דיגע קאַפּאָטע און איז אַר.ים פונ'ם שטוב, ווי אַ וויבער.

— די באַריישנע. וואָס איז דאָ געווען אינדערפריה, האָט דאָס איבערגעלאָזט אַ צעטעלע פאַר אייער יודען... פאַר אייך אַליין איז אויך דאָ עפּים — האָט געזאָגט דער משרת און האָט מיר איבערגעגעבען אַ בריעף מיט אַ שמייכעלע פון אַ עזות-פּנים, אַ נאָטקע-גנב.

דער בריעף איז געווען פון דעם יורען, וואָס איך האָב נעכטען בעגעגענט אין גאַס. ער האָט מיר געשריבען, אַז היינט פאַרנאַכט מעג איך קומען צום קאַרלינער.

ז.

ווי דער שטייגער איז פון נאַראָנים, וואָס האָבען ניין מאָס רייד, האָט מיין שוטה דעם גאַנצען וועג זיך גע'חזר'ט אַ לאַנגע דרשה, וואָס איך וועל אַוועקלעגען פאַר'ן קאַרלינער. אין דער דרשה הויבט ער דעם קאַרלינער ביז'ן הימעל אַריין, און מיך מאַכט ער נידעריג ביז צו דער ערד, ווי ס'זענען זיך נוהג אחינו בני ישראל, ווען זיי דאַרפען אָנ־קומען צו דער לאַסקע פון אַ גביר. אַז איך בין אָבער אַריינגעקומען צום קאַרלינער אין שטוב, האָט דער חכם אַ שנעל געטאָן דעם שוטה איבער דער נאָז און יענער האָט פערגעסען די גאַנצע דרשה און האָט געמוזט שווייגען, ווי אַ מצרים־הונד.

דער קאַרלינער איז געזעסען און האָט געלייענט אַ בוך. אויפ'ן טיש האָט געברענט אַ לאָמפּ, און פון ביידע זייטען זענען געלעגען קו־פעס ביכער מיט קונטרסים. אַז איך בין אַריינגעקומען, האָט דער קאַרלינער מיר אויסגעשטרעקט אַ פריינדליכען שלום־עליכם און האָט מיך געבעטען זיצען.

— איך האָב געהערט, — מאַכט ער, — אַז איהר זענט בעקאַנט מיט'ן לעבען פון אונזערע יודען און מיט זייערע פיהרערצען, האָב איך זיך געוואָלט דורכשמועסען מיט אייך. ס'איז היינט, פערשטעהט איהר מיך, אַזאַ צייט, וואָס אַלע ריידען פון דער יודישער אומה, אַלע אינ־טערעסירען זיך מיט איהר. די מיינונגען זענען, ווי איהר ווייסט, זעהר פערשיעדען, פאַרהאַן אַזוינע, וואָס לויבען זעהר שטאַרק דעם יודען און געפינען אין איהם אַ סך מעלות; אַנדערע, פערקעהרט, זעהען אין איהם נאָר חסרונות. איך אַליין בין זיך מודה, אַז איך קען בשום אופן נים פערשטעהן דאָס יודישע פאָלק. אָפטמאָל געפין איך אין איהם אַזוינע זאַכען, וואָס זענען סותר איינס דאָס אַנדערע.

— דאָס זענט איהר מאַקי גערעכט, — האָב איך איהם איבערגע־ריסען די רייד. — אַ יוד איז איין גרויסע סתירה, אָט ווי ער שטעהט און געהט, איין לעבעדיגער „ווידעראַנאַנד": אַ חכם און אַ טפש; אַ בעל־חשבון, ווי אַ אויסגערעכענטער סוחר, און פול מיט פאַנטאַזיעס, ווי אַ קינד; אַ ברענענדיגער, ווי פייער, און אַ קאַלטער, ווי אייז; אַ מאמין און אַן אַפּיקורס; אַ למדן און אַן עם־הארץ; אַ ענו און אַ מגושם'דיגער גדלן; אַ שעמענדיגער און אַ מחוצף; אַ תקיף און אַ ניזנקעלע; אַ ניט־פאָלגער, ווען עס הייסען איהם לייטישע מענשען, און אַ זריז צו מקיים

זיין, ווען ס'בעפעהלט איהם דער שוואַרץ יאָהר ווייסט ווער; אַ ווייבער און א האַרטער; אַ גבור, ווי אַ לייב, און אַ שרעקענדיגער, ווי אַ האָז; א בעל-רחמנות און אַנ'אַכזר; אַ ותרן און אַ קמצן; אַ אויסגעפוצטער און אַ שלעפּער אַ מנוול; און נאָך און נאָך אַלערליי סתירות, וואָס אַז איהר ווילט, וועל איך זיי אייך אויסרעכענען בפרטות.

— פּאַוואָלינקע, רב מענדעלע, רוהט זיך אָב, זייט מוחל, — האָט געזאָגט דער קאַרלינער מיט אַ שמייכעל, — אַניט וועט איהר מיך דאָך פערפּלייצען מיט דעם מבול פון אייערע סתירות. פון די עטליכע, וואָס איהר האָט אויסגערעכענט, וואָלט מען שוין אייך געקענט מאַכען אַ גאַנ-צען ספר, ווען מע זאָל זיי וועלען אַרומקלעהרען פון אַלע זייטען. פאַר מיין ענין וועט אָבער זיין גענוג נאָר אַ קליינער טהייל. איך קוק זיך צו צו דער לאַגע פון די יודען אין גלות און איך זעה, אַז אַלע צרות קומען אויף זיי נאָר דערפאַר, וואָס זיי בלאָנקען זיך אַרום איבער פרעמדע מלוכות, ווי די נשמות אין עולם-התוהו. זייער נאַציאָנאַליזם שוועבט אַרום אין דער לופטען, ניט ווי ביי אַנדערע פעלקער, וואו ער האָט הויט און פלייש. און ווייסט איהר פאַר וואָס? ווייל ביי די אומות העולם פערנעהמט דער גוף אַ געוויסען פּלאַץ אויף דער ערד און זיינע אברים בעשיצען זיי פאַר אַלע אָנשיקענישען און פגעים רעים. אַז אָך און וועה איז אָבער אַזאַ פערוואָגעלט בעשעפעניש, וואָס קען זיך אַליין ניט העלפען, נאָר סע מוז אָנקומען צו עמיצענס לאַסקע. פאַר אחינו בני ישראל איז ניטאָ קיין אַנדער עצה, אויב זיי ווילען בלייבען ביי'ם לעבען, סיידען זייער נאַציאָנאַליזם זאָל אויפהערען זיין אַ רוחניות און זאָל ווערען אַ גשמיות, ער זאָל האָבען אַ ממשות, דאָס הייסט, ער זאָל זיין פער-בונדען מיט אַנ'אָרט. אָט דאָס וועט אייך דערקלעהרען, פאַר וואָס איך און אַנדערע יודישע פריינד האָבען געקוקט מיט האָפנונג אויף די קאָלאָניעס. מיר האָבען זיך געזאָגט: מה דאָך אַ יחיד, אַ פרט, ווערט ניט געבוירען אַ פאַרטיגער אויף דער וועלט, נאָר ביסלעכווייז וואַקסט זיין גוף און ווערט שטאַרקער, און פּאַוואָלינקע, דורך גוטען חנוך און פיינע הדרכה, אַרבייט זיך פון איהם אויס אַ רעכטער מענש, — אַ כל-שכן אַנ'אומה, אַ גאַנץ פאָלק, קען ווערען גרויס און געזונד נאָר אינ'ם משך פון אַ לאַנגער צייט, ווען עס וועט האָבען גענוג מיטלען צום לעבען און ס'וועט זיך צוגעוועהנען צו פּרוכטבאַרער אַרבייט. און אַזוי ווי מיר האָבען אַ קימאַ-לן, אַז יודען זענען מענשען מיט קעפּ און דערצו רחמנים בני רחמנים און גרויסע נדיבים, האָבען מיר זיך געטראַכט: מיט דעם

זכית פון אָט די מדות טובות וועלען מיר מצליח זיין. מיר האָבען זיך געזאָגט: זאָלען אָנהויבען בויען דעם ישוב — די יונגע, וועלכע האָבען כח און טויגען צו דער ה"בייט, די איבעריגע וועלען זיי אונטערהאַלטען פון דער ווייטענס, יעדערער וועל־ליג זיין פערמעגען, וועט אויף אַזאַ אופן דאָס פאָלק ישראל ביסלעכווייז אײַנגעוואָרצעלט ווערען אויף זיין ערד, כדי ס'זאָל שפּעטער אָנהויבען וואַקסען און בליהען. אַזוי האָבען מיר גערעכענט. וואָס זשע איז אָבער געוואָרען דער סוף? יורען האָבען דערהערט: קאָלאָניעס, האָבען זיי גענומען לויפען אָהן אַ שום ישוב־הדעת: אַלטע ייִדעס זענען אַראָב פון די אויווענס און קאַליקעס האָבען געכאַפּט זייערע קוליעס; דער שניידער האָט אַוועקגעלעגט די נאָדעל און דער שוסטער די קאָפּיטעס מיט דער אָל; דער מלמד האָט פערלאָזט זיין חדר און דער בטלן זיין בית-מדרש, און אַלע לויפען, אײַלען, יאָגען און איין איטפעט אין בעטען יעדערער אַ נחלה!..

די לעצטע ווערטער האָט דער קאַרלינער אויסגערעדט האַסטיג, אין איין אָטעם. מ'האָט געזעהען, אַז דער מענש איז אַ צוקאָכטער. מיר איז דאָס געווען ערגער, איידער מע זאָל מיר געבען צעהן פּעטש. איך האָב גוט געפיהלט, ווען מע טיינט דאָ, און חאָטש מיר האָט שטאַרק פערדראָסען, וואָס ער מאַכט מיך אינגאַנצען אויסצודרעהען, נאָר איך האָב איהם ניט געהאַט, וואָס צו ענטפערען. בין איך געזעסען מיט אַנ'אַראָבגעלאָזטען קאָפּ און געשטומט.

— און איהר מיינט, דאָרט אויפ'ן אָרט איז געווען בעסער? — האָט דער קאַרלינער ווייטער גערעדט. — מ'איז נאָר וואָס אָנגעקומען, האָט זיך אָנגעהויבען קריעג און רייסעניש און שנאה און קנאה, איינער רודפ'ט דעם אַנדערען, איינער שטעלט אונטער דעם אַנדערען אַ פיסעל, ווי אמת'ע הענדלער. אַז אָך און וועה! מאוס צו הערען! מיט געלט איז עפּיס אויך ניט אַזוי שטאַרק געהויבען, ווי מ'האָט גערעכענט פריה־ער. יודעלעך חאַפּען זיך ניט, די מדת-הרחמים שווייגט, און געבען גיט מען נאָר, ווען מע קען שוין בשום אופן ניט אָפּזאָגען. אונזערע נדיבים זענען ותרנים אויף אַ וואָוילע עצה, אויף אַ קרעכץ, אויף אַ גוט וואָרט, אַז סע קומט אָבער צו דער קעשענע, איז לא מיט אַנ'אַלף, ניט זיי מיינט מען. ביי זיי איז דער גראָשען טייערער, ווי דאָס גאַנצע יודישקייט מיט'ן נאַציאָנאַליזם אַ צוגאָב... חברים כל ישראל, אַלע יודען זענען חברים, אַלע זענען ערב איינער פאַר'ן אַנדערען, אָבער נאָר אין ענינֵי עולם הבא דאָרט, און וואָס ס'איז שייך דאָ צו דער וועלט,

זענען מיר ווייט אָבגעשיידט איינער פונ׳ם צווייטען, יעדערער אַ וועלטעל פאַר זיך, יעדערער האָט נאָר זיך אין זינען. אַזוינס איז, דאַכט זיך, ניטאָ ביי קיין שום אומה ולשון.

דאָ האָב איך שוין געהאַט אַ געלעגענהייט צו אָננעהמען זיך פאַר כלל־ישׂראל׳ס קריוודע; אגב האָב איך געוואָלט זיך אַליין אויך אַביסעל פערענטפערען. האָב איך דעם קאַרלינער אַזוי אַ זאָג געטאָן:

— איהר זענט טאַקי זעהר גערעכט, כ׳לעבען, אָבער דאָס, וואָס איהר האַלט פאַר אַ שלעכטער מדה, איז גאָר אַ גליק, אַ טובה פאַר כלל־ישׂראל, און ווען ניט די דאָזיגע מדה, ווער ווייסט, צו ס׳וואָלט שוין גאָר געווען אַ זכר פון אַ יודען אויף דער וועלט. שטעלט אייך פאָר, ווען יעדער יוד זאָל, אַ שטייגער, אויפהערען אין זינען האָבען זיך און נאָר נעהמען קלעהרען וועגען טובת־הכלל. ווען אַלע יודען זאָלען זיך בעהעפטען צו שיצען די יודישע אומה פאַר איהרע שׂונאים, — וואָס זשע וואָלט געווען? עס וואָלט פון זיי לאַנג שוין קיין שׂריד־ופליט ניט געבליבען, זיי וואָלטען געוואָרען אָבגעמעקט פון דער ערד, ווי ס׳זענען אָבגעמעקט געוואָרען אַלע אַנדערע פעלקער, וועלכע האָבען מבטל געווען דעם יחיד, דעם פרט צוליעב דעם כלל און האָבען געמאַכט יד־אחת מלחמה צוהאַלטען געגען אויסוועניגסטע שׂונאים. די דאָזיגע אַלע פעלקער האָבען בפירוש יאָ אין זינען געהאַט עולם־הזה, זיי האָבען געשטעלט אין קאָן זייער לעבען, זיי האָבען געזאָגט: אָדער גובר זיין, אָדער שטאַרבען —, זענען זיי טאַקי געשטאָרבען, ווייל די פיינד זייערע זענען געווען שטאַרקער. אַנדערש איז מיט אחינו בני ישׂראל. יעדער יוד איז זיך אַנ׳„עם קטן” — אַ פאָלק פאַר זיך. אַז מע שלאָגט איינעם, פיהלט ניט דער צווייטער, און אַז אויף איינעם קומט אַ צרה, אַנ׳אָנשיקעניש, אַ רדיפה, רירט עס די איבעריגע ניט אָן: דער פרומער, דער צדקתך, דאַנקט דעם אייבערשטען, וואָס איהם האָט עס ניט פערטשעפעט, און ער בעהאַלט זיך אויפ׳ן בוידעם אין אַ לאָך, ביז די צרה וועט אַריבער; אין דער רייכער — דער מאַכט זיך גאָר כלא ידע, ווי ניט איהם מיינט מען. ער פערשטעלט זיך. כלומרשט קען ער ניט זיינע ברידער, און ער טראַכט זיך: איך בין בעוואָרענט פון כל צרה שלא תבא. ניין, פאַני, די מדה איז נאָר ניט אַזאַ רעכטע, איהר האָט ניט, וואָס צו פאַראיבעל האָבען אויף אונזערע יודען. בעסער זאָלסטו ליעב האָבען זיך אַליין און זיך דער־האַלטען ביי׳ם לעבען, איידער זיי זאָלען

זיך מקריב זיין פאַר'ן כּלל און זאָלען מיט אַמאָל פערטיליגט ווערען פון דער וועלט.

— איך זעה, ר' מענדעלע, אַז איהר האָט, קיין עין הרע ניט, אַ שאַרפען מח און קענט דרשנ'ען, דורכציהען אַ העלפאַנט דורך אַ לע־כיל פון אַ נאָדעל, מאַכען פון שוואַרץ ווייס, — מאַכט דער קאַרלינער מיט אַ שמייכעל. — אפשר זענט איהר ניט אינגאַנצען אומגערעכט אויך, חאָטש אין פלוג זענען אַייערע ווערטער זעהר פליאה'דיג און לענען זיך ניט אויפ'ן שכל. נאָר ווי די מעשה איז — פאַר דעם ענין, וואָס מיר רעדען דאָ פון איהם, איז די דאָזיגע מרה אַנ'אומגליק, זי האָט אונז שוין אָנגעמאַכט אַ גרויסען שאָדען. מיר ווילען בויען — און זי צו־שטערט, מיר זוכען שטיינער און צעמענט צו אונזער בנין — און זי גיט אונז צוּבראָכענע ציגעל אין צוּבּרעקעלטע לעהם, וואָס טויג אויף צעהנטווייזענט כּפּרות.

דער קאַרלינער האָט געשוויעגען עטליכע מינוט און זיך שאַרף אַיינגעקוקט אין מיין פּנים. נאָכדעם האָט ער אַרויסגערעדט בּעהאַרצט:

— ר' מענדעלע! וואָס טויג אונז שפּילען אין בּעהעלטעניש, לאָמיר בּעסער ריידען קלאָרע דבורים. איהר אַליין האָט אַלע אַייערע יאָהרען עוסק געווען אין דעם מסחר מיט ספרים, איהר זענט אויסגעווען אין אַלע יודישע שטעדטלעך. איהר האָט זיך צוגעקוקט צום לעבען פון אַהינו בני ישראל — און, אָהן חניפה, איהר האָט טאַקי געבראַכט אַ נוץ מיט אַייער אַרבייט. ווי זשע קומט איהר איצט אַוועקלעגען אינמיטען דערינען שער און אַייזען, גרָאד איצט, ווען אַזוינע מענשען, ווי איהר, זענען נויטיג, ווען איהר וואָלט עפּיס געקענט האָבען אַ פּעולה אי מיט אַייערע ספרים, אי מיט אַייערע ווערטער? מיר האָבען איצט אָן אַ גרויסע אַרבייט, מיר דאַרפען איהר אַוועקגעבען אַלע אונזערע כּחות — סיי די כּוחות פון דעם גוף און סיי פון דער נשמה. וואויל איז דעם, וועמער עס האָט גוטע הענד, אַ שטאַרקען גוף און אַ הייסען רצון צו געהן בּעאַרבייטען די ערד מיט דעם שוויים פון זיין אייגענעם פּנים. עס דאַרף אָבער אויך אַזוינע מענשען, וואָס זייער כּח איז דאָס וואָרט, וואָס זייער גבורה איז די פלאַם־פייערדיגע פען. רייניגען דאַרף מען, בּרודער, אויסראָמען דאָס מיסט און די בלאָטע, וואָס האָט זיך אָנגעקליבען אין די שלעכטע צייטען, אַריינטראָגען ליכט אין דעם תּהו־ובהו; פון אונזערע קהל'שע עסקים, וואו אַלערליי ווילדע מנהיגים, גאַט'ס סטראַפּטשעס, קאָך־לעפעלס, גבאים־נאַראָנים־גראָבע־יונגען, חאַפּ־לאַפּערס פון כּל המינים

האָבען ביז אהער נעפיהרט דאָס רעדעל און געטאָן, וואָס זייער האַר'ן גלוסט.

— וואָס רעדט איהר? — האָב איך געפרעגט מיט אַ שווער גע-מיט. — אין אַזאַ שטאָדט, ווי אײַערע, זענען אויך דאָ די דאָזיגע משונה'דיגע ברואים? און איך האָב געמיינט, אַז דאָס איז אַזאַ אָנשיקעניש נאָר אויף אונז, און אונזערע קליינע, פער'עפּוש'טע שטעדטלעך, וואו עס וואוינען קבצנים-דלפנים.

— אוי, ר' מענדעלע, נאָך ווי אַזוי! די דאָזיגע ברואים זענען אַ מכת-מדינה, יודישע וואַנצען זענען דאָס, זיי זענען פערשפּרייט אי-מעטום, בכל תפוצות ישראל. איהר מעגט מיר גלויבען, „ניטאָ בײַ אונז אײן חברה, איין צדקה-זאַך, וואו ס'זאָל ניט זיין די דאָזיגע מכה. זיי פרעסען דאָס יודישע לייב און זויגען דאָס בלוט פון אַלע אָדערען. ס'-ווייזט אויס, נאָך ניט געקומען די צייט, אַז דאָס פאָלק זאָל אַליין קע-נען פיהרען זיינע קהל'שע ענינים. ס'זענען נויטיג מנהיגים, זייטיגע בענ-שען, וואָס זאָלען אַרבייטען פאַר'ן כלל. דעריבער ווילען מיר קודם כל אײַנפיהרען, אַז אין אונזער קהלה זאָל זיין אַ שטיקעל סדר, אַז אַלצדינג זאָל זיך טאָן מיט ישוב-הדעת; מיר ווילען, אַז אַ מנהיג זאָל זיין ניט דער, וואָס האָט די מטבע, נאָר דער, וואָס האָט אַ קלאָרען פערשטאַנד און אַ ריינע נשמה.

— אשרי המאמין! — האָב איך געזאָגט מיט אַ קרעכץ. — צו אַלע שלעק איז דאָ אַ רפואה: צו אַ מכה — אַ פלאַסטער, צו וואַנצען און טאַראַקאַנעם — פערסישער פּראָשעק. צו אַ פערשימעלט מלבוש איז אַ רפואה — לופטערען, אָבער וואָס מע טוט מיט אונזערע יודישע וואַנ-צען — הויב איך ניט אָן צו וויסען.

— טינט, ברודער! — האָט דער קאַרלינער געזאָגט, דערהויבענ-דיג זיך פונ'ם אָרט. — ניסט אויף זיי אויס אַביסעל טינט, ווייזט זיי פון דער ווייטענס אַ פעדער. פאַר טינט האָבען די דאָזיגע בעשעפענישען מורא, ווי פאַר ווײַרויך, און פאַר אַ פעדער פון אַ שרייבער ציטערט אפילו דער ניט-גוטער אַליין אימת מות.

— די רפואה איז שוין אויך קאַליע, דער ניט-גוטער הערט זי שוין, ווי דער פאַראַיאָהריגען שניי. היינט איז געוואָרען אַ מאָדע אויף „יודישקייט", מ'האָט זיך אָנגעהויבען אַרומטראָגען דערמיט, ווי מיט אַ מייערען חפץ. האָט זיך באַלד געפונען אַ קאָמפּאַניע צבוע'קעס, לינ-נערס, וואָס לעקען דערפון אָב אַ ביינדעל, אפילו דער ניט-גוטער מיט

זיין גאַנצער כנופיא פערשטעלען זיך היינט פאַר יודען, כדי ס'זאָל זיי גרינגער אָנקומען זייער שוואַרץ־מיאוסע אַרבייט. היינט איז פרומקייט נעהויבען, דעריבער קוקט מען זיך גאָר נים אום, וואָס סע טוט זיך אונטער אַ פרומע מאַסקע.

— וואָס צו איז איבעריג, צו פיעל נאַציאָנאַלע ליעב׳׳ קען שאַדען פונקט אַזוי, ווי עס שאַרט, ווען אַ יחיד האָט אין זינען נאָר זיין אייגענע טובה. דאָס איז אַנ׳אומגליק אי פאַר׳ן פרט. אי פאַר׳ן כלל. אָט דעריבער האָב איך טאַקי געוואָלט זיך דורכריידען מיט אייך, ר׳ מענדעלע; מיר וועלען זיין זעהר צופריעדען, ווען איהר וועט צושטעהען צו דעם ביסעלע שרידים־יחידים, וואָס מיינען טאַקי מיט׳ן גאַנצען האַרצען די טובה פון אונזער פאָלק ישראל און ווילען העלפען אויפבויען די חורבות פון זיין נאַציאָנאַלען לעבען. אין אַ שלעכטער צייט איז יעדער מענש טייער. ווער עס קען און וויל — זאָל זיך נעהמען צו דער אַרבייט. בעטראַכט זיך, רב מענדעלע! קעהרט זיך אום צו אייערע ספרים — און לאָז אייך גאָט העלפען הצלחה.

איך האָב נים געהאַט, וואָס צו ענטפערען דעם קאַרלינער. איך האָב געשוויגען, געקרעכצט און געטראַכט ביי זיך: „אמת, ס׳איז טאַקי געווען אַ נאַרישקייט, וואָס איך האָב זיך אויפגעריסען אינמיטען דערינען און אַוועקגעוואָרפען די ספרים מיט דעם ביידעל. ס׳איז אַריין אין מיר עפּיס אַ שד, רחמנא לצלן, און האָט מיך געיאָגט אויף דער עלטער און האָט מיר פערדולט דעם מוח מיט פוסטע חלומות. אָבער וואָס טוט מען איצט? איך בין אַ גרויסער עני ואביון און האָב נים קיין קאָפּיקע ביי דער נשמה.

דער קאַרלינער האָט פערשטאַנען, וואָס מיך קוועטשט, און ער האָט מיך געטרייסט מיט גוטע ווערטער: ניש׳קשה, נים געזאָרגט, ס׳׳ וועט זיין רעכט. אַ מענש ווערט נים פאַרפאַלען.



# ה.

אַז איך בין געקומען אויף דער סטאַנציע, האָב איך דערזעהען — ר׳ ליב דער מלמד איז ווידער נישטאָ אין דער היים. תחילת איז דאָס

מיר ניט נעווען קשה, וואָרום ער פּלעגט זיך דאָך אַרומשלעפּען אין שטאָדט גאַנצע טעג און כסדר זיך אומקעהרען אַהיים ערשט שפּעט ביי-נאַכט. איך גיעב אָבער אַ קוק — עהע! — פון ר׳ ליב׳ס זאַכען איז אויך גאָר קיין אבר ניט געבליעבען: ניטאָ ניט די וואָכעדיגע קאַפּאָטע אויף דער וואַנד, ניט דער טלית און תּפילין, ניט דאָס רענצעל. וואָס זאָל דאָס, טראַכט איך מיר, בעדייטען? וואו איז דאָס פערשוואונדען מיין ליעבהאַרציגער שותּף? אין דער איינענער מינוט קומט אַריין דער משרת און דערצעהלט מיר, אַז מיין יודליך — אַזוי האָט ער גערופען ר׳ ליב דעם מלמד — איז געקומען היינט אויפדערנאַכט אין גרויס אייַלעניש, בע-צאָהלט דעם בעל-אַכסניה פאַר סטאַנציע און זיך אָבגעטראָגען מיט׳ן ביסעל זאַכען. למאי זאָל איך לייקענען? פון דער דאָזיגער מעשה האָט זיך ביי מיר אַביסעל צושפּיעלט די פּאַנטאַזיע. איך האָב מיר אָנגעהויבען קלערען אַלערליי סברות. מסתּמא איז ר׳ אָ שולדיג די פּריצה, וואָס איך האָב זי געזעהען געהן מיט איהם. ניט אַנדערש — זי איז דאָ אינדער-מיט. אַניט, וואו דען האָט געקענט אַהינקומען אַזאַ יוד ווי ר׳ ליב? אַזוי האָב איך מיר געטראַכט, און פון צופיעל טראַכטען האָב איך ניט גע-קענט שלאָפען ביינאַכט, און אַז איך האָב שוין יאָ צוגעמאַכט אַנ׳אויג זענען מיר געקראָכען אין קאָפּ אַריין אַלערליי בייזע חלומות.

אינדערפריה עפענט זיך די טהיר און ס׳רוקט זיך אַריין ר׳ ליב. ער קושט די מזוזה און זאָגט אויף אַ קול: גוט מאָרגען! איך שוויינ און בעטראַכט איהם פון קאָפּ ביז די פיס מיט אַ פינסטערען קוק.

— איך האָב צו אייך אַ בקשה, ר׳ מענדעלע — הויבט ער אָן שטאַמלען, בשעת מעשה גלעטענדיג די פּאות און ווישענדיג די נאָז מיט אַ הוסטעלע און אַ קנייטש מיט די פּלייצעס. ווי איינער, וואָס וויל עפּיס זאָגען, נאָר ער קען עס ניט אַרויסברייננגען פאַר׳ן מויל — האָט ניט קיין פּאַראיבעל, ר׳ מענדעלע...

— וואָס עפּיס איך? — האַק איך איהם איבער די רייד — פּאַראיבעל דאַרף האָבען אייער ווייב, זאָל לעבען, ניט איך...

— אַדרבא, מיין אַלטער וועט עס דוקא הנאה טאָן, אַז זי וועט דערהערען די גוטע בשורה — ענטפערט ר׳ ליב עפּיס אויף אַ מין לשון-קודש — מיין אַלטע וועט טאַנצען פאַר שמחה, וואָס איהר מאַן האָט דאָ, מיט גאָט׳ס הילף, נושא חן געווען און זיך דערשלאָגען צו אַזאַ סעמר.

— איך בעט אייך, ר׳ ליב — זאָג איך מיט אַ ביטער שמייכעל —

האָט רחמנות אויף מיר און אויף אייך און רעדט ווי אַ מענש. וואָס איז דאָס פאַר אַ דבוק אין אייך אַריין די לעצטע צייט, וואָס רק איהר בעבעט עפּיס גאָר טערקיש. בעהיט זאָל מען ווערען... רעדט יודיש, ר׳ ליב, ווי אַלע יודען, און וואַרפט אַוועק אייער משוגעת.

— חלילה וחס! — חאַפּט זיך ר׳ ליב אויף, ווי אַן׳אָבגעבריהטער. — חלילה וחס! הערט פריהער אויס, ר׳ מענדעלע, וועט איהר זעהען, אַז איהר האָט אַ טעות. וואס זאָל איך אייך מאריך זיין? ס׳איז חדושים ונפלאות, ר׳ מענדעלע. ממש מויל און אויערען אויפצושטעלען! די אַרעסער יודען זענען, פערשטעהט איהר מיך, געוואָרען בעל־תשובה׳ניקעס, פרומע כשר׳ע נשמות, מע קומט זיך צונויף און מע רעדט לשון־קודש!... וואָס קוקט איהר מיך אַזוי אָן? — שלאָגט ער זיך אַליין איבער, דערזעהענדיג, אַז איך בין שטאַרק פערוואונדערט. — איך דערצעהל אייך ניט קיין גוזמות, חלילה, כ׳האָב אַליין געזעהען מיט מיינע אויגען און געהערט מיט מיינע אויערען, איך זאָל אַזוי זעהען אַלדאָס גוטס. וואָס טויג אייך מעהר? איך בין אַליין געוועזען אין אַזאַ חברה. אַנ׳אַקט, כ׳לעבען. בחורים און בתולות, פּראָסטע יודען און פערפּוצטע דייטשען מיט קאַפּעלושען און לאַנגע הויזען קומען זיך צונויף און מען מוטשעט זיך נעבעך, מע וויל גאָר ריידען לשון־קודש. איך בין מיר תחילת געשטאַנען אַ צוטומעלטער פון דערוויטענס און געשוויעגען, אָבער באַלד האָב איך מיר אַ טראַכט געטאָן: וואָס האָב איך זיך צו שעמען? אדרבא, לאָמיך נאָר עפענען אַ מויל, ווי אין מחזור שטעהט: בפצותי שיח להשחיל, וועלען זיי דערזעהען, אַז מיין נשמה איז ניט פון קלאָטשע, און וואָס איך פערמאָג אין פּיאַטע, פערמאָגען זיי נאָך ניט אין קאָפּ. בקצור, איך האָב זיך טאַקי ניט געקענט איינהאַלטען — ושריות שותא און האָב געגעבען אַ זאָג מיט׳ן פיוט, מיט יוצרות. נו, זענען זיי נעבליבען שטעהן פערגאַפט. איך בין דאָך עפּיס אַ מלמד אויף דער וועלט און געדענק די אַלע גוטע שטיקלעך אויף אויסוועניג. נו, פערשטעהט איהר דאָך, אַז איך האָב געשיט ווי פון אַרבעל, ושפתי, און די לעפצען מיינע, האָבען געטריפט נופת הויכע מליצות. איך זאָג אייך, דער עולם האָט גאָר אָנגעקוועלט. די זאָגערס זייערע זענען געוועזן געפלעפט. די דייטשען האָבען זיך מיט מיר גאָר געפרייט, ווי מיט אַנ׳אבן טוב, מ׳האָט מיך ממש אַרומגעטראָגען אויף די הענד. פון דערוויטענס האָב איך געהערט ריידענדיג: אָט אַזוינע יודען דאַרפען מיר היינט האָבען, דאָס איז דער רעכטער בענש אין דער רעכטער צייט.

נו, וואָס זאָל איך אײַך זאָגען, רב מענדעלע, פון דעמאָלט אָן ראַט מיר אָנגעהויבען דאָס מזל שײַנען. איך לעב בטח, זיכערליכען. הערט איהר? אַזוינע יורען, ווי אין אָרעם, וועט איהר ניט געפינען אפילו אין גלופסק. אין קאַבצאַנסק אפילו אויך ניט! איהר מעגט זיי דאָרט זוכען מיט ליכט. אָנקוקענדיג איינעם, דאַכט זיך — אַ גאַנצער דייטש. צונעהמט איהם אָבער די פּאָלעס — וועט איהר זעהען אַ טלית-קטן, — אַ אידלאַק מיט אַלע פּירושים. איהר פערשטעהט, וואָס דאָס הייסט אַזוינס?

— מילאָ, נו, בין איך אײַך מ״חל, זאָל שוין זיין גע'לשון-קודש'ט — מאַך איך מיט אַ שטײַבעלע — איך בין אָבער אַ בעלן צו וויסען, וואָס בעטײַט דאָס מיידעל?... עפּיס געהען צו אײַך מיידלעך און מע שרײַבט אײַך בריוועלעך, ר׳ ליב — חאַ, וואָס הייסט דאָס?

— דאָס מיידעל? — ענטפערט ר׳ ליב בתמימות און דאָס פּנים שיינט ביי איהם פאַר שמחה — דעם פּשט פינ'ם מיידעל ווילט איהר וויסען? ס'איז אַ לשון-קודש-מיידעל, אַ כשר'ע יודישע טאָכטער, כ'לעבען. זי האָט עס אויף זיך גענומען מיר צונויפשטעלען אַ חדר, איך זאָל האָבען אַ שטיקעל מעמד. אַ מדובר האָב איך געהאַט מיט איהר, אַז כאָם זי וועט געפינען עפּיס רעכטס, וועט זי מיר תיכף געבען אַ ידיעה אויף דער אַכסניא. וכך היה, זי האָט זיך טאַקי בכבודה ובעצמה מטריח געוועזן אַהער מיר אָנזאָגען די גוטע בשורה. איצט האָב איך אַ קנעלונג ביי אַ היגען בעל-בית, איך לערען מיט זיינע דריי קינדער און עס מיר טאַקע דאָרט קעסט. אַצונד בין איך נאָר געקומען בעטען אײַך, ר׳ מענ-דעלע, איהר זאָלט מיר מוחל זיין...

— אודאי איז דאָס ניט שעהן פון אײַך — פאַל איך איהם אַריין אין די רייד — ס'טייטש, ווי בעהאַלט מען דאָס פון אַ שותּף אַזאַ גליק! פיין, כ'לעבען, האַ?

— נאָט איז יורע דעם אמת, ר׳ מענדעלע, אַז איך האָב אײַך אַלצרינג גע'ואָלט דערצעהלען פון אָנהויב אָן. נאָר וואָס דען? ס'איז פּשוט קיין צייט ניט געוועזן. יעדערער פון אונז האָט זיך געהאַט זיינע געשעפטען, געווען פערטרווד'ט טאָג ווי נאַכט. אחוץ דעם האָב איך דערקענט אָן אײַער נאָז, אַז עפּיס שמעקט אײַך ניט מיינע דרכים. מילא, קענט איהר צו מיר אין דעם פּרט קיין טענות ניט האָבען. וואָס זשע דען וויל איך איצט? איהר זאָלט מיר מוחל זיין דעם תקיעת-כף און צורייסען דאָס שותּפות-כתב, וואָס מיר האָבען געמאַכט. אדרבא, בע-טראַכט זיך נאָר אַליין — האָט ער מיר גענומען איינריידען — במה

דברים אמורים, ווען איך האָב אַנ'איינעַנע דירה מיט אַנ'איינענער בעל־הבתישקייט, איז מהיכתיתי, וואוינט איהר ביי מיר אין דירה און עסט מיט מיר ביי איין טיש. איצט אָבער, אַז איך אַליין זיץ אויף קעסט ביי יענעם, מיט וואָס פאַר אַ יושר קען איך נאָך צונעהמען צו מיר מיין שותּף אויך? ווי זאָגט זי דאָרט, די גמרא: אין אורח מכנים אורח.

— יאָ, אָבער פאַר וואָס זשע האָט איהר גאָר לכתּחילה אָנגענו־מען אזאַ שטעלע, וואָס קען מבטל זיין אונזער שותּפות? פע, ר' ליב, איהר האָט עובר געווען אויף דעם תקיעת־כּף, נישקשה, איהר וועט מוחל זיין צאָהלען קנס...

געזאָגט האָב איך דאָס נאָר אויף קאַטאָוועס: איך האָב געוואָלט זעהען, וואָס וועט מיר ענטפערען אַזאַ יוד, ווי ר' ליב. אין האַרצען האָב איך איהם שוין לאַנג מוחל געווען. אַדרבּא, ס'האָט מיר דוקא הנאה געטאָן, וואָס איך פּטר אַזאַ שותּף.

— אָ, דערפאַר איז ניטאָ, וואָס מורא צו האָבען, דאָס האָב איך בעוואָרענט באַלד טאַקע ביי אונזער אָבמאַך — ענטפערט ר' ליב גרע־טענדיג די באָרד אין לאַבענדיג מיט אַ חיטרע געלעכטערעל. — באַלד טאַקע ביים שליסען אונזער שותּפות, האָב איך מוסר מודעה געווען פאַר כשר'ע עדות, אַז דאָס טו איך פאַר נויט. בין איך על־פּי דין פּטור...

וואָס מיר מוסר־מודעה, ווען מיר מוסר־מודעה! גאָט איז מיט אייך! ס'איז דאָך, האָט קיין פאַראיבעל ניט, מעשה רמאי! נויט — זאָגט ער! ווער האָט אייך גענויט? ווי עפּענט זיך דאָס אַ יודען אַ מייל צו זאָגען אַזוינס? — זאָג איך, באמת טאַקע ווערענדיג אין כּעס, אַז אַ מ'למד אַנ'ערליכער יוד זאָל זאָגען אַזאַ ליגען — וואָס הייסט עס, ר' ליב? איך האָב אייך גענייט?

— ניט איהר, ר' מענדעלע, ניט איזהר, חס וחלילה — ענטפערט ר' ליב מיט אַ שווערען זיפץ. — די נויט, די נויט האָט מיך געיאָגט. דער דלות האָט מיך געטריעבען צו עסקים, וואָס ניט פאַר מיר, ניט פאַר מיינע יאָהרען. אוי, די צרות, ר' מענדעלע, האָבען מיך ניט געלאָזט איבערקלייבען, מיך געצוואונגען נעהמען, וואָס עס קומט נאָר צו דער האַנד. תּרנסה, רב מענדעלע!...

די דאָזיגע עטליכע ווערטער, וואָס ר' ליב האָט אַרויסגערעדט אָהן שום זייטיגע כּונות, זענען געווען אַ קלאָרער תּירוץ אויף דעם לוי־פעניש און דער בּהלה פון די קאַבצאַנסקער יודען. ניטאָ אויף וועמען

פאַראיבעל צו האָבען, ניטאָ וועמען צו זידלען. פרנסה!.. עס פערקלעמט מיר פאַר גרויס רחמנות דאָס האַרץ און איך זאָג מיט אַ ביטער געמיט:

— אזוי, זענט איהר געדעכט, ר' ליב! מיר זענען אַלע גאָר ניט אַזוינע נאַראָנים, חלילה, כיר פערשטעהען אויך, ווי ס'בעדאַרף זיין, וועד צו וואָס עס פאַסט, נאָר די צרות, די צרות נעהמען ביי אונז אָב דעם שכל. איך בין אייך מוחל, ר' ליב, מוחל פון גאַנצען האַרצען. זאָל אייך גאָט העלפען, איהר זאָלט האָבען פרנסה אָהן קאָפּ־דרעהעניש אָהן יאָגעניש, האָט'ש אייף דער עלטער זיך אויסרוהען און עסען דאָס זונדיג שטיקעל ברויט אָהן צער, מיט אַ רוהיג געמיט, זייט אייך איהר דאָ געזונד — און איך וועל פאָהרען אַהיים צוריק אין אינזערע כתרילעווקע אריין.

— איך מוז אייך זאָגען, רב מענדעלע, אַז איהר טוט, מחילה, אַ נאַרישקייט, וואָס איהר ווילט פאָהרען אַהיים. זייט וויסען, אַז נעכטען איז אַהער אָנגעקומען אַ נייע קאָמפּאַניע קאַבצאַנסקער יודען — קיין עין הרע ניט, אַ היבשע מחנה. פון אַנדערע שטעדט און שטעדטלעך פון גלופּסקער געגענד קומען אויך אָן טאָג־טעגליך גאַנצע מחנות און זיי דערצעהלען, אַז מע קלייבט זיך ערשט אין וועג אַריין, מע וועט פאָהרען איש על מחנהו — יעדער כולל בעזונדער! קאַבצאַנסקער כולל, טונעיאַדעווקער כולל, גלופּסקער... ווער ווייסט, ס'קען נאָך מיט דער צייט אויס ווערען דער גאַנצער תחום.

— ניש'קשה, ר' ליב, האָט ניט קיין מורא. דער יודישער תחום איז ווי אַ קוואַל, וואָס ווערט ניט אויסגעשעפּט קיינמאָל. קאָמפּאַניעס געהען, קאָמפּאַניעס קומען, און קאַבצאַנסק און גלופּסק וועלען בלייבען אייביג.

~~~~~~~~

## ט.

מיט מיה און מאַטערניש האָב איך זיך אומגעקעהרט קיין גלופּסק. אריינפאָהרענדיג אין שטאָדט אריין, האָב איך מיך געפיהלט אַזוי, ווי עס פיהלט זיך אַ פראָש, ווען זי קעהרט זיך אום. נאָך אַ לאַנ־
~~~~~~~~

גען שפּאַציערגאַנג איבּער דער יבשה, צוריק אין איהר בּלאָטע אַריין און טוקט זיך אונטער בּיז איבּער די אויערען. איך האָבּ געזעהען בּחוש, אַז איך און גלופּסק זענען אַ זווג בּן השמים: מאַקע נאָר צווישען די מיינינגע, אין גלופּסק אין אין אַנדערע אַזוינע יודישע מקומות, בּין איך אַ מענש מיט מענשען גלייך.

געהענדיג ערב שבּת פּונ'ם מרחץ, די ערשטע וואָך ווי איך בּין אָנגעקומען אַהיים, זעה איך, עס שלעפּט זיך בּאַרג אַרויף אַ פערדעל מיט אַ גרויסען פאַס וואַסער. דאָס פערדעל איז נעבּיך מיעד, סע האַלט זיך קוים אויף די פיס. דער רוקען אויסגעבּויגען, אַזוי אַז סע סטאַרטשעט אַרויס יעדער בּיין, די זייטען הויבּען זיך און פאַלען, ווי אַ בּלאָז־זאַק, די צונג אַרויסגעשטעקט, דער אָטעם מיט אַ סווישטש. דאָס פערדעל ציהט נעבּעך, וויפיעל עס האָט כח, דער וואַסער־פיהרער געהט בּיי דער זייט, שמייסט מיט דער בּייטש און שעלט מיט טויטע קללות. כ'טו אַ קוק אויף דעם בּידנע בּעשעפעניש און דערזעה — אוי! — ס'איז דאָך מיין פערדעל, מיין געטרייע קליאַטשע, וואָס האָט מיר געדיענט אַזוי פיעל יאָהרען! אַז אָך אין וועה, וואָס פון איהר איז איצט געוואָרען. דער הינטער־טייל אָבּגעפּאַלען, דער עק אויסגעפּליקט, אויסגעצופּט, די הויט דאַר ווי אַ שפּענדיל, אינגאַנצען פון קאָפּ בּיז די פיס איין וואונד, איין גרויסע מכה; פון דעם רעבּטען אויג רינט. דאָס פערדעל האָט זיך אָבּגעשטעלט, אַ קיק געטאָן אויף מיר, אַ רויסלאָזענ־דיג אַ טיעפען זיפץ. אוי איז דאָס געווען אַ קוק! ער האָט גערעדט מעהר, ווי מ'וואָלט געקענט דערצעהלען מיט ווערטער; ער האָט גע־וויינט, געקלאָגט זיך אויף זיין בּיטער מזל, געיאָמערט: געוואַלד! בּאַר וואָס קומט דאָס מיר! געוואַלד, ווי קען מען האָבּען אַ האַרץ, נעהמען אַ לעבּעדיג גאָט'ס בּעשעפעניש, און פּייניגען עס מיט אַרבּייט איבּער די כוחות. אין דעם זיפץ האָבּ איך געהערט ווי אַ פערטרויערט קול, אָנ־געזאָפּט מיט טרעהרען: „שלום עליכם, ר' מענדעלע, דאָס בּין איך דיין פערדעל, וואָס האָט דיר געדיענט אַזוי פיעל יאָהרען, געשלעפּט מיט השק יודישע ספרים! פאַרוואָס זשע קומט עס מיר מיך צו־דערוויימערען אויף דער עלטער, אָט דאָס איז דער לוין פאַר געטרייע אַרבּייט!" —

דער וואַסער־פיהרער אָבּער לאָזט ניט אָפּ די בּידנע קליאַטשע, שמייסט זי מיט דער בּייטש, שילטענדיג: וויאָ, פּגירה! ריר זיך, נבלה!

איך האָב ניט געקענט צוזעהען די יסורים פון מיין פערדעל, און געטראַכט: וואַרט, ס'וועט נאָך קומען אַ ישועה אויף דיר אויך.

דעם זעלבינען שבת-צו-נאַכט האָב איך אויסגעלייזט דאָס פערדעל פון דעם וואַסער-פיהרער'ס הענד. איך האָב אַרויפגעלעגט אויף איהם דעם עול-תורה און, נישקשה, ניט צו פערזינדיגען, עס שלעפט מיין ביידעל און פערשפרייט השכלה צווישען יודען עד היום.



# צדיק אהיים

(בסתר רעם).

## א.

אמר מענדעלע מוכר ספרים — זאָגט מענדעלע מוכר ספרים: אָט די שטאָדט גלופסק, וואָס איך וויל אייך פון איהר דערצעהלען, איז חשוב'ער ווי אַלע אַנדערע שטעדט, וואָרום אויף איהר נאָמען רופט זיך אַ גאַנצער יודישער קאַנט. אין ניט אומזיסט האָט זי זוכה געוועזן צו אַזאַ גדולה, ניט אומזיסט רופט מען זי „עיר ואם בישראל". איהר דאַרפט וויסען, אַז ס'איז ניטאָ ביי אונז קיין איין יוד, וואָס ער זאָל ניט האָבען אַ שטיקעל שייכות צו גלופסק, וואָס סע זאָל אין איהם ניט שטעקען חאָטש איין חלק פון גלופסקער טייערע מעלות. אויב איהר אַליין, רבותי, זענט ניט געבוירען געוואָרען אין גלופסק, איז ביי מיר גאָר קיין ספק ניטאָ, אַז אייערע טאַטעס אָדער זיידעס זענען געוועזן גלופסקער, און אויב גלופסקער בלוט רינט ניט אין אַלע אייערע רמ"ח איברים און אין יעדען מינדסטען אָדער, איז חאָטש אין איין ווינקעלע פון אייער מח קען מען געפינען אַ סימן פון גלופסק. איך בין שוין, ברוך השם, ניט קיין יונגעלע, איך האָב זיך אָנגעזעהען אַ וועלט, זאָג איך אייך, אַז איך האָב נאָך ניט בעגעגענט קיין איינציגען יודען, וואָס זיינע תנועות, זיינע גענג, זיינע פיהרעכצען סיי אין וועלט-זאַכען, סיי אין הימעל-זאַכען, זאָלען ניט שמעקען חאָטש אַ ביסעלע מיט גלופסק. סע מעג זיין אַ משכיל צו אַ פראָסטאַק, אַ נגיד צו אַ קבצן — אויף אַלע איז אָנגעשריעבען גלופסק, אויף אַלע איז דאָס אויסגעקריצט מיט טיעפע צייכענס — ניט אָבצעווישען.

אַ האַרציגער שמייכעל שוועבט אויף מיינע ליפען, ווען איך דערמאָן איצט דעם נאָמען גלופסק, אַ שמייכעל — אַ גוטע בשורה, אַ גרוס די קינדער פון זייער מאַמען, די איינקלעך פון זייער באָבע'ן. די פריינד פון

זייער טייערער קרובה; זאָלען זיי שעפּען נחת פון די מעשיות, וואָס איך וועל דערצעהלען, זאָלען זיי זיך פרעהען, וועל איך אויך האָבען הנאה.

זייט ווייסען, ליעבע ברידער, סיי נאָהענטע, סיי ווייטע, סיי אויפ'ן ים, סיי אויף דער יבשה, זייט ווייסען, אַז אונזער מוטער גלופּסק לעבט נאָך, מיט גאָט'ס הילף! קומט, קינדער, וועל איך אייך דערצעהלען, וואָס זי טהוט, וואָס זי טראַכט, ווי אַזוי סע פיהרען זיך איהרע יודען; איך וועל זי אייך אויסמאָלען ווי אַ לעבעדיגער: ווי זי שטעהט און געהט, ווי זי קליידט זיך, ווי זי האַנדעלט און וואַנדעלט. און זי זאָל בייַ אייך, חלילה, גאָר ניט זיין אראָבגעפאַלען אין די אויגען, וואָס זי איז אַנ'אַלטע; ניש'קשה, זי איז נאָך ניט עובר בטל, איהרע פאַרצייטיגע מנהגים לעבען נאָך, זיי זענען נאָך ניט פערגעסען געוואָרען צווישען אחינו בני ישראל. וועל איך זי אייך פאָרשטעלען מיט איהר גאַנצען חן, מיט אַלע איהרע קנייטשלעך, כדי איהר זאָלט זי קענען.

גלופּסק איז אַנ'אמת'ע יודישע שטאָדט מיט אַלע פּישטשעווקעס, פון אַרחיטעקטען, וואָס בויען הייזער מיט אַ פּלאַן און מיט אַ סדר, האָט זי קיינמאָל ניט געהערט. איהרע הייזער הויבען זיך ניט אין דער הויך, קריכען ניט מיט חוצפּה אין הימעל אַריין, נאָר זיי שטעהען זיך נידעריגע, ווי די ניונקעלעך, טייל אייַנגעבויגען, די דעכער אַ ראָבגערוקט ביז דער ערד, אַלע אָהן פאַרב, אָהן צאַצקעס, אָהן פוצען פון דרויסען. דער יוד ווייסט, אַז שקר החן והבל היופי, די אַלע שמאָבטעס זענען ניט ווערט אַ צובראָכענעם דרייער. די דירה בייַ'ם יודען האָט אַ ווערט נאָר פון איננוועניג; דאָרט איז בייַ איהם דער גאַנצער עולם קטן: דאָס בעט און דער טיש און דער צעבער און די קינדערלעך, זאָלען לעבען און געזונד זיין, און אַלצדינג, וואָס אַ יוד פערמאָגט, פון דער שאַפע מיט די קופערנע פענדלעך, ביז די קיך-טעפּלעך און דעם בעזעם מיט דעם אַ ריינ-געשטעקטען פלאָקען אינמיטען. דער מנהג פון רעהרען אויף אָבצופיהרען די רעגען-וואַסער און פון שטיינערנע בריקלעך פאַר די טהירען, איז דאָ ניט אָנגענומען; דעם צעבער און די טעפּלעך גיסט מען אויס פונקט אַנט-קעגען טהיר, קומען חזירים און באָרען זיך ביז'ן האַלז אין בלאָטע און צעגראָבען דאָס געדיכטע אַרום און אַרום און האָבען תּענוג. הויבט זיך, ברוך השם, אַ געשמאַקער ריח און זעצט אין נאָז אַריין. אז סע קומט אמאָל אַ סטראַזשניק, אַ צורר, און הויבט אָן דולען אַ מח, ס'זאָל זיין ריין, פערשטאָפּט מען איהם דעם פּיסק מיט אַ טרונק בראָנפען און אַ שטיק חלה. וואָרום די חלה, דאַרפט איהר ווייסען, האָט אין זיך ניט נאָר אַזאַ

טבע, אַז זי פערקירעוועט דעם פּלאַם פון די פרייטאָג־צו־נאַכטענדיגע ליכט — וואָס דאָס איז בדוק ומנוסה שוין־פון לאַנגע יאָהרען — נאָר זי איז אַ סגולה צו אַזוינע חברה־לייט אויך, צו פערקירעווען זיי פון דער יודישער גאַס. בשעת הדחק, אַז ער טשעפּעט זיך זעהר שטאַרק, גיט מען איהם אַ שטיקעל געהאַקטע פיש, אָנגעפילט מיט ציבעלעס און מיט קנאָבעל, ווערט ער גאָר ווייך, ווי אַ פּוטער, און אַלצדינג בלייבט ביי׳ם אַלטען, — עולם כמנהגו. נאָר איינמאל האָט זיך געטראָפען, אַז מ׳האָט גלופּסק געניוט בעל־כרחה צו משנה זיין איהרע פאַרצייטיגע מנהגים און צו איינפּוצען זיך פאַר לייטען. ס׳איז אַרויס אַ קלאַנג, אַז איינער פון די גאָר הויכע אדונים וועט דורכפאָהרען איבער אונזער שטאָדט. איז געוואָרען אַ רעש אין גלופּסק און מ׳האָט זיך גענומען גרייטען. יודעלעך זענען אר־־געקראָכען פון זייערע לעכער, יעדערער מיט אַ בינטעל שמאַטעס פאַר אַ באַרשט און מיט משונה־מאָדנע פאַרבען. האָבען דעמאָלט אונזערע גלופּסקער בעוויזען, וואָס איינער קען: מ׳האָט איינגעמאָלט אויף די הייזער אַלערליי לייבען און לעמפּערטען און פ׳־ערנאָטערס און אַנדערע ווילדע בעשעפּענישען, וואָס מע קען זיי זעהען אויף די וועגד פון א שוהל און אויף אַ מזרח. ווייסט איהר, וואָס פאַר אַ פּנים גלופּסק האָט דעמאָלט געהאַט? ווי אַ כלה־מויד, וואָס האָט זיך אויסגעפרינדעט אין אַלערליי מלבושים מיט פּאַצירקעס און מיט פליטערלעך, כדי צו געפעלען דעם חתן מיט די מחותנים. די יונגלעך האָבען דערזעהן אַזוינע חדושים׳דיגע געמעלען, זענען זיי געוואָרען פערגאַפט און האָבען זיך געזאָגט: וואָס גרויס איז פּאָרט ניט קליין! אפילו עלטערע מענשען האָבען זיך אויך אָבגעשטעלט קוקען. דער סטאָראָזש מ י ח י י, וועלכער פערלעשט פרייטאָג צו נאַכט די ליכט, איז געבליבען שטעהען מיט אַנ׳אָפענעם מויל. און די רעכטע האַנד זיינע, וואָס האָט געטראָגען פון דער קעשענע אַ שטיק חלה צום מויל, איז געבליבען ווי פערגליווערט אינמיטען וועג; פּ ע ט ר י כ ע די גוי׳ע, וואָס מעלקט שבת די בהמות ביי יודישע טעכטער, האָט זיך צעלאַכט פאַר שמחה, האַלטענדיג ד י ה ע נ ד א ו פ׳ן בויך. דער סטראַזשניק איז געשטאַנען און געקוקט אויף גלופּסקער וואונדער, געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, געקראַצט זיך אין דער פּאַטילניצע, געמאַכט מיט די ליפּען און עפּיס געמריקעט אַזוינס, וואָס די גלופּסקער האָבען עס געהאַלטען פאַר אַ שבח; מסתמא האָט זיך דער ערל געוואונדערט אויף יודישער חכמה און זיך געטראַכט: טאַק, אַנ׳עם חכם ונבון די דאָזיגע יודישע אומה. די יודען האָבען דערפון שטאַרק הנאה געהט, ס׳האָט זיך זיי בעוויזען אַ שטיקעל

האָפנונג, אַז פון היינט אָן וועט דער דאָזיגער רשע זיי שוין לאָזען צורוה און וועט זיך מעהר ניט משעפּען. געווען, אמת, איינער, וואָס האָט געמור־מעלט אויף גלופּסק, זאָגענדיג, אַז אַזאַ מין שענקייט מאַכט זי נאָך מאוס'ער און בעוויזט נאָר, אַז זי האָט ניט קיין געשמאַק. נאָר אַזוי ווי דאָס האָט געזאָגט איינער פון די אפּיקורסים, די נאַרישע חקרנים, דעריבּער האָט זיך קיינער אויף זיי ניט אומגעקוקט: אַקוראַט ווי דער הונד בילט.

גלופּסק האָט זוכה געווען צו אַזאַ נאָמען אויך צוליעב דער מדה פון סבלנות, וואָס אין איהר איז פאַרהאַן, און אויך צוליעב דעם, וואָס זי איז אַ גרויסע ענו'טע, זי איז מוחל אויף איהר כבוד. פרעגט אומיסנע איהרע בעלי־בתּים, איהרע זקנים, וויפיעל מאָל האָט מען זי געזידעלט בפרהסיא פאַר די גריבּער אינמיטען גאַס, פאַר די שטיינער, וואָס ליגען צעווייהט און צעשפּרייט איבּער'ן מאַרק, שטיינער מיט שאַרפע שפּיצען, ווי די מעסערס, רחמנא ליצלן, וואָס מע פערטשעפּעט זיך פאַר זיי און מע פאַלט און מע בּרעכט רוק און לענד, בעהיט זאָל מען ווערען; וויפיעל מאָל האָט מען זיך געבּייזערט פאַר די טויטע קעץ מיט די גע'פּגר'־טע הינד מיט אַלערליי אַנדערע שרצים, וואָס מע וואַרפט אַרויס, וואו סע טרעפט זיך, — און גאָר ניט, זי האָט זיך געמאַכט ניט וויסענדיג, זי האָט מוחל געווען, וואָס מע טהוט איהר אָן אַזאַ בזיון. שונאים האָבען אויף איהר, דאַכט זיך, געשיט שוועבעל און פעך פאַר איהר טייך, פאַר איהר מקוה, וואָס זענען פויל, פער'עפּוש'ט, אָנגעפילט מיט מיסט און קויט און אַלערליי פאַסקודסטווע; פאַר די אָפּטע שרפיות, וואָס טרע־פען זיך דאָרט, מחמת די הייזער שטעהן אין ענגשאַפט אין זיין שטיקע־ניש, כמעט איינגעטוליעט איינע אין דער אַנדערער, — און וואָס מיינט איהר? זי האָט זיך געמאַכט פאַר אַ תּם, אויסגעהערט אַלצדינג און שאַ — ניט געענטפערט דאָס אַנדערע וואָרט.

דאָ האָט איהר אייך, רבותי, נאָר אַ פּאָאַר סמנים פון גלופּסק. איך האָב ניט געוואָלט מאריך זיין, דאָס איבּעריגע וועט איהר זיך שוין אָנשטויסען אַליין. מאָמער וועט אייך איבּערגעהן אַ שרעכטער געדאַנק און איהר וועט וועלען זאָגען: ס'אַראַ מאוס'ניצע די דאָזיגע בּריאה איז, אַרט דאָס מיך ניט: הלואי וואָלטען אַלע מאוס'ניצעס געהאַט אַזאַ חן בּיי זייערע מאַנען אין די אויגען, ווי גלופּסק אין די אויגען פון איהרע טויזענטער בעלי־בתּים. ס'איז דאָך אַנ'אַקט מיט אונזערע גלופּסקער, אַז ניט נאָר מיט זייערע ווערטער און מיט זייער שפּראַך, נאָר אויך מיט אַלע זייערע מעשׂים

ווייזען זיי אַרויס, ווי געטריי זיי זענען זייער ליעבהאַרציגער שטאָדט; ווער סע זעהט זיי, דערקענט זיי באַלד, אַז זיי זענען גלופסקער מיט'ן גוף און מיט'ן האַרץ און מיט דער גאַנצער נשמה.

אַ גלופסקער יוד איז ניט אַזאַ מקפיד אויף שענע קליידער, אויף ריינקייט און כדומה אַזעלכע נאַרישקייטען, וואָס מענשען גיבען זיך מיט זיי אָב אין דער גרויסער וועלט. די נייע מאָדעס, וואָס קומען אויף אין פּאַריזש און אין וויען און אין אַנדערע גרויסע שטעדט, האָבען צו גלופסק נאָר אַ קנאַפּע שיכות. טאָמער פערשלעפּט מען אַהער יאָ אַזאַ מאָדע איינמאָל אין אַ יובל, ווערט זי אויך אָן איהר פריהערדיגען גלאַנץ: אונזערע שניידערס, פערשטעהט איהר מיך, געהען זיך מיט זייער איי ג ע נ ע ם שניט און מיט זייערע בעזונדערע מעטאָדעס — ווערט ביי אונז פון דער פּ אַ ר י ז ש ע ר יפהפיה אַנ'אמת'ע גלופסקער בעל-הבית'טע מיט'ן אמת'ען גלופסקער חן. — אַז ס'איז אַרויסגעקומען די גזרה, יודען זאָלען זיך אָנ-טאָן אין דייטשישע קליידער, האָבען די גלופסקער אויך ביסלעכווייז מקבל געווען אויף זיך דעם עול. איצט זענען זיי אין פלוג, דאַכט זיך, אָנגעטאָן נאָך דער דייטשישער מאָדע און פאַר נאַטשאַלסטווע איז אַלצ-דינג כשר וישר, פונדעסטוועגען איז דאָ אין די קליידער עפּעס אַזאַ מין גלופסקער יודישער קנייטש, אַזאַ מין בעזונדער חנ'דעל, וואָס ס'איז אפילו שווער דאָס איבערצוגעבען מיט ווערטער. דאַכט זיך, אַ קאַרטוז ווי אַלע קאַרטוזען, מיט'ן גאַנצען שניט און מיט אַלע פּרטים, פונדעסטוועגען ביי אַ גלופסקער אויפ'ן קאָפּ בעקומט ער אַ משונה'דיגע יודישע צורה, אַקוראַט ווי ס'איז אין איהם מגולגל געוואָרען דאָס שטריימעל, עליו השלום. פונ'ם סורדוט איז שוין אודאי ניטאָ וואָס צו ריידען: ער האָט, דאַכט זיך, אַלע נאָטען, ווי סע געהער צו זיין, אי ער איז געהאַקט אין סטאָן, אי ס'איז אויף איהם אָנגענייהט ביינערנע קנעפּ — דאַרף מען שוין בעסער? פונ-דעסטוועגען, אַז דו דערזעהסט איהם אויף אַ גלופסקער יודען, דערקענסטו באַלד די פּאַרצייטיגע קאַפּאָטע. היינט דער שפּאַלט הינטען! ביי אַלע מענשען איז אַ שפּאַלט ווי אַ שפּאַלט, קיינער זעהט איהם גאָר ניט און קיינער קעהרט זיך מיט איהם ניט אָן, ביי אַ גלופסקער עפענט ער זיך בשעת'ן געהן אויף יעדען טריט, די פּאָלעס הויבען זיך און לאָזען זיך אַראָב, אַקוראַט ווי זיי שרייען: זעהט, אָט געהט אַ יוד מיט אַ שפּאַלט, אָט איז זיין אֶלף מחילות און זיינע פּאָר פיס!.. און כדאי איז צו דערמאָנען, אַז דאָ רעדט זיך וועגען אַזוינע יודען, וואָס מע ווייסט ניט, וואו האַלט-מען מיט זיי אין דער ספירה: צו האָבען זיי אַ שפּאַלט, צו ניט — ניט

קיין גאַנצע משכּילים און ניט קיין אמת'ע חסידים, עפּעס אַזוינע, אי אַהין, אי אַהער. דאָס זענען געוועהנליך די עצה-געבערס, די בּעלי-סבּרא, וואָס מישען זיך ניט-געבעטענערהייט אין אַלע געשעפטען, סיי די געשעפטען פון אַ פּרט, סיי פון אַ כּלל, — פיינע יורען, וואָס מע רופט זיי אפילו אונטער די אויגען רבּ דער און דער, און ס'איז דאָ צווישען זיי אויך אַזוינע, וואָס מע רופט זיי „פּעטערס" סתם. אַ הער קען מען צורעכענען אַלע קלוגע בּוררים, לאַנד-שדכנים, קהל'שע שרייבּערס, קבּלנים, שתּדלנים, חכמים — פּשרה-מאַכערס, בּטלנים וואָס ווייסען אַלצדינג... אַ גלופּסקער, אַז מע דערזעהט בּיי איהם אויף דער פּאָלע אביסעל קוגעל-שמאַלץ, אַ שטיקעל ווייסעל פון אַן'איי, אָדער שפּייעכץ, ליחה וכדומה, איז דאָס איהם, חלילה, ניט צו קיין בּזיון: פערקעהרט, דאָס איז אַ מין שיינדעל, אַ בּעוויז, אַז ער פּוצט זיך ניט און גיט זיך ניט אָב מיט דברים בּטלים. אפילו די קרוין פון בּלאָטע, וואָס רינגעלט אַרום די קאַפּאָטע פון אונטען, אַרט איהם אויך זעהר ווייניג: דער גלופּסקער יוד טראָגט זי אַזוי לאַנג, בּיז זי ווערט אַליין פערטריקענט און פאַלט בּמילא אָב. — דאָס האָט איהר אַייך, רבּותי, דעם גלופּסקער יורען אין זיינע אויבּערשטע בּגדים. די אונטערשטע, די שקאַרפּעטקעס מיט די התּתונים, וועט איהר זיך שוין מטריח זיין אויסמאָלען אַליין.

דער שטייגער וואָלט געווען, אַז איך זאָל ניט פערשווייגען די גלופּסקער ווייבּערשע מלבּושים אויך, ווארום מיר האָבּען אַ קימאַ-לן, אַז אַלצדינג וועט דיר אַ נקבה מוחל זיין, נאָר ניט דאָס גרויסע פערבּרעכען, אויבּ מע קוקט זיך ניט אום אויף איהר פּנים, איהר ציערונג, איה-רע חנ'דלעך, ווארום אין אמת'ן, צוליעבּ וועמען פּאַרבּט זיך דען און שמירט זיך אַ יודענע, צוליעבּ וועמען פּוצט זי זיך און טוט זיך ןָן אין עסיג און אין האָניג און זשאַלעוועט ניט קיין צייט און קיין טרחה און קיין געלט, אויבּ ניט צוליעבּ אונז, אונזערע אויגען, אונזערע האַרץ? היינט אַז איהר קוקט זיך ניט אום, וואָס טויג די גאַנצע אַרבּייט? אַזאַ חטא וועט אייך ניט מוחל זיין קיינער, ניט די משׂכּיל'טע, ניט די פּראָסטע, ניט די שענע, ניט די מאוס'ע, ניט די יונגע, ניט די אַלטע, אפילו ניט די צניעה... די מעשׂה איז אָבּער, וואָס ווייבּערשע קליידער זענען זעהר אַ שווערע הלכה, די הלבּה איז איינגעטיילט, כּידוע, אין פיער חדקים, וועלכע לערנען וועגען דעם, וואָס ס'דאַרף זיין אויבּען און אונטען, פאָרענט און הינטען, יעדער חק ווערדער האַלט אין זיך אַנ'אוצר קאַפּיטלעך, יעדערער קאַפּיטעל — אַ גוזמא פּונקטען, יעדער פּינקט — אַ גאַנצען פּאַק

דקדוקים, תרי"ג פניות און רמזים און טיעפע כּונות, וואָס מע נען זיי ניט איינרעכענען מיט'ן מויל און ניט אַרויסגעבען אויף פּאַפּיער... וואָס זשע טוט מען? שווייגען פּאַסט ניט. וואָרום דאָס וואָלט געהייסען, אז איך לייקען גאָר אָב די גלופּסקער ווייבער, אַקוראַט ווי זיי וואָלטען גאָר ניט געווען אויף דער וועלט. ריידען, וו׳עדער, איז אַ שווערע מלאכה, ערגער פון אַלע ניין און דרייסיג אבות-מלאכה אינאיינעם.

הערט זשע, רבּותי! איך האָב געפונען אַנ׳עצה, ווי אזוי אַרויסצוגעהן בשלום פון דער קלעם. וואָרום ווער נאָך קען, אַזוי ווי אַ יוד, זיך אַרויסדרעהען פון אַ שווערען ענין. ווייזען אַ סבר פנים יפות אי דעם צד, אי יענעם, מוציא זיין מיט איין דרעה אַלע דעות? — הערט! מיר׳ן אויסקלייבען אַנ׳אָרט אין גלופּסק, איהר וועט זיך דאָרט אַנידערשטעלען אין אַ ווינקעל, און איך וועל פּאַר אייך דורכפיהרען מיינע לייט, ווי אין אַ פּאַנאָראַמע, בשעת סע וועלען דורכגעהן די גלופּסקער ווייבער, וועט איהר זיי אַליין קענען בעטראַכטען פון קאָפּ ביז די פיס, וועט איהר ווימען...

קוקט זשע, רבּותי! איך הויב אויף דעם פּאָרהאַנג. די סצענע איז אָפען!

ס׳איז שבת קודש, מנחה-צייט. גאָט, ברוך הוא, האָט אַרויסגעצויגען די תמוז-זון פון איהר פוטער-פּאַס צו שיינען אויף זיין ליעבהאַרציגער שטאָדט גלופּסק און אויסצוטריקענען איהרע בלאָטעס און איהרע קאַליוזשעס, וועלכע שטעהען נאָך פון פּאַר פּסח. אין איינציגע ערטער האָבען זיך שוין בעוויזען סטעשקעס צווישען די לייטינע גריבער און פערטריקענטע הרודעס — יודען, עם קדושים, זאָלען קענען דורכגעהן בשלום. די זלידנייוויקער גאַס רוישט, ווי אַ ביהנשטאָק. אומעטום דרעהען זיך מענשען און בהמות. יודען זענען שוין אויפגעשטאַנען פונ׳ם שבת׳דיגען שלאָף נאָכ׳ן טשאָלענט, זיצען אין דרויסען און שעפען לופט. עלטערע יודען און ווייבער זיצען אויף די פריזבעס, ציהען זיך, גענ׳צען, שפּייען און שנייצען זיך די נאָז מיט אַ שרשלת, אַנדערע קייען באָב און אַרבעס און געהען אוים פּאַר אַ קאַלטען טרינק וואַסער. נעבען זיי שפּיעלען זיך די קינדערלעך; צוויי האַלטען אַ דריטען ביי די ציצית און יענער העצקעט זיך, שפּרינגט ווי אַ לאָשאַק. אַ קאָמפּאַניע ווייסע-חברה׳ניקעס גראָבט זיך אין מיסט, ווי די העהנער. מאַכט אַ שטויב ביז אונטער׳ן הימעל. אַנ׳אַנדער קאָמפּאַניע שפּרינגט און טאַנצט אין דעם דערשטיקענדען וואַסער פונ׳ם רינשטאָק, וואָס איז פון אויבען פערצויגען מיט אַ גרין היימעל. איין יונ-

געלע קימט מיט אַ האַרט איי, אַנ'אַנדערער מיט אַ שטיק חלה, די מיילער און די שפּיץ נעזער זענען אויסגעשמירט אין סאָק פון געפּרעגעלטע יאַגעדעס; חברה שטעקן אַרויס די צונגען און בעריהמען זיך, וועמעס ס'איז שוואַרצער. אויף אַ פּריזבע זיצט אַנ'עלטערער יוד אין אַ חאַלאַטעל, מיט אַ זילבערנעם טעראַל אויף דער ברוסט; ער זיצט און שווייגט און קוקט אַרום און אַרום מיט אַ ברוגז פּנים, ווי סע פּאַסט פּאַר אַ בכבוד'יגען יודען — און סע שטעהט אייף איהם, דאַכט זיך, אָנגעשריבען, אַז דאָס איז איינער פון די עטליכע מלמדים, וואָס זענען געוואָרען לעהרער אין די היינטיגע שולען. ער שאָקעלט זיך, כּדי מע זאָל בעסער זעהען דעם טעראַל, כּדי די גאַנצע גאַס זאָל וויסען: ככה יעשה לאיש — אַזאַ גדולה איז בעשערט דעם, וואָס איז נושא חן אין די הויכע פּעטערבורגער פענסטער. אין אמת'ן איז נעבעך אַ גאָט'ס רחמנות אַ קוק צו טאָן אויף דעם יודען, ווי אויף אַ פּריבלודנע שעפּעלע, וואָס האָט זיך אָבגעריסען פון דער טשערעדע און בלאָנקעט, נעבעך, אַרום אין דער מדבר. נעבען דעם טעראַליסט פון ביידע זייטען זיצען זויגענדיגע ווייבער מיט קליינע קינדערלעך, נעבען זיי גלאַט אַזוי מיידלעך מיט ווייבלעך, וואָס ניאַנטשען אָבגעריסענע, בלויזע, נאַקעטע יאַטלעך, איינע שטיפּט דעם שרייענדיגען נפש'ל אין מויל אַריין די ברוסט, בשעת מעשה ווישענדיג איהם דאָס פּנים, שנייצענדיג דאָס נעזעל און שילטענדיג מיט טויטע קללות, ווינשענדיג איהר האַרץ-וועהטאָג, איהרע צרות און איהרע שלעק און יסורים און קלעמעניש דעם קינד און אַלע איהרע שונאים און אַלע שונאי-ישראל. איינגעזויגקען זאָלען זיי ווערען, דערבאַרעמדיגער פאָטער! אַנ'אַנדערע פּאָרעט זיך מיט קינד'ס אומריין קעפּעל, עצה'ט זיך מיט אַ שכנה, אַ מאַמע פון, געזונט זאָלען זיי זיין, צעהן קינדערלעך, וואָס זי מוז שוין זיין אַ נעניטע אין הלכות קרעץ און טשערעקעס און פאַרבעס און אַנדערע שלעק, און זי לערנט די חבר'טע, ווי אַזוי מע מאַכט עפּעס אַ מין זאַלב, וואָס ס'איז גאָר חרושים נפלאים און וואָס די גאַנצע שטאָדט לעקט פון איהר די פינגער. נאָר די אַלע, וואָס זיצען דאָ, אויף ביידע זייטען גאַס, זענען ניט מעהר, ווי אַ רעמעל צום שענעם בילד, וואָס מיר זעהען אינמיטען גאַס. דאָרט שלעפּען זיך אָהן צוימלעך, פראַנק און פריי, אַ פּאָר יודישע פערד, וואָס רוהען זיך אויס די ביינער אום שבת-קודש; די קליאַטשעס זענען אַלטע, מאוס'ע, מאָגערע, הויט און ביין, די רוקענס צעקאַרבט, צעשונדען, צעקאַרדאַשעט, מע זעהט, אַז דער בעל-הבית האָט ניט געזשאַלעוועט קיין פּוזשעלעס און קיין בייטשען. איינער, דער „אָדלער",

הינקט אויף צוויי פיס, די גריווע איז בײַ איהם קאָלטענעוואַטע, פער־פלאָנטען, פערפּלאָנטעט מיט שטרוי און פלאַקס, און אויפ'ן האַלז הענגט איהם אַנ'עטער; בײַ'ם אַנדערען, דעם „לייב", איז דער האַלז אַרומגעוויקעלט מיט אַ פאַטשיילע, די אונטערשטע ליפּ הענגט אַראָב און סע קוקען אַרוים די צייהן — קוטט אוים, אַז ער שמייכעלט; פונ'ם רעכטען אויג רינט איהם כסדר. די בײדע געטרייע חברים געהען זיך פּאַמעליך, טריט בײַ טריט, מיט אַ פערדישען ישוב־הדעת, זיי רוקען זיך צום ברונען, וואו מע וועט זיי געבען אַ טרונק. הינטער זיי געהט זיך בהרחבה עזריאל דער בעל־עגלה. דאָס שבת'דיגע העמד איז בײַ איהם צעשפּיליעט, בײדע עקען פונ'ם קאָלנער פלאַטערען אויפ'ן ווינד, ווי דאָס זעגעל־טוך פון אַ שיף; די ציצית פונ'ם טלית־קטן באָמבלען זיך אַזש איבער די הויזען, וועלכע זענען אויסגעשמירט אין סמאָלע און אין פעטס און סע פעהלט זיי אַ קנעפּעל פונקט דאָרט, וואו ס'וואָלט דוקא געדאַרפט זיין פערשפּיליעט. ער געהט זיך, עזריאל, ווי אַ מאָנאַרך. ווער איז היינט צו איהם גלײַך! אַ גאַנצע וואָך האָט ער געהאָרעוועט, ער און די פערד, געאַרבייט עבודת פרך: געשלעפּט אַ בויד אָנגעלאָדען ביז אַרויף מיט יודען, גלופּסקער און אַנדערע. געטראָגען קלומקעס מיט זעק, אויסגעשטאַנען אַלערליי טענות און געשרייען פון די פּאַרשוינען, וואָס זיי קענען ניט אויסציהען די פיס, מע שטופּט זיי פון אַלע זייטען, מע קען זיך ניט ריהרען איבער די קערב מיט אייער און דער שטייג מיט עופות, וואָס ער האָט אַרײַנגעפּערעט אין וואָגען — אַ רעשטעל צו די צרות; אַ גאַנצע וואָך האָט ער זיך געמוטשעט מיט די פערד, געשמיסען מיט דער בייטש, געבראָקט ווי אין קרויט אַריין, געשיט קללות מיט חרמות, פערשאָלטען אי זיי, אי זיך דאָס נעבּיין, אַז מע פלעגט פערקריכען אין אַ בלאָטע. היינט, שבת, איז ער מלך, היינט איז זיין טאָג. ער רוהט, ער שעפּט נחת פון זיין ווייב, וועלכע געהט מיט איהם נאָך די פערד, די טייערע ברויט־געבער זיינע, אינאיינעם מיט די גרעסערע און קלענערע קינדערלעך, וואָס אַ טייל טראָגט מען אויף די הענד, אַ טייל האַלטען זיך פאַר דער מאַמעס פאַר־טוך און אַ טייל געהען אַליין.

שאַט, רבותי, שטיל! סע הערט זיך אַ גערויש. אַ גרויסער עולם רוקט זיך מיט אַ ליאַרעם, אַ געפּילדער, אַ גערודער. אַז דאָס וועט קומען נעהענטער, זאָלט איהר ניט מיינען, אַז ס'איז אַ הערטעל גענז. ניין — דאָס זענען די גלופּסקער ווייבער, די גלופּסקער מיידלעך. יונג און אַלט

זענען ארויס און גאס אריין שפאצירען. אט געהען זיי שוין, אט זענען זיי שוין דא!

זעהט, וואס פאר א חלוק עס איז צווישען א גלופסקערין און א יודע-נע פון אנ׳אנדער שטאדט. יענע אז זי נעהמט-אויף א נייע מאדע, ווארפט זי די אלטע אינגאנצען אוועק, א קוראט ווי זי איז גאר ניט געווען אויף דער וועלט. די נייע, ווידער, איז ביי אלע אויף איין נוסח, אויף איין שטייגער — ווי געמאכט אין איין פורעם. די גלופסקער יודענע זאגט זיך, חלילה, ניט אב פון א נייע מאדע, נאר וואס דען? זי מאכט זי איבער נאך איהר איינענעם גוסט, זי פערדרעהט זי אויף איהר שטייגער און דער-ביי איז זי ניט מבטל דאס אלטע אויך. דעריבער, אז איהר טהוט א קוק אויף די גלופסקער ווייבער, קענט איהר זעהען אלע מאדעס פון חמעלניצ-קי׳ס צייטען ביז היינטיגען טאג און אפילו אזוינע, וואס ס׳וועלען ערשט א מאל איינפאלען א שניידער, א מאדע-מאכער ביז סוף כל הדורות. איצט, נאך דער קורצער הקדמה, קוקט זשע, רבותי, לאזט ניט אראב קיין אויג!

אט נעהען שורות אויסגעפוצטע מיידלעך מיט בלויזע קעפ. דאס זענען כלות. זיי פערנעהמען די גאנצע גאס אין דער ברייט, און זיי גע-הען נאר, דאכט זיך, ניט, נאר זיי שוועבען, בעשיינענדיג די שטאדט מיט זייער ציערונג און מיט די מתנות, וואס זיי האבען בעקומען פון די חתנים כפי המדובר. אנגעטאן זענען זיי אין כל טוב, אין זייד און אין פאי און אין סאמעט, גאר א פראכט, נאר די מלבושים זענען צונויפגע-שטעלט אזוי, אז איינם מיט׳ן דריטען איז גאר א קנאפער מחותן: א מא-לארוסקע העמדעל מיט בלאהע און רויטע אויסגענייהטע קוויטען איז אנ-געטאן צו א קליידעל מיט א שלעפ פון צוויי ארשין די לענג. דאס קאפ-טעל איז פארענט ברייט און ביי די זייטען שמאל, דער ראק, פער-קערט, פארענט שמאל און ביי די זייטען ברייט. איין סיידעל געהט נאר אין איין קלייד, מיט א הוילען האלז און קורצע ארבעל, דאס אנ-דערע שלעפט אויף זיך מאנטילקעס מיט שארפעס, וואס פלאטערען אויפ׳ן ווינד; קישעלעך און האנטיכער שפארען ארויס הינטען פון די קלייד-לעך, ממש א יצר-הרע צו קוקען. צוויי קרינאלינעס, ווי אנגעבלאזענע ליפט-באלאנען, שטויסען, געהענדיג, איינע די אנדערע, און בשעת סע פערדרייסט זיך ביי איינער די אונטערשטע רייף, זעהען זיך ארויס פערדריי-פעטע, קויטיגע שמאטעס — אז סע פערשעמען זיך אזש די גאלדענע אויערינגלעך אין די אויערען און סע ווערען שווארץ די גלאנצענדיגע

שטיינדלעך אין די בראָנזועלעטען... סע געפעלט אייך ניט, האַ? איהר דרעהט מיט דער נאָז און קוקט שיין בעסער אויף די קלענערע מיידעלעך, וואָס געהען מיט די כלות? אדרבא, זעהר פיין! איך האָב אויך ליעב קינדער, און דוקא אַזוינע, וואָס האַלטען זיך קינדערש; אפילו דאָס קינ־דערשע פּלאַפּלען, דאָס שפּרינגען און טאַנצען איז ביי מיר ליעב און טייער. איז אָבער די צרה, וויאָס אין גלופּסק איז ניטאָ קיין קינדער. גלופּסקער יונגלעך זענען קליינע יודעלעך מיט אַלע פּאָסטעמקעס: מיט׳ןריידען, מיט׳ן אָנטאָן. מיט׳ן היטען זיך, מיט דעם פּחד און דעם טרויער און די דאגות, וואָס זענען אָנגעשריבען אויף זייערע פּנים׳ער. דער חילוק איז נאָר, וואָס זיי זענען קליינע, זיי האָבען ניט קיין בערד און קיין וויי־בער. גלופּסקער מיידעלעך זענען אַלטע ווייבער אי מיט זייער לשון, אי מיט זייערע געענג, זייערע תּנועות, זייער הבנעה, זייער שטילקייט און אַראָבגעפּאַלענקייט, אי אפילו מיט זייער חכמה. נאָר וואָס דען? זיי זענען קליינע און קינדלען ניט, וועיטער גאָר ניט. קינדער אָהן קינדישקייט, קינדער — אַלטע מענשען! איז דען דאָ אַ זאַך, וואָס זאָל דערוועקען אַזוי פיעל אי טרויער, אי האַרץ־וועהטאָג, אי פּערדראָס, אי טיעפּען רחמנות? קינדער אָהן קינדישקייט זענען פּונקט ווי די געמאַכטע קווייטען אויף די היט פון די ווייבלעך...

אַכטונג, רבותי! מיינט ניט, אַז דאָס זענען גערטנער. דאָס געהען די ווייבלעך, ווי אַ טשערעדע שאָף, און אויף זייערע היטעלעך וואַקסען דאָס גראָזען און בלעטער און קווייטען און אַלערליי אַנדערע שפּראָצונגען. די גלופּסקער ווייבער האָבען ניט מורא פאַר כלאים: זיי פּלאַנצען אויף זייע־רע היטעלעך מילגראָמען און זאַנגען, וויינטרויבען מיט מאַנדלען, ציבעלעס מיט קאַרשען מיט קאַבאַקלעך, ווערצעלעך חריין מיט שאָלעכץ פון קאַרטאָפּליעס צווישען גאַנצע פּעק גראָז און הושענות — אַ פּערגעניגען! סע פעהלען ניט קיין פויגלען צווישען די בלעטער, דאָ אַ שוואַלב, דאָרט אַ סאָראָקע, אַ זשוק, אַ זומער־פויגעלע, אַלערליי מאָרנע בעשעפּענישען גאָר אָהן אַ צאָהל. די פּוסטע ערטער דאָרט אינמיטען, וואָס דאַכטען זיך אייך אוים ווי לערינגע פּלעצער אינמיטען אַ געדיכטען וואַלד, דאָס זענען די טיכלעך און פּאַטשיילעס אויף די קעפּ פון די גלופּסקער צנועות — סיי די, וואָס זענען געווען צניעות פון דער יוגענד אָן, סיי די, וואָס זענען געוואָרען גוט און פרום ערשט אויף דער עלטער, אַז זיי האָבען שוין אויפגעהערט קינדלען און זענען געוואָרען גבאי׳טעס אין אַ גוטער שעה. די עקען פון די פּאַטשיילעס זענען ביי טייל ווייבער צונעשפּיליעט מיט

אַ שפּילקע, בײַ אַנדערע — פערבונדען מיט אַ שלײף, בײַ נאָך אַנדערע זענען די עקען פרײַ אין פלאַטערען הינטען אויפ'ן ווינד. די היטעלעך מיט די נערטנער האַלטען זיך מיט נסים אויף גראָבע, געדיכטע פּאַרוקען, וואָס דער קאָפּ שטעקט אין זײ כמעט ביז די אויגען, און די אויגען וואַרפען זיך, לויפען אין אַלע זײַטען און קײן זאַך בלײַבט פון זײ ניט פערבאָרגען. קײן אויערען און קײן האַלז זעהט מען ניט, נאָר רינגעלעך, קײטעלעך, פּערעל און דימאַנטען — אמת'ע אָדער פאַלשע. דער קאָפּ מיט מיט דער גאַנצע מאַכינאַציע זיצט אויף אַ גוף מיט צװײ פיס, און דער גוף איז אײַנגעוויקעלט אין קלײדער פון אַ־ערלײ קאָלירען, וואָס זענען אָנגעטאָן אײנס אויפ'ן אַנד ער'ן, ווי די שאָלעכץ פון אַ ציבעלע: אויבען אַ זײַדענער מאַנטעל, אַ טײַערע טאַלמע — פאַר לײַטען, אונטען קײטינגע, צעריסענע שמאַטעס. און חאָטש די זון סמאַליעט, און דער עולם שוויצט, נעבעך, אַז ס'איז אַ גאָטס רחמנות, פונדעסטוועגען קענט איהר דאָ זעהן ווײַבלעך אויסגעפּוצטע אין זעהר וואַרימע מלבושים, וואָרום די תאוה צו פּוצען זיך איז אַזוי גרויס, אַז זי איז גובר די היץ און דאָס שוויצען אום זומער, די קעלט און דעם פראָסט אין דעם שנײ אינמיטען ווינטער. אין רחמים בײַ ווײַבערשע מאָרע: אַז מע דאַרף, ס'זאָל יענעם שטעכען די אויגען מײנער אַ מלבוש, אַ ציערונג, ווער ווערט דאָ נעהן קוקען אויף צער בעל החיים?... די ווײַבער אַז זײ געהען, שווײַגען זײ, חלילה, ניט, נאָר מע האַלט אין אײן פּלאַפּלען. אײנע רעדט מיט דער אַנדערער, דאַבט זיך, גאָר ווי אַ גיטע שוועסטער, רוימט איהר אין אויער אַרײַן אַלע סודות פון איהר שטוב און פון דער דאָליע, וואָס זי האָט בײַ'ם מאַן. אין דער אײנענער צײַט וואַרפט זי אָבער אַ קוק אויף יענערס באָקעס און מע חאַפּט זי אָן אַ קנאה, קירעווועט זי זיך אום און ווינקט מיט אַנ'אויגעל צו די, וואָס שטעהען הינטען. פערשטעהען די דעם וואונק און ענטפערען אויך מיט אַנ'אויגעל און מיט אַ געלעכטערעל, ווי אײנער רעדט: מיר ווײסען, מיר ווײסען, זי איז טאַקי אַ גרויסער לא יוצלח; אָבער אַז די ערשטע דרעהט אום דעם קאָפּ אין אַנ'אַנדער זײַט, מאַכען זײ פון איהר פּונקט אַזוי חוזק, ווי פון יענער. און בשעת מע דרעהט הינטען מיט די נעז און מע ווינקט מיט די אויגען און מע שאָקעלט מיט די קעפּ וואָס ווײַטער אַלעמאָל מעהר, ווערט אַ מהומה און אַ ריהרעניש און אַ שאָקלעניש איבען אין די נערטנער אויף די קעפּ. סע ציטערט די פּעטרישקע און סע פלאַטערט דער פויגעל, סע ווײַעגט זיך דאָס קאַבאַקעל און סע הוידען זיך די צוויגלעך. הושענות קלאַפּען זיך אײנס אין דער אַנדערער. סע

פאַלען פּירות פון דער הויך. — אַ גלופּסקער מעוברת'ע יידענע איז אויך נים שווער צו דערקענען: זי האַלט דעם רוקען אויסגעבויגען אויף צוריק, טראָגט דעם בויך מיט אַ משונה גדלות, קוקט אויף אַלע מיט אַ פערקרימטע פנים, אַ קוראַט ווי זי האָט צו אייך טענות, אַ קוראַט ווי איהר זענט איהר עפּעס שולדיג. איהר זענט מחויב איהר פאַלען צו די פיס און איהר דאַנקען פאַר דער גרויסער טובה, וואָס זי טהוט, פערמעהרענדיג די צאָהל פון אינזערע יודעלעך, כן ירבו... אָן זעה איך אַ בעקאַנטע, פייטעל דעם מעקלער'ס ווייב, בריינדעל, אַ יודענע, קיין עין הרע, אַ מאַשין. זי איז אָנגעוויאָפּעט מיט איהר גאַנצען ציערונג, דער קאָפּ ווי אַ באַקדייזשע, דאָס הימעלע האַלט למזל אין איין בליהען, דאָס פנים פערפלאַמט פון די וואַרימע קליידער מיט דעם שווערען מאַנטעל. וואַרט אַ ווייַלע, אָט ווער איך זי אַ רוף טאָן, די גרויסע חכמה, און וועל זי אייך פאָרשטעלען.

— גוט שבת, בריינדעל! איהר הערט?... ניין, זי הערט נים. זי לויפט, ווי פון אַ שרפה... ס'אין געוואָרען אינמיטען דערינגען אַ געפילדער, אַ יאָגעניש... היט זיך, רבותי!.. ווייבער לויפען, איילען... די טשערעדע געהט! די בהמות קומען פון דער פאַשע. פאָרענט יאָגען זיך די ציגענען אין איין אימפּעט, מיט'ן צאַפּ, דעם עזות־פנים, בראש. זויגענדיגע קיה געהען און רעווען, דאָס בענקען זיי נאָך די קעלבעלעך, וואָס זיי האָבען געלאָזט אין דער היים. טעלעצעס דרעהען זיך, מאַכען ווילדע שטיק, און דער בוהאַי, דער בחור מיט די גרויסע הערנער און שטאַרקע קאָפּיטעס, יאָגט זיך נאָך זיי. אַ געשריי אין גאַס, אַ טומעל, אַ רעש, און דער שטויב פליהט וואָלקענסווייז ביז אונטער'ן הימעל.

אוים, רבותי! די סצענע איז געענדיגט, דער פאָרהאַנג פאַלט!

איך, מענדעלע מוכר ספרים, זאָג אייך מיט אַ קלאָרער דעה און מיט אַ רוהיג געמיט, אַז אַ גלופּסקער יוד איז בטבע אַנ'עניו, ער יאָגט זיך נים נאָך כבוד, ער איז אַ בישן, אַ בעל־רחמנות, ער פאַלט נים אַריין אין יענעמס רייד, ער ווייסט נים פון קיין גוזמות, פון קיין פּליאָטקעס און אַז. וו., און אַז. וו. און טאָמער וועט עמיצער זאָגען פערקעהרט, זאָלט איהר וויסען, אַז ער איז אַ פּושע ישראל, און דאָס וואָס ער זאָגט איז אַ חלול השם און אַ גרויסע בעליידיגונג פאַר יודען, און סע קומט איהם דערפאַר, אַז ער זאָלט נים האָבען קיין חלק לעולם הבא. אי וואָס, טאָמער וועט קומען איינער אין פרעגען אַ שאלה: ס'טייטש, מיר זעהען דאָך דעם היפך! אַ סימן — די גלופּסקער גבירים און פיינע בעלי־בתים, וואָס זיי קאָמאַנדעוועען איבער קהל, קוקן אויפ'ן פראָסטען עולם, ווי אויף

אַ סטאַרע שאָף, און ס'איז ניטאָ קיין גרעסערע בעלי-גאוה, קיין מיאוס'ערע צבועק'עס, קיין ערגערע אכזרים, ווי זיי? ס'טייטש, מע קאָן דאָך אָנרע-כענען אַ גאַנצען רייסטער פּאַסקודנע מעשיות, ווי אַזוי זיי האַלטען זיך גרויס, ווי אַזוי זיי האָבען ניט קיין רחמנות אויף יענעם, ווי אַזוי זיי טהוען אָב די ערגסטע פּסלנות: דער גביר רב נימפל ב"ר זרח האָט געטאָן אַזוי, און דער נגיד רב האָצמאַך ב"ר גרונם — אַזוי און אַזוי? וועל איך איהם אויף אַזאַ קשיה ענטפערען: שוטה שבעולם! ביזט דען בלינד, דו זעהסט דען ניט, אַז אַ"לצדינג וואָס דו זאָגסט, איז נאָר צווישען איינענע, און די איי-גענע ד' אמות? נאָר אַנטקעגען אַ יודען איז דער גלופּסקער אַ גאַנצער מאַכער, אַ „יאַ טאָבי דאַם", נאָר אַז ער האָט געגלט מיט אחינו בני ישראל איז ער אַ תקיף, אַנ'אָדון בפקדך, אַנ'אייזערנער בעל-גאוה. אַז סע קומט אָבער צום גוי, האָסטו געזעהען, ווי קליין ער ווערט, ווי נידעריג ער האַלט זיך, ווי אַיינגעבויגענן סע ווערט זיין רוקען אפילו פאַר דעם ערג-סטען, ווי געטריי ער איז מקיים די מצוה: הזהרו בגוי קטן? אויב איהר ווילט, קען איך איהם אָנווייזען ניט איין גלופּסקער גביר, וואָס צווישען גלופּסקער איז ער אַנ'אדיר, אַ שררה, אַ לייב: ניט צוצוטרעטען, און פאַר'ן פּריץ איז ער אַ פליעג, אַ נייגקעלע, אַ נעבעך. אַ גרויסער עניו, קריכט אויף דעם בויך און קושט די האַנד און בוקט זיך ברחילא ורחימא פאַר יערען זיל-בערנעם קנעפּעל, וואָס דאָס איז, כידוע, אַ גרויסער כבוד און אַ שענקייט פאַר'ן גאַנצען פאָלק ישראל. טאָמער וועט ער זאָגען: יאָ, אמת, דערינען בין איך דיר מודה, זיי זשע דו מיר האָטש מודה, אַז די גלופּ-סקער זענען להוט נאָך כבוד, אַ סימן — די שוהלען און בתי מדרשים, וואו סע געהט ניט אַוועק קיין שבת און יום-טוב אָהן קריעג און מחלוקת, וואו סע פליהען פּעטש און קלאַקעס, ווי האָלץ, יודען רייסען אויס איינער דעם אַנדערען די פאות און די בערד צוליעב שטערט און עליות און נבאות און שחיטות און חזנות און מנידות און כדומה אַזעלכע זאַכען — וועל איך איהם דערויף ענטפערן, אַז ער איז אַ בור, אַנ'עם הארץ. וואָרום די מלחמה, וואָס דאָרט פיהרט זיך, איז אין אמת'ן אַ מלחמת מצוה, די רייסענישען מיט די קריעג זענען אַ מחלוקת לשם שמים, צוליעב דעם כבוד פון גאָט, ברוך הוא, און דעם כבוד פון דער הייליגער תורה. די פּעטש מיט די אויסגעריסענע פאות דאָרטען זענען נאָר אַ בעווייז, אַז יודען זענען פרום, אַז זיי זענען זיך מפקיר מיט לייב און לעבען פאַר דער תורה און פאַר'ן מקום קדוש, וואָס דאָס איז זייער שטאַרקסטע פעסטונג, זייער גרויסקייט, זייער גאַנצע גבורה. אַ סימן — האָסט דען אַ מאָל גע-

זעהן, אפיקורסים זאָלען אזוי טאָן ?... אין די טענה, אַז די גלופּסקער האָבּען אין זיך ניט די מדה פון רחמנית, ווייל זיי יאָגען איינער דעם אַנדערען, דערגעהען זיך די יאָהרען, שרייבּען דאָנאָסען און געהען מיט מסירות און דערקוטשען דערמיט נאַטשאַלסטווע אַזוי פיעל, אַז ס'איז יענע שיין געוואָרען נמאס ומאוס, בשעת די צדקה-ענינים זענען ביי זיי פער-וואָהרלאָזט, די תלמוד-תורות מיט די שפּיטאָלען וויסט, די קהל'שע גע-שעפטען אָהן אַ סדר און אָהן אַ טאָלק, — אזא טענה בעוויזט נאָר, אַז ווער סע זאָגט אַזוי, איז אַ שוטה, אַ טיפּש, וואָס פערשטעהט ניט דעם פשט פון „רחמנות". אַ מענש אַ געזונטער, וואָס דער גוף איז ביי איהם גאַנץ און דער בייטעל ניט מאָגער, דאַרף ניט אָנקומען צו יענעמס רחמנות. הייסט עס, אַז מיט דער מדת הרחמים קען איהם דער עולם ניט אָנריהרען בשום אופן, און אַזוי ווי דער כלל קען דאָך ניט לאָזען דעם יחיד אָהן זיין השגחה, מוז מען זיך צו איהם נעהמען מיט דער מדת הדין. דערפון איז נעדרונגען, אַז כל זמן אַ יוד קען זיך נאָך האַלטען אויף די פיס און ציהען דאָס שטיקעל פרנסה אָהן יענעמס טובה, ניט דאַרפענדיג ניט זיין עצה, ניט זיין חכמה, ניט זיין הסכמה און ניט זיין אפּוטרופּסות, מעג מען איהם רודפ'ן, דערלאַנגען אַלעמאָל ביז'ן ביין, כדי ער זאָל געדענקען, אַז אַ יוד טאָר ניט לעבּען מיט אַ רוהיגען קאָפּ און טאָר זיך ניט פערלאָזען אויף זיך אַליין און אויף זיין אייגענעם שכל. דערפאַר אַז ער פאַלט, אַז ער ווערט אָן די פרנסה און דאַרף אָנקומען צו מתנת בשר ודם, ווערען די גלופּסקער תיכף גרויסע בעלי-רחמנות, מע פעררעכענט איהם באַלד אין דעם כלל פון בטלנים, וואָס געהען אַרום איבּער די הייזער, אַז ער ווערט קראַנק, נעהמט מען איהם אַריין אין הקדש, און אַז ער שטאַרבּט, ברענגט מען איהם צו קבורה. איבּער יעדען גראָשען, וואָס די גבירים געבּען אויס אויף צדקה, מאַכען זיי אָן אַ גאַנצען טאַראַראַם, כדי די וועלט זאָל וויסען, אַז ס'איז נאָך דאָ בעלי-רחמנות צווישען יודען. די רייכע גלופּסקער קמצנים, וואָס האָבּען ניט ביר צו העלפען אַנ'אָרימאַן מיט זייער גראָשען, העלפען איהם לכל הפחות מיט אַ קרעכץ, אַ זיפץ, געבּען איהם וואַיילע עצות! זאָגען איהם וואַרימען מוסר, טרייסטען איהם און לערנען זיך פערלאָזען אויף גאָט און אויף זיינע גרויסע חסדים. אפילו די קהל'שע חאַפּערס, די קאָך-לעפעל, וואָס אַ מטבע, אַז זי קלעבּט זיך צו צו זייערע פינגער, קען זי זיך ניט אָברייסען בשום ענין ואופן, אפילו זיי האָבּען שטאַרק רחמנות אויף זיך אַליין, וואָרום סע שטעהט דאָך אַ בפירוש'ער פסוק: „גומל נפשו איש חסיד", און ווידער

האָבען מיר אַ פּסוק: „יודע צדיק נפש בהמתו" — בהמתו מיינט מען דעם גוף. וואָס אַנ׳עהרליכער יוד איז מחויב צו זאָרגען וועגען איהם און איהם וואויל צו טאָן. — און אַזוי ווי סע זענען צעגאַנגען, ווי אַ רויך, די מענות געגען גלופּסקער בעלי־רחמנות, אַזוי זענען אויך בטול ומבוטל די טענות געגען אונזערע בישנים. שונאי ישראל האָבען אויסגעטראַכט, אַז סאיז ניטאָ קיין גרעסערע עזות־פּנים׳ער, ווי גלופּסקער, אַז אין דעם פּרט איז ניטא קיין חלוק צווישען אַ גביר און אַ קבצן, אַ משכיל און אַ חסיד, אַ גבאי און אַ בטלן. מע דערצעהלט זיך אָן גאַנצע פּעק מיט מעשיות, וואָס פאַר אַנ׳עזות מחוצף פּנים דער גלופּסקער איז. די מעשה איז אָבער. אַז יעדער זאַך דאַרף מען בעטראַכטען פון צוויי זייטען. אַזוי פיהרט זיך שוין אויף דער וועלט, אַז גוטס איז כסדר אויסגעמישט מיט שלעכטס, אָהן אַ שאָטען איז ניטאָ קיין ליכט. און אויב אַזוי, וועט שוין אַלצדינג אויסקו־מען וואויל און פיין, מיט דעם אויבערשטענס הילף. וואָרום, צוריק רייּ דענדיג, ווען ווערט אַ גביר אַנ׳עזות־פּנים? אַז מע איז זיך פאַר איהם מכניע, מע חנפ׳עט איהם, מע לויבט איהם ביז׳ן הימעל אַריין, מע געפינט אין איהם אַזוינע מעלות טובות, וואָס ער האָט זיי קיינמאָל ניט געהאַט און וועט זיי ניט האָבען, מע איז מבטל דעם אייגענעם רצון פאַר זיין רצון אָדער זיין משוגעת. און אַ משכיל, אַ שטייגער, ווען ווערט אַ מחוצף? אַז ער האָט אויף זיין לעבען ניט געזעהען גאָר ניט אַ חוץ גלופּסק, וואו ער איז אויסגעוואַקסען און בעקומען אַלע זיינע קענטעונישען. אַזאַ משכיל גלויבט טאַקי באמונה שלמה, אַז קיין העכערס ווי די גלופּסקער השכלה איז ניטאָ, אַז דערמיט הויבט זיך אָן און דערמיט לאָזט זיך אויס די גאַנצע חכמה אויף דער וועלט, און ער, דער משכיל, ווייסט שוין אַלצדינג און קיינער קען זיך צו איהם ניט גלייכען. דאָס אייגענע איז מיט אַלע גלופּסקער יודען, וועלכע ווערען עזות׳ניקעס נאָר דעמאָלט, ווען איהר גיט זיי שלום־עליכם און לאָזט זיי אַריבער איבער אייער שוועל. אָבער אַ גלופּסקער גביר, אַז קיינער קוקט זיך אויף איהם ניט אום און מאַכט זיך ניט וויסענדיג פון אַלע זיינע משוגעת׳ן, אָדער אַ גלופּסקער משכיל, אַז ער ווערט פערוואָרפען אין אַ גרויסער שטאָדט און דערזעהט, אַז ער טויג אויף כפּרות מיט זיין בידנע ביסעל קענטעונישען, און דעס־גלייכען יעדער גלופּסקער יוד, אויב איהר רעדט מיט איהם שטעהענדיג אין טהיר, אי דאָס נעצעהלטע ווערטער, און קיין האַנד דערלאַנגט איהר איהם דוקא ניט, — דעמאָלט איז ער אַ גרויסער בישן, האָט דרך־ארץ פאַר לייטען, רעדט בנעימות׳דיג, שטיל און פיין, גאָר ניט צו דערקענען.

אָט אַזוי, רבותי, קען מען פערטייטשען אויך אַלע אַנדערע גלופּסקער מדות, וואָס סע דאַכט זיך, אַז אין פלוג זענען זיי סותר מיינע ווערטער. דאָס, וואָס סע דאַכט זיך, אַז די גלופּסקער, ווען זיי קומען אויף אַנ'אסיפה, שלאָגען זיי איבער איינער דעם אַנדערענס רייד, לאָזען נים ענדיגען, פערפּלאָנטען איינער דעם צווייטען, שיטען מיט גלייך־ווערטלעך און משלים און וויצען און ס'איז ביי זיי נים קיין אסיפה, נאָר אַ יריד — איז דאָס נאָר אין קהל'שע זאַכען, וואָס אַנ'אסיפה איז דאָ דער עיקר, אויף צו שרייען און פּילדערען און געוואַלדעווען, וויפיעל מ'האָט כח, כדי אַלע זאָלען וויסען, אַז רב פייבוש ברב טרייטעל איז אויך אַ בעל־הבית און האָט אויך פּראַווע צו שרייען. דער תּוך פון אַזוינע אסיפות איז נאָר דער טומעל און די שטיקעניש, און אַז מ'האָט אָבגעליאַרעמט און אָבגעקוועטשט זיך די זייטען, מע ווייסט אַליין נים צוליעב וואָס, צוגעהט מען זיך בשלום און מע קומט אַהיים מיט דעם אייגענעם, מיט וואָס מ'איז אַוועקגענאַנגען. די קהל'שע ענינים פיהרען זיך ביי אונז, ברוך השם, אויף דעם אַלטען שטייגער, און די גלופּסקער יודען זעהען און שווייגען דוקא, זיי מאַכען נים קיין געשרייען, זיי מישען זיך נים אין די רייד און אין די הנהגות פון די קהל'ס־לייט. טהוט אַ קוק, למשל, אויף אַ גלופּסקער פּראָצענטניק, וואָס אויף דער אסיפה האָט ער אַ וואָרט נים געלאָזט אויס־ריידען מיט זיינע פּוסטע שמועסען; און אַז ער איז ביי זיך אין דער היים און דער יוד, וואָס לייהט ביי איהם געלט, קומט און בעט זיך פאַר איהם און חלש'ט, שווייגט ער דוקא יאָ; יענער וויינט מיט בלוטיגע טרערען. דערצעהלט איהם זיין ביטערע לאַגע, און ער שלאָגט איהם דוקא נים איבער די רייד, ביז דער יוד ווערט הייזעריג ריידענדיג און געהט אַוועק מיט אַ פערקלעמט האַרץ.

— רב מענדעל! — האָט מיר געזאָגט מיינער אַ בעקאַנטער, שמוע־סענדיג מיט מיר פון גלופּסקער יודען און הערענדיג, ווי איך לויב זיי אין טאָג אַריין מיט די אייגענע ווערטער און מיט די אייגענע ראיות, ווי איך שרייב דאָ, — רב מענדעל! עפּעס שמעקען מיר אייערע רייד מיט פּלפּול, ממש סע זעצט אין דער נאָז, נים אויסגערעדט זאָל זיין. איך מיט אייך רייד קלאָרע דבורים, פּראָסט און פּשוט, ווי דער שכל איז מתחיב און ווי די פאַקטען בעווייזען אונז יעדען טאָג, און איהר פערדרעהט מיר די פאַק־טען, טייטשט אויס אַלצדינג מיט אַ פּלפּול און אַ סברא, אַקוראַט ווי איהר לערענט מיט מיר אַ בלאַט גמרא.

— ווען איהר וואָלט אין דער יונגענד געלערענט גמרא, — האָב

איך געענטפערט מיט אַ רוגזה, — וואָלט איהר איצט, כ'לעבען, ניט גע־זוכט קיין חסרונות אויף די גלופסקער. אייך און אייער גלייכען בעט איך נאָר איינס: טשעפּעט מיר ניט מיין ליעבהאַרציג גלופסק! אַט דאָס איז מאַקי דער אומגליק, וואָס איהר האָט ניט געלערענט קיין גמרא, זענט איהר אונז אַ פרעמדער, פערשטעהט איהר ניט די סברות און די טיעפע געדאַנקען, וואָס שטעקען אין מיינע רייד.

— דעם אמת מוז איך אייך זאָגען, אַז אייערע ווערטער זענען מיר פונקט אַזוי פריקרע, ווי די אַלע מאמרים, וואָס זענען געשריעבען מיט דעמזעלבינגען נוסח, — האָט מיין בעקאַנטער געענטפערט, טייטענדיג אויף אַ גאַנצען פּאַק יודישע גאַזעטען, וואָס זענען געלעגען פאַר איהם. — און איהר, רב מענדעלע, פערשטעהט יאָ, וואָס איהר רעדט און גלויבט מאַקי דערינגען אויך? אדרבא, זאָגט, נאָר זאָגט דעם גאַנצען אמת.

— אַוראי, פערשטעה איך און אַוראי גלויב איך וואָס איך רייד, פּונקט ווי די שרייבער פערשטעהען, וואָס זיי שרייבען, און גלויבען אין זייערע מאמרים...

— אויב אַזוי... אויב אַזוי, זענט איהר... ניט ביי'ם זינען! — האָט יענער געענטפערט שטאַרק פערוואונדערט, און האָט דערביי גע־שאָקעלט מיט'ן קאָפּ, ווי איינער, וואָס איז זיך פון עפּעס מיאש.

איך פערשפּאָר אייך זאָגען, רבותי, אַז דאָס איז געווען איינער פון די יודישע פּאַטריאָטען. ניט פון אונזערע מענשען. איך ווייס ביי זיך זעהר גוט, אַז איך בין, ברוך השם, ניט משוגע, ניט קיין חסר־דעה, פונקט ווי איך ווייס, אז איהר, רבותי, איהר אַלע אונזערע מכובדים, וואָס איהר שרייבט מאמרים און האַלט פלאַם־פייערדיגע רעדעס, זענט אַוראי ניט קיין משוגעים און ניט קיין נאַראָנים, חלילה, ווי סע קען זיך אַמאָל דאַכטען. אַוראי דרשנ'ט איהר ניט אומזיסט, מסתמא האָט איהר אייער בעהאַלטענע כונה... דעריבער לאָמיר זשע ניט מורא האָבען פאַר אַלערליי עוות־פּנים'ער, וואָס טרעטען אַרויס מיט טענות, לאָמיר זיך אויסלאַכען פון אַלע זייערע זידלערייען. ביי מיר איז געבליבען, אַז פון היינט אָן און ווייטער ענטפער איך זיי גאָר ניט, לאָזען זיי ריידען צעזעצטערהייט. איך וועל דעריבער זיי ניט געהן אָבענטפערען אויף זייערע טענות, אַז גלופסקער יודען האָבען, קלאָמפערשט, ליעב צו זאָגען גוזמות, צו מאַכען דעם חלום גרעסער פון דער נאַכט. וואָס אַרט מיך, אַז זיי ריידען? איך וועל בעסער זיך נעהמען צו דער מליצה, איך וועל דערצעהלען גלופסקער שבחים, ווי מיין האַרץ גלוסט, און וועל ניט מורא האָבען, טאַטער וועט עמיצער

זאָגען, אַז איך דערצעהל גוזמות, ווי דער שטייגער פון אַ גלופּסקער בעל־לשון.

פּרנסות איז, קיין עין הרע, דאָ אין גלופּסקער ווי שטערן אין הימעל! וויפיעל חדר־יונגלעך, אַזוי פיעל איז דאָרט דאָ מלמדים און בע־העלפערם; וויפיעל בחורים מיט מיידלעך, אַזוי פיעל שדכנים; וויפיעל קונים, אַזוי פיעל קרעמערם; וויפיעל סוחרים און פּראָצענטניקעס, אַזוי פיעל מעקלערם; וויפיעל בעלי־בתים, אַזוי פיעל בטלנים; וויפיעל גאַסען, אַזוי פיעל שוהלען, קלויזען, בתי־מדרשים און מנינים, און פונקט אַזוי פיעל איז דאָ חזנים, גבאים, שמשים, בעל־קורא'ס און בעל־תוקע'ס; וויפיעל חסידים פון פערשיעדענע רביים, אַזוי פיעל רבנים, דיינים און שוחטים; וויפיעל מצות, אַזוי פיעל בעקערם, קנאַטערינם, רעדלערם און משגיחים; וויפיעל שלעק מיט וועהטאָגען, אַזוי פיעל אָבשפּרעכערם, בעלי־טובות, קהל'ס סטראַפּטשעס און מוסרים. אַ חוץ דעם נאָך דאַרף מען צורעכענען די קאַבּצאַנסקער שיינקערם, די שמאַטע־הענדלערם, די פערלענער מיט די מחברים מיט די רעדאַקטאָרען מיט די מוכר־ספרים'ניקעס, און וויפיעל ס'איז דאָ די אַלע מינים אינאיינעם, אַזוי פיעל איז דאָ אין גלופּסק קבצנים און אביונים. מ'האָט אַ בלבול אויסגעטראַכט אויף די גלופּסקער, אַז זיי זענען רייך ווי קרח. גלויבט ניט! קרח'ס אוצרות פערמאָגען נאָר עטליכע, געצעהלטע מענשען פון זיינע אייניקלעך און זייערע באַסאָקעס, די איבע־ריגע מוטשען זיך נעבעך אויפ'ן שטיקעל ברויט, קומען אָב, האָרעווען, דרעהען אַ מח, און סע העלפט ניט, חאָטש צעריים זיך: ניטאָ קיין געלט! טאָמער זעהט איהר אַמאָל, אַ גלופּסקער יוד פיהרט זיך מיט'ן טראַסק, ווי אַ גביר, פאָהרט אַרוים אין אַ פאַעטאָנדעל מיט אַ פּאָר ברענענדיגע סוסים, זאָלט איהר וויסען, אַז ס'איז נאָר אַן אָנשטעל, אַ פערבלענדע־ניש, כדי לייט זאָלען מיינען, אין אמת'ן איז ביי איהם די קעשענע פונקט אַזוי לעכערדיג, ווי ביי אַלע גלופּסקער קבצנים. הכלל, סע גליקט ניט אונזערע גלופּסקער ברידער אין זייער פּרנסה, זיי האָבען ניט קיין מזל, וואוהין זיי קעהרען זיך און ווענדען, און פונדעסטוועגען איז אַ פערגעניגען צו וואוינען מיט זיי אינאיינעם, וואָרום ווער קען נאָך אַזוי זיין אַ קבצן, ווי דער גלופּסקער, ווער איז נאָך אַזוי מסוגל צו טראָגען דעם דלות און זיך פאָרט האַלטען ווי עס איז...

גוט און וואויל איז מיר געווען אין גלופּסק פריהער מיט יאָהרען. שטיל, רוהיג איז מיר געווען אויף דער נשמה, פונקט אַ שטייגער, ווי איינעם, האָם ליעגט זיך אין מיטען העלען טאָג אין אַ פינסטערן חדר אוים־

געצייגען ווי אַ גראַף אויף זיין בעטעל. אַרום און אַרום זענען מענשען פערהאָרעוועט, מע לויפט, מע טהוט מעשים, מע איז שטאַרק פערנומען מיט וועלט-זאַכען, מע איז צוגעבונדען צו דער ערד מיט אַלע חושים, און דו שוועבסט זיך פריי אַרום מיט דיין פאַנטאַזיע גאָר הויך, וואו די וועלט האָט אַן עק, בויסט זיך בנינים אין דער לופטען און פיהלסט ניט, ווי דיין צייט געהט אַוועק. אַז איך פלעג אַרויסגעהן אין גאַס אַריין און דערזעהען, ווי עס שיטען זיך, קיין עין הרע, יורעלעך אָהן אַ שעור, ווי מע רוקט זיך אַהין און אַהער, מע בעגעגענט זיך, מע פערהאַלט זיך אויף אַ רגע אינמיטען וועג און מע צעגעהט זיך ווידער, לויפענדיג מיט אַנ'אימפעט, אַיילענדיג יעדערער צו זיין געשעפט, ווייסט איהר וואָס פאַר אַ פנים זיי האָבען ביי מיר געהאַט? פונקט ווי מוראַשקעס, — מענשען-מוראַשקעס, וואָס דער אויבערשטער האָט מיט זיין גרוים חסד זיי אַריינגענעבען אינסטינקטען און געפיהלען און האָט זיי פערזאָרגט מיט קינציגע אברים, כדי זיי זאָלען זיך קענען זובען זייער ברויט. אָט לויפט אַזאַ מין גלופסקער מוראַשקע: זי האָט צוויי הערנער אויף צו טאַפּען מיט זיי, ממש ווי צוויי הענד ביי אַ מענשען, און זי בעטאַפּט אַלצדינג, וואָס זי טרעפט אויפ'ן וועג; זי האָט אַ שאַרפען חוש-הריח און דערשמעקט פון דערווייטענס דאָס, וואָס זי דאַרף, סע מעג אַפילו זיין פערגראָבען ניין איילען אין דער ערד אָדער סע מעג ליגען טיעף ביי אַייך אין קעשענע. זיי זענען אַ שוואַכע אומה, די דאָזיגע מוראַשקעס. מיט כח קענען זיי ניט נעהמען, זוכען זיי זיך אַלערליי חכמות, קונצען, איבערגעשפיצטע המצאות, אַ ניט וואָלט זיי, חלילה, אויסגעקומען גאָר פלאַטשיג. נאָך אַ דאַנק גאָט דערפאַר, וואָס ער פערלאָזט זיי ניט, ווי אין פסוק שטעהט: ורחמיו על כל מעשיו. בעווייזט זיך אין גלופסק אַ נייער נפש, ווערט אַ טומעל, אַ קאָכעניש, מע לויפט זיך צונויף, מע שטעלט זיך איהם אַרום פון אַלע זייטען, מע בעשמעקט איהם, מע בעטאַפּט איהם, וואָס איז ער פאַר אַ בריאה. מע טאַנצט און מע שפרינגט פאַר איהם אין איין אָטעם. אויף איין שטיקעל ברויט וואַרפען זיך גאַנצע חאָפּטעס מוראַשקעס. פאַר איין קערענדעל האַלט זיך מיט די צייהן אַ גאַנצע עדה. איך פלעג נאָר שטעהן פון דערוויטענס, קוקען, וואָס סע טהוט זיך ביי זיי, און שמייכלען. אַז סע פלעגט מיר אַ מאָל שוין גאָר ווערען פאַסקודנע אויפ'ן האַרצען, ניט איבערצוטראָגען, מחמת איך בין בטבע אַ מרה-שחורה'ניק, פלעג איך אויף זיי אויפהויבען מיין שטעקען אָדער אויף זיי אויסגיסען אַ טראָפּען טינט, פלעגען זיי פאַר מיר אַנטלויפען, זיך בעהאַלטען אין זייערע לעך-

כער און פון דאָרטען האָבען זיי מיך געשטאָכען מיט זייערע שאַרפע אייגעלעך; אַמאָל פלעגט זיך אַ חברה־מאַן איינשטעלען דאָס לעבען און מיך אַ בים טאָן הינטען־אַרום, נאָר דאָס האָט ניט מעהר וועה געטאָן, ווי, א שטייגער, דער בים פון אַ פלויי — פלעגט דאָס מיך וויניג וואָס אַרען. שפּעטער פלעגען זיי ווייטער אַרויסקריכען פון די לעבער, וואָרום זיי האָבען געבעך געוואָלט עסען — פלעגען זיי זיך נעהמען צו דער אַרבייט מיט נייעם אימפּעט. און איך האָב געקויפט און געשמייכעלט, ווי פריהער, און מיר זענען ווייטער געווען גוטע ברידער. מיר האָבען געזעהען בעשיינפּערליך, אַז מיר זענען אַ זיווג מן השמים, האָבען מיר געלעבט אין איין נעסט בשלום ושלוה, ווי דער שטיינער איז פון יעדען בעשערטען זיווג, וואָס אַמאָל קושט מען זיך און ס'איז קוצעניו־מוצעניו, אַ מאָל רייסט מען זיך און מע בייסט זיך, אַז סע פליהען שלייערס, און פונדעסטוועגען לעבט מען פאָרט. מיר האָבען אַזוי לאַנג געהויזט אינאייגעם, ביז דער ניט־גוטער האָט זיך ניט אריינגעמישט און ניט אָנגעמאַכט קיין מחלוקת צווישען אונז בעונותינו הרבים. בין איך אַרויסגעפּאָהרען פון גלופּסק אַ ברוגז'ער, מיט אַ שווער האַרץ, און האָב מיר געטראַכט: אויס, אַנ'עק, איך קעהר זיך ניט שוין אָן מיט גלופּסק, איך וויל שוין ניט קענען די דאָרטיגע יודעלעך, איך וועל מיט זיי שוין קיינמאָל ניט האָבען קיין מגע משא, ס'איז אַוועק אַ שטיק צייט — איך האָב טאַקי געשווינגען, ניט געלאָזט זיי גריסען, ניט געשריבען זיי קיין וואָרט. טרעפט זיך אָבער אַ מעשה — איך הויב אָן בענקען נאָך דעם היימישען ווינקעלע, נאָך די ליעבהאַרציגע גלופּסקער יודען, סע ציהט מיך אַהיים, איך וויל דאָרט פערברענגען מיין רעשטעל יאָהרען שטיל און פריעדליך, ווי אַמאָל, נו, בין איך איצט ווייטער אין גלופּסק, איך שטעה איבער אַ נייעם אויף דער וואַך, איך קוק זיך צו צו אַלצדינג, וואָס סע טהוט זיך אין שטאָדט און אינ'ם גאַנצען קאַנט, און וואָס איך זעה און הער, דערצעהל איך דער גרויסער וועלט, כדי מע זאָל וויסען.



## ב.

רבונו של עולם! פאַר דיר איז אָפּענבאַר דאָס האַרץ פון דיין ליעב פאָלק ישראל, דו קענסט גוט זייערע געננ, זייערע תנועות און העויות, קיין זאַך בלייבט פאַר דיר ניט פערבאָרגען, ווייסטו דאָך, גאָטעניו, אַז

דיין עדה, דיינע צאן־קדשים, זענען בטבע צו גוט, אז זיי זאלען זיך קענען איינהאלטען, זיי זאלען יענעם ניט צערנען, איהם ניט געבען קיין עצות, חאטש יענער בעט ביי זיי ניט אזא טובה. דאס איז ביי זיי די אייגענע גוטסקייט, ווי ביי א קוה, להבדיל, וואס וויל געבען דעם קעלבעל זויגען מעהר ווי אין יענעם קען אריין; אז עמיצער וויל ניט זייער חכמה און זאגט זיי: איך וועל מיר געהן מיין אייגענעם דרך, וועלען זיי איהם דאס ניט מוחל זיין וויל ער וועט לעבען. גאט, דו ווייסט, אז דיינע יודען זענען גרויסע ותרנים, זיי ווילען יענעם לערנען שכל מעהר חי זיי פערמאגען אליין, מעהר ווי זיי קענען פערשטעהן. זיי געהען אוים צו הערען נייעס, צו וויסען, וואס סע טהוט זיך אויף דער גרויסער וועלט, זיי ווילען אבער געוואויר ווערען אלצדינג אהן טרחה, אהן מא־טערניש, ניט פערלירענדיג קיין צייט און קיין געלט אויף לערנען. אז סע טרעפט זיך זיי איינער פון יענער חברה־לייט, וואס טראגען די פאטשט, שיטען מיט נייעסען ווי פון א זאק — אזוינע איז ביי אונז דא, קיין עין הרע, ניט ווענינער ווי רכילות־טרייבער, פריאטקי־מאכערס און דאנאסען־שרייבער — וויל מען איהם ניט אויסהערען כסדר, פון אלף ביז תיו, נאר מע טרייבט איהם אונטער, ער זאל דערצעהלען די גאנצע מעשה אין איין שמע ישראל. יענער, ס'רוב א בטלן, א טעלער־לעקער, וואס ציהט קיים דאס שטיקעל חיונה פון די פאטשטען, לאזט זיך דוקא לאנג ניט בעטען: ער דרעהט איבער די יוצרות, חאפט דעם סוף פאר'ן אנהויב, ווי מען פערלאנגט פון איהם. ווארום אונזערע יודען, זאלען לעבען, וואס אלע יאהרען געהען ביי זיי אוועק אין דאגת פרנסה און זיי האבען ניט קיין רוהיגע מינוט, ווערען זיך ניט אבגעבען מיט אזא זאך, וואס האט ניט קיין שייכות צו משא־מתן, זיי האבען ניט קיין חשק דורכצוניעהמען א ענין פאוואלינקע, מיט ישוב הדעת, פונ'ם אנהויב ביז'ן סוף. זיי גיב נאר שטענדיג דעם תוך, דעם עיקר, לערען זיי אוים תורה כולה אויף איין פוס. און קעפ האבען זיי דאך פייערדינע, דער מח פליהט ביי זיי כסדר, אויפ'טאן אנ'אויבער־הסברה איז ביי זיי ניט ווערט א פעטרעשקע. נור איז זיי גענוג איין רמז ווענען עפעס אנ'עסק — מאלען זיי זיך שוין אוים דעם גאנצען עסק מיט אלע פישטשעווקעס. גיב זיי נאר איין פינטעלע, ווערען זיי פון איהם אויסבויען אין דער לופטען א גאנצען בנין.

רבונו של עולם! איך קום איצט דערצעהל'ען ווענען דיינע קינדער, דיין ליעב פאלק ישראל, ווי אזוי זיי לעבען און וואס סע טהוט זיך ביי

זיי אין זייער מקום מנוחה. זיי לאָזען מיך אָבער ניט איבעררייַדען אַ וואָרט, זיי פערשלאָגען מיר די רייד, סע זאָל זיך בייַ מיר ניט אַרויסחאַפּען עפּעס אַזוינס, וואָס סע וועט זיי ניט זיין צום האַרצען. בעט איך דיך, רבונו של עולם, דו זאָלסט זיי לערנען דרך ארץ, אַז זיי זאָלען וויסען דעם חלוק פון אַ מענש ביז אַ בהמה; גיב זיי צו פערשטעהן, אַז איך דאַרף ניט האָבען זייער חכמה, און לאָזען זיי מיך ניט מזכה זיין מיט זייערע עצות; לאָז זיי דערקענען, ווער זיי זענען און וואָס זיי זענען, און לאָזען זיי שווייַגען, וואָרום בייזערען זיך וועט דאָך סיי ווי ניט העלפען; פערשטאָפּ, אַלמעכטיגער גאָט, דאָס מויל פון די פליהערס, די חאַפּערס, אַז זיי זאָלען מיך ניט אונטערטרייבען צו ענדיגען די מעשה פאַר'ן סוף, מקצר צו זיין מעהר ווי איך האָב בדעה; און האַלט אייַן זייער אומגעדולד, אַז זיי זאָלען אויסוואַרטען ביז איך וועל זיי לכתחילה ניט דערצעהלען דאָס, וואָס סע האָט זיך געטראָפען מיט מיר אַליין אין מיין מקום. און איך בעט דיך, גאָטעניו, דו זאָלסט מיך דערמאָנען לפרנסה ולכלכלה און זאָלסט מיר מצליח זיין מיין וועג, כדי איך זאָל קענען קויפען אַ פערד מיט אַ'ן עגלה, בעגלא ובזמן קרוב.

און איהר זאָגט אָמן, רבותי! וואָרום איך בעט דאָך אויף אַ פערד ניט צוליב ראָסקאָש. איך בין דאָך, חלילה, ניט אויסען צו פאָהרען רייטענ-דיג, צו קנאַקען מיט אַ בייטש, צו גלייַכען זיך מיט פּריצים, ווי עס טהוען אונזערע יודישע גבירים. איך בין, ווי איהר זעהט מיך, אַ פּראָסטער יוד, פונ'ם אַלטען שניט. פאָהרען רייטענדיג קען איך ניט, פאַר אַ הינדטעל אַנטלויף איך, וואו דער שוואַרצער פעפער וואַקסט. און מיין נאָמען מענדעל האָב איך, חלילה, ניט איבערגעביטען אויף אַ גוי'אישען. וואָס דען, אַ פערד דאַרף איך האָבען, פּראָסט-פּשוט, צוליעב דער פרנסה, וואָרום מיין פריהערדיגע קליאַטשע האָט מען — אוי וועה! — פערנומען אין פלען אַריין...

איהר שווייַגט, רבותי, איהר וואונדערט זיך, איהר טראַכט, מסתמא, אַז איך מאַך פון אייך חוזק אָדער איך בין אַליין ניט ביי'ם זינען. חלילה וחס! איך טרייב ניט קיין קאַטאָוועס און בין נאָך, דאַנקען גאָט, ביי אַלע געדאַנקען. די מעשה איז טאַקי געווען אַזוי ווי איך זאָג אייך: מיין פערדעל האָט מען גענומען אין פלען אין דער שטאָדט קאַבצאַנסק, וואו איך האָב דעמאָלט געוואָהנט, אינ'ם יאָהר תר"מ... לפ"ק. צו די ערשטע סליחות פאַר-טאָג. די מעשה איז געוועזן אַזוי:

היכף נאָך סליחות געה איך מיר פון דער שוהל מיט אַ רוהיג געמיט

און פיהל זיך גאָר ניט שלעכט. ווי געוועהנליך אַ יוד, וואָס האָט אַראָבגע־פּטר'ט דאָס דאַוונען און איז ניט געבליבען שולדיג דעם רבונו של עולם גאָר ניט. אַזאַ יוד פיהלט זיך, אַקוראַט ווי ער האָט אַראָבגעוואָרפען פון די פּלייצעס אַ שווערען עול, אַקוראַט ווי ער האָט אָבגעצאָהלט אַ דרערעסענעם חוב. ער האָט נאָך דערביי אַ פּתחון פּה צו זאָגען: „דערבאַרעמדיגער גאָט! איך האָב אָבגעטאָן מיינס, אַלצדינג אַזוי ווי דו האָסט מיר גע־הייסען, איצט טהו זשע דו דיינס און בעצאָהל מיר מיין שכר, וואָרום וואָס נאָך קענסטו פערלאַנגען פון אַזאַ כשר'ען יודען, ווי איך ?" ער רעכענט זיך מיט'ן רבונו של עולם, אין האַרצען וויל ער איהם נאַרען מיט אַ שאַרפען פּלפּול און קינציגע טענות, ער וויל איהם איבעררייידען, איבער־קליגען, מאַכענדיג אַ פרומע מינע: גאָט, איך גלויב, אַז דו ביזט אַ כל יכול, אַלצדינג, וואָס דו טהוסט, איז צו גוטען, נאָר איך מיט מיין קליי־נעם פערשטאַנד קען ניט משיג זיין אַלע דיינע מדות. און תיך כּדי דבור טהוט איהם אַ קיצעל דער יצר הרע, און ער הויבט אָן אונטערזאָגען רעם רבון עולם: פונדעסטוועגען וואָלט געוועזען זעהר גוט, ווען דו וואָלסט גע־טאָן אַזוי און אַזוי, וועדליג ס'זאָל זיין בעסער פאַר מיר, ווען דו וואָלסט מיר געוויזען בפועל דיין גרויסקייט און איך וואָלט געזעהן בעשיינפּערליך, אַז פאַר דיר איז ניט שווער קיין זאַך... אַזוי טראַכט זיך דער יוד, און איז ביי זיך שטאָל און אייזען: ס'טייטש, דער רבונו של עולם אַליין זאָגט דאָך „נצחוני בני", הייסט עס, מען קען איהם איבעררייידען, מע דאַרף נאָר האָבען די העזה... טענה'ט ער און לאָזט ניט אָב און גלויבט באמונה שלמה — ער וועט גובר זיין, וואָרום גאָט ברוך הוא האָט נאָר ניט וואָס צו ענטפערן, ער האָט איהם פערשטעלט דעם וועג פון אַלע זייטען, בלייבט איהם ניט נאָר ניט, נאָר טאָן, וואָס מע בעט איהם... איך געה מיר אַזוי אַריינגעטאָן אין די דאָזיגע געדאַנקען, האַפּען זיך איז ניטאָ וואָס, געה איך מיר פאַמעליך, טריט ביי טריט, און פיהל אַליין ניט, ווי איך ברום: „במוצאי יום מנוחה". איך קום נעהענטער צו מיין דירה, דערזעה איך פון וויטען עפּעס אַ רייטער אויף אַ פערד, טראַכט איך מיר: מסתמא זענען אָנגעקומען סאָלדאַטען אין שטאָדט אַריין און מיר האָט מען דאָס אַריינגע־שטעלט דעם רייטער פאַר אַנ'אורח. בלייב איך שטעהן אַ צעטראָגענער און טראַכט מיר: „מעהר פעהלט מיר ניט, ווי אַזאַ אָנשיקעניש אויף מיין קאָפּ. ס'איז אַזוי אויך, ברוך השם, אָסיען, סע ווערט קאַלט, סע נעהט אַ סדרה הוצאות: דעם קינד אַ פּאָר שיכלעך, דעם אַ רעקעל, אַ שאַלכעל, אַ וואַרים שטיקעל בגד; אפילו לאַטעס, אומשטיינס געזאָגט, קאָסט אויך

געלט; הײַנט, קײן עין הרע זאָל זײ ניט זײַן, דאָס עסען, הײנט האָלץ. אינ׳ם שטיבעל מוז מען אַרײנבראָקען עטליכע קערבלעך: סע רינט דער דאַך, אײן וואַנד האָט זיך שטאַרק אָנגעבויגען, וויל פאַלען כּ׳רעים; און די פענסטער פעהלען טאַפּליעס. מײנע שיך האָבען שוין פון אַ שטיק צײט אויך געעפענט די מײלער; אַז איך געה אין אַ בלאָטע, קוויטשען זײ, פּישטשען, בעטען זיך רחמים: וואָס האָסטו צו אונז, געניג אונז שוין גע־מוטשעט, לאָז אונז שוין זיך אויסרוהען אויפ׳ן סמיעטניק. די קאַפּאָטע גיט מיר שוין אויך אָנצוהערעניש, אַז זי האָט מיר אָבגעדיענט, געטרײ און עהרליך, מעהר ווי מען דאַרף, סע איז אין איהר שוין, נעבעך, ניטאָ קײן גאַנץ אבר, זי איז הוילע לאַך און לאַטע פון דעם קאָלנער ביז דעם עק פאָלע, זוויפיעל זשע איז שוין דער שעור? שוין צײט זי לאָזען געמאַך אויף די עלטערע יאָהרען. און דאָ מאָלט זיך מיר אויס מײן עלטער מײדעל. זי איז, נעבעך, דערשלאָגען, זי קרעכצט און זיפצט: טאַטע האַרציגער, וואָס וועט זײן דער סוף? מאַך מיך חתונה און לאָז נעהמען אַנ׳עק צו די בזיונות. און דער מחותּן שיסט מיט בריוולעך: „שלום לאהובי מחותּני וכו׳, זײט זשע מוחל, צעהלט אָב דאָס נדן במזומנים ביז דער לעצטער פּרוטה, אַ ניט שיק איך אָב די תּנאים״. — דער מלמד מאָהנט שכר־למוד פאַר׳ן יונגעל, דער קצב לאָזט ניט דורכגעהן די גאַס, דער קרעמער האָט זיך אײנגע־שפּאַרט: ער באָרגט מעהר ניט. און דער שמש מאָהנט פאַר די שטעדט אין שוהל... מײנע און מײן אַלטערס. אוי, רבונו של עולם! קאַרג נאָך, וועניג צרות אויף מײן קאָפּ, דאַרף איך נאָך האָבען אַ נײעם אומגליק, אַ סאָלדאַט, אַ ווילד פרעמדען נפש, אַ זאַקוציע, און ווען? פונקט ערב יום־טוב! — נאָר וואָס מעקעט דאָרט אַזוי די ציעג? וואָס געוואַלדעוועט זי מיט אַזאַ רחמנות־קול? אַ האַ, מסתּמא איז זי אויך ניט צופריעדען מיט דעם נײעם גאַסט, מסתּמא האָט דער יון זי אַרויסגעטריבען פון איהר ווינקעל מיט שענע עטליכע קלעפּ. ווי דער שטײנער איז פון אַ יון. אוי, אַז אָך און וועה איז דיר, יודעלע! פון זינט דו שטעהסט אויף ביז דו לעגסט זיך ווייסטו ניט פון קײן חײ־שעה, רק דו לײדסט יסורים, רק דײן האַרץ איז פערביטערט, אָנגעזאַפּט מיט וועהטאָגען און קלעמעניש. וואָס זשע קומט אַרויס, אַז דו שטעהסט אויף גאַנץ פריה? ווי נאָר דו עפענסט די אויגען, עפענען זיך אויף דיר טויזענטער שלעק; ווי נאָר דו שטעלסט אַ פוס אויף דער ערד, שטעלען זיך דיר אַנטקעגען אַלע דײנע שונאים, אַז דו געהסט אין גאַס, בעגעגענען דיך מחנות ווילדע מענשען, בײזע, זוויסטע מחבּלים, ערגער פון סדום, רחמנא לצלן. — אַזוי שטעה איך אַ

שטיקעל צייט אין טראַכט, און זיפץ און קראַנק זיך אַזש פאַר עגמת־נפש, נאָכדעם לאָז איך זיך ווייטער גען אַהיים. אַז איך קום נעהענטער צו מיין שטיבעל, דערזעה איך — דער טויער איז אָפען און עפעס אַ חברה־מאַן זיצט רייטענדיג אויף אַ פערד, שמייסט עס, ציהט פאַר'ן צוימעל, אַרבייט אויף אַלע כלים, ווייל דערמיט אַרויספאָהרען פונ'ם טויער. טראַכט איך מיר: „ברוך שפטרני! פאָהר דיר צו אַל די וויסטע פינסטערע יאָהר, דו און דיין פערדעל, הלואי זאָל איך דיך שוין ניט אָנקוקען ווייל איך וועל לעבען". איך קום אַריין אין הויף אַריין און — סע בעפאַלט מיך אַ פחד... איי, דאָס פערדעל! ס'איז דאָך מיין אייגען פערדעל, מיין ליעבע־ראַרציגע קליאַטשע, וואָס אַלע איהרע יאָהרען האָט זי געהאַט נאָר איין עובדה — שלעפען דאָס ביידעל מיט ספרים; וואָס זינט איך קען זי, האָט זי, הלילה, קיינמאָל ניט געטאָן קיין ניבען טריט, ניט געהעצקעט זיך, נאָר געגאַנגען פאַמעליך. בנעימות'דיג, מיט ישוב־הדעת; וואָס אַ חוץ אַמאָל אַ האַרב וואָרט, אַ שטיקעל מוסר, האָט זי פון מיר קיינמאָל קיין ביז ניט געזעהען, ווער רעדט שוין אַ בייטש. איי, געוואַלד, ס'איז דאָך מיין בידנע פערדעל, מיין אויסגעדייוורטע קליאַטשע! סע זיצט אויף איהר עפּעס אַ פרעמדער גוי, שלאָגט זי מכת רצח, שינדט פון איהר די פעל, זי זאָל לויפען, שפרינגען! דאָס פערדעל, נעבעך, וויל ניט, סע הירזשעט מיט אַ ברוגז, סע נעהמט זיך אָן מיט דער ערד און בריקעוועט און שטעלט זיך דיבאָס דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבען. צווישען די פיס פלאָנטעט זיך ביי איהם מיין ציעג, מיין כשר'ע בהמה, וואָס מ'האָט זי צוגעבונדען צו איהם מיט אַ שטריק פאַר די הערנער. וואָס טהוט אַ יוד, אַז ער דער־זעהט אַזאַ מעשה? שרייט ער, מאַכט ער קולות. ווי נאָר איך האָב גע־עפענט אַ מויל, האָבען זיך בעוויזען די לייט, באָרוויסע, ווילדע, מיט אַ פייפען און אַ געשריי, מ'איז מיך בעפאַ־ען פון אַלע זייטען, געקלאַפּט, גע'הרג'עט, גע'ממית'ט, ביז איך בין אומגעפאַלען און געבליבען שטיל.

אַז איך האָב געעפינט די אויגען, איז שוין געווען גרויסער טאָג. איך ליעג אַ צעטומעלטער, אַ צעמישטער. סע טהוט מיר־וועה יעדער אבר, און איך ווייס ניט אויף קלאָר, וואו בין איך. ביסלעכווייז קום איך צו זיך אין איך דערזעה, אַז איך ליעג אין שטאַל, אויף אַ קופע שטרוי! איך טהו אַ קוק דורך אַ שפּאַלט אינדרויסען אַרוים, און סע ווערט אין מיר פערציטערט יעדער אבר. דער גאַנצער הויף איז פול מיט צעבראָכענע כלים, צעריסענע, צעפליקטע בגדים, שמאַטעס און טראַנטעס אָנגעוואָר־פען איינס איבער'ן אַנדערן: פעדערען, קאָלדרעס, באַוועל, צעריסענע

לייליבער, אויפגעטרעטענע קישענס; שטרוי אין בינטלעך האָלץ אין רומיל־
ספרים, איגאיינעם מיט צעבראָכענע טעפּ, צעהאַקטע מעבעל, צעקראַפּטע־
גלעזער און אַלערליי אַנדער־ע זאַכען פונ׳ם בעל־הבתישקייט: איבערבעטען,
בענקלעך, צעבראָקעלטע רעדער פונ׳ם ביידעל, שערבלעך, קאַלך, אַש,
איבערגעמישט מיט דער טינקעוואַניע פון די ווענד; אינמיטען דערינען אַ
פּעסעל נעזייערטע אונגערקעס מיט אַ פּעקעל תחינות פון שרה בת טובים, אַ
צעשפּאָלטענע מוטער מיט אַ געלעכערטער מאַקרעטע, אַ לאָקשען־ברעט מיט
בינטלעך ציצית אין איבערגעהאַקטע רציעות, אַ זיפּ, אַ רעשעטע, אַ קעסעל,
אַ קאָרב, אַ בעזים אינמיטען. אַן איבערקערעניש, מ׳שטיינס נעזאָגט, אַ
בהלה, אַ חורבן, ווי נאָך אַ ערד־ציטערניש אָדער נאָך אַ שרפה; אַרום אין
אַרום הער איך קולות, נעשרייען, געוואַלדען, ממש סע לעבערט דעם
כח. אין דער לופטען פליהען פעדערען, שטיקלעך שמות, בלעטלעך פון
ספרים, סע שמעקט עפּיס זעהר שאַרף, סע זעצט אין דער נאָז אַ פּאַפּי־
קורנער ריח. איך שריי — קיינער הערט ניט, איך רוף — מע ענטפערט
מיר ניט אָב. איך האָב דערזעהען, מע קומט מיר ניט צו הילף, האָב
איך זיך אָנגעטאָן אַ כח אין האָב געפּרובט אַליין אויפשטעהן. לאָמיך
זיך חאָטש דערשלעפּען אינדרויסען, האָב איך מיר געטראַכט, אפשר וועל
איך געוואויר ווערען, וואָס איז דאָס פאַר אַ מעשה. איך האָב זיך אָבער
קוים אויפגעשטעלט אויף די פיס, האָב איך זיך געגעבען אַ בויגיאָן
צוריק און בין ווידער אומגעפאַלען אין געבליבען אַ פערשמאַכטער.

אַ שטיק צייט בין איך געלעגען קראַנק, געווען אויסער זיך, ממש
ניט ביי די געדאַנקען. איך האָב געזעהען אַן איבערגעקעהרטע וועלט:
קאַפּוירע דינים, פריקרע מנהגים, מאָדנע וואונדערבאַרע שטראָפען, אַלץ
עפּעס אַזוינע משוגה׳דיגע שרעקליכע מעשים, וואָס סע לעגט זיך גאָר
ניט אויפ׳ן מח. אַז ס׳איז געקומען די צייט, וואָס איך האָב שוין גע־
דאַרפט אַוועק פון דאָרטען, האָט מען מיר געגעבען אַ שנעל איבער די
ליפּען און מע האָט מיך בעשוואוירען, איך זאָל ניט מגלה זיין אויף דער
וועלט קיין זאַך פון דעם, וואָס איך האָב דאָרט געהערט און געזעהען.
דעריבער אַז איך האָב גוט אָבגעשוויצט — שוויצען איז בידוע, אַ טייערע
רפואה, — האָב איך געמאַכט אַ שווייג, נים גערעדט קיין וואָרט, נאָר
כסדר געזיפצט, געוואונקען מיט די אויגען און געשטאַמעלט אַזוינס, וואָס
קיינער האָט ניט געקענט פערשטעהן. — רעדט ווערטער, רב מענדעלע,
זייט אַ מענש! ביז וואַנען איז דער שיעור ליעגען ווי אַ גולם! — האָבען
מיך געמונטערט און גע׳מוסר׳ט די, וואָס זענען מיך געקומען מבקר חולה

זיין. איך האָב אָבער אַלץ געזופצט, געגלאָצט מיט די אויגען און — נישט קיין לשון. געזונד זאָלען זיין מיינע בני בית און מיינע גוטע פריינד, וואָס האָבען אויף מיר אַכטונג געגעבען, בשעת איך בין געווען קראַנק. זיי האָבען דאָס דערפיהלט מיין וועהטאָג, זיי האָבען געזעהען, אַז איך בין שטאַרק צעטראָגען, צעטומעלט אין האַלט אין איין זיפצען. האָבען זיי זיך געסטאַרעט מיר גרינגער מאַכען דאָס האַרץ, געטרייסט מיך, דערצעהלט מיר וועניגער, ווי ס'איז געווען באמת, געזעהען ניט מאַכען פון דער מעשה קיין ווזען.

וואָס איז געשעהען? עט, גאָרניט. גנבים האָבען זיך צו אונז פערקליבען. אַז איך האָב דערמאָלט דערזעהען דעם רייטער אויפ'ן פערד און האָב געמאַכט אַ געוואַלד, זענען זיך צונויפגעלאָפען די שכנים, וואָס זענען אייך געהאַט אויפגעשטאַנען צו סליחות. צוויי פון די גנבים זענען אַנטלאָפען מיט'ן פערד און מיט דער ציעג, די איבעריגע האָט מען געהאַפט און זיי זיצען איצט אין טורמע. אַזוי האָבען דערצעהלט מיינע פריינד, אַקוראַט ווי דאָס וואָלט געווען פון די מעשים שבכל יום. איך האָב אָבער געקוקט אויף זיי און געזעהען, אַז זייערע פּנים'ער זענען אויסגעדאַרט, די באַקען איינגעפאַלען, די ליפּען ווייס, די אויגען רויט, דער קיק פינסטער, וויסט. זיי זענען געווען צעבראָכען, אויסגעמוטשעט, קראַנק ווי אַלע קראַנקע, קוים זיך געהאַלטען אויף די פיס. מ'האָט געזעהען אָן זיי, אַז זיי זענען אויסגעשטאַנען שווערע טעג, ביטערע צרות, געפּאַסט אַ לאַנגע צייט. „אוי, ברידער, דערצעהלט זשע, וואָס איז דאָ געווען"? — האָב איך זיך ביי זיי געבעטען. זיי האָבען זיך אָבער געמאַכט ניט וויסענדיג, בעהאַלטען מיינע אין האַרצען די צרות מיט די וועהטאָגען, כדי זיי זאָלען מיר ניט אָנטאָן קיין יסורים. זיי האָבען מיר אַלץ איינגערעדט מיט אַ שמייכעל אין מיט זייבע ווערטער, אַז איך זאָל ליעגען רוהיג. די גנבה וועט מען, אם ירצה השם, בלי ספק געפינען, און די גנבים, אַז מע האָט זיי שוין געהאַפּט, וועלען זיי מכתּמא בעקומען זייער עהרליך אויסקומעניש. דער עיקר איז, איך זאָל זיך ניט נעהמען צום האַרצען, זיך פערלאָזען אויפ'ן אייבערשטענ'ס הילף. ער איז אַ טאַטע, ווי אין פסוק שטעהט: הנה לא ינום ולא יישן...

שווער צו קוקען אויף די מרעהרען פון אַנ'אומגליקליכען, בשעת ער בעווייגט זיין ביטער מזל; אָבער נאָך שווערער איז צו זעהען אַ פעראומערטען, דערשלאָגענעם מענשען, וואָס דאָס האַרץ טהוט איהם וועה, די נשמה וויינט אין דער שטיל — אין דאָס פּנים לאַכט! אַ צעוועהטאָגט האַרץ און אַ פרעהליך פּנים — דאָס איז אַזאַ שרעקליכער זיווג, אַזאַ מורא'־

דיגע פאָר, ווי אַ שטייגער אַ טויטע כלה אינטער אַ שוואַרצער חופּה אויפ'ן
בית־הקברות. אפילו אַ שטיינערנער האַרץ קען צעגאַנגען ווערן קוקענדיג...
אַז יודען וויינען בײַ די קינות אום תשעה באב אַרט דאָס מיך ניט אַזוי,
ווי אַז יודען זינגען „אַקדמות” אום שבועות. לעבעדיג, האָפּעדיג זינגען
זיי דעמאָלט; די פרעהליכע שירה זאָגט זיי צו אַ לעבען פון כּבוד און
גדולה, נחת און פערגעניגען, רופט זיי צו דער פעטער סעודה פון'ם
לויתן; זיי זעהען שוין, ווי זיי זיצען אַרום די טישען, ווי די פּרינצען,
עסען און טרינקען און טהוען זיך וואויל; גרויסע האַרען, פּריצים בעריענען
זיי מיט ליעבשאַפט און דרך אֶרץ, געהען אוים נאָך זייערען אַ שמייכעל,
זייערס אַ גוט וואָרט, — און ווען? בשעת אַליין זענען זיי וויסט און עלענד,
געיאָגט און געפּלאָגט, אַלע האָבען זיי פיינד, אַלע זענען זיי מבזה און
ווער סע וויל הויבט אויף זיי די האַנד... ווען איך וואָלט געווען געזעסען
מיט די אבלי ציון ביי די טייכען פון בבל, וואָלט איך דוקא אַראָבגענו־
מען אַ האַרפּע פון די ווערבעס דאָרטען און וואָ־ט געזונגען אונזערע
בעליידיגער אַ מאָדנע ליעד, אַ פרעהליך ליעד אָנגעזאָפּט מיט מרה שחורה;
דאָס ליעד וואָלט אַריין, ווי סם, אין זייער נשמה, סע וואָלט דורכגענומען
זייער האַרץ, דורכגעשטאָכען עס, ווי מיט שאַרפע שפּיזען, מיט שרעקלי־
כער חרטה. איך וואָלט געזונגען און געשפּיעלט, געשפּיעלט און געזונגען,
און זיי וואָלטען געטאַנצט, ווי משוגע, ביז זיי וואָלטען זיך אַליין אָנגע־
חאַפּט און צעשטויסען אָן שטיין!

איך האָב געזעהען די בני בית מיינע, ווי זיי האַלטען איין זייערע
וועהטאָגען און סטאַרען זיך שמייכלען צוליעב מיר, האָב איך זיך אויסגע־
דרעהט מיט'ן פּנים צו דער וואַנד — און געוויינט...

אונזער האָפנונג איז ניט מקויים געוואָרען: מ'האָט אונז צוריק ניט
אומגעקעהרט גאָרניט פון דעם, וואָס מ'האָט ביי אונז גע'גנב'עט! ס'איז נאָך
אַ נס, וואָס ס'איז אונז אָבגעגאַנגען גלאַט, וואָס מ'האָט נאָך אונז ניט גע־
רופען צום משפּט. אַזוי האָט אונז געגעבען צו פערשטעהען איינער פון
די בעוואוסטע אַדוואָקאַטען. און דער שכל איז טאַקי מחיב, אַז ער
איז גערעכט. וואָרום זוען בעשטראָפט מען דען אַ גנב און ווען קעהרט
מען אום די גנבה דעם בעל־הבית איהרען? — בשעת ס'איז עולם כּמנהגו,
דער גנב פיהרט זיך ווי אַ גנב, ד. ה. ער טהוט אָב דאָס שטיקעל אַרבייט
מיט געהיימקייט, אין דער פינסטער, קיינער זאָל ניט זעהען. דעמאָלט איז
אויף איהם דאָ אַ משפּט און אַ פּסק, אָבער ווי איז דער דין אַז מע טהוט
די אַרבייט פראַנק און פריי, אינמיטען העלען טאָג, אַז מע שלאָגט אוים

די פענסטער און מע טהוט זיך אַ לאָז איבער די נאַסען מיט העק און מיט דריקעָם און מע בעלאַגערט די שטאָדט, ווי די סאָלדאַטען, איז דאָס דאָך שוין אַ מין מלחמה. הייסט עס, אַז מיין ציעג און מיין פערד האָט מען גענומען אין פלען בשעת מלחמה. הקיצור, וואָס זאָל איך לאַנג ברייען: מיר האָבען געבענשט גומל, וואָס מיר זענען אָבגעקומען מיט דער ציעג און מיט דעם פערד: זאָלען זיי פאַר אונז זיין אַ שענע, ריינע כפרה.

איך האָב אַביסעל מקצר געווען די פרטים פון דער מעשה, וואָרום מ' אָט וועגען דעם שוין געשריעבען באריכות אין די קינות, וואָס איינער פון אונזערע נייע פּאָעטען-קלאָגמוטערס האָט מחבר געווען לכבוד קאַבצאַנסק. איהר דאַרפט וויסען, אַז היינטיגע ביטערע יאָהרען, ווען סע שטעהען אויף אויז אויף אַזוי פיעל מזיקים און בייזע מחבלים, וואַקסען, קיין עין הרע, אין די יידישע צייטונגען נייע שרייבערס, ווי שוועמלעך נאָך אַ רעגען. אַזוי איז ביי אונז שוין די מאָדע, אַז יעדע נייע געשעהעניש, וואָס סע טרעפט זיך דעם כלל ישראל, סיי צו גוטען, סיי צו ש'עכטען, רופט אַרויס בע־זונדערע פּאָעטען און שרייבערס. דרשנים און שתדלנים, אָט אַ שטיינער ווי אַ בלאָטע, באַלד ווי סע צעגעהט דער שניי, בעוויזען זיך אין איהר זשאַבעס, וועלכע קוואַקען דאָרט די גאַנצע צייט, כל זמן ס'איז דאָ אַ ביסעל פייכטקייט; אַז סע ווערט אָבער אויסגעטריקענט די בלאָטע מיט דעם עפּ״ש, ווערען זיי אַנטשווינגען און סע בלייבט פון זיי ניט קיין זכר. איך וויל נאָר, אגב אורחא, פעררוכטען ביי יענעם מקונן עטליכע זאַכען, וואָס ער האָט געשריעבען ניט אמת. עס האָט זיך ביי איהם, פערשטעהט איהר מיך, אַזוי צעפּלאַקערט די מליצה, אַז ער האָט אריינגעבראָכט אין דער קינה אַזוינע מינ'ע ווערטער: „הוי, וועהגעשריעגען, טויזענדער הייזער זענען געוואָרען וויסט איג'ם טאָג פון שטראָף, צעהנדליגע טויזענטער יודען האָבען פערלוירען זייער עשירות. מענשען דערצוינגע־נע אויף זייד און פרעכטיגע פּאַלאַצען געהען אַרום אָהן אַ קלייד, הונגעריגע און דאָרשטיגע וואַלגערן זיי זיך אין אַלע גאַסען און א. וו.". אין אמת'ן איז קאַבצאַנסק אַ קליין שטעדטעל, ווי אַ גענעץ די גרויס, און ווען סע זאָל ניט זיין קיין איסור צו צעהלען אונזערע יודען, וואָלט איך איבערגעצעהלט אַלע קאַבצאַנסקער אין אַזוי פיעל צייט, וויפיעל ס'ע געדויערט אַ שטיינער ביי אַ יודען אַ קרעטער אָדער אַ סוחר דער וואָ־כעדיגער וואָרטעס. זינט קאַבצאַנסק שטעהט, איז דאָרטען קיין „פרעכטיגע פּאַלאַצען" ניט געווען, אפילו קיין גרויסע הייזער אויך ניט, א חוץ דעם שענק אינמיטען מאַרק — אַ נידעריגע געמויערטע דירה, ווי אַ פעלד־

קרעטשמע. און אויב דאָס רוב יודען, בפרט נאָך אין די קליינע שטעדט־לעך, זענען, כידוע, גרויסע קבצנים, זענען די קאַבצאַנסקער נאָך גרע־סערע ס׳לפנים, טאַקי ממש עניים ואביונים, ווער רעדט שוין פון „עשירות״! סע טרעפט זעהר אָפט, אַז מע האָט אַפילו ניט וואָס צו פערזועצען, כדי צו קויפען מעהל אויף שבת׳דיגער חלה. נאָר וואָס טויג אייך פיעל ברייען? כדי איהר זאָלט האָבען אַ השגה, וואָס קאַבצאַנסק איז, וועל איך אייך נאָר זאָגען, אַז איך, מענדעלע, אייער אַלטער בעקאַנטער, בין דאָרט פעררעכענט פאַר איינעם פון די פערמעגליכע בעלי־בתים, וואָס האָבען פרנסה בשפע! און וואָס פאַר אַ פרנסה איך האָב, פערשפאַר איך אייך דאָך דערצעהל׳ען, איהר ווייסט אַליין זעהר גוט, אַז סע איז ניט פון רויט־שילד׳ס פרנסות, אפילו ניט די פרנסה פון אַ עוסק בצרכי צבור אָדער אַ גבאי פון צדקה, קוים קוים, וואָס זי קען זיך גרייכען, בעוונותינו הרבים, צו דער פרנסה פון אַ יודישען שרייבער, ועלכער אַרבייט אין אַ רעדאַקי־ציע... איך זאָג דאָס ניט מעהר, נאָר כדי איהר זאָלט דערקענען די גרויסע מעלות פון אינזערע נייע פּאָעטען. זיי זענען, חלילה, ניט קיין פראָסטע מענשען, ניט ווי אַלע געוועהנליכע ברואים, וואָס דרעהען זיך אַרום אויף אונזער זינדיגער וועלט. זיי זעניען ווייט אָבגעשיידט פון די הבלי העולם הזה. מ י ר וואוינען אויף דער ערד, ז י י פליהען אין הימעל אַריין; מיר דערצעהלען דאָס, וואָס מיר זעהען, זיי דערצעהלען ס׳רוב דאָס, וואָס זיי האָבען קיינמאָל ניט געזעהען, וואָס ס׳איז ניט געשטויגען ניט געפלויגען; מיר ר י י ד ע ן ווי מענשען, פּראָסט פשוט, יעדערער קען אונז פערשטעהען, זיי ז י נ ג ע ן, האַקען מליצות, בראָקען פיוטים, שיטען מיט קנאַקענדיגע ווערטער, בינדען צונויף אַזוינע פסוקים, וואָס קלעבען זיך, ווי אַנ׳אַרבעס אין וואַנד, און ניט יעדערער איז זוכה צו פערשטעהען, וואָס זיי מיינען.

אין יענע טעג איז קאַבצאַנסק פאַר אַזאַ יודען ווי איך געווען דאָס איינציגע, וואָס אַ קעמפּע אינמיטען ים פאַר אַ מענשען, וואָס ס׳איז איהם אונטערגענאַנגען די שיף. דאָס פערדעל האָט מען, ברוך השם, פערנומען אין פלען, איז ניט געווען, ווער ס׳זאָל מיר פיהרען מיין סחורה איבער יודישע שטעדט, האָב איך זיך ניט געקענט ריהרען פונ׳ם אָרט. קיין אַ נייעס איז געווען, ווי זאָגט מען דאָס, אָפס כסף, פאַר קיין אַנדער גע־שעפט האָב איך זיך אויך ניט געקענט נעהמען. בין איך געזעסען אין קאַבצאַנסק אָהן אַ שטאָך אַרבייט. וואָס טהוט אַ יוד? פערברענגט מען די לעדיגע צייט אין בית־מדרש הינטער׳ן אויווען צווישען אַ חברה בטלנים,

וואָס האַלטען אין איין שמועסען וועגען פּאָליטיקע און מלחמה. איבער דער מעשה מיט די באָסיאַקעס האָט זיך מיין חברה שטאַרק געשאַרפט דעם מח, געאַמפּערט זיך, געדרשנ'ט מיט כונה. די פּ ש ט נ י ם צווישען זיי, די, וואָס זענען אין לערנען ניט געגאַנגען ווייטער פון אַ בלאַט גמרא אָהן מפרשים, אי דאָס איז דער טרוקענער בלאַט גמרא זיי אויך אָנגעקומען מיט גרויסע צרות, און אין „זוהר" האָבען זיי אַריינגעקוקט, ווי אַ האָהן אין „בני אדם", נאָר צוליעב דעם, ס'זאָל זיי פּעררעכענט ווערען די אָבּ־געזאָגטע בלעטלעך, — די דאָזיגע פּראָסטע ברידער האָבען געקוקט אויף דער מעשה זעהר פּשוט: אַ מענש האָט אַ פּערד, אַ ציעג און אַ קוה, איז דער שטייגער, אַז סע קומען ביינאַכט גנבים און גנב'ענען זיי אַוועק. אויב מע חאַפּט די גנבים ביי דער אַרבייט און זיי דערזעהען פּאַר זיך דעם בעל־הבית, האָבען זיי אַ ברירה: אָדער זיי וואַרפען אַוועק די אַרבייט אינמיטען און אַנטלויפען, אָדער זיי הערען דעם בעל־הבית ווי דעם קאָטער און טהוען זיך זייערס. אַז ער מאַכט אַ געוואַלד, ד. ה. ער גיט זיי אָנצוהערע־ניש, אַז זייער אַרבייט איז איהם ניט שטאַרק געפעלען, שענקען זיי איהם עטליכע קלעפּ און קולאַקעס און סטוסאַקעס, כדי ער זאָל שווייגען. דער־פון מאַכט זיך אַמאָל, אַז סע ווערט אַ גרויסער סכסוך. ווערדליג דעם דאָ־זיגען פּשט, איז די מהומה אין אונזער שטעדטעל גאָר ניט קיין יוצא מן הכלל, ס'איז אַ געוועהנטליכע זאַך, אַזוי איז דער סדר העולם. אַנדערע אָבער. די לומדים מיט די ש אַ ר פ ע קעפּלעך, די, וואָס זענען געניט אין תוספות און מהרש"א און מהר"ם שיף, האָבען זיך שטאַרק פּערטיעפט אין דעם ענין, אויפגעטאָן אַסך סברות, אויסגעטייטשט איהם גאָר אויף אַנ־אַנדער אופן. נאָך זייער מיינונג איז אויסגעקומען, אַז דאָס, וואָס ס'האָט זיך ביי אונז געטראָפען, איז אַ יוצא מן הכלל, אַז דעם ענין דאַרף מען פּ ע ר־ש ט ע ה ע ן, וואָרום אין איהם שטעקט זעהר אַסך כונות.

דער ראש וראשון און דער גרעסטער למדן צווישען דער דאָזיגער הינטער'ן־אויווען־קאָמפּאַניע איז דעמאָלט געווען גימפּעל. גימפּעל האָט אַלע זיינע יאָהרען געלעבט אין קאַבצאַנסק, און מקיים געווען די גמרא „יאה עניותא לישראל", נאָר טאַקי מיט אַלע דקדוקי עניות. געווען, נעבעך, אַנ־עני ואביון אין זיעבען פּאָלעס, נאָר דערפאַר זעהר אַ היציגע בריאה, ממש פלאַם־פייער. אַז ער האָט זיך עפּעס אַריינגענומען אין קאָפּ אַריין, סע מעג זיין אַפילו אָהן שום בעווייזען, גלאַט אַזוי על פי סברה, האָט ער ניט געהוהט, ביז ער וועט ניט איינרעדען יענעם, אַז זיין סברה איז דער ריינער אמת; דערביי דאַרף ער ניט האָבען קיין שכל'דיגע טענות, קיין

ראיות פון דער פראַקטיקע, — ער האָט מיט די, וואָס זאָגען: „ובאותות זה המטה" — דער בעסטער בעוויז איז דער שטעקען, די גזרה פון אַ תלמיד חכם — אַזוי היים איך, אַזוי פערשטעה איך, איהר מוזט גלייבען, אַקוראַט, ווי דאָס איז אַ הלכה למשה מסיני. טאָמער קווינקעלט זיך עמיצער, בטל'ט צו איהם גימפּעל אויס אַלע זיינע בייזע חלומות, טאַכט איהם גלייך מיט דער בראָטע, און לאָזט נאָך אויף איהם אַרויס אַ שם רע, אַז ער איז אַ כופר בעיקר, ער האָט פיינט דעם כלל ישראל. נימפּעל איז פון די, וואָס זיי האַלטען, אַז יודישקייט איז זייער חזקה: נאָר ער איז אַ יוד, די איבעריגע זענען אויך, מ'שטיינס געזאָגט, יודען; ער איז דער היך, דער המצית פון דער יודישער אומה, די איבעריגע זענען נאָר די שאָלעכץ, זיי זענען אַ תפל, און אַז עמיצער האַלט נים אַזוי ווי ער, גימפּעל, האַלט ער נים פונ'ם יודישקייט. אין דעם פּרט איז טאַקי נימפּעל אַנ' אמת'ער יוד, ווייל אַזוי ווי ער גלויבען באמונה שלמה אלע יודען פון דעם סאָרט. צוליעב די אַלערליי גימפּעלס, וואָס זיי האַלטען זיך פאַר'ן אויבערשטען פונ'ם שטייסעל, פאַר דער קרוין און דעם ציערונג פון דער כנסת ישראל, איז טאַקי ביי אונז דאָ אַזוי פיעל קנאה און שנאה און כחלוקת און רייסעגישען און ס'איז פערשוואונדען געוואָרען אונזער יודישע אחדות!

אַזאַ יוד ווי גימפּעל האָט זיך שטענדיג זיינע אייגענע חסידים — חניפה'ניקעס, אַ גאַנצע חברה גראָבע יונגען — צביועק'עס, נידעריגע ברואים, פליאָטקע-מאַכער, וואָס העלפען אונטער זייער תנא קמא, באָמקען איהם כסדר נאָך, האַקען ליגענס און מאַכען אָן מחלוקת, דאָס רוב נים פּאַר ליעבשאַפט צו איהם, נאָר מהמת זיי האָבען מורא, ער זאָל אויף זיי נים שיטען קיין פעך און שוועבעל, ער זאָל זיי נים דערגעהן די יאָהרען מיט זיינע שטעכווערטלעך. אגב מיינען זיי, אַז דורך זיין קאָמפּאַניע וועלען זיי אפשר ציהען אַ שטיקעלע חיונה, פערריכטען אַביסעל די ביטערע פרנסה, און אַמאָל — פאַר וואָס נים? — טאַקי פערזוכען דעם טעם פון כבוד אייך. צווישען די אַלע גימפּעל'ס מקורבים זענען צוויי, לעמעל און קאַרפּעל, איהם טאַקי געווען איבערגעגעבען מיט לייב און לעבען. די איבעריגע האָבען איהם אָבגעגעבען כבוד נאָר לפנים, און אין האַרצען פלעגט זיי טאַקי מטינה הנאה טאָן, אַז עמיצער האָט זייער גימפּלען אָנגעריבען אַ מאַררע; לעמעל און קאַרפּעל, פערקעהרט, האָבען אין איהם טאַקי געגלייבט. ביי זיי איז אַ וואָרט זיינס געווען קודש, חאָטש זיי האָבען עס נים פערשטאַנען. געוועהנטליך פלעגען זיי קיקען אויף גימפּעל'ס מתנגדים מיט אַ קרום שמייכעלע, וואָס ס'איז אין דעם געלעגען אַלצדינג: אי היזק, אי

רחמנות, אי פערוואונדערונג, ווי זיינער רעדט: „וואָס זענט איהר אינ־גאַנצען ווערט, מה אנו ומה חיינו? וואָס איז אייער חכמה מיט אייער קענטעניש, אומשטיינס געזאָגט? אַנטקעגען נימפּלען האָט איהר אַלע אַ פּנים, ווי פליעגען! נימפּעל איז הונדערט מאָל גערעכט, חאָטש מיר פערשטעהען ניט, וואָס ער רעדט, און איהר... עס! איידער מיר האָבען נאָך געהערט, וואָס איהר ווילט דבר'ען, ווייסען מיר, אַז ס'איז בלאָטע שבבלאָטע!..״ ווער ס'איז אַ מבין, איז איהם אַזאַ קוק מיט אַזאַ שמייכעלע ערגער, ווי אַ פּאַטש אין פּנים.

— ניין, ניין, איהר וועט מיר ניט איינריידען! — שרייט נימפּעל מיט אַנ'איספּעט — ניט צוליעב'ן פערדעל איז געקומען די צרה אויף קאַבּצאַנסק, וואָרום וואָס האָט אַ פערד פאַר אַ ווערדע, אַז מע זאָל צוליעב דעם מאַכען אַ תל פון אַ גאַנצער שטאָדט, עוקר מן השורש זיין אַנ'עדה מיט יודען? ניין, מסתמא האָט מען דאָ טאַקי געמיינט די גאַנצע קהלה, דאָס פערדעל, פערשטעהט איהר מיך, איז געוועזן ניט מעהר ווי אַנ' אויסרייד.

— אַוודאי, דאָס פערד איז געוועזן ניט מעהר ווי אַנ'אויסרייד! — זאָגט נאָך קאַרפּעל מיט גרויס כוונה.

— מע האָט דאָ טאַקי געמיינט די גאַנצע קהלה! — שרייט לעמעל און קוקט מיט אַ נצחון־שמייכעלע אַרום און אַרום.

— און וואָס האָט מען צו דער קהלה? — פרעגט איינער פון די פּראָסטע ברידער. — אפשר וועט איהר זאָגען: קנאה? אפשר איז זיי גרויס אין די אויגען אונזער עשירות, אונזערע מאַיאָנטקעס. אַז אָך און וועה צו מיינע שונאים. ס'איז זיך דאָ אין וואָס מקנא צו זיין! אדרבא, לאָז מען טאַקי זעהען, ווי אַזוי מיר מוטשען זיך. קיין פרנסה איז, ברוך השם, ניטאָ. דאָס טרוקענע שטיקעל ברויט קומט אָן מיט גרינע ווערים, מע הענגט כסדר אין דער לופטען, מע לעבט פונ'ם ווינד, און מע דאַנקט דעם רבונו של עולם, אַז מע קומט איבער אַ טאָג.

— וואָס „זיי״ גיבען אָב די חורים, וואָלט ביי מיר געוועזן גענוג פאַר מיינע בני בית אויף אַ גאַנצע וואָך, — זיפצט איינער אַנ'איינגעהויקערטער יוד מיט אַ פינסטער פּנים. — מע לעבט ערגער ווי אַ הונד, רחמנא לצלן, גאַנצע טעג קומט ניט קיין ביסען ברויט אין מויל אַריין. ווי אַזוי האַלטען מיר זיך נאָך אויף די פיס? ס'איז טאַקי גרויסע נסים, מעגט איהר מיר גלויבען. אז אָך און וועה איז אינז אַלע, וואָס איז דאָ צו ריידען. מיט אַ טאָפּ קאַרטאָפליעס קומט מען אָב פון ערב שבת ביז ערב שבת,

אי דאָס עסט מען עס אויך אין איין ציטערניש, כע קומט אָן מיט חרפות בזיונות, מיט וועהטאָגען, מיט שלעק...

— אפשר וועט איהר זאָגען — מענה'ט מיט היץ אַ דריטער פּשטן — אַז מ'איז זיך אין אונז גלאַט נוקם פאַר אונזער תּקיפות? גאָט אין הימעל! מיר זענען דען ניט קיין יודען, בני אברהם, יצחק ויעקב? איינגעבויגענע, דערשלאָגענע, דערשראָקענע, וואָס ציטערען אפילו פאַר'ן קלענסטען גוי?

— אַ סימן, — רופט זיך אָן נאָך איינער, אַ האַלבער שוטה, אַ האַלבער ליץ, אַ תּם'עוואַטער נפש, וואָס אַלע מאַכען פון איהם חוזק, — אַ סימן האָט איהר: די וואַנצען, די שפּינען מיט די איבעריגע מיאוס'ע בעשעפּעניש ען, וואָס פּרוכפּערען זיך און מעהרען זיך ביי אונז, און מיר ריהרען זיי, חלילה, ניט אָן; זיי זויגען אונזער בלוט, און מיר פּרובען אפילו ניט אַרויסצוטרייבען זיי פון זייערע לעכער, מיר זאָגען: זאָל זיך גאָט אָננעהמען אונזער קריוודע. איז שוין אַ כל שכן די פיינע בחורים, די באָרוועסע קאָמאַנדע, וואָס מיר האָבען זיי קיינמאָל אין אונזערע אויגען ניט געזעהען און קיינמאָל ניט געהאַט מיט זיי קיין מגע ומשא...

וואָס די חקרנים, די איבערגעשפּיצטע קעפּלעך, האָבען געענטפערט, האָב איך שוין ניט געהערט. סע האָט מיר שטאַרק פערקלעמט דאָס האַרץ אויף דער גאַנצער קאָמפּאַניע, סע האָט זיך מיר געוואָלט וויינען אויף זייער פינסטער מזל. בין איך אויפגעשטאַנען און אַרויסגעגאַנגען פון'ם בית-מדרש מיט אַ שווער געמיט.

נעהענדיג אין מאַרק, אַ פערביטערטער, אַ בעטריבטער, זעה איך, ווי גאַווריל'ע דער גאַרבער געהט אַרויס פון ברוך-אבא משולם-פייביש-חיה-פייגעס שענק און מיט איהם נאָך פיער גוים: מיקיטאַ און חוועדער די וועבער און וולאַס און אַלעקסע, וואָס מאַכען לאַפּציעס און קערבלעך, אַל'ץ היימישע גוים, תּושבים, וואָס זיצען ביי זיך אין דער היים. אַלע זענען שכור קוים וואָס זיי שלעפּען די פיס, זיי דרעהען זיך אַהין און אַהער און זינגען שכור'ע מיאוס'ע ליעדלעך, האָטש ס'איז היינט ניט קיין זונטאָג און ניט קיין חגא. די אלע גוים זענען טאַקי פון אונזער שטאָדט, און זייער גוי'אישער קהלה האַלט מען זיי פאַר לייטישע, עהרליכע, בכבוד'יגע מענשען. פּרנסה האָבען זיי דערפון, וואָס זיי אַרבייטען און פערקויפען דאָס אויסגעאַרבייטע אונזערע יודישע סוחרים. יענע צאָהלען במזומנים און פיהרען אוועק די סחורה אין גרויסע שטעדט איבערן גאַנצען לאַנד. אויף אַזאַ אופן האָבען קאַבצאַנסקער לאַפּציעס און קערבלעך בעקומען אַ שם אויף דער וועלט און סע קויפט זיי זעהר גערען.

צוליעב די יודישע סוחרים האָבען די גוי׳אישע בעל־מלאכות שטענדיג אַ סך אַרבייט און פערדיענען גאָר ניט שלעכט. אין אַ נויט, אַשטייגער פאַר אַ חגא, אָדער אַז סע טרעפט זיך אַ פגר, אָדער, פערקעהרט, אַ הוליאַנ־קע, אַ חתונה, אַ שמחה, קומט זיי דער יודישער סוחר צו הילף, גיט זיי עטליכע קערבלעך אויף באָרג, זיי זאָלען נאָכדעם אָבאַרבייטען. צוליעב דער פרנסה זענען די היגע גוים שטאַרק אויפגעטראָגען מיט די יודען, פיהרען גוט־ברודערשאַפט נאָך פון קדמונים, געהען איינס צום אַנדערען צו גאַסט און האַלטען זיך אַנ׳עצה, ווען סע ווערט עפעס ענג. גוי׳ם קו־מען צו אַ יודען אין שטוב אַריין, קענען די קינדער ביי׳ם נאָמען; שפיע־לען זיך מיט זיי, טרייבען קאַטאָוועס, און די קינדער רופען זיי „פעטערס“: פעטער מיקיטאַ! פעטער גאַוורילע! און ריידען מיט זיי יודיש. אַז אַ יוד מאַכט חתונה אַ קינד און סע שפיעלען ביי איהם כלי־זמר, קומען געוועהנטליך די „פעטערס“ אויך אויף דער חתונה; אַז דער עולם האַלט זיך ביי די זייטען פון דעם בדחנ׳ס דרשה, לאַכען זיי אויך מיט אַלע אינאיינעם. זיי ברענגען דעם בעל־שמחה דרשה־געשאַנק, ווער אַ האָהן אָדער אַ הוהן, ווער עטליכע צעהנדליג אייער, אַ פלעצעל האָניג, אַ מעסטעל קאַרטאָפליעס וכדומה. שמחת־תורה אויף דער נאַכט, אַז מע פיהרט די גבאים און שוהל אַריין מיט אַ געזאַנג און אַ געפילדער, און מע שפרינגט און מע טאַנצט מיט אַ שמחה און אַ חדוה און אַ פלעסקערייי, אַז ס׳איז ממש הימעל עפען זיך, אָדער צו די הקפות, אַז מע קריגט זיך און מע שעלט זיך אין טאַטענ׳ס טאַטען און מע רייסט זיך באָרד און פאות, ווי דער שטייגער איז, און מע זינגט און מע העצקעט זיך און מע פרעהט זיך אַנטקעגען דער תורה, זענען גאַוורילע מיט חוועדער׳ן מיט אַלעקסע׳ן אויך דאָ, זיי שטעהען פערקוועטשט צווישען עולם יונגלעך מיט ווייבער און שריי׳ען „צאן קדשים!“ גלייך מיט אַלע יודען.

גאַוורילע׳ן האָב איך געקענט שוין פון לאַנג, נאָך זינט ס׳איז מיר געפּגר׳ט דאָס ערשטע פערדעל, וואָס האָט מיר איבערגעלאָזט בירושה די פעל און גאַוורילע האָט זי מיר אויסגעאַרבייט. די איבעריגע פיער גוים האָב איך אויך געקענט. טראַכט איך מיר: איך וועל צוגעהן צו זיי, מאַכען מיט זיי אַ שמועס, לאָמיך הערען, וואָס זאָגען זיי אויף אונזער אומ־גליק. אפשר וועט מיר אַביסעל גרינגער ווערען אויפ׳ן האַרצען.

— גאָט העלף! — זאָג איך גאַוורילע׳ן און פערנויג זיך פאַר איהם מיט דרך־ארץ, שאָקעל מיט קאָפּ און טהו אַ רוק דאָס היטעל אויף דער פּאַטילניצע: עלעהיי אַראָבגענומען, הייסט עס.

— זשיר! — ענטפערט גאַווריִלע מיט עזות, אַריינלעגענדיג אין דעם וואָרט אַזוי פיעל בזיונות, וויפיעל ס'איז נאָר מעגליך, און שטעכענדיג מיך מיט די אויגען.

— גערעכט, גאַווריִלע-לעבען! — ענטפער איך צוקער-זיס און מאַך זיך תּמ'עיוואַטע משום דרכי שלום, אַקוראַט ווי איך פערשטעה ניט, אז ער וויל מיר אָנטאָן אַ בזיון, — אַודאי בין איך אַ זשיד, דיין בעקאַנטער זשיד מענדעל!

— מענדלאַ, מענדלאַ! — שפּעט פון מיר גאַוורילע און נעהמט די פּאָלע פון דער סוויטע און מאַכט פון איהר אַ „חזיר'שען אויער": — אָט האָסטו דיר, זשיד חאַלאַמיי!

דאָס האָב איך שוין ניט געקענט איבערטראָגען: אַ הונד, להבדיל, שווייגט דאָך אויך ניט, אַז מע טשעפּעט זיך צו איהם, אַ כל שכּן אַ מענש. קירעווע איך זיך אויס צו דער איבעריגער חברה, אַקוראַט ווי איך פערלאָז זיך אויף זייער יושר, און זאָג מיט אַ טענה:

— אדרבא... זאָגט איהר, גוטע מענשען, פאַר וואָס קומט דאָס מיר?... דאַכט זיך, גאַווריִלע אַזאַ ליטישער גוי, וואָס זשע זידעלט ער מיך אומזיסט אומנישט?...

— ביזט אַ זשיד! — שרייט מיקיטאַ אויס מיט אַ בייזער.

— ביזט אַזאַ „מאָשעניק", ווי ברוך דער שיינקער, פערחאַפּט זאָל ער ווערען, — שילט אַלעקסע און שענקט ברוך'ן אַ „מי שברך" אונטער די אויגען, דערמאָנענדיג זיין מאַמע'ן.

— אויב אַזוי, — פרעג איך זיי אַ הארבע קשיא, — אויב אַזוי, וואָס זשע נעהמט איהר צו ברוך דעם מאָשעניק טרינקען בראָנפען, איהר האָט דאָך אַ גוי'אישען שיינקער אויך?

— יענער איז נאָך אַ גרעסערער מאָשעניק, ווי דער זשיד, ענטפערט די חברה, — ער מישט דעם בראָנפען מיט וואַסער; הייגט ניט דאָך ברוך אויף באָרג, און יענער וויל ניט.

— ימח שמו זאָל ווערען ברוך'קע דער מאָשעניק, — ברומט גאַוורילע און קלאַפּט זיך מיט אַ קולאַק אין האַרצען. — ער באָרגט, נאָכדעם מאָנט ער... איך האָב קיין געלט ניט, פערשאָלטענער זשיד! הערסט? אזאַ בלוט-זויגער... איך האָב ניט!

— ווער זשע נויט דיך טרינקען? — פרוץ איך בערוהיגען גאַווריִלע'ס רציחה. — אַז דו צאָהלסט דיין חוב ניט, איז יענער, וואָס באָרגט דיר, אַ בלוט-זויגער?

— ער פערנאַרט מיך, דער טריפה'נער זשיד, ער פעררופט מיך אַלעמאָל צו זיך אין שענק אַריין, ס'איז אַ יצר הרע... — שטאַמעלט גאַוורילע.

— אַי, גאַווריל ע, גאַווריל ע! — זאָג איך, שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ. — לאָמיר זיך ניט נאַרען, לאָמיר ריידען דעם רעכטען אמת. דיין יצר טוב מוסר'ט דיך, וואָס דו שכור'סט, ווילסטו אַרויפלעגען דעם חטא אויף יענעם. טהוט דען אַזוי אַ ליטישער מענש? אַ גמרא זאגט: „ניט די מויז איז דער גנב, דער לאָך איז דער גנב". מילא, איז אַ מויז — אַ נאַריש בעשעפעניש, דו ביזט דאָך אָבער עפּעס אַ מענש, גאַווריל ע, האָסט שכל און האָסט אַ פרייען ווילען, וואָס זשע איז עמיצער שולדיג, אַז דו קענסט ניט ביישטעהן אַנטקעגען דיין יצר הרע? זיי זיך מודה, גאַווריל ע־לעבען, אַז דו ביזט אומגערעכט, וועט דיר גאָט דערפאַר מוחל זיין די עבירה.

גאַווריל ע לעגט אַנידער ביידע לאַפּעס אויף מיינע אַקסלען, שאָקעלט מיט'ן קאָפּ און קוקט אויף מיר און שווייגט אַ שטיקעל צייט. נאָכדעם זאָגט ער מיט אַ פריינדליכען שמייכעל: אַי זאָל דיך האַפּען דער שוואַרץ יאָהר, מענדלאַ! ביזט גערעכט... איך האָב דיך ליעב, מענדלאַ, אויף מיין וואָרט! קום וועלען מיר מאַכען אַ כוס'ע, ח'לעבען...

איך זעה, אַז ס'איז אַ עת רצון, מוסר איך איהם ווייטער, אַלץ מיט אַ גמרא.

— זעהסט, גאַווריל ע, אונזערע חכמים זאָגען: „עבירה גוררת עבירה"; אַז מע טרינקט, אַרבייט מען ניט, אַז מע אַרבייט ניט, ווערט מען אַ בעלן אויף יענעמס אין מע...

— ניין, ניין, מענדלאַ, — שלאָגט מיך גאַווריל ע איבער אינמיטען די רייד, — איך וועל בעצאָהלען, וואָס איך בין שולדיג ברוך'ן, האָב ניט קיין דאגה. איך וועל בעצאָהלען, אָט ווי דו זעהסט מיך לעבען. נאָר וואָס זאָל איך טאָן, — ער הויבט פּלוצלינג אָן צו ריידען מיט אַ וויינענדיג קול, — אַז איך האָב איצט ניט, איצט האָבען מיר קיינער ניט, ניט איך, ניט די איבעריגע גויים. ניטאָ, מענדלאַ, קיין געלט!

— ניטאָ קיין אַרבייט, מע פערדיענט ניט, זינט ס'איז געוועזען אָט די רציחות אין שטאָדט. אַ סך פון די הענדלער זענען געוואָרען קבצנים, צאָהלט מען אונז ניט פאַר אונזער סחורה. נו, און אַז מע געהט אַרום לעדיג, ציהט אין שענק אַריין. — אַזוי רופט זיך אָן וולאַס, אַ געזעצטער גוי, איינער פון די חשוב'סטע צווישען זיינע ברידער. דערביי טהוט ער

אַ פֿאָהר מיט דער האַנד איבער דער פּאַטילניצע און לאָזט אַרויס אַ שוועַ־רען זיפֿץ.

— ווער זשע איז אייך שולדיג? — בייזער איך זיך. — אַי, גוים, גוים!

— ווער איז שולדיג? — וואונדערן זיי זיך. — לאָזען „יענע“ זאָ־גען. יענע דערצעהלען אונז, אַז פֿרעמדע לעבען פֿון אונזער אַרבייט, אַז רק מע ראַבעוועט אונז, מע זויגט אונזער בלוט, דער גר, זאָגען זיי, ווערט אַלעמאָל רייכער, קריכט אין די פֿעדערען אַריין, און מיר, די היימישע, זאָגען זיי, ווערען וואָס אַ טאָג אָרימער. אָט אַזוי דערצעהלען זיי אונז, מחמת זיי האָבען אויף אונז רחמנות.

— דער רוח זאָל נעהמען די בעל־רחמנות! — זאָגט וולאָס טרויעריג, מיט אַ שווער געמיט. — פֿון וואַנען האָבען זיי זיך גענומען, די אַלע וואוי־לע דרשנים, וואָס מאַכען זיך אומגעבעטענערהייט פֿאַר אָפּעקונעס איבער אינז. מיט'ן מויל ריידען זיי גלאַטע ריידעלעך, און אין האַרצען ביי זיי ליעגט אַ שוואַרץ יאָהר, גלויבט מיר, אַנו, פּרובט אומיסנע, בעט נאָר די דאָזיגע באַרעמהערציגע, וועלען זיי אונז אפשר געבען האָטש איין צעבּ־ראָכענעם גראָשען, אַז ס'איז אונז ענג? וועלען זיי אפשר ניט אויסניצען אונזער ביטערע צייט און ניט פֿערקלענערען אונזער געצאָהלט, אַז זיי וועלען דאַרפֿען האָבען אונזער אַרבייט? ברידער, שפּייט זיי אָן אַ פֿול פּנים און לאָזען זיי אַלע גערן צו אַל די רוחות!

— צו אל די רוחות! — ענטפֿערט די חברה אַלע אינאיינעם. — זאָל זיי נאָך שיקען מכות מיט בכורות...

— מענדלאַ, איך האָב דיך ליעב! אויף מיין וואָרט! לאָז, מענדלאַ, וועל איך דיך אַ קוש טאָן! — היצט זיך גאַווירילע און נעהמט מיך אַרום.
— קוגעל וועסטו מיר געבען, אַז איך וועל קימען שבת?

— און איך, — זאָגט מיקיטאַ, אָנבלאָזענדיג די באַקען, אַקוראַט ווי ער וואָלט שוין געהאַט אַ פֿול מויל, — איך האָב ליעב יודישע גע־פֿילטע פֿיש. צוליעב זיי אַליין, צוליעב די פֿיש, איז כדאי צו ליעב האָ־בען דעם יודען.

— וואָס מיר יודען און וואָס מיר גוים! — חקירה'ט אַלעקסע, קנייטשענדיג דעם שטערן. — זייער אמונה, אונזער אמונה, זייערע מנהגים, אונזערע מנהגים — אַלץ היינו הך. ביי אונז פּאַסחאַ, ביי זיי — פּסח, ביי אונז חוועדער, ביי זיי טודרוס...

איך געזעגען זיך מיט דער חברה און געה אַהיים שטאַרק צופֿריע־

דען, וואָס איך האָב נושא חן געווען ביי גאַווריל'ען מיט זיינע חברים.

אַז איך בין אויפ'ן אַנדערן טאָג געקומען אין בית־מדרש אַריין, האָב איך געטראָפען די חברה זיצען און ריידען אַלץ וועגען דעם אייגענעם עסק, די הרובע איז גוט אויסגעהייצט, דער עולם איז שטאַרק אריינגעטאָן אין שמועס, מע פילדערט, מע היצט זיך, די פנים'ער פלאַמען. סע איז צו־געקומען עטליכע נייע מענשען אויך, אַ סימן, אַז דער ענין, וואָס מע בע־טראַכט דאָ, איז זעהר חשוב. סע שטעהט די שאלה: וואָס טהוט מען? — מיר זענען געוואָרען עניים, אביונים, די הייזער — חורבות, די קלייטען צעראַבעוועט, מע איז קוים אַרויס מיט'ן לעבען. קאָבצאַנסק איז געוואָרען אַ פוסטקע, דער מסחר — אַ תל, ניטאָ קיין געשעפטען און ניטאָ קיין האָפע־נונג אויף בעסערס! זאָגען די פראָסטע ברידער: מע דאַרף ניט טאָן גאָר ניט, סע איז אונז ניט קיין גאָווינע. מיר זענען אַלע יאָהרען, ברוך השם, גרויסע קבצנים, די פרנסה קומט אונז שטענדיג אָן מיט קלעמעניש. פוני־דעסטוועגען זענען מיר, מיט גאָט'ס הילף, ניט געשטאָרבען, מיר האָבען אי קינדער געהאַט, אי חתונה געמאַכט, אי מיר לעבען איצט אויך ווי עס איז. אויב ס'האָט זיך אונז איצט געטראָפען אַנ'אומגליק, איז מילא בבן, קאַרג אומגליקען טרעפען זיך אויף דער וועלט. ס'איז דאָך ניט מעהר, ווי אַ צופאַל, דאַרפען מיר האָבען בטחון אויף דעם, וואָס לעבט אייביג, אז ער וועט אונז געבען כח איבערצוטראָגען אַלע אונזערע צרות און מיר וועלען נאָך, אם ירצה השם, דערלעבען צו בעסערע יאָהרען, ווען די קאַבצאַנס־קער לאַפציעס וועלען זיך צוגעהן אויף דער וועלט אין די מיליאָנען — וואָרום אַלע וועלען זיך אָנטאָן אין לאַפציעס, — און קערבלעך און אויסגע־אַרבייטע פעל וועט מען אויך אַרויספיהרען גאַנצע אוצרות. די גאַווירילעס מיט די מיקיטעס זענען איצט אויך אין דער ערד. זיי האָבען ניט קיין פרנסה אַזוי ווי מיר. לאָז נאָר איבערגעהן עטליכע וואָכען, וועט ווייעדער אַלצדינג ווערען ווי פריהער, און — עולם כמנהגו נוהג. דערווייל אָבער איז דאָ איין עצה: אמונה! תפלה טאָן צום רבונו של עילם, גוזר תענית זיין, זאָגען תהלים און סליחות...

ענטפערען דערויף די למדנים: ס'טייטש, ווי קען מען זיך דאָס פער־לאָזען אויף נסים? דאָס הייסט דאָך: אויספרובען דעם רבונו של עילם, דאָס איז דאָך אַ גרויסע עבירה. אדרבא, וואָס וועלען מיר אויסזיצען אָט אַזוי אָ, מיט צונויפגעלעגטע הענד? ביז וואַנען איז דער שעור — ביז מיר וועלען אַלע אויסגעהן פאַר הונגער? געדענקט: אם אין אני לי מי לי?..

זאָגען די פשטנים: נו, גוט, לאָמיר זיך לאָזען איבער יודישע שטעדטן, צווישען אונזערע ברידער, רחמנים בני רחמנים. זיי האַלטען דאָך אויס אי ענינות, אי נשרפים, אי אורחים און איינקלעך, אי גבאים פון הכנסת כלה, אי בטלנים, ירושלמים, מגידים, משולחים — אַלע די, וואָס געהען אין די הייזער. היינט אויב אונזערע יודעלעך זענען מפרנס אַזוינע אַלט־פרענקישע אביונים, וואָס מע קען זיי שוין פון כמה דורות, איז דאָך אַ קל וחומר, אַז אונז, נײַ־מאָדנע, שפּאָגעל נייע קבצנים, וועלען זיי אודאי אויפנעהמען נאָך מיט גרעסערען כבוד? נאָר לאָז זיין, אַז זיי וועלען אונז ניט האַלטען חשוב'ער, ווי אַנדערע. גוט. אָבער על פּי גזרה שוה איז דאָך דער שכל מחיב, אַז מיר זענען ניט ערגער ווי ענונות אָדער נשרפים?

ווערה צו די יאָהרען! — זיפצט מען צווישען עולם. — די אָרימקייט אין תּחום איז היינט אַזוי גרויס, אַז סע איז נימאָ קיין האָפנונג צו מפרנס זיין זיך ניט מיט אַ קל וחומר און ניט מיט אַ גזרה שוה. וואָס, ס'איז דען דאָ וועניג קברים אין קאַבצאַנסק, וואָס מיר זאָלען געהן שטאַרבען אין יודישען תּחום?

— דאַרף מען געהן מחוץ לתּחום! — זאָגט איינער פון די קאַב־צאַנסקער.

— צוריק אַהיים! — רופט זיך עמיצער אָן. סע ווערט אַ טומעל מיט אַ געפילדער...

— שטילער, שאַ! — שרייט לעמעל אויף אַ קול. — שאַ'ט, רבותי, גיטפעל וויל עפּעס רייִדען.

— מע זאָגט: בית יעקב לכו ונלכה!... — הויבט אָן גיטפעל בשעת סע ווערט צווישען עולם אַ שושקעניש: ששש... ששש..., מחמת יעדער איינער וויל איינשטילען דעם צווייטען. — ווען מע בעטראַכט דאָס פון איין זייט, וואָלט איך געקענט זאָגען — שטילער. שטילער, רבותי! זשומעט נים אַזוי ווי די פליעגען — אַזוי וואָלט איך גיזאָגט, ווען איך בע־טראַכט דאָס פון איין זייט, פון דער אַנדערער זייט איז אָבער גוט, אַז סע טראָגען די פיס בשעת מע בראָגט אַייך דער נעראַנק, דאָס הייסט...

— וואָס רעדט ער דאָרט? — פרעגען די, וואָס שטעהען פון דער ווייטענס. — זאָגט אונז, וואָס מיינט ער?

— מיר ווייסען אויך ניט, — ענטפערען די, וואָס שטעהען נעהענ־טער. — ער רעדט ניט קיין קלאָרע דבורים, נאָר ער דרעהט אהין און אהער, קומט אויס, אַז מיט איין פוס שטעהט ער אין התחום און מיט'ן אנדערן — מחוץ לתחום.

— אַ רוח אין דיין טאַטענ'ס מאַמע'ס ערד אַריין! — שילט קאַרפּעל איינעם פון דער חברה און איז גרייט איהם צערייסען ווי אַ הערינג, דער־פאַר, וואָס ער האָט זיך אַ קרים געטאָן פון גימפּעל'ס דרשה.

סע ווערט אַ מחלוקת, אַ געשריי, אַ יריד. מע אַמפּערט זיך און מע קריגט זיך און מע שעלט זיך און מע זאָגט זיך, וואָס אין דער קאָרט.

איך האָב געוואָרט אָנזאָגען מיינע ליעבהאַרציגע ברידער די גוטע בשורה, אַז גאַווריל און מיקיטע מיט זייער קאָמפּאַניע זענען שוין, מיט גאָט'ס הילף, ניט ברוגז, אַז איך האָב אליין געהערט, ווי זיי לויבען אונז: אַ וואוילער יורישער קוגעל, טייערע יודישע געפילטע פיש! איך האָב אָבער דערזעהען, אַז סע איז אַ שעת רוגזא און קיינער וועט ניט הערען, האָב איך זיך געמוזט איינהאַלטען און ניט דערצעהלען די טייערע נחמה.

די קאַבצאַנסקער חכמים האָבען גע'חקירה'ט, און די קאַבצאַנסקער בעלי־בתים זענען געוואָרען אַלעמאָל גרעסערע אביונים. סע איז אַוועקגע־גאַנגען אַ שטיקעל צייט, האָט מען אָנגעהויבען אַרויסצופאָהרען פון קאַב־צאַנסק, אַנטלויפען, וואוהין די אויגען טראָגען.

גאָט האָט אָבער קאַבצאַנסק ניט פערלאָזט און האָט אונז צוגעשיקט אַ נייע פּאַרטיע קבצנים. ספירה־צייט, אַכט טאָג נאָך פּסח, איז אַריינגע־קומען אין שטאָדט אַריין אַ חאָפּטע יודען מיט ווייבער מיט קינדער, אָבגעריסע־נע, אָבגעשליסענע, פערוואָגעלטע, פערוויינטע — דאָס זענען געווען דאָרפס־יודען פון די אַרומיגע דערפער. זיי האָבען מיט געוויין און יללות דערצעהלט, אַז סע איז זיי בעפאַלען אַ גרויסע קאָמפּאַניעס באָסיאַקעס, צעראַבעוועט זייער האָב און גוטס, אַ תל געמאַכט פון זייערע הייזער, ווי זענען געבליבען נאַקעט און באָרוויס און קוים זיך אַרויסגעראַטעוועט מיט'ן לעבען. האָבען מיר שוין געוואוסט, אַז דאָס, וואָס סע איז געשעהען אין קאַבצאַנסק, איז געשעהען אומעטום, אַז סע איז אַזאַ אָנשיקעניש אויף דער וועלט.

עס זאָל זיין דער ווילען פון פאַר דיר, גאָט אין הימעל, — האָב

איך מיר געטראכט, — אז דו זאָלסט ווידער אויפריכטען דיין שטאָדט אין גיכען, לעת עתה מוז מען דאָך אָבער עסען און טרינקען, וואָס וועט זיין דער תכלית — זיצען הינטער'ן אויווען און פיהרען שענע געשפרעכען? האָב איך זיך גענומען וואַרפען אויף אַלע זייטען, גענישטערט, געאַקערט מיט דער נאָז, ביז איך האָב בעקימען אַ פערד און וועגעלע און אײַנגעקויפט אַלטע און נייע יודיש׳ע ספרים. איצט פאָהר איך אַרום מיט מיין סחורה אַלע יאָהר פון שטאָדט צו שטאָדט, וואו נאָר סע וואוינען אחינו בני ישראל, אָבער אַהיים קום איך קיין גלופסק, וואָרום דאָ וואוין איך איצט, דאָס איז איצט מיין מקום מנוחה.

## ענדע



קריטיק איבער

אלע ווערק פון

# מענדעלע מוכר ספרים

(ש. י. אבראמאוויץ).

# קריטיק

איבער

# מענדעלע מוכר ספרים.

---

פערקויף: געזעלשאפט „צענטראל“, ווארשא.

# אינהאלט:

# מענדעלי מוכר־ספרים.

(שלום יעקב אַבראַמאָוויטש.)

---

## זיין לעבען און זיינע ווערק.

איך געדענק: מיט דער אייזענבאַהן, אין דער דריטער קלאַס, פאָהרט אַ יונגער־מאַן און האַלט אין דער האַנד אַ בוך. דער יונגער מאַן איז זעהר פערטיעפט אינ'ם לייענען. דרויסען ליעגט אויסגעגאָסען דער גליהעדיגער זומער אויף פעלד און באַרג, אויף בוים און שטיין און אויף די טעלעגראַפען־שטאַנגען, וועלכע לויפען פאַרביי, און די פינק־פייגעל און די לעך־פייגעל טשוויטשערען, אַז עס נעהמט אַזש אָן ביי דער נשמה — דער יונגער־מאַן אָבער זעהט נישט און הערט נישט. זיין גאַנצער זין איז געפאַנגען גענומען פונ'ם בוך. עפעס האָט ער דאָרט פאַר זיך איינעם, אַ ליב מלמד, וועלכער געהט זוכען פרנסה, דען ער איז געוואָהר געוואָרען, אַז עס זענען, ברוך־השם, פאַרהאַן פרנסות אויף דער וועלט אויך חוץ מלמדות. אַ וואונדערליכער בריה איז דער דאָזיגער מלמד. פון זיין זייט איז קיין מניעה נישט דאָ, ער זאָל זיך נעהמען צו וואָס פאַר אַ מלאָכה עס איז, צו אַ שניט־קראָם אָדער צו אַ פאַבריק, צו ווערען באַנק־דירעקטאָר אָדער צו האַנדלען מיט אתרוגים. וואָס איז דאָ די נפקאָ־מינה? אַ איד איז, ברוך־השם, פעהיג צו אַלסדינג; השם־יתברך מוז נאָר געבען, ער זאָל האָבען אַ שטיקעלע מזל און אַזוי ווייטער. ליב מלמד שטעלט זיך אָב ביי אַ תבואה־שפייכלער, נעהמט אַ האַנדפול ווייצען און זיפט זי דורך די פינגער, ווי איינער, וועלכער קוקט־דורך אַ פראָבע, אום צו וויסען, וואָס זי איז

ווערט. אַ צוויימער איד שפרינגט־אונטער אין פרענט, אויב ער וויל קויפען, און ר׳ ליב דערלאַנגט אַ שאָקעל מיט׳ן קאָפּ און אַ ציה מיט דער נאָז, יענעם ציה, פון וועלכען עס הערט זיך אַ „ניין" אָהן ווערטער. חער מיר ווייצען, וואָס מיר ווייצען — אלא וואָס דען האָט ער גע־זיפט? אַ קשיא אויף אַ מעשה! אַ איד דאַרף זיך קענען אויף אַלסדינג, טאָמער מאַכט זיך אַ מעשה, ער וועט אַמאָל דאַרפען ווערען אַ תבואה־סוחר, זאָל ער קענען זאָגען: אין ווייצען האָב איך, ברוך השם, אַ שטאַרקע ידיעה; געגונג ווייצען איז מיר אין מיין לעבען דורך די האַנד געגאַנגען און אַזוי ווייטער און אַזוי ווייטער. ר׳ ליב ליעגט אין דער אַכסניא אויפ׳ן בעטעל מיט׳ן פנים אַרויף, פערזונקען אין שלאָף, און בלאָזט און טראָמפּייטערט מיט דער לאַנגער און קרומער נאָז ווי אַ שופר, און זיין קאָלענע שטעהט איבער איהם מיט אַ ליכט אין דער האַנד און בעטראַכט איהם און מעסט איהם מיט די אויגען אַלע זיינע אברים. דער גוף, משטיינס־געזאָגט, עפעס אַ שטיק שאַרבען, טרוקען ווי אַ טרוקענער בוים, דאַר און אָהן אַ כזית פלייש. די הענד, ווי די דינע אויסגעדאַרטע שפּענדלעך, און די בלויע אָדערען זענען אָנגעשוואָלען און טרעטען שטאַרק אַרויס. דאָס פנים איז אַ מין אַלטע חורבה: איינגעפאַלענע באַקען, איינגעזונקענע אויגען, אַ לאַנגע נאָז מיט אַ גאָרב, וועלכע הויבט זיך אויף און שטאַרט אַרויס פון דער מיט, ווי אַ קוימען פון אַ הויז נאָך אַ שרפה, אין וועלכען דער דאַך איז פערברענט גע־וואָרען, און נישט ווייט פון דאָרט אַ אָרעמער, דאַרער בעזעם — דאָס קורצע, גראָהע געוואָרענע בערדעל. דער חבר מיט׳ן ליכט אין דער האַנד קוקט, און פלוצלינג פערשטעהט ער, און ער בעטראַכט איהם מיט אַ געפיהל פול פעראַכטונג און טראַכט זיך: „ווי שען איז דער דאָזיגער בריה, ווי נרויס איז די בריה׳שקייט פונ׳ם דאָזיגען „ארבייטער"! וואָס האָט עס נעטויגט אַ זעלכען, צו געהען אין דער וועלט אַריין און צו זוכען אַ נייעם לעבען? באַלד אָבער זאָגט דער דאָזיגער בעטראַכטער צו זיך אַליין: „און דו אַליין, צו וואָס האָט דיר געזאָלט דאָס דאָזיגע נאַרישקייט?" און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער.

דער יונגער מאַן האָט צופעליג אויפגעהויבען די אויגען פונ׳ם בוך און האָט זיך פערחלומטערהייד אַרומגעקוקט. עפּיס אַ איד, אויסגעווייקט און אויסגעדאַרט, זיצט אינ׳ם וואַגאָן אויף איינער פון די בענק און רעדט מיט זיינעם אַ חבר און איז איהם מסביר אַיין עסק וועגען אַ שטעל פון אַ דירעקטאָר פונ׳ם עלעקטרישען טראַמוויי, צו וועלכער ער בעדאַרף

נאָר די האַנד אויסצושטרעקען, האָט ער זי שוין. אַ צווייטער איד זיצט אויף אַ צווייטער באַנק מיט זיינעם אַ בעקענטען און בשעת רעדען טאַפּט ער איהם ביי דער פּאָלע פון זיין קאַפּאָטע און זאָגט איהם מבינות אויפ׳ן טוך און וויפיעל עס איז ווערט און דרך־אגב ווי לאַנג עס וועט אויס־האַלטען. אויף דער דריטער באַנק שלאָפט אַ איד מיט׳ן פּנים אַרויף און שנאָרכט און בלאָזט, און זיין גוף איז עפּעס אַ שטיק צעבראָכענער שאַרבען, דאַר און אָהן אַ כזית פלייש.

דער יונגער מאַן האָט געדאַנקענלאָז ווידער אַראָבגעלאָזט די אויגען אין בוך אַריין און האָט ווייטער געלייענט.

וואונדערבאַר! ער האָט גאָר נישט געפיהלט, אז ער האָט גע־האַט אויף אַ מינוט מפסיק געוועזן. אַלעס, וועלכעס ער האָט דאָ גע־זעהען אינ׳ם וואַגאָן אַרום און אַרום, איז איהם פאַרגעקומען, ווי ווען עס וואָלט געווען גלייכפאַלס נאָר אַ שורה פונ׳ם בוך אַרויס און דער זעלביגער מחבר האָט אויך זי געשריבען. ער האָט זיך גאָר נישט גע־פיהלט אונטערבראָכען.

און דער יונגער מאַן פערטיעפט זיך ווידער אין זיין בוך און ער לייענט ווייטער: „... די היץ פלאַקערט. אַ הונד ציהט זיך אויס אויפ׳ן בויך און עטהעמט שווער פאַר גרויס וואַרעמקייט. צייטענווייז הויבט ער אויף דעם קאָפּ, שטעקט אַרויס דעם צונג און דערלאַנגט פּלוצלינג אַ חאַפּ — און האָט אַ פליעג אינ׳ם מויל. אַ הוהן מיט אויסגעשפּרייטע פליעגלען קויערט אין אַ ווינקעל, און פון אונטער איהר הערט זיך דאָס פּיפּטשען פון די יונגע היהנדלעך. די דאָזיגע משפּחה האָט יעצט איהר אָברוה־צייט נאָכ׳ן אַרומלויפען און אַרומנאָרען אינ׳ם מיסט. עס זעהט זיך קיין לעבעדיג נפש, אַלעס איז שטיל און ווי פערגליווערט. קיה פּאַשען זיך אין פעלד, די קינדער זענען איינגעשלאָסען אין די חדרים און די גרויסע געהניצען און שטרעקען זיך, ווער אין דער היים און ווער אין קראָם, און געהען־אויס פאַר אַ טרונק קאַלט וואַסער. אויף אַ וואַנד קלעטערט אַ קאַץ, און פּלוצלינג אין דער מיט אויף דער וואַנד שטעלט זי זיך אָב, דרעהט־אויס דעם פּנים און קוקט און טראַכט, אויב זי זאָל ווייטער קלעטערן אָדער זי זאָל צוריק אַראָב. פון ווייטען ציהט זיך אַ גרינער פּאַס פון בוימער דאָרט, וואו דער הימעל לאָזט זיך אַראָב...“

דער אייזענבאַהן־צוג האָט זיך אין דער דאָזיגער מינוט אָבגע־שטעלט אויף עפּעס אַ סטאַנציע אויפ׳ן פעלד. דער יונגער מאַן לעגט אוועק דאָס בוך אויף אַ ווייל, און קוקט אַרויס דורכ׳ן פענסטערעל.

עפּעס אַ הונד ליעגט אין דער זון מיט אַיין אַרויסגעהאַנגענער צונג און חאַפּט אַ פליעג. אַ היהן קויערט אויף איהרע היהנדעלעך. אין פעלד פּאַשעט זיך אַ קוה און שטעקט אַרויס דעם צינג און זוכט קאַלט וואַסער. אַ קאַץ קלעטערט אויף אַ וואַנד. פון וויטען לייכט זיך אַ גרינער פּאַס פון בוימער דאָרט, וואו דער הימעל לאָזט זיך אַראָב...

און, וואונדערליך! ווען דער יונגער מאַן האָט ווידער אָנגעהויבען לייענען אינ'ם בוך, האָט ער גאָר נישט געפיהלט, אַז ער האָט געהאַט מפסיק געווען. די גאַנצע סצענקע, וועלכע ער האָט דאָ געזעהען דורכ'ן פענסטער, איז איהם פאָרגעקומען נאָר ווי אַ שטיק פונ'ם בוך אַרויס. דערזועלבינגער מחבר האָט אַ ודאי געמוזט אויך זי שרייבען...

און דער יונגער מאַן פערטיעפט זיך ווידער אינ'ם בוך און לייענט ווייטער: — די גאַנצע ביטערקייט פונ'ם אידישען לעבען, דאָס גאַנצע פערשאָלטענע גלות-לעבען פון מיליאָנען אידען אין רוסלאַנד וויבעלט און שוויבעלט איהם דאָ אַנטקעגען פונ'ם דאָזיגען בוך אַרויס. און דאָס אומגליק איז אָהן אַ ברעג. און אַליין זענען זיי זיך שולדיג. אין עס איז קיין אויסוועג און קיין רעטונג נישט פאַרהאַן. זאָלען זיי דאָרט אונטער-געהען אין זייער שמוץ! — די פירכטערליכע אָרעמקייט האָט זיי געמאַכט פאַר מנוולים, אַז עס נעהמט אָן אַיין עקעלהאַפטיגקייט. די גרויסע, אַלטע טאָרבע — דאָס איז דער הויפּט-עיקר פון אַלע זייערע חלומות און געשעפטען און פרנסות און בעגריפען און דער אינהאַלט פון זייער גאַנצען לעבען. און זייער לעבען — דאָס איז גאָר קיין לעבען נישט. אַ מפּ'ל-קינד ביי די אומות העולם האָט אין זיין קלענסט פינגערעל מעהר לעבען, ווי מיר געפינען אין אַלע רמ"ח גליעדער און שס"ה אָדערען פון דער גאַנצער כנסת-ישראל. ביי די כנסת ישראל אין דער ענגער גאַס איז קינדהייט אַ זעלטענקייט. די קינדער פון דער אידענגאַס „זענען אַלטע אידען אין יעדער הינזיכט: אין זייער קליידונג, זייער טרויריגקייט, זייער זאָרגען און מורא-האָבען און פאָרזיכטיג-זיין, וועלכע ליעגען זיי אויף די פּנים'ער אויסגעגאָסען, נאָר מיט'ן אונטערשיעד, אַז זיי זענען נאָך קליין און אָהן בערד און קינדלען נישט; און די קליינע אידישע מיידעלעך זענען אַלטע אידענעס הן אין זייער שפּראַך, הן אין זייער אויפפיהרונג און אונטערטעניג-זיין און איינגעהאַלטענקייט און ליידען-קענען און אפילו אין זייער קלוגהייט, נאָר מיט'ן אונטערשיעד, אַז זיי זענען קליין און נאָך נישט חתונה געהאַט'ע. קינדער אָהן אַ קינדהייט איז אַ טרויריגע און שרעקליכע ערשיינונג, וועלכע ברענגט דאָס האַרץ

און מאַכט אומעטיג די נשמה, ערוועקט עקעלהאַפטיגקייט און רחמנות צוגלייך!" — און פּלוצלינג, צוזאַמען מיט דעם דאָזיגען בייסעריגען און ביטערען שפּאָט, וועלכער פרעסט זיך איין ביז אין דער נשמה און גראָבעלט זיך אַריין ביז אין דעם אָבגרונד און רייסט מיט אייזערנע צוואַנגען שטיקער פלייש פון דער גאַנצער אומה — פּלוצלינג פליִצט אויס אויך אַ גאַנצער ים פון רחמנות און פון מיטלייד און עס הערט זיך דער קרעכץ, וועלכער ערשיטערט, און עס בעוועגט דאָס האַרץ ביז צום וויינען...

דער יונגער מאַן לאָזט דאָס בוך אַרויספאַלען פון דער האַנד און פערמאַכט די אויגען און הויבט-אָן צו חלום'ען: יענער גרויסער עקעל צום דאָזיגען לעבען, צום הינטישען, אָהן אַ בּרעג און אָהן אַ סוף און אָהן אַ תכלית, נעהמט אויך איהם אַרום. דער בייסעריגער שפּאָט הויבט-אָן צו קאָכען אין איהם און פּלאַצט אַרויס. פּלוצלינג אָבער גיעסט זיך אויס אין זיין גאַנצעם אינערעם אַ שטראָם פון אַ ווייכען אונ-ענדליכען מיטלייד מיט דעם דאָזיגען צעווייטאָגטען און געקוועלטען פאָלק, וועלכעס ליידט אַזוי אונענדליך און פאַר וועלכעס עס איז קיין אויסוועג און קיין רעטונג נישט פאַרהאַן — און זיין האַרץ וויל איהם פּלאַצען פאַר גרויס וועהטאָג...

און ווידער איז דאָס וואונדער! דער יונגער מאַן האָט גאָר נישט געפיהלט, אַז ער האָט געהאַט מפסיק געווען. אויך זיין שפּאָט און אויך זיין מיטלייד זענען גאָר געווען אַ מין „פאָרטזעצונג" פונ'ם אינהאַלט פון בוך. ער האָט נישט מעהר געשפּירט קיין שום אונטערשיעד צווישען זיך און צווישען דעם מחבר פונ'ם בוך, און צווישען דעם בוך און צווישען דער וועלט, וועלכע איז אַרום און אַרום איהם — אַלעס האָט זיך דורכגעמישט און צונויפגעגאָסען און איז געוואָרען איינס...

דער מחבר פון יענעם בוך האָט געהייסען מענדעלי מוכר ספרים, און דער יונגער מאַן, וועלכער האָט געלייענט, דאָס בין איך געווען.

איך האָב דענסמאָל פּלוצלינג אָנגעהויבען צו פערשטעהען, אַז אַ קינסטלער, אַזוי איינער ווי מיר האָבען זיין גלייכען נישט, רעדט צו אונז פון יענעם בוך און פון אַלע אַנדערע ביכער, וועלכע ער האָט אונז געשריבען. ווען בײ'ם לייענען אַ בוך פיהלט דער לעזער נישט דעם אונטערשיעד צווישען דער שילדערונג פון טיפען און אויסען-

װעלט און אינער־לעבען און צװישען דער ממשוה׳דיגער װעלט מיט איהרע בעשעפעניש̈ען און איהרע חיות און עופות און איהר זונען־ליכט און נאַכט־פינסטערניש און אַלעס, װאָס אַ מאָדערנער מענש טראַכט און פיהלט — איז עס אַ בעװײז, װי קײן גרעסערער קען שױן נישט זײן, אַז מיר האָבען דאָ פאַר זיך אַ גרױסען קינסטלער. אַזאַ קינסטלער איז אין אונזער מאָדערנער ליטעראַטור נאָך נישט געװען.

זינט דענסמאָל זענען די ביכער פון מענדעלי מוכר־ספרים נישט מעהר אַראָב פון מײן טיש, און איך לײען זײ און לײען זײ אַלעמאָל אױפס נײ. אָבער װאונדערליך: װאָס מעהר איך לײען אין די דאָזיגע ביכער, ענטדעק איך אַלץ מעהר אין זײ נײעס...

---

# I.

דאָס ערשטע, װאָס פאַלט אונז בעזונדערס אין די אױגען אַרײן בײ מענדעלי מוכר־ספרים, באַלד װי מיר עפענען אײנס פון זײנע ביכער און לײענען אין איהם עטליכע שורות, איז:- אַז זײן קונסט איז אַ̈ײן אָריגינעלע קונסט, װי מיר האָבען איהר גלײכען נישט בײ קײן שום אומה ולשון. בנוגע צו מענדעלי זענען מיר געװעהנט צו הערען די אַנזיכט, אַז ער היט נישט די אָנגענומענע געזעצען פון די ערצעהלונגס־שרײבער און איז אײגענטליך גאָר קײן „ערצעהלערנישט, דאָס הײסט, ער איז נישט קײן ערצעהלער אין דעם זין, װי מיר זענען עס געװעהנט בײ׳ם לײענען ערצעהלונגען אין אַנדערע שפּראַכען. אָבער דאָס אָט איז די גאַנצע הױפּט־זאַך, פון װעלכער עס רעדט זיך דאָ. ער האָט נישט קײן שום יניקה פון אַנדערע, ער האָט נישט פאַר זיך קײן שום מוסטער פון אַנדערע, ער אַרבײט נישט לױט קײן שום פאָרם פון אַ קינסטלער, װעלכער איז פאַר איהם געװען, נאָר אַלעס, װאָס ער טהוט, טהוט ער פון זיך אַלײן. ער האָט זײן אײגענע אַרט פון בעטראַכטען, זײן אײגענע אַרט פון בעגרײפען און אױפפאַסען, זײן אײגענע אַרט פון שעבניק, פון מאָלען און בױען, פון צײכענען, פון ערצעהלען און פון פערשטעהן־געבען, און אפילו זײן אײגענע אַרט װי זיך צו בעדיענען מיט דער שפּראַך — אַזױ אַז כמעט קימט ער אונז

פאָר ווי אַ נ אַ ט ו ר ־קינסטלער. ווען מיר זאָלען נעהמען עפּעס איין ער־
צעהלונג פון איינעם פון די בעסטע שרייבער, וועלכע מיר האָבען, און
זאָלען זי איבערזעצען אין איין אַנדערע שפּראַך, בין איך זיכער, אַז
צווישען צעהן לעזער, וועלכע וועלען זאָגען „גוט", וועט אַלעמאָל זיין
איינער, אַ קריטיקער, וועלכער וועט טענה'ען: שען — אָבער סוף כל
סוף איז דאָך דאָס גאַנצע נאָר אַ נאָכאַהמונג פון אונזערע זאַכען. נאָך
דעם ווי דער פערפאַסער האָט זיך גוט צוגעקוקט צו אונזערע פאָרט־ען
און האָט זיך זיי אויסגעלערענט; העכסטענס, וועט ער זאָגען, איז דער
שטאָף אַ נייער. אָבער ווען מען וועט איהם איבערזעצען מענדעלי,
וועט ער אַ מינוט נישט וויסען, אויף וועלכער וועלט ער איז. אַלעס
וועט איהם פאָרקומען אַזוי ניי און אַזוי פרעמד, און נישט נאָר דער
שטאָף, נאָר אויך דער פאָרטראָג און די גאַנצע פאָרם און די גאַנצע
אַרט צו דערצעהלען — אין פאָרט וועט ער פיהלען, אַז ער האָט דאָ
פאַר זיך אַ גרויסע קינסט. מעגליך, אַז צום סוף וועט ער קומען צו
דעם שלוס: אפשר איז דאָס א י ד י ש ע  ק ו נ ס ט — אין דעם זעלבינען
זין, ווי מען רעדט פון אַ יאַפּאַנישער אָדער איין איסלאַמישער קינסט
וכדומה. און נישט נאָר צווישען פרעמדע, נאָר אויך צווישען אונז אַליין,
ווען עס וועט זיין איינער, וועלכער האָט זיין געשמאַק אויסגעבילדעט
אין דער פרעמדער שולע, וועט ער קומען צום זעלבינען שלוס: אַלעס
וועט איהם פאָרקומען אַזוי פרעמד און אַזוי ניי און אַזוי וואונדערליך,
נאָר נישט ווי ער איז געוועהנט, און פאָרט וועט ער פיהלען אין
יע־ען וואָרט, אַז ער האָט דאָ פאַר זיך אַ שאַץ פון קונסט, ווי מיר
האָבען זיין גלייכען קיינמאָל פריהער נישט געהאַט אין אונזער ליטע־
ראַטור. מענדעלי איז אָריגינעל איננאַנצען. ענדליך זענען מיר געקומען
צו דער ק ו נ ס ט  פ ו נ'ם  א י ד י ש ס ט ע ן  א י ד. העכסטענס, ווען מיר
וועלען שטאַרק זוכען, וועלען מיר ביי מענדעלי געפינען אַ קליינע
השפּעה פון צ ע ר װ אַ נ ט ע ס, און די דאָזיגע השפּעה איז נישט נאָר
אין דער עהנליכקייט צווישען איהם און דעם גרויסען שפּאַניער אין
בעטרעף פון דער סאַטירע און פון דעם לירישען גייסט, נאָר אויך אין
אַ געוויסער הינזיכט אין דעם אופן פון דעם פאָרטראָג. העכסטענס וועט
דער, וואָס גריבעלט זיך, קענען געפינען ביי איהם אויך אַ געוויסע
איינווירקונג פון גאָגאָל; אַזוי ווייניג ווי יענער האָט זיך אין זיינע פאָר־
מען געלאָזט בינדען פון אַלגעמיינע געזעצען, אַזוי ווייניג לאָזט זיך אויך
מענדעלי בינדען. אפשר אויך אַ קליין ביסעל איינפלוס פון טאָלסטאָי

וועט מען בײַ איהם קענען דערגריבלען; אַזוי ווי יענער, אַזוי לאָזט אויך ער זיך ניט אַרײַן אין אַבסטראַקטע פּסיכאָלאָגישע חקירות און גראָבלענישען, נאָר ער צײַכענט אײַנפאַך דאָס אויסווענינגע פונ׳ם מענשען, לאָזט איהם רעדען עטליכע ווערטער, לאָזט איהם שווײַגען, לאָזט איהם אַ זיפץ געבען אָדער אַ לאַך, און מיר ווײסען אויגענבליקליך, וואָס עס טהוט זיך אָב בײַ איהם אין דער נשמה. אינ׳ם גאַנצען און גרויסען אָבער איז מענדעלי דורך און דורך אָריגינעל. אין הויפּטזעכליך איז ער מאָלער. אַזוי ווי ער מאָלט, מאָלט מען נישט אין אײראָפּאַ און מאָלט מען נישט אין אַזיען; העכסטענס מאָלט אַזוי דער קינסטלער אין דער אידען-גאַס, וועלכע איז אַ סינטעזע פון אײראָפּאַ און אַזיען צוזאַמען; אַזוי מאָלט מענדעלי, דער אידישסטער איד, ווען ער איז צופעליג אַ קינסטלער.

די הויפּט-מאָמענטען, אין וועלכע מענדעלי׳ס קונסט און קענען ווײַזט זיך בעזונדערס אַרויס, זענען אײגענטליך די דאָזיגע: ער קען מאָלען דאָס לעבען אין דער אידישער גאַס אין אַלע זײַנע ערשײַנונגען און מיט אַלע זײַנע אײַנצעלהײטען און מיט אַלע זײַנע טיפען, אַזוי אַז עס איז כמעט נישט פאַרהאַן קײן טיפּ, וועלכען ער האָט אונז נישט פאָרגעשטעלט; ער איז אַ לירישעס געמיט און ער קען מאָלען נאַטור-בילדער, זומער-און ווינטער-לאַנדשאַפטען, פעלד און וואַלד, חיות און עופות און אַזוי ווײַטער אין אַ מאָס, ווי מיר האָבען עס נאָך נישט געהאַט בײַ קײן שום אידישען דיכטער ביז איהם. ער קען לאַכען דאָס ביטערע גאַליגע געלעכטער פונ׳ם סאַטיריקער, וועלכעס שנײַדט ביז אין האַרץ אַרײַן, און אָבער — באַלד דערויף קען ער דערלאַנגען יענעם גרויסען געוואַלטיגען קרעכץ, וועלכער איז אָנגעזאַפּט מיט אַין אונענדליך מיטלײד אין וועלכער מאַכט אונז ווײנען. איך קען נישט קײן אײנציגען דיכטער בײַ אונז, בײַ וועלכען עס זאָל, אַזוי ווי בײַ איהם, פון יעדען וואָרט אַרויסשרײַען יענעם אונבאַרעמהאַרציגע בעוואוסטזײַן: אַז ס׳איז נישט פאַרהאַן קײן שום האָפנונג און קײן שום אויסוועג און רעטונג. ווען עס טרעפט אונז עפּעס אַ פירכטערליכער פּאָגראָם, צום ב״ש ווי דער קישינאָווער, איז אפשר מעגליך, אַז מיר ווײסען דאַן נאָך נישט, ווי זעהר אומגליקליך מיר זענען און ווי זעהר מיר זענען אָהן אַ שום שמיקעל האָפנונג, אָבער ווען מיר ענדיגען לײענען אײן ערצעהלונג פון מענדעלי, צום ב״ש דאָס „ווינשפינגערעל“, דאַן זענען פאַרהאַן מינוטען, וואָס אונזער גאַנץ אונמענשליך אומגליק קומט אונז פּלוצלינג צום

בעוואוסטזיין, אַזוי קלאָר און דייטליך, אַז חאָטש נעה און וועך משוגע פּאַר גרויס צרות, און עס ווילט זיך אָפּט אַרויספּלאַצען מיט אַ יאָמער־ליך געוויין, ווי איין אומבעהאָלפּען קינד — און גראָד די דאָזיגע ער־צעהלונג האָט אונז דאָך אַזוי אָפט לאַכען געמאַכט מיט זיין הומאָר און זיין סאַטירע!

און ווי פערשטעהט מענדעלי דאָס מאָלען פונ'ם לעבען אין דעו־אידישער גאַס! ער האָט אַרומגענומען דאָס גאַנצע אידישע לעבען אינ'ם געסעל פונ'ם קליינעם שטעדטעל אין רוסלאַנד אין דער ערשטער העלפט פונ'ם פאָריגען יאָהרהונדערט, און אַ טייל אויך פון דער צווייטער העלפט פון יענעם יאָהרהונדערט, און האָט אונז דערפון געגעבען אַ גוואַלטיג בילד מיט אַלע איינצעלהייטען און מיט אַלע קלייניגקייטען און מיט אַלע ברעקעלעך, אַז ווען אפילו מיר זאָלען שוין זיין וייט דערפון, צווינגט ער אונז, דאָס דאָזיגע פירכטערליכע לעבען צום צווייטען מאָל פון פאָ־רענט ביז'ן סוף מיט דער פאַנטאַזיע ווידער דורכצולעבען. ווען מיר זאָלען צום ב"ש אָננעהמען, אַז עפּעס אַ מבול איז געקומען און האָט אָוועקגעווישט פון דער ערד די גאַנצע אידען־גאַס און דאָס גאַנצע לע־בען דאָרט און האָט נישט איבערגעלאָזט דערפון קיין שריד ופליט און קיין שום סימן, און נאָר דורך אַ צופאַל זענען אונז געבליבען די פיער גרעסערע ערצעהלונגען פון מענדעלי מוכר־ספרים: „פישקע דער קרומער", „מסעות בנימין השלישי", „דאָס ווינשפינגערעל", און „שלמה ר' חיים'ס", און נאָך אַ צוויי־דריי פון די קלענערע ערצעהלונגען, — דאַן איז ביי מיר קיין שום ספק נישט, אַז לויט די דאָזיגע איבערבלייבעני־שען וואָלט דער קומעדיגער פאָרשער גאַנץ גוט געקענט ווידער צונויפזעצען זיך די גאַנצע קאַרטינע פונ'ם אידישען לעבען אינ'ם געסעל פונ'ם קליינעם שטעדטעל אין רוסלאַנד אין דער ערשטער העלפט פונ'ם 19־טען יאָהר־הונדערט, אַזוי אַז ס'וואָלט איהם נישט פעהלען דערצו קיין קוצו של יו"ד.

ווילסט אפשר וויסען, ווי דאָס געזיכט און ווי דאָס גאַנצע גע־שטאַלט פונ'ם איד האָט אויסגעזעהען? ביי מענדעלין קענסט דו עס גע־פינען! מענדעלי מאָלט אונז דעם איד מיט זיין געזיכט, זיין נאָז, זיינע אויגען, זיין נעקנייטשטען און נישט־געקנייטשטען שטערען, זיינע הענד און פיס; ער מאָלט אונז, ווי אַזוי דרעהט ער מיט דער נאָז און וואָס יעדער דרעה בעטייט, ווי אַזוי קוקט ער מיט די אויגען, איין אויג אַהער און איין אויג אַהין, און וואָס יעדער קוק איז דער טייטש, ווי אַזוי מאַכט ער מיט די הענד און מיט די פיס און וואָס יעדער מאַך לאָזט אונז

הערצן, ווי אַזוי געהט ער און ווי אַזוי שטעהט ער און ווי אַזוי זיצט ער, ווי אַזוי שטעהט דאָס קינד און ווי אַזוי געהט עס און זיצט עס, ווי אַזוי שטעהט די אידענע און ווי אַזוי געהט זי און זיצט זי, ווי אַזוי שטעהט דער גביר און ווי דער אָרעמאַן, ווי אַזוי זיצט דער ראש הקהל און ווי אַזוי רעדט דער חאַפּער און ווי אַזוי שווייגט דער פּראָצענטניק, און אפילו אויך ווי אַזוי שלאָפט דער איד; איך קען נישט קיין איינציגע קערפּערליכע בעוועגונג פונ'ם אידען, וועלכע דער דאָזיגער מאָלער זאָל אונז נישט האָבען געמאָלט מיט זיין דינעם פּענזעל.

ווילסט אפשר וויסען, ווי דעם אידענס בגדים און מלבושים האָבען אויסגעזעהען? געה צו מענדעלין און גיב אַ קוק! איך קען נישט קיין איינציגען שריפטשטעלער, וועלכער האָט אונז אַזוי אויספיהרליך בעשריבען די אידישע קליידונגסשטיק, ווי ער. דו געפינסט ביי איהם די קאַפּאָטע און דעם סורטוק, דעם קאַרטוז און דעם שטריימעל, די צאָהל נעהט און די פאָרם פונ'ם שפּאַלט ביים גאַרטעל, די פאָרם פון די ביינערנע און האָרענע קנעפּ, די זיידענע שבת-קאַפּאָטע, דעם פּעלץ, דעם אויסגעקראָכענעם פוטער מיט דעם געלען אונטערשלאַג, וועלכער קוקט אַרויס פון די לעבער, און מיט דעם אויסגעקראָכענעם קראָגען און מיט די סטראָקעס אין די עקען אַרום און אַרום; דו געפינסט ביי איהם די פאָרים פון דעם אידישען דאַמען-הוט מיט די וויינפּערלעך און מיט'ן פויגעל און מיט די פעדערען, די פאָרים פון דעם האָר-באַנד פאַר פרומע אידענעס מיט די בענדער, וועלכע זענען מיט אַ שפּילקע צוגעשטאָכען אָדער מיט אַ שלייף פערקניפּט אונטער דער געסבע, און די בענדער פלאַטערען אויף אַלע זייטען; דו האָסט ביי איהם די פּאַ-רוקע, וועלכע גרייכט דער אידענע ביז טיעף אין די אויגען אַריין און ביז צו די אויהרען אין דעם האַלז מיט די אויהרינגלעך און פּערעל און בראָשקעס און עכטע אָדער נאָכגעמאַכטע בריליאַנטען צוזאַמען מיט דער זיידענער פעלערינע און מיט די קרויזען, איינע איבער דער אַנדערער, און מיט דעם גלאַטיגען אויסגעפּלעטען שאַל-טוך און מיט דעם טערקי-שען טוך — דאָס עפּעל-טוך — וואָס די מחותנים חתנ'ס צד שיקען דער כלה אַ מתנה; דו זעהסט ביי איהם די אידען מיט די באָרוועסע פיס, אָפען אַרויס מיט די קניען און מיט די אָרעמעס און מיט'ן האַרץ, אַזוי אז ס'איז גענוג פאַר זיי נאָר אַ סימן פון קליידער — עפּעס אַ שטיקעל זאַק, אַ שטיקעל הויזען און אַ שטיקעל צעפּליקטע קאַפּאָטע, ווייל אין דער אידישער נאָס מעג זיך דער איד געהען אפילו אין אַ הויהלען

טלית-קטן, א־זיים מיט דער ברוסט און אין צעריסענע זאָקען מיט הויי־
זען אָפּען פון פאָרענט, און דער גאַנצער בגד מעג זיין אויסגעשמיערט
מיט פעט פון קוגעל און טשאָלענט און פלעקען פון אייער-געלכלעך
צוזאמען מיט דעם, וואָס עס רינט איהם פון מויל און נאָז, און א
קראַנץ פון בלאָטע הענגט אַרום אונטען אַרום און אַרום, ביז זי ווערט
אויסגעטריקענט און פאַלט אַראָב פון זיך אליין. בכלל האָט דער איד
אויף זיך נישט קיין בגדים, נאָר סמאַטעס, געפּליקטע, געלאַטעטע
סמאַטעס, אַזוי אַז עס האָט זיך אויסגעבילדעט אין דער אידען-גאַס א
טיפּ פון פליק-שניידערס, גרויסע בריה׳ס, וועלכע בעהיזען קונצען
אויסשליעסליך אין דער פליק-ארבייט פון אלטע הויזען, קאַפּאָטעס,
היטלען, מענער-קליידער און דאַמען-קליידער, יאַרמאָלקעס,
הילען, מענטעלעך און טיילמאָלם אויך פאַנטאָפעל און שוך-וואַרג.

ווילסט אפשר וויסען, ווי די הויז-כלים און ווי דאָס גאַנצע ביסעל
אָרעמקייט פון א אידישער שטוב האָט אויסגעזעהען? פרעג-אָן ביי
מענדעלי׳ן. מענדעלי צייכענט אונז די אידישע שקאַפע, דעם וואַנד־
זייגער, דאָס בעטעל מיט זיין אייביגען חריקען; ער צייכענט די סאָפקע,
די קרומע און לאָהמע, וואָס קוים זי האַלט זיך נאָך, ביי וועלכער דער צע־
ראַטענער איבערצוג איז צעריסען און פון די לעכער קריכען אַרויס,
ווי די קישקעלעך, שטיקער פּאַקולעס און באַוועלנע קאָלטענעס און עפּעס
א דראָהט פון א צעבראָכענער ספּרענזשינע, און האָט א בייכעל מיט
גאַנצע בערג און מיט אייגנגעזונקענע טהאָלען; ווען דער איד פּרובט
אַרויפקריעכען אויף דעם דאָזיגען געלעגער, הויבט זיך אָן די מוזיק פון
א מאָדנער סקריפּעריי, און ער מוז א מינוט לאַנג זיך אָבשטעלען און
ער וואַגט זיך נישט א קעהר צו געבען, כדי די דאָזיגע ביזע נישט
מעהר נאָך צו דערביזערען און דערווייך איבערצוּוועקען אַלע, וועלכע
שלאָפען שוין. און אַזוי צייכענט אונז מענדעלי אויך אַלע מיני טישען
און בענקלעך און בעזעמעס און שויפלען און לאָפּאָטעס און מולטערס
און שטויסלען און די אַנדערע כלי-מכשירים, וועלכע די אידישע בעל-
הבית׳בע האָט אין איהר קיך. ער פערגעסט אויך נישט די פיער פּאָר
קופּערנע לייכטערס, דעם הענגעל-לייכטער מיט די זעקס רעהרען, די
צוויי קופּערנע טעפּ און די פינף קופּערנע פּאַנען, די צינערנע טעלער,
וועלכע זענען אויסגע׳סדר׳ט אויפ׳ן געזימסעל, דעם טיץ טעמביקענע
לעפעל, די צוויי קידוש-בעכער, דעם הרס, דאָס חנוכה-לעמפּעל און
נאָך און נאָך.

און ווילסט דו וויסען דאָס אויסזעהען פון דער אידישער גאָס אליין — קוק, זיי מוחל, זיך איין ביי מענדעלי'ן: די הייזער אַליין האָבען עפּעס א מאָדנעם פּאַסאָן. לויט זייער פּאַסאָן און זייער שטעהען איז צו ערקענען, אַז זיי האָבען אַפּנים נישט קיין שלום צווישען זיך: שטעהסט דו דיר אַרויס אַביסעל פון דעם שערעג — שטעה איך מיר דערפאַר, אויף צו להכעים, אַריין אינעווייניג אַביסעל פונ'ם שערעג; שטעהסט דו דיר אַזוי און אַזוי — שטעה איך מיר, אדרבאָ, אַזוי און אַזוי; האָסט דו דיר אַ טרעפּעל אינעווייניג אַריין — האָב איך מיר, אויף צו פּעני־קעניש, אַ ליטערעל פון אויסווייניג, נישט קשה, ווער עס בעדאַרף, איז נישט חולה אַרויפצוקלעטערן; און הויבסט דו דיין צעבראָכענעם און משונה'דינען דאַך אין הימעל אַריין — לעג איך מיינעם דוקאָ אין דער ערד אַריין, און וועמען עס געפעלט נישט, האָט אַ ברירה נישט צו קוקען! — דאָס איז אָבער נישט אַלעס. פאַר די דאָזיגע הייזער אַליין האָבען מיר די רינשטאָקען מיט די משונה'דיגע ריחות פון אַלעם אומריינעם, וואָס מען גיעסט יעדען אָוועגד אין זיי אויס. סאַמע פאַר דער נאָז, ביי די טהירען פון די הייזער, ליגען גאַנצע בערג און בערגלעך מיסט און ביינער און פער'עפּוש'טע איבערבלייבענישען פון עסענ־וואַרג. די חזירים, יענע פיינע בריות, וועלכע געפינען, ברוך־השם, זייער פּרנסה בריווח אומעטום, נאָרען אַרום אין די דאָזיגע בערגלעך און מעלה־גרה'נען מיט אַ מאָדנעם חראַקען פאַר לויטער תּענוג. נעבען זיי שטעהען אַלערליי הינט, אָרימע און הונגעריגע, בלינדע און לאָהמע און פּערקאָלטענעוואַטע, און שנאַפּען אַרום איך יעדען ווינקעלע, און פּלוצלינג ווערט אַ גרויס געוואַלט, עפּעס אַ הונד האָט זיך צעווערטעלט מיט אַ חזיר און האָט איהם געביסען, און פון נאָהענט און ווייט קומען אָנצולויפען די קליינע הינטלעך און עס ווערט אַ געבילעריי אויף אַ האַלב שעה אַרויס. נאָך מעהר: לויט דעם אומריינעם, וועלכעם שווימט אַרום אין דער נאָהנטע־ קאַלוזשע, קענסט דו אַלעמאָל וויסען, וועל־כער טאָג ס'איז אין דער וואָך. איז דער קאָליר פון דער קאַלוזשע געלבליך־גראָה און עס שווימען דאָרט אַרום שופּען פון פיש, קישקעלעך און שפּיץ־פיסלעך פון היהנער און העהנער, אַ ביסעל האָר און אָבגע־זענגטע קאָפּעטעס — זייד וויסען, רבותים, אַז ס'איז פרייטאָג; נעמט, זייד מיחל, אייער שפּעפעל און אַיערע ריטער און געהט אין מרחץ אַריין! שווימען אַרום אין דער קאַלוזשע שאלען פון אייער, פון ציבעלעס און פון רעטעך, אָדערען פון לעבער, גל עכּבּערע־ען פון הערינג: אין

אויסגעשמאָטשקעטע ביינער — גוט שבת אייך, אידען, זאָל אייך דער קיגעל גוט בעקומען! און זעהט איהר דאָרט אַרומשווימען משאָלענט־רעשטלעך, פערדאַרטע שטיקלעך טייג, אַ פערפוילטע סמאַטע און איין אויסגעקראָכענעם בעזעם — האָט איהר אַ סימן, אַז ס'איז זונטאָג און אַזוי ווייטער און אַזוי ווייטער. דאָס אידישע עסענוואַרג פון דער גאַנצער וואָך שפּיגעלט זיך אָב אין דעם קאָליר און אינ'ם ריח פון דער קאַלוזשע; עס שפּיגעלט זיך דאָרט אָב דאָס אידישע לעבען.

און אַזוי ווי מענדעלי לאָזט אונז איבער לזכר עולם דאָס בילד פונ'ם אייסערן לעבען פונ'ם אידען אינם רוסישען שטעדטיל אין דער ערשטער העלפט פונ'ם 19־טען יאָהרהונדערט, אַזוי לאָזט ער אונז איבער, אין אַ פיעל גרעסערע מאָס, דאָס אַלגעמיין־בילד פון די אידען אַליין אין דער דאָזיגער צייט; ער מאָלט אונז אַלע זייערע געשעפטען און פרנסות און התנהגות און מעשים אינ'ם לויף פון די 24 שעה פונ'ם מעת־לעת דורך דאָס גאַנצע יאָהר, פון ראש־השנה ביז ראש־השנה—: אַלע יענע סוחרים און קבצנים און מעקלערס און קרעמערס און בעלי־טובות און תקיפים און ראשי־קהל און בעלי־טקסא און שתדלנים און חאַפּערס און חזנים און בעלי־תפלות און ישיבה־בחורים און משכילים און פּראָצענטניקעס און קליינע סוחרים און הענדלערס און הענדלערקעס מיט מענשען־פלייש און בעלי־בתים און לומדים און שוסטערס און שניי־דערס — עס איז כמעט נישט פאַרהאַן ביי אידען קיין איינציגער טיפּ, וועלכען מענדעלי זאָל נישט האָבען געמאָלט. מיר דאַכט, זייער צאָהל נעהט אין די הונדערטער. און נישט נאָר טיפּען, נישט נאָר מענשען פונ'ם אַלטעגליכען לעבען — אָפט מאָלט ער אונז אויך אויסנאַהמס־פיגו־רען, „אָריגינאַלען" הייסט עס, מענשען, וועלכע מען זעהט זיי נאָר זעל־טען. מאַכען מיר די בעקאַנטשאַפט פון אַזאַ מענשען, וועלען מיר איהם קיינמאָל נישט מעהר פערגעסען.

ווען מיר קוקען זיך־צו צו דער רייכער געשטאַלטונגס־קראַפט פונ'ם דאָזיגען שריפטשטעלער, ווי מערקווירדיג לייכט ער מאַקט פיגורען אי'ן פיהרט זיי אונז פאָר, ווי אָפט עס איז גענוג פאַר איהם, ווען ער לאָזט עפּעס אַ פאַרשוין אַ מאַך געבען מיט דער נאָז אָדער אַ דרעה מיט'ן גראָבען פינגער אָדער אַ ציה מיט'ן שטערען און אַ לעבעדיגער מענש שטעהט פאַר אונז שוין פאַרטיג, — קומט אונז דאַן אַ מאָדנער געדאַנקען אין קאָפּ אַריין: ווער ווייס, אויב דער דאָזינער מענדעלי איז נישט גע־בוירען געוועזען, אום צו ווערען איינער פון די גרעסטער שוי־שפּיעלער

פון דער וועלט. זעהען מיר אָבער זיין קראַפט אינ'ם מאָלען, הויבען מיר אָן צו גלויבען, אַז אפשר מעהר נאָך ווי אַ שריפטשטעלער שטעקט אין איהם דער מאָלער: אַ פּאָרטרעטיסט און אַ לאַנדשאַפט-מאָלער. ער האָט דעם מערקווירדיגסטען זין פאַר ליניען און פאַר פאַרבען.

אים גאַנצען און גרויסען זעהען מיר אָבער בײַ מענדעלי נאָך אַיין אַנדערע וואונדערליכע ערשיינונג: זיין ענטוויקלונגס-צייט האָט וואונדערליך לאַנג געדויערט — ווי בײַ קיין שום אַנדערען שריפטשטעלער נישט. מענדעלי איז נישט מיט אַמאָל געוואָרען דאָס, וואָס ער איז. ווען מיר דערמאָנען זיך, למשל, אַז דער דאָזיגער שריפטשטעלער האָט אָנגעהויבען מיט איין ערצעהלונג „למדו היטב“ אָדער „האָבות והבנים“, ווילט זיך כמעט נישט גלויבען, אַז פון אַ שריפטשטעלער, וועלכער האָט אַמאָל געשריבען די דאָזיגע זאַכען, האָט זיך געקענט אַרויסוויקלען דער דאָזיגער, וועלכער האָט אונז צום סוף געשריבען „שלמה ר' חיים'ס“. מיר גלויבען נישט זאָגאַר, אַז דער, וועלכער האָט געשריעבען „דאָס קליינע מענשעלע“, און אפילו „די קליאַטשע“, אין וועלכע ער איז נאָך גענוג פּובּליציסט און מוסר-זאָגער, זאָל קענען זיין געוואָרען צו לעצט יענער גרויסער קינסטלער, וועלכער האָט אונז אָנגעשריעבען „פישקע דעם קרומען“ און „דאָס ווינשפינגעריל“. וועלען מיר נישט אַ מינוט לאַנג זיך האַלטען בײַ דער מיינונג, אַז, אום צו ווערען דאָס וואָס ער איז געוואָרען, האָט ער געמוזט צוערשט אַלט ווערען? „אַזוי ווי עס איז פאַרהאַן געבוירענע יונגע לייט — זאָגט טאָמאַס מאַן אין איין אָרט — וועלכע ווערען גיך פאַרטיג און וואַקסען נישט און מכל-שכן אַז זיי ווערען נישט אַלט, ווען נישט זיי האָבען זיך אַליין אינגאַנצען איבערגעלעבט, אַזוי איז פאַרהאַן, ווי עס ווייזט זיך אויס, נאַטורען, פאַר וועלכע די אַלטערס-צייט איז די איינציג ריכטיגע און פאַסענדסטע, אַ מין „קלאַסישע זקנים“, וואָס זייער בערוף איז, צו ווייזען דער וועלט אויף דאָס פאָלקאָמענסטע אַלע אירעאַלע מעלות פון יענע עלטערע יאָהרען, דעם טיעפען בליק, דאָס פערשטענדנים פאַר אַלסדינג, דאָס שטרעבען גערעכט צו זיין אין אַלסדינג, דעם ריינעם הומאָר און די העכערע חכמה“. צו די דאָזיגע זקנים, ווי עס ווייזט זיך אויס, געהערט מענדעלי. ער האָט געמוזט לאַנג לעבען, ביז זיין נאַטור איז אינגאַנצען פאַרטיג געוואָרען. עס איז כאַראַקטעריסטיש: זיין לעצט ווערק, וועלכעס ער האָט געשריעבען כמעט שוין אַלט אַ זיעבעציגער, איז גלייכצייטיג אויך זיין בעסט ווערק.

איבריגענס איז די דאָזיגע שווערע און לאַנגע ענטוויקלונג אויך

דאָס פּראָדוקט פון דער צייט און פון דער אומגעבונג. שטעלט אייך נאָר פאָר: אין אַ העק, אַ נאָט־פערלאָזען שטעדטעל אין דער ליטאָ, ווערט בײַ אידען געבוירען מיט אַזוי פיעל צעהנדליגע יאָהרען צוריק אַ גאָט־בעגנאַדיגטער גרויסער קינסטלער, אַיין אמת׳ער דיכטער. קיינער ווייסט דאָס נישט, קיינער פערשטעהט דאָס נישט. ער אַליין, דורך אַ סך, אַ סך יאָהרען, פערשטעהט עס עבען אַזוי וועניג ווי די אַנדערע. ער ווייסט נאָר, אַז די וועלט איז אַזוי ענג. און אָפט גאָר ווייסט ער, אַז זי איז אַזוי ווייט. וויפיעל אַזעלכע דיכטער־נאַטורען, מאָלער, מוזיקער און קינסטלער זענען אין גרויסע יסורים דערשטיקט געוואָרען אין דער אידען־גאַס, און קיינער ווייסט אפילו נישט, אַז זיי זענען געווען? עס העננט פון טויזענד צופאַלען אָב. דאָס קליינע אינגעלע האָט גע׳חלום׳ט און פאַנטאַזירט און געלאַכט און געוויינט — און דאָס לעבען האָט איהם געבראַכט צו גאָר וואָס אַנדערש. ער איז געוואָרען אַ אידישער בחור, אַ אידישער יונגער מאַן, ווי טויזענד אַנדערע, און נאָר דאָס הארץ האָט אָפט געגאָגט און מאָדנע געפּיקט. און געקומען איז אַ צייט, וואָס אַליין האָט ער געגלויבט, אַז דאָס דאָזיגע, וואָס לעבט בײַ איהם פערבאָרגען אים האַרצען, שטערט איהם אין לעבען, און ער האָט אַליין געפּרובט, עס צו דערשטיקען. יאָהרען־לאַנג ווערט ער נאָך גע־וואָרפען, ווי אין אַ כף־הקלע, איינמאָל אַהין און איינמאָל אַהער, און צום סוף ווערט ער אַ שרייבער ווי צעהנדליגע אנדערע אין זיין צייט, און ער ווייסט נישט, אַז ער האָט אין זיין מינדסטן נגעלע מעהר טאַלאַנט ווי יענע אַלע צוזאַמען. זיין העכסט שטרעבען איז דענצמאָל, ער זאָל האָבען די זכיה און זאָל ווערען אַזוי גרויס ווי איינער פון יענע „גרויסע״, ווי למשל גאָטלאָבער אַליין — און ער שרייבט מאמרים אינ׳ם „המגיד״ און ער רעדט וועגען דאָס, וואָס אַלע אַנדערע רעדען, וועגען דעם „חינוך״, און ער טענה׳עט וועגען דאָס, וואָס אַלע אַנדערע טענה׳ן, וועגען די „בילדונג״, און ער גיעט דעם עולם וויסענשאַפטען, ער גיעט זיי די „תולדות הטבע״, און ער זאָגט מוסר טאָג ווי נאַכט און ער איז אויפ׳ן בעסטען וועג צו ווערען אַ שטיקעל לייט: אַ אידישער שרייבער, ווי איינער פון די דעמאָליגע אידישע שרייבער. עס מאַכט זיך נאָר אַמאָל נאָך אַ שטיקעל סיבה, אַז דער דיכטער אין איהם ווערט צייטענווייז וואַך און מאַכט איהם אַ שטיקעל שטריך אין דער רעכענונג. עס קומט אין מיטען דערין אַיין עכטעס מייסטער־שטיק פון אַ קינסטלער־נאַטור. נישט קשה; ער זוכט עס צו דערשטיקען. ער ווערט אין ארט

ערצעהלער־פובליציסט, איין אַרט דראַמאַטיקער־פובליציסט, איין אַרט משורר־פובליציסט. ער קריעגט זיך מיט די בעלי־טובות און מיט דער טאַקסע און שרייבט אַלעגאָריעס און שרייבט זאָגאַר אַ „יודעלע" אין אַ „פרק שירה". איינמאָל, אין אַ שענעם פריה־מאָרגען אָבער, פאַלען אַראָב די דאָזיגע שלאַקען און עס קריעכט אַרויס דער קינסטלער פון גאָטעס גנאָד, דער גרויסער און גאַנצער, און מיר זעהען איהם פול און גאַנץ. אַ הויכגעוואַקסענע קינסטלער־געשטאַלט, ווי מיר האָבען ביז יעצט איהר גלייכען נישט געהאַט.

עס איז אַ מערקווירדיגע לעבענס־ענטוויקלונג. די איינצעלהייטען זענען בעלעהרענד.

## II.

קאַפולע. ווייסט איהר וואָס קאַפולע איז? עפּעס אַ נאָמ־פערלאָזען נעסט איז עס אין סלוצקער אויעזד, אין מינסקער גובערניע. דאָס איינציגע, וואָס אַבראַמאָוויטש ווייסט דערפון צו דערצעהלען, איז, אַז „די נאַטור־ערהאַבענהייט איז איהר נעגעבען געווען, וועלדער־פּראַכט און טהעלער און שענע פעלדער האָבען זי אַרומגערינגעלט". דאָרט איז ער געבוירען. ווען? — דאָס איז ווידער אַ ביסעל אידישליך. דעם טאָג ווייסט מען נישט גענוי, עס האָט איהם קיינער נישט פערשריעבען, רען „אויף אַ זעלבע קלייניגקייטען האָט מען דענצמאָל ביי אידען, און בפרט אין די קליינע שטעדטלעך, נישט געקוקט". עס איז נאָר „אַ קבלה אַ זעלבע אין זיין פאַמיליע", אַז ער איז געבוירען אינ'ם יאָהר 1836 אינ'ם 20־טען דעקאַבר. דער טאַטע, ר' חיים משה, איז אַ איד אַ למדן, און דערביי אויך קען ער גוט לשון קודש. דאָס קינד האָט אַ לעבהאַפטע פאַנטאַזיע און חלומ'ט אַ סך און קלעהרט אַ סך. נאַטירליך ווערט עס אַוועקגעריסען פון די חלומות און אָבגעגעבען אין אַ חדר, וואו עס לערענט 12 שעה אַ מעת־לעת. די 8־שטונדען־אַרבייט איז אין אידישע חדרים נאָך נישט געווען איינגעפיהרט. ניין יאָהר אַלט זייענדיג, קען דער קליינער שלום יעקב דעם גאַנצען תנ"ך אויסווייניג. די ביבעל בעשעפטיגט טאָג און נאַכט זיין פאַנטאַזיע. פלוצלינג אָבער ווערט ער

פין איהר אוועקגעפיהרט צו דעם „עוג מלך הבשן" פון אלע ליטע־ראַטורען — צו דעם תלמוד. „דאָרט אָנקומענדיג, בין איך מיר פאַרגע־קומען ווי איינער, וועלכער קומט צום ערשטען מאָל אין זיין לעבען אויף אַ יריד: ער ווערט דערשראָקען, זעהענדיג די טויזענד פערשיעדענע סחורות און כלים און געגענשטאַנדען, און ער ווערט פערטויבט פון דעם גרויסען געטומעל און גערודער. קונים לויפען, סוחרים רעש'ען, מעקלערס שרייען און אַלעם לויפט און פילדערט... מיט מיין אָנגע־בוירענער ניגונג אַלסדינגג צו פערקערפערן, האָב איך געפלעגט מיר לעבעדיג פאָרצושטעלען יעדען פערשוין, וועלכע קומט פאָר אין דער גמרא. דער תנא־קמא און דער האי־מאן־דאמר האָבען זיך מיר פאָר־געשטעלט ווי אַ פּאָר שטאָלצע בייזע יודען מיט פלאַמעדיגע פנים'ער; די רישא, די סיפא אין די מציעתא — ווי דריי אידענעס, וועלכע בייז־סען און רייסען זיך דעם גאַנצען טאָג אַרום; און ערשט די בוגרת און די אַילונית און די נערה שנתפתתה און דער חרש שוטה וקטן און דער זב מיט דער זבה, און אויך די צוויי, וועלכע האַלטען פעסט דעם טלית, און דער אָקס, וועלכער האָט געשטויסען די קוה, און דער שור המועד מיט'ן שור תם — אַלע, אַלע זענען מיר געשטאַנען לעבעדיג פאַר די אויגען, יעדער מיט זיין בעשטימטער, פעסטער געשטאַלט". —

די הלכה האָט אויף דעם יונגען קינד אָנגעוואָרפען אַ טויט־שרעק, דען „איך האָב מיך געשראָקען פאַר די טורעמס, וועלכע פליהען אַרום אין די לופטען, און פאַר די בערג, וועלכע הענגען אויף אַ האָר, און פאַר די איבריגע איבער־נאַטירליכע וואונדער אויפ'ן פעלד פונ'ם האַרבען פלפיל". אָבער „די אַגדה איז פאַר מיינעטוועגען געווען אַ וואונדער־ליכער שפּאַציער־גאָרטען, וועלכען איך האָב ליעב געהאַט. נישט אַ פּאַרק איז געווען דער דאָזיגער גאָרטען, וועלכער איז פיין אָבגעטאָקט און ווערט פיין אָבגעהיטען, אַ פּאַרק מיט אַ פּאַרקאַן אַרום און מיט פערשלאָסענע טהירען און טויערען און מיט פיין אָבגעהיטענע פלאַנצען, יעדעם פלענצעל אויף זיין אָרט, וואו די נאַטור איז געבונדען אין קייטען דורך מענשליכע הענד, נאָר אַ ווילדער וואַלד איז דאָס געווען, אַ ווייטער, ווייטער וואַלד, אָהן אַ צוים און אָהן איין אָרדנונג, אַלע פלאַנ־צען און געוואַקסען ווילד צונויפגעמישט. דאָרט זענען פאַרהאַן בלומען אָהן אַ צאָהל, ווילדע געוואַקסען און צניעות'דיגע פעלד־בלומעלעך, אַלעס אויסגעמישט — די ליליע פון שרון און די רויז פון די טהאָלען זענען אַרומגערינגעלט פון שמאַכעל־גראָז, און טויזענד־פאַרבינע גרעזער

און צעהנטויזענד=קאָלירינגע בלומען=מעפּ׳כע גיעסען זיך אוים פַאר׳ן אויג.
די פאַנטאַזיע שפּאַציערט זיך אין דעם דאָזיגען גאָרטען אַרום פריי אין
ווילד און בעוואוזט וואונדער. צייטענווייז בייגט זי איין דעם הימעל אין
שלעפּט אַראָב אויף דער ערד דעם געטליכען שטאַאט מיט זיינע צעהנ=
טויזענדער מלאָכים, און צייטענווייז הויבט זי אַרויף אין דעם הימעל
אַריין דעם גאַנצען ערד=קוגעל און לאָזט מענש און מלאָכים זיך
קושען״.

די אגדה, די מדרשים און די וואונדער=מעשה׳לעך אין פּעו=
שיעדענע ספרים האָבען די פאַנטאַזיע פונ׳ם אינגעל געהאַלטען אין איין
אויפרעגען; אָבער אויך דאָס אַבסטראַקטע לערנען, די סברא און די
שאַרפע לאָגיק פון דער הלכה האָבען געוועקט זיין שכל: „... פון איין
זייט האָט זי (די גמרא) געשאַרפט מיין שכל דורך דאָס קלעהרען און
דורך די גראַדע סברא און האָט מיך געמאַכט צום דענקער, וועלכער
אונטערזוכט יעדע זאַך און ברענגט זי אַרויס אויפ׳ן שכל הישר, און פון
דער אַנדערער זייט האָט זי אין מיין נשמה און אין מיין פאַנטאַזיע אויפ=
געוועקט וואונדערליכע בילדער און האָט מיך פעהיג געמאַכט פאַר דעם
הייליגען גייסט פון דער מליצה״. נישט דער ערך מעהר האָט דאָס
דאָזיגע לערנען געווירקט אויף זיין פאַנטאַזיע. זיין פאָטער האָט איהם
געפלעגט וועקען פאַרטאָגס, איידער דער מאָרגענשטערען איז אויפגע=
גאַנגען, און זיי זענען ביידע מיט אַ זיסען חשק געגאַנגען אין בית=מדרש
אַריין. דאָס פריה=אויפשטעהען, און בפרט אין דער ווינטער=צייט, איז
אַ ביסעל שווער אָנגעקומען דעם יונגען קינד, דערפאַר אָבער איז דאָס
פערגניגען אַ פּאָר מינוט שפּעטער געווען איין אונגעוועהנליכער. אַבראַ=
מאָוויטש ערצעהלט אונז דעם איינדרוק, וועלכען דאָס דאָזיגע פריה=
אויפשטעהען האָט אויף איהם געמאַכט. „אַ געטליכע שטילקייט אין אַלע
גאַסען. די גאַנצע שטאָדט איז פערזונקען אין שלאָף. די לבנה און די
שטערען אויף זייער וואַך אין הימעל סוד׳ען זיך — און איך האָרך און
האָרך. דענסמאָל האָב איך געזעהען גאַנץ דייטליך דעם מלאך גבריאל,
אויסרופענדיג און אָנזאָגענדיג אינ׳ם טויער פון הימעל די שטונדען פון
דער נאַכט. די מלאכי צבאות שוועבען און שוועבען, און הויבען=אָן זים
צו זינגען. באַלד דערויף ווערען די טויערען פון גן=עדן מיט אַ גרויסען
רעש געעפענט, און דער גאָט פון כבוד קומט אָן. די בני=אלים דער=
בליקען דעם מלך פון דער הייליגקייט, בלייבען זיי פערציטערט שטיל.
יעדער ביי זיין מחנה, יעדער ביי זיין פאָהן, עס ריהרט זיך נישט קיין

פליענעל, עס בעוועגט זיך נישט קיין ליפ. פלוצלינג דערלאַנגט גאָט אַ שטורם מיט כח, דער איבערשטער לאָזט הערען זיין שטים אין אַ גע־ חיין. ער וויינט ביי נאַכט אויף זיין בית־מקדש, וועלכער איז חרוב, אויף ירושלים זיין פראַכט־שטאָדט, וועלכע איז פערוויסט, אויף זיין פאָלק, די טייערע ציון׳ס קינדער, וועלכע בלאָנדזשען אַרום, און אויף די אָרעמע שכינה, וועלכע געהט מיט זיי צוזאַמען אין גלות און ליידט מיט זיי צוזאַמען. יעדעס אויג לאָזט אַרויס אַ טרעהר — און דאָס איז דער טוי אויף דער ערד און די נאַכט־ראָסע אויף מיינע לאָקען... און ווען עס דערהערט זיך דאָס דאָזיגע געוויין פון גאָט, ציטערען די צדיקי עולם אין זיי וויינען ביטער צוזאַמען מיט די מלאכי השלום. איך אַליין אָבער בין פול מיט גרוים הייליגקייט און איך נעהם זיך צום לערנען מיט׳ן גאַנצען חשק. מיט אַ זיס קול׳כעל הויב איך אָן מיין גמרא און זינג מיר מיין שיעור. איך האָב ליעב גאָט׳ס תורה און וויל וויסען אַלע סודות פון דער גמרא, די אָדערען אויף מיין שטערענ׳דעל ווערען מיר אָנגע־ שוואָלען און איך קלעהר טיעף אַריין אינ׳ם לערנען״. — דער דאָזיגער איינדרוק מוז זיין געוועזען אַ זעהר מעכטיגער, דען נאָך אין איינעם פון זיינע לעצטע ערצעהלונגען, אין „שלמה ר׳ חיים׳ס״, קעהרט ער זיך צו איהם צוריק און שילדערט איהם נאָך ברייטער און שטאַרקער.

מיר אָבער קענען און פערשטעהען די דאָזיגע וואונדערליכע סימנים: די נשמה פונ׳ם דיכטער הויבט־אָן צו דערוואַכען.

און דאַן ווידער: ... „מיין ליעבסטע האָב איך אינ׳ם געדיכטען וואַלד געזוכט, אין דעם שטילען שאָטען, אויף דער גראָז־לאָנקע און ביים רוהיגען וואַסער׳ל, און זי האָט מיר דאָרט איהרען גאַנצען אוצר געוויזען און האָט זיך געשפּיעלט מיט מיר אומעטום. איך בין איהר נאָכגעשפּרונגען אויף די בערג, נאָכגעקלעטערט אויף די בוימער, און בין געזעסען מיט איהר ביי דער שאָף־פּאַשע און מיר האָבען זיך איינ־ געהערט צו דעם ליעבליכען בלעקענען פון די סטאַדעס. די נאַכטיגאַל האָט מיר איהרע ליעדער געזונגען און די טורטעלטויב האָט מיר, צוזאַמען מיט טויזענד אַנדערע פייגעל, די מוזיק געמאַכט; זיי האָבען מיר דאָס ליעבעס־ליעד געזונגען פאַר מיין שענסטע, די טאָכטער פון גאָט, וועלכער בעשאַפט דאָס אַלעס. און די ליעבע, וועלכע האָט מיר אין האַרץ געברענט ווי אַ פייער, איז געווען אַ ליעבע פון לויטער גייסט, אינגאַנצען אָהן אַ פליש, עפּעס הייליגעס, אינגאַנצען אָהן אַ קערפּער,

אַ פערבאָרגענע ליעבע צו אַלדעס גוטס, צו אַלדעס שענע און ערהאַבע־נע, וועלכע דערפרייט דעם מענשען און מאַכט איהם קליין און מאַכט איהם גרויס און לאָזט איהם ווערען גוט אוו עדעל און לאָזט איהם ליעב האָבען אַלע מענשען"...

אוי, אוי, קענען מיר און פערשטעהען מיר די דאָזיגע סימנים!

דאָס שטעדטעל אָבער, וואו דאָס קינד האָט געלעבט מיט זיינע עלטערען, איז געווען עפּעס אַ פערוואָרפענער העק... „איין איינזאַם געסט אין אַ גאָט־פערלאָזענעם ווינקעל, און איך האָב אין מיין תמימות געגלויבט, ווי אַ היהנדעל אין דער איירשאָל, אַז באַלד הינטער קאַפּוּ־לע, פון ביידע זייטען, הויבט זיך אָן דער מדבר מיט די „הרי חושך" און דעם „סמבטיון" און מיט די שלאַנגען און עקדישען און די איבריגע משונה'דיגע חיות. די קליינע הייזער אין מיין שטעדטעל זענען מיר פאָרגעקומען ווי פּאַלאַצען, און די שוהל און דער קלויז ביי אונז — ווי זיי וואָלטען נישט האָבען זייער גלייכען. די „פּני" אין שטאָדט, האָב איך געמיינט, זענען די עדעלסטע בעשעפענישען און די קלינגסטע אויף דער גאַנצער וועלט, און ווער שמועסט, ווען זיי האָבען געהאַט לאַנגע בערד אין אַ שענעם שטעל, דען דענסמאָל האָב איך געגלויבט, אַז וואו זקנה, דאָ תורה און חכמה, און ווער עס האָט אַ קוה אָדער אַ ציעג, דער איז רייך ווי קורח. דער שופר און די קאַטערינקע, וועלכע האָט זיך צופּע־ליג פערבלאָנדזשעט צו אונז ווי עפּעס אַ וואונדערליכע זאַך, און די איינפאַכע כלי זמר, מיט וועלכע מען האָט געפלעגט שפּיעלען ביי אונז אויף חתונות, האָבען זיך מיר אויסגעוויזען ווי דאָס שענסטע און העכ־סטע, און איך האָב געמיינט, אַז עפּעס בעסערס איז שוין גאָר נישט פאַרהאַן. אוי, ווי ערהאַבען מוז זיין דער בעל תוקע, וועלכער קען דעם קונץ פון בלאָזען, און נעמט ביי יעדערען אַרויס די נשמה מיט זיינע וואונ־דערליכע קשר"קען!...."

דער פאָטער שטאַרבט איהם, ווען ער איז אַ אינגעל פון אַ יאָהר 14—15, אין די צייט פון עלענד און נויט הויבט זיך אָן. ביי דער מאַמען, דער אָרעמער אַלמנה, קען ער נישט לענגער בלייבען, און די נאָהנסטע קרובים שיקען איהם אין די ישיבה אַריין, „כדי עס זאָל נישט ווע־ען פון איהם קיין פוסט־און־פּאַסטניק". אין דער ישיבה אין סלוצק לערנט ער ביי דעם בעוואוסטען ר' אברהם ברוך, דאָן ווערט ער דער תלמיד פונ'ם ראש־ישיבה, דעם חריף ר' מיכל מ"ס. שפּעטער לערנט ער אין

ר׳ יונה׳ס בית־מדרש ביי ר׳ אברהם׳לע. ער מאַכט־דורך דעם גאַנצען בעקאַנטען קורס: שלאָפט אויף דער באַנק אינ׳ם בית־מדרש, עסט ברויט מיט זאַלץ און קריעגט אַ מאָל אַ „טאָג” אויך. דאַן קומט ער קיין ווילנאָ און לערנט ביי דעם בעריהמטען ר׳ סענדערעל אין ר׳ מעלה׳עס ישיבה און דאַן אויך אין גאונ׳ס בית־מדרש. דערווייל האָט די מוטער צום צווייטען מאָל חתונה געהאַט; איהר מאַן האָט געהאַלטען אין אַרענדע די מיהל אין אַ דאָרף נישט וויט פון קאַפּולע — און שלום יעקב האָט זיך אומגעקעהרט צו דער מוטער אין דאָרף אַריין און האָט דאָרט געלע־רענט מיט דעם שטיעף־פאָטערס אינגלעך, אום נישט בחנם ברויט צו עסען. און ווידער הויבט זיך אָן די אַלטע מעשה —: „דאָרט, וואו מיין שטיעף־פאָטער האָט געוואויהנט, זענען געווען וועלדער אַרום און אַרום, גרויסע אַלטע וועלדער מיט אַלערליי חיות. ביי נאַכט האָבען די הונגעריגע וועלף געשריגען און אויך דער בער האָט זיך דאָרט אָפּט בעוויזען. פייגעל האָבען שטענדיג געזונגען, און דער ליעבער און די וואַסער־עופות האָבען פון געמייזעכץ ליעבליך אונטערגעהאַלטען. דורכ׳ן וואַלד האָט זיך געשלענגעלט אַ גרויסער טייך און איז דערגאַנגען ביז צו דער מיהל, דאָרט האָט ער זיך צעגאָסען אין אַ מעכטיגען וואַסער־שטאָרץ און האָט מיט אַ געוואַלטיגען רוישען געדרעהט די רעדער, אַז פונ׳ם גערויש פון דער מיהל און דעם געברויז פונ׳ם וואַסער האָבען די אויהרען געקלונגען”.

און דאַן ווידער: — „אין דעם דאָזיגען איינזאַמען, פערלאָזענעם ווינקעל איז מיר מיין מוזע ערשיינט... מיט כשוף האָט מיך געצויגען, איך זאָל איהר נאָכגעהען אין וואַלד אַריין ביז אונטער דעם גרינעם בוים, וואו עס איז שטיל און הייליג. מיט די וואַלד־בוימער האָט זי מיר אַ בונד געשלאָסען און מיט די פייגעל פון הימעל און מיט די חיות אויף דער ערד און האָט מיך געלערענט זייער שפּראַך”. — דרעני־מאָל האָט דאָס אינגעל געמאַכט זיינע ערשטע ליטעראַרישע פּראָבעס: אַ ליריש געדיכט איבער די שענקייט פון דער נאַטור, ווי „דער טייך פלאַפּעלט צו איהם און דער ווידער־קול פון וואַלד ענטפערט”. אָבער אויך דער שפּאָט האָט איהם שוין אין יענע טעג גענומען און ער האָט אָנגעשריבען אַ מין דראַמאַ אין גראַמען אין דער פאָרם פון לוצאַטאָ׳ס „לישרים תהלה”. אָבוואויהל „איך האָב דענסמאָל גאָר נישט געוואוסט, וואָס אַ דראַמאַ איז, און איך האָב קיינמאָל נאָך אַ זעלכע ספרים נישט געהאַט געלייענט”. זעלבסטפערשטענדליך האָבען די אַלע פּראָבען קיין

שום ליטעראַרישען ווערט נישט געהאַט, אָבער אויך אין זיי איז שוין געווען צו דערקענען די צוויי גרונדשטריכען פון זיין איינגענט־ליכען טאַלאַנט: זיין נייגונג צום ליריזם און זיין נייגונג צו דער סאַטיריע.

באַלד אָבער האָט עס איהם אָנגעהויבען ציעהען און ער האָט אַליין נישט געוואוסט וואו אַהין, און ער האָט נישט געקענט מעהר איינזיצען אויף איין אָרט. ער האָט זיך אומגעקעהרט קיין קאַפּולע. אין קאַפּולע האָט ער אָנגעטראָפען איינעם, אַ בעטלער, מיט'ן נאָמען אַברהמעל חראַמאָי (אַ זכר אויף „פישקע דער קרומער”). דער דאָזיגער בעטלער איז אויס געווען אַ האַלבע וועלט, און מיט זיינע מעשות וועגען ווייטע שטעדט און וואונדערליכע מדינות — למשל, וועגען וואָהלין — האָט ער אויפגעקאָכט די פאַנטאַזיע פונ'ם יונגען קינד. זיין נשמה האָט איהם געצויגען צו עפּעס אַ פאַנטאַסטיש־ראָמאַנטיש לעבען; אין וויסטע וועלדער און אין פעלדער, מיט אַ חברה בעטלערס, ווייט, ווייט צווישען פרעמדע בעשעפענישען, און ער האָט בעשלאָסען זיך צו לאָזען מיט'ן דאָזיגען ר' אַברהמעל אין די וועלט אַריין (אַיין אָנגעהערעניש צו „מסעות בנימין השלישי”). שטעדט און שטעדטלעך זענען זיי צוזאַ־מען דורכגעוואַנדערט, דורך ליטא און דורך דעם גאַנצען דרום־מערב־קאַנט פון רוסלאַנד, איבער וואָהלין, אוקריינע און פּאָדאָליע און גענעכ־טיגט האָט מען אין אַ „הקדש” אָדער אין אַ בית־מדרש (אַ ביסעל „פישקע דער קרומער” און אַ ביסעל „קליין מענשעלע”) און געגאַנגען איז מען איבער די הייזער. אויף דער דאָזיגער נסיעה, אינ'ם צעבראָכענעם ווע־געלע מיט דער אָבגעשונדענער שקאַפּע איז געלעגט געוואָרען דער גרונדשטיין צו מענדעלי מוכר־ספרים'ס ביידעל מיט דער קליאַטשע, מיט וועלכע ער פאָהרט־דורך איבער'ן גאַנצען אידישען תחום אין דער לענג און אין דער ברייט. דער אינגעל איז געוואָרען אין די הענד פונ'ם קרומען שנאָרער נישט קיין שלעכטער עסק, אום נדבות צו קלויבען, און, אום דעם געשעפט נאָך צו פערגרעסערען, האָט ער איהם געוואָלט פערקויפען אויף פאַר אַ חתן (מאַטעריאַל פאַר פערשיעדענע עפּיזאָדען אין „ווינשפינגערעל”). „שפּעט ביי נאַכט האָט אַברהמ'על פערשלעפּט זיין פערשוין אין אַ פּוסטע קרעטשמע, וואָס האָט זיך געפונען ווייט פון דער שטאָדט, אין אַ עק, וואו קיין לעבעדיגען מענשען האָט מען נישט געזעהען. די קרעטשמע איז געווען אָהן פענסטער, אָהן טהירען, נאָר עפּעס איין אַלטע חורבה, וואו קיין מענשען האָבען שוין קיין הונדערט

יאָהר דאָרט נישט געוואויהנט... פּליצלינג האָט אָנגעהויבען שטאַרק דונערען און בליצען, דער הימעל האָט זיך געעפענט און עס האָט געהליאַפּעט דער רעגען ווי פון אַ צובער, די גאַנצע קרעטשמע האָט געשוואוימען אין וואַסער, אָט־אָט־האָט, אויסגעזיזען, ווערען אַלע דערטרונקען, און אָט פון איין ווינטעל פאַלט נאָר איין די גאַנצע קרעטשמע, וועלכע שטעהט אַזוי אויך אויף היהנערשע פיסלעך" — אין אַזאַ מינוט האָט דער בעטלער געסטראַשעט דעם אינגעל, אַז ווען ער וועט זיך עקשנ'ען און וועט נישט ווערען אַ חתן פאַר דעם מהותן, וועלכען ער האָט פאַר זיינעטוועגען אויסגעזוכט אין דער שטאָדט, וועט ער איהם לאָזען דאָ אַליין אויפ'ן פעלד. אין עטליכע טעג אַרום איז דער קליינער שלום יעקב געבליעבען איינער אַליין, פערלאָזט אויפ'ן פעלד, נישט וויסענדיג, וואו איין און וואו אויס. מיט גרויס מיה האָט ער זיך געשלעפּט ביז ער איז געקומען קיין קאַמעניץ־פּאָדאָלסק. דאָרט האָט ער געפּרובט ווערען אַ משורר ביי אַ חזן (עפּיזאָדע אויס „קליין מענשעלע"). דאַן איז ער אין דער דאָזיגער שטאָדט געזעסען אין בית־מדרש און האָט געלערענט תורה, און אַלע לומדים אַרום און אַרום האָבען געקוקט אויף איהם מיט גרויס דרך־ארץ. דאָרט איז ער בעקאַנט געוואָרען מיט איין אַלטען מאַן, אַ זעהר אָנגעזעהענער אין דער גאַנצער שטאָדט וועגען זיין יראת־שמים און זיינע מעלות און מדות (דער אָריגינאַל פון ר' אַברהם אין „ווינטש־פינגערעל"). דער דאָזיגער אַלטער האָט דעם יתום ליעב בעקומען, און האָט איהם גע'עצה'ט, ער זאָל, וויל ער קען גוט לשון־קודש, אַריינגעהען אַמאָל בסוד צו איינעם אַ געלעהרטען משכיל, וועלכער וואויהנט הינטער דער שטאָדט (עפּיזאָדע אויס „קליין מענשעלע"). דער קליינער אַבראַמאָוויטש האָט איהם געפאָלגט און איז דאָרט אַהין געגאַנגען. דער דאָזיגער משכיל איז געווען דער העברעאישער דיכטער אַ ב ר ה ם ב ע ר ג אָ ט ל אָ ב ע ר.

קיין גליקליכערער צופאַל האָט שוין נישט געקענט זיין אין דעם יונגען אַבראַמאָוויטשעס לעבען, ווי דאָס דאָזיגע אַריינגעהען אין דעם דאָזיגען הויז — אָבער גליכצייטיג האָט פאַר איהם אויך קיין אומגליקליכערער צופאַל נישט געקענט זיין. פון איין זייט איז ער דעדורך געקומען דירעקט און אָהן אַ סך אומוועג צו דער ליטעראַטור, פון דער אַנדערער זייט אָבער איז ער דעדורך פערשלעפּט געוואָרען אין אַ ריכטונג, פון וועלכער ער האָט זיך גאַנצע צוועהנדליגער יאָהרען נישט געקענט בעפרייען. ווער ווייס: ווען דער צופאַל וואָלט אַבראַמאָוויטשען

דענצמאָל גראָד האָבען נעבראַכט אין אַ קרייז אַריין, וואו מען וואָלט איהם האָבען אויפגעמאַכט די אויגען אויף זיין אייגענטליכען ווערט און אויף דעם אמת'ען נעטליכען פונק. וועלכער לעבט אין איהם, ווער ווייס, זאָג איך, אויב דער דאָזיגער אַבראַמאָוויטש וואָלט נישט האָבען אונז געגעבען זיינע מייסטער־ווערק שוין אין דער ערשטער פעריאָדע פון זיין שריפטשטעלעריי. אַזוי אָבער האָט ער ערשט געמוזט דורכמאַכען דעם גאַנצען גלגול־מחילות פון דעם אידישען מחבר־ליטעראַט פון דער דעמאָליגער צייט.

מיט דעם אַריינקומען אין גאָטלאָבערס הויז הויבט־אָן אַ ניי קאַפּיטעל פון אַבראַמאָוויטשעס לעבען. אין דעם דאָזיגען הויז האָט ער געפונען איין אוצר פון ספרים, וועלכע ער האָט געשלונגען ווי אַ הייס־הונגעריגער. גאָטלאָבערס טאָכטער האָט איהם דעם ערשטען אונטערריכט געגעבען אין רוסיש און אין דייטש, און ביי איהר האָט ער געלערענט אויך די אָנפאַנגס־גרינדען פון אַריפמעטיקאַ. אים יאָהר 1856 האָט ער געמאַכט זיין עקזאַמען אַלס לעהרער, און איז אָנגעשטעלט געוואָרען אַלס קאַזיאָנע לעהרער אין דער שטאָדטישער שולע. אַרום יענע צייט האָט ער געדרוקט אינ'ם „המגיד" זיין ערשטע אַרבייט: איין אַרטיקעל וועגען חינוך און אַז אידען דאַרפען לערנען רוסיש און דאַרפען קענען וויסענשאַפט. דאַן איז ער אַריבערגעפאָהרען קיין בערדיטשעוו, און דאָרט האָט ער אָנגעהויבען זיין ליטעראַרישע קאַריערע. ער האָט גע־שריעבען זיינע קריטישע בראָשורען „משפט שלום" און „עין משפט". אינ'ם גייסט פון יענער צייט האָט ער פערפאַסט, פריי לויט לענץ, אַ העברעאישע זאָאָלאָגיע אין דריי חלקים מיט'ן נאמען „תולדות הטבע". אים יאָהר 1867 האָט ער אָנגעשריעבען זיין ערשטע ערצעהלונגעל מיט'ן נאָמען „למדו היטב", און אַ יאָהר שפּעטער האָט ער עס פערנרעסערט און האָט עס געדרוקט מיט'ן נאָמען „האָבות והבנים" (1868) — די ערשטע בעלעטריסטישע פּראָבען.

אַ ביסעל שפּעטער נעהמט אַבראַמאָוויטש אַריבער צו אַ מין נייער מעטינקייט. ער הויבט־אָן, אונטער דעם פסעוודאָנים „מענרעלי מוכר ספרים", צו שרייבען אויף אידיש פאַר די גרעסערע מאַסע, „אום נוצען צו בריינגען": אום זיי אויסצובעסערען און אום זיי צו בעלעהרען. ער שרייבט „דאָס קליינע מענשעלע" — איין ערצעהלונג, וועלכע ווייזט אין אָנהויב (די מעשה מיט דעם קליינעם מענשעלע, וועלכער זיצט אינ'ם מענשענס אויג) די שענסטע פּאָעטישע קוואַליפיקאַציעס, און וועלכע

ווערט אָבער דאַן אַ שטריטשריפט געגען די ראָשי־הקהל, די קליינע בינישעלעך, אין די קליינע רוסישע שטעדט. דאַן שרייבט ער די ערשטע פראָבע פון „פישקע דעם קרומען“, און דאַן „די טאַקסע“ — די שאַרפּ־סטע קריטיק געגען אונזערע תקיפים, די שטאָדט־בעלי־טובות. צוליעב דעם דאָזיגען בוך מוז ער עוקר זיין פון בערדיטשעוו, וואו ער האָט דאַן געוואָהנט, ווייל די דאָרטיגע ראשי־קהל האָבען זיך געפונען בע־ליידיגט, און ער בעזעצט זיך אין זשיטאָמיר, וואו ער האַלט עקזאַמען און ווערט לעהרער אין דער דאָרטינער ראַבינער־שולע. אַרום יענער צייט שרייבט ער „די קליאַטשע“ — דאָס מערקווירדיגע בוך, אין וועלכעם ער האָט, ווי נאָך קיין שום צווייטער שריפטשטעלער נישט ביי אונז, דעם קאַמפּף געפיהרט קעגען אַלע אונזערע בעדריקער אין דרינען און אין דרויסען. עס איז די גיפטיגסטע סאַטירע אויף דעם לעבען פון דער כנסת־ישראל. און דערביי ווערט דאָס בוך געטראָגען פון אַ דיכטער־פאַנטאַזיע, ווי זי איז ביי אונז איינציג. דעם קינסטלער אָבער אין׳ם מאָדערנעם זין דערקענט מען נאָר אין דער וואונדערבאַרער קראַפט פון נאַטור־שילדערונגען און פייזאַזשען. דאַן האָט ער געפּרובט שרייבען אויך עטליכע לייכטע זאַכען אין גראַמען („יודעל“, „זמירות ישראל“ און „פרק שירה“). באַלד דערויף האָט ער געשריבען די ערשטע פּראָבע פון זיין שאַרפער סאַטירע „מסעות בנימין השלישי“ — די גע־שיכטע פון אַ אידישען מין דאָן קישאָט, און דאַן ווייטער אַ דראַמע מיט׳ן נאָמען „דער פּריזיוו“. אים יאָהר 1881 איז ער אַרויסגעפאָהרען קיין אָדעסאַ, וואו ער איז אָנגעשטעלט געוואָרען אַלס פיהרער פון דער דאָרטיגער תלמוד־תורה.

און ווייטער איז אַבראַמאָוויטש איבערגעגאַנגען צו עפּעס אַ נייעס. ער האָט אָנגעהויבען אין זיין ליטעראַרישער טהעטיגקייט זיך צו ווייזען פון אַ נייער זייט: פון אַ ריין קינסטלערישער. ער האָט אַוועק־געלאָזען דאָס פּאָלעמישע און דאָס פּובליציסטישע און דאָס ריין קריטישע און איז געקומען צו זיין העכסטער פאָרם, צום ריין קינסטלערישען. אַרום יענער צייט האָט ער געשריבען, צום גרעסטען טייל אויף העברעאיש, די מייסטערהאַפטע קליינע ערצעהלונגען, פון דאַן האָט ער אויסגעאַרבייטעט, גלייכצייטיג אויף אידיש און אויף העברעאיש, יענע פיער גרויסע ערצעהלונגען, וועלכע וועלען בלייבען אויף אייביג אַ שאַץ אין אונזער ליטעראַטור: „פישקע דער קרומער“, „מסעות בנימין השלישי“, „דאָס ווינשפינגערל“ און „שלמה ר׳ חיים׳ס“. צום ערשטען

מאָל האָבען אידישע לעזער געזעהען אַ זעלכעס, וואָס זיי האָבען נאָך קיינמאָל נישט געזעהען: אַ קינסטלער, ווי זיי האָבען נאָך קיינמאָל אַ זעלבען נישט געהאַט. און דער קינסטלער מאָלט זיי דאָס לעבען פון דעם עלענדען פאָלק אין קאַבצאַנסק און אין גלופסק און אין טונעיאַ־דאָוקע — כל ישראל איז איין קבצן. די צרה איז אַ צרה, פון וועלכער עס איז קיין ענטרינען נישט דאָ. עס איז אַ פערשאָלטען גלות־לעבען, אַ הינטיש לעבען...

קוקט מען צוריק אויף די שריפטשטעלערישע טהעטיגקייט פון אַבראַמאָוויטשען, זעהען מיר זי פאַר זיך איינגעטיילט שטרענג אין דריי פעריאָדען.

אין דער ערשטער פעריאָדע: עס נוצט איהם נישט זיין גאַנצער טאַלענט און זיין גאַנצע פאָעזיע; די דעמאָליגע צייט מאַכט איהם פאַר אַ שרייבער, ווי זי הונדערט אַנדערע זענען געווען, מיט די זעלביגע ציעלען און די זעלביגע וואונשען. ער שרייבט זיינע מליצות, ער האַלט מלחמה מיט די „מורדי אור“ און מיט חסידים און חסידות, ער שרייט געוואַלט, אַז מען מוז לערנען וויסענשאַפטען, און חעלכע צרה עס זאָל נישט זיין געקומען אויף אידען אין זיין לאַנד, חייסט ער, אַז עס איז נאָר דערפאַר, ווייל זיי האָבען זיך נישט געבילדעט. זאָלען זיי זיך נאָר בילדען — וועלען זיי באַלד אויף גיך געהאָלפען ווערען. אַרום יענער צייט שרייבט אַבראַמאָוויטש זיין „משפט שלום“, „האָבות והבנים“ און קאָמפּילירט אַ נאַטורוויסענשאַפטליך ווערק „תולדות הטבע“.

אין דער צווייטער פעריאָדע ווערט אבראַמאָוויטש בעל־מלחמה און מאָראַליסט. די אָנגעבוירענע פּאָעזיע און דער מערקווירדיגער זין פאַר נאַטור־שענהייטען שטערען אפילו אַ ביסעל; אָבער נישט קשה, ער שטרענגט זיך אָן, זיי ענטשווינען צו מאַכען, ווי חייט ער קען נאָר. „די קליאַ־טשע“ — ווען מען זאָל בעזייטיגען פון איהר די פיעל שענע לירישע שטעלען, וועלכע זענען טיילמאָלס אמת׳ע פערעל פון פאָעזיע, און די וואונדערבאַרע בעשרייבונגען פון נאַטור־שענהייטען, וועלכע זענען אָפט־מאָל גאַנצע אוצרות פון קונסט, בלייבט אונז איבער איין אַפּאָלאָגעטיש־פּובליציסטישע שריפט מיט מערקווירדיגע טענדענצען. „מיט וואָס פאַר אַ יושר קען מען — פרעגט ער פשוט — יענעם נישט לאָזען עסען, אָטעמען פריי, פיידען ביז ער וועט זיך אויסלערנען עפּעס קונצען? איטליכס בעשעפעניש, וואָס ווערט געבוירען, איז קודם־כל אַ לעבעדיגע זאַך, פערזאָרגט פון דער נאַטור מיט אַלע חושים, מיט אַלע אברים, טאַקי

נאָר פון זינטווענגען, בכדי דורך זיי צו בעקומען אַלסדינגג, וואָס עס בעדאַרף נויטיג האָבען צום לעבען"... „איך בין דיר מוחל דיין רחמנות! — רופט ער אויס אין איין אַנדער אָרט — איך וויל נישט, אַז דו זאָלסט אויסאַרבייטען, מען זאָל מיך נישט אַזוי פּלאָגען, מען זאָל מיר געבען מיין בעדערפעניש צו דערהאַלטען די נשמה, מאַקי נאָר גלאַט פאַר רחמנות, ווייל עס איז פּשוט אַ צער־בעלי־חיים. איך וויל אפילו נישט, דו' זאָלסט אויסבעטען פאַר מיר אַלע נויטיגע זאַכען צום לעבען אי מהאי טעמא, וואָס מען האָט און מען קען האָבען פון מיר נוצען. דאָס זענען אַלטע מעשות, אַלטע ליערלעך, וואָס איך האָב זיי שוין געהערט אין דער וועלט זינגען אין פערשיעדענע ציימען". דער שטאָלצער טאָן און די גאַנצע האַלטונג דערמאָנען אונז אַ ביסעל גבריאל ריעסער, לודוויג בערנע און זייער גלייכען. אַ ביסעל וויטער הערען מיר דאָס דאָזיגע אין נאָך אַ שאַרפערער פאָרם: „איך וויל גאָר נישט הערען קיין רחמנות, קיין קונצען, איך בין ווי אַלע אַנדערע, אַ לעבעדיג בעשעפעניש און האָב ווי זיי אַ פראַווע, דאָס רעכט צו לעבען. האָט יענער אויף מיר רחמנות, הייסט עס אַזוי פיעל, ווי איך לעב נאָר אין זיין זכות, ער האָט יאָ דאָס רעכט צו לעבען און איך נישט; אינגאַנצען וואָס איך האַלט מיך, וואָס איך זשיפּע, האָב איך עס צו פערדאַנקען איהם, נאָר איהם, אין דער צייט, אַז מיר ביידע זענען גאַנץ גלייכע בעשעפעניש מיט איינערליי בעדערפעניש. לאָזט מיך יענער לעבען, ווייל איך ברענג איהם ניצען, הייסט עס אַזוי פיעל, ער איז דער תכלית, דער עיקר, דען איך לעב נאָר, מחמת דערמיט טויג איך איהם. פאַר מיר אַליין וואָלט איך נישט בעדאַרפט גאָר בעשאַפען ווערען. איך וויל אָבער לעבען גלייך ווי אַנדערע, גלאַט ווייל איך בין אויך אַ בעשעפעניש פאַר מיר"... „אין דער וועלט הערשט איין געזעץ פאַר אַלע בעשעפעניש, פאַר אַלע מענשען גלייך, אַזאַ געזעץ, וואָס קיינער, יהיה מי שיהיה, איז נים אימשטאַנד עס איבערצומאַכען, וואָס אַקעגען איהם העלפט נישט קיין שרייען, קיין רעדען, קיין דרשות און קיין שום מיטעל; אַזאַ געזעץ, וואָס איז שטאַרקער פון אַלע שטאַרקע, מעהר עקשן פון אַלע עקשנים, וואָס אַז מען שטעלט זיך איהם אַקעגען, זוכט עס זיך אויס טויזענדער אַנדערע וועגען, טויזענדער המצאות און הסברות, כדי זיך צו דערהאַלטען — איך מיין דעם דאָזיגען בעקאַנטען געזעץ, וואָס אַלע ווילען עסען, וואָס איטליכער וויל צו דערהאַלטען זיין לעבען, עס מעג זיך זיין אויף וועלכען

אופן, מיט וועלכע מיטעל עס וויל זיך". — אין דער דאָזיגער פעריאָדע רעדט אַבראַמאָוויטש נאָך אַלץ אין אַלעגאָריעס און משלים ; זיין ליעבסט ווערטעל איז דענצמאָל : „נישט דאָס בין איך אויסען". ער האַלט וכוחים, ער זאָגט מוסר, ער שטראָפט, ער קריעגט זיך מיט דאָס זייניגע און מיט פרעמדע, ער זוכט די סבות פון יעדער זאַך און יעדער ערשיינונג — און שטערט איהם אַמאָל זיין פאָעטישער גייסט אין זיינע חקירות, דער־שטיקט ער איהם. אין דער דאָזיגער פעריאָדע איז ער אונזער בעסטער פובליציסט. ער איז אַ שטרייטער און אַ מאָראַליסט.

און אַזוי קומט מענדעלי צו זיין דריטער און לעצטער פעריאָדע פון זיין שריפטשטעלעריי. דאָס קינסטלערישע אין איהם נעמט סוף־כל־סוף די אויבערהאַנד, און עס בעווייזט זיך דער ריינער קינסטלער, אַ זעלכער, חוי ביי אידען איז זיין גלייכען נישט געוועזען. ער זאָגט נישט מעהר קיין מוסר, ער קריעגט זיך נישט מעהר מיט אונזערע שונאים פון דרויסען און מיט אונזערע תקיפים פון דרינען, ער שרייבט נישט מעהר קיין אַלעגאָריעס, נאָר ער מאָלט דאָס לעבען אין דער אידישער גאַס, אַזוי ווי זיינע אויגען זעהען עס, און עס איז נישט פאַרהאַן קיין זאַך, וועלכע ער זעהט נישט, און עס בלייבט נישט קיין פונקט, וועלכער איז פאַר איהם פערבאָרגען. און עס איז נישט דאָ קיין בעוועגונג, וועלכע איז איהם אומבעקאַנט ; אַלעס זעהט ער און ווייסט ער, און אַלעס מאָלט ער, און דער פאָן פון דעם דאָזיגען געוואַלטיגען געמאָלעכץ איז דער שרעקליכער, פירכטערליכער דלות, אין וועלכען אַ גאַנצע אומה, אַ צעבראָקעלטע און צעווייטיגטע, טרינקט זיך, און עס קומט אַרויס יענע געוואַלטיגע, פירכטערליכע טראַגעדיע, וועלכע נעמט־אָן ביים האַרץ און פער'סמ'ט די נשמה. עס איז שוין געגוג פאַר אונזערטוועגען די נעמען פון זיינע שטעדט, אום צו וויסען, וואו דאָס אומגליק הויבט זיך אָן: קאַבצאַנסק, גליפסק און טונע־יאַדאָווקע. די נעמען זענען סימוואָלען. כל־ישראל איז איין קבצן. די גרויסע אידי־שע אַלטע טאָרבע, דאָס איז אונזער אומגליק. דער איד מוז זיך לער־נען מותר זיין אויף דעם ביסעל עולם־הזה און ברעכען די תאוה פון עסען. „דער יצר־הרע פון עסען איז אַ געמיינע תאוה". ער טאָר נישט וויסען פון דער פרייד פון קינדער־יאָהרען און פון דער שענהייט פון דער נאַטור, און ער מוז לעבען אין דער וועלט פון פאַנטאַזיעס. די דאָן־קישאָטען מעהרען זיך ביי איהם, יענע „בנימין השלישי'ס", וועלכע פאָהרען אין די וועלט אַריין, און דאָס לעבען אין דער „קבלה"־און

אין דער „זוהר“־וועלט ווערט פאַר איהם עפּעס נאַטירליכעס. די סאַטירע פון׳ם גרויסען דיכטער ווערט וואָס אַ מאָל שטאַרקער, וואָס אַ מאָל גאַליגער, און עס צעשפּיעלט זיך דער גרויסער שפּאַס און ער ווערט אַזוי ביטער.

די פיגור פון אבראַמאָוויטשען אין זײַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער שטעלט זיך אונז אַלזאָ פאָר אַזוי: אַ איד ווערט געבוירען אין עפּעס אַ פערוואָרפען שטעדטעל, ווי טויזענד אַנדערע פון זײַנע ברידער. קיינער ווייסט נישט, וואָס עס לעבט אין איהם, און ער ווייסט עס אים אַלער־הענינגסטען — און דערבײַ איז זײַן נשמה אַ נשמה פון אַ גרויסען פּאָעט. ווען ער קומט אין די וועלט אַרײַן און הויבט־אָן זיך זײַן וועג צו זוכען, ווערט ער אַזוי ווי די פיעלע אַנדערע צווישען זײַנע ברידער, וועלכע עס איז אויסגעקומען צו ווערען שריפטשטעלער. ער ווערט אַ מוסר־זאָגער, אַ קעמפּפער פאַר אויפקלערונג, אַ מליץ־יושר, ער ווערט אַ ביסעל ריב״ל, אַ ביסעל צווייפעל און אַ ביסעל גאָטלאָבער. אין אַ גע־ווּיסער בעציעהונג שטעהט איהם זײַן פּאָעטישער זין ווי אַ שטערעניש אויפ׳ן וועג, ער אָבער בעזיעגט זי און דערשטיקט זי. שטעלט אײַך אָבער פאָר, ווי גרויס האָט געמוזט זײַן דער דאָזיגער פּאָעטישער זין און די דאָזיגע נײַגונג צו קונסט, אַז ער האָט זיי פאָרט נישט געקענט בעגראָבען, אַזוי אַז סוף־כל־סוף האָבען זיי זיך דורכגעבראָכען. ער איז שוין העכער פערציג יאָהר אַלט געוועזען, ווען ער האָט אָנגעהויבען אַלס רײַנער קינסטלער, אַזוי אַז ער האָט נישט מעהר אויסגעזיעט צו געהען אין פרעמדע פוס־טריט און ער איז געווען געצוואונגען, צו ערפינדען פאַר זיך אַ נײַע טעכניק און אַ נײַע פאָרם און אַ נײַעם פּאָרטראַג. און דאָס גרעסטע וואונדער איז, אַז דאָס בעסטע, וואָס ער האָט געשריעבען, האָט ער געשריעבען שוין אַלס זעכציגער, זיעבציגער! „פישקע דער קרומער“, „מסעות בנימין השלישי“, „דאָס ווינשפינגערעל“ און „שלמה ר׳ חיים׳ס“ זענען און בלײַבען די גרעסטע מײַסטער־ווערק פון אונזער ליטעראַטור.

---

## III.

„פישקע דער קרומער". אַלס ספור-המעשה פאַר זיך איז „פישקע" שוין אַ ביסעל צו איינפאַך. בכלל צייכענט זיך דאָך נישט מענדעלי אויס אַלס מעשה-שרייבער מיט פערוויקעלטע און פערציקעלטע געשעהענישען; על פי רוב האָבען מיר אין זיינע מעשות קיין שום „האַנדלונג" נישט, און זיי זענען אַזוי איינפאַך, אַז ווען איין אַנדערער זאָל קומען, וועלכער בעזיצט נישט דעם טאַלענט פון מענדעלי, וועט ער גאָר נישט וויסען, וואָס מיט דעם ראָזיגען שטאָף אָנצוהייבען. אייגענטליך געפינסט די דאָרט גאָר נישט דאָס, וואָס מען רופט „קאָמפּאָזיציע", און געפינסט גאָר אַ צונויפשטעלונג פון בעזונדערע מעשה'לעך, שטיקלעך, עפּיזאָדען, בעטראַכטונגען, נאַטור-שילדערונגען און וואונדערשענע שטעלען. די אייגענטליכע מעשה פון פישקע דעם קרומען איז אַ גאָר איינפאַכע: איינער אַ קרומער, וואָס הייסט פישקע, דיענט אין דעם מרחץ אין דער קהלה גלופּסק, און חברה מאַכט איהם חתונה מיט דער „בלינדער יתומה", וואָס בעט נדבות ביי דער „טויטער שול". דערנאָך לאָזען זיך ביידע, מיט אַ גאַנצע האַליאַסטרע אָרעמעלייט, געהען איבער די הייזער און וואַנדרעווען פון שטאָדט צו שטאָדט און פון הקדש צו הקדש. דאָ קומען פאָר קאַרטינעס און סצענעס פון אידישע אָרעמע לייט. און דערנאָך: פישקע דער קרומער האָט עפּעס נישט אַזאַ שטאַרקען שלום-בית מיט זיין ווייב, וועלכע חבר'ט זיך אַ ביסעל מיט איין אַנדערען אָרעמאַן, מיט דעם „רויטען ממזר", און ער אַליין, פישקע, דערטאַפּט צווישען חברה אַ האָרבאַטע מערעל, און ביידע פערליעבען זיך מיט אַ מין פערליעבעניש, וועלכע איז פשוט גאָר נישט צו דערטראָגען, און יעדעס מאָל, ווען פישקע נעמט זיך דערצו, אָבצו'גט'ען זיין ווייב, קומט אַלעמאָל אַריין עפּעס אַ שטן אין דער מיטען, ביז מאַקי די האָרבאַטע איז נעלם געוואָרען פון איהם, דורך דעם רויטען ממזר'ס אַ שפּיצעל, און אונזער פישקע פאָהרט דאָס איצט זי זוכען... און אַזוי ווי ער זיצט אויף דער בויד, פאָהרענדיג קיין גלופּסק, זי זוכען, ענדיגט זיך פלוצלינג דאָס בוך.

דאָס איז די מעשה גאָר אין גאַנצען. דאַכט זיך, עפּעס נישט אַזוי שטאַרק פערוויקעלט, און, מי יודע, ווי וואונדערליך אויסגעטראַכט. און אויך די פערליעבעניש איז עפּעס נישט אַזאַ נאַטירליכע זאַך און

אזוי ספּעציעל אידישליך ביי אידישע אָרעמעלייט אין הקדש, אזוי אַז מען קען מיינען, דאָס דאָזיגע איז נאָר אַ צוטשעפּעניש, בכדי לקיים מצות־עשה פון שרייבען אַ ליעבעניש אויך. נאָר מען מוז זיין אַ מייסטער ווי מענדעלי מוכר־ספרים, אַז דאָס אַלעס זאָל ווערען רעכט. מען מוז קענען שרייבען ווי ער און דערצעהלען ווי ער, אַז דאָס אַלעס זאָל זיך אַזוי לעגען גלייך אויפ'ן טוח און זאָל קריעכען גלייך אינ'ם האַרץ, ביז מען זאָל אָנהייבען צו מיינען און צו פיהלען, אַז אַלעס איז אַזוי נאַטיר־ליך און דאָס אַלעס מוז אַזוי זיין.

נאָר אפילו דאָס דאָזיגע קליינע מעשה'לע מיט פישקע דעם קרומען, דאַכט זיך, איז ביי מענדעלי מוכר ספרים גאָר נישט דער עיקר; דער עיקר איז די גאַנצע סביבה: דאָס לעבען פון אידישע אָרעמעלייט, וועלכע געהען איבער די הייזער שנאָרען — אַ בילד, וועלכעס נעמט אָן ביי דער נשמה. די שנאָררייי הערט פּלוצלינג אויף צו זיין אַ שנאָררייי, און ווערט אַ מלאָכה, אַ מין פּראָפעסיע, אַ געשעפט ווי טויזענד אַנדערע געשעפטען, ווי למשל האַנדלען מיט תבואה אָדער מיט אתרוגים אָדער מיט מאָסקווער ציץ, און די מענשען, וועלכע בעשעפטיגען זיך דערמיט, זענען מענשען ווי טויזענד אנדערע, ווי למשל די מענשען, וועלכע זענען וואַלד־סוחרים אָדער פּערזיכערונגס־אַגענטען אָדער מלמדים אָדער ווינקעל־אַדוואָקאַטען, און צווישען זיי זענען פאַראַן גוטע און שלעכטע, און שטעלען גאָר נישט פאָר קיין שום בעזונדערען טיפּ. און אויך זייער עזות און זייער חיטראָסט און זייער גנב'יש לשון זענען זאַכען, וועלכע מיר געפינען ביי יעדען סוחר. מענשען מיט ווייכע ווייבערישע נשמות, ווי פישקע און ווי זיין האָרבאַטע מעדעל, זענען, דאַכט זיך, כלל וכלל נישט פאַראַן אין אַזאַ חאַליאַסטרע, און מען קען זיך נאָר נישט ערקלעהרען, בנוהג שבעולם, ווי זיי קומען דאָרט אַריין און ווי אַזוי עס קענען אַ זעלבע ריינע נפשות דאָרט אויס־וואַקסען און זיך דערהאַלטען אין זייער ריינקייט. און די אַלע איבריגע אָרעמעלייט — אוי, ווי עסט זיך אונז צו, צוקוקענדיג זיך צו זייער לעבען! מיר זענען קלאָמפּערשט פון דער היים אויס נאָך געוועהנט אַ ביסעל, רחמנות צו האָבען אויף עלענדע, אָרעמע מענשען, און דאָ זעהען מיר עלענדע אָרעמע מענשען, וואָס מיר טאָרען אויף זיי אפילו רחמנות אויך נישט האָבען. עס זענען לויטער עזות־פּנים'ער, גנבים, הולטייעס, געמיינע יונגען, וואָס מיר זעהען דאָ פאַר אונז, און די גאַנצע קדושה, וועלכע האָט אַ מאָל גערוהט אויף אָרעמקייט און אויף

עלענד, ווערט פערשוואונדען פאַר אונז און פליהט אַוועק ווי אַ לייכטער רויך... אונזערע חלומות און אונזער פּאָעזיע פון אַ „סאָציאַלע פראַגע" שטאַרבען אוים, און קברים עפענען זיך פאַר אונזערע אויגען — לויטער קברים, לויטער קברים.

זעלבסטפערשטענדליך: מיר ווילען גאָר נישט זוכען בײַ מענדעלי'ן אַ „מעשה" מיט אַלע פּליטערלעך, מיט פערוויקלונגען און מיט עכטע ליעבעס און מיט נעטאָקטע טיפען, און מיר ווילען גאָר נישט פרעגען קיין לאַנגע קשיות וועגען קאָמפּאָזיציעס, דען פאַרדעם האָבען מיר דאָך עפּעס איין עסק מיט מענדעלי'ן, מיט אַ איד מיט אַ שפּיציגען נעלען בערדעל, וואָס הויבט שוין אָן ביסלעכווײַז גרוי צו ווערען. און אַזאַ איד וועט מיך הערען ווי די גרויע קאָץ, ווען איך וועל אָנהויבען מיט איהם צו שמועסען וועגען דינים און חוקים. „נישט דאָס בין איך אויסען" — וועט מיר מענדעלי אַ מאַך טהון. פישקע דער קרומער איז אייגענטליך גאָר נישט דער העלד פון דער ערצעהלונג „פישקע דער קרומער", און איהם מיט זיין האָרבאַטע מיידעל און מיט זיין חאַליאַס־טרע פּטר'ט מען אָב אין עטליכע בלעטלעך. איהם נעמט מען אַרויף אויף אַ בויד, וועלכע פאָהרט קיין גלופּסק, און מען זעצט איהם אַוועק צווישען צוויי אידען, צווישען מענדעלי מוכר־ספרים און צווישען אַלטער מוכר־ספרים, און לאָזט איהם ערצעהלען זיין מעשה'לע, און אַ סוף, איין עק, — דער עיקר איז דאָס שטיק לעבען אינ'ם בוך, די פערשיעדענע בילדער, די וואונדערליכע קאַרטינעס, די שענע שטיקלעך, דאָס פיהלען פונ'ם אידישען האַרצען און דאָס דענקען פונ'ם אידישען מוח, וואָס דאָס דאָזיגע בוך איז פול מיט זיי פונ'ם אָנפאַנג ביז'ן סוף. נישט די קייט איז דאָ דער עיקר, נאָר די איינצעלנע רינגען. באַלד דאָס ערשטע בלעטעל ווייזט אונז, אַז דער, וועלכער ערצעהלט, איז אַ מייסטער.

אַ בויד געהט זיך אויף דעם טראַקט קיין גלופּסק. דאָס פערדעל איז גאַנץ אידישליך, דאָס הייסט הונגעריג און קראַנק, מיט קאָלטענעס און מיט אָבגעריעבענע קניען; דאָס אידעל, וועלכער זיצט אין דער בויד, איז אָבער גאָר נישט פערדיש — עס איז מענדעלי מוכר־ספרים, מיט אַ בייטש אין דער האַנד און אָנגעטאָן אין טלית און תפלין, און אַ קאָפּ האָט דאָס דאָזיגע אידעל, פּשוט אויף רעדער. פערשטעהט מען דאָך, אַז אין מיטען דאַווענען דרעמעלט מען אַ ביסעל איין. די בויד קריעכט דער־הייל אַריין אין אַ קאַלוזשע, און פערטשעפּעט זיך בינתים אין דעם אַקס

פון אַ צווייטער בויד, וועלכע איז אויך גראָד אָנגעקומען. דאָרט אויף דער צווייטער בויד זיצט אויך אַ איד אין טלית און תפלין מיט אַ בייטש. ביידע ווערען אין כעס און האַפּען זיך איינער צום אַנדערען שלאָגען — אַך, מען דאַרף אָנקוקען די דאָזיגע גבורים, גבורי ישראל, מיט זייער כעס און זייער וועלען שלאָגען! פערשטעהט מען דאָך, אַז מענדעלי דערקענט באַלד דעם צווייטען, אַז דאָס איז נאָר ר' אַלטער יקנה"ז, אויך אַ מוכר-ספרים ווי ער, און ר' אַלטער דערקענט ר' מענדעלי'ן, און איך פערשטעה, ביידע וואָלטען מסתמא אַרויפפאַלען, איינער אויפ'ן צווייטען, קושען זיך, ווען נישט די של-ראש'ן וואָלטען שטערען. און דאָ הויבט זיך אָן די מעשה מיט די בוידען; ווי שלעפּט מען זיי אַרויס פון דער קאַלוזשע? מילא, פערשטעהט מען דאָך, אַז אידענ'ס כח איז נישט צו אַזאַ אַרבייט. דאָ קומען גראָד אונטערגעפאָהרען גוים, פּראָס-טע פּויערים, די ידים ידי עשו מאַכען שוין אַלעס רעכט, זיי שלעפּען אַרויס די בוידען, און לאַכען אפילו אָב אַ ביסעל פון די „פּראָקליאַטיע זשידי" מיט זייערע תפלין, נאָר „משטיינס-געזאָגט, פאַר וועמען מען האָט זיך דאָ צו שעמען" — און די בוידען פאָהרען זיך זייער וועג,

און נאָך דער דאָזיגער הערליכער קאַרטינע, קומט אַ צווייטע: צוויי אידען, מענדעלי און אַלטער, וועלכע רעדען מיט זייער לשון, זייער דרך, זייער עהרליכקייט, זייער גנבה, און איינער גיט אַ „כאַפּ אין וואָגען" ביים צווייטען, צו דערגעהן, ווי דער מסחר זעהט-אויס ביי איהם — אָ, ווי כאַראַקטעריסטיש איז יעדעס וואָרט און ווי נאַטירליך יעדע בעוועגונג! מיר דאַכט, איך האָב ערשט נעכטען גע-זעהען דעם דאָזיגען מענדעלי דורכפאָהרענדיג אויף דער פראַנציסקאַנער-גאַס, און איך קען שווערען, אַז היינט נאָכמיטאָג וועל איך זעהען אויך אַלטער'ן, דאָרט אונטען אויף דער גרזיבאָווסקא-גאַס, בשעת ער וועט געהען קויפען סמאָלע צו שמירען די רעדער, און וועט זיך איילען אום נישט עובר מנחה צו זיין, און וועט אַ רייב טהון די הענד אָן דער וואַנד און וועט זיך אַוועקשטעלען נעבען וואָגען דאַווענען...

און דאַן אַנדערע סצענעס: ר' אַלטער ליעגט אויפ'ן וואָגען ראַ-קום, „רויט ווי אַ צוויק" און שוויצט. „שוויצען איז אַ אידישע זאַך". די זון ברענט, און דאָ פאָהרט מען דורך פעלדער מיט תבואות, און עס שמעקט און מען הערט שפּיעל-פייגעלעך זינגען. ר' מענדעלי אין בלוי-סען טלית-קטן, ליעגט פערטראַכט — און דאָ הויבען זיך אָן נאַטור-שילדערונגען, פעלד-פּאָעזיע און וואַלד פּאָעזיע, ווי נאָר אַ געוואַלטיגער

פּאָעט קען זיי שרייבען. עס שמעקט און עס זינגט אַרויס פון יעדער שורה און עס „קיצעלט בײַ דער נשמה“ און מיר ווייסען נישט, וואו דער כּישוף שטעקט. ר׳ מענדעלי זיצט אין דער בּויד, און כּדי ער זאָל מסיח־דעת זײַן פון זײַן הונגער, קוקט ער זיך־צו צו גאָט׳ס שען וועלטעל... „דער הימעל איז בּלוי, לויטער אָהן אַ פּיצעל וואָלקען. די זון בּראָט, סמאַלעט, עס וויהעט נישט קיין ווינטעלע, מען פיהלט נישט קיין ליפטעלע. די תּבואה אויף די פעלדער, די בּיימער אין די וועלדער שטעהען שטיל, ווי צוגעקאָוועט, קיין שאָקעל אפילו זיך נישט צו טהון. קיה אויף דער פּאַשע ליגען מיד, אויסגעשטרעקט די העלזער, שאָקלען צו־ווײַלען די אויערען, קײַען און מעלה־גרה׳ן, אַנדערע גראָבּען אונטער זיך די ערד מיט זייערע הערנער, שאַרען מיט די קאָפּעטעס און רעווען, שרייען פאַר גרויס היץ. דער בּוהײַ פערדרייסט דעם עק, לויפט גאַלאָפּ, וואַרפענדיג דעם קאָפּ אין אַלע זײַטען, שטעלט פּלוצלינג זיך אַנידער, אָנגעבויגען דעם שטערן האַרט צו דער ערד, שמעקט, פאָכט מיט די נאָזלעכער, לאָזט אַרויס אַ בּרומען, סאָפּעט און דריגעט מיט די פיס. נעבען איין אַלטער, אויסגעקרימטער און האַלב־פערדאַרטער ווערבע, איבּערגעשפּאָלטען פון דער העלפט אַ מאָל פון אַ דונער, שטעהען פערד, איינער אויפ׳ן אַנדערען פערלעגט די קעפּ, צו מאַכען האָטש עפּעס אַ שאָטען, און שמײַסען מיט די ווײַלדען, בּטור צו ווערען, ווי ס׳איז, פון די בּייזע פליעגען. — אויף אַ צווייגעל אין דער הויך וויעגט זיך אַ סאָראָקע. אויסזעהענדיג פון דער ווײַטענס ווי אָנגעטהון אַ ווײַס טלית׳ל, מיט פאַסען תּכלת פאָרענט, און דאַווענט שאָקלענדיג זיך, זי בּוקט זיך, פאַלט תּחנון מיט׳ן קעפּעל, שפּרינגט אַ ביסעל אונטער, אַ קליין קראַקעלע נעבּענדיג אַ פּאָר מאָל, בּלײַבּט דערנאָך ווייטער שטעהען אָהן לשון, שטרעקט אויס דאָס העלזעל און קוקט, גלאַט אַזוי, אין דער וועלט אַרײַן, מיט פערשלאָפענע אייגעלעך. אויף דעם גאַנצען וועג איז שאַ־שטיל, מען זאָל דאָס הערען ערגעץ אַ שאָרך, אַ פּיפּס, מען זאָל דאָס זעהען פליהענדיג ערגעץ אַ פייגעל, נאָר קאָמאַרען, מיקען טראָגען, ווי די רוחות, זיך אין דער לופט אַרום, פליהען טאַנצענדיג פאַרבּײַ די אויערען, טהוען אַ גרילץ, אַ זשיזשע, אײַנרוימענדיג עפּעס אַ סוד, און בּאַלד טאַקי מאַרש ווייטער; נאָר צווישען היי, צווישען תּבואות דאָרט שמוצערען די גרילען, זומזען, ציכּבּעלען, און געהען מיט די טאַצען... ס׳איז היים, ס׳איז שטיל, וואונדערליך שעהן. שאַ! גאָט׳ס בּעשעפעניש רוהען“... פיעל אַ זעלכע קאַפּיטלען קען איך נישט

אין דער וועלט־ליטעראַטור, און די דאָזיגע עפּישע ברייטקייט, וועלכע פערגעסט נישט קיין שום פּרט און קיין שום קליינינקייט, אפשר וועלען מיר איהר גלייכען געפינען נאָר ביי די אַלטע דיכטער.

און דאַן מנחה־צייט. „אַ געשמאַק ווינטעלע הויבט־אָן צו בלאָזען און אויפ׳ן הימעל ווייזען זיך שטיקלעך וואָלקען, אויף וועלכע מען האָט, ווי אויף טייערע געסט, שוין אַ לאַנגע צייט אַרויסגעקוקט. די בוימער הויבען פּאַמעליך אָן זיך צו שאָקלען, איינער צום אַנדערען איינגעבויגען דעם קאָפּ, און פיהרען צווישען זיך אַ שמועס אויף זייער לשון, נאָכדעם אַז זיי האָבען אַזוי לאַנג געשוויגען שטיל. דאָס ווינטעלע האָט אויפגע־וועקט די שלאָפעדיגע תבואה, אַלע זאַנגען האַפּען זיך, ווי יונגע קינדער, אויף מיט אַ קול און צעקושען זיך גאָר פריינדליך. גאָטס בעשעפעניש ריהרט זיך אומעטום: אויפ׳ן פעלד, אין וואַלד און אין דער לופט. איינס נאָך דאָס אַנדערע טרעטען שפּיעלפייגעלעך אַרויס, אויף צווייגלעך, ביימלעך, נידריג און גאַנץ הייך, פּוצען זיך די פעדערלעך, אַ וויש מיט דעם שנעבעלע, אַ טרעסע, אַ שאָקעל, און הויבען־אָן די זיסע זמירות, צו זינגען, צו שווישטשען. באַבעטשקעס רייך געקליידט אין אַטלעס, סאַמעט, מאָרע־אַנטיק מיט טייערע ציהרונג, האַפּען אַ טענצעל, שוועבענ־דיג אין דער לופט, הויבען זיך, דרעהען זיך און מאַכען חן. צוויי בושלעס, נחאַרדייצעס, מיט לאַנגע, רויטע פיס שטעהען אויפ׳ן גראָז, פּאַראַדיסענדיג די קעפּ אין דער הויך און קוקען מיט גדלות. עפּעס אַ קונדעס, אַ פויגעל, שטיפט, פליהט פון איין בוים צום אַנדערען, מאַכט „קוקו, קוקו!" ווי ער שפּיעלט זיך אין באַהעלטעניש. איהם ענטפערט אָב פון צווישען ווייץ און קאָרן איין אַנדער מין פויגעל עפּעס, „פּיק־בער־וויק, פּיק־בער־וויק!" ווי געזעגט: אייביג וועסט דו מיך דאָ נישט חאַפּען, חאָטש שיט מיר אָן זאַלץ אויפ׳ן עק, פּאַקט זיך, ר׳ קרוב, ווייטער און אַחעק, אַוועק!... נישט ווייט אין אַ וועלדעלע קנאַקט דער סאָלאָוויי, צולאָזט זיך אויף זיין העלזעלע, מאַכט זיסע שטייגער און שפּיעלט גאָר מחיה. איטליבער, וואָס קען נאָר עפּנען אַ מויל, האַלט דעם וועלט־בעריהמטען חזן אונטער. זשאַבעס אפילו פון די טייכלעך ערגעץ טערעליקען, אפילו פליגען, ביענען האָבען נישט געשוויגען, און דער זשוק, דער שיינעץ, דער אָנחאַפּער, האָט פליהענ־דיג אויך געזשוזשעט. דאָס איז געווען אַזאַ קאָנצערט, וועלכען מען האָט געמעגט אויף בילעטען געהערען... די גאַנצע וועלט איז עפּעס ווי לעבעדיג געוואָרען און בעקומען אַ פרעהליך פּנים. אַ פרייד,

אַ פערגעניגען צו הערען, צו זעהען, צו שמעקען די זיבע ריחות פון אַלע זייטען. — ר׳ אַלטער, ס׳איז גוט! ר׳ אַלטער, ס׳איז שעהן! עס ציהט עפּעס ביי דער נשמה, עס רעדט עפּעס צום האַרצען: גאָנץ וועלטעל איז שעהן, גאָנץ וועלטעל לעבט! עס ציהט און גלוסט זיך אַריינוואַרפען זיך עפּעס אַהין, אַהין, מיט הענד און מיט פיס..."

און דאַן די וואונדערליכע סצענעס אין וואַלד און אין דער קרעטש־מע. דאָס לייכטע שכּרות מענדעלי׳ס, כּמעט אויף אַזוי פיעל ווי אַ איד קען שכּור זיין. זיין אַריינקומען צום וואַלד־שרייבער. די אַכסניא און די לבנה־פּאָעזיע, דער מלמד און די בעל־הבית׳טע, דער בעל־הבית, וועלכער איז אַ שטיקעל שמענדריק, און דאָס פערהערען דעם אינגעל — עס זענען לויטער סצענעס פון אַ מייסטער געשריבען. און אַזוי פער־ציהען זיך די סצענעס ביז׳ן סוף בוך, ביז מען נעמט אַרויף אויף די ביידלעך אויך פישקע דעם קרומען, וועלכען מען טרעפט אים וואַלד, און מען זעצט איהם אַוועק, איינמאָל אויף אַלטער׳ס בויד און איינמאָל אויף מענדעלי׳ס בויד, און מען לאָזט איהם זיין מעשה׳לע ערצעהלען. און אַזוי געהט עס ווייטער ביז מען קומט קיין גלופּסק, און אַזוי ענדיגט זיך דאָס בוך.

און דעם דאָזיגען בוך האָבען מיר אַלזאָ נישט צו זוכען איין מעשה, נאָר אַ סך מעשה׳לעך, אַ סך עפּיזאָדען, שטיקלעך סצענעס און קאַרטינעס. מענדעלי מוכר־ספרים איז נישט קיין מעשה־דערצעהלער — ער איז אָבער אַ מייסטער, ווי ער האָט צו זיך נישט קיין צווייטען, וועלכער צייכענט אונז אַלעס, וואָס אַ מענשען־אויג קען זעהען, און אַלעס, וואָס אַ מענשען־אויער קען הערען. אָבער דאָס, וואָס ער צייכענט אונז, דאָס איז קולטור־היסטאָריע פון אַ גאַנץ פאָלק אין אַ געוויסען אָרט און אין אַ געוויסער צייט, צוזאַמען מיט טיפען־צייכנונגען אין אַלע זייערע איינצעלנהייטען. אָבער אויך די אַרט פון זיין פאָרטראַג איז איינציג; ער פערשטעהט שעהן און אַנגענעהם און מיט דער גאַנצער ביטערקייט פון אַ ליידענדע נשמה צו שרייבען. און אויס דעם גאַנצען שרייבען, עס מעג זיין נאָך אַזוי סאַטיריש און נאָך אַזוי וויציג, קלאָגט אָבער אַרויס דער טרויריגער ניגון, וועלכער זינגט זיך איהם אין האַרצען, איבער דעם עלענד און די פירכטערליכע טראַגעדיע פון זיין פאָלק. מענדעלי זאָגט פון זיך אין דער הקדמה צו דער דאָזיגער ער־צעהלונג: „מיר חלום׳ט זיך נאָר בעטלערס וכו׳ וואָהין איך זאָל מיך

נישט קעהרען און ווענדען, זעה איך פאַר מיר די טאָרבע וכו׳ אוי, אַלץ די טאָרבע, די אידישע טאָרבע!״...

אין דער דאָזיגער ערצעהלונג, אין דער לעצטער בעאַרבייטונג, האָט אונז מענדעלי מוכר־ספרים צום ערשטען מאָל געוויזען, ווי ווייט זיין קראַפט גרייכט אַלס מאָלער און צייכנער און דיכטער, בשעת ער קומט אונז דערצעהלען דאָס אומגליק פון זיין פאָלק. דער שרעקליכער דלות פון אַ גאַנצער אומה פייפט אונז אַ קענען פון יעדען ווינקעלע — אין אומה, וועלכע טרינקט זיך און זינקט זיך אין אַ ים פון צרות, די צרות פון קבצנות, און דער דיכטער רייסט פון איהר פּאַסעס פליייש לעבעדיגערהייד דורך זיין ביטערסטען שפּאָט, און דערביי צייכענט ער אונז, אַלס צולאָג, נאַטור־שענהייטען מיט אַ קונסט, וואָס האָט נישט איהר גלייכען. אָבער אין דער דאָזיגער ערצעהלונג האָבען מיר נאָך אַ סך אַלעגאָריעס און אָנשפּילונגען; דאָס ווערטעל „נישט דאָס בין איך אויסען״ שפּיעלט נאָך אַ גרויסע ראָלע; די טיפען פון די מענשען זענען נאָך אַ ביסעל שוועבענדיג און פליהענדיג אין די לופטען און זענען נישט גענוג פעסט און בולט; מעהר פעסטע און מעהר בולט׳ע טיפען האָט ער זיך געלאָזען פאַר שפּעטער.

שוין אין „מסעות בנימין השלישי״ זענען די געשטאַלטען מעהר פונ׳ם רעאַלען לעבען, אָבוואָהל דער אינהאַלט אַליין איז מעהר פאַנ־טאַסטיש. דער מדת הדין איז אָבער אין דער דאָזיגער ערצעהלונג פיעל גרעסער פון דעם מדת הרחמים; דער סאַטירישער שפּאָט איז דאָרט אומדערבאַרמליך און אָהן אַ גרעניץ. דאָס ווייכע און דאָס האַר־ציגע איז כמעט אינגאַנצען פערשוואונדען, און די בייטש שלאָגט אויף רעכטס און אויף לינקס...

דאָס שטעדטעל איז טונעיאַדעווקע — ווידער אַ גאָט־פערלאָזען נעסט, וואָס קומט מיט דער וועלט אין דרויסען כמעט נישט אין בע־ריהרונג. קומט אַ מאָל אַ פרעמדער דאָרט אַהין, קוקט מען אויף איהם פון אַלע פענסטער אַרויס, ווי אויף אַ חידוש. דער גרעסטער טייל פון איהרע איינוואוינער זענען גרויסע אביונים, שרעקליכע קבצנים, רחמנא־ליצלן; דאָס גאַנצע גליק איז, וואָס זיי זענען משונה׳דיגע בעלי בטחון. פרעגסט דו אַ טונעיאַדעווקער: רב איד, מיט וואָס איינענטליך דערנעהרט איהר זיך און וואָס איז אייער פרנסה. — וועט ער שטעהן אַ פערדרעה־טער און וועט דיר נישט וויסען, וואָס צו ענטפערן. און נאָר נאָכדעם ווי ער וועט זיך אַ ביסעל בערוהיגען, וועט ער דיר שטאַמעלדיג

ענטפערן כּהאי לישנא: — דערנעהרען? מיט וואָס איך דערנעהר מיך למשל? הבל הבלים! עס איז דאָ אַ גאָט, זאָג איך אייך, למשל, וועל־כער זיצט און שפּייזט אַלע זיינע בעשעפעניש, און אין זיין גרויס גוטסקייט האָט אונז עסען נישט געפעהלט און וועט אונז קיינמאָל נישט פעהלען, זאָג איך אייך למשל. „פאָרט אָבער, וואָס איז אייער געשעפט? חעלכע אוּמנות אָדער וועלכע פרנסה האָט איהר?" — געלויבט און גע־בענשט זאָל זיין זיין הייליגער נאָמען. אַזוי ווי איהר זעהט מיך אַ לעבע־דיגען פאַר אייך, למשל, האָט מיר השם־יתברך געגעבען אַ טייערע מתנה: איך האָב אַ שעהנעם קול נגינה און קען דאַווענען פאַר׳ן עמוד, דאַווען איך מוספים אין די ימים נוראים אין אַ שטעדטעל אין דער דאָזיגער סביבה. איך בין אַ קונציגער מוהל און אַ מצה־רעדלער, איינס אין דער וועלט, און טיילמאָלם שדכ׳ן איך שידוכים, שדכ׳ן איך. איך האָב אויך אויף עולמית — ווי איהר זעהט מיך, למשל, פאַר אייך אַ לעבעדיגען — אַ שטאָדט אין שוהל. אגב האָב איך ביי מיר אין דער היים — בלייבען זאָל עס צווישען אונז בסוד — אַ ביסעל משקה למשל, אַ טאָפּ בראַנפען צו פערקויפען, פון וועלכען איך האָב אַ ביסעל שפּע, און אויך אַ ציעג האָב איך אַ מעלקעדיגע, עס זאָל איהר קיין בייז אויג נישט שאַדטען. איך האָב אויך אַ שטיקעל קרוב, אַ נגיד, וועלכער העלפט מיר אַ מאָל, ווען עס איז ענג, מיט גוטען אָדער מיט בייזען. חוץ דעם זאָג איך אייך למשל, דער בורא יתברך שמו איז איין אב הרחמים און ישראל זענען רחמנים בני רחמנים, זאָג איך אַייך למשל, און וואָס זאָל זיך אַ לעבע־דיגער מענש בעקלאָגען?...

דער איד, ווען ער עסט דאָרט, עסט ער העכסטענס אַ שטיקעל שוואַרץ־ברויט און אַ קרופּניק; דאָס איז שוין דער פיינסטער מאכל. ווער שבועסט, ווען איינער האָט די זכיה און האָט נאָר אַ שטיקעל ווייסע חלה מיט אַ ראָסעלפלייש אין פרייטאָג; דאָס אַ ודאי ובוודאי שוין אַ מאכל־מלכים, וואָס ס׳איז נישט דאָ קיין בעסערס. און חען דו דערצעהלסט זיי, למשל, חענען לאַקאָמסטוועס און עסענוואַרג, וואָס עס גיט אייף דער וועלט אַ חוץ פיש און יויך און מאָפּגעבראָטענס און צימעס, קומט עס אוים ביי זיי אַזוי משונה־ווילד, אַז מען הויבט אַזש אָן אָבצולאַבען אין חוזק צו מאַכען פון דיר, ווייל דו גלויבסט אַזוי לייכט אין אַלע שטותים און ווייל דיינעמהאַלבען איז אפילו רעבט, אַז אַ קוה זאָל זיין געפלויגען איבער׳ן דאַך און זאָל האָבען געלעגט אַיין איי!... און אַ מאָל האָט זיך געמאַכט, אַז עפּעס אַ איד האָט געבראַנגט אין שטעדטעל

אריין אַ טייטעל, איז דאָס גאַנצע שטעדטעל געלאָפען אויף חידושים, צו זעהען דעם דאָזיגען וואונדער. מען האָט גענומען אַ חומש און מען האָט מיט׳ן פינגער אָנגעוויזען, אַז דער טייטעל, דער דאָזיגער טייטעל, שטעהט דערמאָנט בפירוש אין דער תורה! אַ קלייניגקייט — די דאָזיגע פרי, דער טייטעל איז פון ארץ־ישראל!... מען האָט איהם אָנגעהויבען צו בעקוקען — און ארץ־ישראל איז אַרויפגעשוואומען פראַסט פאַר זייערע אויגען: אָט געהען זיי אַריבער איבער׳ן ירדן! אָט איז די מערת המכפלה! אָט איז דער מוטער רחל׳ס קבר! אָט איז דער כותל מערבי! אָט קאָכען זיי זיך אָב אייער אין די הייסע חמי טבריא! און אָט בע־שטייגען זיי דעם הר הזיתים, עסען באָקסער און טייטלען אָהן אַ שיעור, און שיטען זיך אָן פולע זעקלעך ארץ־ישראל־ערד! אוי, אוי, האָבען זיי אָנגעהויבען קרעכצען און אין די אויגען האָבען זיך געשטעלט בײ זיי די טרערען...

אין יענער צייט האָט דאָס גאַנצע שטעדטעל אַרומגעהאַפּט אַ מין חילדע, משונה׳דיגע תאוה קיין ארץ־ישראל, און זיי האָבען טאָג און נאַכט געריעדט נאָר פון משיח׳ס קומען און האָבען טאָג און נאַכט גע־זעהען סימנים, אַז די גאולה געהט — און גאַנץ בעזונדערס האָט די דאָזיגע תאוה אַרומגענומען בנימינ׳ען, אַ יונגען מאַן פון טונעיאַדאָווקע, וועלכער האָט געהאַט זיין פאַנטאַזיע צעהיצט מיט דעם אָנלייענען זיך ספרים ווי דער „צל עולם“, „אלדד הדני“, „מסעות בנימין מטודילה“, „שבחי ירושלים“ און נאָך אַ זעלכע. און דער דאָזיגער יונגער מאַן האָט זיך בעשלאָסען צו מאַכען אַ רייזע אַרום די וועלט, אַזש ביז׳ן סמבטיון און די רויטע אידעלעך און ארץ ישראל און די בני משה און די עשרת השבטים און אלכסנדר מוקדון... תרגום־לשון קען ער דאָך — און וואָס בעדאַרף ער מעהר. אַי עסען? וועט ער געהן איבער די הייזער...

נאַטירליך, גלויבט דער איד פון טונעיאַדאָווקע, אַז טונעיאַדאָווקע איז די גאַנצע וועלט, און אַז אונטער דער שטאָדט, דאָרט איז שוין עק וועלט. דאָרט הויבען זיך שוין אָן די מדבריות און די סמבטיונ׳ס מיט די שלאַנגען און עקדעסען און פיפערנאָטערס מיט די אויפגעריסענע משונה׳דיגע פיסקער און מיט אַלע חידושים און נפלאות, וואָס שטעהען בעשריבען אין יענע הייליגע ספרים. אונזער בנימין השלישי האָט זיך מיטגענומען דעם גאַנצען פאָראַט, וועלכען מען האָט נויטיג צו אַזאַ נסיעה, נישט כלי־זין און נישט מאַשינדלעך מיט אינסטרומענטען, נאָר

טלית ותפלין מיט'ן רייזע-זעקעל, מיט'ן סידור „דרך החיים" און א „חק'על" און א „תהלים'על", און האָט אָנגערעדט א צווייטען יונגען מאַן, זיין חבר סענדערעל, וועלכען מען האָט גערופען „סענדערעל די אירענע", צו מאַכען מיט איהם צוואַמען די נסיעה, און אַזוי האָבען זיך ביידע אַרויסגע'גנב'עט שטילערהייד פון דער שטאָדט און זענען אַרוים אין די וועלט אַריין... אמת, פון נאַטור איז אונזער בנימין, דער וועלט-רייזענדער, געווען אַ משונה'דיגער בעל-פחדן. ער האָט מורא געהאַט אַרויסצוגעהן איינער אַליין ביי נאַכט אין גאַס אַריין, און שלאָפען איי-נער אַליין ביי נאַכט אין א צימער וואָלט ער נישט פאַר קיין שום הון דעלמא. אַרויסגעהען אַ מרים אונטער די שטאָדט איז פאַר איהם שוין געווען בחזקת סכנה; ווער וויים, וואָס דאָרט קען זיך טרעפען חס-ושלום. פאַר אַ הינטעל, מעג עס זיין געווען נאָך אַזוי קליין, האָט ער מורא געהאַט אימת מות — אָבער זעלבסטפערשטענדליך איז אַזאַ משונה'דיגע בריה גראָד דער ריכטיגער, אום צו מאַכען אַ רייזע אַרום דעם ערד-קוגעל...

נאַטירליך: דערגעהענדיג ביז צום ערשטען דאָרף, האָבען זיי גע-מיינט, אַז זיי זענען שוין פון יענער זייט וועלט; דערזעהענדיג דאָס ערשטע פרעמדע שטעדטעל, האָבען זיי גערעכענט, אַז דאָס איז שוין דאָס בעריהמטע סטאַמבול; אָנקוקענדיג די גנילעפיאַטקע אין גלופסק, איז ביי זיי געווען פעסט, אַז דאָס איז דער סמבטיון אָדער דער אוקינוס מיט אַלע זיינע משונה'דיגע וואונדער; די לאָרקע, וועלכע שווימט אַרום אויפ'ן וואַסער, איז געווען ביי זיי אַ מין געוואַלטיגע שיף, און דער פיהרער פון דער לאָרקע — אַ מין קאַפיטאַן, וועלכען זיי האָבען אוים-געפרעגט אויף האַלב תרגום-לשון וועגען אַלע חיות און עופות און וואונדערליכע בעשעפעניש, וואָס זענען פאַרהאַן אינ'ם דאָזיגען פירכ-טערליכען ים. און אַזוי זענען אונזערע ליים אַרומגעפאָהרען און געמאַכט זייער נסיעה אַרום די וועלט, גלויבענדיג, אַז משיח'ס צייטען זענען שוין געקומען...

די סאַטירע איז שטאַרק און ביסענדיג, אָפט אפשר שוין גאָר צו ביסענדיג. די גאַנצע פוסטקייט פונ'ם אידישען לעבען אינ'ם קליינעם שטעדטעל קומט אונז אומדערבאַרעמדיג צום בעוואוסטזיין: דאָס גרויסע עלענד, וועלכעס ציעהט דעם מענשען אַוועק דאָס לעצטע ביסעל רע-אַלען באָדען פון אונטער די פיס און לאָזט איהם נישט מעהר איבער ווי גאָר דאָס פוסטע פאַנטאַזיע-לעבען, נאָר הזיות און חלומות. און

נישט נאָר איינער — ניין, אַ גאַנץ פאָלק איז פער׳משפּט צו לעבען אַזאַ לעבען פון לויטער פאַנטאַזיעס און הוריות און חלומות. עס גערט אַ שווידער אַריבער איבער די ביינער. און דערביי איז דאָס בוך פול מיט די הערליכסטע נאַטור־שילדערונגען און מיט די מייסטערהאַפטעסטע בעשרייבונג פון אידישע טיפּען און אידיש לעבען, פון׳ם ערשטען בלעטעל ביז צום לעצטען.

מיר פערלאָזען אָבער דאָס דאָזיגע בוך און קומען צו דער גרעסטער קאַנווע, וועלכע מענדעלי מוכר־ספרים האָט אונז אויסגעשטיקט: צום „ווינשפינגערעל“. די דאָזיגע ערצעהלונג איז די איינציגע אין אונזער ליטעראַטור, וועלכע האָט געפּרובט אונז געבען אַ פאָלשטענדיג און אומפאַסענד בילד פון אונזער גאַנצען גלות־לעבען מיט אַלע אונזערע מענשען, גרויסע און קליינע, יונגע און אַלטע, מענער און פרויען און סוחרים און קרעמער און לומדים און דאָס גאַנצע כּלי־קודש און אַלעס, וואָס מיר פערמאָגען אין אונזערער אידישער גאַס. אין דער דאָזיגער ערצעהלונג האָבען מיר שוין רעאַלע טיפּען, ממש פון טעגליכען לעבען, און עס איז דאָרט קיין איינציגער טיפּ נישט פאַראַן, פון וועלכען מיר זאָלען זיין גלייכען נישט האָבען געזעהען אין אונזער געסעל נעכטען אָדער איינערנעכטען. אויב אין „פישקע דער קרומער“ האָט מענדעלי מוכר־ספרים נאָר געמאַכט דעם אָנהויב: געמאָלט דעם איד פון דער טאָרבע, וועלכער האָט אין זיין לעבען קיין אַנדער אידעאַל נישט, ווי נאָר דאָס שטיקעל ברויט, האָט ער אונז אים „ווינשפינגערל“ שוין געוויזען דעם איד אויך אויף דער העכערער מדרגה: דעם איד מיט זיין גאַנצען רוחניות און מיט זיין גאַנצען נשמה־לעבען. די דאָזיגע ערצעהלונג איז דער גאַנצער כּולל, וועלכען מענדעלי מוכר־ספרים האָט אונז געגעבען. אַט די דאָזיגע ערצעהלונג האָב איך געהאַט אין זינען, ווען איך האָב אויבען געזאָגט, אַז ווען אַ מבול זאָל אַוועקווישען פון דער ערד דעם גאַנצען בעשטאַנד און בלייבען זאָל אונז נאָר דאָס דאָזיגע איינציגע בוך, וועלען מיר גאַנץ גוט לויט איהם זיך קענען צוריק אויפשטעלען דאָס גאַנצע אַלגעמיין־בילד פון׳ם אידען און פון אידישקייט אין רוסלאַנד אין קליינעם שטעדטעל אין דער ערשטער העלפט פון׳ם פאָריגען יאָהרהונדערט. די פאָרם, וועלכע אַבראַמאָוויטש האָט זיך אויסגעוועהלט אין דער דאָזיגער ערצעהלונג, איז די איינפאַכסטע: די פאָרם פון אַ ביאָגראַפיע פון אַ איד, פון הערשעלע, ווי זיין געבורט — און אין אַ געוויסער הינזיכט, נאָך איידער ער איז געבוירען

געהאָרען — ביז ער ווערט אַ פאַרטינגער מענש. איין אַרט „רוד קאָפּער־פעלד". און בײ'ם מאָלען דאָס לעבען פונ'ם דאָזיגען אידישען קינד, מאָלט ער אונז דרך־אַגב אויך די גאַנצע אומגעבונג און די שטאָדט און די מענשען און זייערע געשעפטען און זייער פיהלען און טראַכטען, און אויך אַלע כלל־געשעהענישען, וועלכע פלעגען פאָרקומען בײ אידען אין דער דאָזיגער צייט; נישט פאַרהאַן קיין איינציגע זאַך, וועלכע איז דאָרט נישט געמאָלט. און וואָס דעם אופן פון שרייבען בעטרעפט — האָט די ריכטערישע קראַפט דאָ איהרע וואונדער געוויזען נאָך מעהר ווי אין די פריהערע ווערק.

דער אָרט פון דער מעשה איז קאַבצאַנסק. וואָס מען וויל, מעג מען אויף קאַבצאַנסקער אידען זאָגען: זיי זענען עפּעס נישט אַ זעלכע גרויסע בריות, טהוען אין דער וועלט נישט־אויף עפּעס אַ זעלכע גרויסע חכמות, משטײנס־געזאָגט, זייער לעבען, שטערבען־אָב די וועלט עט, אַזוי, מיט גאָרנישט, און קומען אָב מיט שהי־פּהי — דאָס און נאָך אַ זעלכעס מעג מען זאָגען. נאָר אין דעם ענין פון פּרובפּערען און מעהרען זיך, קען מען צו זיי חלילה נאָר נישט האָבען. זיי זענען דרינען געוואָהרענט, נישט ערגער פון אַלע אנדערע אידען. שונאים אפילו קענען נישט לייקענען, אַז איטליכער קאַבצאַנסקער איד איז אַ מטופל, אָהן עין־הרע, מיט אַ סך קינדערלעך. ווען דאָס קינד ווערט גע־באָרען, פאַלט זיינע עלטערען נישט איין, צו טראַכטען אַפילו אַ ווײלע, צו וואָס האָבען אַ זעלכע קבצנים ווי זיי אַראָבגעבראַכט אויף דער וועלט אַ לעבעדיג בעשעפעניש, אויף צרות נאָר פאַר זיך און אויך פאַר איהם. די מאַמע האָט געטהאָן איהר זאַך, איהם געטראָגען און געהאַט, פּשוט, אָהן חכמות. אויף דערויף איז זי דאָך אַ אידענע, זי זאָל קינד־לען. אפילו אַ הוהן, להבדיל, טהוט דאָך, וואָס גאָט האָט געבאָטען: לעגט זיך, קוואָקעט, נישט צו פרעגען קיין קשיות. דעם טאַטען ווידער האָט עס אויך נישט אַזוי שטאַרק אויסגעמאַכט. מילא, איז דאָ נאָך אַ נפש. אַי וואָס, ער איז אַ קבצן, און נאָך אַ צוגעקומען מויל בעדאַרף דאָך פּיקען? נישמעהר, גאָר נישט, לאָז קהל זאָרגען. וואַרטען אויף דרך־ארץ, ביז מען וועט פאַר אַ אידישער נשמה אָנגרייטען דאָ פריהער אַלסדינג, וואָס נייטיג איז צום לעבען, און דערנאָך ערשט זי אָבאַכטען אַהער צום גרייטען — דאָס קען אַ איד נישט. אַ איד, אַז ער וועט זיך נישט שטופּען מיט געוואַלט, וועט ער מעגען אייביג טאַקי דאָרט וואַרטען. עפּעס נישט אַזאַ מציאָה, די וועלט זאָל אָהן איהם, חלילה,

זיך נישט קענען בעגעהן. האָט ער זיך אָבער שוין דורכגעשטופּט און איז שוין דאָ מיט ביידע פיס, שטופּט ער זיך מיט נאָטס כח ווייטער, ווייטער. ער שטופּט זיך, קוועטשט זיך מיט אַלע קרעפטען, פאָרענט־ אָרום, הינטען־אַרום, אַליין איינס, דורך טהיר אָדער דורך פענסטער, שטופּט אַזוי אָב דאָס גאַנצע לעבען און גאָרנישט. בקיצור: — איז צו־ געקומען אַ ניי בעשעפעניש, װעט די װעלט פאַר איהם שוין זאָרגען. אמת, די קאַבצאַנסקער בעלי־בתים זענען גרויסע אביונים, האָבען נישט, איהר זאָלט זאָגען, אַ צעבראָכענעם גראָשען ביי דער נשמה. און קאַבצאַנסק אַליין איז פאַר זיי נישט דאָ קיין שום פּרנסה, סיידען איינער צום אַנדערען מיט אַ טאָרבע אין די הייזער אַרומצוגעהען. זאָל פּרובען איינער מאַכען עפּעס אַ געשעפטעל, באַלד מאַקי טהוט איהם דער איבּרינגער עולם נאָך, איינער ביים אַנדערען דעם ביסען פונ׳ם מויל אַרויסצונעהמען — מיר נישט, דיר נישט. די גאַנצע יניקה זייערע איז פון דער פרעמד. קאַבצאַנסק שיקט קיין גלופּסק געוועהנטליך אַרויס אַלערליי סאָרטען סחורות: מלמדים, בעהעלפערס, מעקלערס, בטלנים, צוגעלעגערטע, אויך פריש־צאַפּעלדיגע איידעמלעך אַ זעלכע, ערשט אַראָב פון קעסט, אידען אַזוינע און אַזוינע, וועלכע דאָס האַרץ נאָר גלוסט: מיט כתבים, מיט מיחושין, זיידענע, גילדענאָרערדיגע, בעלי־ תּפלות, שופר־בלאָזערס, אידענעס כל המינים: זאָגערענס, וויינערענס, שפּרעכערענס, אויסגעקינדעלטע, ווייבער מיט אֵייער, מיט פּסח׳דיג געגזוען־שמאַלץ, פעדערען־פּליקערענס, נאָך אין רעכטען קינדלען. היינט אַ מיש־מאַש בחורים, דיענסט־מיידלעך, מיידען מיט צוגעדעקטע קעפּ, ווייבּלעך אַזוינע און אַמען אַזוינע, אָהן אַ שיעור. די דאָזיגע לעבעדיגע סחורה גילט אין גלופּסק משונה שטאַרק, האָט דאָרט אַ גרויסען אָבּ־ גאַנג, און קאַבצאַנסק פון איהר זייט, וואָס אַרבייט געשמאַק לטובת הכּלל, פאַבּריצירט אַזאַ סחורה צו בעגליקען די וועלט, איז דערמיט זיך זעהר מיחס. דעריבּער הייסען אַלע קאַבצאַנסקער אידען מיוחסים. אַז מען בעגעגענט אַ אידען, עפּעס אַ ווילדען בעל־נאוה, האָט מען דעם בעסטען סימן, אַז ער מוז זיין אַ קאַבצאַנסקער...

אָט אין אַזאַ מין שטעדטעל איז הערשעלע געבּוירען געוואָרען, ביי זיין טאַטען דעם מלמד לייזער־יענקיל און זיין מאַמען מלכּה־טויבע. זייענדיג אַ קינד, האָט ער געמיינט, חי אַ וואָרעם זיצענדיג אין חריין, אַז קיין בעסערעס פון קאַבצאַנסק איז גאָר נישט דאָ. קאַבצאַנסק אַליין מאַקי איז איין שטאָדט אויף דער גאַנצער וועלט, דער פּופּעק איהרער,

פונקט אין רעכטען מיטען. ווייטער אין דער זייט, איז שוין מדבר, פאַרלענגטע ערטער מיט ווילדע חיות. מענשען, וואָס מענשען הייסען, אתה־בחרתנו׳קעס, סאַמע צימעס, זענען נאָר דאָ. פאַר זיי אַליין שיינט די ליכטיגע זון ביי טאָג, די לבנה און שטערען ביי נאַכט און גאָט גיט זיך אָב, האָט מעהר נישט צו טהון נאָר מיט זיינע קאַבצאַנסקער אידען. ער גיט רעגען — אידישע ציגען זאָלען האָבען פאַשע; קאַליזשעס וואַסער — בכדי זיי זאָלען פערשפּאָרען אָבפּרעסען דאָס שטרוי פון אידישע דעכער; ער גיט טרוקענע שענע פאָגאָדע — כדי די ווייבער זאָל גוט זיין צו געהען פרייטאָג אין יאַטקע, אין מאַרק אַריין, איינצו־קויפען אויף שבת; ער מאַכט אַ גרויס גערעטעניש אין קאַרטאָפלעס, ציבעלעס און קנאָבעל — כדי אידעלעך, נעבעך, זאָלען האָבען, וואָס צו עסען. הכלל, ער דרעמעלט נישט און שלאָפט נישט, דער היטער פון ישראל, ער אַרבייט מעשים, קעהרט אַ וועלט, נאָר צוליעב זיי, צוליעב זיי. דערפאַר בלאָזען איהם אידען שופר, זינגען איהם אַ מלך־עליון, שפּרינגען קדושה, מאַכען פון זיין כבוד ווענען אַ לאָקשען־קוגעל אויף שבת, קניידלעך און חרעמזלעך פסח און געהען אַ טענצעל צו די הקפות שמחת־תורה... נאָך איין שטאָדט, אמת איז אמת, איז איהם געווען בעקאַנט, וועלכע האָט געשוועבט פאַר איהם עפעס ווי אין דער לופטען, געשווייבעלט און געגריבעלט מיט גאַנצע מחנות מלאָכים, פלינעל־אַדיוטאַנטען און קוריערען פון גאָט ברוך־הוא צו די קינדער ישראל — דאָס איז די הייליגע שטאָדט ירושלים, וואו אידען האָבען אַ פּייג, איילבערטען, טייטלען, מילגרוימען, און ציגען עסען דאָרט באָקסהאָרן. נאָר, אוי־וועה! ירושלים איז אַצינד וויסט און חרוב און אוים שטאָדט, און אידישע קינדער זענען אין גלות. ווען ער האָט גע־זאָגט דאָס וואָרט גלות, האָט ער געמיינט דערמיט גאַברילא דעם שבת־גוי, וואָס שנייצט־אָב שבת די ליכט, נעמט אַראָב פונ׳ם טיש די מעשענע לייכטער און הייצט ביי אידען די רובעס; אָדער טעקלע, וואָס וואַשט גרעט, שווענקט־איבער געל־גרינע ווינדעלעך פאַר אידישע קינדער און מעלקט די קיה; אָדער קאָנדראַט דעם שכור, וואָס פאַר אַ גלעזעל בראַנפען פערקויפט מען איהם דעם גאַנצען קאַבצאַנסקען חמץ; אָדער דעם פּריץ, וואָס אידען האַלטען ביי איהם אַרענדעס, דערנעהרען זיך דערפון מיט ווייב און קינדער, און מוזען נעבעך פון יוצא וועגען איהם צאָהלען אַמאָל ראַטע; אָדער, ערגער נאָך פון אַלע, מיטקאַ, דעם קליינעם שייגעצעל, און זשוקעל, זיין קליין הינטעל, פאַר וועלכען נישט

נאָר קליינע אינגלעך האָבען געציטערט, נאָר אויך אידען מיט בערד, בעווייבטע, גרויסע תקיפים, פלעגען פאַר איהם האָבען דאָס ניין-יעהריגע און פאַר איהם פאַר אַ מייל ענטלויפען. נאָר ווען זיי פלעגען איהם וואַרפען אַ ביינדעל און זשוקעל פלעגט סלוושען, שטעהען אויף די לאַפּקעס און דרעהען מיט דעם ווידעל, פלעגען די דאָזיגע אידען ווערען אַ ביסעל דרייסטער, און בשעת קנאַקען דאָס ביינדעל מיט די שאַרפע הינטישע ציינער, פלעגען זיי זיך מאַכען קוראַזש, פלעגען איהם אָנצורירען פון דער ווייטענס מיט אַ שפּיץ פינגער, אַ גלעט צו טהון איהם ביים קעפּעל, און, אַז מען איז יאָ שוין אַ שטיקעל חשוב, פלעגען זיי פּרובען דערוויייל מאַקי אָנצורייצען איהם אויף אַנדערע: אַטו-נאַ, קוסיי! — ווי דער שטייגער איז פון אידען תקיפים...

און עס הויבט זיך אָן אַ רייהע פון סצענקעס, איינע שענער פאַר דער צווייטער: די בעציהונג לייזער-יענקעל׳ס צו הערשעלי; דאָס שטרענגע געזיכט, דער שטרענגער טאָן — און די גרויסע ליעבע אין הארץ. דאָס פאַמיליענלעבען אין די דאָזיגע קרייזען; אין האַרצען איז לייזער-יענקעל געווען גוט צו זיין ווייב, גוט ווי די וועלט, נאָר אַרויסווייזען עס בעשיינפּערליך האָט ער עס זיך געהאַלטען פאַר איין אום-כבוד, „עפּעס פּריקרע, נישט שען פאַר אַ אידען. ער — איז דאָך ער, אַ מאַנספּערשוין, אַ איד, און זי איז זי, נאָך אַלע זאַכען פאָרט נישט מעהר ווי אַ נקבה, אַ אידענע". לייזער-יענקעל און זיין ווייב מלכה-טויבע אַלס מלך און מלכה אין די סדרים-נעכט — דאָס אַלעס זענען אמת׳ע פּערעל. די קינדער-יאָהרען הערשעלע׳ס זענען וואונדערליכע קינדער-יאָהרען — כמעט ווי די קינדער-יאָהרען פון מענדעלי׳ן אַליין, אַ קינדהייט מיט אַ לאַנגער שורה פון אַ גרויסער פּאָעזיע און פון גרויסע חלומות און פון אַ גרויסער שענער אויסגעלאַסענקייט. בכלל זענען אַ זעלכע סצענעס פון׳ם קינדער-לעבען עפּעס נייעס אין אונזער ליטעראַטור, און זיי בערוישען מיט זייער שענקייט. אַ מייסטער-שטיק איז דאָס קאַפּיטעל, ווי הערשעלע טרעט אַריבער די שוועל פון די קינדער-יאָהרען און ער ווערט אַ „קליין אידעל". אַ וועלט פון פאַנטאַזיעס און חלומות וואַקסט-אייף פאַר זיינע אויגען: גאַנץ בעזונדער די וואונדער-מעשות וועגען דעם אַלטען ר׳ שמעלקע מיט זיין ווינשפינגערעל, אין וועלכען ס׳איז געווען איינגעקריצט דער שם המפורש — אַ שלח-מנות פון אליהו הנביא צו ר׳ שמעלקען — אַזוי אַז וואָס ר׳ שמעלקע האָט זיך געווינשט, איז זאָפּאָרט מקוים געוואָרען. גאַנץ קאַבצאַנסק זיצט און הונגערט, קיין

פּרנסה איז נישט דאָ, חאָטש צעריים זיך, און עס בלייבט נישט איבער ווי נאָר איין מיטעל: צו האָפען, אַז השם־יתברך וועט זיי צושיקען אַ ווינשפינגערעל — און זיי פערבערענגען אַ לעבען, צעהיצט און צעפלאַ־קערט די גאַנצע פאַנטאַזיע, און זיי וואַרטען אויף אַ ווינשפינגערעל. און דאַן די מיסטעריהאַפטע סצענע, ווי די קאַבצאַנסקער זיצען אין בית־מדרש און דערצעהלען מעשות: וועגען גוג־ומגוג, וועגען אַרמילוס הרשע, וועגען משיח בן־יוסף און דעם שבט אפרים, וועגען דער מלחמה פון משיח בן יוסף מיט דעם רשע אַרמילוס, וועגען די ערשטע תקיעה, ווען די טויטע שטעהען־אויף תחית־המתים — דער דלות אין קאַבצאַנסק שווייגט אַ שרעק, און די אידישע קינדער זיצען מיט פערלענטע הענד און חלום'ען און קרעכצען און זוכען וואונדער פון הימעל; זיי וואַרטען אויף אַ מופת. און דאַן דאָס וואונדערליכע פערהעלטניש פון הערשעלע צו אַ קליין מיידעל, אַ שכנ'טע, ביילע — אַ מין שטילע ליעבע, וואָס נאָר זיי ביידע האָבען זי געפיהלט און קיין בענש האָט פון איהר נישט געוואוסט. ווייל מען אָבער װיסען, ווי ווייט די קראַפט פון אַ מייסטער גרייכט, אַ סצענע אויסצומאָלען, איין אידיליע, וועלכע מען וועט זי קיינמאָל נישט מעהר פערגעסען, ווען מען האָט זי אַ מאָל גע־לייענט, מוז מען זיך בעקאַנט מאַכען מיט דער פאָלגענדער סצענע:

„אין די הייזער ברענט נישט קיין ליכט. טהיר און טויער זענען אָפען. מען עסט וועטשערע פאַר דער לבנה. נאָך דער וועטשערע שטי־מען זיך, ווי די מורעשקעס, אַרויס פון די הייזער מאַנסבילען אָהן קאַפּאָטעס, אין די איינע טלית־קטנ'ס, ווייבער צושפּילעט, נאָר אין די אונטערשטע קליידלעך, קינדער אויסגעטהאָן האַלב־נאַקעט. שכנים, אַ גאַנצע קופּה, לענען זיך אויס אין דרויסען, יונג און אַלט, קינד און קייט, אַלע אינאיינעם. גילדענע באַזען פון דער לבנה שלאָגען זיך דורך ערגעץ צווישען דעכלעך, ציהען זיך איבער קעפּ, איבער פּיס אין דער קופּה מענשען, קריכען ווייטער, ווייטער, טאַנצענדיג אויף ווענט, אויף פליטען, און הייזען־אָן דאָ אַ קאָץ, וואָס דראַפּעט זיך, ניסטערט אויף אַ דאַך, דאָרט קיה אויסגעשטרעקט אויף דער גאַס, מעלה־גרה'ן, אונטערשמייסענדיג זיך פאַמעליך מיט די וויידלען, און קייכען, זיפצען מיט אַ חריפ. ספּעס ווי פונ'ם בויך. די ערשטע עטלי־כע מינוט איז איטליכער בעשעפטיגט מיט זיך, מען געהניצט, סלוקערצט, מען טרייבט פליהה און מען קראַצט זיך. הייבער הויבען דערווייל אָן

דעם שמועס וועגען דער הײנטינער וועטשערע, איטליכע מיט איהר׳ס: ביי דער זענען די שטשיפּקעס בע׳טעמ׳ט געווען אזוי, אז דער מלכות האָט עס געמענגט עסען, ביי יענער איז דער אַרבעס צעקאָכט געווען ווייך, ווי מאַרך, אז מען האָט געלעקט די פינגער. איינע דערצעהלט דאָס גרויסע גליק, וואָס זי האָט געטראָפען: פאַר אַ גראָשען האָט זי געהאַנדעלט אין מאַרק אַ מציאה — אַ רעטיך, גרויס ווי דער קאָפּ, פון וועלכען מען האָט געגוג געגעסען אין דער פריה, אויך אַצונד אויף דער נאַכט, און ס׳איז נאָך איבערגעבליבען אַ היבשער שטיק אויף מאָרגען, מען זאָל לעבען און געזונד זיין! אַלע רעדען הויך אויף אַלערליי דינע, קוויטשערינע קולות. די מאַנען ברומען לעת-עתּה אונטער, מישען זיך אַריין נאָר, ווי פון יוצא וועגען, גלאַט אזוי מיט אַ וואָרט. זיי לעגען זיך דערנאָך מיט דעם בויך אַרויף, און, פערקוקענ-דיג זיך אויף דעם אויסגעשטערענטען בלויען הימעל, נעמט מען זיך געשמאַק שמועסען, וואָס טהוט זיך אַזוינס דאָרט אויבען. די לבנה ווייזט זיך אויפ׳ן אָרט, וואי דער עולם ליעגט; מען קוקט אין איהר אָן די ליכטיגע צורה פון יהושע און איטליכער מאַכט: איי, אַ נאָז מיט אויגען!... איציק און בעריל, וואָס האַלטען זיך פאַר שטיקלעך שטע-רענזעהער, חקרנים, טייטען מיט פינגער אויף דעם „אַלף בית״ פון די שטערען און האַמפּערען זיך וועגען דעם „תיו״ און „חית״. דער איבערי-גער עולם מהוט צוליעב זיי ביידע. איטליכען פון די צוויי חקרנים, וואָס טייטעלט איהם מיט אַ פינגער, גיט מען נערעכט, שווערענדיג זיך: יאָ, אמת טאַקי, איך זעה, זעה, ווי איך בין אַ איד! — אַי, אַי! צעשרייט זיך שטאַרק פערוואונדערט אַ איד, עפּעס אזוי פיעל שטערען דאָרט, דאָרט איז די געפּלעקטע, ווייסליכע פאַסען, אָנגעזעצט ווי מאָהן! אזוי פיעל רענדלעך ווינש איך מיר צו האָבען... געהט שוין, געהט! מאַכט דער אַנדערער, איך לאָז פאַר וועלווועלער, פאַר איטליכעס שטערענדעל אַ קאָפּעקע. עס געפינען זיך בעלנים אייף נאָך וועלווועלער, צוויי, פינף, צעהן פאַר אַ גראָשען. און בשעת אידען טאָרגעווען זיך דאָ אזוי, רעכענען, צעהלען, לאָזען אַראָב די מקחים און וואַרפען דעם קורס פון די שטערען, זיצט דאָרט אין דער זייט איינער עפּעס אַ ליץ, דרשה׳נט און זאָגט גלייכע ווערטלעך. די ווייבער אַרוט איהם שרייען קלאָמפּערשט: פּע, נענוג! פאַרשטעקענדיג זיך די אויהרען, הערען זיך אָבער זעהר גוט צו און קייכען פאַר געלעכטער... קינדער זיצען אויך נישט לעדיג, קיצלען זיך, דערלאַנגען איינער דעם אַנדערען אַ קלאַפּ,

א שנעל אין דער נאָז הינטען אַרום . דער פון דער נאָז מהוט אַ קוויטש, יענער פונ׳ם שנעל מאַכט זיך צום תּם, נעביך גאָר אַ צדיק אין פּעלץ, און בייזערט זיך קלאָמפּערשט : שאַ, שאַ ! -- מאַמעס שעלטען די קינדער : בענומען זאָלען זיי, הלואי, ווערען, און אגב מאַקי זיי מכבד מיט אַ קניפּ . די טאַטעס וואַרפען אַוועק די מאָרגעס און פאַלען פלוצלים פונ׳ם הימעל אַראָב אויף דער ערד . דעם האָט אַ זשוק זיך אַריינגעפּלאָנטערט אין באָרד, יענעם — אין די פאות, דעם דריטען קריעכט עפּעס אונטער׳ן העמד דאָרט אויפ׳ן רוקען . אַ רויטע קוה, אַ פּרעסערין, פון וועלכער עס האָט זיך אָבגעטהון דער שלאָף, פאַרקריכט, ביי שטשיפּען גראָז, אין דער זייט גאָם ביז צו דער גאַנצער עדה אידען, דרעהט זיך צו זיי אויס מיט דעם הינטען, מחילה, און פיהרט זיך עפּעס אויף, פע, נישט מיט דרך־ארץ . אלע זידלען זי מיאוס אָב, טרייבען זי און שרייען : היידאַ ! אין איין קול . זי דרעהט זיך געשווינד אויס פון אידישע הענד און לויפט אַהין אין איהר רוה אַריין . דערפון שפּינט זיך עפּעס אַ לאַנגער שמועס : וועמענס קוה איז דאָס ? וויפיעל מילך גיט די קוה ? וויפיעל איז די קוה ווערט ? „שאַ, וויפיעל, מיינט איהר, אידען“, טהוט פלוצלים איינער אַ פרעג, „זאָל ווערט זיין די גאַנצע קאַבצאַנסקער משערעדע, שוין מיט די ציגען אינאיינעם ?“ איינער שאַצט עס אַזוי פיעל, דער אַנדערער — אַזוי פיעל, דער דריטער ווינשט זיך דאָס צו האָבען, וויפיעל עס איז ווערט מעהר . איטליכען בעזונדער חאַפּט אָן אַ ווינשעניש, און מען ווינשט, ווינשט, ביז די צונג ווערט מיד רעדענדיג און מען הערט פון דער ווייטענס ווי איינער חראָפּעט שוין אָהן עין־הרע געשמאַק . די מאַנען טרייבען די ווייבער : קומט שלאָפען ! די ווייבער מיט זייער הן קווינקלען זיך קלאָמפּערשט : עס גלוסט זיך זיי גאָר ניט געהען אין בעט אַריין און וואָלטען די גאַנצע נאַכט געזעסען דאָ אין דרויסען געשלאָפען . אַ יונג פּאָר־פאָלק געהט אַוועק באַלד טאַקי, די איבעריגע מאַכען שיהות, דינגען זיך, ביז פון ערגעץ אַ ווינקעלע שפּרינגט אַרוים פלוצלים אַ ציג, וועלכע אַ פּאָר ווייסע־חברה׳ניקעס האָבען איבערגעשראָקען, אונטער׳גנבה׳נענדיג זיך שטילערהייד צו איהר אויף דער פריזבע דאָרט ; זיי נאָך איהר, און זי אין גרויס אַיילעניש, יאָגעניש, פון אַריין צווישען די קופּה אידען . עס ווערט אַ מהומה, אַ קאָכעניש, מען גיט זיך אַ הייב אויף גיך, און בטלנ׳דיג חלומות, צעלויפט מען זיך געשווינד, איינער נאָך דעם אַנדערען, נישט צו זאָגען אפילו אַ „גוטע נאַכט“ ! —“

דאָס איז איינע פון די מייסטערהאַפטסטע סצענעס, וועלכע אַבראַ־מאָוויטש האָט אונז געמאָלט.

אין דער דאָזיגער ערצעהלונג פאַסט־אָן און מאָלט אונז אַבראַ־מאָוויטש אויך די אידישע נשמה, דעם שווער־פּונקט פון דעם אידענס גייסטיגען לעבען. ווערהרענד ער האָט אין די ביז איצטיגע ערצעהלונגען געזעהען נאָר דעם דלות און ווי ווייט דער דאָזיגער דלות האָט פער־קרומט דעם אידענס גוף, האָט ער דאָ אַריינגעבליקט אין די טיעפע־נישען פונ׳ם אידענס נשמה און האָט דערבליקט די ליכטיגקייט פון איהר. דער איד מיט זיין תורה, דער איד מיט זיין תפלה, דער איד מיט זיינע בענקענישען, דער איד מיט זיין זינגען, ווערהרענד ער זינגט זיך און דערקלעהרט זיך אַליין דעם פּירוש־המלות פון „הבן יקיר לי אפרים, אַ טייער זוהנדעל איז מיר אפרים לעב, אם ילד שעשועים, אַ קינד אַ טרייסט, כי מדי דברי בו, ווען איך רעד פון איהם, זכור אזכרנו עוד, קומט ער מיר אויפ׳ן זינען אַלץ מעהר, על כן המו מעי לו, דאָס האַרץ נעהט מיר אויס נאָך איהם, רחם ארחמנו נאום ה׳, אַ גאָנצע רחמנות, נעבעך, אויף איהם", דער איד אין סליחות־צייט און דער איד אין די ימים נוראים — דאָס אַלעס האָט אַרויסגעריסען ביים קינסטלער פון האַרצען טענער, וואָס לאָזען אונז דערציטערט ווערען, הערענדיג זיי.

אין בילדער יאָגען בילדער, אין איינס שענער פאַר׳ן אַנדערען.

הערשעלע פאָהרט מיט׳ן פאָטער, וועלכער דאַוונט אין גלופּסק מוספים די ימים נוראים, אַהין קיין גלופּסק. הערשעלע בלייבט דאָרט לערנען אין בית־מדרש, און דער פאָטער פאָהרט צוריק אַהיים קיין קאַבצאַנסק. הערשעלע ווערט אַ יתום, און ער לערענט און לערענט אין די גאַנצע שטאָדט האָט איהם ליעב. „רבונו של עולם! וואָס ליעגט אַזיינס אין דיין האַרטער באַנק אין בית־מדרש, אַז דער, וואָס נעכטיגט אויף איהר איבער אַ נאַכט מיט דעם קולאַק צו־קאָפּענס, שטעהט דעם אַנדערען טאָג אויף, עפּעס גאָר איין אַנדערער מענש, ווי ניי געבויירען? שוין יעקב אָבינו, אַז ער האָט אין וועגן דענסטמאָל, ביי זיין אַיועקלאָזען זיך פון דער היים, אונטערגענעכטיגט אין „יענעם אָרט" אויף אַ האַרט געלעגער, צישפּאַרענדיג דעם קאָפּ אויף אַ שטיין — האָט באַלד ביים אויפשטעהען אין דער פריה געשפּירט: אין זה, נישט אַנדערש, כי אם בית־אלהים, דאָס איז אַ בית־מדרש, וזה שער השמים, און דאָ איז אַ טויער צום הימעל! ליגענדיג אויפ׳ן האַרטען געלעגער גאָר אין דעם

ערשטען בית־מדרש, נאָך אָהן װענד, אָהן אַ דאַך און אָהן איין אונטער־אויבען, האָט ער שוין דערזעהען — פייערדינע מלאָכים, וואָס האָבען איהם אין די אויגען זיך נעדרעהט אַרויף און אַראָב, עפּעס אויף אַ הויך לייטערעל פון דער ערד ביז העט־העט אין הימעל אַריין״...
אזוי זאָגט אַבראַמאָװיטש שירה לכבוד דעם אַלטען בית־מדרש...

און דאַן: „עס ציהט זיך גאָטס גרויסע וועלט אין דער לענג, אין דער ברייט, אָהן אַ סוף, אָהן איין עק. אין דער מיט וועלט, אויף דער קײלעכדיגער ערד, איז דאָ אַ קליין פּלעקעלע, ווי אַ פליג האָט איבערגעלאָזט — דאָס איז גלופּסק. אין דעם דאָזיגען פלעקעל איז דאָ אַ פּינטעלע — אַ קלייזעל. אין דעם פּינטעלע איז דאָ נאָך אַ ברעקעל פּינטעלע — אַ באַנק. און אין דעם ברעקעל פּינטעלע ליעגט נאָך אַ פּיצענקעלע פּינטעלע — אַ מין בעשעפעניש אַזוינס, וואָס הייסט הערשעלע״ — און פון הערשעלעס נשמה געהען אַרויס פעדעמלעך, און ציהען זיך, און ציהען זיך, העט־העט, אַזש קיין קאַבצאַנסק, און די נשמה קלעטערט, קאַראַבקעט זיך אַהין, אַהין — אַ היים. עס סור׳עט זיך אַ האַרץ מיט אַ האַרץ, שושקעט זיך אַ נשמה מיט אַ נשמה, גיעסען זיך איינער פאַר דער אַנדערער אויס און שמועסען זיך איבער שטיל אָהן ווערטער...

און נאָך אַ סצענע: ביי איין אָרעמאַן, אַ מאַנדעטניק, אין דער היים. די מאַמע מיט די טעכטערלעך זענען ביי דער הויז־אַרבייט, ווען דער מאַן איז אין דער היים נישט דאָ, און די מיידלעך העלפען דער אָרעמער מאַמע אין דער אָרעמער ווירטשאַפט און מאַכען דעם שרעקליכען דלות אַ ביסעל ווייניגער שרעקליך. אַ גרויסער העלער ליכט־שיין ברעכט זיך אַריין אין דעם דאָזיגען אָרעמען הויז. אַ הערליכע אידיליע, ווי די דאָזיגע, ליענט מען זעלטען.

הערשעלע אָבער ענטוויקעלט זיך דערווייל מעהר און מעהר און ווערט אַ הערשעל. אַ הערליכער מענש וואַקסט אויס. ער פאָהרט קיין איסלאַנד און ווערט אַ געלערנטער. קומענדיג צוריק אַ היים, פאָהרט ער אויך אין זיין געבורטס־שטאָדט. נאַטירליך קומט ער דאָרט אָן נאָך אַ פּאָגראָם — אַ פּאָגראָם אין קאַבצאַנסק, ווייל די קאַבצאַנסקער עקספּלואַטירען דאָס לאַנד!...

אין דער דאָזיגער ערצעהלונג האָט אַבראַמאָװיטש אַרומגענומען נישט נאָר דאָס גאַנצע אידישע לעבען פון עק ביז עק מיט אַלעם, וואָס מהוט זיך אָב דערין אין לויף פון 24 שעה, ביי טאָג און ביי

נאַכט, אין דער וואָכען און שבת און יום־טוב, נאָר ער איז אויך געוואָרען דער מאָלער פון טיפּען, — אַ גאַנצע מחנה פון אָריגינעלע, מערקווירדיגע מענשען. פיגורען ווי רייזע די בעל־אַכסניא׳טע, טריינע־סאָסיע די קעכין, דער אַלטער ר׳ אברהם מיט׳ן „זהר" און מיט דער לירישער נשמה, דער אינגעל משה׳לע, שמואליק דער טאַנדעטניק — הויפּטזעכליך ווי ער ברענגט־צו דעם שבת־קודש אין דער היים בקדושה ובטהרה — שניאור־וואָלף דער חאַפּער, ר׳ רפאל לובלינסקי דער משכיל׳דיגער סוחר — אַ מין למד־וואָווניק פון די בעהאַלטענע משכילים — ר׳ אשר דער מעקלער מיט זיין מין רעדען און זיין גאַנג און זיין פרנסה, לייבצי דער רויטער, וועלכער באָרגט געלד אויף פּראָ־צענט, ער און זיין ווייב און זיין איידעם און זיין שענע טאָכטער, וועלכע ווערט אַ געלערענטע, האָדעל די מעקלערין פון לעבעדיגע סחורה, מענדי, וועלכער איז אַ מין „אַלפאָנס", לוי בחור מיט׳ן גוטען הייזעל, זיין ווייב שיינצע די „מומע", די „טערקין" און די „פירשטין" און מאַלווינקע און די איבריגע מעדלעך אין איהר הויז, רחלין דער אַקציז־ניק און ריבקין דער סטודענט און מיכאל סאַפּיר דער פאָדראַטשיק — דאָס זענען אַלעס טיפּען, אַ גאַנצע מחנה פון אָרינינעלע, מערקווירדיגע מענשען.

נאָך מעכטינער אָבער ווייזט זיך אַבראַמאָוויטש אין זיין לעצטער ערצעהלונג, אין „שלמה ר׳ חיים׳ס" — אַ בילד פון אידישען לעבען אין דער ליטאָ".

אַלעס וואָס מיר געפינען אין די פריהערדיגע דריי ערצעהלונגען בעזונדער, געפינען מיר אין דער דאָזיגער איינער ערצעהלונג צוזאַמען: די שאַרפע, בייסעדיגע סאַטירע געגען די פירכטערליכע הויהלקייט אינ׳ם לעבען פון די איין ערה פון אומגליקליכע; דאָס גרויסע, הייסע רחמנות אויף דעם אונענדליכען אומגליק פון אַ גאַנץ פאָלק; דער ריינער לירישער טאָן, וועלכער צעגיעסט זיך ווי אַ פיעדעל און לאָזט דערצי־טערען אַלע פעדים פונ׳ם הארץ, און יענע ווייכקייט און זיסקייט, וועלכע בערוישען דורך זייער עכטקייט; די נאַטור־שילדערונגען און זייער אונ־ענדליכער פּראַכט; די פערשיעדענסטע טיפּען, אַלטעגליכע און אויס־נאַהמליכע, מיט זייער חיצוניות און זייער פנימיות — נאָר איז דאָס בילד פונ׳ם „דלות", ווי מיר קענען עס פון „פישקע דעם קרומען", געוואָרען דאָ אַ סך בולט׳ער, און דער שפּאָט, וועלכער שניידט אומ־ברחמנות אויף רעכטס און אויף לינקס אין „מסעות בנימין השלישי",

איז דאָ געוואָרען אַ סך שאַרפער, און דאָס גרויסע מיטלייד מיט דער אידישער נשמה און מיט דעם עלענד און אומגליק פון אַ גאַנץ פאָלק האָט דאָ געפונען איהר אויסדרוק טויזענד מאָל שאַרפער ווי אים „ווינש-פינגערל“. דאָס איז דאָס בוך איבער אַלע ביכער, וואָס אַבראַמאָוויטש האָט אונז געשריבען.

די ערצעהלונג האָט די פאָרם פון איין אויטאָביאָגראַפיע. די מענשען, וועלכע קומען דאָרט פאָר, דערקענט מען זאָפאָרט, אַז זיי זענען לויט לעבעדיגע מוסטערען: ר׳ חיים דער טאַטע פונ׳ם קליינעם שלמה און שרה זיין מאַמע און ליפא דער מלמד. אַ פאָרטרעפליך גע-צייכענטע פיגור איז די פיגור פון יאַחנע-סאָסיע אָדער „לייבציכע“, אַ אידענע אַ מיסטערין אויף וואונדערליכע מעשות צו דערצעהלען, און אַזוי אויך פראַדעל דאָס קליינע מיידעלע (זעהר עהנליך צו דער הער-ליכער ביילע אין „ווינשפינגערעל“), אָדער די פיגור פון אַייזיק חקרן און זיין אייביגע מחלוקה מיט דעם צווייטען חקרן, מיט לייזקע, און ר׳ נחום רוויזעווער מיט זיין נסיעה קיין ארץ-ישראל, און הערציל קיילעס דער סמאָליאַר, אין וועלכען עס לעבט אַ קינסטלער-נשמה, וואָס רייסט זיך תמיד אַרויס צונ׳ם ליכט, און נאָך און נאָך — לויטער מערקווירדיגע פיגורען. דער גאַנצער שאַץ פון מענשען, וועלכע די אידען-גאַס האָט אַרויסגערופען, איז דאָ אויפגעצעהלט.

און בילדער — און מוז איינס פון זיי דאָ ברענגען. דער איינ-דרוק פונ׳ם דערלעבטען מוז זיין געוועזען זעהר שטאַרק אין דער נשמה פונ׳ם קליינעם אַבראַמאָוויטש אַלס קינד, אַז נאָך אין די שפּעטסטע יאָהרען און נאָכדעם ווי ער האָט שוין דאָסזעלבע אין איין אַנדער אָרט אַמאָל געצייכענט, האָט ער זיך געפיהלט געצוואונגען, עס נאָך אַמאָל צו דערצעהלען:

„נאָך דעם ערשטען משמר אַרום האַלבע נאַכט, אַזוי שטעהט גע-שריבען, וועהעט אַ צפון-ווינטעלע און די וואַכען פון די מלאָכים בייטען זיך דאָרט אין הימעל. עס גיט, אָט דאָס ווינטעלע, דעם מלאך גבריאל אַ ריהר, און ער שרייט אויבען זעקס קולות אוים, לייענט דערנאָך פון אַ בוך אַרויס די מענשענס אַלע מעשים, וואָס ווערען אָבגעטהאָן ביי טאָג. פון איהם דאָרט גיט עס אַ טאָרע אונטער די פליגעל דעם האָהן דאָ — ער כאַפּט זיך אויף און קרעהט הויך אויף אַ קול. אי אויבען אי אונטען ווערט אַ געטימעל: דער האָהן קרעהט אויף דער ערד און גבריאל אויפ׳ן הימעל. דעמאָלסטמאָל לאָזט זיך גאָט פון דריי הונדערט ניינצי?

הימלען אראָב אין גן־עדן אריין. כיתות מלאָכים לויפען פאָראויס און זאָגען שירה: „עפענט, טויערן, ברייט זיך אויף — עפענט הויך זיך ביז ארויף — אָ, איהר אייביג פעסטע טירען — קומען לאָז דאָ נאָמ שפאַצירען!" — עס זינגען אויך די בוימער אין גן־עדן, גיבען פון זיך ארויס זיסע שמעקענדיגע ריחות פון בשמים. אָט איז ער שוין אריין, גאָט דער מלך, מיט זיין כבוד אליין — שאַ! מלאָכים אויף זייערע ערטער שטעהען מיט גרויס דרך־ארץ און שווייגען. פול מיט רחמנות קוקט ער אויף די הייליגע נשמות פון צדיקים און קדושים דאָרט, קוקט און שאָקעלט מיט דעם קאָפ. פלוצלים לאָזט ער ארויס אַ געשריי, אַ ברומען ווי אַ לייב; דאָס ווייגט ער, קלאָגט אויפ׳ן חורבן בית־המקדש, אויף ירושלים, די וויסטע שטאָדט, אויף ציון, די ביטערע אלמנה, אויף די קינדער ישראל זיינע, וואָס אין גלות — און צוויי הייסע טראָפענס טרעהרען פאַלען איהם אויס די אויגען גלייך אין דעם גרויסען ים אריין... אַזוי ווייגט גאָט דריי מאָל אַלע נאַכט אין זיינע הימלען. גוטע פרומע אידישע קינדער לאָזט עס נישט איינשלאָפען; זיי שטעהען־אויף ביי נאַכט פון די געלעגערס, ריכטען־אָב חצות, וויינען זיך אויס פאַר דעם זיסען בארמהערצעדיגען פאָטער אין הימעל — און דאָס אידישע האַרץ פיהלט עפּעס דערנסטמאָל אַ מין בעזונדערן טעם, זיס־ביטער און זויער אינאיינעם... שלמה׳לע געהט פאַרטאָג איבער דער גאַס, דאָס שטערנטעל שלאָפט. לבנה און שטערען שטעהען אין הימעל אויף דער וואַך. עס דוכט זיך איהם, דאָרט, אויבען, טהוט זיך עס אַצינד עפּעס גאָר אַ שרעק. טהוט פון ערגעץ אַ בלאָז, דאַכט זיך איהם, יענם צפון־ווינטעלע, דאָס גוטע ווינטעלע, וואָס וועהעט אונטער די פליגעל פון מלאכים, וואָס האָט אַמאָל אויך געבלאָזען אויף דוד־המלך׳ס פידעלע, איהם צו־קאָפענס ביי נאַכט אויפ׳ן געלעגער, און עס האָט זיך געשפּיעלט זיסע געטליכע ליעדער. זשוזשען ערגעץ בוימער אין אַ גאָרטען — דאָס זשוזשען דאָרט די בוימער אין גן־עדן. קרעהט ערגעץ אַ האָהן — דאָס זאָגט ער שירה. און זענען איהם די האָר דאָס פּנים, פייכט פון טוי־טראָפען — דאָס זענען גאָטס טרעהרען, דאָס ווייגט ער, יאָמערט אויף זיינע פערוואָגעלטע קינדער. עס שלאָפט נישט, עס דרעמעלט נישט דער היטער פון ישראל!... עס צעשפּיעלט זיך שלמה׳לען די געבליטען, זיין כח־הדמיון איז פלאַם־פייער, דאָס האַרץ צענעהמט איהם שיעור פאַר גרויסע געפיהלען — און ער נעהמט זיך לערנען מיט השק, געשמאַק אויף אַ ניגון"...

עס איז דער גרויסער טרוימער אין דער אידען-גאַס, דאָס שע קינד, וועלכעס איז געבוירען צו זיין אַ דיכטער און וויים עס אליין נישט.

און געהט מען דאַן אַוועק פון דעם דאָזיגען מייסטערהאַפטען ווערק צו די קליינערע ערצעהלונגען אַבראַמאָוויטשענס, ווענען מיר זיך נישט וואונדערן, וואָס די טיפען און די סצענקעס דאָרט זענען אָרום און אָרום די זעלבינע, וועלכע מיר האָבען שוין טיילוויז געהאַט אין דער גרויסער ערצעהלונג. די קליינערע זענען פאַר אונז נאָר אַ מין „תיקון ליל שבועות״ — און מיר וואונדערען זיך נאָר אויף די געשיקליכקייט פון׳ם דאָזיגען מייסטער, ווי ער האָט געקענט אַזוי פיעל געשטאַלטען און בילדער צונויפדרעהען אין אַזאַ ווינציגע פאָרם.

און הויפטזעכליך מוז מען בעוואונדערען די איינפאַכקייט פון דער מעשה און פון דעם טעמא ביי מענדעלי׳ן. מענדעלי אַליין פּרובט אונז צו געבען די ערקלעהרונג דערפון: — „באמת טאַקי, וואָס האָט מען צו דערצעהלען פון אונזער לעבען אין מיינע צייטען? איבערראַשט די וועלט מיט גרויסע וואונדערליכע זאַכען האָבען מיר נישט; קיין גראַפען, פריצים און יענעראַלען און גרויסע שיסערס זענען מיר נישט געווען; קיין ראָמאַנען מיט „יפיפיות״ האָבען מיר נישט געשפיעלט. שלאָגען זיך אויף דועלען ווי די בעק, אָדער זיין ווי עדות, צו קוקען ווי צווי פערניעסען זיך דאָס בלוט, האָבען מיר נישט געפרובט, און טאַנצען קאַדרילען מיט נקבות אויף בעלער האָבען מיר נישט געקענט, און אויף נעיעג אין פעלדער, אין וועלדער, צו חאַפּען בערען, זענען מיר נישט געגאַנגען. נערייזם אויף איינענע שיפען איבער ים׳ען, אויפצודעקען נייע אינזלען, האָבען מיר נישט. מיט מענצערינם און אַקטריסעס האָבען מיר קיין געשעפטען נישט געהאַט, און איבער פרימאַדאָנעס און אָנטהון זיך די גרויסע פאַרגעניגענס האָבען מיר זיך נישט אויסגעבראַכט. בקיצור, אָט די אַלע צימעסלעך צום ספור-המעשה, ער זאָל זיין געשמאַק און נעהמען דעם עולם — אָט דאָס אַלסדינג איז נישטאָ ביי אונז. און אָנ-שטאָט דעם האָבען מיר אַ מלמד מיט אַ חדר, מיט אַ בעהעלפער, שדכנים, חתנים, כלות מיט ווייבער, קליינוואַרג, חלוצות און עגונות, אַלמנות און יתומים, נשרפים, געפאַלענע און אָבגעקומענע, אַלע סאָרטען אָרעמע לייט, אַרומגעהענדיגע איבער די הייזער ערב-שבת, ערב-יום-טוב, ראש-חודש און גלאַט אַזוי זיך מאָנטאָג און דאָנערשטאָג,

בטלנים, גבאים, מקבלים און צדקה־פושקע, אלע מיני פורעניות, דלות, קבצנות און אַלערליי מיני משונה׳דיגע פרנסות — אָט דאָס איז אונזער לעבען, אַז אָך און וועה איז צו אונז! אַ לעבען, משטיינס־געזאָגט, אָהן נחת, אָהן אַ רוהיג נעמים... אַ פינסטערעס אָהן אַ שיין, אָהן אַ שטראַהל־ליכט, אַ לעבען, וואָס האָט אַ טעם ווי אַ געקעכטס אָהן פעפער און אָהן זאַלץ — — — אָבער דערפאַר האָט עס אין זיך אַ מין אידישען טעם, וואָס ס׳איז נישט דאָ זיין גלייכען. ס׳איז דאָ אַ מין קעז, וואָס ער איז מיט ווערים, און די מבינים, וואָס פערשטעהען זיך אויף דער אכילה, צאָהלען דערפאַר אין מאָג אריין און עסען דאָס מיט אַ מאָרנעם אַפעטיט. אָט די ביטערקייט, וואָס איז אין אונזער לעבען, אָט דאָס איז טאַקי די גאַנצע חשיבות זיינע —״, אָ, די דאָזיגע ביטערקייט, וואָס איז אין אונזער לעבען

און ווידער זאָגט אונז מענדעלי: „עס איז נישט דאָ קיין איינציגער פון אונזערע לייט, וועלכער זאָל נישט האָבען אַ שטיקעל שייכות, מעהר אָדער וועניגער, צו גלופסק, און עס זאָל נישט שטעקען וועניגסטענס אַ הונדערטסטעל אָדער אַ טויזענדסטעל פון איהרע איינגעשאַפטען אין איהם.״...

* *

*

פאַר פינף און צוואַנציג יאָהר בערך, ווען מען האָט אָנגעהויבען צו איבערזעצען מענדעלי מוכר־ספרים׳ס ווערק אין אַנדערע שפּראַכען און איינער פון די פוילישע שריפטשטעלער האָט עקסטרא זיך אויסגע־לערנט אידיש, כּדי ער זאָל קענען איבערזעצען אויף פויליש דעם „מסעות בנימין השלישי״ און „די קליאַטשע״, דענסטמאָל האָבען די פוילישע שריפטשטעלער געהאַט איינגעלאַדענט אַבראַמאָוויטשען, ער זאָל קומען צו זיי, כּדי איהם אָפּצוגעבען כּבוד, און ווען ער איז גע־קומען, האָבען זיי איהם געמאַכט אַ באַנקעט און האָבען רעדען געהאַל־טען, גרויסע, פייערדיגע רעדען, און האָבען איהם אינ׳ם הימעל גע־הויבען, און די פוילישע צייטונגען האָבען אַרטיקלען וועגען איהם געשריבען, גרויסע, פייערדיגע אַרטיקלען, און האָבען איהם זיין כּבוד אָבגעגעבען — פון אידען אָבער איז דענסטמאָל נישט געווען קיין איינציגער

מענש, וועלכער זאָל האָבּען פערשטאַנען, ווי גרויס דער דאָזיגער שריפטשטעלער איז, און עס האָט זיך קיינער נישט געמישט אין די דאָזיגע שמחה. זינט דענסטמאָל זענען אַוועק פינף און צוואַנציג יאָהר און אבראַמאָוויטש איז ווידער געקומען צו פאָהרען אין די זעלביגע מקומות — און ווי זענען די צייטען אַנדערש געוואָרען! דאָס פאָלק האָט פּלוצלינג אָנגעהויבּען צו פערשטעהען, ווער און וואָס מענדעלי איז איהם.

זיין רייזע איז געווען, אין גאַנצען זין פונ'ם דאָזיגען וואָרט, אַ טריאומפף־רייזע פון אַ העלד, וועלכער קומט צוריק פון דער מלחמה. דאָס טריאומפף־טויער האָט געגרייכט פון ווילנאָ ביז ביאַליסטאָק, פון ביאַ־ליסטאָק ביז וואַרשא און פון וואַרשא ביז לאָדז, צו אַזאַ נסיעה האָט נישט זוכה געווען נאָך קיין שום שרייבער, און נישט נאָר אַ אידישער. ס'איז געווען די רייזע פון אַ פירשט. טויזענדער מענשען האָבען גע־וואַרט ביי יעדער סטאַנציע, טויזענדער מענשען האָבען זיך געדרענגט און געשטופּט נעהנטער צו איהם און זענען גליקליך געווען, ווען ס'איז זיי געלונגען אַ מינוט איהם די האַנד צו דריקען אָדער אויך נאָר אַ קוק צו געבען איהם אין פּנים אַריין.

און איך געדענק: אין לאָדז זענען געשטאַנען צעהנטויזענדער מענשען פערזאַמעלט אויף דער גאַס און האָבען געוואַרט פאַר'ן האָטעל, וואו אבראַמאָוויטש האָט געוואָהנט. דאַמען זענען געשטאַנען אין זייערע העלע קליידער מיט בלומען אין די הענד. פון מינוט צו מינוט האָט זיך געהערט דאָס שרייען: „עס לעבע מענדעלי! עס לעבע דער זיידע!" און ווען דער שריפטשטעלער האָט זיך געוויזען אויף אַ מינוט ביי'ם פענסטער אָדער אויפ'ן באַלקאָן, איז דאָס שרייען געווען כמעט אָהן אַ סוף. שטונדען־לאַנג האָט נישט מענדעלי און נישט זיינע מענשען, וועלכע זענען מיט־געווען מיט איהם אינ'ם האָטעל, געקענט אַרויס אויף דער גאַס. ס'איז פּראָסט געווען לעבענ'ס־געפעהרליך. מיר האָבען פערשיעדענע מיטלען געזוכט און מיר האָבען זיך, ווי עס איז, דורכגעשלאָגען און מיר זענען אַריין אין אַ וואָגען. פּלוצלינג אָבער האָבען זיי איהם דערקענט — און וואָס איך האָב דענסטמאָל געזעהען, וועל איך נישט מעהר אַזוי גיך זעהען. צו־זאַמען מיט איהם בין איך געזעסען אינ'ם וואָגען, און טויזענדער מענשען זענען געווען אַרום אונז, און זיי האָבען געפּרובט, דעם וואָגען, צוזאַמען מיט'ן אַלטען, אויפצוהויבען. ענדליך האָבען

זיי איהם נעהויבען — און אַ שרייען: „עס לעבע מענדעלי! עס לעבע דער זיידע ז'" האָט זיך אַרויסגעריסען פּלוצלינג פון טויזענדער קעהלען. און ווי זיי האָבען איהם נעהויבען — האָב איך נעפיהלט, אַז איך בין מיט איהם מיטגעהויבען געוואָרען.

דוד פרישמאַן

וואַרשאַ, דעצעמבער 1910

# אנ'איינִיקעל דעם זיידען.

## I.

דאָס פערפלויגענע יאָהר האָט זיך געענדיגט מיט אַ גרויסען ליטעראַרישען יום־טוב בײַ יודען. אָנגעהויבען האָט ער זיך אין אָדעסאַ און ציעהען ציעהט זיך דער יום־טוב איבער אַלע יודישע שטעדט.

שלום יעקב אַבראַמאָוויטש איז דער. בן יחיד אין אונזערער ליטעראַטור, וואָס האָט דערלעבט צו אַזאַ שענעם עלטער. ער איז דער געליעבטער „זיידע" נישט נור פון די אייניקלעך ליטעראַטען, ער איז אויך דער געליעבטער זיידע פון אונזער דור, וועלכער האָט קלערער און קינסטלערישער, ווי אונזערע ליבליכע זיידעס בעגריפען און בעשריעבען זיין צייט, וואָס איז נאָך טיילוויז אונזער צייט.

שלום יעקב אַבראַמאָוויטש האָט אונז צוגעצויגען מיט זיין חוזק'ל, מיט זיין סאַטירע, מיט דעם כח זיך צו דערהויבען איבער דעם גראָבען גשמיות'דיגען יודישען לעבען דורך אַ שמייכעלע, אַ פיינעם געלעבטערעל, דורך אַ סאַטירישען וואָרט. צוגלייך מיט די גרויסע שריפטשטעלער אין אַנדערע ליטעראַטורען — האָט ער אונז אויסגעלערנט אָבצולאַכען פון אַ נאַרישען לעבען און דורך די אָבלאַכעריי זיך אויף אַ ווײַלע צו בע־פרייען פון דער לעבענס־ענגקייט.

מיר שעצען און ליעבען אַבראַמאָוויטשען פאַר זיין נאַטירליכען צובונד צו אַלץ וואָס איז יודיש, צו אַלץ וואָס צייכענט זיך אויס מיט אַ יודישער תנועה'לע, גרימאַסעלע און אַ יודישען ריטהמוס.

מיר בעוואונדערען אין אַבראַמאָוויטשען זיין פיינעם געהער, וואָס האָט דערהאָרכט אין דעם מיש־מאַש פון דעם יודישען זשאַרגאָן, די נאַטירליכע, וואָרצעלדיגע טענער פון דער יודישער שפּראַכע.

אפילו די, וואָס האַלטען נישט פון דער צוקונפט פון יודיש, ווערען נשתומם און שטאַרק נתפעל פון דעם וואונדער, דאָס דער זשאַרגאָן, וואָס איז אפילו פאַר טאַלענטפולע פּאָעטען נאָך גְעווען אַ משל צו אַל־דער ווילדקייט פון אידישען לעבען — איז מיט איינמאָל אַרויס פון אַבראַמאָוויטשעס פעדער מיט אַ יחוס־בריעף פון אַ קלאָרער ריינער שפּראַך.

„די אַלטע באָבעניו", — ווי דער פּאָעט פרוג האָט אמאָל גע־שילדערט דעם זשאַרגאָן, — „מיט אַ צוריסענער־צוביסענער וואַטואַווקע אין אַלע מיני משונה קאָליערען, אויף איין פוס אַ חליצה־שיכעל, אויף דעם צווייטען — אַ ווייסע יום־כפּור־זאָק און אויפ'ן קאָפּ אַ קאָלטען" — האָט מיט אַמאָל זיך צורעדט אויף אַ לשון, וואָס האָט פערנומען ביי'ן האַרצען מיט די ריינקייט און לויטערקייט פון די געפיהלען.

שלום יעקב אַבראַמאָוויטש האָט אונז געוויזען דעם וואונדער וואָס מיר געדענקען נאָך פון חומש, בשעת בלעם'ס אייזעל האָט געעפענט זיין מויל. ווער האָט דאָס געקענט גלויבען, אַז דער זשאַרגאָן וועט בכח זיין אונז אַרויסצוגעבען דעם העכסט קאָמפּליצירטען טיפּ פון אַ ר' מענדעלע, וועלכער האָט גע'ירשה'ט פון פאָלקס־גייסט אַלע זיינע קניטשען, אַלע זיינע געפיהלען, סיי די אומעטיגע ווי די פרעהליכע, סיי די איראָנישע און סאַטירישע, סיי זיין ליעבשאַפט צו דער נאַטור און צו אַלץ וואָס פּויזעט אין דער נאַטור.

ווי פערוואונדערט שטעהען מיר פאַר די קלאַסישע זייטען פון זיינע ספּור־המעשות, ווען ער שילדערט אונז אזוינע זאַכען, צו וואָס אויך די נייע העברעאישע ליטעראַטור האָט זיך נאָך לאַנג נישט דער־וועגט צו־צוריהרען.

ווען מיר ליינען די נאַטור־שילדערונגען פון ר' מענדעלי — גלויבט זיך גאָר נישט, אַז דאָס איז געמאָלט געווען צו בעשאַפען אין זשאַרגאָן, אין דער פעראַכטעטער שפּראַכע פון „דינסטמויד און משרת'ל".

אויך די וואָס שאָקלען זיך אָב היינט פון יודיש, אויך די וואָס זעהען פאַר'ן יודיש נישט קיין לאַנגע צוקונפט — מוזען דאָך מודה זיין, אַז אין לויף פון הונדערטע יאָהרען איז יודיש געווען די איינציגע שפּראַכע, אויף וועלכע עס האָבען גערעדט, אַלע, אַלע קלאַסען פון פאָלק. און עס וואָלט געווען אַ גרויסע עם־הארצות, ווען מען וואָלט מיינען, אַז דאָס פעהיגסטע און גייסטיגסטע פאָלק האָט זיך בעג־

נוצט מיט אַזאַ איידעלע זאַך ווי אַ שפּראַך, ווי מיט אַ טויטען שיים האָלץ, נישט ווי מיט אַ לעבעדיגע נשמה־הייטעל פון דער כלל'שער נשמה.

אום אָבער צו בענעהמען די שפּראַך, פיהלען די ציטערדיגע און ליכטע פעדעמלעך פון אַ נשמה־הייטעל, האָט מען געמוזט זיך טובלען יאָהרען לאַנג אין דער נשמה פון דער יודישער מאַסע, האָט מען גע־מוזט האָבען אַ פיינעם אויער, אום צו דערהאָרכען, ווי דאָס נאַטירליכע געפיהל נעהמט אָן דעם פּאַסינגען מלבוש פון דעם געשפּראָכענעם זאַץ, אום צו דערהאָרבען דעם קלאַנג פון די שטומע געפיהלס־ווענלען פון האַרצען, וואָס קלאַפּען זיך אָן אָן דעם פעלזען פון גערעדטען וואָרט.

אַלע די וואָס האָבען פאָרגעוואָרפען דעם זשאַרגאָן, אַז דאָס איז די שפּראַכע פון „דיענסטמוידען", האָבען אין זייער בלינדקייט פערגעסע: דעם פּשוטען אמת, וועלכער איז היינט בעקאַנט איטליכען חדר־יונגעל. זיי האָבען פערגעסען, אַז די דיענסטמויד און דער משרת'ל זענען די סאַמע געדיכטע מאַסע פון פאָלק, וועלכע קומט אַמווענינגסטען אין מגע ומשאָ, אין בעריהרונג מיט פרעמדע קולטורען, און השפעות, וועלכע קאָנסערווירען זיך, ענטוויקלען זיך פיעל נאַטירליכער ווי די קלאַסען פון פאָלק, וואָס זענען דאָס אויבערשטע פון שטויסעל און בעקומען צוערשט דעם קלאַפּ פון טוקאַץ, ד. ה. נעהמען אָן צוערשט די פרעמדע זיטען, מנהגים, ווערען צוערשט בעגאָסען פון די וועלען פון דער אַלגעמיינער פראָסטער קולטור, וועלכע מאַכען צונישט דעם כאַראַקטעריסטישען פנים פון איטליכער נאַציאָן.

עס איז געווען אַ צייט, ווען די פערטרעטער פון דער נייער ריכ־טונג אין דער פראַנצויזישער ליטעראַטור, ווי למשל באָדלער, ווערלען, האָט מען גענעבען אַ מיאוסען צונאָמען „דעקאַדענטען" ד. ה. קאַליקעס. די קאַליקעס האָבען זיך אָבער פאַר'ן צונאָמען נישט דערשראָקען. זיי האָבען געזוכט דעם מיאוסען צונאָמען צוגעבען אַזאַ אינהאַלט, אַז ער זאָל אויפהערען צו קלינגען מיאוס. און דער צונאָמען „דעקאַדענט" האָט מיט דער צייט אויפגעהערט צו זיין אַ זידעל־וואָרט. ביי'ן נאָמען דעקאַדענט האָט זיך אָנגעהויבען צו דערמאָהנען אָהן די זעלטען פיינע ליעדער פון אַ באָדלער און אַ ווערלען און אין גאַנצען פערגעסען זיין געוועהנליכע מיאוסע בעדייטונג.

דאָס אייגענע איז מיט „דער שפּראַך פון די דיענסט־מוידען".

אַ דאַנק צו ש״י אַבּראַמאָוויטש, פּרץ, שלום עליכם, פרוג, מאָריס ראָזענפעלד, אש, האָט אונזער יודישע ליטעראַטור בּעקומען אַזוינע טיפע כאַראַקטעריסטיקען פון אונזער יודיש לעבען, אַז מען הייבּט שוין אָן גאָר צו בעקימען אַנ׳אַכטונגס־געפיהל צו דער „מויד״, וואָס בעזיצט אַזאַ שאַין, וואָס בעזיצט אַזאַ שפּראַך, אויף וועלכע די אַבּראַמאָוויטשעס, פּרץ׳עס, שלום עליכם׳ס קענען אויסדריקען די פּאָעטישע געפיהלען, די קינסטלערישע זעהונגען פון זייער געמיט. בּיי׳ם זירעלוואָרט „די שפּראַך פון דער דיענסט־מויד״ זעהט שוין נישט אונזער אויג די פערשלומפּערטע קליינשטעדטעלדיגע „דיענסט־מויד״ מיט׳ן טשעבער בּיי׳ן פּלומפּ, נאָר אַ וועלט יודישע מענשען בּיי דער אַרבּייט, בּיי די דאַגות זייערע, בּיי זייערע יום־טובים און חתונות, בּיי זייערע מסחרים און מסחר׳לעך, בּיי זייער געדריקטהייט און רחבות הנפש, די יודישע מוטער בּיי׳ן וויעג, דאָס יודישע מיידעל, ווען עס שפּראָצט אין איהר האַרצען אַ ליעבּעס־בּלום, דעם פערטראַכטען פערחלום׳טען יונגען מאַן, וועלכער זוינגט אַיין די פּאָעזיע פון אַ שטומער נאַטור.

די „דיענסט־מויד״ איז שוין איצט אַ „קאַמער־קעצעלע״, ווי די בערלינער רופען דאָס ציכטיגע, ענערגישע, קאָקעטע און פּראַנטאָוואַטע דיענסט־מיידעל פון די רייכערע בּעל־הבּתי׳שע הייזער. זי זעהט שוין אויס היינט ווי דאָס שטוב־מעדעל אויף פלאַקאַטען פון די גרויסע שאָקאָלאַדען־פאַבּריקען — אין אַ קלאָר־ווייסע הייבּעל אויף דעם גוט פריזירטען קאָפּ און אַ שנעע־ווייסען פאַרטוך אויף די שלאַנקע, געזונדטע היפּטען. נישט זי יאָגט זיך נאָך דער „מאַדאַם״, נאָר די מאַדאַם יאָגט זיך נאָך איהר, און עס זענען שוין פאַרהאַן אין אַמעריקאַ אַזוינע „קאַמער־קעצעלעך״, וואָס פערלאַנגען אַנ׳אייגענעם צימער פאַר זיך, און למעשׂה השם אַ גרויסען צימער, אַז מען זאָל קענען אַריינשטעלען אַ פּיאַנאָ. און אין פינלאַנד האָט מען שוין דערלעבּט דערצו, אַז די קאַמער־קעצלעך האָבּען בּיי זיך אין קעמעריל אַנ׳אייגענעם טעלעפאָן.

אויך דער זשאַרגאָן, „די שפּראַך פון די דיענסט־מוידען״ איז שוין היינט אַ גרויסע תקיפות. נישט זי יאָגט זיך נאָך דער גבירתע (די העבר. שפּראַך), נאָר פּונקט קאַפּויער. כמעט אין אַלע העבּרעאישע ליטעראַרישע אויסגאַבּען וועט איהר געפינען די נעמען פון די, וואָס זענען גרוים געוואָרען צוליעב דער דיענסט־מויד, וואָס האָבּען קונה שם געווען, צוליעב דעם וואָס זיי זענען אַיינגעדרונגען אין דער שפּראַך פון דיענסט־מויד.

ווען אַ יודיש טהעאַטער־שטיק געהט אַרויס פון דער יודישער ענג־שאַפט אויף דער ביהנע פון אַ וועלט־טהעאַטער, — האָבען מיר דאָס צו פערדאַנקען דער דיענסט־מויד, מיט איהרע געזונדע קרעפטיגע אויפ־לענבויגענס. און ווען איהר וועט אַמאָל זעהען אַ יודישען ליטעראַטאָר מיט אַ פּיאַנאָ און אַנ'איינענעם טעלעפאָן, האָט מען דאָס אַליין צו פער־דאַנקען דער מויד, מיט וועמען דער ליטעראַטאָר האָט געהאַט שטאַרקע מחזקות.

און דער צונאָמען פון יודיש „די שפּראַך פון דער דיענסט־מויד" האָט היינט בעקומען גאָר אַ נייע בעדייטונג. דער צינאָמען האָט אויפ־געהערט צו זיין אַ זידעל־וואָרט ווי אַמאָל „די געלע מיטעלאַלטער־ליכע לאַטע" האָט דאָס אויפגעהערט צו זיין אַ בזיון. דאָס געלע איז, אדרבה, געוואָרען די פאַרב, מיט וועלכע מיר שטאָלצירען, ווייל זי דערמאָהנט אָהן די יודישע עקשנות, געזונדע לעבענס־עקשנות. ד"ר הערצל ז"ל, וואָס האָט געגרינדעט די ציוניסטישע בלאַט „די וועלט", האָט מיט אַ כיון גענומען פאַר דעם בלאַט די געלע פאַרב.

שוין אַוועק די צייט, ווען פרוג האָט זיך געבייזערט אויף דעם האַרטען זשאַרגאָן און האָט געשריעבען:

„איך האָב מיט דעם לעצטען צאָהן
געביסען און געריסען דעם זשאַרגאָן,
געקייט די ליעבע שפּראַך פון אונזער מאַמען,
געפעפערט מיט צעזור, געזאַלצט מיט גראַמען,
צו מאַכען זי אַביסעלע האָטש ווייך,
און צו פערדושען יענעם ריח
פון ווילנער מאַרק און דינאַבורגער יאַטקעס
מיט אַלערליי פערוואַלגערטע אַסטאַטקעס,
וואָס שמעקט אויף דרייצעהן מייל אַרום דעם אָרט,
יזאו נור עס בליהט האָטש איין זשאַרגאָניש וואָרט..."

איצט פערמאָגען מיר שוין די שטאַרקע פּאָעזיע פון אַ ביאַליק, אין יודיש, און צוגלייך די בלייבע, פאָדעם־רינגע, ווייכע פּאָעזיע פון דוד איינהאָרן, דעם קורצען קנאַפּען ליעד פון רייזענען און דעם יונגען ליידענ־שאַפטליכען ליעד פון שניאור.

אפילו פרוג אַליין האָט אונז בחוש בעוויזען, ווי אַ גוט געבענטש־

מער פּאָעט קען ווייך מאַכען דעם זשאַרגאָן און אַרויסטרייבען פון איהם דעם „ריח פון די יאַטקעס". זיין ליעד „זאַמד און שטערן" בעוויזט דייטליך, וואָס פאַר אַ שטראָם פון לירישע געפיהלען עס איז בכח אַרויס־צורופען די האַרטע שפּראַך פון דער דיענסט־מויד.

ווער איז אָבער געווען דער ערשטער, וועלכער האָט געהאַט אַ ריכטיגען בליק אויף דעם פעראַכטעטען יודיש? ווער איז אָבער גע־ווען דער ערשטער, וואָס האָט געהאַט דעם מוט, זיך צו נעמ'ן מיט דער „מאַדאַם" און זיך צו פער'קנס'ען מיט דער שפּל'דינער מויד? ווער איז צום ערשטען מאָל־צו — צו דעם אָרעמען יודיש אָהן שום כוונות, אום זי אויסצובעסערען, אָדער זיך צו בענוצען מיט איהם אַלס אַ גראָב מיטעל פאַר דידאַקטישע, מלמדות'ע ציעלען? ווער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט דערשפירט אין די גראָבע מלבושים פון דיענסט־מויד און משרת'ל אַ נשמה פון אַ גרויסען יודישען קבוץ מיט אַנ'אייגענטהימליכער שפּראַך? ווער איז דאָס געווען, ווען נישט ש. י. אַבראַמאָוויטש, וואָס האָט שוין דענמאָלסט גע'שמ'ט אין דער יודישער ליטעראַרישער וועלט אַלס אַ גרויסער העברעער און אַ טאַלענטפאָלער שרייבער.

אַבראַמאָוויטש, ווי בעקאַנט, דערצעהלט אין אַנ'אויטאָביאָגראַ־פישער נאָטיץ, ווי אַזוי ער איז אַריבער פון דער „מאַדאַם" צו דער „שפחה". ער שרייבט: „אָט בין איך דער, וואָס האָט געזוכט אײַנצודרינ־גען אין אינערליכען לעבען פון אַ פאָלק, אום צו שילדערען עס דער־נאָך אין דער שפּראַך פון די נביאים. צי איז דאָס נישט אָבער אַנ'אמת, אַז דער גרויסער טייל פון פאָלק פערשטעהט גאָר נישט די שפּראַך און קען נור דעם זשאַרגאָן? צו וואָס ניצט די גאַנצע גייסטיגע אַרבייט פון אַ שרייבער, ווען דאָס פאָלק פערשטעהט איהם נישט? און מיך פער־פאָלגט כסדר די פראַגע! פאַר וועמען אַרבייט איך דען? אונזערע ליטעראַטען בעטראַכטען דעם זשאַרגאָן פון אויבען אַראָב און האָבען איהם נור פעראַכט. און ווען איינער לאָזט זיך שוין אַראָב אַזוי ניעדריג, דאָס ער שאַפט עפּעס אין דער פעראַכטעטער שפּראַך, — טהוט ער אַלעס מעגליכע, אַז עס זאָל בלייבען די מעשה בסוד, ווייל דאָס קען אָבּ־שוועכען זיין כבוד ביי לייטען. דער געדאַנק, אַז שרייבענדיג אין יודיש, וועל איך אויפהויבען נעגען מיך די עפענטליכע מיינונג, האָט מיך זעהר בעאונרוהיגט, נאָר דאָס בעוואוסט־זיין, אַז מיין טהאַט איז ניצליך, האָט סוף כל סוף אַרויסגערופען ביי מיר אַ טיעפע בושה, וואָס איך טראַכט נאָר וועגען אזעלכע זאַכען, און איך האָב צו זיך אַליין געזאָגט: זאָל

זיין, וואָס עס וועט זיין! איך וועל אַרבייטען צווישען די ערשטע פּאַר׳ן זשאַרגאָן, און איך וועל ניצליך זיין מיין פּאָלק״.

די ציטירטע ווערטער צייגען, הוץ דעם וועג, ווי אַבראַמאָוויטש איז געקומען צו יודיש, נאָך אַ זאַך. זיי דריקען אויס דעם געדאַנקען, אַז אַ איטליכער שרייבער מוז זיין אַ דיענער ביי׳ן פּאָלק, מוז שטענדיג האָבען דעם געדאַנקען, אַז די ליטעראַטור האָט נאָר דאַן אַנ׳עקסיסטענץ-בערעכטיגונג, כל זמן זי דיענט אַ גרויסען קבוץ, זי ניעט זיך אָב די אינטערעסען פון אַ גרויסען כלל.

און אַזאַ בעציעהונג צו דער ליטעראַטור איז פּאַר 50 יאָהר ביי יודען אין רוסלאַנד געווען אַ גאָר נייע בעציעהונג. מיט ווענינע אויסנאַהמען, האָבען די שרייבער זיך מעהר געשפּיעלט מיט דעם געדרוקטען וואָרט, זיי האָבען נישט בענומען דעם סאָציאַלען ווערט פון דער ליטעראַטור, האָבען איבערהויפּט נישט פערשטאַנען, אַז מיט דעם בכבודיגען נאָמען „שרייבער ביי יודען״ זענען פערבונדען ערנסטע פליכטען און אַ געוויסע פעראַנטוואָרטונג.

שלום יעקב אַבראַמאָוויטש איז אויפגעוואַכסען און האָט זיך ענטוויקעלט אין אַ צייט, ווען אויף דעם דונקעלען הימעל פון רוסישען לעבען האָבען געלויכט אַזוינע שטערן, ווי בעלינסקי, פּיסאַרעוו, גאָגאָל, טורגעניעוו און אַנדערע, בשעת עס איז געבאָרען געוואָרען ביי די רוסען אַ דור, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע פעראַנטוואָרטונגס-געפיהל פאַר זייער פּאָלק. און די צייט מיט איהרע אידעען און גרויסע קונסט-בענאַבונג האָט אויך בעריהרט דעם יונגען שלום יעקב אַבראַמאָוויטש, וועלכער איז צוערשט אויפגעטרעטען אין דער ליטעראַטור אַלס פּובליציסט און קריטיקער און שפּעטער אַלס קינסטלער. ווי פערצייטען טורגעניעוו האָט אַראָבגענומען דעם כשוף פון די אויגען מכח דעם רוסישען פּאָלק, דאַדורך וואָס ער האָט איהם פּאָרגעשטעלט אין זיינע „זאַפּיסקי אָחאָטניקאַ״ אַלס אַ פיעל בעגאַבטערע, קלינערע, איידעלערע מאַסע, ווי מען האָט זיך ביז אַהער פאָרגעשטעלט די רוסישע פּאָלקס-מאַסע, אַזוי האָט אַבראַמאָוויטש דורך זיינע פיינע אַנאַליזע און דורך די נייע אָריגינעלע אַרט, צו זעהען, וואָס עס טהוט זיך ביי׳ן יודען אין האַרצען, — ענדעקט פאַר׳ן לעזער גאָר אַ נייעם שטייגער יודען, מיט גאָר אַ נייע אַרט דענקען און פיהלען. אַלס ביישפּיעל פון דעם נייעם אַרט זעהען װעלען מיר נור נעהמען ביי אַבראַמאָוויטשען די נאַטורשילדערונגען, וואָס זענען גע-

פיהלט מיט אַ יודיש הארץ און בּעשריעבּען געוואָרען אין די ווערטער פון אַ נאַטירליכער פאָלקס־שפּראַכע.

די דאָזיגע שילדערונגען זענען אַן׳אמת׳ע ענדעקונג געווען פאַר׳ן לעזער. דען אייביג איז מען געווען געוועהנט זיך פאָרצושטעלען דעם יודען מיט אַ פערקאַטערטען נאָז, אַ שוואַכען אויג אויף צו זעהן די שענקייטען אין דער נאַטור. און מיט אַמאָל גיעט אונז אַבראַמאָוויטש אַ בּילד פון אַ שטענדיג הייסען זומער־טאָג און שטעלט אונז פאָר אַ נאַ־טור־פייזאַזש, וואָס הייבען זיך אָן מיט די קלאָר געמאָלטע יודישע ווערטער:

„דער הימעל איז בּלוי, לויטער אָהן אַ פּיצעל וואָלקען. די זון בּראָט, סמאַליעט, עס וועהט נישט קיין ווינטעלע, מען פיהלט נישט קיין ליפטעלע. די תּבואה אויף די פעלדער, די בּוימער אין די וועלדער שטעהען שטיל ווי צוגעשמידט א. ז. וו. (זעה פישקע דער קרומער).

אָדער בּאַלד דערויף אין איינענעם בּוך דאָס בּילד פון אַ זומער־פאַרנאַכט, נאָך אַ שטיקענדיג הייסען זומערדיגען נאָך־מיטאָג.

דאָס קלאַסיש געמאָלטע בּילד פון די בּהמות און חיות אין „פישקען״, וואָס האָבען זיך פערזאַמעלט בּיי די פויערשע וועגלעך פאַר אַ יודישער קרעטשמע, דאָס שטומע און צוגליך דאָס בּערעדעווענדיגע אין דעם אָריגינעלען געמעל — ווייזען, אַז דער יודיש פערמאָגט אַזעל־כע אויסדרוקס־מיטעל פאַר די שטומע לעבּעדיגע נאַטור, פון וואָס פאַר אַבּראַמאָוויטשען האָט מען נאָך קיינמאָל נישט גע׳חלום׳ט אפילו. און די בּעשרייבּונג פון שטורם מיט אַ שלאַקס־רעגען אין דער „קליאַטשע״ בּע־ווייזען, דאָס די יודישע שפּראַכע פערמאָגט אויך גענוג אויסדריקען, אום צו מאָלען עלעמענטאַרע סטיכישע נאַטור־קרעפטען.

אַבּראַמאָוויטש איז דער ענטדעקער פון דער יודישער נאַטור־בּעטראַכטונג פון יודישען פּייזאַזש, וואָס פליעסט אָפּט צוזאַמען מיט דער טרויעריגער נשמה פון מעלאַנכאָלישען יודען. ער האָט, קען מען זאָגען, מגיר געווען די נאַטור, ער האָט זי אונז געשילדערט מיט אַ שפּראַכע, וועלכע איז בּיז איהם נאָך אויף דער וועלט נישט געווען, און וועלכע פּאַסט אַזוי צום פאָלקס־גייסט פון דער גרויסער יודישער מאַסע. ס. ראָזענפעלד, טיילוויז פּרוג און כמעט אַלע אונזערע היינטיגע פּאָעטען שטעהען אין דער נאַטור־שילדערונג אונטער דעם איינפלוס פון אַבּראַמאָ־וויטשעס שפּראַכע. ער האָט חי ענטפּלעקט פאַר אונזער ליטעראַטור דעם

שליסעל צו אַ פערמאַכטער טהיר, אַ ציים לאַנג פערמאַכט פאַר די בעסטע פון אונזערע ליטעראַטען.

ר׳ מענדעלי האָט אונז בתוש בעוויזען, אַז דער יודישער שפראַך־שאַץ האָט אַ גאַנצע רייה פון פּאָעטישע בילדער און פערגלייכונגען, וועלכע עס זענען נור מעגליך ביי אַ פאָלק, וואָס איז נישט בלינד צו דער ברייטער שטומער נאַטור, וואָס איז בכח זי אָנצופילען מיט איהרע אייגענע געפיהלען, וואָס מעסטען די אייגענע נשמה מיט דער נשמה פון דער נאַטור, מעסט זיך מיט איהר, און לאָזט זיך מעסטען דורך איהר.

דען וואָס איז דער גרויסער שרייבער און פּאָעט, ווען נישט דער גרויסער האָרכער, דער אויפמערקזאַמער פיינפיהלענדינער אויער פון פאָלק, צו וועמען ער געהערט אָן. און אויך ש. י. אַב־ראַמאָוויטש איז אַלס ערשטער און גרעסטער שרייבער ביי יודען אין 19־טען יאָהרהונדערט געווען דער האָרכענדיגער אויער פון זיין פאָלק, וואָס האָט צוערשט ריכטיג בענומען די איינענאַרטיגקייט פון זיין שפראַך און צוגלייך מיט זיין שפראַך, זיין פערשטעלטע נשמה, דעם שליסעל צו אַ פערשלאָסענער טהיר.

צו די פיעלע ענטדעקונגען, וואָס ער האָט געמאַכט בנוגע צום יודישען כלל — האָט ער נאָך געפונען אין זיין נשמה אַ פעלבעלע, וואָס איז אפילו פאַר׳ן כלל אַליין געווען אַ וואונדערליכער חדוש.

און לייכט איז איהם געוואָרען דער האָרניגער וועג פון אַנ׳ענטדעקער, וויל איידער ער איז געגאַנגען אַ טריט ווייטער אויף דעם וועג פון דער שילדערונג פון גלות־אידען, האָט ער פאָרויס־געשיקט זיינע גאָטגעבענשטע אויערען, אום צו הערען די שטילע פיינע גערוישען פון אַ קאָלעקטיווער נשמה. דען סוף כל סוף איז איטליכער טאַלענט, איטליכער גרויסער פּאָעט אַנ׳אויפמערקזאַמער האָרכער. ער איז דער נייסטינער אויער פון זיין פאָלק. און קודם כל האָרכט ער זיך צו צו דער נאַטירליכער שפראַך פון זיין פאָלק.

שלום יעקב אַבראַמאָוויטש איז דער ערשטער גרויסער האָרכער דער ערשטער, וואָס האָט מיט גאוֹנישען געהער זיך צוגעהערט צו ד׳ר שפראַך פון זיין פאָלק.

די שפראַך פון יעדען קבוץ איז דאָס רינסטע לעצטע הייטעל פון זיין נשמה. און ר׳ מענדעלי, וואָס האָט זיך שטענדיג צוגעהאָרכט צו רער יודישער שפראַך, זיך אייביג גע׳טובל׳ט אין דער יודישער פאָלקס־נשמה — האָט זיך ממילא בעצייגען מיט דעם ראָזיגען הייטעל.

מענען דורות פערגעהען, שטענדיג וועלען מיר כווזן געהען צו ר׳ מענדעלין לערנען די שפּראַך, אויף וועלכע עס רעדט און טראַכט די יודישע מאַסע, דער יודישער כּלל.

II.

שלום יעקב אַבראַמאָוויטש האָט אָנגעהייבען צו שאַפען אין דער צייט, ווען די אינטעליגענטע צוריסענקייט בנוגע צו דער שפּראַך האָט נאָך נישט בעקומען ביי יודען דעם טראַגישען כאַראַקטער, וואָס היינט. די מאַסע פון אַלע קלאַסען האָט געלעבט מיט׳ן זשאַרגאָן און מיט׳ן לשון־קודש. דער פּראָסטער יוד האָט גערעדט אויף מאַמע־לשון, און ווען ער האָט געוואָלט, זיין וואָכענדיג שפּראַך בעפּוצען מיט פּליטער־לעך, האָט ער אַריינגעבראָקט לשון־קודש׳דיגע ווערטער. דער יודישער בעל־הבית האָט געשריעבען זיינע סוחרישע בריעף אויף אַ לשון־קודש, וואָס איז געווען אַ צוזאַמענגעװאַקסענע פערזעהעניש פון יודיש־דייטש און העברעאיש. די לערנער, די לומדים, די כּלי־קודש האָבען זיך אויסגעאַרבייט אַ בית־מדרש־שפּראַך, אַ משונה׳דיגע שפּראַך פון ספּעציאַ־ליסטען־פאַכלייט, און וואו דער תּרגום־גמרא־און משנה־לשון האָבען גע־מאַנצט אַ קאַרעראָד אינאיינעם מיט עברי־טייטש און תּחינות־שפּראַך.

צו יענער צייט האָט מען זיך ווייניג מצער געווען דערויף, וואָס דער יוד וואַכסט אויס אָהן אַ שפּראַך. אמת, די משכּילים האָבען בע־נוצט דעם בעגריף „אַנ׳אומה אָהן אַ לשון״. אָבער די דאָזיגע פראַזע האָט געהאַט ביי זיי נאָר אַנ׳אַנדער טייטש, וואָס היינט. דאָס האָט גע־הייסען, אַז דער יוד בלייבט אָהן אַ לשון, ווען עס קומט איהם אויס צו האָבען צוטהאָן מיט אַ נישט יודישער בעפעלקערונג. נישט צו אַנ׳איינגע־נער שפּראַכע האָבען זיי דאַמאָלסט געשטרעבט, נאָר צו דער לאַנדעס־שפּראַכע, וועלכע איז אַזוי נויטיג דעם יודען אין פּשוט׳ן גשמיות׳דיגען לעבען, אום זיך צו קענען צונויפרעדען מיט דעם פאָלק, צווישען וועלכען ער לעבט.

ערשט אין די לעצטע 25 יאָהר, ווען עס האָט אָנגעהויבען שפּראָצען ביי יודען אַ נאַציאָנאַלעס געפיהל, איז די שפּראַך־פראַגע גע־

וואָרען ביי אונז אַ ברענענדיגע פראַגע, אַנ'אָפּענער וואונד פון קראַנקען יודישען אָרגאַניזם. כאָטש אַלע טהעאָרעטיקער פון נאַציאָנאַליזמוס ביי יודען האָבען זעהר קלוג בעוויזען, אַז אַ פאָלק אָהן אַ טעריטאָריע, אָהן אַ שפּראַך, אָהן וואָס עס איז פאַר אַנ'אויטאָנאָמיע הערט נישט אויף צו זיין אַ פאָלק, — פונדעסטוועגען האָט מען אינסטינקטיוו געפיהלט, אַז די עקסיסטענץ פון אַזאַ מין פאָלק—אַ מין פּיינקוכען אָהן פוטער און אייער—קען נישט האָבען לאַנג קיין קיום. און צוגלייך מיט דער שטרעבונג צו אַ טערי־טאָריע האָט מען אָנגעהויבען בענקען נאָך אַנ'אייגענער שפּראַך. און אַזוי ווי ביי אונז אָרימע יודען איז שטענדיג דאָ אַזאַ מאָדנע עשירות, וואָס פערמאָגען נישט אפילו די רייכסטע נאַציאָנען — האָבען מיר פלוצים ענטדעקט ביי אונז צוויי שפּראַכען: יודיש און העברעאיש, איינע — וואָס לעבט אין די ספרים, די צווייטע — אין מויל פון פאָלק. און באַלד האָבען זיך צווישען די יודישע נאַציאָנאַליסטען געבילדעט צוויי פּאַרטייען: העברע־אישיסטען און יודישיסטען.

שלום יעקב אַבראַמאָוויטש, וואָס איז נאָך דער גאַנצער ערציעהונג זיינער ווייט געוועזן פון די שפּראַכפאַנאַטיקער, האָט נישט ווילענדיג געשפּיעלט איינע פון די גרעסטע היסטאָרישע ראָלעס אין דעם דאָזיגען קאַמפּף. אַ דאַנק דעם וואָס ער האָט בעשאַפען דורך זיינע קינסטלערישע און פאָלקספּובליציסטישע ווערק אַ ליטעראַטור פאַר דעם אָרעמען יודיש, האָט ער איהם טמילאָ געגעבען אַ פעסטונג, הינטער וועלכער די יודישיס־טען פערפאַנצערען זיך, ווען דער שטומער העברעער מיט זיין שטאָלצער ליטעראַטור־שפּראַך פאַלט אָן אויף דעם לעבענדיגען יודיש, וואָס איז נישט בכח געוועזן צו שאַפען עפּעס אייביגעס, כאָטש אַ שטיקעל ליטע־ראַטור. דער יודישיסט פאָכט זיך דאַמאָלסט, ווי מיט אַ שטאַרקען כלי זיין, מיט ר' מענדעלעס נאָמען, און טייטעלט מיט די פינגער אויף אַ „פישקע דעם קרומען", אַ „ווינשפינגערל", אַ „מסעות בנימין השלישי", אַ „ר' שלמה בן חיים", אַ „קליאַטשע", וואָס זענען ביי איהם די סימ־באָלען פון עכטע קונסטווערק, פון טיערע פאָלקס־פּובליציסטיק, פון אַ פראַכטיגען הומאָר, פון אַ טיעפער סאַטירע, די סימבאָ'ען פון דעם יודישען גלות־לעבען נישט נאָר אין דער לעצטער צייט, נאָר אויך פון גלות־לעבען אין אַ משך פון הונדערטער יאָהרען, צייט דער גלות האָט אָנגענומען דעם פנים אין דעם הלוך פון דער פּויליש־ליטווישער וועלט און איהר נאַטור.

ר' מענדעלי, וואָס איז צייט די אַכציגער יאָהרען געוואָרען דער

רעפאָרמאַטאָר פון דער העברעאישער פּראָזע־שפּראַך און האָט אוועק־געלעגט אַזוי פיל גאונישע כּוחות אום זיך צוריקצוקעהרען צו דער שפּראַך, פון וועלכער ער האָט זיך מיט אַ דור פריהער מיט אַ כּיון אָבּ־געווענדט — איז נישט כּכח געווען אויסצומעקען די היסטאָרישע טהאַט־זאַכע, וואָס ער האָט איינמאָל פאַר אַלע מאָל בעשאַפען. ער האָט דעם זשאַרגאָן דערהויבען צו אַ הויכער מדרגה, ער האָט פאַר איהם אויס־געאַרבּייט אַ יחוס־בריעף פון אַ שפּראַך מיט אַלע רעכטען פון אַ נאַטיר־ליכער, פאָלקסטהימליכער שפּראַך. און אויך שפּעטער, ווען שלום יעקב אַבּראַמאָוויטש האָט דורכגעפיהרט די רעפאָרם פון דער העברעאישער שפּראַך — האָט ער עס נור צו פערדאַנקען דער טהאַטזאַכע, וואָס ער האָט צוזאַמענגעפּאָרט דעם גייסט פון דער זשאַרגאָן־שפּראַך אינאיינעם מיט דעם גייסט פון משנה־און מדרש־לשון. אַזוי ווי דער גערטנער פערפלאַנצט אַ יונג צווייגעל אין שטאַם פון אַן׳עלטערען בוים, אום צו בעקומען דערנאָך פרישע שפּראָצונגען, אַזוי האָט אַבּראַמאָוויטש פערפלאַנצט דעם יודישען גלות־גייסט אין אַלטען בוים פון משנה־גמרא־און מדרש־גייסט און בעקומען דאַדורך אַ נייע בעשעפעניש ווי אַ „בּסתר רעם" און אַזוי וו.

און ווען דער מאָדערנער העברעאיסט פיהרט אַ מלחמה מיט׳ן יודישיסטען, מוז ער נעבּעך הערען די טענה, אַז ווען נישט דער יודיש, וואָס האָט זיין יונג בּלוט איבּערגעגאָסען אין אַלטען העברעאיש, וואָלט שוין לאַנג פון לעצטען קיין זכר נישט געווען אין געוועהנליכען טעגליכען געבּרויך; אַז נאָר דעם קלאַסיקער און שעפּפער פון דער יודישער ליטעראַטור, ש. י. אַבּראַמאָוויטש, וואָס האָט געהאַפּט דעם שטייגער פון זשאַרגאָנישען גלות־יודען, וואָס האָט בּענוצט דעם גייסט פון פּשוטען וואָכענדיגען מאַסען־יודען — האָט דער היינטיגער העברעאיסט צו פער־דאַנקען, וואָס יודישע קינדער לייענען אַמאָל אַ העברעאיש קינדער־זשורנאַל, וואָס דאָס העברעאיש האָט אויפגעהערט צו זיין אַ „לשון־קודש", זונדערען אַ וואָכענדיגע שפּראַך מיט דעם גייסט פון מאַרק, פון פאָלק, פון דער מאַסע, מיט דעם גייסט פון פעראַכטעטען זשאַרגאָן.

אום צו בּעגרייפען די גרויסע איבּערקעהרעניש, וואָס ר׳ מענדעלי האָט געמאַכט מיט זיינע יודישע ביכער אין גייסט פון פאָלק, לאָמיר נעהמען די ווערטער פון ר׳ מענדעלי׳ן אַליין, ווען ער שילדערט אונז אַ יודיש קינד, וואָס האָט זיך אויפגעהאָדעוועט אויף ריינעם לשון־קודש. „שלמה׳לע נאָך אַ יונג קינד איז פערוואָגעלט אין מצרים, אין

די לענדער פון סיחון און עוג מלך הבשן און נבוכדנצר מלך בבל, דער קאָפּ ליענט איהם אין ים-סוף, אין דעם ים המלח, אין דעם טייך פרת, אין דעם ירדן. פאר איהם געפינען זיך מיני מענשען, מיט וועלכע מען דארף רעדען לשון-קודש, עפּעס נאָר תרגום, מען זיצט ביי זיי אין די געצעלטען, מען רייט אויף מויל־אייזלען און קעמלען, מען טרינקט פון אַ „לאָגעל", מען געהט באָרפיס און טראָגט נאָזבאַנדען אַלצדינג ווי דער שטייגער איז. אונזער נאַטור דאָ מיט איהרע געוועקס... געהער זיך מיט שלמה׳לען נישט אָן. וואָס מאַכט איהם אויס פעלדער מיט תבואה—קאָרען, רעטשקע, קאַרטאָפּלעס, פון וואַנען ער עסט אַ „קרופּניק" מיט ברויט אַלע טאָג? וואָס ווייס ער אַ סאָסנע, בערעזענע און דעמבענע בוימער? ער ווייס נאָר ביי זיך אין האַרצען: וויינגערטנער, טייטלען, פייגען, מילגרוימען און איילבערטען, פּימפּסענהאָלץ און באָקסען-בוימער. פון לעבעדיגע מיני בעשעפעניש ווייס ער אַ ווייזילטיר, אַ לינדענוואָרם און אַ פּיפערנאָטער, אַ לעמפּערט, אַ אינד, וואָס מהוט טהאָן געלוסטען אויף קוואַלען וואַסער, אַ שור-הבר און אַ טירקעלטויב. הכלל, שלמה׳לע איז נאָר אַ געבירטיגער דאָ און אַליין איז ער עפּעס ווי נים קיין היגער, לעבט ערגעץ דאָרט, דאָרט... זיין צייט איז — פערצייטען, און זיין וועלט איז אַ יענע, וואָס אַמאָל, דאָ איז ער אַ גר און דאָרט — אַנ׳אַלטגעזעסענער; ער קומט אַ היים נאָר אויף אַ ווייַלע, ווי אַ גאַסט אויף דער סטאַנציע, עסט אָב, נעכטיגט איבער — און מאַרש אַהין, ווייטער מאַקע אַהין". (ז. שלמה ר׳ חיים׳ס ז. 39) אַ דאַנק זיין „פישקען" און אַנדערע ווערק האָט ר׳ מענדעלי געמאַכט פון דעם נישט היגען, פון דעם גר אַ קאַבצאַנסקען תושב, אַ רעאַלען מענשען, וואָס לעבט שוין נישט מעהר אויף אַנ׳עולם התועה. דאַדורך וואָס ער האָט זיך בענוצט מיט דער שפּראַך פון לעבענדיגען כלל, האָט ער ווי מיט אַ כשוף פערטריעבען די פּיפּערנאָטערס און לינדענווערם, די פאַנטאַסטישע מטושטש׳ע בילדער, וואָס האָבען פאַר׳ן אויג פערשטעלט די לעבעדיגע רעאַלע וועלט. און שפּעטער, ווען צוליעב פערשיעדענע סבות האָט ער רחמנות בעקומען אויפ׳ן לשון-קודש, וואָס צוליעב זיין ראָמאַנטישען האַראַקטער האָט אויפגעהערט צו זיין אַ רעאַלע לעבענסקראַפט — האָט ער געזוכט ווי מיגליך אריינצוברענגען אין איהם די העויות, דעם ריטהמוס, דעם קניטש פון פּראָסטען יודיש, האָט ער נעפּרובט איהם נעבען דעם לעבענס-פולם פון היינטיגען יודען. דער לעזער, וואָס פערטיעפט זיך היינט אין אַ

„בעמק־הבכא“, (אַנ׳אויטאָריזירטע איבעראַרבײַטונג פון „ווינשפינגערל“ אין העברעאיש), פיהלט שוין נישט דאָס, וואָס אַ מאָל דער קלײנער שלמה׳לע, ווען ער האָט נישט דערקענט אַ דעמבּאָווען בוים, וואָס איז געוואַקסען נישט ווײט פון זײן חדר, און וואָס האָט גע׳חלומט ווענען אַ „צעדער אין לבנון“, וואָס זײן אויג האָט דאָס קײנמאָל נישט געזעהען און גאָר נישט געהאַט די מעגליכקײט צו זעהען.

זעלטען ווען אַ גאָטגעבענשטער טאַלענט האָט אַזוי בּעוויזען די קראַפט פון פעראַכטעטען גערערטען יודיש, ווי דער וואָס האָט יאָהרען לאַנג זיך אָבּגעגעבען צו דערפרישען, בּענײען און צו מאָדערניזירען דעם העברעאיש. קײן בּעסערען בּעווײז קען מען נישט בּרענגען פאַר די לעבּענדיגקײט און קראַפט פון דער פאָלקס־שפראַך, ווי די טהאַטזאַכע, אַז מען מוז זיך גראָבען אין זײן גײסט און אָבּצופרישען דעם אַלטען אָבּגעלעבּטען קערפער פון דער אַריסטאָקראַטישער אַלטער העבּרעאישער שפראַך.

מען דערצעהלט אַ מעשה אַז אום צו ראַטעווען אײנעם אַ פױבּסט פון אַלטערס־שוואַכקײט, וואָס האָט זיך געמוזט ענדיגען מיט׳ן טויט, האָבּען אַ פּאָר פראָסטע יונגע לײט געלאָזען איבּערגיסען זײער יונג בּלוט אין צוקנײטשטען אַלטען קערפער פון זקן. פון דער אָפּעראַציע זענען, געבּעך, די יונגע לײט גיך אַוועק פון דער וועלט, ווערהענד דער זקן איז אויפגעשטאַנען אַ געזונדער לעבּעדיגער פון בּעט. דאָס אײגענע האָט שלום יעקב אַבּראַמאָוויטש געטהאָן מיט דעם אַלטען לשון־קודש. דער חלוק איז נאָר דער, וואָס דער יודיש איז נישט דאָס בּלוט פון עטליכע יונגע לײט, זײן גײסט שטאַמט פון אַ גרויסען קבוץ און ער האָט אַ הונדערט־יאָהריגע היסטאָריע די אָפּעראַציע, וואָס אַבּראַמאָוויטש האָט געמאַכט, פערזשאַרגאָניזירענדיג דעם העבּרעאיש, האָט דעם יודיש נישט אָבּגעשוואַכט. אדרבה, ער האָט בּולט בּעוויזען, ווי נײטיג עס איז זײן קיום דאַמיט עס זאָל שטאַיען בּלוט אויף ווײטערדיגע אָפּעראַציעס.

---

## III.

עס וועט נישט זיין קיין גוזמא, ווען מיר וועלען זאָגען, אַז מיט אַבראַמאָוויטשען הויבט זיך אָן אין דער ליטעראַטור דאָס רעאַלע פערהעלטעניס פון יודען צו זיך אַליין. אָדער רעדענדיג מיט ר' מענדעלעס ווערטער: דער נישט היגער יוד, ווערט מיט אַמאָל אַ היגער. אין „מסעות בנימין השלישי" גיעט אונז אַבראַמאָוויטש אַ הומאָרפאָלען בילד פון דער גייסטיגער ענגשאַפט פון יודישען לעבען אין מיטען פון 19-טען יאָהרהונדערט. בנימין און זיין חבר סענדערל די יודענע — אַ מין דאָן קישאָט און סאַנחא-פאַנחא — ווייזען אונז די צוויי גענענגעזעצע פון דאַמאָלסדיגען יודישען לעבען, דעם אידעאַליסטען און דעם פראַקטישען. און ביידע שטעלען זיך אַרויס פאַר אונז אין זייער פינסטערער בלינדער גייסטיגער בענרענצטקייט. אין „פישקען" און „ווינשפינגערעל" ווייזט אונז ר' מענדעלע דעם יודען אין זיין גשמיות'דיגען און גייסטיגען לעבען. מיר זעהען דעם יודען ביי דער טאָרבע, ביי דער גרויסער יודישער טאָרבע, מיר זעהען איהם אין זיין קאַמפף פאַר אַנ'אָרעמע שטיקעל חיונה. און צו אונזער גרויסער פערוואונדערונג בעמערקען מיר, אַז אַלץ וואָס דער יוד טהוט אום זיך צו דערנעהרען, אַז זיין גאַנצעס מאַטעריעלעס לעבען איז אַזוי אָרעם, גייסטיג עלענד און טראָגט מעהר אויף זיך די סמנים פון אַ לעבען; אין דער אמת'ן איז דאָס אַ נארישער, בלינדער קאַמפף מיט די תאוות פון אַ מאָגען, וואָס איז „נישט גרעסער פון אַ כזית", וואָס איז איינגעשרומפען פון נישט עסען. אַלע יודישע עסקים האָבען עפּעס אַ טעם, ווי די באַוועלנע ציצה, וואָס זעהט זיך אַרויס פון אַ יודענס קאַפּטאַן. עס איז מעהר נישט ווי אַ זכר צו דעט אַמאָליגען תכלת. מיט די אַמאָליגע שענע פראַנזען פון אַ יודישען בגד האָט דאָס נישט מעהר צו טהאָן, חוץ דעם נאָמען ויינעם.

דאָס איינענע איז מיט דער יודישער רוחניות, וואָטש זי ניעט אַ גרויסע לינדערונג דעם יודישען קבוץ און בערוהיגט אָפט דעם צווועהטאָגטען יודען אין קלויז ביי אַ בלאַט גמרא, אָדער ביי אַ חוניש שטיקעל — דאָך האָט זי קיין שום שייכות נישט צו דעם לעבענדיגען קאָכענדיגען טאָג אַרום.

דאָס יודישע גייסטיגע לעבען איז אַזוי אָבגעריסען פון זיין מאַטעריעלען לעבען, ווי דאָס לעצטערע פון לעבען בכלל.

אין אבראַמאָוויטשעס וועלט איז דער יוד צוריסען אין מעהרערע שטיק און ער מאַכט אויף דעם בעאָבאַכטער דעם איינענעם איינדרוק, ווי מאַנכע ריעזען־שלאַנגען, וואָס מען האָט אָבגעהאַקט דעם קאָפּ פון לייב: סיי דאָס לייב מאַכט קאָנוואולסיווע בעוועגונגען, סיי דער קאָפּ שטעקט אַרויס זיין צונג און האַפּט זיך בייסען מיט זיינע גיפטיגע צייהן. דער יוד אין קלויז איז נאָר אַ האַלבער יוד; אויפ'ן מאַרק איז נאָר דער לייב זיינער. און אין ערגעץ איז ער נישט קיין גאַנצער, און אומעטום איז דאָס נאָר אַ זכר פון אַ לעבעדיגע בעשעפעניש.

מיט אבראַמאָוויטשען הויבט זיך אָן די גאַנצע פעראַכטונג צו אַ קבוץ, וואָס טראָגט זיך אַרום מיט דעם געדאַנקען, אַז דער אויבער־שטער אַליין האָט זיי אויסדערוועהלט צווישען אַלע פעלקער, און וואָס איז אין דער אמת'ן דער ערגסטער עקזעמפּלאַר אונטער די פעלקער, וואָס לעבט שטענדיג אַ האַלבען לעבען, וואָס שלעפּט־נאָך נאָך זיך אַ טויטען גוף, און טראָגט אויף זיך אַ מוח פון אַ פערחלום'טען נישט היגען מענשען.

אַ דאַנק ר' מענדעלי'ס רעאַליזם האָט דער יוד זיך דערפיהלט אַלס אַ בריה, וואָס איז דורך און דורך נישט צוגעפּאַסט צום לעבען, האָט זיך אָנגעהויבען אַ קלערערעס קריטישעס פערהעלטנים צו זיך אַליין, אַלס צו אַ קינד פון אַ פאָלק, וואָס פאָדערט נייע אידעאַלען אום אויפגעבויט צו ווערען.

שלום יעקב אַבראַמאָוויטש, וואָס איז אַ קינד פון דער השכלה־עפּאָכע, וועלכע האָט צוערשט אָנגעהויבען רעאַל צו דענקען, האָט טיעפער בענומען די אידעען פון זיין עפּאָכע, אַלס אַלע אַנדערע פון זיינע צייט־חברים. אין דער צייט, ווען די מייסטע פון דער עפּאָכע האָבען זיך נאָר בעגענוגענט מיט אַנ'אָבערפלעכליכער קריטיק — האָט ער גענוי־מען פאַנאַנדערצוגליעדערען דעם גרויסען יודישען קבוץ, די הויפּט־סבה פון אַלע יודישע נישט־נאָרמאַליטעטען. און ווען מיר ווילען פעראייניגען די רינגען פון אונזער היינטיגער צייט מיט דער צייט פון דער השכלה־עפּאָכע — מוזען מיר זיך צוערשט פעראייניגען מיט אבראַמאָוויטשען, וועלכער איז דער נאַטירליכער איבערגאַנג פון היינט צום אַמאָל. אין ווען מען נעהמט אין בעטראַכט די הויפּט־מעלה פון ר' מענדעלעס שאַפען, וואָס איז דער קרוין פון זיינע ווערק — דענמאָלסט ווערט אונז נאָך דאָס אַ סך קלערער.

די הויפּט־מעלה פון אַבראַמאָוויטשען בעשטעהט אין דער פּאַנ־

מאָזיע צו זעהען אין איטליכען פרט דעם כלל, און איינצעלנעם דאָס אלגעמיינע און אזוי דאָס קונציג צו מאָלען, אז אוים יעדעם פרט שיינט ארוים דער כלל. און דאָס קאָנען נאָר די, וואָס זעהען דאָס לעבען סינטעטיש, ביי וועמען דער שטראָם פון מענשליכען קיום צופאַלט נישט אין איינצעלנע טראָפּענס. נור די נשמה, וואָס טובל'ט זיך אין אַ ברייטערען לעבען, ווי דאָס אייגענע פּערזענליכע, וואָס זעהט די וועלט נישט דורך די שפּאַקולען פון אייגענעם ענג-עגאָאיסטישען בליק, איז בכח צו זעהען און צו פיהלען שטענדיג דעם גרויסען כלל, די אלגעמיינע נשמה פון אַ קבוץ. און ביי ווענינגען פאָר און נאָך אבראַמאָוויטש'ן געפינען מיר אזאַ ברייטען סינטעטישען קוק אויפ'ן יודישען לעבען.

---

## IV.

צייט שלום יעקב אבראַמאָוויטש האָט אָנגעהויבען שאַפען, זענען אַוועק 50 יאָהר. און חאָטש דאָס יודישע לעבען האָט זיך אין דער צייט געענדערט אַ ביסעל, דענאָך האָט עס נישט אוספּעיעט איינגאַנצען אויסצומעקען די גרונדציגע פון יודישען לעבען. נאָך עד היום זעהען מיר פאַר זיך די וואָכענדיגע קדושה אין יורענם לעבען, ווי ר' מענדעלע האָט אונז זי געשילדערט אין זיינע פערשיערענע ווערק, ד. ה. דער גענענזאַץ פון גייסטיגען און מאַטעריעלען לעבען אין אונז און דער כח זיי צוזאַמענצומישען, אָבער זיי נישט צו פעראייניגען. נישט אויסגעמעקט איז נאָך פון דער צייט די גרימאַסע, די העויות פון דער יודישער גאַס, ווי ס'האָט זיי געזעהען ר' מענדעלע אויף די ירידען און אויף יודישע אַסיפות און אַז. וו. שלום-עליכם, וואָס רופט זיך אַליין אָן „דער ליטעראַרישער אייניקעל פון ר' מענדעלי", האָט 25 יאָהר נאָכאַנאַנד — ווייטער ענטוויקעלט און פערברייטערט דאָס בילד, וואָס אַבראַמאָוויטש האָט איהם אָנגעצייכענט. מנחם-מענדעל פון יהופיץ, וואָס איז אַזוי נאָהענט צו אונזער צייט, איז אַ לייבליכער קריב סיי פון ר' אלטער'ן סיי פון פישקען סיי אפילו פון ר' מענדעלען אַליין. אין די קליינע שטעדטלעך, אפילו אין אַ „שטעדטעלי" פון אַש, לעבען נאָך היינט די אייגענע געמיטה'ס-שטימונגען, וואָס אַמאָל אין קאַבצאַנסק.

אַלס בעסטער בעווייז קען דינען טאַקע „דאָס שטעדטעל" פון אַש, וואו מאַנכע ימים־נוראים־מאָטיוון זענען מיט אַנדערע ווערטער נאָר איבער־גע'חזר'ט געוואָרען, וואָס אבראַמאָוויטש האָט שוין געשילדערט אין זיין „ווינשפינגערל".

ר' מענדעלי, נישט קוקענדיג אויף די 50 יאָהר, איז אַיינגעדרונגען אין אונזערע נייעסטע ליטעראַטור אומעטום, זיין איינפלוס, זיינע שפורען געפינען מיר ביי די עלטערע, ווי ביי די יונגסטע פון די יונגסטע. מען דאַרף נישט זיין קיין טיעפער קענער, אום דאָס צו חאַפּען אויפ'ן ער־שטען בליק. נאָך עד היום לעבען אונזערע יונגע מיט דעם פּסיכאָלאָ־גישען סינטעז, וואָס ר' מענדעלי האָט זיך געמאַכט מכּח דער יודישער מאַסע. און אַזוי ווי דאָס נייע לעבען האָט נאָך נישט בעשאַפען, נאָך דער אַלגעמיינער צורים־ענקייט. אַ נייעם כּללישען יודישען פּנים, האָבען מיר דערווייל קיין אַנדער סינטעז, חוץ דעם וואָס עס האָט אונז געגעבען אַבראַמאָוויטש.

דאָס אַלץ איז נויטהיג צו דערמאָהנען דעם לעזער, ווען ער נעהמט צו, צו דער יובילעאום־אויסגאַבע פון ר' מענדעלי'ן. וואָס טיעפער ער וועט שטודירען די נייע אויסגעבעסערטע און פאָלשטענדיגע אויסגאַבע, אַלץ טיעפער וועט ער דערפיהלען, דאָס אַבראַמאָוויטש, נישט קוקענ־דיג אויף דעם, וואָס ער שרייבט שוין 2 דורות, איז איינער פון די, וואָס שטעהען אונז אַם נאָהענטסטען פון אַלע יונגע. וויל מען בעקומען אַ טיעפערען בעגריף פון יודישען קבוץ, מוז מען געהען צו די וואור־צעלען פון יעדען קבוץ. אין ערגעץ זענען אָבער די וואָרצלען נישט אַזוי נאַקעט אַרויסגעשטעלט פאַר אונזערע בליקען, ווי אין די ווערק פון אבראַמאָוויטש.

אין ים פון יודישען לעבען איז ר' מענדעלי די העכסטע פיגור. ווילען מיר מעסטען די וויטקייט אונזערע, קוקען מיר זיך איין אויף איהם. ווילען מיר וויסען, ווי וויט מיר זענען געגאַנגען פאָרויס, וואַרפען מיר אונזער בליק אויפ'ן „זיידען", און ווילען מיר גענויער בע־גרייפען דעם פּנים פון היינטיגען יודישען לעבען, קוקען מיר זיך גענוי צו צו די העוויות פון ר' מענדעלי'ן.

און בעת אַנדערע האָבען שוין מיטעלערע וועלען פערגאָסען, שטעהט ער נאָך אַלץ אַ קאָפּ העכער פאַר אַלע זיינע יאָהר־חברים אין

טאַלענט, ער איז דער שפּיץ טהורם, נאָך וועלכען מיר מעסטען די
טיילען פון אונזער גלות־רייזע. נישט איטליכען איז בּעשטימט צו זיין א
מאַסשטאַב פאַר די וויטערע ענטוויקלונג פון א פאָלק.

פאַר דעם טיעפערען לעזער איז שלום יעקב אַבּראַמאָוויטש אונ־
זערער זיכערסטער מאַסשטאַב.

בּעל מחשבות.

# שלום יעקב אבראמאוויטש.

## (פון א רעפעראט צו זיין 75-יעהריגען יובילויי)

... אבראמאוויטשעס ליטעראַרישער נאָמען — מ ע נ ד ע ל י מ ו כ ר ס פ ר י ם — איז אליין אַ ווערק, אַ געשטאַלט, אַ איבערגאַנגס-טיפּ פון אַ איבערגאַנגס-צייט. מיט אַ סך געזיכטער און מיט איין שמיי-כעל אויף זיי אלעמען. מיט איין רוהיגען, איינגעהאַלטענעם, כמעט פערגליווערטען און דאָך לעבעדיגען שמייכעל. אַ לעבעדיגע עראינערונג פון אַ געשטאָרבענער עפּאָכע. מענדעלי האָט זי אָבגעוואַשען, אָנגעטהון אין בגדים פון איין פאַרב און איין שטיק און בעהאַלטען לזכרון פאַר די קומענדיגע דורות...

דאָס יודישע לעבען איז ניט געשטאַנען אויף איין אָרט; ס'האָט דורכגעמאַכט פאַר דער צייט פערשיעדענע פעריאָדען, „עפּאָכען“. אויף יעדע פון זיי האָט זיך מענדעלי אָבגערופען, זיך אָבגערופען אויף זיין אייגענעם שטייגער; יעדע פון זיי האָט ער בעלייט מיט זיין איראָנישען, ניט גאַנץ אָפענעם בליק, מיט זיין אַמאָל בייזען, אַמאָל מילדען, אָבער שטענדיג אונפערטרייליכען שמייכעל... דאָך איז דער שרש מענדעלי'ס שטעקען געבליבען אין דער פריהערדיגער עפּאָכע, אין דער עפּאָכע, וואָס אָנגעהויבען האָט זי זיך פאַר איהם און וואָס ער האָט דאָך איינ-געקריצט אין איהר זיין נאָמען, אריינגעשריבען אין איהר זיינעם אַנ'-אייגענעם קאַפּיטעל. דאָס איז די תקופה, ווען איין מענש מיט אַ שאַרף אויג האָט געקענט שוין זעהען, אַז די השכלה האָט צוויי פּנים'ער: איינס אַ י ו ד י ש ל י כ ע ס „באהליך“, אין דער היים, אויף די שאַל-קעס און אין דער ווייבערשער שול, וואו מען איז געזעסען בעהאַלטע-

נערהייט, מיט מסירת־נפש און מיט דער הנאה, וואָס מ'האָט פון אַ זאַך, וואָס מען טאָר ניט, און געלערנט דקדוק און דייטשען אלף־בית, און געקוויקט זיך מיט די „קורצע שורה'לעך", און נעקאָכט זיך וועגען דער „טאַקסע" און וועגען דעם רב, וואָס וויל ניט מתיר מאַכען „קטניות בפסח", — און דאָס צווייטע געזיכט — אַ דייטשעס — „בצאתך", אין דער פרעמד, אין „דער גרויסער וועלט", וואוהין דער משכיל, דער פריהערדיגער אידעאַליסט און יודישער פאַטריאָט, פלעגט אַוועקגעהען, בעקומענדיג אַ דיפּלאָם, אַ הכשר אויף אַראָפּוואַרפען פון זיך דעם יאָך פון דער אַלטער, בית המדרש'דיגער יודישקייט. מען האָט שוין געקאָנט, זאָג איך, זעהען דאַמאָלס, אַז אויפ'ן עץ הדעת פון דער השכלה וואַקסען, אַ חוץ גן־עדן־עפּעלעך, אויך אַנדערע, ניט אַזוינע געשמאַקע. מענדעלי האָט עס געזעהען. מיט די פינגער האָט ער גע־טייט אויף דעם, וואָס איז פאַר אַנדערע נאָך בעדעקט געוועזען מיט אַ שלייער. דער פערדינסט — און די פּראָבלעם — פון אַ מענשען, וואָס איז מעהר ווידער אַנ'עכא פון זיין צייט — בעשטעהט דערין, וואָס, זייענדיג אַליין פערבלענדעט פון דער צייט, צו וועלכער ער געהערט, עפענט ער איהר דאָך די אויגען. געוויס האָט מענדעלי ביי זיין צייט גענומען אַ סך, ער האָט איהר אָבער גענעבען מעהר, וויפיעל ער האָט גענומען. די סמנים, וואָס די השכלה־צייט האָט אויף איהם איבערגע־לאָזען, זענען ריין־אייסערליכסטע. אינערליך האָט די השכלה אויף מענדעלען שפעטער אַ פערקעהרטע ווירקונג געהאַט: זי האָט איהם גע־טריבען צו ווערען אוים משכיל, אריינצוברענגען אין דער יודישער ליטעראַטור טענדענצען, וואָס דעם טיפּישען משכיל זענען זיי פרעמד׳ דער טיפּישער משכיל — ווי בכלל יעדער טיפּישער אָנהויבער פון אַ נייער עפּאָכע -- איז נאַאיוו; ער רעדט, דאַכט זיך, וועגען שכל הישר און אַליין איז ער אַ ראָמאַנטיקער, און דער קאָפּ איז ביי איהם אָנגעשטאָפּט מיט פאַנטאַזיעס; ער האָט ליעב מליצה, ד. ה. זיסע און שענע — און ס'מאַכט ניט אוים, ווען פוסטע — רייד; פון קלאָרע דבורים האַלט ער נישט, ער קעהרט זיך אָב פון זיי מיט פעראַכטונג; קלאָר איז אין זיינע אויגען נאָר דאָס קומענדיגע, דאָס געווינשטע, אינ'ם היינט זעהט ער שאָטענס און הערט נאָר דאָס פלינעל־גערויש פון די פלעדערמייז אין דער דונקעלער לופט, — פרטים געהען איהם נישט אָן.... קורץ, ער האָט אַ שם פאַר אַנ'אפיקורס — און אין דער ברוסט צאַפּעלט זיך ביי איהם, נעבעך, אַ גלויביג, אַ קינדיש האַרץ. מענדעלי איז דער היפך פו.

דעם, דער היפך פון קינדישקייט (אפשר דערפאַר האָט ער ליעב אַזוי די קינדהייט און נים איהר אָב זיינע האַרציגסטע שורות). מענדעלי איז דער היפוך פון ראָמאַנטיק, מענדעלי איז ניכטערקייט, קלאָרקייט, ער איז געבוירען געוואָרען מיט אַנ'אויג, וואָס זעהט דאָס קלענסטע, ער זעהט דאָס ווייטסטע, אפילו זיך אַליין זעהט ער גוט (ווי הויך דאַרף מען זיך שטעלען צו זעהען זיך!), ער איז אַנ'אַנאַליטיקער, ער איז די פערקערפערטע פקחות. ווען ער מאַכט זיך תמעוואַטע, איז די פקחות נאָך קענטיגער. פון אַלע יודישע שרייבער איז ער דער געניטסטער אין לעבענס-זאַכען, ווען ער רעדט מליצה, איז עס מעהר נים ווי מליצה, לשון, סטיליזאַציע, דער אינהאַלט איז שטענדיג ביי איהם אַנ'איינ-פאַכער, אַ רעאַלער.

מענדעלי איז נים קיין טיפישער משכיל, ער האָט געשאַפען אַ נייעם טיפּ משכיל. ער האָט געשאַפען מענדעלי'ן, אַ משכיל, וואָס בלייבט אינוועניג אין דער אידישער מאַסע, אַ משכיל אַ רעאַליסט, אַ משכיל אַ סקעפּטיקער, אַ הומאָריסט. (ס'אַראַ אונגעריכט צונויפפּאָרונג!) אין מענדעלי'ן זענען פאַרהאַן סתירות, ער זאָגט אַליין, אַז אין איהם זיצען צוויי מענדעליך; אַ קינסטלעריש, אַ פּסיכאָלאָגיש איז ער ווייט פון האַרמאָניע, אָבער וואו האָט איהר געזעהען אַ פערשטעלטען, וואָס זאָל זיין האַרמאָניש? און מענדעלי איז אַ פערשטעלטער. פערגעסט אָן די סתירות, וואָס אין איהם, וועט איהר זעהען יעדענפאַלס, אַז ס'איז אַ טיפּ, וואָס אין דער השכלה-ליטעראַטור, אַז איהר זאָלט איהם זוכען מיט ליכט, וועט איהר נישט געפינען. שוין די סתירות גופא, אויב איהר ווילט, איז אַ נייס. אין דער השכלה-ליטעראַטור זענען נישטאָ קיין מענשען מיט סתירות, דאָרט איז נימאָ קיין קאָמפּליצירטהייט, די מענשען זענען דאָרט אָנגעצווינגען אַזוי ווי אויף שנירלעך, דאָ אַזאַ סאָרט שנירעל, דאָ — אַנ'אַנדערער; אינמיטען מישט זיך אַריין אַ מאָל דער צבוע'ק, אָבער צביעות איז נישט קיין אינוועניגסטע סתירה. מענדעלי האָט אַריינגעבראַכט אין דער אידישער ליטעראַטור די אינוועניגסטע סתירה, דעם אינוועניגסטען קאַמפּף, ער איז געקומען מיט ספקות, וועלכע האָבען זיך דעם משכיל נישט געחלום'ט אפילו — — —

אויסוועניגסטע סמנים האָט דאָך דער משכיל, ווי איך האָב געזאָגט, איבערגעלאָזען אויף מענדעלי'ס שאַפען. אויסערליך האָט מענדעלי פיינד זיך אָבצושיידען פונ'ם כלל. צווישען דעם פרומען פאַר-ציימיגען עולם איז ער אַ פרומער און אַ פאַרצייטיגער, צווישען משכילים—

אַ משכּיל. ער איז „אַ זהון, אַ אַהער", עהנליך צו יאַקאָבזאָהן אין׳ם „קליינמענשעלע". דאָס זענען די ער איינצעלהייטען, קלייניקייטען, נישט מעהר. פון די איינצעלהייטען און קלייניקייטען, וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר דער צייט, אין וועלכער ער לעבט, איז זיך שווערער אַמאָל צו בעפרייען, ווי פון אירע גרונד־יסודות.

ווילען מיר אָבער אויפזוכען די גרונד־יסודות פון מענדעלי׳ס שאַפען, מוזען מיר זיך ווענדען ניט ספּעציעל צו דער השכלה, נאָר בכלל צו דער סביבה אין וועלכער מענדעלי איז אויסגעוואַקסען: די השכלה איז נאָר איינע פון די קרעפטען, וואָס האָבען געווירקט אין דער סביבה. אמת, זי האָט רעגירט אויף אַלע כחות, אויף אַלע עלעמענטען פון דעם גייסטיגען לעבען, און אַז מען רעדט וועגען איהר, רעדט מען וועגען אַ גאַנצען פאַרהאַלטען זיך צו אַלע קרעפטען, צו אַלע עלעמענטען פון דער יודישער סביבה; מענדעלי איז אָבער צו נאָהענט צום לעבען, ער זאָל עס גענומען פון אַ צווייטער האַנד; געוויס האָט ער זיין תורה געשעפּט פון ערשטען מקור, און מען דאַרף זיך דעריבער ווענדען ניט צו דער השכלה, וואָס איז מעהר ניט, ווי אַ אידעאָלאָגישע אָבשפּיגלונג פון לעבען, נאָר צום לעבען זעלבסט.

אין דאָס לעבען פון יענער צייט פיהרט אונז אַריין די יונגער־ביאָגראַפיע אַבראַמאָוויטשעס.

זי דערנעהענט אונז, אגב, ניט נאָר צום אויסווייניגסטען, סביבה׳שען, נאָר אויך צום מעהר אינטימען — פערזענליכען קוואַל פון מענדעלי׳ס שאַפען.

אין מענדעלי׳ס ליטעראַרישען שאַפען איז פאַראַן אַסך אויטאָ־ביאָגראַפישעס; דער דיכטער און — אין קינסטלערישען זין — בעסטער טייל פון מענדעלי׳ס ווערק איז אָנגעזעטיגט ניט אַזוי פון קינסטלערישער פאַנטאַזיע, ווי פון [illegible]שער עראינערונג. קיינער פון די יודישע שרייבער איז ניט נאָהענט אַזוי צום טיפּ פון מעמוארען־שרייבער, ווי מענדעלי, קיינער פון זיי האָט אַזוי פיעל ניט אויסגענוצט זיינע אויסווייניגסטע פערזענליכע ערפאַהרונגען ווי ער. און קיינער, דוכט מיר, האָט נאָר ניט געהאַט אַזוי פיעל אויסווייניגסטע־און דערצו נאָך אַזוינע ריין יודישע־ערפאַהרונגען; יעדענפאַלס האָט זיי קיינער ניט פערווענדעט אַזוי קינסטלעריש־בעוואוסטזיניג, ווי מענדעלי. איינס פון די לעצטע ווערק זיינע, שלמה ר׳ חיים׳ס, אַ בילד פון יודישען לעבען אין דער ליטאָ, (1898) — האָט ער לכתחילה געשריבען אָנ־שטאָט אַנ׳אויטאָביאָגראַפיע

שלמה ר׳ חיים׳ס — דאָס איז שלום יעקב בן חיים
משה אַבראַמאָוויטש. קאַפּוליע (Копыль) מינסקער גוב. סלוצקער
אויעזד — דאָס שטעדטיל, וואו ער איז אין 1835 געבוירען געוואָרען,
איז אַ טיפּיש ליטוויש שטעדטיל. עס געהערט צו אַ פּריץ. אַז ס׳איז
פאַרהאַן אַ פּריץ, זענען פאַרהאַן מעשיות, לעגענדעס וועגען פּריץ.
פאַרהאַן יודען מקורבים דעם פּריצ׳ס, אַיינגעהער אין „הויף״. דער
פּריץ נעמט ציגזען בײַ שטעדטיל. דער פּריץ מאַכט גזרות אויף יודען,
טוט חסדים מיט יודען... און די בענעמונגען פון שטעדטיל צום
„הויף״ שפּיגלען זיך אָב, ווי אין אַ טראָפּען וואַסער די זון, די בענע=
מונגען פונ׳ם גאָטא צו דער וועלט. אויפ׳ן קאַפּוליער תושב ווירקט נישט נאָר
די צוציהונגס=קראַפט פון „קהל״, פון גאָטא, נאָר אויך די אָבשטויסונגס=
קראַפט פון „הויף״, פון דער פרעמדער אַרומיגער וועלט. און הינטער
קאַפּוליע לאָזט זיך אַראָב דער הימעל אויף דער ערד, יערענפאַלס
לאָזט זיך אַראָב אַ שלייער אַ געדיכטער, און מען זעהט דורך איהם
נעפּעלדיגע פאַנטאַסטישע געשטאַלטען: די הרי=חשך, די מדבריות מיט
די עקדישען, סמבטיון מיט די רויטע יודעלעך... ליטעראַטור, וואָס
איהר מקור זענען זכרונות פון קאַפּוליע, דאַרף האָבען — און זי האָט
טאַקי בײַ מענדעלי׳ן — אַנ׳אייגענאַרטיגע, ניט נאָר קיין געוועהנליכע
פאַרב; בײַ מענשען, וואָס קומען פון דער וועלט, פון „איראָפּע״, קאָן
זי אַמאָל ניט גאָר נושא חן זיין. אַנ׳אמת׳ער יוד אָבער זוכט ניט קיין
כבוד בײַ דער „וועלט״, ער האַלט זי ניט פאַר קיין מבינ׳טע...

אַזוי=צו=אַזוי, קאַפּוליע איז אַנ׳אַיינגעפונדעוועט, יחוס׳דיג שטעד=
טיל, מיט אַנ׳אַלטען בית=עולם, מיט פּנקס׳ן, נאָך פון פאַר דער ער=
שטער שרפה... אַ שכן האָט זי — אַ באַרג, מ׳רופט איהם „שלאָס״.
אַ סברה, אַז אַמאָל, נאָך פאַרצייטען, זענען געזעסען דאָרט פירסטען
ליטווישע, האָבען געלעבט אַ פירסטליך לעבען, און זיי איז אַוודאי אויף
זינען ניט אַרויף, אַז ווען עס איז וועלען יודישע קינדער, חדר=יונגלעך,
קונדסים מיט פערשמירטע פּנים׳לעך, זיך שפּילען דאָ אין ניט שבת און
יום=טוב און בין־הזמנים *)... און אַלטע יודען און יודענעס וועלען
האָבען, וואָס צו דערצעהלען... און אויף די פירזבעס זומער און אין די

*) „Изъ Николаевской эпохи“. Воспоминанія И. А Паперны. Пережитое II.

לאַנגע, אומעטיגע ווינטערדיגע אָוועגדען נעבען גרויסען אויווען, בײ׳ם „לומשניק״, און אונטער׳ן אויווען אין שול, און אויף דער אויבערסטער באַנק, אין באָד, להבדיל, האָט מען ניט געשוויגען: שלום יעקב אַבראַמאָוויטש האָט זיך בערג מיט מעשיות אָנגעהערט. מעשיות פון רוכס׳ן און פון מכשפים און פון גלחים און פון משומדים און פון „בער־לינער״ און פון נאַפּאָלעאָנען און פון תוגר און פון ניט גוטע און פון שפּרעכערס און טאַטערס... אַגב, די טאַטערס האָבען געוואוינט טאַקע גופא אין קאַפּוליע, אין דער גוישער גאַס; פערשטעהט זיך — ערלים; פאַר שטעדטעלדיגע, פאַר אײגענע האָט זײ קײנער נישט געהאַלטען. אין זײער גאַס, אז מען פלעגט געהען, פלעגט מען נעמען אַ שטעקען, און מיט אַ שטעקען איז מען אויך ניט גאָר זיכער געווען. דאָך פלעגט דער קלײנער ר׳ מענדעלי זײ זעהען אי אין דער הײם שבת, ווען דער ערל פלעגט די לײכטער אַראָבנעהמען און די ערל׳טע — די ציג אויסמעלקען; אי אין שול, וואו ער, דער שבת־גוי, פלעגט לע־שען די ליכט, אי אין מאַרק אויפ׳ן יריד, אי אויפ׳ן וועג, וואָס פיהרט אין וואַלד, וואוהין דער היטציגער אומרוהיגער שלום יעקב פלעגט זיך פערקלײבען אַ מאָל. און די אַלע שטעדטישע אָדער דאָרפישע גאַוורי־לע׳ס און מיקיטע׳ס, וואָס זענען צווײט איבער מענדעלי׳ס ווערק און זענען געמאָלט אַזוי ווארהאַפטיג און מיט אַזאַ הומאָר; — די אַלע שבת־גוים און אַזוי גוים, שפּרעכערינס, סײ די, וואָס זענען מבין, און סײ די, וואָס זענען ניט מבין בלשון, — זײ אַלע האָבען נים אײנמאָל שבת זיך מיט קאַפּוליער חלה געקוויקט און פערביסען בײ אַ קאַפּוליער שענקער אָהן אַ פּאַטענט. גלײך פון שטעדטיל אָדער פון דאָרף, פּרישע, לעבעדיגע, ווילדע און גוטמוטיגע, אַזוינע פּרעמדע און דאָך נאָהענטע — האָט זײ מענדעלי אין דער ליטעראַטור אַרײנ־געבראַכט.

אָבער וויכטיגער איז דאָס, וואָס קאַפּוליע האָט מענדעלי׳ן געגעבען שטאָף פאַר זײנע יודישע פאַרשוינען, פאַר זײנע קהל׳ס־לײט, זײנע גבירים און קבצנים, קאָכלעפלעך און טעלערלעקער און בטלנים שדכנים, מלמדים, מקבלים מחברים, קלײנע מענשעלעך; פאַר זײנע יודינעס און „קלײנע יודעלעך״, — כל הקהל הקדוש הזה, די גאַנצע הײליגע, אָרימע, געליבטע און געהאַסטע עדה.

אין קאַפּוליע זענען געווען אַלע אינסטיטוציעס און חברות, אָהן וועלכע אַ קהלה איז קײן קהלה ניט: אַ שולהויף מיט קלויזען מיט אַ

תלמוד־תורה, מיט א קהלס־שטיבעל, מיט א הקדש, מיט א חברה־קדישא, מיט א טאקסע, מיט א באָד, להבדיל, מיט רבנים, דיינים, חזנים, גבאים, כלי־קודש, רופאים, באנקעס־שטעלער, בעל מופתים, אָבשפרעכער, מיט א „מסור" אפילו. אין קאפוליע האָט דער קינפטינער פאָלקסדיכטער אָנגענומען זיך מיט איינדרוקען און געשטאלטען פונ'ם קהל'שען און שטובינגען לעבען אין יענער צייט.

קאפוליע איז אָבער נים נאָר א מוסטער־שטאָדט געוועזן פון יודי־שע „פאראָנדקעס", פון יודישע פרנסות, פון יודישען דלות; קאפוליע איז אויך געווען א מקום־תורה „איין אָרט פון תורה פון אייבינע יאָהרען, וואו די איינוואוינער זענען כמעט אלע לומדים, וואו דער בית־המדרש, דער קלויז איז פול מיט בעלי הבתים און בעלי הבית'לעך, וואָס זיטצען און לערנען, אויך מיט ישיבה־בחורים, פרושים פון דער פרעמד, וואָס פערלאָזען ווייב און קינד, קנייטשען די גמרא און עסען טעג; וואו אלע פארנאכט בין מנחה למעריב, פערקלייבען זיך ארום בעזונדערע טישען בעלי־מלאָכות און נאָך אנדערע פונ'ם עולם, צו הערען א גוט וואָרט פון די פירזאָגער דאָרט — ביי איין טיש — מדרש, ביים צווייטען — „עין יעקב", ביי'ם דריטען — פסוק, ביי'ם פיערטען — חובות הלבבות וכדומה אזעלכע חקירה־און מוסר־ספרים; וואו שבת און יום טוב ווערט פון בעלעמער נעבען אָרון־קודש געזאָגט פלאמענדיגע דרשות, וואָס ציג־דען אָן דאָס הארץ פון די כנסת ישראל מיט היילינע ליעבע צו דער שכינה, וואָס זענען געווירצט מיט טרייסט־ווערטער פון די נביאים, מיט משלים, קלוגע, שארפע, גלייכווערטלעך פון די חכמים, מיט א קול, מיט א נינון, וואָס דערקוויקט, צונעהט זיך אין אלע אברים"*)...

אין איינער פון די דאָזיגע שולען האָט געלעבט יונגלוויז אויך שלום יעקב. דאָ, אינ'ם „בית היוצר לנשמת האומה", האָט ער אריינגעזייגען אין זיך דעם פאָלקס־גייסט און טראדיציע, דאָ האָט ער די קליאטשע, די כנסת ישראל, אין דער געשטאלט פון א פרינץ געזעהען, דאָ האָט ער געלעבט א לעבען פול רוחניות, א לעבען, וואָס האָט קיין שייכות נים צו דער ווירקליכקייט און צום חשך און צום דלות פון דער וויר־ליכקייט... בעת ער איז אריינגעטהון געווען אין חומש, איז ער ארומגע־רינגעלט געווען מיט „וויינגערטנער, טייטלען, פיינען, טילגרוזימען און

---

*) שלמה ר' חיים'ס.

אילבערמען, פימסע:האַלץ און בוקסענבוימער". פון לעבעדיגע מיני בעש שעפעניש האָט ער געוואוסט: אַ ווייזילטיער, אַ לינדרענוואָרם און אַ פיפער־נאָטער, אַ לעמפּערט, אַ אינד, וואָס טוט מאָן גלוסטען אויף קוואַלען וואַסער, אַ שור הבר און אַ טירקעלטויב *). ער איז אויסענגעווען אין אַרם נהרים, אין כנען, אין מצרים, אין פרס ומדי, אין שושן הבירה דאָרט און נאָך אין מדינות, פון הודו ביז כוש, אויך אין דער וויסטע־ניש און מדבריות אין אָנגעזעהען זיך, אָנגעהערט זיך דאָרט זעהר פיעל וואונדערליכע זאַכען **). דער תלמוד, דער פאַרצייטיגער ריעז, „דער עוג מלך הבשן פון דער וועלט־ליטעראַטור", ווי מענדעלי רופט איהם אָן אין זיין אויטאָביאָגראַפיע, דער תלמוד איז אין זיינע אויגען עפּיס אַ יריד אויפ'ן הימעל, עפּיס קויפט מען און מען פערקויפט און מען בייט, און מען שרייט און מען דין־תורה'ט זיך... דער תנא־קמא און אַנדערע וואונדערליכע אונבעקאַנטע נעמען האָבען אָבגעלעבט אין זיין פאַנטאַזיע, געקראָגען פלייש און בלוט... מיט פערגעניגען און ענטציקונג האָט ער אויסגעשפּאַצירט אינ'ם „ברייטען און ווילדען פעלד" פון די אגדתות, וואו דער הימעל לאָזט זיך אַראָב אויף דער ערד און די ערד ווערט פער־הימעלט *), די אגדה האָט געשפּייזט די פאַנטאַזיע, דער פלפול — דעם מוח; ווי עס ווייזט, האָט ער מעהר פעולה געהאַט, ווי די פאַנ־טאַזיע, און דער שפּעטערדיגער „יודישסטער יוד" („יהודי היהודים") איז, ווי אַלע זיינע חברים, יונגעלוויז שוין „אַ קליין יודעלע" געווען. אויפ'ן נאָס שפּיעלט ער זיך, שטיפט, בטבע איז ער אַ קאָבינגער, אַ היפּבלוטיגער, „אַ יונגעל מיט ביינער", אָבער אין חדר צי אין קלויז בי דער גמרא, — דאָ ווייזט זיך אַרויס אין איהם די רוהיגקייט און מיושבדינקייט פון שפּעטערדיגען תלמיד חכם. „לערנט ער, איז געלערנט, ער איז מיט דעם גאַנצען קאָפּ אַריינגעטאָן אין לערנען"... פיער אַזוי־גער פאַרטאָג ווינטער, אַלע שלאָפען נאָך, וועקט איהם דער טאַטע — אינגאַנצען איז ער אַלט דאַן אַ יאָהר עלף — אין שול געהען לערנען אַ בלאַט גמרא. אַזוי ווי אַלע יורען אמאָל, האָט אויך ר' חיים משה, אַבראַמאָוויטשעס פאָטער, געזועהען איבערגעבען דעם זוהן די ירושה פון די עלטערן, די הייליגע תורה, ער זאָל זיין בעוואָפענט גייסטיג און קאָנען דינען, ווי פּייערבערג רופט עס, אין גאָטס גוואַרדיע.

*) שלמה ר' חיים'ס. **) דאָרט. ***) ספר הזכרון.

דער פּאָטער האָט געהאַט אויף אַבראַמאָוויטשען קינדוויז אַ גרויסע און, ווי עס ווייזט, אַ גוטע ווירקונג. ער איז געווען אַ למדן אַ ערליכער יוד, אָבער אויך וועלטליך: מיט אַ פּען אין אַ האַנד, אַ בעל-לשון, אַ ריידער. „ער איז געזען, ווי מען זאָגט, אי צו גאָט אי צו לייט. זיין צייט איז געווען אָבגעגעבען צו דער פּרנסה, צו תורה און אויך צו שטעדטישע זאַכען. יאָהרענלאַנג האָט ער געהאַלטען די טאַקסע פון'ם פליישׁ אין דעם שטעדטיל. יאָהרענלאַנג אוועק געווען אקאַזיאָנער רב דאָרט, נישט בעלוינט צו ווערען דערפאַר. פּלעגט אויך זאָגען אומזיסט אַ שיעור גמרא מיט פּוסקים פאַר יונגע לייט. זיין הויז איז געווען תמיד פול, דער אַריין, יענער אַרויס. קיין זאַך האָט מען נישט געטאָן אָהן איהם. וואו ערגיץ אַ שפּאַרעניש, אַ לאָדעניש, איז ער געווען דער פּערמיטלער. בשעת עפּיס אַ נויט אין כלל-זאַכען פּלעגט מען אָנקומען צו זיינס אַנ'עצה און ווענען אַלערינג מיט איהם זיך מישב געווען" *). ווי עס ווייזט, איז ער געווען דאָס פאָרבילד, ווען מענדעלי האָט געשאַפען שפּעטער די סימפּאַטישע געשטאַלט פון'ם קלוגען, רוהיגען תלמיד-חכם, דעם שטאָדטישען בעל-עצה, ר' בנימין („אַנ'אַלטע מעשה"; אין העבּרעאיש: „לא נחת ביעקב"). אין מענדעליץ אַליין, אין זיין געלאַסענקייט אין זיין לעבענסקלוגהייט, אין זיין דערקענען אַ מענשען, און זיין ליעבע צום „דרך-הממוצע" איז פאַרהאַן אַ ניצוץ פון דער דאָזיגער חשוב'ער שענער פּערזענליכקייט...

דאָס, וואָס זיין פּאָטערס הויז איז פול געווען תמיד—דער אַריין, יענער אַרויס, — דאָס האָט אַבראַמאָוויטשען קינדוויז שוין געגעבען די מעגליכקייט צוצוקוקען זיך צו כל'ערליי פּאַרשוינען, צו כל'ערליי מינים יודען און יודענעס, צוהערען זיך צו זייערע רייד, אַכטונג געבען אויף זייערע תנועות. שוין קינדוויז האָט אַבראַמאָוויטש אַרויסגעוויזען די שאַרפקייט פון זיין אויג און די הנאה, וואָס ער האָט פון נאָכקרימען, פון מאַכען אַנ'אָנשטעל. „ס'איז אין איהם געלעגען בטבע, זאָגט מענדעלי וועגען שלמה'ן, ד. ה. וועגען זיך, — ס'איז אין איהם געלעגען בטבע עפּיס אַזוינס, אויפצוכאַפּען באַלד בי'ם ערשטען בליק יענעמס אַ מינע, אַ וואָרט, וואָס עפּיס נישט אַזוי, משונה ווי ביי אַנדערע" **). „דער פּאָטער האָט אַזוי ווי געשפּירט, אַז פון זיין זוהן וועט אַרויס-

---

*) שלמה ר' חיים'ס. **) שלמה ר' חיים'ס

וואקסען איה״ש אַ גדול, האָט ער געלעגט אויף איהם כחות מעהר, ווי אויף אַנדערע קינדער. צו זעקס יאָהר גיט ער איהם אָב צו איינעם פון די בעסטע מלמדים, ער זאָל לערנען בײַ איהם תנ״ך. תנ״ך פלעגט מען מיט קינדער לערנען וועניג: ראשית, איז תנ״ך סתם קיין למוד נים, וויסען דעם טײַטש פון פסוק — אויך מיר אַ קונץ, אַ יונגעלע נישקשה קען בעשטעהען וויסען אַ בלאַט גמרא מיט אַלע אויסרעדענישען; וויי־דער שמעקט פון תנ״ך מיט מליצה, מיט השכלה. אַבראַמאָוויטשעס פאָטער איז פון השכלה געווען ווײַטליך, אָבער אַ מליץ איז ער געווען אַ פערברענטער, תנ״ך האָט ער ליעב געהאַט, האָט ער געוואָלט אויך זײַן קינד זאָל עס קענען. דערמיט האָט ער אַבראַמאָוויטשען געגעבען דעם שליסעל צו לשון, ס׳איז געווען אײַגענטליך דער אָנהויב פון מענדעלי׳ס השכלה...

אָט אַזוי האָט מענדעלי זײַן ערשטען, הגם נאָך זעהר שוואַכען, טריט צו דער השכלה געמאַכט מיט דער הילף פון זײַן אייגענעם פאָטער, מיט דער הילף פון אַ פרומען יודען, אָהן אַ שווערען קריזיס, אָהן אַ מלחמה מיט די אַרומיגע און אָהן דער ראָמאַנטיק, וואָס אין אַ מלחמה. שפּעטער, ווען ער איז גרעסער געוואָרען, און אונטער דער ווירקונג פונ׳ם איבערגאַנגס־אַלטער און פון דער נאַטור, וואָס אין תנ״ך און אַרום שטערטיל, האָט אָנגעהויבען אין איהם עפּיס אויפצוכאַפּען זיך, עפּיס האָט איהם געצווינגען ערגיץ, — שפּעטער האָט ער מיט זיך אַליין געפיהרט אַ שטרײַט, בעהאַלטענערהייט, אין די מחשבות פלעגט ער „זינדיגען״ און תשובה טהון, ווי דער שטיי־נער איז פון קינדער עלוים, אָבער אַנדערע זאָלען איהם רודפ׳ן — ווענען דעם ווערט אין זײַן ביאָגראַפיע נישט דערמאָנט. און אָפילו מיט נאָטלאָבער׳ן דעם אַפּיקורס אין אַ צײַט אַרום אין קאַמענעץ איז ער בעַ־קאַנט געוואָרען דורך אַ פרומען יודען. און אַוועקגעפיהרט צו נאָט־לאָבער׳ן האָט איהם דער שמש פון שול, וואו ער האָט געלערנט. דער־פאַר, קאָן זײַן, איז אַבראַמאָוויטש אַוועק פון שול, פון די ד׳ אמות של הלכה, נישט קיין פערביטערטער, ווי דאָס רוב משכילים אין יענער צײַט; די יודען פון אַלטען דור, די פרומע, זענען נימ געווען זײַנע פערזענליכע שונאים. און דאָס איז אפשר איינע פון די סבות, וואָס ער האָט זיך פערהאַלטען צום אַלטען דור מיט מעהר סבלנות, מיט מעהר אַכטונג, ווי אַנדערע משכילים, וואָס ער האָט געזעהען אין זיי נימ נאָר „פאַנאַטיקער״, נאָר אויך מענשען, און ער האָט דאָס יודישע פאָלק נים איינגעטיילט, ווי אַנדערע שרײַבער פון זײַן, צײַט אין

„פינסטערע“ (חשוכים, מורדי-אור) און „אויפגעקלערטע“ (משכּילים, נאורים), נאָר אין אונטערדריקער און אונטערדריקטע, אין עהרליכע און ניט עהרליכע. ער האָט איינגעפיהרט, אָנשטאָט דעם רעליגיעזען, דעם סאָציאַל-עטישען שטאַנדפּונקט. שוין אין זיין ערשטער יודישער ערצעהלונג, אין׳ם „קליינמענשעלע“, וואו עס זענען פאַרהאַן נאָך שפּורען פון דער אַמאָליגער, נאַאיווער השכּלה,— שוין דאָ איז ד״ר שטיינהערץ, ווייל ער האָט אַ שטיינערנעם האַרץ, ווייל ער איז ניט קיין עהרליכער מאַן, צוגערעכענט צו די איסר וואָרגערס, צו די קליינמענשעלעך, — הגם ער איז אַ געבילדעטער, אַ משכּיל, פערקעהרט, אַ רב איז פאַרהאַן דאָ דוקא אַ סימפּאַטישער (הגם קינסט-לעריש איז ער אַ שאָטען, אָהן בלוט און פלייש), און יצחק אברהם תּקיף פערלאָזט זיך אויף איהם, אַז ער וועט פיהרען די תּלמוד-תּורה אינאיינעם מיט גוטמאַנ׳ען דעם משכּיל, און עס וועט ניט זיין קיין מחלקת צווישען זיי. גוטמאַן אַליין איז אַביסעל פערצוויבערט, און אויך וועקער אין דער „טאַקסע“ איז אידעאַליזירט, אָבער אויך זיי זענען פריהער ווי אַלץ ניט סתּם משכּילים, נאָר עהרליכע זייבערע לייט, אידעאַליסטען, יודישע פּאַטריאָטען. און אויך דער משכּיל רפאל (ווינשפינגעריל) איז פריהער ווי אַלץ אַ עהרליכער, געניטער וועלטליכער סוחר, און וויפיעל אַזוינע עהרליכע לייט, איידעלע נאַטורען, אידעאַ-ליסטען ווייזט אונז מענדעלי צווישען די אַלטע, די פרומע? וואו האָבען מיר ביי די שרייבער-משכּילים געהאַט אַ ר׳ בנימין („אַנ׳אַלטע מעשה“), אַ ר׳ אברהם („ווינשפינגעריל“)? מענדעלי מוסר׳ט אַמאָל די פרומע. אָבער ניט פאַר זייער פרומקייט, אפילו ניט פאַר זייערע נאַרישע אַבער-גלויבענס, נאָר דערפאַר, וואָס די פרומקייט און דער אַבערגלויבען ווערען אויסגענוצט פון די תּקיפים, די קהלס-לייט, אין זייערע שמד-שטיק נעגען „שטאָדט“, נעגען די אָרימע...

די השכּלה איז פאַר אַבראַמאָוויטשען ניט געווען עפּיס אַ אוננע-ריכטע זאַך, אַזוי ווי אַ בליץ, וואָס פערבלענדט די אויגען אין מיטען דער כמאַרע, זי האָט ניט געהאַט פאַר איהם דעם חן, דעם געשמאַ-קען טעם פון אַ טרפה׳ר זאַך, וואָס איז אַ סכּנה צו נעהען דערצו און מ׳דאַרף איינשטעלען דאָס לעבען; דערפאַר איז זי איהם ניט איינגעבאַ-קען געוועזן אַזוי אין האַרצען, און ער האָט זיך מיט איהר אַזוי ניט „גע-צאַצקעט“, ווי אַנדערע משכּילים...

ווענען זיין פערהאַלטען זיך צו דער השכּלה, איבּערינגענס, וועט

אי־ז נאָך אויסקומען צו רערען. דאָ האָב איך געוואָלט נאָר אָנווייזען אויף די טיעפע וואָרצלען, וואָס אונזער פאָלקס־דיכטער און פאָלקס־ערציהער האָט אינ׳ם אַלטען דור, — אַז זיין איינענער פאָטער, אַנ׳אַלטפרענקישער יוד, האָט אויף זיין ענטוויקלונג געהאַט אַ גוטע, אַ פּאָזיטיווע ווירקונג.

אָבער אַחוץ דעם פאָטער מוז מען נאָך איינעם דערמאָהנען, נאָך איינעם פון אַלטען דור, וואָס אַבראַמאָוויטש איז איהם דאַנקבאַר געבליבען און וואָס אין זיין אויטאָביאָגראַפיע רעדט ער וועגען איהם מיט אכטונג און ליעבע. דאָס איז יוסף הראובני אָדער, ווי ער רופט איהם אין שלמה ר׳ חיים׳ס, ליפּא ראובנ׳ס דער מלמד. דאָס איז געווען „איינער פון יענע מענשען, אין וועלכע גאָט האָט אַריינגעלעגט אַלע גוטע מתנות: גייסט, הארץ און געפיהלען, נאָר פערגעסען זיי אָבער געבען אַ קליינינקייט — מזל״. 1) איינע פון יענע בלומען, וואָס אין דער געטאָ־לופט, אָהן שטראַהלען פון דער זון, זענען זיי צודאַרט געוואָרען, נאָך איידער זיי האָבען אויפגעבליהט. „זיין טון און אַלץ מיט אַנאַנדער האָט בעשיינפערליך געוויזען, אַז אין איהם איז דאָ דאָס פינטעלע, דער ברען פון אַ קינסטלער. ער האָט געהאַט אַ האַנד צו שניצען, צו מאָלען, צו שרייבען און צו קריטצען אויף קופער און אויף שטיינער, נישט צו מאַכען זיך דאַרויס אַ פּרנסה, נאָר גלאַט אַזוי, ווייל דאָס איז געווען זיין בעסטער פערגניגען; ווייל עס האָט איהם דערצו עפּיס געטריבען און ער האָט בעדאַרפט, געמוזט מייסטערן״. 2) יונגעלוויז האָט מענדעלי געקענט נאָך אַזוינע קינסטלער־למדנ־ניקעס, שטומע נשמות, פאָעטען, וואָס האָבען אונז זייערע ליעדער נישט איבערגעלאָזען. אין סוף ערשטען טייל פון שלמה ר׳ חיים׳ס מאַכט אונז מענדעלי בעקאַנט מיט אַ פּאָר אַזוינע שענע, קינדערשע, פּאָעטישע נאַטורען: דאָס איז אייזיק דער שמיעד און הערצל קיילעס דער סטאָליער. „ביידע האָבען געווירקט אויף שלמה׳לעס גייסט, דערהאַלטען אין איהם דאָס יונגע פייערל, ביידע זענען איהם געווען זעהר טייער און צו ביידע האָט איהם דאָס האַרץ שטאַרק געצויגען״. 3) זיי זענען געווען אָבער בעל־מלאכות, פּראָסטע מענשען; אויף שלמה־

---

1) שלמה ר׳ חיים׳ס ז. 21. 2) שלמה. 3) דאָרט.

אבראמאָוויטשען האָבען זיי געווירקט ניט מיט די רייד מיט זייערע, נאָר מיט זייער בענעהמען זיך, מיט זייער האַרציגקייט, מיט זייער קינדישקייט; אַנדערש איז אָבער ליפּא ראובנ'ס — ער איז געוועזן אַבראַ-מאָוויטשעס רבי, פריהער האָט ער געלערנט מיט איהם תנ"ך, דער-נאָך — גמרא. „בשעת דעם לערנען ביי'ן טיש פלעגט דער רבי זיצען מיט עפּיס אַנ'אַרבייט — מאָלען אָדער שטעכען א חתימה'לע"... *) שפּעטער, ווען ער איז געוואָרען א שרייבער, האָט מענדעלי געוויזען, אַז ער איז נאָך מעהר בריה, ווי זיין רבי, אין דער דאָזיגער דאָפּעל-טער אומנות: — קנעלען — און מאָלען א בילד דערביי, זיין איין ער-ציהער פאַר'ן לעזער, זאָגען איהם מוסר, און בעת מעשה שאַפען שענע, ריין קינסטלערישע געשטאַלטען...

מיר זעהען, וואָס פאַר א גוטע ביישפּיעלען און וואָס פאַר אַ פיינע ערציהער עס זענען פאַר מענדעלי'ן געווען זיינע רביים, דער פאָטער און ליפּא ראובנ'ס דער מלמד. נאָר אויב זיי האָבען אַ חלק אין זיין לעבענס-פילאָזאָפיע און אין זיין פּאָעזיע, האָט, דוכט מיר, די מוטער זיינע א שייכות צו דער זעלטענער ווייבערקייט פון זיין סטיל און צו זיין פעראַכטונג צו דער אונציכטיגקייט פון קאַבצאַנסק, ווי אויך צו דער עטוואָס סענטימענטאַלער האַרציגקייט פון זיין רחמנות-ליריק; די מוטער האָט ווייכער, וואַרעמער געמאַכט זיין שטרענגקייט. מיט א שטילער צערטליכער ליעבע שילדערט זי מענדעלי אין „שלמה ר' חיים'ס", און איהר אידעלע געשטאַלט ווערט בולט'ער, ווען ער פערגלייכט זי מיט אַנ'אַנדער פרוי פון אַנ'אַנדער משפחה: „ס'איז, זאָגט ער, אַ גרויסער חילוק צווישען טויבע-סאָסיען, חנא'ס ווייב, און דער מאַמע זיינער. טויבע-סאָסיע איז אַ בריים-ביינענדיגע, א יאָדערדיגע; איהרע הענד, איהר פּנים זענען עפּיס מגושם, פערברענט-פערבראָטען פון דער זון. געהט זי — איז געגאַנגען, מען פיהלט, אַז זי שטעלט א פוס, רעדט זי — איז גערעדט מיט לעפצען, אויף דער געמבע. זי איז גוט, נאָר אָבער פּראָסט. זי איז פרום, וויינט ביי ליכטבענשען, כליפּעט, ווי באַלד זי דערהערט פון דער פירזאָגערין א קול, כאָטש זי פערשטעהט נים קיין וואָרט. אַקעגען-זשע שרה, די מאַמע זיינע, איז אַנ'אידע-לע, א שוואַכע. האָט קליינע ווייסע הענד, מיט דינע בלויע אָדערלעך, א פערפרומט בלייך פּנים, מיט דינע ליפּען — אינגאַנצען

*) שלמה

עפּים אַרוחניות און אַז זי נעהם, דאַכט זיך, זי שוועבט א. ז. וו.״ 1)
שפּעטער, אַז ר׳ חיים משה, אַבראַמאָוויטשעס פאָטער, איז גע־שטאָרבען (אינגאַנצען איז ער אַלט געוועזען דאַן 41 יאָהר), און זיין פרוי איז אַן׳אַלמנה געבליבען, אָהן מיטלען צום לעבען, האָט אַבראַ־מאָוויטש — ער איז געווען דאַן אַיונגעל פון אַיאָהר 15 — געמוזט זיך שיידען מיט זיין מוטער. ער האָט זיך אַרומגעוואַלגערט אין סלוצק און אין ווילנא אין ישיבות, און אַז ער איז אין אַפּאָר יאָהר אַרום געקומען צוריק אין שטעדטיל, האָט שוין זיין מוטער געהאַט אַצווייטען מאַן, אַמילנער, זי האָט געוואוינט מיט איהם אין מעלניקי, 10 וויאָרסט פון שטעדטיל. אַבראַמאָוויטש האָט זיך בעזעצט אין מעלניקי. און דאָ אַפּנים האָט זיך צום ערשטען מאָל בעוויזען צו איהם „די מוזע״. יונ־געלוויז, נאָך זייענדיג אין שטעדטיל, האָט אַבראַמאָוויטש געפיהלט אָפט אין זיך עפּיס „אַזוינס, וואָס לאָזט זיך נים דערקלערען, אַמין ציהעניש אוזעלכע, וואָס אָהן אַ נאָמען״; אין אַזוינע מינוטען פלעגט דאָס „קליין יודעלע״ אויסטון זיך פון שפּאַן, נאָכגעבען דעם יצר הרע און אוועקגעהן אין פעלד אָדער אין וואַלד אַריין שפּאַצירען; אַן׳אַנדערס מאָל פלעגט ער זיך „צוגיסען אין אַטרעלעלייקען — אין אַניגון׳דעל פון זמירות און אַוויינענדיגס צו אַבעדעקענס אָדער געזאָגט ברכי נפשי הויך אויפ׳ן קול, צוקייענדיג איטליכעס וואָרט און געפיהלט דערביי עפּיס גאָר אַבעזונדער טעם״... 2) אַז מען קאָן שרייבען, אויסגיסען דאָס האַרץ אין אַשיר, אין מליצה, — האָט ער נאָך נישט געוואוסט. ערשט אין מעלניקי הויבט ער אָן שרייבען. אין העברעאישע שירים בעזינגט ער די נאַטור. „דער טייך פלעגט איהם צופלעסקען, דאָס וואַלד־עכא — אָבענטפערן״. אַחוץ דעם טייך און דעם וואַלד האָט זיינע שירים קיינער נישט געהערט. ער איז געווען איינזאַם, די נאַטור אַרום — ווילד. דאָס דערפיל איז אַרומגערינגעלט געווען מיט וועלדער, עס „ליגט פערבאָרגען אין אַווינקעל, אָבגעריסען פון דער וועלט, הייט פון מענשען און פונ׳ם טראַקט, נאָר קליינע שמאָלע וועגעלעך שלענג־לען זיך דורך דעם וואַלד, דורך טאָלען און בערגלעך, און פיהרען צו דערפער, וואָס ליגען צוזיים אַרום און אַרום. און ווען מענשען זענען דאָ זעלטען, עס רעש׳ט נים, עס קאָכט נישט, ווי אין שטעדט, דער־

1) שלמה ז. 32. 2) שלמת.

פאַר שווייבעלט און גריבעלט דאָ אין די וועלדער, אין די זומפּען און פעלדער אַלערליי בעשעפעניש, חיות און עופות, דערפאַר לאָזט זיך דאָ הערען אַלערליי קולות: אַ געזאַנג פון פויגעל, אַ קראַקע, אַ קוואָקען, אַ שמוצערן, אַ גרילצען זומער, אַ וואָייען, אַ היילען פון הונגעריגע וועלף ווינטער און אַ מאָל אַ ברומען פון אַ פערבלאָנזשעטע בער אויך — און אין דעם דאָזיגען קאָנצערט פערטראָגט זיך אַ רייִשען פונ'ם וואַסער בײ'ם אַראָבפאַלען אויף די רעדער, אַ קלאַפּען, אַ מאָלען פון דער מיהל". 1)
איך ברענג מיט אַ ביון די דאָזיגע לאַנגע ציטאַטען. מיר זאָלען זעהן דערבײ, ווי מענדעלי מאָלט די נאַטור, מיט וואָס פאַר אַ זיכערהײט און וואָס פאַר אַ ברײטקײט. ער איז קאַרג אויף ווערטער, ער איז פּינקטליך, בײ איהם איז אַלץ געמאָסטען און געוואוינען, נאָר ביסלעכ־ווײז, ביסלעכווײז מאָלט זיך אוים פאַר אונז דאָס בילד ביז'ן לעצטען שטריכעלע, ביז'ן לעצטען פּינטעלע. דאָס רוב גיט זיך איהם אײן אין סוף מיט אײן וואָרט צונויפגעניסען די אַלע פּרטים אין אײן גאַנצעס...
נאָך אין שטעדטיל בײ זיך, אין קאַפּוליע, האָט אַבראַמאָוויטש זיך צוגעוואוינט צו די שענהײטען פון דער נאַטור. קאַפּוליע ליעגט אויף אַ באַרג אין זעהר אַ שענעם אָרט. „די טאָלען באַרג־אַראָב זענען ערטערווײז בעזעצט, בעוואַקסען מיט גרינגראַז. זײ ציהען זיך ווײט אַרום דער שטאָדט, צו־וואַרפענדיג זיך אין פערשיעדענע פּאַנאָראַמעס: גערטנער, פעלדער און פעלדלעך פון ניס, אויך געמײזאַכטסען גרינבע־וואַקסענע זומפּען מיט פּליושניק (זשאַווער) און הושענות, צווישען וועלכע עס רינען קוואַלען וואַסער. עס שווייבלען און גריבלען מיני עופות, אויף יענער זײט טאָלען, ווײטער בערג, ווײטער פעלדער, וועלדלעך און וועלדער" 2), די אָפּט פערוואָניפיצירטע און פערייודישטע, אָבער תמיד רעאַליסטישע אין וואונדערליך־קלאָרע נאַטור־שילדערונגען, וואָס זענען צושפּרייט איבער מענדעלע'ס ווערק, — האָבען מיר צו פערדאַנקען נישט נאָר די רייזען, וואָס ער האָט שפּעטער געמאַכט איבער וואָהלין, אוקראַינא און פּאָדאָליען, נאָר אויך זײן לעבען יונגעל־ווײז אין קאַפּוליע און אינ'ם דערפיל מעלניקי. ער האָט דאָרט ליעב געקראָגען אַלץ, וואָס וואַקסט און לעבט. פון מענשען האַלט ער נישט שטאַרק: ער איז צו־נוט מיט זײ בעקאַנט; אין חיות און עופות

1) שלמה ר. 4—3, 2) שלמה.

אָבער איז ער פערליעבט, דאָס לעבען וואָלט ער אָבגעגעבען פאַר זיי. ער טוט און עסק'ט זיך מיט זיי, זיי דינען איהם אַלס ביישפּיעלען און משלים, זיינע בעלעטריסטישע ווערק זענען אַזוי ווי דער המשך פון דער נאַטורגעשיכטע (תולדות הטבע), וואָס ער האָט פערפאַסט...

און אין דער אייגענער צייט, ווען ער בעזינגט די נאַטור, — שרייבט ער אַ „דראַמע" (אין חרוזים). אייגענטליך, וואָס איז אַזוינס אַ דראַמע, ווייס ער נישט אויף קלאָר, נאָר ער האָט געלייענט דאָס האַלב-וועלטליכע מוסר-ווערק פון ר' משה חיים לוצאַטו, „לישרים תהלה" (אַ רייהע אַלעגאָרישע דיאַלאָגען און סצענעס) — האָט ער עס גענומען פאַר אַ מוסטער. געדרוקט געוואָרען, פערשטעהט זיך, איז די „דראַמע" ניט, נאָר פון דער אויטאָביאָגראַפיע אַבראַמאָוויטשעס דערוויסען מיר זיך, אַז עס האָט געטראָגען אַ סאַטירישען כאַראַקטער.

שוין אין די ערשטע אונזיכערע פּראָבען פון מענדעלי'ס פּען, ווייזען זיך אַרויס אויף דעם אופן צוויי הויפּט-שטריכען פון זיין גאַנצען שפּעטערדיגען שאַפען: — 1) די ליעבע צו דער נאַטור, 2) די סאַטירע. „ווי נאָר איך האָב אָנגעהויבען שרייבען, זאָגט אַבראַמאָוויטש, האָט זיך בעוויזען צו מיר דער שטן, מעפיסטאָפעל דער מלאך פון שפּאָט, וואָס געוועלטיגט איבער מיר אין דער געשטאַלט פון מענדעלי מוכר ספרים און האָט מיך אָנגעלערנט אָבצושפּאָטען פון מענשען און אַראָבצורייסען פון זיי די מאַסקע *)...

נאָר ווער ווייס, צי וואָלטען די ערשטע ליטעראַרישע פּראָבען מענדעלי'ס ניט געווען אויך די לעצטע, צי וואָלט ער ניט געוואָרען אַ קאַפּוליער איידעם, און עס וואָלט ניט צוגעקומען נאָך איינער צו די ליפּא ראובנ'ס, די הערצל קיילעס און אַנדערע מושלמים, וואָס זענען געבליבען מלמדים, קינסטלער, וואָס זענען געוואָרען סטאָליאַרעס — ווען ניט אַ אונגליקליכער — ניין, אַ גליקליכער — צופאַל, וואָס האָט דעם 17-יעהריגען מושלם אַרויסגעפיהרט פונ'ם ליטווישען שטעדטיל און געמאַכט פון איהם אַ וואַנדערער?

אין דער ליטא זענען געווען דאַמאָלס הונגער-יאָהרען, אַ מורא'דיגער יקרות און עס איז ניט געווען קיין פּרנסה. ווי תמיד אין אַזאַ צייט, זענען יודען געשטאַנען אויפ'ן וועג, די פּעקלעך אויף די פּלייצעס.

---

*) ספר הזכרון.

גרייט צו וואַנדערן . . . געטומעלט האָט זיך וועגן בערדסאָנער גובערניע, דאָרט האָבן זיך אָנגעהויבן דאַן די קאָלאָניעס. פּלוצלונג קומט אָן אַ יוד אין קאַפּוליע, אַ ב ר ה ם׳ל כ ר אָ מ אָ י האָט מען איהם גערופן, ער איז געווען פריהער אַ שטעדטעלדיגער, דערנאָך איז ער אַוועק „אין דער וועלט״ — אין דערצעהלט נסים, ממש וואונדער פון וואָלין. „וואָלין, זאָגט ער, איז אַ געבענשט אָרט, מיט אַלעם גוטען. קוילעטשען עסט מען דאָרט גאָר אינמיטען דער וואָך, ווײַן טרינקט מען דאָרט, ווי וואַסער. הײַנט זייער ראָסלפּלײש, קנאָבעל, „פּראקעס״, „פּאַליאַרטשיקעס״, איז אַ מאכל מלכים א. אַז. וו. נאָר די מענשען דאָרטיגע זענען גראָב, פערשטאָפּטע קעפּ, יודען פונ׳ם היגען ווינקעל קאָנען זיי אין זאַק אַרײַננאַרען און מאַכען גוטע געשעפטען, מלמדים פון אונזער קאַנט האָבען דאָרט די בעסטע קנעלונגען. א. אַז. וו.״ *) נון, פאַר אונזער יונגען אַבראַמאָוויטשען, וואָס איהם האָט שוין דערעסען דאָס לעבען אינ׳ם וויסטען, אָרימען שטעדטיל (ער האָט שוין וויעדער געוואוינט אין שטעדטיל, ניט אין מעלניקי בײַ׳ם שטיפפאָטער) — פאַר׳ן יונגען אַבראַמאָוויטשען עפענט זיך אַ נײַע פּערספּעקטיוו — וואָלין! אברהם׳על דער קאַליקע רעדט אײַן זײַנער אַ מומען, אַנ׳ענונה, זי זאָל פאָהרען מיט איהם (ער האָט אַ אײגען פערדעל מיט אַ וועניל) זוכען איהר מאַן; ער נעמט זיך אָן איהם געפינען. אגב אורחא, וועט ער דעם פּלימעניק איהרען, אונזער אַבראַמאָוויטשען, אויך נעמען, און וועט איהם ברײַנגען קײן וואָלין, אין דאָס גליקליכע לאַנד, וואו ער וועט זיך דערשלאָגען צו אַ תכלית אי״ה. די ענונה און איהר פּלימעניק לאָזען זיך אײַנרעדען; אין אָנהויב פריהלינג, נאָך פסח, לאָזט מען זיך אין וועג אַרײַן.

אין וועג ווײַזט זיך אַרויס, אַז אברהם׳על איז אַ שווינדלער און אַ שנאָרער דערצו. די ענונה איז בײַ איהם מעהר ניט, ווי אַ מיטעל אויסצינאַרען נדבות בײַ יודען, רחמנים בני רחמנים. אין יעטווידען שטעדטיל שטעלט ער זיך אָב, נעמט בײַ׳ן רב אַ כתב, קלײַבט געלד „פאַר דער וויסטער ענונה נעבאָך״, און וועגען דעם ציעל פון איהר רײַזע האָט ער אינגאַנצען פערגעסען. אין אײן שטעדטיל איז ער זיך מישב און וויל דעם יונגען, עלענדען, געראָטענעם בחור׳ל, וואָס פאָהרט מיט איהם, חתונה מאַכען: אין דער אמת׳ן, אַז מען האָט אַזאַ בחור׳ל,

---

*) „די אַלטע מעשה״.

ווי לאָזט מען עס אַרויס פון האַנד ניט צוכאַפּען שדכנית־געלד, אַזאַ כשר פּערדינסט׳ל? דער בחור׳ל אָבער האָט געהאַט, ווי עס ווייזט, גאָר אַנדערע פּלענער אין קאָפּ. בשום אופן וויל ער נישט בלייבען אַנ־איידעם בײַ׳ם שטעדטעלדיגען נגיד אויף קעסט. זײַ פּערלאָזען דאָס שטעדטיל און וואַנדערן ווייטער. וואָס ווייטער ווערט די נויט אַבראַמאָוויטשעס, די עלענדקייט און די דערנידערונגען אַלץ שרעקליכער. ער געפינט זיך אין אַ חברה פון קבצנים, שנאָרער, ער זינקט אַלץ טיעפער און טיעפער אינ׳ם תהום פון דלות, „די גרויסע יודישע טאָרבע“ הענגט איהם ממש אויפ׳ן רוקען, — די גרויסע יודישע טאָרבע, וואָס פון דאַן אָן שטעהט זי איהם תמיד פאַר די אויגען: „וואוהין איך זאָל מיך נישט קעהרען און ווענדען, זעה איך פאַר מיר די טאָרבע; וואָס איך זאָל ניט וועלען עפּיס דערצעהלען אָדער זאָגען, קומט מיר אַפיר די טאָרבע“ 1). מענ־דעלי, וואָס האָט געזאָגט, אַז „ווירקען אויף אַ פאָלק מענשען קען נאָר אַ זעלבער, וואָס איז בײַן פון זייער בײַן, פלייש פון זייער פלייש; וואָס האָט געליטען איינע צרות, געפיהלט איינע וועהטאָגען מיט זײַ“, 2) — מענדעלי האָט אָבגעריכט גלות און איז געווען נע־ונד, אַזוי ווי דאָס פאָלק, אויף וועלכעס ער האָט געווירקט, און אַזוי ווי דעם פאָלק, האָט אויך איהם דאָס גלות, דאָס נע־ונד זײַן רײַכע און נוצליכע ער־פאַהרונגען געגעבען. ער איז בעקאַנט געוואָרען מיט יודישע קהלות, שטעדט און שטעדטליך, ער איז דערגאַנגען, אַז זײַ האָבען אַלע איין נאָמען: קאַבצאַנסק (קבציאל), און אַז פון קאַבצאַנסק פיהרט דער וועג קיין גלופּסק (כסלון)... ער האָט געזעהען די קליאַטשע, די כנסת ישראל, אין כל המענליכע צושטאַנדען: אי דאַן, ווען מען שלאָגט און מען טרייבט זי דערפאַר, וואָס זי פיטערט זיך אויף פרעמדע פעלדער, — און זי זיפצט שטילערהייט און זוכט אַ קאָפּ גראָז, אַ ביסעל היי; אי דאַן, ווען זי ליגט אין קאַבצאַנסק אויפ׳ן שולהויף, וואַרעמט זיך אויפ׳ן זון און מעלה־גרה׳ט, און אויך דאַן, ווען עס עפענט זיך איהר פלוצלונג דאָס מויל, זי הויבט אָן רעדען, להבדיל, ווי אַ מענש, און דערמאָנט זיך, אַז אַמאָל, גאָר אַמאָל, איז זי אַ פּרינץ געווען... אין אַלע צושטאַנדען האָט מענדעלי אויף זײַן וואַנדער־וועג דאָס וואַנ־דערפאָלק געזעהען, זיך צוגעקוקט צו אַלע זײַנע געננ, צו אַלע זײַנע אָנשטעלען און תנועות, צו זײַן גאַנצען הילוך, אײַנגעזייגען אין זיך די

---

1) שריפטען, ז. 117 I יובילי-אויסגאַבע. 2) „יונגשפּיגעריל“.

גרויע פאַרבען און דעם אָרימען ריטמוס פון זיין שפּראַך, געליטען זיינע צרות און נעפּיהלט זיינע וועהטאָגען, — און שפּעטער, אַז ער האָט זיך אָבגעטיילט פון פאָלק, געשטעלט זיך אויף אַ העכערער מדרגה פון קולטור און געוואָלט זיך צוריק צום פאָלק אַראָבלאָזען, האָט ער געגוי־מען ביי איהם אַ נאָמען פיר זיך, אַ פּ אָ ל ק ס פּ אַ ס פּ אָ ר ט, און גערעדט מיט איהם אויף זיין לשון: אמר מענדעלי מוכר ספרים, זאָגט מענדעלי מוכר ספרים...

נישט אַזוי גרינג אָבער איז אָנגעקומען אַבראַמאָוויטשען דאָס אַרויסראַטעווען זיך פון'ם תהום, וואו ער האָט געזונקען. נאָך היבשע עטליכע חדשים האָט ער זיך אַרומגעשלעפּט אייף אַברהם'לס וועגעל מיט דער ענונה מ״ט איהר קינד, ביז אַ צופאַל האָט איהם צוזויפגעפיהרט נעבען קאַמענעץ־פּאָדאָלסק אייפ'ן וועג מיט אַ בעקאַנטען פון זיין שטעט־טיל, עפּיס אַ משורר'ל ביי אַ חזן, וועלכער האָט איהם אויסגעלעזט פון'ם שנאָרערס הענד און געבראַכט קיין קאַמענעץ. אין קאַמענעץ האָט ער זיך בעזעצט אין אַ בית־המדרש — דאַרף מען דען אַ בעסער אָרט? דער בית־המדרש איז אין יענער צייט געווען דער מרכז פון'ם גייסטיגען און געזעלשאַפטליכען לעבען ביי יודען; ער איז געווען די יודישע אַקאַדעמיע און דאָס יודישע פאָלקס־הויז... דורך די בית־המדרש־לייט איז אַבראַ־מאָוויטש בעקאַנט געוואָרען מיט א ב ר ה ם ד ו ב ג אָ ט ל אָ ב ע ר, דעם בעריהמטען אין יענער צייט משורר, וועלכער איז געווען דאָרט אין דער קאַזיאָנער שול דער יודישער אַ לעהרער. אַבראַמאָוויטש האָט דאַן נאָך נישט געוואוסט, אַז איהם איז בעשערט צו זיין אַ שרייבער ביי יודען, נאָר אַזאַ מנהג איז שוין געווען: ווען מען פלעגט אַריינגעהען צום ערש־טען מאָל צו אַ משורר אָדער סתם צו אַ משכיל, אַ מפורסם, פלעגט מען אַרויסנעמען פון קעשענע צוקנייטשטע, נאָר זעהר שען אָבגעצאַצקעטע בויגעלעך פּאַפּיער מיט מליצה, — ס'איז געווען אַ מין רעקאָמענדאַציע. אַבראַמאָוויטש האָט גאָטלאָבער'ן געוויזען זיין „דראַמע". האָט ער איהם אַנ'עצה געגעבען — „לערנען זיך". צי וויל ער האָט דערשפּירט אין איהם מאַלאַנט אָדער וויל גלאַט צו אַ משכיל, אַז ס'קומט אַ ישיבה־בחור, ראַט ער איהם בילדען זיך, — ווי־זשע אַנדערש? אַבראַמאָוויטש האָט שוין לאַנג „געדורשט נאָך בילדונג", ווי זיין ביאָגראַף דריקט זיך אויס; האָט ער זיך צוגעכאַפּט צו איהר מיט פלייס, מיט אַ ברען. השכלה־ספרים האָט איהם גאָטלאָבער געגעבען פון זיין ביבליאָטעק, רוסיש און דייטש לייענען האָט איהם געלערנט די טאָכטער דעם פאָ־

עמ'ס. אינגיכען האָט ער חתונה געהאַט, גענומען די טאָכטער פון אַנ'=
אָרטינען גביר, אַ האַלבען משכיל, נאָר די פרוי איז אַ פּראָסטע געווען,
נים קיין פּאָר פאַר איהם, גט ער זי אָב. דערנאָך האַלט ער עקזאַמען
און ווערט אין דער קאַזיאָנער יודישער שול אַ לעהרער. אין אַ יאָהר
אַרום דרוקט זיך אָב אין „המגיד", אין דער העברעאישער צייטונג, וואָס
האָט דאַן אָנגעהויבען אַרויסצוגעהען, זיין ערשטער אַרטיקעל.
ער איז געדרוקט געוואָרען אָהן אַבראַמאָוויטשעס וויסען. אַזוי
ווי אין די דערצעהלונגען זיינע, שפּיעלען אויך אין זיין לעבען
אַ ראָליע צופעליגקייטען. און אויך זיין אַריינטרעטען אין די
ליטעראַטור איז געשעהען דורך אַ צופאַל. ביי איהם אין צימער האָט
זיך געוואַלגערט אַ בויגען פּאַפּיער, וואָס ער האָט אָנגעהויבען שרייבען,
אַלס אַנ'ענטפער אויף אַ בריעף פון זיינעם אַ פריינד. גערעדט האָט זיך
אין פּאַפּיער וועגען „חנוך" (ערציהונג). איינעם אַ משכיל, אַנ'אַריינגע=
הער ביי אַבראַמאָוויטשען אין שטוב, איז עס געפעלען געוואָרען, האָט
ער עס אַוועקגעשיקט גאָטלאָבער'ן. אין אַ קורצע צייט אַרום ברייננט
אַבראַמאָוויטשען דער פּאָסט=טרעגער אַ נומער „המגיד" מיט זיין אַרטי=
קעל, מיט אַ בריעף פון זילבערמאַן, דעם רעדאַקטאָר, וואָס בעט איהם
שיקען וואָס אָפטער „די פרוכט פון זיין פעדער".

אַזוי ווערט אַבראַמאָוויטש אַ שרייבער.

זיינע ערשטע אַרטיקלען האָבען געמאַכט אויף די לעזער אַנ'=
איינדרוק. (קיין סך, אַגב, האָבען דאַן די לעזער נישט געפאָדערט) אין
זיינע אַרטיקלען האָט אַבראַמאָוויטש, צווישען אַנדערס, אָנגעוויזען אויף
די נויטיגקייט צו לערנען רוסיש מיט יודישע קינדער. מען דאַרף אָבער
נישט מיינען, אַז אַבראַמאָוויטש איז, ווי דאָס רוב לעהרער פון די
„קאַזיאָנע אוטשילישצעס", געווען דאַמאָלס אַנ'„אַסימיליאַטאָר". ער איז
געווען נאָך, פּשוט, יונג, האָט ערשט דורכגעמאַכט די „האָניג=חדשים"
פון זיין השכלה און האָט נאָך ניט געהאַט צו איהר די קריטישע,
סקעפּטישע בעציהונג, וואָס האָט זיך אויסגעאַרבייט ביי איהם שפּעטער.
דערצו איז עס געווען אַ רעאַקציע געגען דער איינזייטיגער, ריין=רעליגי=
יעזער ערציהונג פונ'ם אַלטען חדר, וועלכער איז, לויט דער מיינונג
פון די משכילים, געווען ווייט פון לעבען און זיינע רעאַלע בעדערפניס=
שען. אייגענטליך איז אין רוסיש געווען נאָך אַ קלענערע בעדערפניש,
און ווער רעדט דער בערדיטשעווער דייטש, וואָס מען האָט אין די רע=
גירונגס=שולען געלערנט, איז געווען געווים ווייטער פון לעבען, ווי די

חדרים, און אויב די חדרים זענען געווען נאָר צו גאָט און נישט צו לייט, זענען די שקאָלעס געווען נישט צו גאָט און נישט צו לייט: יודען האָבען דאָן געלעבט נאָך אַבג׳זוונדערט, מיט דער אַרומיגער וועלט איז מען נישט געווען אַזוי אויפגעטראָגען, ווי איצט, און מאָמער איז אויסגעקומען אַמאָל ריידען מיט אַ גוי אָדער אַ פּריץ, האָט אַ יודען „דער מוח ניט אויסגעדאַרט״, מען האָט גערעדט ווי מען האָט געקאָנט...

אַלזאָ, קיין פּראַקטישע בעדערפניש אין פרעמדע שפּראַך איז בייַ דער ברייטער פאָלקס-מאַסע נישט געווען, און מען דאַרף נישט מיינען דעריבער, אַז אַבראַמאָוויטש האָט זיך דאַמאָלס שוין אָנגענומען פאַר די רעאַלע לעבעדיגע בעדערפנישען פונ׳ם יודישען פאָלק. אלא וואָס-דען? בייַ אַ טייל פון די גבירים, די גרויסשטעדטיגע סוחרים און פּאַדריאַד-טשיקעס האָט זיך אָנגעהויבען דאָן אַרויסצווייזען אַ טענדענץ צו קולטו-רעלער אַסימילאַציע מיט׳ן רוסישען פאָלק, אַ טענדענץ, וואָס איז נאָכדעם אין די 60-טע יאָהרען, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבען צו פערשטאַרקען אין רוסלאַנד דער האַנדעל און די אינדוסטריע — געוואָרען אַלץ שאַרפער און שאַרפער. די שטרעבונג פון די דאָזיגע העכערע שיכטען איבערצוגעהען צו דער אַרומיגער ניט יודישער קולטור, — האָט געפונען חן אין די אויגען פון די משכילים, זיי האָבען געזעהען אין איהר דעם איבערגאַנג פון „פינסטערנים״ צו „ליכטיגקייט״, און פון גרויס היץ האָבען זיי די בעדערפנישען פון אַ קליינעם הייפעלע פון פאָלק צו-נויפגעמישט מיט די הצטרכות׳ן פונ׳ם גאַנצען פאָלק. דעם דאָזיגען טעות אין חשבון האָט אַבראַמאָוויטש געהאַט אינאיינעם מיט אַנדערע משכילים. דאָך איז אין זיין רוסיש-פּרעדיגען געווען אַ רעאַליסטישע טענדענץ, הגם אַ נעגאַטיווע. רוסיש האָט נעדאַרפט פערנעמען דעם אָרט פון דייטש. אין די רעגירונגס-שולען איז דייטש געווען די אונטעריכטס-שפּראַך; די „בערלינער״ האָבען פון דער עלעמענטאַר-שול דער יודישער געוואָלט מאַכען אַ מין ווערקשטאַט פון יונגע משכילים׳לעך, און היות ווי אָהן דייטש איז אַ משכיל קיין משכיל ניט, האָבען אָרימע יודישע קינדערלעך, קינפטיגע שניידער, שוסטער און קאַראַבעניקעס, זיך געפּייניגט און פער-טייטשט חומש און חיי-אָדם אויף „טייטש. מענדעלע איז איינער פון די ערסטע געווען, וואָס האָבען דערפיהלט די אוננאַטירליכקייט פונ׳ם משכילישען דייטש. אין, הגם דאָס רוסיש לערנען איז אויך געווען געקינ-צעלט, געמלאכה׳ט, איז עס דאָך נישט געווען אַזוי קאָמיש, ווי דאָס דייטש...

אַלזאָ, אין דער ערסטער משכּילישער אַרבייט אַבּראַמאָוויט=
שעס זענען פאַרהאַן שוין סמנים פון זיין שפּעטערדיגען נעאָ=משכּילישען רעאַליזם. דער רעאַליזם — דאָס איז אַ גרונדשטריך אין מענדעלי'ס שאַפען, נישט ווייניגער וויכטיג, ווי זיין ליעבּע צו דער נאַטור און זיין נייגונג צו סאַטירע.

דער רעאַליזם אַבּראַמאָוויטשעס טרעט נאָך בּולט'ער אַרויס אינ'ם ליטעראַריש=קריטישען ספר'ל „משפט שלום", וואָס איז געשריבען געוועזן אין 1859. מיט פינף יאָהר פריהער, איידער אין דער העבּרעאישער ליטע=
ראַטור איז אַרויסגעטראָטען פּיסאַרעוו'ס תּלמיד, אורי קאָוונער, — מיט פינף יאָהר פריהער הויבּט דער יונגער אַבּראַמאָוויטש אָן אַ שטרייט געגען דער מליצה=ראָמאַנטיק, געגען דער ראָמאַנטיק פון ווערטער, דער ראָ=
מאַנטיק, וואָס קומט נישט פון אַ הויכער, נאָר פון אַ ענגער וועלט, און ער איז די ערשטע שוואַלבּ פון דער נייער רעאַליסטישער שטרעמונג אין דער העבּרעאישער ליטעראַטור. (איך זאָג מיט אַ כּיון: אין דער העבּרעאישער, ווייל די יודיש=ליטעראַטור, ווי ווייט מען קאָן רעדען, וועגען אַזאַ ליטעראַטור פאַר מענדעלי'ן, — איז פון אָנהויבּ אָן געוועזן און האָט אַנדערש ניט געקאָנט זיין, ווי רעאַליסטיש).

זיין דאַמאָלסדיגע פּראָגראַם האָט אַבּראַמאָוויטש שפּעטער אָט אַזוי פאָרמולירט: „איך האָבּ געוואָלט מיט'ן גאַנצען האַרצען, אַז אונזערע מליצים און דיכטער זאָלען ניט רעדען קיין הויכע פראַזען (לא ישיתו בּשמים פּיהם לדבּר גבוהה, גבוהה), זאָלען ניט נעמען פאַר שטאָף צו זייער שרייבּען די „בּנות לוט", „אשת פּוטיפרע" וכדומה פאַרשוינגע א. אַז. וו., נאָר זיי זאָלען זיך אָבּגעבּען מיט ממשות'דיגע זאַכען (לשונם תּהלך בּארץ), זיי זאָלען זיך צוקוקען צום לעבּען פון פאָלק און צו אַלץ, וואָס טוט זיך בּיי איהם אין דער היים און אין קהל, און זאָלען עס איהם אַלץ אָבּשילדערן; זיי זאָלען זעהען אויסבּעסערן זיין גע=
שמאַק מיט אַ ריינער, אַ שענער און אַלאָגישער שפּראַך, אויך זאָלען זיי איהם גוטע קלוגע לעקציעס געבּען, עס זאָל פער=
שטענדיגער ווערען" *). אַלזאָ, דריי זאַכען: רעאַליזם פונ'ם אינהאַלט; אַ שענע אָבּער אַ ריינע, אַ לאָגישע שפּראַך; קלוגע לעקציעס (די פּראַקטיק). דאָס האָט אַבּראַמאָוויטש געפאָדערט פון אַנדערע און אויך פון זיך;

*) ספר הזכרון תרמ"ט.

דאָס איז געווען זיין פּראָגראַם. זיין ווייטערדיגע אַרבייט איז די אויס-פיהרונג פון דער פּראָגראַם.

אין 1852 נעמט ער זיך אַרויסגעבען דאָס „תולדות הטבע", אַ בעאַרבייטונג פון אַ דייטשער נאַטור-געשיכטע. ער מאַכט רייך מיט זיין אַרבייט די העברעאישע שפּראַך, הויבט אָן אין איהר שאַפען אַ מאָדערנע נאַטור־וויסענשאַפטליכע טערמינאָלאָגיע; זיין עיקר כונה אָבער איז בעקאַנט צו מאַכען דעם יודישען לעזער מיט די פּאָזיטיווע וויסענ-שאַפטען, ער זאָל זיך צוגעוואוינען צום רעאַלען דענקען אָנשטאָט די אונקלאָרע, אָפט פוסטע, מליצה'דיגע פּראָזען פון דער „הימלישער טאָכטער".

אין דער איינענער צייט שרייבט ער אויף העברעאיש אַנ'ערצעה-לונג פונ'ם רעאַלען לעבען, „למדו היטב". און ווי מען זעהט פון „האָבות והבנים", וואָס איז שפּעטער אַרויס (1868) איז די שפּראַך אין דער ערצעהלונג, אמת, אַ קלאָרע און ניט אַזאַ אַבסטראַקטע, ווי ביי אַנדערע מליצים, אָבער נאָך אַלטמאָדיש, ריין-ביבליש, האַלבע פּסוקים. אין עס קאָן זיין, אַז שרייבענדיג אָט די פונ'ם רעאַלען לעבען גענומענע ערצעהלונג, האָט ער דערפיהלט צום ערסטען מאָל, וואָס פאַר אַ בע-דייטונג עס האָט פאַר'ן פּאָלקס-שרייבער. די פּאָלקס-שפּראַך. פריהער ווי אַלץ איז זי אַליין אַ טייל פונ'ם פּאָלקס-לעבען; ניט בענוצען זי, ניט אַריינגעמען זי אין דער ליטעראַטור אַריין, הייסט האָבען פאַר זיך אַ שטיק פאָלקס-לעבען און ניט אָבשפּיגלען עס. דערצו איז די פּאָלקס-שפּראַך ניט אַנ'איינפאַכער, אַ געוועהנליכער טייל פונ'ם פּאָלקס-לעבען און פּאָלקס-שאַפען; ס'איז אַ טייל, אין וועלכען אַלע איבעריגע טיילען שפּיגלען זיך אָב, אין וועלכען זיי געפינען זייער אויסדרוק, אָהן וועלכען זיי זענען שטום. וועלען געבען אַ בילד פונ'ם פּאָלקס-לעבען אָהן דער פּאָלקס-שפּראַך, הייסט, לויט'ן געוויסען תלמודישען פערגלייך, אויפהיטען דעם וויין, צוברעכענדיג דאָס פאַס. אַבראַמאָוויטש האָט עס (ווען אונבעוואוסט אפילו) דערפיהלט. ער האָט געפיהלט, אַז דאָס בעהעפט-זיין פונ'ם פּאָלק מיט זיין שפּראַך איז איי-גענטליך נאָך גרעסער, אינערליכער, ווי דאָס בעהעפט-זיין פונ'ם וויין מיט'ן פאַס: דאָס איז די פערוועבונג פון דעם שאַפער און דער שאַפונג, פון דעם אינהאַלט און דער פאַרב. ער האָט עס געפיהלט אַלס פּאָלקס-מענש און — פריהער ווי אַלץ — אַלס קינסטלער און רעאַליסט. רעאַ-ליסטיש-קינסטלעריש קען מען דעם ריטמוס פונ'ם פּאָלקסלעבען נישט איבערגעבען אָהן דעם ריטמוס פון דער פּאָלקסשפּראַך.

שפעטער האָט אַבראַמאָוויטש זיך (און אויך אַנדערע) אויסגעלערנט איבערצוטראָגען מיט גרויס מיה און קונסט דעם ריטמוס, דעם שטייגער, פון דער פאָלקסשפּראַך אין דער פון איהם בערייכערטער און פערפיינערטער העברעאישער שפּראַך; ער האָט זיך אויסגעלערנט געבען אין העברעאיש אַנ'אָבשפּיגלונג אַ ווידערקלאַנג פון יודיש, דאָך איז עס מעהר ניט, חוי אַנ'אָבשפּיגלונג, אַ ווידערקלאַנג מיט דער הילף פון זיין שפּראַך-אינ-סטינקט און שפּראַך-קונסט האָט ער צוגעפּאַסט די בוך-שפּראַך צו דער פאָלקסשפּראַך, מאַכען זי אַליין פאַר אַ פאָלקסשפּראַך — האָט ער נישט געקאָנט: צו אַ פאָלקסשפּראַך מוז מען האָבען אַ פאָלק... אין דער צייט אָבער, וועגען וועלכער מיר ריידען, אין דער צייט ווען אַבראַמאָוויטש האָט אָנגעהויבען שרייבען — איז העברעאיש אפילו נאָך נישט צוגע-פּאַסט געוועזען צו די איינפאַכע, פרישע, קרעפטיגע אויסדרוקען פון פאָלק. אין „האבות והבנים", וואו עס ווערט, אגב, איבערגעחזרט עטליכע מאָל די נויטיגקייט, צו שרייבען פונ'ם רעאַלען לעבען, פונ'ם פאָלקס-לעבען — אין „האבות והבנים" איז אַבראַמאָוויטש געצוואונגען צו ברייננגען עטליכע מאָל אונטען, אין די אָנמערקונגען, פּראָסט יודישע ניט העברעאישע, אויסדריקען, כדי עס זאָל נישט פאַרלאָרען געהען דאָס כאַראַקטעריסטישע פונ'ם געשפּרעך*). אין די איבעריגע פעלען זעצט ער דאָס געשפּרעך איבער פון יודיש, איז עס אָבער אַ „איבער-זעצונג": אַ געזיכט אָהן אַ אויסדרוק, אין וואָרט איז קיין חיות ניטאָ, דער דיאַלאָג איז טויט, מען מוז עס איבערזעצען צוריק אויף יודיש, וועט דאַן ערסט זיין אַ אילוזיע פון לעבען.

**איז די גלייכסטע זאַך שרייבען לכתחילה יודיש.**

און אַ דאַנק אַבראַמאָוויטשעס עצה און השתדלות הויבט אָן צע-דערבוים, דער רעדאַקטאָר פון „המליץ", ארויסצוגעבען אין אָדעס אַ יודיש בלאַט, „קול מבשר", וואו עס דרוקט זיך צום ערסטען מאָל דאָס „קליינע מענשעלע" (1864).

נאָר איידער מיר געהען איבער צו די יודישע ווערק אַבראַמאָ-וויטשעס, מוזען מיר נאָך קלערער מאַכען די בעציהונג זיינע צו דער יודישער שפּראַך. דאָס איז אַזאַ וויכטיגער מאָמענט אין דער געשיכטע

---

*) „האבות והבנים" אדעסא (1868) ז. ז. 5, 27, 112

און אַזוי צו זאָגען, אין דער פּסיכאָלאָגיע פון דער יודישער ליטעראַ־
טור, אַז עס לוינט זיך לעננער אויף דעם אָבצושטעלען. אין אַבראַ־
מאָוויטשעס שריפטען געפינען מיר ערגיץ נישט קיין רמז אויף די ריין־
קינסטלערישע מאָטיוועז, וואָס צוליעב זיי איז איהם יודיש געווען
נאָהענט און נויטיג; ער גיט אונז אַנ׳אַנדער טעם — אַ סאָציאַל־עטישען:
דער גרעסטער טייל פונ׳ם יודישען פאָלק פערשטעהט ניט די הייליגע
שפּראַך, רעדט יודיש, מאַמע־לשון, הייסט, וואָס, פרעגט אַבראַמאָ־
וויטש, וועט בלייבען דעם שרייבער פון זיין גאַנצע מיה און זיין
האָרצענסבּענעהר, ווי באַלד ער וועט זיין פאָלק ניט ברייננען קיין
נוצען? (ומה הוה לסופר בכל עמלו ורעיון לבו אם לא יועיל לעמו?) *)
איז עס אייגענטליך די אַלטע נוצענס־טעאָריע, די אַלטע צדקה־
טעאָריע פון „לכם ולא לי", אַלץ פאַר אייך, אָרימע ברידערלעך. די
טעאָריע, וואָס פון איהר האָבען געהאַלטען אַלע אינטעליגענטען־
משכילים ביז און נאָך אַבראַמאָוויטשען. יודיש, האָבען געזאָגט, און
זאָגען אין זאָגען אויך איצט, די משכילים־פּיאָניערען און משכילים־
עפּיגאָנען, — יודיש איז קיין שפּראַך ניט פאַר אונז, געבילדעטע מענ־
שען, יודיש איז סתם ניט קיין שפּראַך, ס׳איז אַ זשאַרגאָן, אַנ׳אָנשיקע־
ניש פון זיין ליעבע נאָמען, אַ פלוך פון גלות א. אז. וו. מעהר ניט —
די אָרימע ברידער אונזערע — זיי קענען ווילר, פערפינסטערט, זעהען
די וועלט ניט, קאָנען געבאָך קיין „שפּראַכען" ניט, מוז מען דערוויילע,
בליתּ־ברירה, ריידען מיט זיי אויף זייער לשון — וואָס טוט מען ניט
פון השכלה וועגען? אייזיק מאיר דיק, אַבראַמאָוויטשעס פאָרגענגער,
האָט דעם דאָזיגען השכלה־שטאַנדפּונקט, דעם בלית־ברירה־שטאַנד־
פּונקט קלאָר און בילדליך אויסגעדריקט: „צוואַר, שרייבט ער אין דער
הקדמה צו „שבעים־מאָהלציים", — צוואַר, דער זשאַרגאָן (אידיש טייץ)
איז אין אַלגעמיין גאָר קיין שפּראַך, הלואי וואָלטען מיר עס געקענט
און געשפּראָכען בעסער אין אונזער לאַנדעס־שפּראַך, ווי אַלע אונזערע
אידישע ברידער א. אז. וו." אלא־וואָס־דען, למאי שרייבט ער זשאַרגאָן
און געבּרויכט ניט, וועז ניט די לאַנדעס־שפּראַך, איז לכל הפחות די
אַלטע, הייליגע, היסטאָרישע שפּראַך? אויף דעם ענטפערט ער: אַנ׳־
אַלטען בנין צערשטערען קען מען דורך קלעפּ פון אַ פּראָסטער האַק,

---

*) ספר הזכרון.

נים דורך אַ שטאָך פֿון אַ דינעם גילדרענעם נאָדעלע״ *). זשאַרגאָן איז אַ האַק, וואָס מען דאַרף מיט איהר ברעכען די ווענד פֿונ׳ם גייסטיגען געטאָ; אַז די ווענד וועלען פֿאַלען, וועט מען די האַק מעהר נישט ברויכען... קאָן מען, זאָג איך, מיינען אַז אויך פֿאַר אַבראַמאָוויטשען איז זשאַרגאָן מעהר נים געווען, ווי אַ האַק, אַ מיטעל; אין דער אמת׳ן איז עס נישט אַזוי. אַז מען הערט זיך גוט איין אין מענדעלי׳ס רייד, פֿיהלט מען, אַז ער נעמט זיך פֿאַר יודיש, נים בלויז דערפֿאַר, ווייל דאָס פֿאָלק, די אָרימע ברידערלעך נעבאַך, דאַרפֿען עס האָבען, נאָר אויך ווייל איהם אַליין איז עס נויטיג. נים ער טהוט חסד מיט׳ן זשאַרגאָן, וואָס ער לאָזט זיך אַראָב צו איהם און „פֿערפֿלעקט״ מיט איהם זיין פֿעדער, נאָר פֿערקעהרט, דער זשאַרגאָן טוט איהם אַ טובה, וואָס ער פֿערענטפֿערט איהם זיין לעבענס־פֿראַגע, זיין פֿערזענליכע פֿראַגע, די פֿראַגע פֿון יעדער פֿאָלקס־שרייבער: — למי אני עמל? — פֿאַר וועמען אַרבייט איך? דאָס פֿינטעלע איז אויפ׳ן איך...

ווען די יודיש פֿראַגע וואָלט נים געווען פֿאַר אַבראַמאָוויטשען קיין איך־פֿראַגע, ווען יודיש שרייבען וואָלט ביי איהם געווען נאָר אַ צדקה־זאַך, וואָלט ער נים געלאַכט אַזוי ביטער פֿון די בעל־לשונ׳ס, די בעל־גאוה׳ניקעס, וואָס שעמען זיך מיט יודיש און האַלטען עס פֿאַר אַ ווייבערשע, אַנ׳עם־הארצישע זאַך; וואָלט ער נישט געזאָרגט אַזוי פֿאַר יודיש. מען זאָרגט נישט פֿאַר אַ זאַך, וואָס טויג נאָר אַ מיטעל צו זיין. מען מאַכט קיין וועזען נישט פֿון דעם, וואָס איז היינט פֿאַרהאַן און מאָרגען — אוים. די שרייבער־משכילים, וואָס פֿאַר זיי איז יודיש געווען נאָר אַ זאַך פֿון היינט — האָבען עס בעוויזען. זעלטען ווער פֿון זיי האָט געמיהט זיך זיין יודיש זאָל זיין ריין, שען; אויף יודיש האָט מען געשריבען אַבי ווי, אַבי וואָס. אפילו די, וואָס האָבען געצאַצקעט אין העברעאיש יעדעס וואָרט, געזוכט עס זאָל זיין „על טהרת השפה״, האָבען אויך יודיש געערדט אָפט „שיחת חולין״, גראָם־שטראָם, האַלב־דייטשיש, פּאָלאָווינאַ־רייסיש. יודיש איז די שפּראַך פֿון מאַרק, פֿון קיך; פֿאַרהאַן דאָ מיט וועמען איידעלקייט צו פּראַווען! נישקשה, זיי וועלען פֿערצייהען, די שניידעריונגען און די דינסטמוידען, זיי וועלען לעקען די פֿינגער, זיי פֿערשטעהען זיך דען אויף בעסערס?

און מאָמער וועט עס אַריינפאַלען צו אַ אינטעליגענט, וואָס האָט זיך צוגעיידט מיט דאָס ביסעל יודישקייט און בענקט נאָך דער באָבען, ווערען איהם אַוודאי הנאָה טון, שאַרף הנאָה טון די אַלע „ווערטלעך", די יודישע „וויטצען", זיי וועלען זיס זיין צו זיין גומען, אַזוי ווי טשאָלענט און אַנדערע נאַציאָנאַלע מאַכלים, וואָס קאָסטען נישט טייער און דערמאָנען אין די אַלטע, ליעבע, נאַרישע צייטען...

מען איז זיך מיט יודיש בעגאַנגען נים ווי מיט אַ „דינסט-מויד", נאָר ווי מיט אַ שטיפקינד, וואָס מ'האַלט פאַר נויטיג געבען איהם צופּיהלען, אַז עס איז אַ שטיפקינד... אַבראַמאָוויטש איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט בעוויזען, אַז ס'איז נים אַ פרעמדס, נאָר אַנ'איי־גענס, טאַקע אַנ'אייגענס, אַ ירושה פון פיעלע דורות. אין האַרצען האָבען עס געפיהלט אפשר אויך אַנדערע, אַ חוץ איהם: וועלכער איי־דעלער מענש איז אייגענטליך אימשטאַנד זיך אָבצוקעהרען, ווי אַ פרעמ־דער, פון זיין מאַמעס און זיין קינדהייטס שפראַך — אפילו ווען זי איז „נים אַזוי שען"? ווער זוכט שענהייט, וואו עס איז פאַרהאַן חן געגוג, דער יודישער חן? אפשר, זאָג איך, האָבען עס געפיהלט אויך אַנדערע, אַ חוץ אַבראַמאָוויטשען, זיי האָבען זיך געשעמט אָבער זיך מודה צו זיין: שעמעוודיגקייט, וואו עס פּאַסט צום עסק, איז אַ יודישע מדה... אַבראַמאָוויטש האָט זיך מודה געווען.

דער שאַרפער קוק און דער רעאַלער פערשטאַנד האָבען איהם נישט געלאָזען זיין פערנאַרט אין חשבון. דערצו האָט ער געפיהלט, אַז ער ווערט, נאָכ'ן פּאָלק, דער צווייטער פאָטער פון יודיש, און ער האָט עס גענומען כאָליען און טוליען, אַזוי ווי אַ קינד. הערט מען אויף זאָרגען פאַר אַ קינד, ווען עס איז שוואַך, ווען עס גוסס'ט אפילו? ווערט עס דאַן נים ליעבער, נים צימערדיגער? צום ליעבע-געפיהל קומט צו דאָס געפיהל פון רחמנות: אויף זיך אַליין; אויף דער אייגענע ליעבע איז אַ רחמנות... „הבת לא רוחמה" רופט מענדעלי אָן יודיש. די האַרציגקייט, וואָס אינ'ם דאָזיגען וואָרט, קאָן מען דורך אַנ'אַנדערעס נישט איבערגעבען. „יהי מה", זאָגט ער, עס מעג זיין, וואָס עס וועט זיין: „ארחם את היהודית", אַזוי ווי איינער זאָגט, איך קאָן מעהר נישט צוקוקען, ווי מען בענעהט זיך מיט איהר... „דער יצר הרע פון רחמנות", ווי מענדעלי רופט עס אָן ערגיץ, איז גרויס, מענדעלי אַליין ליידט פון איהם שטאַרק, און עס איז שוין אַ טבע ביי איהם צו רעדען בלשון נעבאַך, רעדט ער אויך וועגען יודיש אויפ'ן נעבאַך-לשון, אָבער פונ'ם

רחמנות־געבאַך קוקט אַרויס צו אונז רייבע, כאָטש אַ פערבאָרגענע ליעבע.

און שפעטער, ווען ער האָט אָנגעשריבען דאָס „קליין מענשעלע" און איבערגעלעבט די ערסטע פרייד פון פרייען, אונגעצוואונגענעם און אונגעקינצעלטען שרייבען, — שפעטער איז צום ליעבע־געפיהל צוגעקומען דאָס געפיהל פון דאַנקבאַרקייט און פון יענער מוטערליכער טרייהייט, מיט וועלכער דער שאַפער קוקט אויף זיין שאַפונג, און ער רעדט שוין ניט בלשון רחמנות: „חשקה נפשי ביהודית". מיין זעעל האָט זיך בע־העפט צו דער יודישקע, וארשתיה לי לעולם", און איך האָב זי פער־קנסט צו מיר אויף אייביג...

ער האָט ליעב געהאַט די שפּראַך, האָט ער געקאָנט אויף איהר שאַ־פען; ער האָט געשאַפען אויף איהר, האָט ער זי נאָך מעהר דעריבער ליעב געהאַט.

ער האָט אָבער ניט נאָר געשאַפען דורך דער שפּראַך, זי איז אַליין ביי איהם אַ שאַפונג. די אין טרערהרען און גאַל אויסגעווייקטע, פערוויינטע און אַ שפּאָטענדיגע, אָרימע אין פאַרבען און רייבע אין „פינטעלעך", אָפט ניט דערזאַלצענע און שטענדיג פערפעפערטע, ווילדע און פקחות'דיגע יודישע שפּראַך — דאָס איז דער רייבער אוצר, וואָס אַבראַמאָוויטש האָט אין פאָלק געפונען, דאָס איז די שענע מתנה, וואָס ער האָט דעם פאָלק צוריקגעגעבען. די מתנה, — וייל גענומען האָט ער ביי'ם פאָלק טיילען און טיילעכלעך און אומגעקעהרט האָט ער איהם אַ גאַנצע זאַך; גענומען האָט ער שטיקלעך שפּיגעל־גלאָז, וואו דאָס פאָלק זעהט זיך אברים־וויז, אומגעקעהרט איהם האָט ער אַ שפּי־געל, וואו עס זעהט זיך אינגאַנצען, ווי עס שטעהט און געהט. דער, וואָס וועט נעמען אויף זיך די אויפגאַבע, די דאַנקבאַרע אויפגאַבע אָבצושילדערן אויפ'ן סמך פון מענדעלי'ס ווערק דעם פסיכאָלאָגישען און סאָציאַלען טיפּ פון אַ יודען, דערהויפּט פון אַנ'אַלט־פרענקישען געטאָ־אין בית־מדרש־יודען, — דער וועט געפינען זיין שטאָף, ניט אַזוי אין די פיהרונגען און טואונגען פון מענדעלי'ס פרשוינען, ווי אין זייער שפּראַך, אין זייערע רייד.

יעדער שרייבער האָט סמנים, נאָך וועלכע מען דערקענט איהם, מענדעלי'ן דערקענט מען נאָך זיין שפּראַך, ניט וייל זי איז אַנ'איינגע־אַרטיגע: — וועלכען שרייבערס שפּראַך איז ניט איינגעאַרטיג? — נאָר ווייל זי איז אַנ'איינענע. קיינער, אַ חוץ איהם, האָט זי ניט. עס

האָט זי דאָס פאָלק, וואו איהר ערסטער מקור איז, אָבער ביי'ן פאָלק איז זי אַ ווילד-גראָז; ביי מענדעלי'ן — אַ בלום, אַ בלום ערצויגען אין אָראַנזשעריע. ווייל זי איז ערצויגען אין אראנזשעריע, היט זי ניט שטענדיג אויף איהר פרישקייט, איז זי צו-גלאַט, צו אויסגעצוואָגען, דערפאַר איז זי אָבער ריין, ניט בעוואַקסען מיט גראָז, און האָט אַ חוץ דעם לעבענס-חן, נאָך אַ חן — פון קונסט. מענדעלי'ס שפּראַך איז אַ פּאָעמע; אַ דאַנק איהר זענען די איינפאַכסטע דערצעהלונגען זיינע — פּאָעמעס...

„איבער אַ ווערק, ליעב איינקעל, שרייבט דער זיידע צו שלום-עליכם'ן, איבער אַ ווערק בעדאַרף מען שוויצען, מען בעדאַרף פּיילען איטליכעס וואָרט; געדענקסט וואָס איך זאָג אַייך; פּיילען, פּיילען! *) און ער פּיילט און שלייפט זיין שפּראַך, פּיילט און שלייפט זי, ניט צוליעב זיין קונסט-ווערק, נאָר צוליעב איהר אַליין, ווייל זי אַליין איז ביי איהם אַ קונסט-ווערק. פערגלייכט מען פערשיעדענע אויס-גאַבען פון מענדעלי'ס ווערק, זעהט מען, מיט וואָס פאַר אַ ליעבע, מיט וואָס פאַר אַ אַריינטון-זיך, ער זאָרגט פאַר יעדעס וואָרט, פאַר יעדעס פּינטעלע: דאָ מאַכט ער עפּיס איבער, דאָרט פערמעקט ער עפּיס אָדער שטעלט עפּיס אַריין; די פרעמד-קלינגענדיגע ווערטער, וואָס בעגעגענען זיך אין די ערסטע אויסגאַבען פון די ערסטע ווערק, ווערען אין די שפּעטערדיגע אויסגאַבען פערביטען מיט ווערטער, געהענטערע צום גייסט פון יודיש, אַלזאָ, אַז עס איז ניטאָ גאָר כמעט ביי מענדעלי'ן קיין ווערטער אָדער אויסדרוקען, וואָס זאָלען ניט אײנגעוואָרצעלט זיין אין דער פאָלקסשפּראַך אָדער פאָלקסליטעראַטור (טייטש-חומש, מוסר-ספרים, תחינות). אַלס רעאַליסט, נעמט ער די פאַרשווינען זיינע פון לעבען, — און אויך די שפּראַך נעמט ער פון לעבען; ניט נאָר די איינציגע ווערטער, נאָר אויך די פערשיעדענע פערבינדונגען זייערע. ער איז אָבער אַ קינסטלערישער רעאַליסט, קאָפּירט ער נישט דאָס לעבען, ער נעמט דעם תמצית, דאָס טיפּישע, און אויך אין זיין שפּראַך איז פאַרהאַן דאָס טיפּישע, די עסענץ פון דער פאָלקס-שפּראַך, כאָטש זי איז ניט קיין פאָלקסשפּראַך, נאָר אַ קולטיווירטע, סטיליזירטע ליטעראַטור-שפּראַך.

די גרויסע ראָליע, וועלכע עס שפּיעלט די שפּראַך ביי מענדעלי'ן,

*) זעה די הקדמה צו „סטעמפּעניו" שלום עליכם'ס.

פיהרט דערצו, אַז ער כאַפּט איבער אַ מאָל די מאָס, און עס קאָן זיך דוכטען, אַז ער שפּיעלט זיך מיט דער שפּראַך; ער שרייבט:

„די מלאכה הויבט זיך געוועהנליך אָן מיט כל עבודת פּרך: פּאַמאָיניצעס טראָגען, וואַסער אָנטראָגען, מיט דעם בעל-הבית׳ס קינדערלעך זיך אַרומטראָגען, דער בעל-הבית׳טע בײ׳ם אָנקויפען אַלצדינג צו-טראָגען, שטיקלעך אַרבייט אַהין-אַהער אָבטראָגען, מיט בעל-הבתישקייט שטענדיג זיין פערטראָגען, און איטליכענס קאַפּריז, קלעפּ און בעלײדיגונגג איבערצוטראָגען״ *) אָדער: ... און לינגנדיג מיר אַזוי האָב איך אומעטום נעקוקט, אַלצדינג בעטראַכט, אַביסעל אויך געטראַכט און זיך פערטראַכט״ **) ...

אַנ׳אַנדער מאָל דריקט זיך דאָס שפּראַך-שפּיעל בײ מענדעלי׳ן אוים דערין, וואָס אויף אַלטע ווערטער און ווערטלעך מאַכט ער אַ נייעם פּשט און לייגט אַריין אין זיי אַ נייע כונה. צום בײשפּיעל, ריידענדיג וועגען בין-הזמנים, זאָגט ער: „די מלמדים לויפען דענסטמאָל, געהען צו קינד״, ד. ה. געהען זוכען קינדער, תּלמידים. בעזונדער אָפט זאָגט ער נייע טײטשען אויף אַלטע ווערטער אין די העברעאישע בעאַרבײטונגען פון די יודישע ווערק. דער, וואָס פערשטעהט ניט קיין יודיש, וועט ניט כאַפּען אַ מאָל דעם פערפאַסערס מיין, ער וועט ניט דערטאַפּען דעם שפּיץ, די פּעפער פון די ווערטלעך. דער יודישער לעזער אָבער וואונדערט זיך און קאָן זיך ניט אָבוואונדערן, זעהענדיג די קונסט, מיט וועלכער מענדעלי פּאַסט-צו צו די שאַרפע, אָפט פיעלדײטיגע ווערטלעך פונ׳ם הײנטיגען געטאָ-און זשאַרגאָן-יודען — ווערטער, וואָס זענען בעשאַפען נאָר אין אַנ׳אַנדער עפּאָכע און צוליעב אַנדערע צוועקען....

בעוואוסטזיניג האָט מענדעלי אין דער צייט, בײ וועלכער מיר האַלטען, נאָך נישט געקוקט, קאָן זיין, אויף יודיש, ווי מיר האָבען דאָ אָבגעשילדערט: אין דער הקדמה צו פּרק-שירה רעדט ער נאָך אַל׳ץ וועגען המון, ווייבער און פּראָסטע מענשען, וועלכע מען טאָר נישט איבערלאָזען אָהן גײסטיגע שפּייז. נאָר אויב מיר זאָלען אין זינען האָבען ניט דאָס אונמיטעלבאַרע, פערבאָרגענע געפיהל, נאָר די „טעאָריע״, האָט מענדעלי אויך צו העברעאיש דאַן פערהאַלטען זיך אַזוי

---

*) „דאָס קליינע מענשעלע״ שריפטען 1, ז. 107, יובילײ-אויסגאַבע 1907.
**) „די קליאַטשע״.

ווי אַנדערע משכּילים. אויך ווענען העבּרעאיש רעדט ער אין דער הקדמה צו „האבות והבּנים“, אַזוי ווי עס וואָלט געווען מעהר נים, ווי אַ מיטעל צו בּילדונג, אַ פאָרשטופּע צו דער לאַנדעס־שפּראַך; ער קלאָגט זיך אויף די אינטעליגענטען־אויפקלערער, וואָס זיי בּענוצען זיך ווענינ מיט דער העבּרעאישער שפּראַך, וועלכע קאָן זיין „אַמליץ“, אַ פערמיטלערין צווישען זיי און דעם פאָלק...

אָבּער דאָס גאַנצע שאַפען מענדעלי'ס האָט געוויזען, אַז פאַר איהם אַליין איז אי העבּרעאיש, אי יודיש געווען אַ סך מעהר, ווי אַ „מיטעל“, אַז אי העבּרעאיש, אי יודיש האָט ער געשריבּען נים פאַר די, וואָס נויטיגען זיך אין „בּילדונג“, נאָר פאַר'ן גאַנצען פאָלק. אַזוי־נע ווערק, ווי „יודעל“ אָדער די „קליאַטשע“ קאָן אַ פּראָסטער מענש גאָר נים פערשטעהן, ווי עס דאַרף צו זיין. מען האָט עס אַבּראַמאָ־וויטשען אויפגעוואָרפען אַפילו: „אויב די בּיידע ספרים, האָט געשרי־בּען איינער, וואָס האָט געקוקט דאַן אויף יודיש, ווי אויף דער אָרי־מער שפּראַך פון דער אָרימער מאַסע — אויב די בּיידע ספרים, די „קליאַטשע“ און „יודעל“, האָבּען זיך אַ בּעריהמטען נאָמען געמאַכט, איז דער נאָמען נים פון דעם המון, אָבּער נאָר פון זיינע חברים, די משכּילים און מחבּרים אין לשון קדש, דאָס פאָלק קויפט זיי נים און לעזט נים, און זעלבּסט ווען מען לעזט איהם פאָר, פערשטעהט איי־נער פון טויזענד, וואָס דאָרט האַנדעלט זיך א. אַ. ז. וו. בּלייבּט מיר אַלזוי די פראַגע, פיר וועמען האָט ער די „קליאַטשע“ און „יודעל“ געשריבּען אין זשאַרגאָן“? *). דער משכּיל, וואָס האָט אַליין געשריבּען — און אָפט שען געשריבּען — יודיש, האָט זיך נים געקאָנט דאַן פאָרשטעלען, ווי אַזוי שרייבּט מען עס יודיש פאַר זיך און פאַר גלייכע, נים פאַר נידעריגערע פון זיך. אַבּראַמאָוויטשען איז עס אויך שווער אָנגעקומען, אין איהם איז פאָרגעקומען אַ שטרייט, נים איין מאָל האָט ער זיך גע־מוזט פערענטפערען פאַר זיך און זיינע פריינד, ער האָט אָבּער דאָך געשריבּען יודיש פאַר זיך און פאַר נאָך אַזוינע, ווי ער. ער איז נים געקומען צו דער יודישער ליטעראַטור אַזוי ווי אַ זייטיגער, אַ פרעמדער, אַנ'אורח. ער איז תּיכּף געוואָרען אַ תּושב אין דער פאָלקס־ליטעראַטור, אַנ'אינחעניגסטער מענש. מענדעלי מוכר ספרים איז נים ש. י. אַבּראַמאָוויטש, דער קאַזיאָנער לעהרער, דער אַפּיקורס. מענדעלי מוכר

*) הויז־פריינד 1889; „די יודישע שפּראַך און איהרע שרייבּער“.

ספרים איז אַ פּעדעמיל, אײַנגעוועבט אינאײנעם מיט זײ, מיט די לעזער, אינ׳ם גרויסען שטיק מאַטעריע, וואָס געהט אין דער וועלט פון אײביגע צײטען אונטער דער נאָמען יוד. ער איז „בײן פון זײער בײן, פלײש פון זײער פלײש". ער פאָהרט מיט זײ אויף אײן וועגעלע, פיהרט די אײגענע ספרים, די אײגענע כּפול־שמונה׳דיגע ציצית, רצועות, שופרות׳ היעלעך, מזוזה׳לעך, וואָלפצײנדלעך, מויערקעפּלעך, קמיע׳לעך, וואָס אלתר יכּנה״ז, רעדט מיט זײ אויף זײער לשון, זײ שטעקען איהם אָב אַ שלום־עליכם, רופען איהם ר׳ קרוב און פרעגען: מה שמכם, וואוהין פאָהרט׳ס אַ יוד?

און דערמיט אַלײן שוין האָט מענדעלי זיך אָבגעטײלט פון אַנדערע משכּילים, וואָס ער איז געקומען צו די יודישע לעזער אָהן בעררימטשע־ווער דײטש, וואָס ער איז געקומען צו זײ, ווי אַנ׳אַלטער בעקאַנטער, ווי אַ ז י י ע ר י ג ע ר: „די „קליאַטשע", זאָגט מענדעלי, איז געשריבען אויף אַ הויכען נאָגנ, אויף דעם נאַגג, ווי ד י א ל ט ע האָ ב ע ן גע־ש ר י ע ב ע ן". ער האָט געוואוסט די קראַפט פון דער ירושה, ער האָט זיך געוואָלט אײַנפלעכטען אין דער קײט פון די אַ ל ט ע. און אַז ער האָט ארויסגעגעבען דאָס „פרק־שירה" (1875), האָט ער געוואָלט, עס זאָל ווערען אַ פאָלקס־ספר׳ל, אַ מין „קו הישר" אָדער „שבט מוסר", און ער האָט עס „פערדײטשט אין שירים און גוט דערקלערט, בכדי א י ט ל י כ ע ר י ו ד ב ע ז ו נ ד ע ר זאָל גוט פערשטעהן זײן טײערן ווערט־ווי שען עס איז נאָר אַ נאָטס וואונדער" און האָט געמאַכט אויף דעם אַ פּירוש אויף לשון־קדש — „טוב־טעם" — „הנותן טעם לשבח ומפרש על פי חכמת הטבע ודברי חז״ל" א. ז. וו. און אין סוף האָט ער אויפ־געשריבען: תם ונשלם הפרק שירה, בעזרת הבוהר בשירי זמרה, — יודישליך, אַזוי ווי עס וואָלט געטאָן יעדער כּשר׳ער מחבר... זאָל אַ יוד זיך ניט בענוגענען מיט׳ן „ספר הברית", זאָל ער וויסען, וואָס די חוקרים, די „טבעיים" זאָגען, און בעת מעשה טאַקע פערשטעהן אויך דעם פּשט פון אַ מדרש, פון אַ מאמר חז״ל. אײן זאַך שליסט ניט אויס די אַנדערע; פערקעהרט, זײ ווערען נאָך מעהר בטעם׳ט אינאײנעם.

און ניט נאָר אין דער פאָרם פון זײן שרײבען האָט מענדעלי אויפגעהיט די טראַדיציע פון ריב״ל, בײ וועמען דאָס נײע איז צונויפגע־נאָסען, צונויפגעוואַקסען געווען מיט דאָס אַלטע; אויך אין זײנע גע־דאַנקען, אין זײן סאַטירע אפילו, איז ער מעהר יוד, מעהר אינגעוועניגס־

טער מענש, מעהר נאָהענט צום פאָלקס־לעבען און פאָלקס־גייסט, ווי אַנדערע משכילים פון זיין דור.

אַ דאַנק זיין נאָהענטקייט צום פאָלקס־לעבען און צום לעבען בכלל, איז ער אין אַ סך פרטים קאָנסערוואַטיווער פון די איבעריגע משכילים, אין אַנדערע פרטים איז ער, אַ דאַנק דעם זעלבינגען לעבענסגעפיהל, ראַדיקאַלער פון זיי.

קאָנסערוואַטיוו איז ער אין פראַגען, וואָס האָבען קיין שייכות נים צו „בין אדם לחברו", אין פראַגען, וואָס זענען נוגע אַ שטייגער, רעליגיעזע מנהגים: אַ סימפּאַטישער טיפּ פון אַ משכיל ביי איהם איז ר פ א ל, פון יענעם מין משכילים־למד־ווניקעס, וואָס, „זענען נישט אָבגעזונדערט געווען פון איבריגען עולם נישט אין דער יודישקייט, נישט אין דער הלבשה" 1), יצחק אברהם תקיף, וועלכער טוט תשובה און ווערט אַ משכיל פאַר'ן טויט, בעט אין זיין צואה, אַז אין דער תלמוד־תורה, אויף וועלכער ער לאָזט געלד, זאָל געלערנט ווערען, חוץ יודישקייט און לשון קדש, אויך דאָס לשון פונ'ם לאַנד און וועלטליכע זאַכען (אין אַ פריהערדינער אויסגאַבע שטעהט: יודיש, רוסיש, שרייבען און רעכענען—), בכדי צו מאַכען פון די קינדער יודען און מענשען צוגלייך, זיי זאָלען טייגען צו גאָט און צו לייט", און די פיהרער, בעט ער, זאָלען זיין דער ר ב און גוטמאַן דער מ ש כ י ל: „מיט אייך ביידע, זאָגט ער, וועט אין די נייגעמאַכטע שולען זיך פעראייניגען ת ו ר ה מ י ט ח כ מ ה" 2)

שפּעטער אַ צייט אין דער הקדמה צו „ספר הבהמות" חזר'ט איבער אַבראַמאָוויטש, אַז „דת" און „לאומיות" זענען ביי אונז איינס". אין „האבות והבנים" לאַכט ער אויס פון איין זייט די נחום הקמחי'ס, די משכילים־בטלנים, משכילים־שנאָרער, די בעל־לשונ'ס, וואָס געשיכטע איז ביי זיי — „די טעכטער פון לוט" און פּאָעזיע — „סחור סחור וסחור הסחור בחור", פון דער אַנדער זייט אָבער — די משכילים, וואָס ווערען פערבלענדט פון דער השכלה און פערוואַרפען אינגאַנצען דאָס יודישקייט. וועגען די דאָזיגע משכילים־ד י ט ש ל ע ך זאָגט ער אין „יודעל", אַז דער הלוק צווישען זיי און די פאַנאַטיקער פון אַלטען דור איז די זאַך: „איהר פרומע גלויבט אין אַלטע זאַכען אָהן אונטערשייד, זיי (די דייטשלעך) חאַפּען ווי הייסע לאָקשען נייע רייד. די לייט מיינען, וואָס

1) ווינשפּינגערל.

2) דאָס קליינע מענשעלע, ז. 8—107, יובילעי־אויסגאַבע 1907.

אַלט איז נאַריש און שלעכט, און איטליכע זאַך, וואָס ניי, איז קלוג און רעכט".

אָבער דער אייגענער אַבראַמאָוויטש, וואָס אין דער קריטיק פונ'ם יודישען לעבען און זיינע פערעלטערטע פאָרמען האָט ער ליעב דעם ד ר ך ־ ה מ מ ו צ ע, — דער אייגענער אַבראַמאָוויטש איז ראַדיקאַל, יעדענ־פאַלס ראַדיקאַלער פון אַנדערע משכּילים, וואו עס רעדט זיך וועגען די ס ב ו ת פון דער יודישער לאַגע און דער יודישער, מאַטעריעלער און גייסטיגער, אָרימקייט. די ס ב ו ת פון דער אָרימקייט פערשטעהט אַבראַמאָוויטש טיעפער אַ סך, ווי אַנדערע משכּילים. (פונ'ם דאָזיגען טיעפערן פערשטעהען נעמט זיך איינענטליך אויך דער קאָנסערוואַטיזם אַבראַמאָוויטשעס בנוגע צו די אַלטע איינגעוואָרצעלטע לעבענס־פאָרמען) זיי, די משכּילים, מיינען, אַז שולדיג אין אַלץ איז די „פינסטערנים"; די ערגסטע פיינד פונ'ם יודישען פאָלק זענען די „מורדי אור", די „פלעדערמייז", ווי נאָר עס וועט אַ שיין טון אין דער יודישער גאַס „די זון פון דער השכּלה" — איז אַ סוף־אַנ'עק צו אַלע צרות. אַבראַמאָוויטש פערשטעהט, אַז די פינסטערנים איז נים די סבּה, נאָר אפשר גאָר דאָס רעזולטאַט פון אַלע צרות; די סבּה ליגט אַנדערשוואו: „בעטראַכט זיך אדרבּה אַליין, זאָגט דער אַשמדי צו ישראליק'ן, — בעטראַכט זיך אַליין, אויב דו בּיזט ניט ריין משוגע. פאַר דיר שטעהט אַ פ ע ר מ אַ ט ע ר ט ע, אַ ה ו נ ג ע ר י ג ע ק ל י אַ ט ש ע, וואָס זי בעדאַרף נויטיג ווי אין לעבען אַריין האָבען כאָטש אַ בּיסעל מנוחה, אַ מ ע ס ט י ל ה אָ ב ע ר, אַ ב י נ ־ ט ע ל ה י י, ווילסטו איהם נאָר בעווייזען אַ ה א א י ן ס ד ו ר און אַלץ אויסדרינגען, ווי גוט, ווי שען עס איז זיך א ו י ס צ ו ל ע ר נ ע ן ע פּ י ם ק ו נ צ ע ן". און אין „ווינשפינגעריל" זאָגט דער אונבעקאַנטער: „היגע יודען, נעבעך, בעדאַרפען ברויט, נישט קיין ספרים". און אַז מענדע־לי'ן פערדריסט בּלומרשט, וואָס ער „צושטערכעט איהם זיין קרעמיל", זאָגט ער איהם: „חלילה, נישט אייערע דאָזיגע ספרים מיין איך, יענע מיין איך, יענע, וואָס אַלץ מיט שטראָף־ווערטער, מיט עצות און אַ נע־פילדער: פע, הבלים, פע, אָבגעלאָזטקייט! גוואַלד, בּילדונג!" יענע, די השכּלה־ספרים, מיינט ער. און ער ענדיגט: „געגוג, כ'לעבען, סליחות!" מ'דאַרף טאָן עפּים ממשות'דיגעס. מען דאַרף, הייסט עס, אויסוואָרצלען די ס ב ו ה, וואָס שאַפען די לאַגע פון קאַבּצאַנסק און גלופּסק. די סבות, מיינט אַבראַמאָוויטש, ליגען אין דער אויסווענינגסטער אונגערעכ־טיגקייט בנוגע צו יודען פון איין זייט, און אין די א י נ ו ו ע נ י ג ס ט ע

סאָציאַלע אונגערעכטינקייטען — פון דער אַנדער זייט. אויף דער אויסוועניגסטער אונגערעכטינקייט איז פאַרהאַן אַן׳אָנצוהערעניש אין דער „קליאַטשע״, און נאָך קלערער אין דער „טאַקסע״: „וואָס העלפט עס, זאָגט פיקהאָליץ, אַז זיי האָבען, נעבאַך, נים קיין מזל, אַז זיי זענען, נעבאַך, אונגליקליך און פון כמה שנים שטיקטמען צונויף אַלע אינאיינעם אין איין אָרט, ווי די שאָף, אַז זיי זעהען פאַר זיך ניט קיין וועלט און קאָנען ניט טעמען קיין פרייע לופט״. דערפון איז נישט געדרונגען, אַז פיקהאָליץ איז חלילה געשטאַנען אין אָפּאָזיציע צו דער רעגירונג; אַדרבה אין דער רעגירונג, וועלכע האָט דאַן, אין די 60־סטע יאָהרען, געמאַכט אַ מינע פון אַ רעפאָרמאַטאָר — אין דער רעגירונג האָבען די משכילים, און מענדעלי בתוכם, געגלויבט; פון קירה האָט מען גע־וואַרט איף יודען ישועות ונחמות... און טאַקע דערפאַר האָט מען דעם גאַנצען כעס אויסגעגאָסען אויף דער אינוועניגסטער, דער יודישער „רעגירונג״ — אויף די בעל־טובות, די בעל־טאַקסעס, די קהלם׳ס־לייט, די „כנופיה״...

די העברעאישע ליטעראַטור, די ליטעראַטור פונ׳ם מאַטעריעל און גייסטיג העכער שטעהענדיגען בעל־הבית׳ישען אינטעליגענט, האָט זיך מעהר אינטערעסירט מיט רעליגיעז־גייסטיגע, ווי מיט סאָציאַלע פּראָבלעמען, זי האָט מלחמה געהאַלטען ניט מיט די גבירים, נאָר מיט די רבנים, מיט די עלטערן־פאַנאַטיקער, זי האָט געפאָדערט פרייהייט פון גייסט; און אויך אין „האבות והבנים, וואו עס זענען פאַרהאַן שוין רעאַליסטישע און סאָציאַלע מאָטיוען,. איז די הויפּט־פּראָבלעם דאָך אַ גייסטיג־משכילישע, דער שטרייט פיהרט זיך צווישען דעם פרומען פאַנאַטישען פאָטער און דעם זוהן, וואָס לייענט טרפה־פסול׳ן. אָבער די פאָלקס־ליטעראַטור, די ליטעראַטור אויף יודיש — זי האָט פון אָנהויב אָן זיך אינטערעסירט מעהר מיט דעם גביר, ווי מיט דעם רב, מעהר מיט׳ן גבאַי, ווי מיט׳ן רבי׳ן; אין רב חאָט זי אין ערגסטען פאַל געזעהן דעם נגיד׳ס אַ געוועהר, אין איהר סאַטירע האָט, אַ חוץ עטליכע אויסנאַהמען אַ סאָציאַלען כאַראַקטער. „אין טוניעיאַדאָווקע, זאָגט מענדעלי, איז דאָ אַ ווערטיל: פון וואָס מען זאָל ניט שמועסען, מוז אַרויסקומען אויפ׳ן טויט, און פון וואָס מען זאָל נישט ריידען אויף אַיין אַסיפה, מוז מען אויסלאָזען מיט דער טאַקסע פון פלייש״. און אויך די פאָלקס־שרייבער, וואָס האָבען טוניעיאַרעווקע געוואָלט אויסבע־

סערן — פלענען אויסלאָזען שטענדיג מיט דער טאַקסע. זי איז געד
װען די „סבה פון אַלע סבות"... די ליטעראַטור אין אַנ'איבערגאַנגס-צייט
האָט שטענדיג, אַ חוץ אַ גוטען, אַ געליבטען העלד, וואָס זי לויבט אין
הימעל אַריין, נאָך אַ העלד אַ בייזען, אַ רשע, וועלכער ליגט ביי איהר
צעהן איילען אין דער ערד. די בייזע פאַרשוין פון דער השכלה-ליטע-
ראַטור אין העברעאיש איז געווען—די חומרא, אין יודיש—
די טאַקסע. מענדעלי האָט אָבער די טאַקסע פערשטאַנען ברייטער,
טיעפער, ווי אַנדערע. אַזוי ווי די מאָרבע איז ביי איהם ניט גלאַט
אַ טאָרבע, אַ לעבערדיגער שמוציגער זאַק, מיט וועלכען מען געהט אי-
בער די הייזער, נאָר אַ סימוואָל פון דעם יודישען דלות, פון דעם
יודישען לעבען-פון-ווינד, פון די „יודישע פרנסות", אַזוי איז אויך די
טאַקסע ביי איהם אַנ'אויסדרוק פון די אינוועניגסטע סאָציאַלע אונגע-
רעכטיגקייטען, וואָס פערביטערן און פערפינסטערן דאָס יודישע לעבען,
אַנ'אויסדרוק פון די קהל'שע יודישע „פאַראָנדקעס", פון דער גאַנצער
כנופיה בעל טובות, בעל עצות כלל-פערזאָרגער, גבירים, שתדלנים,
קאָכלעפעל, טעלערלעקער. די אָרימע אין קונסט-בילדער, אָבער רייכע
אין געדאַנקען און אין פאַנטאַזיע סאַטירע, אין וועלכע מענדעלי האָט אָנגע-
שריבען נאָכ'ן „קליין מענשעלע" און וועלכע האָט פאַר אַ מאָטטאָ דעם
פּסוק — „משד עניים מאנקת אביונים עתה אקום" — די דאָזיגע
סאַטירע רופט זיך „די טאַקסע אדער די באַנדע שטאָדט-בעלי
טובות". דער עיקר איז דאָ ניט דער בעל-טאַקסע (אַ בעל-טאַקסע
בעגעגענען מיר אין „פריזיוו" דוקא אַ סימפּאַטישען מענשען, וועלכער
ליידט אַליין פון די בעל טובות) דער עיקר ווערט אַרויסגעשטעלט צום
שאַנד-סלופּ די באַנדע, דער גאַנצער הערשענדער קלאַס פון יענער
צייט, אָנגעהויבען פון ר' איציק וואָלף ספּאָדיק, דעם פרומען
צבועק און ר' יודעלע שטאַנדהאַפט, דעם משכילישען צבועק
און געענדיגט מיט ר' אהרן קנעכטבאַרג דעם קאָכלעפעל, ר'
מענדיל דעם געלען, דעם שטאָדט-שייגעץ, דעם בילער, וואָס דינט
ביי די בעל טובות און פאַלט אָן, אויף וועמען מען הייסט איהם, און
די דיינים, וואָס זענען אויך, נעבאַך, אין די הענד פון די בעלי טובות'
און מוזען זיי אונטערבאַמקען. .

די „טאַקסע" איז אַזוי ווי אַ באָמבע געווען אין דער גלופּסקער
קהל'ס-וועלט. אָבער די באָמבע איז אָנגעפילט געווען מיט גאַל, מעהר
מיט נאָרנישט; די גאַל האָט געפּלאַצט און עס האָט קיינעם ניט גע-

שאַדט (דער פּערפֿאַסער האָט עס פּאַראַוויסנגעזעהען: דער סוף פֿון דער סאַטירע איז זעהר אַ פּעסימיסטישער). אַ מומעל איז דאָך געוואָרען — אַ שרעק. דער איינדרוק איז געווען אַ גרעסערער, ווי פֿונ'ם „קליין מענשעלע" (הגם לימעראַריש איז די „טאַקסע" אָרימער פֿונ'ם „קליין מענשעלע"). די באַנדע־לייט, די בעלי־טובות פֿון גלופּסק האָבען עס אָנגענומען פֿאַר אַ פּאַמפליעט, פֿאַר אַ חוצפּה. פֿון די „צאַן קדשים" אָבער האָט ניט איינער דאָ צום ערסטען מאָל דערשמעקט דעם ריח פֿון פּולווער — פֿון סאָציאַלען קאַמפּף, פֿון קאַמפּף פֿאַר'ן המון געגען די גבירים.

דער המון אַליין ווערט נאָך אין דער „טאַקסע" ניט אַרויסגעשטעלט פֿאַר אַ קעמפּפער (איזיק זאַאיקע איז אַ קרבן פֿון נאַאיווער, פֿאַנאַטישער עהרליכקייט, ניט פֿון קאַמפּף), דער המון איז נאָך דערשלאָגען, אונטערטעניג, ער בעט זיך רחמים ביי דער כנופיה, ער קאָן מעהר ניט, ווי זיפצען: „אַז אָך און וועה איז אונז". דערפֿאַר אָבער איז דער פֿאָרשטעהער פֿון דער אינטעליגענץ, וועקער, אַ פּראָטעסטאַנט, אַ היציגער קאָפּ און אַנ'עכטער פֿאָלקספֿריינד, ער איז דער ערסטער סאָציאַלער דרשן אין דער יודישער ליטעראַטור:

„ניין! שרייבט ער: די גאַל ווערט צוזעצט, מען קאָן זיך שוין ניט מעהר איינהאַלטען! פֿערפֿלוכט זאָל זיין דער, וואָס זעהט אַ זעלכע עולות און שווייגט! פֿערפֿלוכט זאָל זיין דער, וואָס איז אַ טרוס (אַ פּחדן), וואָס האָט מורא צוזאָגען דעם אמת! פֿערפֿלוכט זאָל זיין דער, וואָס פֿערשטאָפּט די אויערן ניט צו הערען די יללות און די קרעכצען פֿון די אומגליקליכע, פֿון בעלייריגטע און נויטבעדערפֿטיגע, פֿערפֿלוכט, פֿערשאָלטען אַלע, וואָס פֿערקויפֿען זייער געוויסען, אַלע, וואָס זענען אימשטאַנד צו העלפֿען מיט אַ וואָרט, מיט דער פֿען און שטעהען פֿון ווייטען, מאַמער ווערט זיי חלילה עפּיס דאָס מינדעסטע שאָדען!... וואָס זאָל איך מיך בעהאַלטען? אַ. אז. וו. איך קאָן ניט שווייגען! איך מוז נעהען אַרויסזאָגען דעם אמת גאַנץ פֿריי, זאָל באַטש די וועלט וויסען!" און ער נעהמט און האַלט דרשות פֿאַר'ן פֿאָלק, אין לעבעדיגע בילדער שילדערט ער די נויט און די אָרימקייט פֿון דער יודישע מאַסע, אין זעהר העפֿטיגע, כאָטש ־זעהר אונקלאָרע, אויסדריקען פּראָטעסטירט ער געגען די יודישע בעלי טובות...

שפּעטער, אין אַ יאָהר 12־15 אַרום, האָבען אויך אין דער העברעאישער ליטעראַטור געקלונגען קלינגען שטימען פֿון סאָציאַלען פּראָ־

טעסט, דאָס זענען געווען אָבער אַנדערע שטימען. דאָס זענען געווען אָבקלאַנגען פון דער אַרומיגער ניט־יודישער וועלט. אין די שירים פון יהל״ל און אויך אין די מאמרים פון „האמת״ האָט זיך גערעדט ניט וועגן יודישע סאָציאַלע אונגערעכטיגקייטען, נאָר וועגן דער סאָציאַלער אונגערעכטיגקייט, דער סאָציאַלער פראַגע בכלל. עס האָט געטראָגן אַן אַבסטראַקטען כאַראַקטער. ביי יודען איז נאָך ניט געווען גאָר קיין „פראָלעטאַריאַט״, עס זענען געווען בעלי־מלאכות, קליינע קרעמער, אָרימע לייט און געווען נגידים. וועקער האָט גערעדט אין נאָמען פון אָט די בעלי־מלאכות, קליינע קרעמער, אָרימע לייט. מיט זיין מויל האָט גערעדט צו אונז דאָס יודישע לעבן, די יודישע נויט. דערמיט שיידט זיך זיין פראָטעסט אָב פון די שפּעטערדיגע פראָטעסטען אין די 70־סטע יאָהרען.

פון דער אַנדער זייט אָבער געהערט וועקער צו אַ דור, וואָס האָט נאָך נישט קיין אידעאַל, נישט קיין סאָציאַלען, נישט קיין נאַציאָנאַלען. זיינע פאָדערונגען זענען מעהר נעגאַטיווע, ווי פּאָזיטיווע. עס איז געווען דאַמאָלס אַן איבערגאַנגס־צייט; אַזוי ווי שטענדיג אין אַ איבערגאַנגס־צייט, האָט מען געמוזט אַ סך צושטערען איידער מען האָט אָנגעהויבען בויען. וועקער איז אַזוי ווי זיין נאָמען, מעהר נישט ווי אַ וועקער, ער איז אָבער דער ערסטער וועקער, דער אָנזאָגער פון דער סאָציאַלער דיפערענצירונג, פון דעם סאָציאַלען קאַמפף, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבען שפּעטער און וועלכער האָט אַריינגעבראַכט אין דאָס יודישע לעבען גאָר נייע טענדענצען... די „טאַקסע״ — האָט דעריבער אַ ווערדע נישט נור פאַר דער יודישער ליטעראַטור־געשיכטע, נאָר אויך פאַר דעם היסטאָריקער פון די געזעלשאַפטליכע בעוועגונגען ביי יודען אין דער צווייטער העלפט פונ׳ם פאָריגען יאָהרהונדערט.

און אויב די „טאַקסע״ איז דער אָנהויב פונ׳ם סאָציאַלען פּאַטאָס אין דער יודישער ליטעראַטור, איז די „קליאַטשע״, וועלכע איז אַרויסגעגאַנגען שפּעטער מיט פיער יאָהר (1873) — דער אָנהויב פונ׳ם נאַציאָנאַלען פּאַטאָס. די „קליאַטשע״ האָט מענדעלי אַרויסגעגעבען אָנשטאָט אַ צווייטען טייל פון דער טאַקסע, און עטליכע קאַפּיטלעך זענען פאַרהאַן טאַקע אין איהר, וואָס דערמאָנען אָן דער „טאַקסע״, — דאָס זענען די קאַפּיטלעך, וואו עס רעדט זיך וועגן די צרות, וואָס די קליאַטשע, די כנסת ישראל, האָט אויסצושטעהען אין דער היים ביי

זיך, פון די היימישע בעלי־טובות; דער עיקר אָבער דאָ איז די לאַגע, וואָס יודען פערנעמען אין דער פרעמד, צווישען די אומות, עס ווערען נים געשטעלט פערשיעדענע טיילען פונ׳ם יודישען פאָלק איינע אַנטקעגען די אנדערע (אַזוי ווי אין דער „מאַקסע״), נאָר דאָס פאָלק געגומען אין גאַנצען ווערט אַנטקעגען געשטעלט דער וועלט. מענדעלי גיט אַ טראַכט פון דער יודישער מאַסע צום יודישען פאָלק... כמעט אַליין, וואָס מיר האָבען אין גלות געשאַפען ביז׳ן סוף פונ׳ם פאָריגען יאָהרהונדערט, אָנהויבענדיג פון דער אגדה, — האָט איין העלד: די אומה; די שענע שולמית אפילו איז געוואָרען אין גלות אַ משל אויף דער „אומה הישראלית״. פאַר דער „קליאַטשע״ האָבען מיר דרך־ארץ שוין דערפאַר גופא, וואָס איהר העלד איז ווידער — די נאַציע. די מאַסע איז געווען און געבליבען די שקאַפע, די נאַציע אָבער — זי איז אַ מאָל אַ „פרינץ־געווען! די שקאַפע וועקט אונזער רחמנות — און וואָס איז נאָך אַזוי אָרעם און מאַכטלאָז ווי רחמנות? אָבער דער פערשאָלטענער פרינץ, ווען ער הויבט אָן ריידען, מעגען מיר איהם זעהען אין דער געשטאַלט פון אַ קליאַטשע, — צינדט זיך אָן אונזער ליעבע. „די קליאַטשע האָט פלוצלונג אַ זיפץ געטאָן. איהר זיפץ האָט אין האַרצען זיך אָבגערופען, ווי אַ דונער. איך בין פערצי־טערט געוואָרען. פייערדיגע געפיהלען פון רחמנות האָבען ווידער אָנגע־צונדען מיין בלוט, איין זיפץ איהרער האָט אין מיר אָנגעמאַכט אַ גאַנצע איבערקערעניש אין מיך ווידער שטאַרק געצויגען צו איהר, ווי אַ מאַג־נעט״. ווי אַ מאַגנעט, דאָס איז די שפראַך פון ליעבע, נים פון רחמנות. און ווען מיר לייענען מיט קאָפ דאָס דריטע קאַפיטעל און פיהלען דעם קאַמפף, וואָס קומט פאַר אינוועניג אין ישראליקען, צווי־שען זיין ליעבע און זיין האַס צו דער קליאַטשע, — זיין ליעבע פאַר דעם אָדער פון פרינץ, וואָס שלאָגט נאָך אין איהר, און זיין האַס פאַר איהר שטומע אונטערטעניגקייט, פאַר איהר פערדישע געדולד, — ווען מיר לייענען עס און הערען, ווי ישראליק גיט איינמאָל אַ געשריי: „אומגליקליכער פרינץ, בידנע קליאַטשע!״ — פיהלען מיר, אַז דאָס איז דער קאַמפף, וואָס קומט פאַר אינוועניג אין דער קליאַטשע גופא, דער קאַמפף צווישען דער פרינציפישער נשמה אין דעם שקאַפישען גוף, צווישען דעם שענעם „אַמאָל״ און מאיסען „היינט״... „אתה עבד ומלך!״ — דו ביזט אַ קנעכט און אַ קעניג! זאָגט אַבראַמאָוויטש אין „האבות והבנים״ וועגען דעם יודישען פאָלק,

אין דער „קליאַטשע" (און אין אַנדערע שפּעטערדיגע װערק מענדעלי'ס) איז אָבגעשפּיגעלט דער קאַמפּף, דער אינװעניגסטער קאַמפּף, װאָס קומט פאָר אינ'ם יודישען פאָלק צװישען דאָס קנעכטישע און דאָס קעניגליכע.

דער אינװעניגסטער קאַמפּף אָבער איז דער אָנהויב פון דער אינ־װעניגסטער בעפרייאונג. די „קליאַטשע" איז דעריבער דער אָנהויב פון דער יודישער בעפרייאונגס־אידעע. זי איז דער אָנהויב פון דעם חשבון־הנפש, װעלכען דאָס יודישע פאָלק האָט אָנגעהויבען מאַכען אין סוף פונ'ם 19־טען יאָהרהונדערט. אייניגע קאַפּיטלעך אין דער „קליאַטשע", די קאַפּיטלעך, װאו עס רעדט זיך װעגען טענות, װאָס עס האָבען צו יודען די אומות העולם, מאַכען דעם איינדרוק, אַזױ װי זיי װאָלטען געשריבען געװען ניט פאַר יודען; אין דער אמת'ן אָבער איז עס אַ פּאָלעמיק געגען די יודישע אינטעליגענטען אין יענער צייט. געװען אינטעליגענטען אַזױנע ביי יודען, װאָס זענען געשטאַנען איינענט־ליך אויפ'ן זעלביגען שטאַנדפּונקט, װאָס די גוים; יודען, האָבען זיי געטראַכט, זענען טװינעניכטסען, ליידיגגעהער, אַ אונפּראָדוקטיװער עלע־מענט; יודען זענען װילד, פאַנאַטיש, פערדאָרבען; זאָלען זיי זיך אויס־בילדען, אָװעקװאַרפען די נאַרישע מנהגים, די אַלטע טראַדיציעס, זאָלען זיי װערען לייטען גלייך, זיך נעמען פאַר אַרבייט, פאַר שענע פּרנסות, — װעט מען זיי געבען פּראַװעס; פריהער ניט...

— קיין טאַנץ געהט נישט פאַר'ן עסען! האָט געענטפערט אויף דעם די „קליאַטשע": װאָס פאַר אַ שייכות, איך בעט אייך, האָט עסען און דאָס נויטיגע בעדערפנים מיט בילדונג? מיט װאָס פאַר אַ יושר קאָן מען יענעם נישט לאָזען עסען, עטעמען פריי, סיידען ביז ער װעט זיך אויסלערנען עפּיס קונצען? איטליכעס בעשעפעניש, װאָס װערט גע־בוירען, איז קודם כל אַ לעבעדיגע זאַך, פאַרזאָרגט פון דער נאַטור מיט אַלע חושים, מיט אַלע אברים, מאַקע נאָר פון זיינטװעגען, בכדי דורך זיי צו בעקומען אַלסדינג, װאָס עס בעדאַרף נויטיג האָבען צום לעבען". א. אז. װ. — „מען זאָגט, איך זאָל מיך לאָזען לערנען. פרעג איך דיך ערשטענס, חכם מיינער, פאַר װאָס הייסט מען עס דוקא מיר? די „קליאַטשע" װיל ניט זיין מעהר קיין „אתה בחרתנו", קיין אויסנאַהם אין דער װעלט — זי פאָדערט גלייכהייט. זי פאָר־דערט דאָס רעכט אויף חסרונות, נישט נאָר אויף מעלות. זי פאָדערט רעכט פאַר שיילאָק'ן, נישט נאָר פאַר „נתן דעם װייזען". און זי װיל

רעכט, נישט קיין רחמנות: „איך בין דיר מוחל, זאָגט זי, דיין רחמנות". איך וויל נישט, אַז דו זאָלסט ארבייטען מען זאָל מיך נישט אזוי פלאָגען, מען זאָל מיר געבען מיין בעדערפניש צו דערהאַלטען מיין נשמה מאקע נאָר גלאַט פון רחמנות, ווייל עס איז פשוט אַ צער בעלי חיים. איך וויל אַפילו נישט, דו זאָלסט אויסבעטען פאַר מיר אַלע נויטינגע זאַכען צום לעבען אי מהאי טעמא, וואָס מען האָט און וואָס מען קאָן פון מיר האָבען נוטצען, דאָס זענען אַלטע מעשיות א. אז. וו. איך וויל נאָר נישט הערען קיין רחמנות, קיין נוטצען, איך בין ווי אַלע אַנדערע אַלעבעדיגע בעשעפעניש און האָב ווי זיי אַ פראַווע, דאָס רעכט צו לעבען"...

פאַר אונז זענען די דאָזיגע ווערטער ניט ניי, דאַן אָבער איז עס געווען אַ נייע פסיכאָלאָגיע, אַ נייע שפּראַך... און דער היסטאָריקער וועט די דאָזיגע שורות בעטראַכטען געוויס ווי דעם מאַניפעסט פון דעם אויפגעוואַכטען און שטאָלץ-געוואָרענעם נאַציאָנאַלען בעוואוסטזיין. דער באָדען פאַר נאַציאָנאַליזם אינ'ם היינטיגען זין איז אין יענער צייט נאָך ניט פאַרטיג געווען, די השכלה האָט נאָך ניט אָבגעטון איהר אַרבייט, דער „אַנטיטעזיס" איז אין דער אינטעליגענץ נאָך זעהר שטאַרק געווען, און אויך מענדעלי האָט נים געהאַט נאָך קיין פּראָגראַם קיין נאַציאָנאַלע, ער האָט זיך אַליין נישט אָבגעגעבען נאָך קיין רעכענונג פון זיינע געדאַנקען. און ער האָט ניט שטאַרק געגלויבט אין זייער ווירקונג, און אַזוי ווי די „טאַקסע", דער סאָציאַלער פּראָטעסט, ענדיגט זיך מיט אַ קרעכץ אין אַ נבנע'דיגען געבעט צו גאָט אין דער רעגירונג, אַזוי ענדיגט זיך אויך מיט אַ קרעכץ און עס שפירט זיך אַ צובראָכען געמיט אין דער „קליאַטשע", אינ'ם אויסדרוק פונ'ם נאַציאָנאַלען געפיהל.

דאָך איז די „קליאַטשע" זעהר אַ וויכטיגער גרעניץ-צייכען צווישען דעם ערסטען משכילישען, און דעם צווייטען נאַציאָנאַליסטישען פעריאָד פון דער קולטורעלער אויפוואַכונג פונ'ם יודישען פאָלק; אַ גרעניץ-סלופּ צווישען דער „קנעכטשאַפט אין פרייהייט" — און דער פרייהייט אין קנעכטשאַפט...

*

מיר האָבען זיך אָבגעשטעלט לענגער אויפ'ן ריין-פּובליציסטישען אינהאַלט פון דער „טאַקסע" און דער „קליאַטשע", ערשטענס, ווייל אין

די דאָזיגע ווערק איז די פּובליציסטישע טענדענץ זעהר קלאָר אויסגע־דריקט, און ווידער, ווייל בכלל איז מענדעלי דאָ נאָך מעהר פּובלי־ציסט, ווי בעלעטריסט. א פּובליציסטישער עלעמענט איז פאַרהאַן אין אַלע, אַפילו אין די שפּעטערדיגע, ווערק מענדעלי'ס; נאָר דאָרט איז די פּובליציסטיק אַ זאַך פאַר זיך, זי שטערט נים דעם קינסטלער צו טון זיין קינסטלערישע אַרבייט, און עס טרעפט זיך אַמאָל, אַז זי גיסט זיך צונויף אין איין גאַנצעס מיט דער בעלעטריסטיק און עס ווערט אַ משל מיט אַ נמשל, און מיר האָבען, ווי שלום עליכם האָט עס ריכטיג אָנגערופען, בילדער מיט צוויי געשטאַלטען, אַ רעכטע זייט מיט אַ לינקער זייט, איין איבערצוג מיט אַן'אונטערשלאַק; ווייל מען — קאָן מען די אונטערשלאַק פערשטעלען פון זיך, האָט מען אַ ריין קינסטלע־רישע זאַך. אין די ערסטע מענדעלי'ס ווערק אָבער, און בעזונדערס אין דער „טאַקסע" און אין דער „קליאַטשע", וואַרפט זיך די ערסטע זאַך אין די אויגען „דער אונטערשלאַק", די פּובליציסטיק, זי פילט אָן די גאַנצע לופט, זי שאַפט דעם גרונד־טאָן פון די ווערק — — —

פאַרוואָס איז עס אַזוי?

געבוירען איז אַבראַמאָוויטש אַ קינסטלער, אַ מאַלער פון איינציגע קליינע, אין זיך פערענדיגטע און נישט פערוויקעלטע נאַטור־און לעבענס־בילדער, אַ פּסיכאָלאָג פון סאָציאַלע טיפּען, פון מענשליכע „אָנשטעלען", פון מענשליכער פערדאָרבענהייט, וואָס ווען ער שילדערט זי, איז ער שטאַרק און טיעף, און פון מענשליכער איידעלקייט, וועלכע איז שטענ־דיג ביי איהם זיסליך, סענטימענטאַל; געבוירען, זאָג איך, איז מענדעלי אַ קינסטלער, און אויך בלייבען אין דער ליטעראַטור וועט ער נים אַלס לעהרער, נאָר אַלס שפּראַך־מייסטער, נישט אַלס סאָציאַלער דענקער, נאָר אַלס סאָציאַלער פּסיכאָלאָג, נישט אַלס מוסר־זאָגער, נאָר אַלס קינסטלערישער עטנאָגראַף און קינסטלערישער היסטאָריקער; נאָר די צייט, ווען ער איז אַריינגעטראָטען אין דער יודישער ליטעראַטור, די צייט איז געווען אַזאַ, אַז מען האָט נישט געטאָרט נאָכגעבען דעם יצר־הרע פון קונסט, מען האָט זיך נים געקאָנט פערגינען דעם נחת צו שאַפען צוליעב שאַפען. דאָס איז געווען אַ צייט, ווען דער, וואָס איז געבוירען געווען צו פרעגען, אַזוי ווי אַ קינד, אַזוי ווי אַ קינסטלער, האָט געמוזט ווערען אַ געבער פון ענטפערן, אַזוי ווי אַ זקן, אַ בעל־יועץ; דער ליריקער איז אַ דרשן; דער עפּיקער — אַ משלים־זאָגער; דער הומאָריסט — אַ סאַטיריקער; דאָס איז געווען אַ צייט, קורץ, ווען

פֿין פענעם מאַכט מען פּילען, און יבנה־לייט, יושבי־אהלניקעס, „גור־
טען אָן די לענדען" צו נעהען אין מלחמה...

„איך טו דאָס, זאָגט ה עקער, איך טו דאָס, וואָס אונזערע על־
טערן האָבען געטאָן אַמאָל בשעת חורבן דאָרטען אויף די טייכען בבל'ס.
אויף די ווערבעס דאָרטען האָבען די משוררים אויפגעהאַנגען זייערע
פידלען, זיי האָבען מעהר נישט געוואָלט זינגען, שפּילען, נאָר קלאָגען,
יאָמערן און טרויערן... געגוג זינגען, גדליה! גענוג שרייבען שירים,
מליצות. בשעת אונזער פאָלק, אונזער אָרעם פאָלק ליידעט אויף דעם
טייך גנילאָפּיאַטאָווקע, צעררייס איך די סטרונעס פון דער יודישער
פידעל. י ו ד ע ן  ז ע נ ע ן  נ י ט  ג ע ב ו י ר ע ן  ג ע ו ו אָ ר ע ן  צ ו
ז י נ ג ע ן, צ ו  ש פּ י ל ע ן... מ ע ן  מ ו ז  ה אָ ב ע ן  א י ן  ז י נ ע ן
ע ר נ ס ט ע ר ע  ז אַ כ ע ן..." און מענדעלי נעמט זיך פאַר „ערנסטערע
זאַכען". ער צעררייסט די סטרונעס פון זיין פידעל און נעמט דאָס
מייטעל אין האַנד. ער פערלאָזט י ב נ ה, דאָס שטילע געצעלט פון
שטילען שאַפען און געהט אַרויס אויפ'ן שלאַכט־פעלד.

אָבער דער וואָס איז געבוירען צו זיין יוחנן בן זכאי קאָן ניט
בלייבען קיין יוחנן מגוש חלב. סטרונעס, בעזונדערס די, וואָס קלינגען
אין האַרצען, קאָנען פּלאַצען אַליין; צעררייסען זיי איז שווער... און
ווען מענדעלי פלעגט פון די סטרונעס נעמען פלעכטען אַ נעץ, כדי זיי
זאָלען „נוטצען" צו עפּים, פלעגט ניט איינמאָל זיך דערהערען פּלוצלונג
אַ קלאַנג אין דער שטילקייט, דאָס איז געווען די בענקשאַפט נאָכ'ן
פיעדעל, און ניט איינמאָל פלעגט מענדעלי אַליין זיך ניט איינהאַלטען
מעהר, און פלעכטענדיג די נעץ, פלעגען די בענקעדיגע פינגער שטילער־
הייט ציהען קלאַנגען פון די סטרונעס... דער קינסטלער פלעגט זיך
אַריינמישען דעם פובליציסט אין די רייד... און אויך די נאַטור־שילדע־
רונגען, וואָס זענען פאַרהאַן לרוב אין די ערסטע, אַזוי ווי אין די לעצטע
ווערק מענדעלי'ס, און וואָס אָפּט האָבען זיי צום עצם ווערק, צום
ספור המעשה, גאָר אַ קנאַפּע שייכות — אויך די נאַטור־שילדערונגען
זענען מעהר ניט, ווי אַ צינז, וואָס מענדעלי דער פובליציסט און מוסר־
זאָגער פלעגט צאָהלען שטילערהייט מענדעלי'ן דעם קינסטלער. ער
זאָל רוהיג זיין און ניט ציהען פונ'ם שלאַכט־פעלד צוריק אַהיים, אין
דאָס שטילע געצעלט פונ'ם שטילען שאַפען. די פאַרשוינען, די מענ־
שען, וואָס מענדעלי, פאָהרענדיג אויפ'ן וועגעלע מיט ספרים, בעגע־
גענט אויפ'ן וועג — זיי דאַרף דער פובליציסט פ אַ ר ז י ך, זיי דאַרף

ער אין מויל אַרײַנלעגנען זײַנע משלים, זײַנע שטעכווערטלעך, זײַן
מוסר; די „נאַטור“ אָבער — זי גיט ער אָב במתּנה מענדעלי'ן דעם
קינסטלער, ער מעג זיך קוויקען מיט איהר, וויפיעל זײַן האַרץ געלוסט.
און מענדעלי דער קינסטלער לאָזט זיך ניט בעטען, טרעפט זיך איהם
אַ שטיקעלע נאַטור, אַ וועלדעלע, אײַן בוימעלע אַפילו, — צעשפּילט ער
זיך אויף אַלע כּלים, איצט איז זײַן וועלט, און ער לאָזט שוין די פען
ניט אַרויס פון זײַן האַנד, וואו ער וועט ניט אויסמאָלען דאָס לעצטע
שטריכעלע, דאָס לעצטע פינטעלע. איך וואָלט אַ סך זײַטלעך געראַפט
פערשרײַבען ווען איך וואָלט ברײַנגען, בײַשפּיעלען פון מענדעלי'ס מאָלען
די נאַטור; איך וויל ברײַנגען נאָך עטליכע שורות, וואו עס איז הו=
מאָריסטיש אָבגעשילדערט, ווי אַזוי דער יוד, דער ב ע ל = ת כ ל י ת,
וואָס זיצט אין מענדעלי'ן, שטראָפט דעם קינסטלער, וואָס אין איהם:
„אונטערוועגענס אײַנמאָל שבעה עשר בתּמוז, גאַנץ פריה, זיץ
איך מיר אויף דער קעלניע פון מײַן ביידעל אין טלית און תּפילין,
מיט דער בײַטש אין דער האַנד, גאַנץ יודישליך. די אויגען זענען
מיר צוגעמאַכט, בכדי נישט אָנצוקוקען בײַ'ם דאַווגען די ליב=
ליכע וועלט, מעשׂה=שׂטן אָבער איז זי, די נאַטור, ווי הײַסט מען
עס, געוועזן וואונדער=שען, גאָר אַ בילד, און עס האָט מיך געצויגען
עפּיס, ווי אַ כּישוף, אַ קוק צו טון. איך האָב אַ היבשע צײַט זיך גע=
ראַנגעלט מיט מיר אַלײן. דער יצר=טוב זאָגט: פע! מען טאָר נישט.
דער יצר=הרע אנקעגען טאָרעט: נישקשה, האָב הנאָה, נארעלע! און
עפענט מיר דערבײַ טאַקע אויף מײַן אויג, עס טוט מיר אַ שײַן, נאָר
ווי אויף צו להכעיס, עפּיס אַ בילד=שענע פּאַנאָראַמע; פעלדער גע=
שפּרענגעלט מיט בליהענדע רעטשקע חיים ווי שנײ, נעבען געלב=גילדע=
נע ראַצאָמאָרענע פּאַס'ן פון ווייץ און מאַט=גרינליכע, הויכגעוואַקסענע
קוקורוזעס; אַ שענער גרינער כּאָל, בעדעקט פון בײדע זײַטען מיט
וועלדלעך, ניסבוימער, אונטען פלײצט אַ טײַכעל, רײן, קלאָר, ווי אַ
קריזטאָל, אין וועלכען עס טוקען זיך די שטראַהלען פון דער זון און
בעלײַגען עס מיט פינקעלדיגע, גילדענע פליטערלעך. די שאָף און
די קיה אויף דער פּאַשע דאָרט זעהען פון דערווײַטענס אויס ווי טונקעלע,
רויטע, געפלעקטע פינטעלעך... פע, פע! מוסר'ט דער יצר=טוב א.
אַז. וו.“. און דער יצר=הרע אַלײן, דער קינסטלער, וואָס אין מענדעלי'ן,
פיהלט, אַז ער האָט זיך שוין צופיעל נאָכגעגעבען, און בעפרידיגט
דעם יצר=טוב, דעם מוסר=זאָגער, דעם בעל=בכי דערמיט, וואָס ער

„וואַרפט איהם אונטער" אַ מאָל אַ שטיקעל „נאַטור": אין דער „קליאַטשע" אין איין אָרט שענקט ער איהם אַזאַ טייערן געשענק ווי דעם „סאָלאָ-וויטשיקעל". „שפּיל, זאָגט ער, סאָלאָוויטשיקעלע שפּיל. איך וויל אַ ביסעל ווײנען!". דער סאָלאָוויטשיקעל שפּיעלט גאָר אונטער זײן אומע-טיגען, זיסען אַקאָמפּאַנימענט בעטראַכט מענדעלע דערווײל די יודישע „פּאַראָנדקעס"...

אַחוץ אין די נאַטור-שילדערונגען איז מענדעלי (שוין אין די ערסטע ווערק זײנע) אַ מייסטער, ווען עס בעגעגענען זיך איהם פּאַר-שײנען, וואָס געהערן צום פאָלק, צום פּראָסטען עולם, פּאַרשווינגען, וואָס האָבען קיין שייכות ניט צום קהל און קהלשע ענינים, אַזוי ווי, אַ שנײַדער, אין „פישקע דער קרומער", חיים-חנא חיה-טרײנעס, אַ פּאַנ-טעפעל-העלד, און חיה-טרײנע אליין, אַ יודענע אַ קאָזאַק, פון די מיני יודענעס, וואָס מענדעלי האָט ליעב צו שילדערן, ווען ער רעדט וועגען יידינעס, נישט וועגען פרויען (פרויען גיבען זיך מענדעלי'ן ווײניגער אָין, איידער יודינעס)

אַ ריינער קינסטלער אין די ערשטע ווערק זײנע איז מענדעלי אויך דאַן, ווען ער רוקט זיך אָב אויף אַ ווײלע פון דער יודישער גאַס, פון קאַבצאַנסק, פון דער „יודישער טאָרבע"; דאַן דערפיהלט ער זיך פּטור פון מצוות, פון מוסר, פון שטעכווערטלעך; דער קינסטלער וואַרפט אַראָב פון זיך דעם ראָק, וואָס דער „יהודי היהודים", דער מוסר-זאָגער האָט אויף איהם אָרויפגעלעגט, ער דערפיהלט זיך פריי און מיט אַ ברען כאַפּט ער זיך צו צום פּענזיל און מאָלט, און מאָלט, און מאָלט. זײן אויג טרינקט די פאַרבען פון לעבען, אַזוי ווי א וואַנדערער טרינקט פון אַ קוואַל, וואָס האָט זיך איהם ענטפּלעקט אין דער ווידטעניש... וואָס איהם זאָל ניט קומען אין דער האַנד, וועט ער אויסמאָלען, אָב-צאַצקענען: אַ דאָרפישע קרעטשמע — איז אַ דאָרפישע קרעטשמע, דעם אַרענדאַר'ס ציג — איז דעם אַרענדאַרס ציג, אַ רויטער קאָלנער מיט מעסענע קנעפּ — איז אַ רויטער קאָלנער מיט מעסענע קנעפּ. („פישקע דער קרומער").

אָבער ווי נאָר ער פאָרט צוריק אַרײן אין קאַבצאַנסק, אין דער יודישער גאַס אַרײן. אַזוי ווערט זײן ווענגעלע גלייך אַ בימה, און ווער עס געהט נאָהנט צו איהם צו הויבט אָן דרשענען...

אַ גליק, וואָס יצחק אברהם תקיף, דאָס קליינע מענשעלע, האָט געהאַט אַנ'אָרימע מאַמע און קינדרווײז האָט ער זיך אויסגעוואַלגערט

אין כל'ערליי אָרימע הייזער, געהאַט צו טון מיט איינפאַכע מענטשען פון פאָלק, מיט עזריאל דעם מלמד, לייזער דעם שניידער, מיט אַ חזן אַנ'ארומפאָהרער; אַ דאַנק דעם האָבען מיר אפילו איי אַזאַ ליטעראַריש שוואַכער זאַך, ווי „דאָס קליינע מענשעלע" אַ גאַנצע שורה געשטאַלטען אין בילדער, וואָס פערשאַפען אונז אמת'ן פערגעניגען. דאָס פאָלקס־לעבען, אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צום כאַראַקטער, צו דער שפּראַך, צום בענעהמען זיך פון פאָלק — דאָס קאָן מענדעלי ניט שילדערן אַנדערש, ווי קינסטלעריש. די פאָלקסגעשטאַלטען זענען שוין אפילו אין אַזוינע ניט גאַנץ קינסטלערישע ווערק, ווי „האבות והבנים", די „טאַקסע" און אַנדערע. דערמאָנט זיך אויף לאה'ן אפרים'ס ווייב, די פּראָסטע יודענע און אַנדערע פאָלקסמענשען אין „האָבות והבנים", ווי, אַ שטייגער, דער שמש, די קינדער, וואָס רייצען זיך מיט איהם, חנה די מוקערין... אָדער בתיה און טויבע־לאָה אין דער „טאַקסע", ישראליק'ס מאַמע אין דער „קליאַטשע"... „פישקע דער קרומער" איז קינסטלערישער, ווי „דאָס קליינע מענשעלי", ניט נאָר ווייל עס איז געשריבען ניט מיט אַזאַ אָפענער פובליציסטישער טענדענץ, ווי דאָס לעצטע, נאָר אויך, ווייל די סביבה, אין וועלכער מענדעלי פיהרט אונז אריין דאָ, איז נאָהענט זעהר צום פאָלק און צו דער נאַטור — צו די צוויי טיעפסטע קוואלען פון מענדעלי'ס שאַפען.

„פישקע דער קרומער" איז אין דעם ערשטען פעריאָד פון מענדע־לי'ס ליטעראַרישער אַרבייט (איך רעכען דעם דאָזיגע פעריאָד ביז „מסעות בנימין השלישי" 1878) דאָס רייכסטע פון די בעלעטריסטישע ווערק, אַזוי ווי די „קליאַטשע" איז דאָס שענסטע פובליציסטישע זאַך *).

פרובט מען מאַכען אַ סך־הכל פונ'ם ערסטען פעריאָד פון מענ־דעלי'ס אַרבייט, אַזוי מוז מען זאָגען, אַז די קונסט מענדעלי'ס אינ'ם דאָזיגען פעריאָד איז פריי און גאַנץ נאָר דאַן, ווען זי שטעהט אויף אַ נייטראַלען באָדען, אויף אַ באָדען, וואָס האָט קיין שייכות ניט צום קהל

*) צום דאָזיגען פעריאָד געהערט נאָך אַ חוץ אַ פּאָר העברעאישע מאמרים און קליינע יודישע ערצעהלונגען, וועלכע איך האָב ניט דערמאָנט — די איבערזעצונגען אין חרוזים פון „פרק שירה" (1875), פון שבת'דיגע זמירות (זמירות ישראל) און פון תהלים און „יודעל", אַ ספור המעשה אין שירים. די אָפּטמאָל שענע געדאַנקען און חקירות, וואָס בעגעגענען זיך דאָ, קלינגען אונז פרעמד, מיר האָבען זיך אָבגעוואוינט פון אַזאַ אַרט שרייבען. איבער דער שפּראַך אָבער איז מענדעלי אויך דאָ אַ אויבערהאַר, און דער ליבהאָבער פון יודיש וועט דאָ ניט וועניג נוצליכעס געפינען.

און קהלש'ע געשעפטען; דאָס איז דאָן, ווען זי האָט צוטאָן אָדער מיט דער נאַטור און דער פאָלקסשפּראַך (וועלכע איז פאַר מענדעלי'ן, אגב, אויך אַ שטיק נאַטור, וואָרום, הגם מען קען זי בעפּוצען, מוז זי דאָך אין גרונד געגומען בלייבען, ווי זי איז) אָדער מיט דעם איינפאַכען מענשען פון פאָלק, אָדער מיט דער פאָלקספּסיכאָלאָגיע, גענומען אַלס גאַנצעס. פּרובט אָבער מענדעלי אויסטיילען פון פאָלק, פון דער פאָלקסמאַסע'ריע צו איינציגע פּסול'ע שעטנז־פּערדים אָדער ער פּערנעמט זיך מיט קהלסלייט — אַזוי מישט זיך גלייך אַריין די גוזמא, די קאַריקאַטור, די טענדענץ...

ונז איז שווער, אונמעגליך כמעט פאָרצושטעלען זיך אַבראַמאָווימשען אַנדערש, ווי ער איז; אָהן זיינע שוואַכקייטען קאָנען מיר איהם נאָך וועניגער אפשר פאָרשטעלען זיך, ווי אָהן זיינע מעלות; די מאַסקע מענדעלי'ס איז אין אַבראַמאָוויטשעס געזיכט אַזוי איינגעוואַקסען, אַז מיר קאָנען ניט וויסען, וואָס וואָלט אַבראַמאָוויטש געווען, ווען ער וואָלט געבוירען ווערען אין אַנ'אַנדער צייט, אין אַנ'אַנדער סביבה, ביי אַנ'אַנדער פאָלק. אפשר וואָלט צו זיין קינסטלער־בלוט ניט צוגעמישט זיין קיין איין טראָפּען פּובליציסטען־טינט; אפשר וואָלט ער דאָס, וואָס ער איז „ניט אויסען", מיט אַנ'אמת טאַקע ניט אויסען געווען און וואָלט נאָר מאָלען בילדער און מאַכען לעבעדיג פּייזאַזשען, — מיר קאָנען עס ניט וויסען און צו וואָס איינענטליך טויג עס אונז צו וויסען? מענדעלי איז אונז ליעב, אַזוי ווי ער איז. און אַזוי ווי ער איז — איז אין זיין קלאָרען אידעלען קינסטלערישען בלוט אַריינגעקאַפּעט טראָפּענס גאַל, זיינע ווערטלעך זענען צונויפגעמישט מיט שטעכווערטלעך, זיין הומאָר — מיט סאַטירע.

אפילו די ווערק פונ'ם צווייטען פּעריאָד, די ווערק, וואָס ווערען וואָס א מאָל ריינער אינ'ם ליטעראַרישען און קינסטלערישען זין, — אפילו זיי זענען ניט פריי פון מוסר, פון משלים, פון בעהאַלטענע כוונות. אין אַ בריעף זיינעם שרייבט מענדעלי: „איך האָב ליעב, אַז אַ חוץ דעם שענעם פּנימעל, זאָל אין אַ קאַרטינקע אויך זיין לעבען, שכל און געדאַנק, ווי אין אַ לעבעדיגען מענשען. אַ קאַרטינקע בעדאַרף אַ חוץ שענע מליצה אויך זיין לאָזען עפּעס הערען" *). דאָך ער־

---

*) זעה די אויבען ציטירטע הקדמה צו „במעספעניו"

לויבט זיך שוין מענדעלי אינ'ם צוויימזען פעריאָד צו מאָלען סתם שענע פנים'לעך. ער מיהט זיך יעדענפאַלס, אַז דער געדאַנק, וועלכען ער וויל אונז לאָזען הערען, זאָל האַרמאָנירען מיט'ן „שען פנים'ל", זאָל עס חלילה נישט פערוואָלקענען.

אַ שריט צום צווייטען, פיינערען אינ'ם קינסטלערישען זין, טייל פון זיין שאַפען האָט מענדעלי געמאַכט, מיט זיין וואונדערליכען „מסעות בנימין השלישי" (1878). דאָ איז שוין וועניגער זייטיגע זאַכען און מעהר קינסטלערישע רוהיגקייט, מעהר אויסגעהאַלטענקייט ווי אין די פריהערדיגע ווערק. דער גאַנצער מאָן איז שוין דאָ מעהר אַ הומאָ־ריסטישער, ווי אַ סאַטירישער. דער סאַטיריקער מאַכט אַ וועזען פון דאָס אונווירדיגע און קליינליכע, זיין „הייליגער חוב" איז דערפון אָבצוי־לאַכען; דער הומאָריסט מאַכט קיין וועזען נישט דערפון, ער איז העכער פון דעם און ער האָט קיין „חובות" ניט אויף זיך, ער האָט אָבער אַ רעכט— צו שמייכלען, שמייכעלט ער... וועגען זיך אַליין זאָגט מענדעלי: „און אַז איך פערציה די ליפען, דאַכט זיך, עס שוועבט אויף זיי אַ מילד שטעכעדיג שמייכעל" *). אין אַ פריהערדיגע אויסגאַבע שטעהט אַ „שטעכעדיג געלעכטערל". און ביידע נוסחאות זענען ריכטיגע. פריהער איז מענדעלי'ס שמייכעל געווען שטעכעדיג: עס איז געווען סאַטיריש; דערנאָך איז עס געוואָרען מילד־שטעכעדיג: צו דער סאַ־טירע איז צוגעקומען דער הומאָר. די סאַטירע און דער הומאָר זענען צוויי עלעמענטען אין מענדעלי'ס שאַפען, אַזוי ווי די פובליציסטיק און די בעלעטריסטיק. דיביידע עלעמענטען, דער סאַטיריש־פובליציסטישער און הומאָריסטיש־קינסטלערשער, האָבען זיך געראַנגעלט שוין אין די ערסטע ווערק מענדעלי'ס: אין „מסעות בנימין השלישי" האָט צום ערשטען מאָל דער קינסטלערישער הומאָר די איבערהאַנד בעקומען איבער דער מעהר פובליציסטישער סאַטירע. ווענען דער טאַקסע אפילו רעדט זיך שוין דאָ ניט אַזוי בייז, ווי פריהער. אַ כונה, אמת, האָט מענדעלי אויך דאָ געהאַט, ער איז אויסען געווען אָבצושפּאָטען פון דער טונייעיאַדאָווקער בטלנות און ליידינגעהעריי, פון דער יודישער וועלט־פרעמדקייט, פון דער ספּעציפיש יודישער קליינשטעדטלדיגקייט, וועלכע האַלט זיך פאַר אַ „אתה בחרתנו" און איז זיכער, אַז הינטער טוניעיאַדאָווקע לאָזט זיך אַראָב דער הימעל אויף דער ערד. נאָר וואָס

*) הקדמה צו קליינמענשעלע, יובליי־אויסגאַבע 1907.

פּאַר אַ כּוונות דער פּערפאַסער האָט נים געהאַט, — אונז פּערשאַפט עס ריין עסטעטישעס פּערגעניגען.

שרייבענדיג דאָס דאָזיגע ווערק, האָט מענדעלי געהאַט פּאַר זיך אַ גרויסען מוסטער, דאָס אונשטערבליכעפּין סערוואַנטעס; אונשטערבליכע ווערק ווערען נים געשריבען צוויי מאָל, און עס איז איבעריג צו זאָגען, אַז קיינער וועט נישט פּערגלייכען דאָס שענע „מסעות בנימין השלישי״, וואו דער עיקר איז דער יודישער, אויב מען קאָן זאָגען אַזוי, „ענטאָגראַפּישער״ הומאָר— מיט דעם „דאָן קיכאָט״, וואו עס איז פאַרהאַן אַ אייבּיגער אַלמענשליכער אינהאַלט. וויכטיג איז אָבער די זעלבּשטענדיגקייט, מיט וועלכער מענדעלי האָט פּ ע ר י ו ד י ש ט דעם דאָן קיכאָט. ער האָט פּעריודישט דעם אינהאַלט, נישט נאָר די פאָרם. אַ דאָן קיכאָט, אַזוי ווי מיר פּערשטעהען איהם בּיי סערוואַנטעס, קאָן אין טוניעיאַדראָווקע נישט אויסוואַקסען. דאָן קיכאָט האָט קינדישע פאַנטאַזיעס און קינדערשע עקשנות, ער האָט אָבער אַ מ ע נ ל י כ ע ן ווילען, ער איז טאַטקרעפטיג; בנימין איז פּונקט אַזאַ יודענע, ווי דער חבר זיינער, סנדרל. דאָן קיכאָט האָט פּאַר קיינעם קיין מורא נים; בנימין שרעקט זיך פאַר אַ הונד, און אַז ער דערזעהט אַ גוי אין וואַלד, פאַלט ער אין חלשות, ער מיינט, ס'איז אַ גזלן. דאָן קיכאָט שטעהט נעגען דער וועלט, אַזוי ווי די תּמימות געגען דער פאַלשקייט, אַזוי ווי דער עקסטאַז געגען דער ניכטערקייט. ווי שטעהט בנימין אַנקעגען דער וועלט? פּשוט, ווי אַ נאַר געגען קלוגע, ווי אַ בטלן געגען מענשען, וואָס זענען געניטער פון איהם און קאָנען איהם אַריינגאַרען אין זאַק. פון אַנדערע טונעיאַדראָווקער שיידט ער זיך אָב נאָר דערמיט, וואָס ער האָט אַבּיסעל מעהר פאַנטאַזיע פון זיי און וואָס ער האָט זיך אָנגעלייענט מעשיות פון אלדד הדני, אלקסנדר מוקדון און די רויטע יודעלעך, אַ חוץ דעם איז ער אַ טונעיאַדראָווקער אַזוי ווי אַלע טונעיאַדראָווקער. אַזוי ווי שטענדיג בּיי מענדעלי'ן, קומט אויך דאָ דער פּרט צו געבען אָנצוהערעניש אויפ'ן כּלל.

„מסעות בנימין השלישי״ געהערט יעדענפאַלס צו די זעלטענע בּיי מענדעלי'ן ווערק, וואָס זענען „מעור אחד״, פון איין שטיק. מען האָט שוין נים איין מאָל אָנגעוויזען אויף דעם, וואָס מענדעלי'ס ווערק, בעזונדערס די גרעסערע, זענען ס'רוב אַ מעשה איבּער אַ מעשה און אַ מעשה אין אַ מעשה; מען קאָן זיי זעהר גרינג צוטיילען, און יעדע מעשה, יעדעס בילד וועט זיין פאַר זיך אַ זאַך; אינאיינעם זענען זיי בעהעפט, צונויפגעקלעפּט מיט קונצען. מען דאַרף עס דאָך מענדעלי'ן

נישט אויפוואַרפען. אַזוי ווי יעדען איינגעאַרטינגען שרייבער, דאַרף מען אויך איהם מעסטען מיט זיין איינענער מאָס. ער האָט זיך ניט אָנגענומען געבען אונז מעשיות, וואָס יעדע פון זיי זאָל האָבען אַן'אָנהויב, אַ מיטען און אַ סוף, וואָס יעדע פון זיי זאָל זיין מיט אַ בעזונדער פאַבולע, אויף אַ בעזונדער טעמע. מענדעלי'ס מעשיות האָבען אַלע איין טעמע: דאָס יודישע לעבען. יודעל, דער קראַנקער יודעל, דאָס קראַנקע יודישע פאָלק, איז ניט נאָר דער העלד פון דער פאָעמע אין הרוזים, וואָס טראָגט דעם נאָמען: ער איז דער העלד פון אַרע מענדעלי'ס ווערק. די כל'ערליי יורען און יודענעס אין „קליינע יודעלעך", וואָס מיר בעגעגענען ביי מענדעלי'ן, זענען פעדים, איינגעוועבט אין דער מאַטעריע, וואָס טראָגט דעם נאָמען יוד; מענדעלי מיינט נישט די פעדים, ער מיינט די מאַטעריע. דערוועהט ער אונז פון אַ ר' יעקב, איז ער מוסיף, אַז ס'איז „פון די מיני ר' יעקב'ס, וואָס זענען דאָ אַצינד, און וואָס וועלען זיין אויך שפעטער אין אַלע יודישע ערטער, כל זמן פון די קינדער ישראל וועט נאָך בלייבען אַ זכר און אין זיי וועט שלאָגען נאָך אַן'אָדער" (די אַלטע מעשה). ער דערצעהלט אונז ניט פון ר' יעקב'ן, נאָר פון דעם מין ר' יעקב'ס.

דאָס הייסט אָבער ניט, אַז ער האָט קיין אויג נישט פאַר דאָס אינדיווידועלע. ניין, צוזאַמען מיט די פאַרשוינען, פון וועמענס מויל עס רעדט מענדעלי אַליין, האָבען מיר אין זיינע ווערק צעהנדליגער נעמען, וואָס יעדערער פון זיי, אַז מען זאָל איהם אָנרופען, וועט ער אויפוועקען אין אונזער זכרון סמנים, בולט'ע, פלאַסטישע סמנים, נאָך וועלכע מיר קאָנען איהם דערקענען און אָבשיידען פון אַלע אַנדערע; אַפילו אין דער „טאַקסע", וואָס איז געשריבען מיט אַ טענדענץ און אין וועלכער עס פיגורירען גבירים, קהל'ס-לייט, וואָס מענדעלי זעהט אין זיי נאָר דאָס גבירישע, דאָס קהל'שע — אַפילו אין דער „טאַקסע" איז ר' איציק וואָלף ספאָדיק נישט דער אייגענער, וואָס ר' שמעיה תם, און ר' יוסף מהיכי תיתי וועט איהר נישט פערביימען אויף ר' יודעלע שטאַנדהאַפט, און ווער רעדט אַזוינע ווערק, ווי „פישקע", „דער פריזיוו", „דאָס ווינשפינגערל", „די ישיבה של מעלה", „שלמה ר' חיים'ס" — דאָ האָט איהר אַ גאַנצע ערה טיפען און געשטאַלטען: פערשיעדענע גבירים, פערשיעדענע בעל-מלאכות, סרסורים, שדכנים, קרעמער, מלמדים, קהל'ס-לייט, משכילים, פערשיעדענע סאָרטען יודינעס אפילו. און אין „ווינשפינגערל" האָט זיך מענדעלי פערגונען געבען אונז אַ גאַנצע גאַ-

לערייע מיט יודינעס, אַמין ווייבערשע שול, און יעדע יודינע איז אַ יוּ־
דינע אויף איהר שטייגער: טריינע־סאָסיע איז טריינע סאָסיע, מלכּה־
סויבע — מלכּה־טויבע, יענטיל איז פאַר זיך אַבעל־הבית'טע, און דער
ליעבער מומע־רייזע'ן, דער בעל־אַכסניה'טע, וועט קיינער ניט צונויפ־
מישען מיט דער מומע שיינצען, וועלכע נעהמט אויך צו נעסט,
נאָר אַנדערע... זאָל אַמאָלער די אַלע געשטאַלטען פּרובען אילוסטריי־
רען, וועט ער פאַר יעדע פון זיי געברויכען אַנדערע שטריכען, עס וועט
זיין אַנ'אַלבום אַ גאַנצער. נײַן, מענדעלי איז אַ מייסטער אויף דאָס אינ־
דיווידועלע; אלא וואָס דען? ער וויל, אַז יעדע זאַך, וואָס ער שאַפט,
זאָל לעבען אַ דאָפּעלט־לעבען: דאָס אייגענע, אינדיווידועלע לע־
בען, און דאָס לעבען פונ'ם מין, צו וועלכען ס'געהערט. דער גע־
ליכער קינסטלער זעהט דאָס אַלגעמיינע דורך דאָס אינדיווידועלע,
מענדעלי זעהט ביידע זאַכען מיט אַמאָל: ער איז אַ מין דאָפּעלט־
זעהער.

דאָך, ווען זיינע פאַרשוינען וואָלטען געווען פּרוזענליכקייטען, וואָלט ער זיך בענוגענען, קאָן זיין, מיט דאָס פּרוזענליכע,
וואָס אין זיי; איצט אָבער, אַז ער האָט צוטאָן מיט אַקופּע מילבען,
(„גל של נמלים"), מוז ער אין זינען האָבען, ניט יעדע מילב בעזונדער,
נאָר די גאַנצע קופּע, די גאַנצע עדה. אַ גליקליכער אינסטינקט זאָגט
איהם אונטער, אַז די גרויסע ווערדע וועלען די ווערק זיינע האָבען
ערשט דאַן, ווען זייער טעמע וועט זיין ניט איינציגע אײַנוואוינער פון
קאַבצאַנסק, נאָר קאַבצאַנסק אינגאַנצען. דער איינציגער קאַבצאַנסקער
איינוואוינער איז שטאָף פאַר אַ הומאָריסטישע סקיצע; גאַנץ קאַבצאַנסק,
קהל — דאָס איז אַ גרויסאַרטיגע פּאָעמע!

און נאָך אַ זאַך:

ווען מענדעלי וואָלט קאָנען זיך בענוגענען מיט שילדערן דאָס
אינווענייגסטע לעבען, וואָלט ער אויך אין אַלטען דור אין קאַבצאַנסק
געפונען, אַ חוץ „מילבען", — פּערזענליכקייטען, וואָס יעדע פון זיי איז
אַ וועלט, אין וועלכער עס לוינט אריינצוקוקען (האָט דאָך פּרץ שפּעטער
ענטפּלעקט אַזוינע וועלטען); אין מענדעלי'ן אָבער לעבט אַ תּאוה צו
פּלאַסטיק, צו אויסערע פאָרמען, און אויסערליך האָט זיך אין
יענער צייט דער יוד, דער טיפּסטער אַפילו, נאָך ווייניג וואָס אָבגעשיידט
פון דער אַרומיגער סביבה: „צי איז פאַראַן, פרעגט מענדעלי, נאָך
אַזאַ אומה אויף דער וועלט, וואָס דער גאַנצער לעבענסשטייגער פון

איהרע קינדער, זינד זיי געהען אַרויס אויף דער ווייסער וועלט ביזן לעצטען אָטעם, זאָל זיך ציהען אַזוי אין איין נוסח, ווי ביי אונז?" ער ברייננט ביישפיעלען דערצו און לאָזט אויס: „מיר זענען אַנ׳ערדה, אַ קריפּע מילבען, וואָס אַלע זענען גלייך איינע צו די אַנדערע (שאין בפרט אלא מה שבכלל). אין דער לעהרע ווענען פערשיעדענע בעשעפעניש איז פאַרהאַן אַ פּרק ווענען דעם מין מילבען, ניט ווענען איטליכער מילב בעזונדער" („בימים ההם").

און עס איז נאָר צו בעוואונדערן דאָס שאַרפע אויג, מיט וועלכען מענדעלי האָט אויסגעפאָרשט די זאָאָלאָגיע פון איינצעלנע „מילבען", הגם זיין ציעל איז געווען און געבליבען דאָס גאַנצע מילבען-נעסט. און דאָס מילבען-נעסט, דאָס שטיק מאַטעריע, וואָס ריפּט זיך יוד — אָט דאָס שאַפט די איינהייטליכקייט פון יעדען ווערק מענדעלי׳ס און פון אַלע אינאיינעם. און אַזוי ווי איהר וועט זיך ניט וואונדערן אויף אַ רייזענדען, וואָס ער קלייבט זיין שטאָף „אָהן אַ סיסטעם", און ווי נאָר עס טרעפט זיך איהם אָן עפּיס אַ אינטערעסאַנטע זאַך, פערצייכענט ער עס גלייך, אַזוי דאַרף מען זיך ניט וואונדערן אויף מענדעלי׳ן, וואָס ער מאָלט אָב יעדער פיגור, וואָס איהם קומט אויפ׳ן אויג, יעדען פּסיכאָלאָגישען יודישען שטריך, וואָס ער בעמערקט, הגם „צום ענין" האָט עס ניט אַזאַ שטאַרקע שייכות, נאָר ווייל עס האָט אַ שייכות צום אָרט, איבער וועלכען ער רייזט אַרום אין זיין וועגעלע, צו דער גרופּע מענשען, מיט וועלכער ער וויל אונז בעקאַנט מאַכען. אַבּראַמאָוויטשעס ערצעהלונגען — דאָס איז איין גרויסעס קינסטלערישעס מעמואַרען-בוך פונ׳ם קלוגען, געניטען, און אַלע ווינקעלעך פון קאַבּצאַנסק אויסענגעוועזענעם מענדעלי מוכר ספרים, איין גרויסעס קינסטלערישעס מעמואַרען-בוך, וואו איהר געפינט אַלץ, וואָס איהר ווילט: פאָלקס-פּאָעזיע און פאָלקס-פּסיכאָלאָגיע, קולטור-געשיכטע און עטנאָגראַפיע, מאָראַל און הומאָר, — און וואו אַלץ דינט נאָר צו איין צוועק: בעקאַנט מאַכען אונז דורך לעבעדיגע בילדער מיט דעם פאָלקס-לעבען און פאָלקס-כאַראַקטער פון די יודען אין געטאָ. מענדעלי איז דער נייער יוסיפון אונזערער.

אָבער הויפּטזעכליך איז ער דער יוסיפון פון דער פאָרלעצטער עפּאָכע, פון דער עפּאָכע, ווען דער געטאָ-און בית-המדרש-יוד איז געווען נאָך גאַנץ, דאַכט זיך, איינגעגלויבט אין זיך, נאָר זיין יונגערער זוהן איז שוין געשטאַנען אָן אַ זייט און געקוקט אויף איהם, ווי אויף אַ מוטיע.

אַ גוף- אָהן אַ נשמה, און ערגיץ אין דער הויך אויף אַ שאַלקע איז געזעסען שוין דער אַלטער, דער קלוגער, מיט'ן קיהלען פערגליווערטינן שמייכעל אויף די ליפען, מיט די קנייטשען אויפ'ן געזיכט, געשאַרפט די טרוקענע געלבליכע געניזענע פעדער, גענעצט דעם פינגער און געטאַסטען זיך איבערקעהרען אַ בלאַט אין פנקס...

אין די לעצטע ווערק זיינע, אין די 90-טע יאָהרען, האָט מענדעלי געפּרובט מאָלען יודען פון דער נייער ציים, פון דעם ושבו-בנים-לגבולם-פעריאָד (בישיבה של מעלה, אַ גרויע האָר, און אַנד.) און אויך פאַר די דאָזיגע יודען האָט ער קלאָרע, קלוגע, אָפט — שאַרפע ווערטער, — אָבער נישט מעהר ווי ווערטער. „קול דברים שומעים ותמונה אינם רואים". נישטאָ קיין געשטאַלטען. און עס איז לייכט צו פערשטעהן, פאַרוואָס. די נייע נאַציאָנאַלע בעוועגונג איז די בעוועגונג פון דער אינטעליגענץ. אין דער אינטעליגענץ זענען אָהן קיין שום ספק אויכגעוואַקסען נייע סאָציאַל-פּסיכאָלאָגישע טיפּען; זיי זענען נאָך אָבער אָהן פלייש און אָהן בלוט, זיי זענען נים פּלאַסטיש, די נשמה הענגט זיי ניט „אויף דער נאָז", און מענדעלי'ס קונסט בעשטעהט אין ווייזען די נשמה „אויף דער נאָז", אינ'ם קוק פון די אויגען, אין די בעוועגונגען פון די הענד, אין די קנייטשען פון די בגדים. מענדעלי איז דער גרויסער קערפּער-שילדערער, דערפאַר איז ער געווען און געבליבען דער שילדערער פון דער עפּאָכע, ווען דער יודישער קערפּער האָט נאָך געהאַט זיין איינענע חצוניות, זיין איינענעם הילוך...

* *

*

נאָך „מסעות בנימין השלישי" האָט מענדעלי אָוועקגעלעגט די פען און אַ לאַנגע צייט געשוויגען. אינמיטען האָבען אויסגעבראָכען די פּאָגראָמען. כמעט פאַר אַלע גרעסערע שרייבער פון דער השכלה-עפּאָכע זענען די פּאָגראָמען פון די 80-טע יאָהרען געווען אַ „ווענדע-פּונקט". אַזוי ווי דורך אַ בליץ איז בעלויכטען געוואָרען דאָס יודישע לעבען, עס איז אַראָבגעפאַלען אַ שלייער, מען האָט דערזעהן דעם חורבן. אין מענדעלי'ס וועלט נאָר האָט עס נישט אָנגעמאַכט קיין איבערקעהרעניש. דער פּערפאַסער פון דער „קליאַטשע" איז צו די פּאָגראָמען געווען מעהר, ווי אַנדערע, צוגעגרייט, עס איז געווען פאַר איהם אַ ניי בלעטעל פון אַן אַלטער געשיכטע. אויפ'ן האַרצען איז דערפון אָבער נישט גרינגער געווען. און דאָס שווייגען, אין וועלכעם מענדעלי איז פון 1878

פערזונקען געווען, איז נאָך טיעפער געוואָרען. „די צרות, שרייבט ער שפּעטער, אין 1884 אין דער הקדמה צום „פּריזיוו“, — די צרות אין דער לעצטער צייט האָבען פערשטיינערט מיין האַרץ, אַזוי אַז די צונג האָט זיך נישט געלענט צו ריידען און די האַנד צו שרייבען אַ וואָרט. דאָס איז אַזאַ שווייגען, וואָס מאַכט זיך מיט אַ מענשען, ווען שטאַרקע יסורים טרעטען צו מיט אַ מאָל און קאָסט איהם געזונד און לעבען אַ סך מעהר, ווי קרעכצען און וויינען מיט בלוטיגע טרערען, וואָס אויב אַזעלכעס געדויערט אָהן עפּיס אַ הילף פון דער זייט, איז מען אין אַ גרויסער סכנה צו ווערען אויס מענש“. די צרות האָבען ניט אויפגעהערט, דאָך האָט מענדעלי צוריק גענומען זיך פאַר דער פען, און געלאָזען אָבדרוקען אין 1884 דעם נאָר וואָס דערמאָנטען „פּריזיוו“, אַ דראַמע אין פינף אַקטען. דאָס רוב שרייבער האָבען זיך גענומען דאַן פאַר נייע נאַציאָנאַליסטישע טעמעס, מענדעלי האָט זיך אומגעקעהרט צו זיין אַלטער טעמע. „עס האָט מיך עפּיס געצויגען, זאָגט ער, אַהין אין יענעם ווינקעל פון׳ם יודישען לעבען, וואו עס געפינען זיך מיינע אַלטע בעקאַנטע פּאַרשוינען, פון וועלכע איך פלעג אַמאָל דעם עולם דערצעהלען משונה־ווילדע, וואונדערליכע מעשיות“, און אין „פּריזיוו“ איז דער ריין קינסטלערישער הומאָריסטישער טאָן פון „מסעית בנימין השלישי“, נים שוואַכער, נאָר שטאַרקער געוואָרען, עס פיהלט זיך, אַז מענדעלי איז מיט ביידע פיס איבערגעגאַנגען אויפ׳ן באָדען פון קונסט. די פּידעל, אויף וועלכער ער האָט זיך ניט פערגונען צו שפּילען אַמאָל, וועלכע ער האָט ניט איינמאָל שוין אויפגעהאַנגען אויף דער שטומער, טרויעריגער ווערבע פון גלות־שפּאָט און מוסר — די פּידעל ווערט מענדעלי׳ן אַלץ נעהענטער און ליעבער. אַ פּובליציסטישע טענדענץ, און אַ שטאַרקע טענדענץ, איז פאַראַן אויך אין „פּריזיוו“, אָבער עס פיהלט זיך אַ שטרעבונג צונויפצופּאָרען זי מיט דער קינסטלע־רישער וואַרהאַפטיגקייט. אלכסנדר, אַ אינטעליגענט פון די 80־סטע יאָהרען, וועלכער וויל פערנעמען צוריק די שטעלע, וואָס פיקהאָלץ (אין דער „טאַקסע“) האָט אַוועקגעוואָרפען, די שטעלע פון אַ ראַבינער, תּאָם אַרבייט פאַר׳ן כלל, — אַלכסנדר איז ווי אַלע אינטעליגענטען פון נייעם דור ביי מענדעלי׳ן אָהן פלייש און אָהן בלוט. די עצם איני־טריגע פון דער דראַמע איז, ווי ווידער אַמאָל אָפט ביי מענדעלי׳ן, צופעליג, געקינצעלט. דערפאַר אָבער די פּאָלקסטימליכע פּאַרשוינען, ווי אַ שטיינער פייבוש נאָטסוואונדער דער לאַנד־שרכן,

מענדעל דער משרת, דוואָסע די קיבמויד, שמואליק דער אויסנעדינטער ניקאָלאַיעווער סאָלדאַט, „גלאַט אַ יוד" ר' אליה, איציק דער קרעמער, אָדער שפּרינצע, שמחה מאַריאַשעם ווייב, אָדער אַפילו די עטוואָס מגוזם'דיגע ר' יוחנצע דעם רב'ס און זיין זוהן חאַסקעל — אַלע זיי שפּראָצען מיט זאַפט און לעבען.

אין אַ פּאָר יאָהר אַרום נאָכ'ן „פּריזיוו", שוין וואוינענדיג אין אָדעס, קעהרט זיך מענדעלי אום צוריק צו העברעאיש. אין 1887 הויבט זיך אָן דרוקען אין „היום" זיין „בסתר רעם". מענדעלי שטעלט פּאָר פאַר דעם העברעאישען לעזער אונזער אַלטע בעקאַנטע גלופּסק (כסלון) מיט איהר־ע פאַרשוינען, מיט איהר גאַנצען חן. דערביי פערגעסט ער ניט דערמאָנען אונז, אַז גלופּסק איז דער נאָמען פון'ם גאַנצען יודישען תחום, און אַז גלופּסקער בלוט רינט אין יעדערן פון אונז, אין דעם אָרימען, אַזוי ווי אין דעם רייכען, אין דעם אינטעליגענט ניט ווייניגער ווי אינ'ם פּראָסטען מענשען פון פאָלק. דערנאָך שילדערט ער, ווי זיין שטיינער איז, מיט אַ משל די צייט נאָך די פּאָגראָמען. די פּאָגראָמען אַליין מיידט ער אויס צו שילדערן. עס פיהלט זיך דער וועהטאָג, וואָס ער טראָגט אין האַרצען, נאָר — „ווען איך פאַל אַריין אין עצבות, זאָגט מענדעלי אין דער העברעאישער ערצעהלונג „בישיבה של מעלה, — דוקא ווען די עצבות פערשטאַרקט זיך, ווילט זיך מיר לאַכען", און מענדעלי לאַכט אין „בסתר רעם", ער האָט דעם מוט צו לאַכען, דעם מוט, וועלכען עס גיט דער קינסטלעריש־הומאָריסטישער קוק אויפ'ן לעבען.

די איבריגע העברעאישע ערצעהלונגען מענדעלי'ס זענען טיילווייזע, טיילווייז איבערזעצונגען פון יודיש, איבערזעצונגען, דורך וועלכע מענדעלי האָט בעשאַפען כמעט אַ נייעם פּראָזאַ־סטיל אין העברעאיש, אַ סינטעז פון אַלע ענטוויקלונגס־פאַזען, וועלכען די העברעאישע שפּראַך האָט דורכגעמאַכט ביז אַהער.

אין דער איינענער צייט הערט מענדעלי ניט אויף צו שרייבען יודיש. אין 1889 נעהט אַרויס דאָס גרעסטע און רייכסטע, הגם ניט דאָס איינהייטליכסטע, פון אַלע זיינע ווערק — „דאָס ווינשפינגעריל", (שפּעטער איז עס אַרויס אין העברעאיש מיט'ן נאָמען „בעמק הבכא"). אין די ניינציגסטע יאָהרען האָבען מיר אַ גאַנצע רייהע נייע העברעאישע און יודישע ערצעהלונגען. אין די נייע ערצעהלונגען, אין די העברע-

אישע בעזונדער, בעגעגענען מיר אָפּט נייע פּאַרשוינען: הובבי-ציון, לאומיים, בעלי-תשובה'ניקעס. בכלל אָבער ווערען דאָ איבערגעחזרט די אַלטע מאָטיווען מענדעלי'ס. צום רעש פון חבת-ציון, פון די קאָ-לאָניעס און די היציגע יונגע-ליַיטלעך „לאומיים" פערהאַלט ער זיך מיט דעם איַיגענעם ביטערען סקעפּטישען שמייכעל, ווי צום איספּעט פון דער השכלה און משכילישע טומלער. די אַלטע געדאַנקען זענען דאָ נאָר קלערער, עס ווערט געמאַכט אַ סך-הכל, זכרונות ווערען געזאַמעלט. אין „בימים ההם" און אין „שלמה ר' חיים'ס" (חיי שלמה) טראָגען זיי אַ פּערזענליכען אויטאָביאָגראַפישען כאַראַקטער, אָבער קיין נייע שטריכען צו מענדעלי'ס שאַפען און סטיל געפינען מיר ניט אין זיי. מענדעלי איז שוין פריהער פאַר אונז געשטאַנען, ווי אַ גאַנצע אַ לעבעדיגע געשטאַלט מיט אַלע איהרע חן-גריבעלעך. און ווען עס וואָלט מעגליך געווען אויס-דריקען אין איין וואָרט דעם תמצית פון אַזאַ פּערזענליכקייט, ווי אַבראַמאָ-וויטש, וואָלט איך צום פריהער געבּרויכטען בעגריף דאָפּעלט-זעהער, צוגעגעבען דאָס וואָרט סטיליזאַטאָר. אבראַמאָוויטש טוט און סטיליזירט, ד. ה. ער שאַפט ניט זיין סטיל, זיין שאַפענס-ריטם. פון זיך, „פון קאָפּ"; ער האָט תמיד מוסטערן פאַר זיך, מוסטערן פון פאָלקס-לעבען, פון דער פאָלקס-ליטעראַטור, פון דער פאָלקס-שפּראַך. זיין ערסטער מוסטער איז — מענדעלי מוכר ספרים אַליין. דאָס איז זיין ערסטע מאַסקע. איינמאָל האָט ער זי אָנגעטאָן, פון דאַן אָן איז זי אַ פערגליווערטע געבליבען ביי איהם אויפ'ן געזיכט, ער געהט און שטעהט און פאָהרט און רעדט ניט ווי אַבראַמאָוויטש, נאָר ווי מענדעלי מוכר ספרים. אַמאָל פערגעסט ער זיך, פערגעסט אויף דער מאַסקע, וואָס ער טראָגט, און מיר הערען פלוצלינג זיין איַיגענע שטים, נאָר דאָס איז אַ יוצא מן הכלל. דער כלל איז די מאַסקע. און די תאוה צו דער מאַסקע. מיט וואָס פאַר אַ פערגניגען שרייבט מענדעלי אַ הקדמה צו זיין ספר אינ'ם סטיל פון אַנ'אַלטען מחבר, הייבט אָן: אָמר מענדעלי מוכר ספרים, זאָגט מענדעלי מוכר ספרים: געלויבט איז דער בורא, וואָס בעשטימט דעם גאַנג פון די גלגלים ... און חתמט זיך: הקטן מענדעלי מ"ס. מיט וואָס פאַר אַ הנאָה לאָזט ער רעדען, אָנטאָט זיך, ר' בנימין השלישי, אָדער ער ברענגט אַ פסוק און פער-טייטשט איהם, ווי דער רבי אין חדר: „ווי אַ אינד, וואָס טוט מאָן גלוסטען קוואַלען וואַסער", „בין המשפּתים" — „צווישען די געמאַרקען", „והשפיפון" — און דער „פיפערנאָטער"... ווי אָפט רעדט ער מיט'ן

לשון פון שרה בת־טובים... „די גאַנצע וועלט, זאָגט מענדעלי, איז לויטער גלגולים“, און אויך אין מענדעלי אַליין זיצט אַ גלגול. ער איז ער — און ניט ער. די דאָפּעלטקייט איז דער מקור פון יעדער סטיליזאַציע: „דער אינהאַלט איז מיינער, די פאָרם — ניט; דער אינהאַלט בעהערט איינעם, די פאָרם — אַ גאַנצען דור, אַ גאַנצער עפּאָכע. דערפאַר איז דער סטיליזאַטאָר אַזוי ווייט פונ'ם נאָכמאַכער. דער נאָכמאַכער צים אונז דעם סטיל פון איינעם, אַ יחיד; דער סטיליזאַטאָר — דעם סטיל פון אַנ'עפּאָכע. דעם סטיל פון אַנ'עפּאָכע קען מען נישט נאָכמאַכען, מען מוז איהם שאַפען. כּדי איהם צו דערפילען, מוז מען אַליין האָבען אַ טיעפעס און איידעלעס סטיל־געפיהל. מענדעלי האָט עס. זעלטען בּיי ווענען פון די יודישע שרייבער איז דער סטיל אַזוי אויסגעהאַלטען און „פון איין גוס“ ווי בּיי אַבראַמאָוויטשען.

נאָר די דאָפּפעלטקייט ליגט ניט נור אין דעם סטיל זיינעם, זי איז זיין צווייטע, און אפשר זיין ערסטע נאַטור. מיר לייענען אין „שלמה ר' חיים'ס“: „עפּיס האָבען צוויי נשמות — אַ מלאך מיט אַ רוח — געשמעקט אין איהם בּיידע אינאיינעם. ער איז געווען אי איינגעשפּאַרט, האַרט, ווי אַ שטיין, אי ווייך, ווי אַ טייג, לאָזענדיג זיך פיהרען אַ מאָל בּיי דער נאָז; אי בּיז, אי מילד, גוט, ווי די וועלט; אי בּיטער־גאַל, אי צוקער־זיס; אי ערנסט, אי אַ קאַטאָוועס־טרייבּער; אי אומעטיג פערטראַכט, אי לוסטיג פרעהליך“. דער הומאָר און די סאַטירע, דער בּילדער שמייכעל און דער שטעכעדיגער שמייכעל, די סאַנטימענטאַלע זיסליבּקייט און די בּיטערע גאַל — די דאָזיגע אַלע סתירות געפינען זיך אין דער נאַטור אַבּראַמאָוויטשעס. אַבּראַמאָוויטש איז ניט נאָר אַ דאָפּעלט־זעהער, אויך זיין פיהלען איז אַ דאָפּפעלטעס. נישט נאָר ער זעהט, ווי פון די איינצעלנע פעדים, וועבּט זיך אַ מאַטעריע, און ווי די מאַטעריע צושיט זיך אין איינציגע פעדים נאָר אויך ער פיהלט, זי איין מאַטעריע ווערט מגולגל אין אַנ'אַנדערע, ווי דאָס ערנסטע ווערט קאָמיש און דאָס קאָמישע — ערנסט.

זיין אייגענע בּעציהונג צו זיינע פאַרשוינען די קאַבּצאַנסקער איז אי אַנ'ערנסטע, אי אַ הומאָריסטישע; אָט מאַכט ער פון זיי חוזק און אָט פאַלט ער זיי אויפ'ן האַלז און וויינט אויף זייער גורל דעם בּיטערען. זיין עצם לאַגע צווישען די קאַבּצאַנסקער איז אַ דאָפּעלטע! ער איז אי אַ תּושב, אַנ'אַלטער בּעקאַנטער, אי אַנ'אורח בּיי זיי, אי אַנ'איינענער, אי אַ פרעמדער. ער איז אַנ'איינענער, — קאָן ער זיך צוקוקען צו אַלץ,

ניטאָ פאַר איהם קיין פערבאָרגענים; איז ער אָבער אויך אַ פרעמדער: האָט ער זיין אייגענעם קוק אויף אַלץ. ער איז אַנ'אייגענער — רעדט ער מיט זיי אויף זייער לשון. ער איז אַ פרעמדער — לעגט ער אין זייער לשון אַריין זיינע אייגענע כוונות. ער מאַכט אָנשטעלען. װען ער װאָלט ניט געהערט צו דער ליטעראַטור, װאָלט ער — איך בין זיכער — געהערט צום טעאַטער. אין איהם זיצט אַ שוישפּילער. שוין פון קינדווייז אָן „איז אין איהם געלעגען בטבע עפּיס אַזוינס אויפצוכאַפּען באַלד ביים ערשטען בליק, יעגעם'ס אַ מינע, אַ װאָרט, װאָס עפּיס נישט אַזוי, משונה, װי ביי אַנדערע. ער פלעגט װאונדערשען נאָכמאַכען אַבי װעמען, כּמעט אַלע פּאָסטעמקעס, װי יענער רעדט, װי יענער שטעהט און געהט, אַזוי אַז מען פלעגט זיך האַלטען ביי די זייטען פאַר געלעכטער, זעהענדיג און הערענדיג איהם. בעזונדערס ליעב האָט ער געהאַט נאָכצומאַכען גימעל די זאָגטרין, װי זי קושט די מזוזה ביי'ם אַריינקומען אין שטוב, אָנגעטון אין דער יופּע אויף איין אָרבעל ... א. אַז. װ.״ די קונסט פון דער מאַסקע האָט ער אַריינגעטראָגען אין דער ליטעראַטור. און זיין אויפגאַבע איז געװען אַראָבצורייסען די מאַסקע פון לעבען, די מאַסקע, װאָס איז ניט קיין קונסט, נאָר אַ מלאכה, די מאַסקע, װאָס איז ניט קיין שאַפונג, נאָר אַ פערדאַרבונג. װייל ער האָט זי געקענט, די מאַסקע, האָט ער זי געװאוסט װאו צו זוכען, און קיינער פון די יודישע סאַטיריקער האָט ניט געװיזען אַזוי קלאָר, װי מענדעלי, די „יודישע אָנשטעלען״, די אַלע גמרא־פּשטלעך און איבער־הסברות און קאָפּ־שטיקלעך פונ׳ם יודישען לעבען און שטרעבען: קיינער האָט אינז ניט ענטפּלעקט אַזוי דייטליך און שאַרף, װי מענדעלי, דעם אונטערשלאַק פונ׳ם יודישען כאַראַקטער, פון דער יודישער שפּראַך...

אינקורצען װעגען די גרונד־שטריכען פון מענדעלי'ס שאַפען האָבען מיר אָט די שורות:

די טיעפסטע קװאַלען, פון װאַנען עס שעפּט איהר הויות מענדעלי'ס פען, איז דאָס לעבען פון פאָלק און די נאַטור.

מענדעלי האָט דער ערסטער די סאָציאַלע דיפערענצירטהייט און סאָציאַלע אונגלייכהייט אין דער יודישער געזעלשאַפט בעמערקט, און ער איז איינער פון די ערסטע, װאָס האָבען איז דער השכלה־צייט אונזער נאַציאָנאַלען בעװאוסטזיין געװעקט.

ער איז אויך איינער פון די ערסטע, וואָס האָבען געשריבען יודיש ניט נאָר פון צדקה און רחמנות וועגען; איינער פון די ערסטע, וואָס האָבען די יודישע שפראַך קולטיווירט און געבראַכט זי צו דער מדרגה פון א ליטעראַטור-שפראַך. אין העברעאיש האָט ער אַ נייעם, רייכען און בוויגיגען פראָזאַ-סטיל געשאפען.

פארנעמט ער זיך מיט'ן יחיד, איז ער אַ גרויסער קערפער-שילדערער; שטעלט ער פאָר דעם כלל — איז ער א טיעפער פסיכאָלאָג.

די קומענדיגע דורות וועלען זעהען אין איהם אויך דעם קולטור-היסטאָריקער. אלס קינסטלער איז ער אַ גרויסער בריה אויף קליינע אין זיך פערענדיגטע לעבענס-און נאַטור-בילדער; אלס היסטאָריקער אָבער, ווי אויך אלס פאָלקספסיכאָלאָג, גיט ער אונז א ברייטעס בילד פונ'ם קולטורעלען און סאָציאַלען לעבען פון דער יודישער מאַסע.

אין זיין גאַנצען שאפען איז פאַרהאַן עפּיס א פערשטעלטקייט, אַ דאָפעלטקייט; זיין סטיל איז סטיליזאציע, ער איז זיינער — און ניט ויינער; אינ'ם אינהאַלט שטרייט ביי איהם דאָס מענשליכע מיט דאָס קינסטלערישע, דאָס פובליציסטישע מיט דאָס בעלעטריסטישע, די סאַטירע מיט'ן הומאָר; אין זיין העלד, אינ'ם יודישען פאָלק, זעהט ער אויך אַ צוויי-איינקייט: ס'איז אי א קליאַטשע, אי אַ פרינץ... און ער לאַכט און וויינט: לאַכט פון דער מאוסער קליאטשע און וויינט אויפ'ן גורל פונ'ם אומגליקליכען פרינץ...

**ש. ניגער.**

בערן, נאָוועמבער 1910.

ח. נ. ביאַליק

# מענדעלי׳ס „נוסח״.

ווייל מען אָבשאַצען מענדעלי׳ן אין זיין גאַנצער גרויס אַלס ערשטער — איז נעָנוג צו זאָגען איין קורצען זאַץ, און מיט דעם ווערט געזאָגט אפשר דאָס וויכטיגסטע: מענדעלי האָט אין דער ליטעראַטור געשאַפען „נוסח״ *).

דאָס הייסט—ער האָט אונז דער ערשטער געגעבען אַ ליטעראַרישען שאַבלאָן.

טייט ניט מיט דעם פינגער: סטיל, שפּראַך, ריטמוס; טייטשט ניט אויס: טיפען, פאָלקס־פּסיכאָלאָגיע, נאַטור־שילדערונג, לאַנדשאַפט; אַודאי איז מענדעלי גרויס אומעטום. ער איז דאָך אומעטום כמעט געווען דער ערשטער. דאָס וויכטיגסטע אָבער, וואָס ער האָט געשאַפען, איז דער יסוד — און אפשר דער סך־הכּל — פון זיי אַלעם: דאָס איז „נוסח״; פּשוט׳ער, ליטעראַרישער נוסח.

אַ יודישע ליטעראַטור — מען שמועסט פון שענער, אומשטיינס געזאָגט — האָבען מיר געהאַט אויך ביז דעם ווידען. יורען האָבען, ברוך השם, געשריבען. זיי האָט אָבער געפעהלט דער עיקר: נוסח.

— „ווי איז דאָס מעגליך?״ — טאַקע אַ שווערע קשיא, איך

---

*) אין וואחלין רופט מען אזוי די „סקארבאזוע״ מאטיווען און דער פון יעדען אנגענומענעם דרך.

פרעג אויך. אַט דאָס איז טאַקע די מעשה מיט נוסח. נאָכדעם ווי ער איז געשאַפען, איז טאַקע שווער, כמעט אונמעגליך, זיך פאָרצושטעלען ווי איז עס געווען פ אַ ר איהם, ווי אַזוי איז מען אויסגעקומען אָ ה ן איהם?

נוסח גיט דעם קינסטלער ניט נור דעם פעסטען באָדען, אָהן וועלכען ס'איז ניטאָ וואו אַפּוס צו שטעלען; ער גיט איהם אויך לופט און רוים, אָהן וועלכע ס'איז אונמעגליך אַנ'אָטעם צו טהון, זיך בע-וועגען, איין שריט מאַכען פאָרווערטס.

יעדער קינסטלער מעג און דאַרף זיך בריה'ן ווי ער וויל, אויף זיין א י י ג ע נ ע ם שטיינער — אָבער אַלץ אויף דעם באָדען פון נוסח. אַרויסקריכען פון נוסח טאָר ער ניט. ער וועט דאָס ניט קאָנען — ער זאָל זיך אפילו שניצען און מאָלען. קריכט ער יאָ אַרויס — איז ער ווי אַ פיש, וואָס שטעקט אַרויס דעם קאָפּ פון וואַסער.

דאָס אינדיווידועלע שאַפען, דאָס דיפערענצירטע, דאָס פונאַנדער-גענלידערטע, הויבט זיך ערשט אָן שפעטער. פריהער מוז זיין נוסח. פריהער מוז געשאַפען ווערען דער נויטיגער ליטעראַרישער שאַבלאָן, אָנגענומענע אַלגעמיין-גילטיגע, גאַנגבאַרע, פעסטגעשטעלטע, קיילעכדיגע „מטבעות”.

און ד אָ ס האָט ביז מענדעלי'ן די דאָפּעלטע יודישע ליטעראַטור ניט פערמאָגט. די העברעאישע ליטעראַטור האָט האָטש פערמאָגט אַ פסוק, אַנ'אַטמאָספערע פון פסוקים. ס'ניט אמת, אַז אַ פסוק טויג לחלוטין ניט. מען דאַרף נור וויסען ווי זיך צו בעגעהן מיט איהם. מען דאַרף נור קאָנען ז י ך אויסדריקען אין פסוק. ווערטער, אַלטע גוטע ברידער, פרעהען זיך, ווען זיי בעגעגענען זיך נאָכאַמאָל, נור ביי די נייע אומשטענדען. און מיט זיי אינאיינעם פרעהט זיך אויך דער לעזער. דער פסוק — ווי אַלעס קלאַסישע — איז קאָנסערוואַטיוו, ער איז אָבער דער טאַטע פון נוסח. פיהרענדיג מיט איהם אַ שטענדי-גע מלחמה, מוז מען זיך דאָך שטענדיג טאַקע אויף איהם אָנשפּאַרען. די העברעאישע ליטעראַטור האָט אַ פסוק שבכתב, ליטעראַטורען פון לעבעדיגע שפּראַכען — אַ פסוק שבעל-פה. דער חלוק איז אָבער ניט אַזוי גרויס, ווי מען מיינט.

ז י, די יודישע ליטעראַטור, האָט געביך קיין פסוק אויך ניט געהאַט. זי האָט צו יענער צייט גאָר ניט פערמאָגט, טאַקע „גאָר-גאָר-נישט”.

נעהמט אויף „ציקאַווע ס" אין דער האַנד אַ „ווערק" פון יענער צײַט — איהר וועט דאָס באַלד אַ שמיץ טהון צוריק. ווערטער, בלינדע און שטומע ווערטער, בלאָנדזשען דאָרט אַרום ווי גרים. זיי האָבען דאָרט לחלוטין ניט וואָס צו טהון און קאָנען פאַר זיך קיין אַרבײַט ניט געפינען. האָט זיי דער „פּערפאַסער" אַנידערגעלעגט אינם נעבען אַנדערען — ליעגען זיי דאָרט ווי די לײַמענע גולמ'ס, קאַלטע און גלײַכגילטיגע. זיי מוליען זיך אפילו ניט. דאָס איז צופעלינע שכנים, וואָס וועלען אײביג בלײַבען ווילד־פרעמדע.

מכּח קונסט, מכּח שענקײַט, מכּח אַנ'אינערליכען, אָרגאַנישען לעבען, אײַנהײט, גאַנצקײַט און מכּח נאָך און נאָך אַזעלכע זאַכען — איז שוין גאָר קײַן רייד ניט. אָבער אפילו יעדעס וואָרט גענומען פאַר זיך, און בפרט יעדער זיווג פון ווערטער, יעדער צוזאַמענזאַץ — צוקריכט עפּיס, ווי אַ פּוילם און אַ פּליסינס, אונטער די פינגער. ס'האָט ניט קײַן קיום און קײַן ממשות, קײַן בלוט און קײַן פאַרב; ס'גלויבט ניט אין זיך אַלײן, אין זײַן אײַגענעם כּח, אין זײַן אײַגענעם הײַנט און מאָרגען. עפּיס קומט דאָס אויס, אַז דער „פּערפאַסער" זאָל האָבען געשריבען אויף קלעק־פּאַפּיר.

גענומען האָט זיך עס הויפּטזעכליך ניט אַזוי פון טאַלענטלאָזיגקײַט, ווי פון דעם, וואָס דעמאָלט האָט נאָך די יודישע שפּראַך קײַן נוסח ניט געהאַט. פּשוט גערעדט, ס'האָט איהר געפעהלט אָט דער אײַנפאַכער ליטעראַרישער שאַבלאָן, אָהן וועלכען ס'איז אונמעגליך זיך פאָרצושטעלען אַ ליטעראַטור. אָט דער נויטיגער און וויכטיגער נוסח, וואָס ערשט שפּעטער האָט איהם דער זיידע אַלײן, מיט אַזוי פיעל קונסט, מיט אַזוי פיעל קראַפט, מיט אַזוי פיעל געדולד און ליעבע, געשאַפען פאַר אַלעמען.

אַ קלײניגקײט: שאַפען אַ שאַבלאָן! אַזעלכס פאַרמאָגט צו בעווײַזען נור אַ ריעזען־גײַסט. שאַפען אַ נוסח — הײַסט אָבטהון אַזוינס, וואָס דאַרף אָבגעטהון ווערען דורך אַ רבים, דורך גאַנצע דורות.

קאָמבינירען אַ פאַרטיגען שאַבלאָן מעהר אָדער וועניגער געלונגען — איז ניט קײַן גרויסע מלאכה, אָבער שאַפען איהם — דאָס שמעקט מיט „מעשה בראשית".

שאַפען פאַר ליטעראַטור אַ נוסח — דאָס הײַסט אײַן מאָל פאַר אַלע מאָל צו־געבען פעסטע און דויערהאַפטע פאָרמען פאַר די געפיהלען און געדאַנקען פון פאָלק און דערמיט ממילא איהם פערגרינ־

גערן דעם פראָצעס פון זיי ביידע; דאָס הייסט מיטהעלפען דעם פאָלק צו דענקען און צו פיהלען, דאָס הייסט דיסציפּלינירען זיין גייסט, דאָס אונפערמיגע אין איהם פערמיג מאַכען; פון רויהען ערץ גאָלד ארויסבעקומען, און אין גאַנגבאַרע „מטבעות" צושמעלצען.

און שענקען „אַ נוסח"דעם פאָלק — דאָס הייסט אונבעמערקט אַריינקריכען דעם פאָלק אין מאַרך אַריין; שטילערהייד זיך איהם איינבאַקען אין האַרצען, אַריינגיסען זיך, און אפשר אויף אייביג פערשוואונדען ווערען אין זיין נשמה, אַזוי אַז קיין בעל־שם און מכשף זאָל דערנאָך ניט קאָנען אַרויסבעקומען פון דאָרט קיין איינציג שטיקעלע פון איהם, פון דעם „ערשטען", — חאָטש אַ שטיקעלע פאַר אַ זכר.

דער אמת'ער „עובד מאהבה", שלא על מנת לקבל פרס — איז דעריבער דער, וואָס שאַפט אַ נוסח. זיין „השארת הנפש" איז גאַראַנטירט, אָבער אויף אַנ'אַנדער אופן. אַ געוועהנליכער „בשר־ודם" קאָן מיט אַזאַ „עולם־הבא" נים צופריעדען בלייבען. ער וויל איהם טאַקי אַליין אָנטאַפּען מיט די איינענע צעהן פינגער...

וואָרום „נוסח" ווערט באַלד אַ הפקר־זאַך. ס'איז יעדענס און קיינעמס נים. דער ערשטער בעל־הבית זיינער האָט ניט איבער איהם אויף אַ האָר מעהר שליטה ווי דער לעצטער בעטלער. נוצט מען דאָס אוים — זאָגט מען דערפאַר קיינעם קיין דאַנק ניט. ס'איז ניטאָ וועמען.

„נוסח" — זאָגען יודען — איז „מסיני"...

נאָכמעהר: וואָס לעננער מען נוצט אוים דעם „נוסח", אַלץ וועניגער לאָזט ער זיך מערקען, אַלץ וועניגער שפירט מען זיין אויפמהו, זיין „מאי קמשמע לן". אַזאַ טבע האָט ער שוין: ער איז געגליכען צו אַ וואַנד־זייגער. מען דערהערט איהם — ווען ער שטעלט זיך אָב.

און אָט דאָס שטיקעל אַרבייט האָט אָבגעטהון דער זיידע.

העכער פופציג יאָהר, אַז דער זיידע מיט די ברילען אויף זיינע שאַרף־שפּיצינע אויגעלעך זיצט אין זיין פאָטער־שטוהל איינגעבויגען איבער האַלבע בוינענס און פּערילט. אַזוי לאַנג — ביז ער האָט פאַר אונז אַלע אויסגעפּערילט אַ שפראַך, אַ סטיל — אַ ליטעראַטור.

פאַר די פופציג יאָהר האָט ער אפשר ניט קיין סך ב־
גענוצט. אָבער קיין איין טראָפּעלע זיינס איז ניט געגאַנגען לאבוד.
שעפּט עמעצער ווייז פון דעם אייביגען שאַפענדען פאָלקס־גייסט, האָט ער
דאָס צוריק, זיבען מאָל אין זיין אייגענעם גייסט געליטערט, טראָפּען
וויז אַריינגעפּערילט אין פאָלק אַריין...

איצט איז אונזער ליטעראַטור פעסט און שטאַרק, אפשר שטאַר־
קער אפילו פאַר'ן ווידען. דאָס איז דערפאַר — ווייל דער ווידע האָט
זיך אין איהר אַריינגעגאָסען. מיט זיך האָט ער זי געמאַכט שטארקער
פאַר זיך. מענדעלי מיט נאָך עפּיס — איז מעהר ווי מענדעלי.

און אָט דעם חסד ואמת מיט אונז אַלע וועלען מיר דיר, ווידעניו,
אייביג ניט פערגעסען.

---

# מענדעלי מוכר ספרים.

(שטריכען)

## I.

ס'איז געווען אַ זומער־פֿאַרנאַכט. פֿון דער גרויסער שול־געבײַדע, אין וועלכער מענדעלי וואָהנט שוין זײַט לאַנגע יאָהרען, האָבען זיך איבער'ן לערינגען הויף געלעגט ברײַטע, זיכערע שאָטענס; נאָר אין ביבליאָטעק־צימער, וואו מיר זענען געזעסען, האָט דורך די אָפענע פענסטער נאָך אַרײַנגעקוקט דער לויטערער דרום־הימעל און אין דער לופט האָט געציטערט דער גאָלדענער שטויב פֿון די רויטע אָבענד־שטראַהלען, וואָס האָבען אומבעמערקט פֿון איין שראַנק ביכער צום צווייטען איבערגעגליטשט זיך און זיך געלעגט אויף די טאָוולען פֿון די רייהען גרויסע און קליינע ספרים, וואָס שטעהען אין אַזאַ ליעבער, זאָרגזאַמער אָרדנונג אויסגעשטעלט אין זיי.

געקומען בין איך צו מענדעלי'ן מיט ביאַליק'ן און רבניצקי'ן, וואָס האָבען זיך נים לאַנג אומגעקעהרט פֿון ארץ־ישראל און איצט געבראַכט דעם זיידען אייניגע מתנות און אַ גרוס פֿון דער אַלטער היים. איך בין געזעסען בײַ דער זייט און, ניט געהמענדיג אַליין כמעט קיין שום אַנטהייל אין דעם געשפּרעך, געהאַט די מעגליכקייט צו בעאָבאַכטען מענדעלי'ן אין דער געזעלשאַפֿט פֿון אַזאַ אַלטען גוטען פֿריינד, ווי רבניצקי, און אַזאַ געליעבטען חבר און תּלמיד, ווי ביאַליק. איך בין

געווען צופריערען, וואָס איך האָב געקענט זיסצען ניט בעמערקט און זיך צוהערען צום קלאַנג פון די קולות, וואָס האָבען זיך געטראָגען איבער׳ן צימער, און בעזונדערס — צו בעטראַכטען מענדעלי׳ס פנים אין דער צייט, ווען ער האָט אַליין גערעדט אָדער געהערט ביאַליק׳ס גוטמוטהיגע אַנעקדאָטען פון דער רייזע. ביאַליק האָט דערצעהלט פון די צרות, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען אויף דער רייזע איבער די רעדעס און טאָסטען, וואָס זענען אַ מין מכת־מדינה אין ארץ־ישראל.

— אַ קאַלטער שווייס פלעג מיך בעשלאָגען — האָט ביאַליק לאַכענדיג דערצעהלט — ווען איך בין געזעסען און געמוזט אויסהערען די לאַנגע אונענדליכע „נאומים“ פון מיין כבוד וועגען... און דאָ געה ענטפער נאָך אָב אַליין מיט אַ נייעם „אויך“ יעדעס מאָל, וויל אויסנוצען אַ אַלטען האָב איך ניט געקענט איבער מיין מלאך־המות רבניצקי׳ן, וואָס האָט מיך שטענדיג געשטאָכען די אייגען...

מענדעלי האָט הערצליך געלאַכט און אָנגעקוואָלען פון יעדען וואָרט ביאַליק׳ס, נאָר געמאַכט האָט ער זיך כלומר׳שט ברוגז און אַליין גע׳טענה׳ט:

— ווען וועל איך שוין זוכה זיין צו הערען אַ מאָל אַ וואָרט וועגען ארץ־ישראל גופא? דערצעהלט מיר בעסער פון דער מוטער רחל׳ס קבר... דעם עיקר פערגעסט איהר...

איך געדענק ניט, וואָס ביאַליק האָט איהם דאַן געענטפערט. איך געדענק בכלל וועניג, וואָס האָט מען דעמאָלט גערעדט. דערפאַר אָבער געדענק איך גוט, ווי אַזוי מ׳האָט גערעדט. אין דעם איז געווען עטוואָס אינטערעסאַנטעס און וויכטיגעס פאַר מיר. מיך האָט אינטערעסירט די גאַנצע פריעדליכע שטימונג, וואָס האָט געהערשט אַרום מיר, דער לעבעדיגער קלאַנג פון די קולות און דער רוהיגער, געלאַסען־זיכערער געלעכטער, וואָס האָט אָבגעטאָנט מיט עפּיס דאָרפישעס, אונגעוועהנליך נאַאיווען... בעזונדערס האָט מיך אינטערעסירט מענדעלי׳ס פנים, אין וועלכען איך האָב זיך ניט אויפגעהערט איינצוקוקען. אַזאַ אויסדרוק האָב איך ניט ערוואַרט ביי איהם צו געפינען. דאָס דריבנע קול מיט׳ן שעלמיש־גוטמוטהיגען שמייכעלע, מיט דעם נאַאיוו־גאוה׳דיגען טאָן און קינדערשען צופרידענקייט, ווען ער האָט אָבגעזאָגט עפּיס אַ חכמה׳לע אָדער עפּיס איינגעטייטשט אַ פּסוק אויף זיין שטייגער, און דער געמאַכטער ערנסטער אויסדרוק, דעמאָלט ווען ער האָט געמיינט דעם גרעסטען חוזק, איבער אַלעמען — די הנאה, די פ ו ל ע הנאה און נחת,

וואס ער האט געקליבען פון אלסדינג און פון זיך אליין — דאס אלעס האט מיר געשיינט צו זיין אזוי פרעמד, אזוי ניט הארמאנירענד מיט דעם בילד, וואס האט געלעבט לאנגע יאהרען אין מיין פארשטעלונג, מיט דעם בילד פון דעם אונהיימליכען סאטיריקער מיט'ן שטענדיגען בעהאלטענעם, בימערען רמז, מיט די דינע געדרייטע קנייטשען און פקח'דיגען שמייכעלע, אין וועלכען עס שטעקט טויזענד רוחות, און מיט'ן קאלטען, דורכדרינגענדען בליק, וואס קוקט דורך ברונז'ע ברילען און דערזעהט אין דיר דוקא דאס, וואס דו ווילסט, ער זאל אין דיר ניט דערזעהען... איך בין דעריבער געווען געצווינגען צו רעכענען דעם גאנצען אבענד פאר עפּיס צופעליגעס, וואס געהער זיך גאנץ ווייניג אן מיט די גרינדליכע שטריכען פון מענדעלי'ס כאראקטער.

און דאך, געהענדיג שפּעט אין אבענד א היים, איז מיר דאס ערשטע מאל געקומען אייפ'ן געדאנק, אז עס קאן זיין, איך האב געהאט מיין גאנץ לעבען א פאלשע פארשטעלונג וועגען אונזער גרויסען דיכטער, און דוקא דער אונגעריכטער שטראהל, וואס איז היינט אין אבענד צופעליג געפאלען אויף זיין פערזענליכקייט, זאל מיר געווען ענטדעקען דאס חיכטיגסטע, וואס איך האב פריהער אין איהם ניט בעמערקט. צווישען די פיעלע מענדעלי'ך, קען זיין, האב איך דעם עכטען אם ווייניגסטען געשעצט. זאל געווען שולדיג זיין אין דעם דאס, וואס איך האב מענדעלי'ן ניט גענוג ערנסט שטודירט, אדער אונזער קריטיק, וואס בעמערקט שטענדיג אלע קנייטשעלעך פונ'ם דיכטער'ס פנים, נאר ניט דאס פנים אליין, — נאר איך האב גענומען לעזען מענדעלי'ן מיט א גאנץ אנדערען קוק.

און נאר ערשט ניט לאנג, נאכדעם אז איך האב איבערגעלייענט די מייסטערישע קאפּיטעלעך פון לעצטען גרויסען ווערק מענדעלי'ס „שלמה ר' חיים'ס" (העבּרעאיש: „בימים ההם"), האב איך אין קליינעם שלמה'לען דערקענט דעם איצטיגען 75-יעהריגען ליכטיגען אלטען מיט דער גרויסער ליעבע צום לעבען און אויך צו די פנימות פון לעבען, מיט'ן אויסערליכען ברוגז'ן אויסדרוק פון א בעשולדיגער און מיט'ן אינערליכען בעהאלטענעם טרויער פונ'ם אלפערגעבענדען דיכטער, און פערגלייכענדיג די פערשיעדענע אויסגאבען פון די גרעסטע טהייל פון זיינע ווערק מיט זייערע אונצעהליגע אויסבעסערונגען און קינסטלערישע לייטערונגען, איז מיר אלץ קלארער געווארען, א

דער גרויסער ענטוויקלונגס־גאַנג, וואָס מענדעלי האָט דורכגעמאַכט אין זיין לאַנגען שענעם לעבען, איז געווען דער וועג צו דער ריינער קינסט־לערישער אויפפאַסונג פונ'ם לעבען — דער וועג פון בעפרייאונג. זיין גאַנץ לעבען האָט ער געוואָרפען פון זיך אַ פעקיל נאָך אַ פעקיל דעם שווערען גלות־באַלאַסט, אין אַ רייהע פון לאַנגע יאָהרען האָט ער זיינע אויגען געלערנט צו זעהן דורך דעם געדיכטען נעבעל, וואָס איז געלעגען אויסגעשפרייט פאַר זיי, דאָס אייביג־שטראַהלענדע, דאָס שטענ־דיג־בליהענדע און שטענדיג־טרייסטענדע, וואָס דאָס לעבען, יעדער לעבען, מוז האַלטען אין זיך פערבאָרגען. ווי אַ פאַרצייטיגער נזיר האָט ער אין דער שטילקייט פון זיין געצעלט יאָהרענלאַנג אָבגעריכט זיינע תפלות און זיך געהיים געריינינגט און געלייטערט, און נאָר אויף דער עלטער, ווען דער שנעער קאָפּ האָט זיך שוין אָנגעהויבען צו בויגען אונטער דעם לאַסט פון זעהונגען און די אויגען האָבען שוין געקוקט דורך די גאָלדענע נעטץ פון געלייטערטע זכרונות, — האָט אַם ענדע דער גרויסער קינסטלער אין איהם אָבגעהאַלטען זיין פאָלשטענדיגען נצחון און די פערגעסענע קינדהייט זיינע האָט אויפגעלעבט אין אַ ריי־הע פון ריין־עפּישע בילדער, בענאָסען מיט'ן צאַרטען קיהלען שיין פון די ערשטע מאָרגען־שטראַהלען.

.II

דער גרעסטער אונגליק איז ניט נאָר דאָס, וואָס מיר לעזען מענדעלי'ן פערהעלטניסמעסיג זעהר ווייניג, וועהרענד איהם מוז מען, ווי יעדען גרויסען אָריגינעלען קינסטלער, לאַנג און מיט גרויסער ליעבע שטודירען, אום ער זאָל זיך פאַר אונז ענטדעקען מיט זיין גאַנצער שענקייט און טיעפקייט. שלעכט איז אויך דאָס, וואָס אין אונזער פאַר־שטעלונג לעבען עטליכע געשטאַלטען פון מענדעלי'ן, יעדערער מיט זיין בעזונדערער פיזיאָגנאָמיע. מענדעלי דער פובליציסט, דער סאַטיריקער, דער קריטיקער — די אַלע פערנעהמען געוויס אַ גרויס אָרט אין זיין שאַפען. דאס אידעאַליז אָבער אין מענדעלי'ן, זיין שטרעבונגס־ציעל

און זיין טיפסטער און עכטעסטער אינהאַלט ליעגט אויסער דעם אַלעמען. און איבער די יסודות, מיט וועלכע מענדעלי האָט זיך שטענ־דיג בעוואוסטזיניג, און נאָך מעהר אונבעוואוסטזיניג, גערא‎נגעלט, קענען מיר דעם אמת'ן מענדעלי'ן אָפטמאָל ניט אַרויסזעהען. אום ריכטיג אָבצושאַצען דאָס ווירקליך גרויסע, וואָס מענדעלי פערמאָגט, וואָלט ניט געשאַדט, מיר זאָלען אַ ביסעל פערגעסען די אַלע מענדעלי'ך, וואָס האָבען געדיענט דעם ווירקליכען מענדעלי נאָר אַלס עטאַפּען, און איהם אַ מינוט בעטראַכטען אַ פרייען, העל־בעלויכטענעם, ווען ער שטעהט שוין פאַר אונז אין זיין גאַנצער קינסטלערישער הויך, — ווען ער איז שוין דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט זיין, וואָס ער האָט גע־שטרעבט צו זיין.

און דאַן וועלען מיר זעהן אין מענדעלי'ן פריהער פאַר אַלסדינג דעם גרויסען עפּישען קינסטלער. דאַן וועט מיט אַמאָל פערשווינדען דער צובראָכענער יוד, וואָס קוקט דורך צוועלף פאָר ברילען אויף אַלסדינג, און איז שטענדיג פול מיט טענית צום רבונו־של־עולם און צום פאָלק ישראל און צו די אומות־עולם, און פאַר אונזערע אויגען וועט ערשיינען יענער ליעבער גוטמוטהיגער אַלטער מיט די גוטע אויגען און דעם געלאַסענעם געלעכטער, וואָס איך האָב יענעם אָבענד אזוי אונגעריכט ענטדעקט.

איך חיים גוט, אַז אין מענדעלי'ס כאַראַקטער זענען דאָ פיעלע שטריכען, וואָס זענען דער היפך פון עפּיק. איהם פעהלט אָפט דאָס אונמיטעלבאַרע, וואָס אָהן דעם קען קיין עפּישע קונסט ניט געמאָלט זיין. זיין קינסטלערישער בליק איז צו אַ שאַרפער און מאַכט טיעפע קאַרבען אפילו דאָרט, וואו ער איז זיך מתכוון נאָר אַ לייכטען גלעט צו טהון. איך פערגעס ניט אויף אַ רגע די בייסענדע סאַטירע פון „דער קליאַטשע", די געזועלשאַפטליך־טענדענציעזע „טאַקסע" און דאָס מאָראַל־געפאַרבטע „קליין מענשעלי", און וויים גוט, אַז בעוואוסטזיניג איז אפשר מענדעלי שטענדיג געווען אַ טענדענציעזער קינסטלער, אַ מענש מיט אַ לויטערן מוח און אַ שאַרפער ראיה, וואָס האָט ניט גע־קענט שוין רוהיג קוקען אויף גאָט'ס וועלט, איינמאָל וויסענדיג, וואָס פאַר אַ שענע לייט זי פערמאָגט. מענדעלי איז אַ יודישער קינסטלער, דאָס הייסט — דער ניכטערסטער גייסט, וואָס מעהר וויפיעל ער וויל נים, קען ער זיך ניט אָבנאַרען, ווייל ער האָט צו ליכטיגע אויגען

און צו אַ וואַכענדען פערשטאַנד דערצו. די עפּיק פון אַ מענדעלי און די עפּיק פון אַ געטהע קענען ניט זיין פון איין געוואַנד געשניטען. איבע־ריגענס, איז דאָס ביים געניאַלען דייטשען דיכטער אויך ניט אַזוי פּראָסט, ווי אַנדערע מיינען. אויך די מאַיעסטעטיש־האַרמאָנישע נשמה פון געטהע'ן איז פריהער דורכגעגאַנגען דאָס גרויסע לייטערונגס־פייער ביז זי איז אַרויס אויף דאָס פרייע. נאָר יענע, וואָס וויסען די פינסטערע נאַכט־קאָשמאַרען, בענשט דאָס ווייסע ליכט פון דעם מאָרגענשטערן. איידער עס ווערען געשאַפען די ריינע טענער פון אַ „הערמאַן אונד דאָראָטהעאַ“ געהט מען פריהער דורך דעם געדיכטען נעבעל פון „ווערטהערס ליידען“ און ערדרייכענדיג די גרויסע פאַנטאַסטיש־האַרמאָניטעט פערגעסט מען ניט די פיינליכע שלאָפלאָזע נעכט פון פויסט'ן...

מענדעלי האָט געוויס ניט געקענט דערגרייכען די „גרויסע רוהע“ פון אַ געטהע. מענדעלי איז דאָך ניט מעהר, ווי אַ קראַנקער יוד, וואָס האָט זיך אָנגעזעהן אויף זיין לעבען אַזוי פיעל צרות און וועהטאָגען, וואָס האָבען געקענט די שטאַרקסטע נשמה צוברעכען אייף טויזענד ברעך, און ווען מיר זעהען, אַז טראָץ דעם אַלעמען, אַז אַלץ העכער און פעסטער האָט געציטערט איבער זיין קאָפּ די ליכטיגע פאָהן פון זיין פּאָעזיע, דאַן מוזען מיר גלויבען, אַז די נשמה פון דיכטער פער־מאָגט אין זיך עטוואָס ריעזיגעס און ערגיץ טיעף־בעהאַלטען אין איהר שפּרודעלט יענץ לויטערע געהעיניספולע וואַסערל, וואָס לייטערט אַלסדינג און לאָזט ניט פאַלען אויף איהר דעם שטויב, וואָס בעגלייט אַלע ערשיינונגען פונ'ם לעבען.

יאָ, מענדעלי'ס גייסט איז אַ ניכטערער, און ער האָט אַ זעלטען געפיהל פאַר דאָס רעאַלע. דאָס מאַכט צומאָל קאַליע די האַרמאָנישע איינהייט און ציברעקעלט דאָס גאַנצע אָהן רחמנות. אונבעוואוסטזיניג איז אָבער מענדעלי פריהער פון אַלץ אַ קינסטלער, און אַלסדינג, וואָס זיין קלאָר אויג האָט אין זיך איינגעזאַפּט פון קינדרוייס אָן, פון די גרעסטע ער־שיינונגען ביז די קלענסטע בילדערישע איינצעלהייטען, היט ער אין זיין נשמה, ווי טהייערע אונשאַצבאַרע אוצרות. אַלסדינג, וואָס זיין אויג האָט איין מאָל פערכאַפּט, איז געוואָרען זיין אייגענטהום אויף אייביג, ווייל ער האָט עס געזעהן, און עס איז געוואָרען דאַריבער אַ חלק פון זיין לעבען. עס איז דערפאַר, ווייל אין גרונד איז מענדעלי אַ עפּיקער.

מענדעלי האָט פיינד דאָס שטענדיג יום־טוב׳דיגע, און פיהלט זיך בכלל בעסער, ווען ער מאָלט דאָס געוועהנליכע, דאָס אַלטעגליכע. דערפאַר אָבער פיהלט אויך דער לעזער דער ליכע אין מענדעלי׳ס קונסט. מענדעלי פערליערט זיך ניט, ווי פיעלע אַנדערע, ווען ער ענטדעקט דאָס אונגעריכטע שענע אין דער יודישער גאַס, און ווערט ניט פער׳שכור׳ט פון התפעלות. אין מענדעלי׳ס ביכער פיהלט איהר דעם גרויסען אמת. איהר טרינקט אויס דעם גאַנצען בעכער פון ניפּט ביז איהר קומט צו די עטליכע טראָפּענס פון נחמה. די געצעהלטע טראָפּענס זענען אָבער דער ריינער תמצית, דאָס ניט־געפעלשטע און ניט־בעפּוצטע. מענדעלי האָט בכלל פיינד דאָס בעפּוצען. ער פערמאָגט, פערקעהרט, אין זיך די דרייסטיגקייט פון די גרויסע אַנטיטשנע קינסט־לער זיך אָבצושטעלען אויף אַזוינע „געפעהרליכע" זאַכען, וואָס אַנדערע האָבען ליעב מבליע בנעימה זיין אפילו אין אַ אינטימען געשפּרעך... עס איז ניט אויס ליעבע צום וואולגאַרען, נאָר דערפאַר ווייל מענדעלי האָט ווענינגער אמונה אין די „הויכע מאַטעריעס", און וואָס נידריגער צו דער ערד, אַלץ מעהרער פיהלט ער דעם אונגעשטעלבאַרען אמת פון דעם לעבען. עס איז די גרויסע זיכערהייט פון דעם קינסט־לער, וואָס ער האָט ניט מורא פאַר קיין „גראָבע" עלעמענטען, עס איז די קראַפט פונ׳ם אמת, וואָס מאַכט איהם אַזוי דרייסט זיך מטפּל צו זיין מיט אַזוינע זאַכען, וואָס אַנדערע קינסטלער מיט זייער „פיינעם חוש", וועלען ניט וואַגען קיינמאָל זיך אפילו צו־ריהרען אָן זיי...

אָט דאָס געפיהל פאַר אַלע ערשיינונגען פון לעבען, ניט מאַכענדיג קיין אונטערשיעד צווישען „שענעם" און „מיאוס׳ן", איז דאָס, וואָס בעווייזט, אַז מענדעלי איז בעצם דער ערשטער און גרעסטער עפּיקער, וואָס אונזער פּאָעזיע פערמאָגט. לאָז זיין, אַז דאָס מאָראַלישע געפיהל איז אין איהם צו וואַכענד פאַר איין עפּיקער. עס איז אָבער נאָך ניט דאָס וויכטיגסטע. ווען מיר געפינען אין אַ קינסטלער אַזאַ ברייט־אומפּאַסענדען און גלייכען אינטערעס פאַר דאָס קלענסטע, ווי פאַר דאָס גרעסטע, דאַן ווייסען מיר זיכער, אַז מיר האָבען צוטהון מיט אַ טיעף־עפּישע נאַטור. ווייל עפּיקער איז דער, וואָס זעהט אין קליינעם דאָס גראַנדיעזע, וואָס פיהלט אין דער קוימבעמערקטער בעוועגונג דעם אייביגען ציטער פון דעם קאָסמאָס.

יאָ, מענדעלי, אָט דער „יהודי שביהודים", ווי ער אַליין רופט

זיך, וואָס איז אַרויסגעקומען צו אונז פון די ענגסטע געהעטא-וואָהנונגען און האָט דורכגעלעבט די קאַלטע איינזאַמקייט און אָבגעריסענקייט פונ׳ם פאָלק פון דער השכלה-עפּאָכע, — ער האָט ביז היינטיגען טאָג דאָס קלאָרסטע אויג, וואָס קלויבט נחת פון אַליין, וואָס עס פּאַסט אויף דאָס ליכט און די שאָטענס מיט דער זעלבער ליעבע פון אַ דיכטער, ווען אויך ניט שטענדיג מיט דער זעלבער גלייכגילטיגקייט פון אַ קינסטלער... ניט נאָר פרישמאַן, וואָס זעהט אַלסדינג אין דער שענער ווייטקייט און זיין אויג ווערט באַלד פערהילט מיט די לויטערע נעבלען פון לירישען דראַנג, און פרץ, וואָס קניעט באַלד מיט עהרפורכט פאַר יעדע גייסטי- גע גרויסקייט, וואָס ער ענטדעקט אין דער נשמה פון פאָלק, — נאָר אפילו ביאַליק, וואָס האָט אין זיך אַיינגעזאַפּט אַלע פאַרבען און אַלע קלאַנגען, — אויך ער האָט ניט אַזאַ לויטער אויג, אויך ער פערמאָגט ניט אַזאַ גרויסע רוהיגקייט זיך אָבצושטעלען לענגער אויף די וואָכע- דיגע זייטען פונ׳ם לעבען און זיי בעגיסען מיט יענעם וואַרימען ליכט, וואָס ליעגט ניט אַזוי אין דעם אויסגעמאָלטען לעבען, ווי אין רייכען געבענשטען גייסט פונ׳ם מאַלער אַליין. ביאַליק איז פאָרט הויפּטזעכליך אַ לירִיקער און איבער׳ן בילד מוז פלאַטערן נאָט׳ם גייסט, אום ער זאָל קריגען התפּעלות פון דעם, וואָס ער זעהט. אפילו די זעלטענע מינוטען פון ביאַליק׳ס רוהע זענען ניט מעהר ווי די רוהע פון אַ דרימלענדיגען לייב, וואָס שפירט אויך אין שלאָף דאָס לאָקערן פונ׳ם באָהענטען פיינד — דעם יאוש... אין מענדעלי׳ס קונסט לויפט אָפט דורך אַ קאַלטער ציטער. עס איז אָבער מעהרסטענטהייל ניט מעהר ווי אַ ליעב ביסעל לעבענס-פילאָזאָפיע, צומאָל אַ ביסעל נאאיווע חקרנות, וואָס ענטהאַלט אין זיך אויך אַ אייגענאַרטיגען עפּישען עלעמענט. לאָז זיין עס איז נאָך ניט די ליעבע חקרנות פון אייזיק דעם שמיד אין „שלמה ר׳ חיים׳ס" מיט איהר עכט אידילישער פּראַקטיקייט און ליעבער הומאָריס- טישער אויבערפלעכליכקייט. ביי מענדעלי׳ן איז אָפט דאָ איבערגעשפּיצט- קייט, צומאָל פערביסענער האַס. אין אַלגעמיינעם אָבער רייסען זיי ניט איבער די דינע גאָלדענע פעדים פון דער ברייטער עפּישער מאַלעריי. אויף די גרויסע בילדער פון מענדעלי׳ס אונשטערבליכע ווערק: „פישקע דער קרומער", „דאָס ווינשפינגערל", „מסעות בנימין השלישי" און, בעזונדערס, „שלמה ר׳ חיים׳ס", ליעגט אויסגעגאָסען דער גלייכער, רוהיגער גלאַנץ פון דעם מיטטאָג-הימעל. און די זעלטענע איבערלויפענדע שאָ- טענס זענען נאָר דער ווייכער אָבשיין פון די ווייטע האַלב-צוגאַנגענע וואָלקענס.

## III.

מיר זענען געוואָהנט צו רעכענען מענדעלי'ן פאַר'ן ערשטען גרונדלעגער פון דעם רעאַליזמוס אין אונזער ליטעראַטור, פונקט ווי פרץ'ן — פאַר'ן שעפער פון דער פאָלקסטימליכער ראָמאַנטיק, און פרישמאַנ'ען — פאַר דעם ערשטען, וואָס האָט געשטרעבט צו ריינער ליריק. די וואָס בעהויפּטען עס, האָבען געווים קיין טעות ניט. אין מענדעלי'ן האָט די רעאַליסטישע שולע געווים איהר ערשטען און גרעסטען פאָרשטעהער. נאָר מענדעלי איז פאָרט קיין רעאַליסט ניט אין דעם זינען, ווי מיר זענען געוואָהנט אויסצוטייטשען דאָס וואָרט. אין מענדעלי'ס וועלט-אויפפאַסונג איז נישטאָ קיין סימן פון דער נאַטוראַליסטישער בעציהונג צום מענשען מיט איהר קאַלטען אויסרעכנונג און איהר אונגלויבען אין דער אייביגער קראַפט און שענקייט פון זיין געטליכען גייסט. מענדעלי'ס קינסטלערישע מאַניערען זענען געוויס ריין-רעאַליסטישע. זיין קינסטלערישע לעבענס-אויפפאַסונג איז אָבער *אַהויך-אידעאַליסטישע*. זיין רעאַליסטיש הייסט איגנאָרירען דעם מענשען אין זיינע אילוזיעס, אָבּרייסען מיט אַכזריות די שטראַהלען-קרוין פון זיין קאָפּ. זיין רעאַליסטיש הייסט אַלזאָ זעהען דעם מענשען *קלענער*, געמיינער, ווי ער איז אין דער ווירקליכקייט, ווייל דער מענש איז שטענדיג גרעסער אַלס ער ערשיינט פאַר אונז אין דער אַלטעגליכקייט. מענדעלי איז צופיעל יוד, ער זאָל ניט שפירען אין מענשען דעם אָב-גלאַנץ פון דעם געטליכען, וואָס אין איהם. מענדעלי האָט ליעב דאָס געוועהנליכע אין *אויסערליכען* לעבען. די נשמה אָבער, ווייסט ער, פערמאָגט שטענדיג אין זיך ערגיץ פערבאָרגענע קוואַלען, פון וועלכע זי ווייסט אָפט אַליין ניט. אין איהר זענען שטענדיג דאָ אַלע מעגליכקייטען. מענדעלי, מיט זיין גאַנצער ליעבשאַפט צום געוועהנליכען, גלויבט דאָך אין אונגעוועהנליכען און הערט ניט אויף, ווי זיין ליעב הערשעלי, צו וואַרטען אויפ'ן ווינשפינגעריל... זיין קינסטלעריש אויג רוהט אָב אויפ'ן אַלטעגליכען; דער דיכטער אין איהם אָבער פיהלט,

אַז ניט דאָס אַלטעגליכע איז די אמת'ע ווירקליכקייט, דער „מהות" איהרער. מענדעלי ווייסט, אַז ס'זענען דאָ זאַכען, וואָס קומען פאָר טאָג־טעגליך, און דאָך זענען זיי דאָס צופעלינע, ווערענד דאָס וואָס קומט פאָר אַם זעלטענסטען איז דער עצם, דער עיקר־פונקט פון די טויזענטער איבערנעהענדיגע זאַכען.

די גרעסטע טהייל פון מענדעלי'ס פאַרשוינען, די דערשלאָגענע, געפּייניגטע און אונשולדיגע נפשות, וועלכע דער קינסטלער בעשיצט מיט זיין ליעבע און רחמנות, און העלפט זיי אין אַ גרויסער נויט, ווען מען קען ניט אויספיהרען אַנדערש, אויך בדרך נס, דערצעהלען אונז וועגען מענדעלי'ס בעהאַלטענעם אידעאַליזמוס. רעאַליסטען גלויבען אין קיין נסים ניט...

מענדעלי איז ניט קיין רעאַליסט, נאָר אַ עפּיקער, בּיי וועלכען דאָס געוועהנליכע און אונגעוועהנליכע זענען גלייך נאַטירליך, וויל דאָס, וואָס טרעפט זיך אַלע טאָג, און דאָס — וואָס איין מאָל אין טויזענד יאָהר, זענען בּיי איהם גלייך וויכטיג. בּיים עכטען עפּיקער ווערט אויך דאָס פאַנטאַסטישע — ווירקליכקייט, וויל אין זיין בעוואונדערונג און פרייד איבער אַלעם ווערט אויך די גרויסע לעגענדע פערוואַנדעלט אין אַלטעגליכע מעגליכקייט.

מענדעלי קען ניט הייסען קיין רעאַליסט אויך דערפאַר, וויל אין זיינע ווערק בעמערקען מיר ניט קיין נאַטירליכע ענטוויקלונג פון דעם ספּור־המעשה. עס איז שוין לאַנג אָנגעוויזען, אַז כּמעט אַלע ווערק פ"ן מענדעלי מוכר־ספרים ווייסען ניט פון קיין קאָמפּאָזיציאָן צו זאָגען. נאָר דאָס אוננאַטירליכע פאַר אַ רעאַליסט איז זעהר נאַטירליך פאַר אַ עפּישען דיכטער, וואָס זוכט ניט קיין פערבינדונג צווישען די לעבענס־ערשיינונגען. וויל אַ אמת־עפּיקער הייסט יענער קינסטלער, וואָס זעהט שטענדיג דעם קשר פון פערשיעדענע זאַכען, דעם צוזאַמענהאַנג פון די צושיידטע ערשיינונגען אפילו אין זייער צופעליגקייט. עפּישע קונסט הייסט דער אויסדרוק פון פרייד און גליק איבער אַלסדינג, וואָס דאָס אויג זעהט און דער אייער הערט — איבער אַלסדינג, וואָס עס בעגעגענט אונז אינ'ם לעבען אין אין דער נאַטור; עס הייסט די אויפפאַסונג פון דעם פיעל־פאַרביגען, איבער וועלכען עס איז אויסגעגאָסען איין ליכטיגע זון, וואָס מאַכט ווייכער די קאָנטראַסטען אין פעראייניגט דאָס אונפעראייניגליכע. דאָס לעבען איז פול מים טהירות. אין דעם מענשענ'ס פרייע נשמה, אָבער הערט צונטנומען זיי־

ער ביטערקייט. אין איהר פערהאַיינינגט זיך דער טאָג און די נאַכט, דאָס ליכט און די שאָטענס, און זי שאַפט אַ איבערגאַנגס־בריק אַפילו צווישען זיסען לעבען און אונטערייסטליכען טויט.

אָט די עפּישע איינהייט פון דעם צופעלינגען געפין איך אין די גרויסע קינסטלערישע ווערק פון מענדעלי מוכר־ספרים. זי איז שוין שאַרף אויסגעדריקט אין „פישקע דער קרומער" — אין דער מאַלער־שער זאַמלונג פון סטעפּ־פייזאַזשען, דאָרף־בילדער און אונגעריכטע בע־גענענישען, בעשרייבונגען, ערצעהלונגען און אותיות ומופתים, וואָס געהען דורך פאַר אונז פערפלאָנטערט און פערדרייט, אָהן אַ שום אויסערליכען פּלאַן, כמעט אָהן אַ פּאַבול, און דאָך אינער־ליך עפּיש פעראייניגט און פול מיט האַרמאָניע. איהר פרעגט ניט דעם קינסטלער, וואוהין ער פיהרט אייך, וואָס איז ער אייך אויסען צו דער־צעהלען, נאָר איהר געהט איהם נאָך אַ בעצויבערטער פון גאָטס וועלט איבער פעלדער און וועלדער, איבער דערפער און וועגען און קלויבט נחת פון אַלסדינג, וואָס איהר בעגעגענט — זאָל עס זיין אַ אַלטער יקנה"ז, אָט דער גלות'דיג דערשלאָגענער יוד מיט'ן שווערען האַרץ און מיט די פעראומערטע געדאַנקען וועגען זיינע שלעכטע געשעפטען און דערוואַקסענע טאָכטער, — דער יוד, וואָס קען שוין גאָר ניט בעגרייפען, ווי האָט עס אַ יוד הנאה פון גאָטס שענער וועלט, נאָר וואָס ווערט אונז אַלץ נעהענטער און ליעבער, וואָס מעהרער ער דערצעהלט וועגען זיינע שלימזל'דיגע, לעבערליכע געשעפטען; זאָל עס זיין ר' מענדעלי אַליין, אָט דער גאָלדענער טיפּ פון דעם גלות'דיגען און פרייען יודען צוזאַמען, וואָס פערשטעהט אַלסדינג און נעהמט אָן אַלעס פאַר ליעב און איז זיך שטענדיג פאַרטיג אָנצונעהמען אַ יודענ'ס קריוודע און איז פאָרט גרייט זיך איבערצובעטען מיט'ן רבונו־של־עולם פאַר אַ מינדסט ליעב ווינטעלע אין אַ הייסען טאָג, פאַר אַ שמעקענדיג גרעזעלע, וואָס דערקוויקט די נשמה; זאָל עס זיין אַפילו חיים־חנא, וואָס רעדט און בע־לעקט זיך און ווערט אויסגעריסען ביי זיין ווייב חיה־טריינא'ן אויף וואָס די וועלט שטעהט — פאַר זיי אַלע פרעהט איהר זיך, און זענט פול מיט דאַנקבאַרקייט פאַר אַלסדינג, וואָס גאָט האָט בעשאַפען, פאַר אַלע זיינע ר' אַלטער'ס און חיה־טריינא'ס און חיים־חנא'ס, וואָס פילען אָן די ערד און שאַפען איהר פיעלפאַרבינקייט און מאַכען הימליכער דאָס לעבען אויף איהר, ווייל ביי זיי אַלע איז דאָס לעבען — ווי אויסגעריסען זיי זאָלען ניט ווערען — דאָס וויכטיגע און טהייערע, פאַר וועל־

כען זיי זענען פערטיג אַלעס איבערצוטראָגען, אַבי זיך ניט שיידען דערמיט. איהר לערנט זיך בײַ די קליינע מענשעלעך ליעב צו האָבען דאָס לעבען, צו האָבען רעספעקט דערפאַר...

ריין־עפּישע ווערק זענען אויך „שלמה ר' חיים'ס", „מסעות בנימין השלישי" און אַפילו אין „ווינשפינגערל", וואו דער קינסטלער האָט אונז שוין געוואָלט ווייזען דעם איבערגאַנג פון איין דור צום צווייטען, דעם צוזאַמענהאַנג פון צוויי עפּאָכעס, זענען אויך די לעבעדיגסטע פיגורען אַר' אברהם און אַ רייזע די בעל־אַכסניא'טע און ניט די משכילים. און אַפילו הערשעלע אַליין איז אונז אויך ליעבער און פערשטענדליכער כּל זמן ער שטעהט נאָך אין די גרעניצען פונ'ם אַלטען עפּיש־גע־מאָלטען לעבען. אַלס „ארויסגעהער פון דעם גהעטאָ" געהט ער דורך ווי אַ שאָטען פאַר אונז. מענדעלי, אַלס קינסטלער, האָט ליעב דאָס צייטיגע דאָס פערענדיגטע. — דאָס, וואָס לאָזט זיך עפּיש בע־מאָלען.

אין מענדעלי'ס גרויסע ווערק פעהלט די פאַבול, ווייל דאָס זענען נאָר עפּישע פּאָעמאַס, וואו די אַלגעמיינע פאַבול שפּיעלט די קלענסטע ראָל, און דער עיקר בעשטעהט אין די רייכע פאַרבען און בילדער, וואָס פיהרען אונז אַריין אין אַ לעבען, וואָס צייכענט זיך אויס מיט אינערליכע איינהייט און גאַנצקייט, ווייל יעדע עפּיק איז אינערליכע איינהייט און אויסערליכע ערבוביה.

## IV

מענדעלי האָט זעהר יונג פערלאָזען זיין היים, די ליטא, און לאַנג געוואַנדערט איבער וואָהלין און איבער אַנדערע דרום־געגענדען. דאָס האָט אָהן אַ שום ספק געהאַט די גרעסטע ווירקונג אויף זיין קינסטלע־רישע ענטוויקלונג. די שאַרפע קאָנטראַסטען פון די צוויי וועלטען האָבען געדאַרפט פּיעלעס וועקען אין דער נשמה פון יונגען דיכטער, וואָס האָט ווי אַ שוואָם איינגעזאַפּט אין זיך אַלע נייע איינדריקע. פון איין זייט די ניכטערע ליטא מיט איהרע שפּיצקעפּיגע תּלמידי־חכמים, מיט

איהר טרוקענעם בוך-הויץ און רויהער אָרימקייט — דאָס לאַנד אָהן וואַנדער און אָהן לעגענדען, וואו פּאָעזיע האָט געהייסען חקירה און גראַמען, און די פאַנטאַזיע האָט מיט אָבגעשנימענע פליגעל געשפּרונגען צווי איילען איבער דער ערד; און פון דער צווייטער — דאָס אַ ביסעל פערגרעבטע וואָהלין מיט די פויילערע מוחות, נאָר פרישערע הערצער, מיט דעם זאַפטיגען, נימ-טיעפען הומאָר און פריעדליכע זאַטקייט — דאָס לאַנד פון די שענע לעגענדען און יונגער פאַנטאַזיע, וואו עפּיס האָט שטיל געזיפּט זיך און געוואַקסען און געוואַרט אויפ'ן נייעם... די צוויי פערשיעדענע וועלטען, וואָס האָבען זיך אַזוי זעלטזאַם פעראייניגט אין מענדעלי'ס פערזענליכקייט, האָבען איהם אונגעהויער בערייכערט אלס דיכטער, און עס איז אונז שווער אַצינד זיך פאָרצושטעלען אונזער גרויסען קינסטלער אַלס געבירטיגען פון דער ליטא אַליין אָדער פון וואָהלין אַליין — אַזוי ענג האָבען זיך אין איהם צונויפגעפלאָכטען די וואָרצלען פון זיי ביידען, אַז עס איז אויסגעוואַקסען אַ ריין בוים, וואָס האָט מיט זיינע ברייטע צווייגען זיך צושפּרייט ווייט איבער זייערע גרעניצען.

פון דער היימישער ליטא האָט מענדעלי מיטגעבראַכט דעם שאַרפען מוח מיט דעם חשק צו בילדונג און צו גרינדליכען וויסען, מיט דער ליעבע צום קאָנקרעטען, צום ליכטיגען און פערשטענדליכען; נאָר קומענדיג אַ פער'חלום'טער בחור מיט אַ רייכען דמיון און נעזונדטע, דאָרשטיגע חושים אין די דרום-געגענדען מיט די לויטערע הימלען און די דונקעלע פּאָלקסמאַסען, וואו ס'איז נאָך געווען אַזוי פיעל תמימות אין ריהרענדע, האַרציגע פּאָעזיע, דערזעהענדיג פאַר זיך דאָס העל-פאַרביגע סטעפּ-לאַנד מיט די פריעדליכע דערפער און מגושם'דיגע, גאָר גוטהערציגע רינדאַרעס, האָט זיך דער פערטרויערטער ליטווישער הימעל ווי פערבאָרגען פאַר איהם און די שווערע בילדער זענען פער-גאָסען געוואָרען, און דאָס נייע לעבען, אַפילו די נייע שפּראַך, האָבען אינגאַנצען פטרשלונגען אין זיך דאָס פרעמדע עלענדע בחור'ל, וואָס האָט זיך אַרומגעטראָגען מיט אַזוי פיעל חלומות אין האַרצען, און נאָר ערגיץ בעהאַלטען האָט ניט אויפגעהערט צו לעבען אין איהם דער שטרענגער ליטוואַק מיט דעם טרוקענעם שמייכעל, וואָס האָט זיך ניט געוואָלט צובליהען פריי איבער'ן גאַנצען פּנים, מיט זיינע פערעלטערטע תביעות צו זיך און צו דער וועלט. און ווען ער פלעגט נעהמען די לייצעם אין האַנד, פלעגט ווי אַ קאַלטער ווינד איבערגעהן דאָס שאַ-פונגס-פעלד פון מענדעלי מוכר-ספרים...

וואָס מעהר דער קינסטלערישער גענוס איז געוואַקסען און קרעפטיגער געוואָרען אין מענדעלי'ן, אַלץ מעהר האָט אין זיין שאַפונג געזיעגט דער וואָהליגער יסוד. זיינע פראָסטע, תמימות'דיגע טיפען זעי־נען די געלינגענסטע און זענען אַלע געשילדערט מיט יענער טיעפער ליעבע, וואָס די גרויסע קינסטלער קענען שטענדיג אַזוי קלוג בעהאַל־טען פון זייטיגע אויגען און זי זאָל דאָך זיך פיהלען אין יעדען שטריך זייערען. דער ליטווישער יסוד האָט אָבער דאָ אויך געהאַט אַ ווירקונג צו גוטען אויף מענדעלי'ס קינסטלערישען טאַלאַנט: ער האָט איהם בעהיט פון סענטימענטאַליטעט און איבערפליסיגען ליריזמוס. מענדעלי בעזיעגט ניט, ווי אַנדערע, זיינע העלדען. ער מאָלט זיי. ער לאָזט זיי לעבען און טהוען, ווי זייער האַרץ געלוסט. ער קוקט זיך נאָר איין פון ווייטען. ער האָט גענוג לאָגישע בעציהונג צו זיי, אום צו קענען גלייכגילטיג צוזעהן, ווען זיי האַנדלען צומאָל ניט לויט זיין רצון...

אַ דאַנק די צוויי אייגענשאַפטען איז מענדעלי דער גרעסטער, זעלטען ווען איבערגעשטיגענער, פייזאַזשען־מאַלער, וואָס אונזער ליטעראַטור פערמאָגט. מיר האָבען היינט אַפילו מעהרערע דיכטער, וואָס זענען שוין אימשטאַנד ניט נאָר צו בעזיעגען די נאַטור, נאָר אויך זי צו בעמאָלען. מיר קאָנען שוין אויך איינהאַלטען די התפעלות, איויף וויפיעל עס לאָזט זיך. אין אונזערע מאַניערען אָבער, אין דעם אוני־מערשטריכען פון די בילדער דורך פיעלע מעטאַפהאָרען און עפי־טעטען, פיהלט זיך אונזער מסביר־זיין דאָס בילד, אונזער מורא, מאָ־מער בעמערקט מען, חלילה, ניט איהר שענקייט... מענדעלי צייכענט זיך אין דער הינזיכט אויך אויס מיט זיין קינסטלערישער פאָרנעהמ־היים, מיט דער אויסערליכער קאַלטקייט פון די וועניגע קלאַסישע דיכטער, וואָס זענען אַזוי פערזיכערט אין דער קראַפט פון דעם פראָס־טעסטען שטריך זייערען, אַז זיי געפינען נים פאַר נויטיג אַפילו אויף אַ רגע צוצווינקען צום לעזער: זעה, ווי שען!...

מענדעלי'ס פייזאַזשען זענען פראָסט, אָרים אין פאַרבען און אין ריטהאָרישע פיגורען, און אין דעם צייגט זיך די גרויסע קולטור פונ'ם קינסטלער. ווען מיר שטעלען מענדעלי'ס פייזאַזשען צוזאַמען אפילו מיט אַ גאָנאָל'ס, ווייזען די לעצטע אויס, אין פערגלייך מיט די ערשטע, מליצה'דיג. און אין דער זעלבער צייט זענען מענדעלי'ס פייזאַזשען אויך מיעף־ליריש. אַלע זענען זיי שטרענג געצייכענט און לויטער, ווי די ווייסע מיטטאָג־וואָלקענס, און אַלע בעהאַלטען זיי אין זיך צאַרטען

פרויער אין שטילע וועה, ווי די דונקעלע סילועטען פון די בערג-בוימער אויף דעם בלייבען הימעלס-פאן פון צווישען טאג און נאכט...

אין מענדעלי'ס נאטור-בילדער האבען זיך פעראייניגט די וועלטענסטע איינענשאפטען פון דעם אידעאלען פייזאזש: די עפישע פראספעקטיט, און דער בעהאלטענער, צנוע'דיגער ליריזמוס. וואס עס זאל ניט זיין נעציכענט אויף זיי — ווערט אלסדינג גלייך חיכטינ, אלסדינג ערשיינט פאר אונז מיט א נייעם חן, גלייך ווי מיר וואלטען עס זעהן דאס ערשטע מאל, אלסדינג איז איינגעפאסט אין זילבערנע דורכזיכטינע ראהמען. יעדער פייזאזש מענדעלי'ס איז די וועלט, וואס האט זיך מצמצם נעווען אין א שטיל ווינקעלע און האט דארט געמאכט רוהען איהר שכינה...

יעקב פיכמאן.

דר. א. מוקדוני.

# צוויי מענשען

דר. א. מוקדוני.

# צוויי מענשען.

## I.

ר' מענדעלי האָט אויך געשריבען צוויי דראַמעס

פאַר מענדעלי'ן זענען שוין געווען אַזעלכע, וואָס האָבען זיך בעַ־נוצט מיט דער דראַמאַטישער פאָרם. ניט די אַלטע יודישע פורים־שפּיעלען האָבען זיי גענומען אַלס מוסטער, נור געטע, שילער און אַנדערע מערב־אייראָפּעאישע דיכטער.

פון אַ יודישער ביהנע האָט קיינער ניט געקלערט. זיי זענען נאָר ניט אויסען געווען, אַז מען זאָל זייערע „דראַמעס" אויספיהרען. דאָס איז בײַ זיי געווען נור אַ נײַע מליצה־פאָרם. זיי האָבען ניט געחאַרט, אַז עס זאָלען קומען אַנדערע מענשען און מאַכען לעבעדיג זייערע טויטע דראַמעס.

און דעריבער זענען די האַנדעלנדע פּערזאָנען ניט געווען קיין מענשען, נור מיסטענס בעגריפען, אידעען און אַנשויאונגען. די האַנד־לונג האָט זיך אויסגעדריקט אין אַ וכוח, אין אַ פּלפול, וואָס ווערט גע־פיהרט צווישען א'ן „פילאָזאָפיע" און דער אַנדערער

אדם הכהן לעבענזאָהן האָט אַרויסגעלאָזט אויפ'ן מלחמה־פּלאַץ דעם אמת, די אמונה און זייערע קרובים און האָט געלאָזען דעם אמת

טריאומפירען. דער מלבי"ם האָט זיך אָנגענומען פאַר דער קריוודע פון דער אמונה און האָט אָנגעשריבען אַ דראַמע, אין וועלכער די אמונה איז גיבר.

און כדי צו יוצא זיין פאַר נעטע און שילער, וואָס האָבען אייפגענומען מענשען אין זייערע דראַמען, האָט מען די אידעען געגעבען אייניגע מענשליכע אייגענשאַפטען. אייגענשאַפטען, וואָס יעדער מענש האָט זיי און וועלכע עס איז לגמרי נישט שווער צו אויפדעקען.

מענדעלי האָט געטהון פערקעהרט: ער האָט די אידעע געלאָזט זיך בעווייזען, אויסשטראַהלען פונ'ם מענשען גופא, ער האָט זי אינ'ם מענשען אויפגעדעקט. דער אמת, די אמונה, דער יושר, די חכמה זענען ביי איהם מענשליכע אייגענשאַפטען, דער מענש שאַפט זיי, ער בעהערשט זיי און ער גיט זיי אַ ממשות.

אָהן מענשען זענען זיי פוסטע קלאַנגען, בלאָנדזשענדע נשמות, וואָס האָבען קיין תקומה ניט.

ער לאָזט ניט טריאומפירען דעם אמת, די אמונה, דעם יושר און דעם שקר אַלס זעלבסטשטענדיגע בעשעפענישען. מענשען, קליינע און גרויסע פיהרען דעם קאַמפף, זיי רייסען זיך אַרום דעם שטיקעל לעבען און ממילא וואַקסט אויס דער סך־הכל פונ'ם קאַמפף צווישען געוויסע אידעען און שטרעמונגען.

אין מענדעלי'ס צוויי דראַמען, אין „דעם פריזיוו" און אין „דער טאַקסע", זענען אַרויסגעפיהרט געוואָרען לעבעדיגע מענשען פון טונעיאַדאָווקע, מענשען מיט קליינע און גרעסערע השגות, מענשען מיט זייערע קליינליכקייטען, מיט זייער תאוה צו געלד, צו כבוד.

בעלי־טאַקסעס, שטאָדט־בעלי־טובות, ווייסע־חברה'ניקעס, פורים־שפיעלער, ניקאָלאַיעווער סאָלדאַטען, אַ מוהמע אָהן אַ נאָז, קרעמער, גלאַט יודען, רבנים, שמשים, דינים, שוחטים, די גאַנצע „האָפטע פאַרשוינען", וואָס טומלען זיך אין קאַבצאַנסק און טונע־יאַדאָווקע.

אויף אַזאַ עולם קען ■ ■ת, קיין וועלט־דראַמע ניט אויפגעבויט ווערען, פון אַזאַ פעקיל ■■■ ■יבען קאָן ניט אויסוואַקסען שעקספיר'ס אַ

דראַמע, אַ „פּויסט" פון געטע אָדער „די רויבער" פון שילער, אָבער אַזאַ עולם איז אויך נים בכח צו אויפהויבען זיך אין די הימלען און פיהרען אַ וכוח פון ענינים, וואָס האָבען קיין דירעקטען שייכות נים צום לעבען פון גלופּסק

## II.

מענדעלי האָט, ווי זיינע פאָרגענגער אין דער יודישער ליטעראַ־טור, נים געהאַט אין זינען אַ קאָנקרעטע ביהנע, שווישפּיעלער א. ד. ג. ער האָט גאָר נים געטראַכט פון אַ יודיש טעאַטער. איהם אַליין איז זאָגאַר נים געווען גאַנץ קלאָר, פאַרוואָס האָט ער געשריבען „די טאַקסע", „דעם פּריזיוו" אין דער פאָרם פון אַ דראַמע. מענדעלי פּראָ־בירט צו ערקלערען אין זיין הקדמה צו „דער טאַקסע", פאַרוואָס האָט ער אויסגעשטעלט צום אָנהויב פון זיין דראַמע אַ צעטעל פון פאַרשוינען.

ער וויל בעווייזען, אַז ער האָט עס נים געטהון פון נאוה ווענען, חלילה. „איך האָב געמאַכט אַ בעזונדער צעטעל", זאָגט מענדעלי, „פון די אַלע פּערזאָנען, וואָס קומען־פאָר אין דער מעשה, כדי זיי זאָלען אַלע שטעהן פאַר די אויגען און מען זאָל זיי תמיד געדענקען".

אַ האַרבערע קשיא — פאַרוואָס האָט ער בכלל גענומען די דראַ־מאַטישע פאָרם — דאָס איז אייגענטליך פאַר'ן זיידען אַליין נים געווען קלאָר. דער זיידע האָט געפּרובט שרייבען אויף אַלע אופנים, ער האָט זיך בענוצט מיט פיל פאָרמען און ער האָט די דראַמאַטישע פאָרם נים געקאָנט בעליידיגען.

„די טאַקסע" און „דער פּריזיוו" געהערען גראָד נים צו די בעסטע ווערק פונ'ם זיידען. די דראַמאַטישע פאָרם האָט מענדעלי'ן געבונדען די הענד און ער האָט זיך נים געקאָנט פריי בעוועגען

די פאָרם האָט איהם נים געלאָזען אַ קוק טהון אויף גאָט'ס שענער

וועלט, האָט איהם ניט געלאָזען בעטראַכטען דעם הימעל, דעם וואַלד, די יונגע פרעהליכע קעלבעלעך, וואָס שפּרינגען אַרום אויף דער פרייער לאָנקע. זי האָט איהם ניט געלאָזט אַ שמועס און אַ פילאָזאָפיר טהון מיט זיין קליאַטשע, מיט ערלים און מיט אַלטער יקנה"ז אויפ'ן וועג.

די פאָרם האָט געצוואונגען מענדעלי'ן צו פערדרוקען זיך שטיל אין אַ ווינקעל און לאָזען אַנדערע ריידען. אין די דראַמען איז ניטאָ מנב־עלי אליין. איהר ועהט ניט זיין קלוגען שמייכעלע, זיין טיעפען בליק, איהר הערט ניט זיינע האַרציגע ווערטער, איהר זעהט ניט זיין בירדעל, זיין פעקיל ספרים און הערט ניט, ווי ער שמועסט מיט'ן פאָלק ישראל.

מענדעלי האָט מאַקט; ער ווייסט, אז אין אַ דראַמע, וואו מען שען ריידען צווישען זיך, טאָר מען ניט אריינפאַלען יענעם אין די רייד, מען דאַרף שטעהן אָהן אַ זיים און הערען. מענדעלי קאָן זיך אַ מאָל ניט איינהאַל'טען, ער שטעלט אריין אויפ'ן סוף בלעטיל, צו די קלוגע אָדער צו די נאַרישע רייד פון אַ פערזאָן, אַ שטיקעל הערה אָדער גלאַט עפּיס אַ טענה.

מענדעלי אַליין איז ניטאָ אין די דראַמעס. דער מענדעלי'ס וואָס האָט אַרויפגעלעגט אזאַ חן אויף אַלע זיינע מעשיות, איז אַנטשווינגען געוואָרען און ער האָט געלאָזען, אַנדערע זאָלען ריידען פאַר איהם.

עס רעדט וואָלף ספּאָדיק. שמעיה תם, שמחה מאַריאַשעס און ליפע דער חלפן.

קאָנען דען די אַלע פאַרשוינען אזוי רעדען, ווי מענדעלי רעדט?

און אָהן מענדעלי'ן זענען גלופּסק, קאַבצאַנסק און טונעיאַדעווקע פשוט'ע בר־מינן'ס.

און אַ שאָד, וואָס מענדעלי האָט זיך אויסגעשלאָסען פונ'ם צע־טעל פון זיינע פאַרשוינען אין זיינע דראַמעס.

מיר וואָלטען אפשר געהאַט נאָך אַ „פּישקע דעם קרומען"! ווען מענדעלי וואָלט ניט געלאָזען ריידען ספּאָדיק'ן אָהן אַ שומר, ווען מענדעלי אַליין וואָלט דערצעהלט, ווי ספּאָדיק רעדט, וואָלטען מיר

געהאַט אַ לעבעדיגען מענשען פאַר די אויגען, מיר וואָלטען איהם גע־זעהן מיט אַלע זיינע תנועות, און קיין שטריך פון ספּאָריק'ס פּנים וואָלט ניט געפעהלט, קיין שטענעלע אין ספּאָריק'ס בּרוּגלאָנטערטען מח וואָלט ניט געווען בּעהאַלטען פון אונז.

מענדעלי, אַז ער בּעקענט אונז מיט אַ מענשען, בּענוגענט ער זיך ניט מיט דעם, וואָס ער רופט אָן זיין נאָמען, ער בּעקענט אונז מיט אַלע זיינע קנייטשלעך. ער צוגליעדערט און צובּרעקעלט איהם אויף שטיקלעך, ער קוועטשט פון איהם אַרויס אַלץ, וואָס איז חאַראַק־טעריסטיש, אַלץ, וואָס מאַכט בּולט'ער די פיזיאָגנאָמיע פונ'ם פאָרגע־שטעלטען פּאַרשוין.

מענדעלי'ס אַרט פון דערצעהלען איז כלל ניט קיין צופעליגע, עס איז אַ בּעשטימטע, אָבּגעטאָקטע און פעסטע פאָרם. אין דער פאָרם לעבּט מענדעלי ווי אַ פיש אין וואַסער. דאָס איז אָבּער ניט בּלויז אַנ'אויסערליכע פאָרם, אין וועלכער דער אינהאַלט פּ־סט זיך איין בּעסער. עס איז אַ אינערליכע פאָרם, עס איז אַ וועלט־אַנשויאונג, אָדער ריכטיגער געזאָגט — אַ בּעשטימטע אַרט פון דענקען.

מענדעלי בּעטראַכט די וועלט פון אַ בּעשטימטער הויך, ער וועט זיך קיינמאָל ניט אויפהויבּען העכער און ניט אַראָבּלאָזען זיך נידעריגער. פון דער הויך זעהט ער, וואָס ער זעהט, און הערט, וואָס ער הערט. מענדעלי האָט זיך אַליין בּעגרענצט, ער האָט זיך אַליין פערשאַנצט פון אַלע נייע ווערטער, אידעען און שטרעמונגען. אינ'ם שטח, וואָס ער האָט פאַר זיך אָבּגעגרענצט, זעהט ער אָבּער טיעפער, קלינער פאַר אַנדערע.

מענדעלי איז גרויס און מעכטיג אין דער מענדעלי־וועלט, אין דער מענדעלי־פאָרם.

III.

פאַר מיר זענען גלייך די פאָר בּיכער, וואָס הייסען „תולדות הטבע", „האבות והבּנים" און זיינע דראַמעס. אָט די אַלע געהערען ניט צו מענדעלי'ן. דאָרט איז די הויך, פון וועלכער די

וועלט ווערט בעטראכט, לגמרי אַנ׳אַנדערע, דאָרט איז דער שטח אַנ׳אַנדערער

איך גלייך דעם „תולדות הטבע״ צו „האבות והבנים״ און צו די דראַמעס, ווייל זיי זענען אָביעקטיוו געשריבען. איך מיין נים אָביעקטיוו אינ׳ם געוועהנליכען זין, איך מיין די אָביעקטיוויטעט פון אַ מענשען, וואָס איז אויסען עפּיס אויפטהון, וואָס שרייבט און מעקט נור לטובת־הכלל.

מענדעלי קאָן זיין אָביעקטיוו ווי ער וויל. זיין פּערזענליכקייט, זיין אייגענער בליק, זיין אייגענע אַרט דענקען שימערט אַרויס פון יעדען וואָרט.

מענדעלי זאָרגט פאַר׳ן כלל ישראל און אין איין גאַנג פאַר זיך. ער איז דער כלל ישראל אַליין, אַלץ, וואָס איז פאַרהאַן אינ׳ם כלל, איז דאָ אין איהם.

שלום יעקב אַבראַמאָוויטש שטעהט אָבער מן הצד, בעטראַכט זיין עולם פון אויבען אַראָב, ווייזט אָן אויף זייערע פעהל׳ער. ער האַלט זיך אַליין בעסער, שענער און קליגער פאַר׳ן עולם.

אַבראַמאָוויטש נעהמט זיך דאָס רעכט מוסר צו זאָגען דעם כלל־ישראל, — ווייל ער איז עלטער, קליגער און געבילדעטער.

מענדעלי טהוט דאָסזעלבע, ווייל דאָס זענען זיינע אייגענע מענשען, יודישע קינדער, מיט וועלכע ער האָט זיך אויסגעהאָדעוועט, וועלכע ער בעזאָרגט מיט ספרים און אַלערליי מעשה־ביכלעך.

אַבראַמאָוויטש האַנדעלט ניט מיט ביכלעך, מיט וועלכע מענדעלי האַנדעלט. ביי מענדעלי׳ן איןביידעל געפינט איהר תחינות, קינות, הגדות, מחזורים און אַ מעשה־ביכעל. דאָס מעשה־ביכעל איז גאָר ניט קיין „ספר חיצוני״, עס איז עפּיס אַזוי נאָהנט, אַזוי עהנליך צו די היי־ליגע רומעל־ספרים, עס איז אַזוי נאַאיוו, אַזוי שען, אַזוי קלוג און טיעף ווי די מוסר־ספרים.

אַבראַמאָוויטש האַנדעלט נור מיט „ספרים חיצונים״.

אַבראַמאָוויטש און מענדעלי זענען צוויי פערשיעדענע מענשען; אינ׳ם ערשטען רעדט דער משכיל, דער קעמפּפער מיט דער פינסטער־ניש, דער פערביסענער שונא פון די „מורדי אור״. ער רעדט ביטער און ערנסט.

אין מענדעלי'ן רערט גלופסק, קאַבצאַנסק און טונעיאַדאָווקע. מענדעלי טראָגט קיין כעס ניט אויף זיינע פאַרשוינען. אַז מענדעלי רעדט, פערשטעהט עס אַלטער יקנה"ז און גאַנץ גלופסק. מענדעלי לאַכט, ער לאַכט אָבער קיינעם ניט אויס, און דעריבער לאַכען אַלע מיט איהם. מענדעלי לאַכט אַזוי גוטמוטהיג, אַזוי האַרצליך און אַזוי פריינדליך, אַז אַלע טונעיאַדאָווקער פאַרשוינען קאָנען מיטלאַכען מיט איהם.

אין מענדעלי'ן קאָנצענטרירען זיך אַלע מדות טובות און אַלע מדות רעות פון קאַבצאַנסקער יודען, און וואָס ער דערצעהלט, דערצעהלט ער עס פון זיך אליין.

מענדעלי זיצט אין זיין בידעל מיט הרחבה, דאָס איז זיין היים. פרובט אָבער אַבראַמאָוויטש'ן אַריינזעצען אין דעמזעלבען בידעל, וועט ער זיך קרימען, ער וועט וועדען נערוועז, עס וועט איהם בלאָזען פון אַלע זייטען, עס וועט איהם טרייסלען און צורודערן.

IV

די צוויי דראַמעס האָט געשריבען שלום יעקב אַבראַמאָוויטש און ניט מענדעלי.

אין דער הקדמה צום „פריזיוו" זאָגט מענדעלי, אַז נאָך אַ לאַנ־גען שטילשווייגען „האָט מיך עפּיס געצויגען אַהין, אין יענעם ווינקעל פונ'ם יודישען לעבען, וואו ס'געפינען זיך מיינע אַלטע בעקאַנטע פאַר־שויינען, פון וועלכע איך פלעג אַמאָל דעם עולם דערצעהלען משונה־ווילדע, וואונדערליכע מעשיות. עס האָט מיר זיך שטאַרק געגלוסט ווידער צו מיינע לייט". און מענדעלי איז אַלע מאָל אין אַ גוטען הומאָר. אמת טאַקע, זאָגט ער, יודען האָבען איצט צרות, אָבער מען איז דאָך ניט מעהר ווי אַ מענש, אַ בשר־ודם. עס גלוסט זיך פאָרט אַמאָל אַ קוק טהון אין דער זייט, אַ לאַך טהון, אַ שפּיעל טהון.

זיינע אַלטע פאַרשוינען, דערצעהלט מענדעלי, האָט ער געטראָ־פען, ברוך השם, „אַלע פריש און שטאַרק מיט זייערע אַלע אַלטע

קאַפּריזען און משונה׳דיגע נעגנ, זיי פּרוכפּערן און מעהרען זיך, מאַכען זיך אַ מאָל נאַריש און רייסען זיך ביי די נעז איבער אַ שפּיעלכען אַזוי ווי פריהער״.

מענדעלי האָט דערזעהן זיינע אַלטע בעקאַנטע און ביי־דע האָבען באַלד דערקענט איינע די אַנדערע און „גאָר אָנ־געקוואָלען, וואָס, געלויבט איז גאָט, מען זעהט זיך געזונ־טערהייט״.

אַזוי רעדט מענדעלי, אַנדערש קאָן ער ניט ריידען!

אָבער נור די הקדמה איז מענדעלי׳ס. אויף דער דראַמע אַליין רוהט שוין ניט דער בליק פונ׳ם יודישען פּקח.

עס געהען פאַרביי מענשען פון אַלע מינים. יעדער זאָגט זיך אָב זיין שטיקעל כאַראַקטעריסטיק און טהוט אָב, אינ׳ם דראַמע, וואָס איהם איז בעשערט פונ׳ם מחבר צו טהון. דער שדכן טרינקט בראָנ־פען און רעדט וועגען שדוכים, די ניטאָרינס שיטען מיט ברכות, די מאַמע וויינט פון גדולה, אַ דיענסט־מיידעל שילט און זידעלט זיך, קעהרט די שטוב און זינגט אַ ליעדעל אונטער׳ן נאָז:

אויפ׳ן פּריפּעטשיקיל ברענט אַ פייערל
און פונ׳ם קוימענדעל געהט אַ רויך.
אַז איך דערמאָהן אין מיין בעשערטען זין,
פאַרליהר איך, אוי, דעם קאָפּ און דעם מוח.
הכלל, ווי עס פיהרט זיך אין דער גאַנצער וועלט.

אויף אַלע אַנדערע פאַרשוינען דאַרף מען גאָר איבעריג דעם קאָפּ ניט דרעהען און פערשטעהן, ווער און וואָס זיי זענען. עס איז קלאָר, אַז אַ בעל טאַקסע איז אַ גאָטס־גנב, אַ יוד, וואָס האָט דאָס אומ־גליק צו הייסען רבי יוחנ׳צע — איז אַ צבוע׳ק, אַ שווינדלער, אַ מענש, וואָס טראָגט אונטער׳ן טלית־קטן שפּיזען; אַ בחור, וואָס האָט דאָס גליק צו הייסען אַלכּסנדר — איז ער שוין ממילא פיין, איידעל אויף־געבילדעט און ווי באַלד ער איז געבילדעט, איז ער מחויב צו זיין פערליעבט; ווי באַלד ער איז פערליעבט, מוז ער קושען און האַלזען זיין געליעבטע דער פינסטערער וועלט אויף צופּוקעניש. אַזאַ בחור קושט ניט, חלילה, פון פערגעניגען וועגען, ער טהוט עס מעהר לשם דעמאָנסטראַציע, לשם קאַמפּף מיט די „מורדי אור״.

די מעשה אַליין איז אייך פּשוט. דעם בחור אַלכּסנדר גיבען די

„מורדי אור" אָב פּאַר אַ סאָלדאַט, און זיין כלה האָט חתונה, פּערשטעהט זיך, מיט אַ חאַצקעל, טאַקע ר' יוחנ'צעס אַ זוהן. און אַז דער סאָלדאַט קומט אין זיין שטעדטיל, געפינט ער זיין רייזעלע, פאַלט ער איהר און זי איהם אויפ'ן האַלז. לויפט צו חאַצקעל און שרייט: נוי, נוי איינער! מיט אַנ'אשת איש! אַ שענע פלונית'טע, כ'לעבען!" ווערט אַלכסנדר פערציטערט און שרייט אויס: רייזעלע, מיינס — אַ ווייבעל... האַצקעל'ס אַ ווייב!"...

מענדעלי קען ניט פערצוקערן אַזאַ בחור, וואָס הייסט אַלכסנדר, און ניט מאַכען מענשען ווי ר' יוחנ'צע, פּייבוש און נאָך אַזעלכע „פאַנאַטיקער".

מענדעלי וואָלט פון דעם אַלכסנדר דערצעהלט „וואונדערליכע מעשיות", ריכטיג ווי פון שמחה מאַריאַשעס, וואָרום ביי מענדעלי'ן זענען זיי דאָס ביידע קאַבצאַנסקער יודען, ביידע האָבען „משונה'דיגע גענג", ביידע „רייסען זיך פאַר די נעז איבער אַ שפּיעלכען".

דער משכיל אַבראַמאָוויטש, אַבראַמאָוויטש דאָס קינד פון זיין דור, האָט אַריינגעזאָגט זיינס אַ וואָרט אין דער דראַמע. מענדעלי ווייסט ניט די פערשיעדענע ליטעראַרישע פאָרמען, וואָס ווערען געברויכט ביי די אומות העולם, מענדעלי האָט זיין איינענע פאָרם.

אַבראַמאָוויטש האָט אויסגעוועהלט די דראַמאַטישע פאָרם, ווייל ער האָט געוואָלט זאָגען אַנ'ערנסט און בימער וואָרט. ער האָט געוואוסט, אַז מענדעלי וועט ניט אַריינשטעקען זיין נאָז אַהין אין די הויכע פענסטער און ער וועט איהם נישט שטערען צו בעווייזען זיין צווייטען איך.

## V

„די טאַקסע" איז עהנליך אויפ'ן „פּריזיוו", ווי אַ צווילינגס-שוועסטער.

די טאַקסע איז נאָך יעמאָלט געווען אַ גרויסע גזירה; זי איז געווען אַ ניי אָנשיקעניש אין דער יודישער גאַס און די, וואָס האָבען זיך

מיט איהר מטפל געווען, זענען, פערשטעהט זיך, בעטראַכט געוואָרען אַלם מענשען, וואָס זענען גרייט צו פערקויפען דעם כלל ישראל פאַר אַ טאָפ לינזען.

מען האָט אָבער געוועהנליך ניט בעטראַכט דעם בעל־טאַקסע אַלם אַ צופעליגען מענ'טען אין דער יודישער גאַס, דער בעל־טאַקסע איז געווען דער „עיט צבוע", דער ווילדער פאַנאַטוקער, דער בלוט־זויגער פונ'ם קהל. ער איז אָהן דער טאַקסע ניט געווען בעסער און עהרליכער אין די אויגען פון די משכילים. די טאַקסע איז געווען נאָך אַ שטריך, נאָך אַ ליניע, וואָס האָט בולט'ער האַראַקטעריזירט דעם „מורד אור".

דער קאַמפּף פאַר „ליכטיגקייט" האָט געמאַכט די משכילים פאַר פאַרבען־בלינדע מענשען. זיי האָבען כסדר געזעהן די שוואַרצע פאַרב. יעדער ירא־שמים איז געווען בעשמירט מיט שוואַרצע פעך, און יעדער משכיל — בעדעקט און דורכגעוועבט מיט הימלישע שטראַהלען.

פאַר דעם ליכט־און שאָטען־שפּיעל אויף איין אָרט, אין איין מענ־שען האָבען זיי קיין אויג ניט געהאַט, זיי האָבען קיין פונקלענדע שטערען אויף אַ שוואַרצען הימעל ניט בעמערקט.

שוואַרץ און ווייס — דאָס זענען די צוויי פאַרבען, וואָס זייער אויג האָט געזעהן.

אַ בעל־טאַקסע, אַ פּרוטאַק, אַ חסיד, אָדער כלי־קודש איז געווען אַ גזלן, אַ רוצח, ער האָט געהאַט שפּיזען און גיפט פאַר אַלעמען, פאַר'ן גאַנצען כלל ישראל און אפילו פאַר זיינע אייגענע קינדער, וואָס האָבען זיך ניט געוואָלט בויגען פאַר איהם.

פרעגט זיך, אין וואָס איז בעשטאַנען די גבורה פונ'ם „מורד אור"? ער ווערט כסדר געשילדערט ווי אַ היוקער, ווי אַ קריפּעל און ווי אַ טפש דער משכיל, פערקעהרט, איז אַ מין אַפּאָלאָן, שען ווי די זון און קלאָר ווי דער טאָג.

פונדעסטוועגען איז ער, דער משכיל, כסדר דער קרבן, דער בע־זיעגטער און דער בעשפּיטער.

מיט וואָס ערקלערט זיך דאָס?

עס ערקלערט זיך מיט דער זיסער סאַנטימענטאַליטעט פון דער השכלה־עפּאָכע; דער העלד איז געווען דער, וואָס ווערט גע'רודפ'ט, געפלאָגט און געמאַטערט. די השכלה האָט געהאַט אַ בעזונדער ליעבע צו קרבנות. דער משכיל, וואָס האָט געקאָנט אָפען לייענען „ספרים

חיצונים", איז געווען דער אומגליקליכסטער אין זיין דור; ער איז ניט געווען קיין קעמפפער, קיין מארטירער, ער איז געשטאנען פמעט אויף איין שטופע מיט'ן „מורד אור", וואס קען אויך זיין פאנאטיש אפען, בפני כל עם ועדה.

די טאקסע איז געווען אגני תאפען אין די הענד פון די משכילים געגען די „מורדי אור". זיי האבען געקאנט חאפען זייערע שונאים ביי דער האנד און בעווייזען, אז די פרומע זענען גנבים, וואס לעבען אויפ'ן חשבון פון קהל. זיי האבען אפעלירט צום ארימען קלאס ניט אויס ליעבע צו איהם, נאר ווייל ער איז ניט נוגע בדבר, ער האט קיין חלק ניט אין דער טאקסע. איהם איז שווער דאס לעבען און ער וועט דאס בעסער פערשטעהן.

זיי, די משכילים, זענען גאר ניט אויסען געווען, אז יעדער יוד זאל עסען מיט א פונט פלייש מעהר אין א וואך. פון אזעלכע מגושם'דיגע און וואכעדיגע אידעאלען האבען זיי לגמרי ניט געהאלטען.

עס איז געווען א קאמפף, מען האט געזוכט וואפען ווי מיט ליבט, מען האט ניט געבראקירט אפילו מיט פערראסטעטע און פערשימעלטע.

„די טאקסע" איז א ריין-משכיליש בעשעפעניש: אבראמאוויטש, ניט מענדעלי, האט אויסגענוצט די טאקסע אלס קאמפף-מיטעל. מענדעלי וואלט העכסטענס מיט א ביטערען שמייכעל געלאכט פון דער טאקסע און איהרע מנהיגים.

מענדעלי וועט ניט שרייען פאטעטיש:

„גענוג צו זיין פערפיהרט, פערבלענדעט, גענוג זיין נאראנים... זיין מענשען מיט שכל, מיט מוטה, ווי גאט און די טייערע רעגירונג האט געבאטען. גענוג צו שלאפען, גענוג חלומות, פאלגט די רעגירונג און שטעהט-אויף, יורען, שטעהט-אויף"!...

דאס איז דער פינאל, דאס איז דער פונקט, צו וועלכען די דראמע איז געפיהרט.

גאט מיט דער רעגירונג משדך געווען, ווייל דער תנ"ך איז גאט'ס אייגענטום און די רעגירונג האט רעקאמענדירט לערנען תנ"ך מיט'ן באור. דארף מען צוויי נעהנטערע שותפים?

און ווען מען פיהרט אזעלכע שמועסן, שווייגט מענדעלי. ער קען משדך זיין „פישקע דעם קרומען" מיט זיין גלייכען — מיט א

ג.ינגער בעטלערין, אָבער נים דעם קודשא בריך הוא מים דער רעגירונג.

מענדעלי האָט קיין שייכות נים צו די צוויי דראַמעס. נים דער קינסטלער האָט זיי געשריבען, נאָר דער „קעמפפער" אַבראַמאָוויטש...

דאָס איינציגע, וואָס אַבראַמאָוויטש האָט גענומען ביי זיין נאָהנטען און ליעבען מענדעלי, איז די שפּראַך, דעם ערנסט צום וואָרט און דעם רעאַליסטישען חוש.

---

# ווי שעז איז דער בוים.

אײן עפּיזאָד מיט בארען. דערצעהלט לכבוד דעם ויידען רב מענדעלי, צו זיין פינף־און־צוואנציגסטען געבורטסטאג, פון זיין ערשטען אייניקעל (*)

## שלום עליכם

אויב איהר ווילט זיך בעקענען מיט'ן ויידען נאָהענט, אויב איהר ווילט מיט איהם פערברענגען א שעה אין פערגניגען, אויב איהר ווילט באמת הנאה האָבען, עפּיס נאַשען פונ'ם זיידען, — איז ניט אין א געזעלשאַפט, ניט אויף באַנקעטען, בעת מע דולט א קאָפּ מיט טאָסטען און מע שטורעמט מיט אַפּלאָדיסמענטען און מיט הידד'ס.

*) איך בין דא מוסר מודעה פאר דער גאנצער וועלט, אז דאס האב איך געקרויינט רב מענדעלי מוכר ספרים מיט'ן נאמען „זיידע". דאס איז געוועזן מיט א פיערטעל יאהרהונדערט צוריק. איך בין דעמאלט געוועזן נאך גאר א קונדס און „א פערשייטער אייניקעל", ווי דער זיידע האט מיך אנגערופען אין איינעם פון זיינע בריעף צו מיר. פון דעמאלט אן איז אוועק א גאנג: זיידע! זיידעניו. — דער זיידע האט דערלעבט, ברוך השם, אייניקלעך א גאנצען דור — כן ירבו וכן יתרצו!

שלום־עליכם.

— —

אמת, ער וועט זיך אין אַ געזעלשאַפט ניט פערליערען. ער וועט זיך ניט בעהאַלטען אין אַ ווינקעלע און וועט זיך ניט שעמען פאַר קיי־נעם, ער וועט אייך אָפּענטפּערען אויף אַלע אייערע טאָסטען און אויף אַלע רערעגישען, יערען בעזונדער און דוקא קלוג, און דוקא טיעף, און דוקא וויציג, און דאָס פּנים וועט איהם לייכטען, ווי אַ מנורה, און איהר וועט זיך פיהלען מיט איהם יום־טוב'דיג, ווי מען קאָן זיך נור פיהלען מיט אַנ'אמת'ן תּלמיד־חכם. דאָס וועט אָבער זיין, רבותי, מעדר נישט אַז ר ב מענדעלי מוכר־ספרים. דאָס וועט ניט זיין „דער זיידע״.

„דעם זיידען״ אויב איהר ווילט קענען, געהט מיט איהם, זייט מוחל, אַרויס העט־ווייט הינטער דער שטאָדט אַרויס, דאָרט אויף דער פרייער לופט, אונטער דער הימעל־יאַרמעלקע, דאָרט וואו עס וואַקסט אַ בוים, וואו עס שפּראָצט אַ גרעזעל, וואו עס פּיטערט זיך אַ קעלבעל, וואו עס גרינט זיך אַ וואַלד, וואו עס דרעהט אַ מיהל, וואו עס לויפט אַ טייכעל, וואו עס קוקעט אַ פויגעל, וואו עס שפּרינגט אַ וועווריקעל, וואו עס פלאַטערט אַ פערחעל, וואו עס שמוצערען היישעריקען, וואו פליעגע־לעך האָבען זיך צונויפגענומען אַ גאַנצע חאַליאַסטרע און זשומען, און וויעגען זיך, און ווידמענען זיך, און זאָגען שירה, גיבען אָפּ אַ לויבעניש צו גאָט — אהין, אהין זאָלט איהר איהם נעהמען, וועט איהר זיך דאָרטען ערשט בעקענען מיט'ן „זיידען״, וועט איהר דאָרטען ערשט געוואָהר ווערען אַקוראַט, ווער דער „זיידע״ איז.

איהר וועט זעהן פאַר זיך אין איין צייט אי אַ טיעַפען דענקער, אי אַ מאָדנעם קינסטלער, אי אַ קינד פון דער נאַטור. און ער וועט זיך אַוועקזעצען מיט אייך אויף גאָט'ס ערד, אויף דער גרינער שמעקענדיגער קאָלדרע, וואָס איז בעשפּרענקעלט און בעצוויקעלט מיט אַלערליי קוויט־לעך. און ער וועט, קוקענדיג אין בלויען הימעל אַריין, אייך אַרויס־זאָגען אַ טיעפען געדאַנק, און ער וועט אייך אָפּמאָלען אַ לעבעדיג בילד. און ער וועט אייך דערצעהלען אַ שענע מעשה פון אַמאָל, און ער וועט אייך זאָגען אַ קלוגען, שאַרפען, אַ יודישען וויץ, און ער וועט זיך צעלאַ־כען הילכיג אויף אַ קול, און ער וועט אייך מאַכען צו גלייכער צייט דענקענדיג און לאַכענדיג און פרעהליך, און איהר וועט זיך פיהלען אַזוי גוט, ווי נאָך קיינמאָל ניט, און עס וועט אייך בּאַנג טהון, פאַרוואָס איהר האָט דאָס פריהער ניט געוואוסט, און איהר וועט חרטה האָבען, פאַר־וואָס איהר האָט ניט פערהאַפט מיט זיך אַ בליישטיפטעל אויף צו פער־שרייבען ביי זיך די דאָזיגע טיעפע געדאַנקען, מיט די דאָזיגע לעבעדי־

נע בילדער, מיט די דאָזיגע שענע מעשיות פון אַמאָל, מיט די דאָזיגע שאַרפע קלוגע יודישע וויצען. ניין. דער מענדעלי מוכר=ספרים אינ׳ם לעבען איז ניט דער מענדעלי מוכר ספרים, וואָס אין בוך. מענדעלי מוכר ספרים אין לעבען איז אַליין אַ בוך.

פון דעם דאָזיגען בוך רייס איך אויס אַ בלעטעל און גיב עס דיר, פריינד לעזער, היינט, צום פינף=און=זיבעציג=יאָהריגען יובילעאום פון אונזער זיידען, לכבוד אונזער אַלעמענס יום=טוב, דעם יום=טוב פון דער יודישער ליטעראַטור.

בימים ההם — אין יענער צייט, ואני באָדעסאַ — בין איך געזעסען אין אָדעס אויף אַ דאַטשע, וויט הינטער דער שטאָדט, ביים ברעג פונ׳ם שוואַרצען ים, אויפ׳ן „פאָנטאַן“. יאָהרען זענען געווען גוטע, (מאָלמאַטשאָוו איז נאָך דעמאָלט ניט געווען בעל=הבית...) גוטע=גוטע יאָהרען! עס איז אָפּגעגאַנגען נור געסט, ליעבע גוטע געסט. און גאָט האָט מיר געהאָלפען. איך האָב געהאַט אַ גאַסט — דער זיידע איז צו מיר געקומען פון שטאָדט. געקומען צו=גאַסט. דער זיידע מענדעלי מיט זיין נושא כלים, דעם פלינעל=אַדיוטאַנט, י. ח. רבניצקי.

עס איז שווער זיך פאָרצושטעלען דעם זיידען מענדעלי אין אָדעם אָהן רבניצקי׳ן — פונקט ווי עס איז שווער אייך פאָרצושטעלען זיך, למשל, אַ לולב אָהן אַ הדס, אָדער אַ שטאָדט אָהן אַ „קאַזיאָנע ראַבינער“, אָדער אַ וואַרשעווער דאָזאָר אָהן אַ זוהן אַ משומד, אָדער אַ רוסישען פאַרלאַמענט אָהן אַ פורישקעוויטש׳ן... לאָז מיר הונדערט מאָל מוחל זיין מיין פריינד און מיין חבר רבניצקי פאר דעם דאָזיגען פערגלייכען. איך האָב נישט געמיינט איהם, חלילה, פוגע בכבוד זיין. וואָס האָב איך צו איהם? נאָר — איהר ווייסט דאָך — אַ שרייבער אַז ער האַלט אין פערגלייכען, מאַכען פאַראַלעלען, חאַפּט ער וואָס עס קומט איהם פריהער אויפ׳ן זינען.

בקיצור, איך האָב געהאַט געסט: דעם זיידען מענדעלי׳ן און רבניצקי׳ן. אויסגעבאָדען זיך אינ׳ם שוואַרצען ים, וואו דער זיידע האָט אונז בעוויזען, וואָס הייסט שווימען צו זעכציג יאָהר און וואָס הייסט מאַכען קונצען אויפ׳ן וואַסער, האָבען מיר גענומען די פיס אין די הענד און געמאַכט אַ שפּאַציער פונ׳ם קליינעם פאָנטאַן אויפ׳ן גרויסען און פונ׳ם גרויסען פאָנטאַן נאָך ווייטער — און בעת מעשה האָט אונזער זיידע דערצעהלט מעשיות מיט מעשיות, און מיר האָבען געהערט און געוואונדערט זיך און געקוואָלען און געקליבען נחת, ווי=

אמת׳ע גוטע געטרייע אייניקלעך. פלוצים שטעלט זיך דער ווי־דע אָפּ:

— מה נאה אילן זה — וואָס זאָגט איהר אויף דעם בוים?

מיר הויבען אויף די אויגען — אַ בוים, שוין איין מאָל אַ בוים. ניט אַזוי דער בוים, ווי די באַרען! אַי באַרען! בערהאַמאָטען! קיילעכי־גע, געלע, פעטע, זיסע, גלאַטע, ווייכע, הענגען אַראָפּ אויף גראָבע צוי־געבריוועטע שטעקעלעך, שיקען אַרוים פון זיך אַ ריח־ניחוח, קוקען אויף אונז פריינדליך, ווינקען צו אונז, בעטען זיך: „פערדיענט אַ מצוה, יודי־שע קינדער, מאַכט אויף אונז שהחינו״... און הינטער דעם בוים — נאָך אַ בוים, און נאָך אַ בוים — און אַלע אָפּגעשאָטען מיט באַרען. אַ ים מיט באַרען!

אָהן ווערטער האָט דער זיידע אַוועקגעשטעלט אויף אונז זיינע שאַרפע קלוגע אויגען דורך די גלאַנצענדיגע ברילען און מיט אַ מע־פיסטאָפעל־שמייכעל אויף די דינע בעזילבערטע ליפּען האָט ער אונז דורכגענומען דורך און דורך, ווי איינער רעדט: „קינדערלעך, איך זעה — איהר זענט בעלנים אויף די דאָזיגע באַרען?״... און גלייך, ווי מיר וואָלטען זיך אויפגערעדט פון פריהער אַלע דריי, איז געבליבען ביי אונז דער הסכם, אַז מיר געהען אין גאָרטען אַריין נאָך באַרען.

יודען האָבען פיינט לאַנג טראַכטען: וואָס באַרען? וועד באַרען? וועמענס באַרען? — דאָס האָבען מיר געלאָזט פריי. מסתּמא וועט זיך עס מיט דער צייט פערענטפערען. דער עיקר איז: געפונען אַ טויער, אַ אַ גאַנג אין גאָרטען אַריין, און דאָרט — ווי וועט זיך ניט געפינען אַ בעל־הבית, אַ סטרוזש, אַ גערטנער — פאַר געלד וועלען מיר שוין קריגען באַרען.

און כך הוה. מיר האָבען געפונען אַ טויער. אויפ׳ן טויער אַ בלעטעל. אויפ׳ן בלעטעל — אָנגעשריעבען מיט גאָלדענע אותיות: „אַ נ אַ ט ר א״! ־ וויסען מיר, הייסט עס, אַז אַנאַטראַ — דאָס איז דער בעל־הבית פונ׳ם גאָרטען.

געהערט האָבען מיר, אַז אַנאַטראַ איז אַ גרעק, און אַ פּיעלפאַכער מיליאָנער, און אַ רשע. נאָר צי ער פערקויפט באַרען — דאָס איז קיי־נער ניט מחויב צו וויסען. עס קאָן זיין, אַז ניין, און עס קאָן זיין, אַז יאָ. ער מעג זיך זיין אַ פּיעלפאַכער מיליאָנער און די באַרען פונ׳ם גאָר־טען זאָל ער דוקא פערקויפען. דער שכל איז דאָך מחויב: צו וואָס דאַרף עס איין מענש אַזוי פיעל באַרען?...

אַט אַזוי טראַכטענדיג, טרעטען מיר אַריין פּאָוואָלינקע אין אַ מחיה'דיגען גאָרטען, שפּאַציערען איבער אויסגעפּוצטע סטעזשקעס, געפּלאַסטערט מיט קליינע ים-שטיינדלעך און בעציערט פון ביידע זייטען מיט אונטערגעשוירענע בוימלעך, אונטער וועלכע עס קוקען אַרויס שמעקעדיגע בלומען, וואָס שמייכלען צו אונז און גריסען אונז נאָר פריינדליך: ברוכים הבאים! סקאָצעל קוסט! ווילקאָמען!"... און מיר געהען ווייטער און ווייטער. פּלוצים... פון וואַנען האָט זיך גענומען, מיט איין אימפּעט און מיט אַ הוק, און גלייך אויף אונז—אַ הונד. אָבער אַ הונד! אַ קאַלב, ניט קיין הונד. אַ לייב. אַ לעמפּערט! אַ געלע גלאַנצענדיגע פעל • לאַפּעס ווייבע, קיילעכיגע, ווי ביי אַ טיגער, אַ מאָרדע אַ שוואַרצע, אַ נאַסע, נאָר אַ חנ'עוודיגע, ציינער ווייסע, שאַרפע, אויגען רויטע, פייערדיגע, ווי ביי אַ גזלן. אַ פאַרשווין אַ הונד, נאָר אַ הונד.

איך ווייס ניט, ווי אַזוי איהר, נאָר איך — איך בין מיך מודה, וואָס האָב איך מיך דאָ צו שעמען? — איך האָב פאַר אַ הונד מורא... שייך זאָגען מורא? דאָס וואָרט מורא איז צו שוואַך אויף אַרויסצוגעבען איין דאָס געפיהל, וואָס רופט אַרויס ביי מיר אַ הונד. אַלע חיות אויף דער וועלט האָב איך ליעב, ליעב, גאָר אָהן אַ שום אויסנאַהמע. אַ הונד האָב איך אויך ניט פיינד. נאָר וואָס דען? איך בין מיט איהם ניט זיכער. איך, אַז איך קום אין אַ שטוב אַריין און דערזעה אַ הונד (ביי אַ קריסט, נעוועהנליך, וואָרום ביי אַ יודען איז ניטאָ קיין הונד, און אויב ס'איז דאָ ביי אַ יודען אַ הונד, איז דאָס ניט קיין הונד), אַזוי הער איך שוין ניט, וואָס מע רעדט צו מיר. מיינע געדאַנקען זענען דאָרטען, אַרום הונד... אַז ער געהט צו מיר צו נאָהענט און שמעקט מיך אַרום און לאַשטשעט זיך און דרעהט מיט'ן עק, איז מהיכא תיתי, זעהר פיין, מחותנים, אַבי טשעפּע מיך ניט. זאָלסט נאָר ניט אַרויפלע-גען אויף מיר די קאַלטע לאַפּעס דיינע און ניט שטופּען מיר די נאַסע מאָרדע אין פּנים אַריין. איך האָב דיך ליעב, פערשטעהסט דו מיך, נאָר פון דער ווייטען...

פאַר מיין חבר רבניצקי'ן וועל איך אייך ניט זאָגען. אפשר האָט ער מורא פאַר אַ הונד נאָך מעהר פון מיר? ער וויל מיר איינרעדען אפילו, אַז ער האָט ניט אַזוי מורא. וואָס איז די מורא? — ער האָט דען ניט קיין שירעם? נאָך אַ מין שירעם! איך האָב אייך נאָר פערגע-סען זאָגען, אַז מיין פריינד רבניצקי געהט נישט אַרויס מפתח ביתו אָהן אַ שירעם, סאַי זומער, סאַי ווינטער. אַז איהר וועט זיין אין אָדעס

און וועט בענעגענען אין גאַס אַ יודען מיט אַ רויט שיינענדיג פּנים, מיט גוטע אַ ביסעל פערזאָרגטע אויגען, מיט אַ פערטראַכטען ווייסען שטערען און מיט אַ שירעם אונטער׳ן אָרעם, חאָטש אין דרויסען א״ך ווינטער און דער פראָסט ברענט, זאָלט איהר וויסען, אַז דאָס איז ער, רבניצקי הייסט עס. איך וויים דעם סוד פון׳ם שירעם. ס׳איז פּאַר אַ הונד. אז די קשיא: פאַר אַ הונד איז נאָר גוט אַ שטעקען? — האָט נאָר נישט קיין טבע פרעגען קשיות.

הקיצור, מיר ביידע, איך און מיין חבר רבניצקי, אַז מיר האָבען דערזועהען דאָס בעשעפעניש מיט׳ן אָפענעם מויל גלייך אויף אונז, האָבען זיך אונזערע נשמות אָפּגעטיילט פון׳ם גוף. אונזער ערשטער געדאַנק איז געווען: לויפען! סאיז אָבער גוט צו לויפען, אַז ס׳איז דאָ פיס. וואָס וועט איהר טהון, אַז די פיס האָט מען ביי אייך אונטערגעהאַקט אַקוראַט ביי די קנעכלעך, און דאָס האַרץ הענגט ביי אייך אויף אַ פאָדעם, און די האָר שטעהען קאַפּויר, און די אויגען — אָט־אָט שפּרינגען זיי אַרויס פון שטערן? ליעבער פריינד, איהר האָט אונז ניט וואָס מקנא צו זיין. וואו מיר האָבען ערגיץ אַ שונא, רבונו של עולם, זאָל ער איבערגעהן אויף דעם שטאַנד, אין וועלכען מיר ביידע האָבען זיך געפונען אין יענער מינוט.

און דער זיידע? — יענעם מאָמענט וועל איך קיינמאָל ניט פערגעסען. ווי נאָר דער כלב האָט געעפענט דאָס מויל און אַ וואָרף געגעבען זיך אויף די אומגעבעטענע געסט, אזוי האָט דער זיידע צוגעויפגעלענט די הענד אויפ׳ן האַרצען, צונויפגענומען די ליפען מיט אַן שמייכעלע, אַריינגעקוקט אַ ווײלע דעם הונד אין די אויגען אריין און אויסגעשאָסען אַ געלעכטער מיט אַ הילך, —איך מעג שווערען, אַז דער כלב האָט פערשטאַנען דאָס געלעכטער. און ניט נאָר פערשטאַנען — ער האָט זיך געפונען ווי בעליידיגט. אַ קעגען אַ האַלבע מינוט זענען זיי אַזוי געשטאַנען איינס אַקעגען דאָס אַנדערע און געקוקט זיך גלייך אין די אויגען אַריין. און אפשר נאָך ווינציגער ווי אַ האַלבע מינוט. נאָר ביי מיר האָט זיך עס געצויגען אין אייביגקייט. דאָס איז געווען אַ שווערער, אַ קריטישער מאָמענט. אַ מענש און אַ חיה האָבען זיך בעגעגענט און געמאָסטען איינס דאָס אַנדערע מיט׳ן קוק, ווער וועמען וועט גובר זיין... נאָכדעם איז דעם הונד, אַ פּנים, נמאס געוואָרען די גאַנצע מעשה, האָט ער אַראָבגעלאָזט די פייערדיגע גזלנ׳ישע אויגען זיינע, האָט געגעבען אַ געהניץ מיט׳ן גאַנצען מויל, זיך בעלעקט או

אויסגעצויגען, אויסגעטרייסעלט די גאנצע גלאנצענדיגע פעל, זיך אויס־געקערעוועט צו אונז, גאר אהן אַ שום דרך־ארץ, מיט'ן הינטען און שמעקענדיג מיט דער נאז זיינע אייגענע טריט, האט ער זיך געלאזט געהן זיין וועג.

יענעם טאג האבען מיר געגעסען בארען, נישט קיין שלעכטע בארען. נאר דאס זענען געווען בארען, וואס מיין ווייב האט געבראכט צופיהרען פון שטאדט.

—

א. רייזען.

# „די קליאטשע".

געווידמעט דעם זיידען מענדעלי
צו זיין 75-יעהריגען יובילעאום.

---

## I.

דער ראַקאָווער דרדקי-מלמד האָט געהאַט גאָר ניט וועניג תּלמידים, חייל ער האָט געהאַט אַ נאָמען פאַר אַ בּעל-מדקדק און איז געוועזן דער איינציגער מלמד אין שטעדטיל, וואָס האָט געטראָגען אַ געפּרעסטע העמד מיט אַ קראַגען, חאָטש אָהן אַ שניפּס, און אַזוי ווי דאָס שטעדטיל האָט זיך אין יענער צייט אָנגעהויבּען רעפאָרמירען, האָט דער האַרטער קראַגען אַ סך מיטגעווירקט, אַז בּעלי-בּתּים, וואָס זענען מעהר געטיינט צו „בּילדונג", זאָלען איהם אָבּגעבּען זייערע קינדער צו לערנען עבריי און אָנפאַנג חומש.

און דאָך איז איהם דאָס קנעלען אַליין וועניג געווען צום לעבּען. חייל דער ראַקאָווער מלמד, אויסער די בּיסעל דקדוק זיינע און אויסער דעם געפּרעסטען העמד מיט'ן קראַגען, האָט געלעבּט ווי אַ מענש. ער איז געווען דער איינציגער מלמד, וואָס האָט געהאַט אַ סאַמאָוואַר און געטרונקען פּאַפּאָוו'ס טהיי — אַזוינס, וואָס ניט יעדער בּעל-הבּית,

אַ ־ילו פֿון העכערן גראַד, האָט זיך עס ערלויבט. צו לעבען ווי אַ מענש איז קנעלען אַליין ווייניג געווען און דער ראַקאָווער מלמד האָט געהאַט נאָך אַ זייטיגע הכנסה: מעשה־ביכלעך.

עס הייסט ניט, אַז ער האָט אַליין פֿערפֿאַסט מעשה־ביכלעך, אַזאַ קענער איז ער ניט געווען, האָטש אין יענער צייט זענען געווען גאַנץ פֿיעל מלמדים, וואָס האָבען זיך געריבען אַרום ליטעראַטור... ניט דאָס בין איך אויסען... דער ראַקאָווער מלמד האָט אין אויבערשטען שופֿלאָד פֿון זיין קאָמאָד געהאַט אַ זעכציג־זיעבציג ביכלעך אויף עברי־טייטש פֿאַר די שטעדטישע מיידלעך, וואָס האָבען ביי איהם גענומען יעדען פֿרייטאָג אַ ביכעל אויף שבת.

צווישען די פֿיעל לעזערינס־מיידלעך איז געווען דער איינציגער לעזער־יונגעל — איך אַליין. איך הייס ניט פֿון וואַנען האָט זיך ביי מיר גענומען די דאָזיגע תשוקה, נאָר אַ לעזער בין איך געווען אַ מתמיד. ווען איך וואָלט אַזוי פֿיעל געוואָלט לערנען, ווי לייענען די מעשה־ביכלעך, וואָלט איך געווים אויסגעוואַקסען דער גרעסטער רב און ווער ווייסט, צי וואָלט מאַקע פֿאַר מיר בעסער ניט געווען... ניט דאָס בין איך אויסען...

האָטש איך האָב געהאַט צייט אַ גאַנצע וואָך און ניט דוקא ווי די יודישע מעכטער — נור שבת אַליין, דאָך פֿלעג איך פֿרייטאָג נאָך האַלבען טאָג אויך קומען נאָך אַ ביכעל און פֿלעג שיער ניט בטל בששים ווערען צווישען די מיידלעך, וואָס האָבען אָנגעפֿילט דאָס חדר פֿון ראַקאָווער מלמד.

די דאָזיגע מיידלעך האָבען מיך שוין גוט געקענט, און האָטש איך בין געווען אַ בחור'ל פֿון אַ יאָהר 13, האָב איך שוין געוואוסט וואָס הייסט ליעבע — ערשטענס מאַקע די ראָמאַנען, וואָס איך האָב געלעזען זינט 11 יאָהר און, צווייטענס, מיין איינענער כח הדמיון... אָט צווישען די מיידלעך־לעזערינס האָב איך געהאַט אַ צוויי־דריי, אין וועלכע איך בין געווען שטאַרק פֿערליעבט. אין וועלכער שטאַרקער — האָב איך אַליין ניט געקאָנט אונטערשיידען.

ביי די דאָזיגע מיידלעך בין איך געווען דער ווענ־וויי־ער, האָטש זיי זענען אַליין אויך געווען גענוג בעהאַווענט אין דער דעמאָלדינגער ליטעראַטור, אָבער צו מיר האָבען זיי זיך ניט געקאָנט גלייכען. עס זענען געווען אַזוינע מעשה־ביכלעך, וואָס איך האָב דורכגעלעזען צו

עטליכע מאָל, אַזוי אַז איך האָב די גאַנצע געשיכטע געקאָנט איבער־דערציילן.

דערפאַר פלעגן זיך איינציגע פון די דאָזיגע ביכלעך ווענדן צו מיר מיט עצות.

— וואָס זאָגסטו, זאָל איך נעהמען דעם „בלינדען בעטלער".

איך פלעג נעהמען דאָס ביכעל אין דער האַנד, בעטראַכטען און, מורא האָבענדיג פאַר'ן ראַקאַחער מלמד, פלעג איך אָנטרעטען בגנבה אויפ'ן פוס, דאָס האָט געהייסען: נעהם אַנ'אַנדערס.

און מיט אַ פריינדליכען שטומען שמייכעלע האָט מיר דאָס מיי־דעל אָבגעדאַנקט און דער דאָזיגער שמייכעל האָט מיך געוואַרימט דעם גאַנצען שבת.

II

אויב איך האָב געהאַט פערנגיגען פרייטאָג האָבענדיג עסקים מיט די מיידלעך ביי די ביכלעך נעהמען, פלעג איך דערפאַר געגוג אויס־שטעהן צרות פאַר דיזעלבע ביכלעך אין דער־היים.

מיין טאַטע, אַ יוד, וואָס האָט געזוכט אַ תכלית, האָט ניט געלאָזט מיך די ביכלעך לעזען און, האַפּענדיג מיך ביי אַ מעשה־ביכעל, פלעגט ער זיך וואַרפען צו מיר:

— דו לייענסט ווידער די נאַרישקייטען! איך וועל דיר זיי צוריי־סען אויף פיצלעך.

און די מאַמע פלעגט אונטערהעלפען:

— עס קאָסט דאָך איהם יעדעס ביכעל דריי קאָפּיקעס פּראָקאַט.

— איך בין איהם מוחל די דריי קאָפּיקעס... פלעגט דער טאַ־טע חרען בריט — דער עיקר, ער טהוט נאַרגישט... אַריינגעמהון זיך אין די נאַרישקייטען, און גאָר. וואָלט ער האָטש געלייענט אויף לשון־קודש, איז עפּיס אַנדערש. קומט איהם צו האָטש טייטש־ווערטער,

קען ער דעם לשון... קאָן ער עפּיס האָבען אַ נוץ דערפון, אָבער דאָס — גאָרנישט, — מעשה־ביכלעך אויף עברי־טייטש...

און אַריינקומענדיג אין צאָרן, פלעגט ער אַ חאַפּ טהון דאָס ביכעל און בעהאַלטען בייזערענדיג זיך:

— אוים מעשה־ביכלעך...

— דאָס ביכעל פלעגט ער מיר אין אַ פּאָר טעג אַרום אָבגעבען, ביים אָבגעבען אַליין אַ בלעטער טהון דאָס ביכעל, אַ לעז טהון פּאַר זיך דוקא דאָס סאַמע געדיכטע, וואו רייזע קושט זיך מיט אַראָלף׳ן, רויט ווערען און ווי אַ פערשעמטער מיר אָבגעבען מיט די ווערטער:

— גיה שוין, טראָג אַוועק אָט די נבול־פּה און מהיום והלאה זאָלסטו ניט וואַגען די אַשפּה צו ברייגגען אין שטוב.

## .III

מאַכט זיך אין אַ האַלב יאָהר אַרום אַ מעשה, אַז דער ראַקאָווער מלמד ווערט עפּיס ברוסט־ליידענד און פאָרהט אַוועק אין דער גובערניע אַריין צו אַ מומחה אַ דאָקטאָר און כדי אויסצושלאָגען די הוצאות האָט ער דאָרט געקויפט אַ ניי פּעקיל ביכער פאַר אַ רובל צוואַנציג.

קומענדיג צוריק פון גובערניע, זאָגט ער מיר גלייך אָן די שמחה. איך, וואָס האָב שוין ניט געהאַט ביי איהם וואָס צו לייענען באמת און האָס פלעג אַריינגעהן נור פרייטאָג צוליעב מיינע דריי געליעבטע, ראַט־העך זיי וואָס צו נעהמען, — איך בין מלא שמחה און בעט איהם, ער זאָל אַזוי גוט זיין מיר ווייזען.

— דאָס זענען אָבער גאָר אַנדערע מינים ביכלעך. פאַר דריי קאָפּיקעס פּראָקאַט קאָן איך זיי ניט געבען, — זאָגט דער ראַקאָווער מיט אַ מינע פון אַ סוחר, וואָס האַלט, אַז זיין סחורה איז אויסער קאָנ־קורענץ און דער קונה וועט מיזען צו איהם אָנקומען.

— מילא, מיר וועלען זיך ניט דינגען, — פערזיכער איך איהם און ביי מיר ווערט שוין געבוירען אַ פּלאַן, ווי אַזוי צו קריגען אַ מטבע אין שטוב..

דער ראַקאָווער מלמד האָט אָבער צוזאַמען מיט די ביכלעך געבראַכט אַ גזרה:

— פאַר די ביכלעך מוז מען געבען זאַלאָג... און איז גלייך מוסיף:

— איך האָב געבראַכט איין ביכעל, וואָס זאַלאָג אַליין פאַר איהם דאַרף מען לאָזען פינף קערבלעך!

— פינף קערבלעך! שפּרינג איך אינטער.

— דאָס איז אַ ביכעל, וואָס מען זוכט, פערשטעהסטו מיך, — קוקט מיך אָן דער ראַקאָווער מלמד מיט אַ זיעגער־שמייכעל... דאָס איז אַ ביכל, וואָס מען צאָהלט פאַר איהם אַ האַלב קערביל פאַר איבערלייענען אַליין... דאָס איז, פערשטעהסטו מיך, „די קליאַטשע“ פון אַבראַמאָוויטש...

— די „קליאַטשע“, וואָס איז דאָס אַזוינס? אַ ויך אַ ראָמאַן?—פרעג איך תמ'עוואַטע...

— ביזט נאָך אַ יונגעל — לאַכט פון מיר דער ראַקאָווער מלמד... אַבראַמאָוויטש מאַכט ניט קיין ראָמאַנען... דו גיב אַ פרעג טאַקע דיין טאַטען, וועט ער דיר זאָגען...

— דער טאַטע, פערוואונדער איך זיך... דער טאַטע לאָזט מיך אַפילו אַ ביכעל ניט נעהמען, — בין איך מיך מורה פאַר פערווירונג און האָב גלייך חרטה...

— אַ מעשה־ביכעל ניט און די „קליאַטשע“ יאָ... פון דער „קליאַטשע“ ווייסט דיין טאַטע... דיין טאַטע האָט געלערענט אַמאָל אין וואָלאָזשין? — גיט ער מיך פלוצים אַ פרעג.

חאָטש איך פערשטעה נים, צו וואָס ער פרעגט מיך, נאָר אַזוי ווי איך ווייס, אַז מיין טאַטע האָט יאָ געלערענט אין וואָלאָזשין, ענטפער איך: יאָ!

— אויב יאָ, ווייסט ער פון דער „קליאַטשע“. און זאָג איהם טאַקע, אַז די „קליאַטשע“ האָב איך געבראַכט פאַר אַזוינע מענשען ווי דיין טאַטע... זאָל ער אַריינגעהן, וועלען מיר בּושוה ווערען...

איך קאָן ניט פערשטעהן, פון וואַנען איז ער אַזוי זיכער מיט מיין טאַטען, וואָס איז אַזוי אָנגעשטויסען אויף ביכלעך, נאָר דער זיכערער טאָן פון ראַקאָווער מלמד ווירקט אַזוי אויף מיר, אַז איך קום אַהיים און שים גלייך אויס:

— מאמע, דער ראַקאָווער מלמד האָט געזאָגט, אַז ער האָט פאַר דיר געבראַכט די „קליאַטשע"...

אין שטוב לאַכען זיך אַלע, אויסער'ן טאַטען, פונאַנדער...

די מאַמע רופט אויס:

— דער בחור איז משוגע געוואָרען פון די מעשה־ביכלעך.

נאָר דער טאַטע פערשטעהט עפּיס יאָ און נימט און ווענדט זיך צו מיר געלאַסען:

— קום אַהער, דערציילט פּאַוואָלי...

איך בלייב דערשראָקען צוליעב דער פערקאָכטער קאַשע און פון שרעק פרעג איך איבער דעם ראַקאָווערס שאלה:

— דו האָסט דאָך געלערענט אין וואָלאָזשין?...

— ביזט משוגע, צי חסר דעה, — לאַכט דער טאַטע און שטעהט־צו, איך זאָל ריידען קלאָרע דבורים.

איך בערוהיג זיך אַ ביסעל און דערצעהל די מעשה שוין פּינקט־ליכער.

— דער ראַקאָווער מלמד האָט געבראַכט אַ נייע ביכעל, די „קליאַטשע"... ער זאָגט, אַז דו ביזט אַ מבין אויף אַזוינע זאַכען...

— אַהאַ... פערטיעפט זיך דער טאַטע, ווערט ערנסט, אָבער גוטמוטהיג און רופט זיך אָן:

— די „קליאַטשע" האָט ער געבראַכט... ווי אַזוי האָט ער זי געקראָגען, אַז שוין אַ יאָהר צעהן, אַז מען זעהט זי ניט... זעה אַקאָרשט, — ווענדט ער זיך צו מיר גאָר ניט מעשה־טאַטע, נאָר מעשה־חבר

— ער האָט געזאָגט: די „קליאַטשע" פון אַבראַמאָוויטש... פער־זיכער איך, געריהרט פון טאַטענ'ס וויכקייט...

— דאָס איז אַנ'ענין — רופט זיך אָן דער טאַטע און איך זעה, ווי זיינע אויגען לייכטען איהם — איך האָב זי אַפילו געלייענט, רעדט ער ווי פאַר זיך, אָבער איך וואָלט געוועהן אַ בעלן זי נאָכאַמאָל זעהן...

— ער וועט זי דיר געבען פאַר אַ האַלבען רובל... דערקלער איך...

— מעהר פעהלט ניט, פטר'ן אַ האַלבען רובל אויף נאַרישקייט. מישט זיך אריין די מאַמע, פאַרענדיג זיך אַרום אַ טעפּעל...

— קיין נאַרישקייט איז דאָס דוקא ניט — רופט זיך אָן דער טאַטע... די „קליאַטשע" איז שוין דוקא נישט קיין נאַרישקייט... נאָר

אַ האַלבער רובל איז אַ סך... אַ פערטעלע זאָג איהם... נור איוף איבער שבת...

איך פליה אַרויס העגדרוס=פענדרום צום ראַקאָווער און גיב איהם איבער בסוד, אַז מיין טאַטע אַליין בעט די „קליאַטשע", נאָר ער צים נישט מעהר ווי אַ פערטעלע... נור ביז זונטאָג.

דער ראַקאָווער מלמד קוויינקעלט זיך אַ ביסעל, זאָגט אָבער, אַז צוליעב דעם טאַטען טהוט ער דאָס און נים אַפילו אָהן זאַלאָז

— נור היטען דאָס ווי דאָס אייג אין קאָפּ...

איך זאָג איהם צו, אַז איך וועל אָפּבריינגען נאָך גייער ווי זי איז...

און האַפּ זיך אַרויס איוף דער גיך, וויל מיר דאַכט זיך, אַז דער ראַקאָווער קאָן נאָך חרטה האָבען.

אַריינגעקומען מיט'ן ביכעל אין שטוב אַריין, זעה איך, ווי דער טאַטע וויל זיין גלייכגילטיג, אָבער ער קאָן נים. ער נעהם מיר אַנט= קעגען צו דער טהיר, האַפּט כמעט אַרויס דאָס ביכעל, עפענט איוף און לעזט דעם שער:

„די קליאַטשע".

און אַ שמייכעל צוגיסט זיך איוף זיין פנים און באַלד הער איך ווי ער זאָגט:

„געדרוקט בהשתדלות מענדעלי מוכר=ספרים".

און דער שמייכעל ווערט נאָך ברייטער און פרייער. קיינמאָל האָב איך דעם טאַטען נים געזעהן שמייכלענדיג.

— עס איז טאַקע אַ גוט ביכעל? — ווער איך מוטהיג און פרעג דעם טאַטען.

— אַ גוט ביכעל פרעגסטו? — פערגעסט זיך דער טאַטע, אַז ער רעדט דאָס מיט זיין איינענעם יונגעל און דערקלערט מיר, אַז דאָס איז נישט קיין מעשה=ביכעל, „נאָר אַ משל, פערשטעהסט, אַ משל"...

ער עפענט איוף ווי דער און לעזט די קליינע ווערטעלעך פון דער מאַמאָ:

„לסוסתי ברכבי פרעה דמיתיך, רעיתי"...

און נים שמייכלענדיג צו:

— „די קליאַטשע האָב איך געלייענט אין וואָלאָזשין טאַקע...

איך קריג פאַר דאָס ביכעל גרויס אָבשיי און בעשלים, ווי נור דער טאַטע לעגט זיך שלאָפען, וועל איך דאָס אַליין דערלעזען ביז אין

דער־פריה... וויזט זיך ארויס, אז איך האָב מיך טועה געווען. ווי עס האָט געהאַלטען ביי ליכט־צינדען און די מאַמע האָט זיך שוין אָנגע־טהון לכבוד שבת און דאָס שמייכעל פון ליכט־בענטשען איז שוין גע־ווען אויסגעגאָסען אויף איהר פנים, רופט זיך אָן דער טאַטע, איינ־בויגענדיג זיך צו דער לאָמפּ, וואָס איז געשטאַנען אויפ'ן טיש צווישען די לייכטער:

— גיס אַריין נאָך אַ ביסעל „גאַזע'' אין לאָמפּ...

דאָס האָט בעדייט, אז דער טאַטע וועט היינט זיצען שפּעט און ליינען די „קליאַטשע''...

און אַזוי איז טאַקע געווען...

אַז דער קנויט אין לאָמפּ האָט שוין ניט געהאַט קיין יניקה און דאָס פּייעריל האָט קוים, קוים בעלויכטען דאָס טישעל, איז דער טאַטע נאָך אַלץ געזעסען געבויגען און געלייענט די „קליאַטשע''...

אלע ווערק פון

מענדעלע מוכר ספרים

(ש. י. אבראמאוויטש).

# עלטערן און קינדער

פארלאג „מענדעלע"

פארקויף געז. „צענטראל", ווארשע.

1922

## א.

# עלטערען וועגען קינדער

— וואָס איז דיר, אפרים — האָט שרה געפרעגט איהר מאַן, וועל־כער איז אַרומגעגאַנגען אַ פערצאָרענטער איבער זיין צימער — וואָס האָט דיך דאָס אַזוי אָנגעשפּאַרט מיך אַ רוף צו טהון? ווייסטו דען ניט, אַז איך בין אַ גאַנצען טאָג אַ יאָהר איינגעשפּאַנט אין דער אַרבייט ווי אַן־אָקס אין דער סאָכע? אָהן מיר גיט דאָך די דינסט אַפילו ניט אַ ריהר מיט אַ פינגער אַריינשטעלען אַ טעפּעל, פאַרבעטען די בעטען און אויס־קעהרען די שטוב, אָהן מיר שטעקט זיך דאַ קיינער ניט צו צו קיין אַרבייט. ס'איז דאָך שוין עפּיס אלול אין גאַס, מען בלאָזט דאָך שוין שופר, און עס געהען אַזעלכע יום־טובים, און איך — וועה איז מיר! — כ'האָב נאָך קיין זאַך ניט אָנגעהויבען צוצוגרייטען צו יום־טוב. ס'שפּאַלט זיך מיר, ממש, דער קאָפּ, דערמאָנענדיג זיך, אַז באַלד אי: שוין אונזער זוהנס התונה מיט מזל, און איך האָב נאָך גאָרנישט צוגעגרייט. די צייט איז קורץ, און אַרבייט איז דאָ גאָר אָהן אַ שיעור, און דו ווילסט נאָך מיר מאַכען שווערער. אָט אַזוי איז שוין פון תמיד דיין שטייגער: ווי דו קומסט נאָר פון אָדעס, איז ניטאָ אַ טאָג, וואָס דו זאָלסט ניט זיין אין כעס, און קיין זאַך אין שטוב געפעהלט דיר ניט.

אפרים כרמול, איז געווען איינער פון די כסלונעווקער חשוב׳סטע גבירים. זיינע עסקים זיינען געווען אין אָדעס; דאָרט האָט ער געהאַט אַ געלד־קאָנטאָר און אַ גרויס געשעפט פון תבואה, מיט וועלכע עס האָט אָנגעפיהרט אליעזר פרחי — זיין ווייבס אַ נאָהענטער קרוב. אפרים אַליין פלעגט אַראָבפאָרען צוליב זיינע געשעפטען קיין אָדעס צוויי מאָל אַ יאָהר, און איטליכעס מאָל פלעגט ער דאָרט אָבזיטצען אַ לאַנגע צייט. אין דעם

אויסגעלאַסענעם אָדעס, וואו קיין יראת־שמים איז ניטאָ אַפילו אויף אַ רפואה, וואו יודען סוחרים זיינען גריילאַך ניט פרום, קרעמער זיינען מחלל שבת בפרהסיא און סרסר׳ס עסן טריפות בראש גלי, האָט אפרים פון דרכי־שלום־וועגען פערבויגען זיין חסידות, האָט אַ ביסעל אָפּגעקירצט דעם ראָק און די פאות פערדרעהט אויף הינטער. דערפאַר, קומענדיג אַהיים קיין כסלונעווקע, אין דער אמת׳ער יודישער שטאָט, האָט ער אויף זיך אַרויפגעצויגען וואָס מער חסידות, האָט זיך געפיהרט זעהר פרום, כדי מכפר צו זיין דורך דעם זיינע אָדעסער חטאים.

שרה זיין ווייב האָט זיך פון תמיד אָן געהאַט די געוואוינהייט צו שרייען נאָכאַנאַנד מיט קולות אויף איהרע הויז־מענשען, אַז זיי זענען פויל, אַז די גאַנצע שטוב־אַרבייט דאַרף זי טראָגען אויף זיך אַליין, און זי פאַלט שוין אין די האַליאָבליעס, כאָטש באמת האָט זי אַליין גאָרנישט געטהון, און האָט נאָך מיט איהרע געשרייען דעם אַנדערן געשטערט פון דער אַרבייט. אַזוי האָט זי זיך אויך געהאַט אַ טבע צו באַקלאָגען איהר שיקזאַל, כאָטש אין אמת׳ן איז זי געווען איינע פון די גליקליכסטע פרויען. אין איהר שטוב איז שטענדיג געווען פון כל טוב, און מ׳האָט זיך ביי איהר, ממש, געבאָדען אין האָניג און אין פוטער. די כסלונעווקער ווייבער פלעגען תמיד איינע דער אַנדערער האָבען צו ערצעהלען וועגען שרה׳ס גליקליך לעבען, ווי איר מאַן אַכט איהר און שעטצט איהר, ווי ער איז זיך מיט איהר וועגען אַלץ מישב, און רעדט זי נאָר עפּיס אַרויס פון מויל, ווערט דאָס באַלד בעשאַפען.

— קענסט דיך טרייסטען — האָט אפרים אָבגעענטפערט זיין פרוי מיט אַ ביסערען איראָנישען געלעכטער — קענסט דיך טרייסטען: גאָט האָט דיך אויסגעלייזט פון דיין געפיינינגטען לעבען און פון דיין שווערער אַרבייט. רעדענדיג האָט ער איהר אָנגעוויזען מיט׳ן פינגער אויפ׳ן טיש.

— וועה און ווינד איז מיר! — האָט שרה אויסגעשריען ניט ווי מיט איהר קול — דאָס זענען דאָך די אויערינגלאַך מיט די פינגערלאַך, וואָס מיר האָבן געשיקט אַ מתנה דער כלה ביי אונזער שמעונ׳ס תנאים!

— דו ווערסט דיך נאָך מעהר וואונדערען — האָט געזאָגט אפרים מיט אַני׳אָנגעשטעלטער רוהיגקייט —; הער זיך נאָר אָקאָרשט צו, וועל איך פאַר דיר איבערלייענען דאָס, וואָס מען שרייבט דאָ אין דעם בריעף וועגען דיין בן־יחיד, „דיין“ חתן, ווערסטו זיך האָבען וואָס צו פרעהען...

מיט אַ טיעפען זיפץ האָט אפרים גענומען דעם בריעף פון טיש און האָט ביטער אַ זאָג געטהון צו זיין פרוי:

— „אַ שלעכטער זוהן איז אַ טרויער פאַר זיין מוטער". גרייט־זשע דיך צו אויך צו האָבען אַ ביסעל חרפּה, און הער דיך איין וואָס מ׳שרייבט דאָ אין בריעף:

„לידידי הרבני, הנגיד המפורסם מוהר"ר אפרים נ"י.

איך בין אייך מודיע, דאָס איך בין, ברוך השם, געזונד; הלואי דאָסזעלבע פון אייך צו הערען. מיך וואונדערט זעהר: עס שטעהט, אַז אפילו דורך אַ בהמה פון צדיקים ברענגט גאָט ניט קיין תקלה, און אַ פשיטא שוין דורך זייערע קינדער, און דעריבער איז מיר אַ וואונדער, ווי האָט ער דאָס דורך אייך געבראַכט אַזאַ תקלה (איר וועט שוין פאַרשטיין, וואָס איך מיין...).

— איך פאַרשטעה בשום אופן ניט, וואָס ער מיינט מיט די ווער־טער — האָט שרה שטאַרק פערוואונדערט געזאָגט צו איר מאַן, וועלכער האָט איהר דעם בריעף איבערגעזעטצט אין יודיש.

— דו וועסט וויסען, וועסט וויסען — האָט איהר אפרים געענט־פערט, און האָט ווייטער געלייענט:

„... כ׳האָב געהערט, און בין אויפגעציטערט געוואָרען, וואָס לייט זאָגען, אַז דיין זוהן, דער חתן, איז אַרויס לתרבות רעה, און האָט זיך בעהעפט מיט שלעכטע און זינדיגע מענשען, וואָס פערברענגען זייערע טעג אויף טריף־פסל׳ען. וועה געשריען: איך האָב געהערט ערצעהלענדיג, אַז ביי איהם אין חדר האָט מען געפונען פון די נייע „מליצה־ביכלאַך", וואָס דרוקען זיך אין ווילנע, אַ דקדוק־ביכעל פון „בן־כלב", און פסוק מיט „משה אָדעסערס" פירוש. מ׳דאַרף דאָך אויף דעם, ממש, קריעה רייסען! ווארום אויסער, וואָס אַ מענש טאָר זיין זוהן ניט לערנען קיין פסוק, בידוע, זינדיגט ער נאָך מעהר מיט דעם, וואָס ער לערענט מיט׳ן ביאור, ימח שמו. און דאָס איז נאָך איהם ווייניג; ווי מ׳האָט מיר מודיע געוועזן אין דער שטיל האָט ער אַמאָל אָבגעפאַרבט אויף שוואַרץ די ווייסע העהנער, וועלכע זיינען געווען אָנגעגרייט אויף כפרות"...

— פערשפּאַרט זאָלען ווערען, רבונו של עולם, די מיילער פון אונזערע שונאים, וואָס האָבען לאַנגע צינגער און זאָגען ליגענס! — האָט שרה אָנגעהויבען צו שיטען מיט קללות — האָבען אַ מויל און — פלאַפּלען!... ווייטע העהנער — זאָגען זיי! ניט קיין העהנער, נאָר אפילו איין האָהן, איין מכה, און אַ גרויסע, זאָל זיך זעטצען אונזערע שונאים אין האַלדז!

האָט ער ניט אָבגעשוואַרצט, ווי זיי זאָגען; ער האָט זיך אַליין פאַר־שוואַרצט, הלואי זאָלען אַזוי פערשוואַרצט ווערען זייערע פנים׳ער, טאַטע געטרייער! דער האָהן האָט זיך אַליין פערשוואַרצט, ער איז אַריין אין אַ מולטער מיט געקאָכטע יאַגדעס, וועלכע איך האָב אָנגעגרייט צום יום־טוב׳דיגען פלאָדען; ער האָט זיך געוועסט אַוועקגעשטעלט אויף דער מולטער, און האָט אָנגעהויבן צו פּיקען, ווי דער שטייגער איז פון העהנער, און האָט זיך אַזוי פערשוואַרצט; און אַזוי ווי דו האָסט פון דעם ניט געוואוסט, און אַזוי ווי דער דאָזיגער האָהן, דיין כפּרה, איז אָבגעוואַשן געוואָרען מיט זייף און איז צוריק ווייס געוואָרען, אַזוי זאָלען מיר ניט וויסען קיין שלעכטס, און די רכילות־טרייבער זאָלען ווערען אונזער כפּרה און די כפּרה פון כל ישראל!

— גענוג שוין דיר!—האָט אפרים געזאָגט דער פרוי מיט כעס, און האָט גענומען לייענען ווייטער:

„... איז ווען געהערט געוואָרן אַזאַ נבלה?!... בכן קום איך דיר מודיע זיין, אַז איך און מיינע שטוביגע זיינען בעזונד, און איך שיק דיר אָב די תנאים, ווייל איך וויל בשום אופן ניט אויסגעבען מיין טאָכטער פאַר „אַני׳עם־הארץ“... אויך שיק איך אייך אָב די מתנות, וואָס איהר האָט געשיקט דער כלה, און איהר פון אייער זייט זאָלט אבשיקען די מתנות, וואָס איך האָב געשיקט דעם חתן, און אַ קלוגען דאַרף מען קיין פינגער אין מויל ניט אַריינלעגען. איך ווינש אייך אַ כתיבה וחתימה טובה צו־גלייך מיט אַלע צדיקים גמורים“.

— ווי האָט ער דאָס אַ העזה פון אונז אָפּצוחוזק׳ן?—האָט זיך שרה פונ־אַנדערגעשריען ווי פערצווייפעלט—וואָס דרעהט ער דאָ אַ מוח? עס איז דאָך שוין אַלץ צוגעגרייט צו אונזער זוהנס חתונה; אַלץ—זאָל נאָר פעהלען אַ האָהר! האָניג און פאַטיקע אויף צו באַקען לעקאַכער און טאָרטען, אויך אייער און אַ סך עופות: היהנער און ענדיקעס. וועה איז מיר! וואָס וועל איך דאָס איצט מיט דעם אַלץ מאַכען? וואוהין וועל איך אַהינטהון דעם האָניג מיט די אָבגעקאָרמעטע עופות? אַ רוח אין זיין טאַ־טענס־טאַטען אַריין!

— אַ רוח זאָל אַריין אין דיין בן־יחיד!—האָט זיך אפרים פונאַנ־דערגעקאָכט—דו האָסט געהערט? אין דיין בן־יחיד. דו דאגה׳סט גאָר פאַר די העהנער מיט די אייער, און דאגה׳סט גאָר ניט פאַר דיינע קינדער. אונזער רחל׳ען רעדט מען איצטער שדוכים מיט פרצ׳ס זוהן, און דער שדוך מיט פרצ׳ן געפעהלט מיר זעהר. דער מחותן איז אַ געאַכטער מאַן,

אַ רייכער מיט אַ סך גוטס, און אַ כשר׳ער יוד. און דער חתן געפעהלט מיר אויך. דאָס איז אַ בחור לויט מיין פערלאַנג, און איך האָב מורא, אַז ווען מען וועט דערגעהען, דאָס דע׳ מחותן האָט אָבגעשיקט דיין זוהן די תנאים, קאָן דאָס נאָך שאַדען רחל׳ען. דער מחותן וועט זיך אַוועק־שטעלען און וועט זאָגען: איך וויל זי ניט!

— אומזיסט דאגה׳סטו—האָט שרה געזאָגט—זי וויל ניט.

— ווער וויל ניט? זי, רחל?—האָט אפרים אַ געשריי געטהון—אַ יודישע טאָכטער, ווי האָט זי דאָס אַ העזה אַזוי צו רעדען? און דו, מאַמע, האָסט איר געשוויגען?

— איך האָב ניט געשוויגען. איך האָב מיט איר געטענה׳ט און גסטענה׳ט, און זי האַלט זיך ביי דאָס איהריגע: איך וויל ניט און איך וויל ניט.

— די פעולה האָט זי שוין געהאַט פון דיין זוהן—האָט אפרים געזאָגט—אַז ס׳איז נאָר דאָ אין שטוב איין בן סורר ומורה, מאַכט ער שוין קאַליע אַלע קינדער. אָט געה איך צו אים!

---

ב.

## קינדער וועגען עלטערען.

אין דער צייט וואָס אפרים און שרה, דער פאָטער און די מוטער, האָבען גערעדט וועגען זייערע קינדער, האָבען זיך שמעון און רחל, דער זוהן און די טאָכטער, געשמועסט וועגען זייערע עלטערען.

— אָט בין איך, רחל, אויף וואָס האָסטו מיך גערופען?—האָט גע־זאָגט שמעון, אַריינגייענדיג צו זיין שוועסטער אין צימער.

רחל איז האַלב געלעגען און האַלב געזעסען אויף איהר בעטיל, און איז געווען פאַרטיעפט אין אַ בוך. ניט אויפהייבענדיג איהרע אויגען צו שמעונ׳ען, האָט זי צו אים געזאָגט:

— כ׳האָב צו דיר אַ אינטערעס, שמעון.

— וואָס פאַר אַ אינטערעס? זאָג מיר, רחל!—האָט איהר שמעון געפרעגט, וואַרפענדיג פון דער זייט אַן אויג אויפ׳ן בוך, וועלכען זי האַלט אין האַנט, א׳ן צושמייכלענדיג דערביי—דעם בוך האָסטו דאָך פערענדיגט לייענען נאָך אייערנעכטען.

— „ער״ איז שוין ביי מיין פריינדין, דינה, ניט געוועזן פון עס־

ליכע טעג, און האָט מיר ניט געבראַכט, ווי זיין שטייגער, קיין נייעם בוך,—האָט רחל געענטפערט, ווערענדיג בלאַסליך אין געזיכט און מיט אַ נערוועאישען אָפּקלאַנג אין איהר קול.

— ער, דאַווידזאָן, איז ניט געווען, ווייל דו ביסט שוין ביי איהר פון אַ לאַנגע צייט ניט געוועזן. און וואָס דאַרף ער ביי איהר?—האָט זיך אָבגערופען שמעון מיט אַ שמייכעל.

— הער אויף, שמעון...—האָט רחל געזאָגט רויט ווערענדיג.

— ער ווייס, אַז דו ביסט שוין פון עטליכע טעג ניט געווען אין גאַס.

— ווער האָט דאָס אים געזאָגט?

— איך. ער האָט מיך געפרעגט, וואָס דו מאַכסט, און פאַרוואָס דו באַהאַלטסט זיך עפּיס אַזוי לאַנג? און צי דו ביסט, אפשר, קראַנק?

רחל׳ס געזיכט האָט געלויכטען הערענדיג שמעון׳ען אַזוי רעדענדיג. זי האָט אַוועקגעלעגט איהר האַנד אויף זיין אַקסעל, האָט איהם אַ ווײַלע בעטראַכט און געזאָגט:

— און דו געהסט נאָך צו איהם ווי פריהער? ס׳איז דאָך שוין געקומען אַהיים דער טאַטע, און איך גאַס איז אלול, ימים־נוראים, און אין די טעג איז ער דאָך אַזוי בייז, און וואַרפט אויף אונז אָן נאָך אַ גרעסערען פחד.

— איך בין שוין ניט קיין קליינער. מיין גייסט מיט מיין קערפּער געהערען איהם שוין מעהר ניט, און ער קען שוין אויף מיר אַזוי ניט געוועלטיגען לויט זיין פאַרלאַנג. דער זוהן מיט דעם פאָטער האָבען אַ גלייכע דעה און אַ פרייען ווילען צו טהון און צו האַנדלען נאָך זייער אייגענעם גייסט. אין דעם באַשטעהט די ענטוויקלונג פונ׳ם מענשען. ווען ניט, וואָלט דאָך גלייך געווען דער דור פון די קינדער צו דעם דור פון די עלטערען, אַ דור וואָלט אַוועק און אַ דור וואָלט געקומען, און דער מענשליכער גייסט וואָלט געבליבען שטעהן אויף איין מצב פון ימי־בראשית ביז אויף היינטיגן טאָג, פונקט ווי אַ בהמה.

— דאָס זענען, ברודער, ניט דיינע אייגענע געדאַנקען. אַזעלכע רייד, און נאָך ברייטער אַרויסגעזאָגט, האָב איך שוין געהערט פון דאַווידזאָנען.

— מיר האָבען ביידע געהערט; אָבער איך הער און טהו, און דו הערסט און טהוסט ניט.

— וואָס ווילסטו מיט דעם זאָגען?

— רחל! לאָמיך מיט דיר רעדען קלאָרע דבורים. דו ביסט דאָך מיין שוועסטער, און איך, דיין ברודער, וועלכער ליעבט דיך ווי זיך אליין, פיהל און ווייס, וואָס עס טהוט זיך אין די טיעפעניש פון דיין הארצען. אַז דו שעטצט דאַווידזאָנען און דיר איז אָנגענעהם צו אונטער־האַלטען זיך מיט אים,—דאָס ווייס איך שוין פון לאַנג, און פרעה מיך שטאַרק מיט דעם. איך ליעב דאָך אים אויך מיט׳ן גאַנצען האַרצען. אָבער פאַרוואָס זאָלסטו איהם אויך ניט פאָלגען, און בעזונדערס איצט, בעת מ׳האַלט דיר אין רעדען שדוכים! מ׳וויל דיך פער׳שדכ׳ענען, און אויף דיין פנים קען מען לייענען, אַז דו האָסט דערפון פאַרדרוס און גרויס ערגערניש, און פונדעסטוועגען האָסטו מורא אַוועקצושטעלען זיך געגען אונזערע עלטערען און זאָגען זיי: איך וויל ניט! וואָרום זיטצסטו פאַר־שפאַרט אין שטוב אַנ׳אומעטיגע, אַ קראַנקע און אַ פאַרוויסטע, שטום ווי אַ שעפס פאַר איהרע שערער, און דו עפענסט קיין מויל ניט?

— אַי, האָב איך געעפענט מיין מויל! כ׳האָב געעפענט און געזאָגט: איך וויל ניט! אָבער...

— האָסטו אויך דייטליך און קלאָר דערקלערט, פאַרוואָס דו ווילסט ניט? האָסטו דיך אַוועקגעשטעלט און אַרויסגעזאָגט מיטן פולען מויל מפורש׳ע ווערטער, אַז עלטערען האָבען ניט דאָס רעכט צו טהון מיט זייערע קינדער וואָס זיי ווילען, פאַרקויפען זיי און חתונה מאַכען זיי, ניט אָ־פרעגענדיג ביי זיי און פאַרפינסטערען אַזוי זייער לעבען לעולם ועד?

— און דו, שמעון, ביסט געוואָרן אַ חתן מיט דיין אייגענעם ווילען? ביי דיר האָט מען אַ סך געפרעגט?

— איך בין אַ חתן געוואָרן נאָך אין מיין קינדהייט. אַז איך בין נאָך געווען אַ קליינער און געלערענט ביי אַ דרדקי־מלמד, איז מען גע־קומען און מ׳האָט מיר געזאָגט: מזל־טוב, דו ביסט אַ חתן און דו האָסט אַ כלה! און איך געדענק, אַז אין יענעם טאָג האָט מיר מיין מלמד אָב־געשמיסען. אָבער זינט מיך האָט באַהערשט אַנ׳אַנדער גייסט און איך וויל מיך נעהמען פאַר בילדונג, האָב איך מיך באַשלאָסען צו צעשטערען דעם בונד, וויז׳ס די עלטערען האָבען געמאַכט מיט דער כלה. מיין מלמד ר׳ יונתן האָט מיר אָבער אַנ׳עצה געגעבען צו וואַרטען; אָט האָב איך מיך איינגעהאַלטען, און איצטער...

— וואָס איצטער?

— איצטער וועסטו זעהן, וואָס איך האָב געטהון. דאָס זאָל אָבער

ביי דיר פאַרבלייבען בסוד. אַ מסירה האָט מעי וועגען מיר אַוועקגעשיקט צו מיין מחותן, אַז איך בין אַראָפּ פון וועג. אַז כ'האָב גאָט אין האַרצען ניט און גלויב ניט אין קיין גוטע יודען, אַז כ'בין מבזה די יודישע הייליגקייטען און זייער גלויבען און לאַך אָפּ פון כפרות-שלאָגען. און נאָך און נאָך אַזעלכע זאַכען האָט מען אויף מיר געשריעבען, כדי איך זאָל איהם ווערען מיאוס און ער זאָל מיך ניט ווילען קענען. און דעם דאָזיגען בריעף האָב איך געשריעבען, איך, שמעון, אַליין.

— און אויב דער בריעף וועט גיט ווירקען ווי אַלע מסירות?

— דאַמאָלסט וועל איך זיך שטעלען און וועל זאָגען מיטן פולען מויל: איך וויל ניט די כלה, וועלכע איהר האָט מיר פאַרקנסט—איך בין אויף זיך אַ בעל-הבית! מיינער איז דער גוף און מיינע איז די נשמה, און איך קען טהון דאָס, וואָס מיר געפעהלט און וואָס מיר איז אָנגענעהם, און אויסקלייבען מיר די, וועלכע כ'האָב ליעב. אַזוי איז דאָס, מיין שוועסטער, צו וואָס זאָל איך פון דיר לייקענען? איך ליעב—רינה'ן!

— דאָס ווייס איך שוין לאַנג. דיין געזיכט און דיין מויל און דיינע שטענדיגע בעזוכען ביי איהר מוטער האָבען דיך פאַרמסר'ט, אַז דו ליעבסט. הלואי זאָל זיך אַלצדינג אויסלאָזען נאָך דיין פערלאַנג. וואָס וועט אָבער זיין, אַז מ'וועט דיר ניט הערען?

— אויב מ'וועט מיר ניט הערען, וועל איך דאַמאָלט ווייסען וואָס צו טהון.

— דו ביסט אַ מאַנסביל, און קענסט טהון אַלץ וואָס דיר געפעהלט. דו ווילסט זיך לערנען—קענסטו אַריינטרעטען אין דער שול, אָדער אין יענער. די גאַנצע וועלט איז פאַר דיר. און איך, אַ פרויענצימער, האָט פאַר זיך מעהר ניט ווי איהר פאָטערס הויז מיידעלווייז, אָדער דעם מאַנס הויז נאָך דער חתונה. וואָס בין איך? און וואָס קען איך טהון? אוי, ברודער, מיר איז זעהר ביטער!

רחל און שמעון זענען ביידע געבליבען זיטצען שטיל פאַרטיעפט אין זייערע געדאַנקען. דער-נאָך האָט זיך שמעון אָבגערופען.

— וואָס פאַר אַ אינטערעס האָסטו דאָס צו מיר?

— נעהם ביי מיר דאָס בוך און גיעב עס איבער דאַווידזאָנען, און בעט איהם אין מיין נאָמען, אַז ער זאָל דיר געבען אַן-אַנדער בוך.

— און מער גאָרנישט?—האָט שמעון געפרעגט מיט אַ שמייכעל, איינקוקענדיג זיך גוט אין דער שוועסטער.

— מעהר גאָרנישט! — האָט געענטפערט רחל, אַ שאָקעל־טהונדיג מיטן פינגער געגען שמעונ׳ען און ווערענדיג רויטליך איז געזיכט.

— און איך וועל עפּיס צולעגען צו דיינע ווערטער — האָט שמעון געזאָגט — און וועל איהם געבען אין דיין נאָמען דאָס, וואָס דו האָסט פאַרגעסען, איך וועל איהם געבען אַ... דאַנק.

— געה, דו צולאָזענער יונגעל! — האָט זיך רחל אָבגערופען אויך מיט אַ שמייכעל.

— איך וועל געהען, אָבער ניט צו איהם; צו איהם וועל איך איצטער ניט געהען. איך געה אַריין צוריק צו מיר אין צימער אויסרוהען זיך אַביסעל.

אין עטליכע מינוט אַרום האָט זיך דערהערט פון שמעונ׳ס חדר אַ הויכער שמועס צווישען איהם מיטן פאָטער. פון קיך האָט זיך אויך דערטראָגען אַ גרויס געפילדער. שרה האָט זיך שטאַרק געבייזערט אויף איהרע שטוב־מענשען, די דיענסטען זיינען אומגעלאָפען ווי צומישטע, און אין מיטען האָבען זיך פונאַנדערגעשריען העהנער און אינדיקעס, אַז עס האָט זיך געשפּאָלטען אַזש דער הימעל.

---

ג.

# די בילדונגס־פאַרשפּרייטער.

אויף אַ קליינער שאַלקע איז זיך געזעסען איינזאַם ביי נאַכט אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר פינף־און־צוואַנציג, און האָט געלייענט אַ בוך פאַר אַ חלב׳נער ליכט, וואָס איז ביי איהם געשטאַנען אויפ׳ן טיש. מי־נוטענווייז האָט ער אַרויסגענומען די אויגען פון בוך, האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויףביידע הענט און זיך פערטיעפט אין געדאַנקען. אין שטאָדט איז געווען שטיל און פינסטער. ווען ניט ווען האָט זיך געהערט דאָס גערויש פון ווינד, וועלכער האָט צעשפּרייט די וואָלקענס נאָך אַ גאַנצען־טאָגעדיגען רעגען; אויפ׳ן הימעל האָבען זיך בעוויזען שטערען. פּלוצים האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין טהיר. דער יונגערמאַן האָט איהר גלייך געעפענט, און עמיצער איז אַריינגעגאַנגען.

— אהאַ, ר׳ יונתן! — האָט אויסגערופען דער יונגערמאַן מיט פרייד — ברוך הבא!

— אַ גוטער יום־טוב אייך, — האָט געזאָגט דער דאַווידזאָהן! — האָט געזאָגט דער מאַן, אַראָבציעהענדיג פון זיך זיין מאַנטעל.

— איהר, מיין ליעבער ר׳ יונתן, זענט ביי מיר תמיד אַ טהייערער גאַסט, און היינטיגען אָווענד נאָך מעהר ווי אַלע מאָל.

— מיט וואָס איז דאָס עפּיס היינטיגע נאַכט אַנדערש פון אַלע נעכט?

— היינטיגע נאַכט, די נאַכט פון הושענא רבה, ערוועקט אין מיר הייליגע געפיהלען און די טהייערסטע עראינערונגען פון מיין יוגענד. היינטיגע נאַכט זיצט גאָט אויף זיין הייליגען שטוהל און מלאכים שטעהען אַרום איהם אין גרויס מורא און פחד בשעת ער פסק׳נט אָב דעם משפט פון יעטווידער מענשען. אויף מאָרגען אין דער פריה ווערט שוין איטלי־כען אונטערגעחתמ׳עט זיין צעטיל. יודען זיטצען היינט וואַך אַ גאַנצע נאַכט, און מאַכען ניט צו מיט אַנ׳אויג. פיעל פון זיי געפינען זיך אין די קלויזען און בתי־מדרשים, זאָגען מיט אַ ניגון „משנה־תורה״, און חאַ־פּען בשעת מעשה אַ פּער־גנב׳עטען בליק אויפ׳ן וואַנד, אום צו זעהען, אויב זייער קאָפּ איז דאָ אין שאָטען — אַ סימן, אַז זיי וועלען לעבען —, אָדער דער קאָפּ איז אָהן אַ שאָטען, אַ צייכען, אַז היי־יאָהר וועלען זיי שטאַרבען. פיעל זיטצען אין די סוכות, אַנדערע זאָגען תהילים, און אַנדערע — פלעכטען אויס הושענות. די פרייד פון די קינדער איז גאָר אין לשער. זיי ערצעהלען איינער דעם אַנדערען וואָס זיי האָבען אויפ־געטהון פאַר׳ן טאָג און וויפיעל ניס זיי האָבען געוואונען, און צעגיסען זיך דערביי אין פרעהליכע געלעכטערס. אויך די ווייבער האָבען היינטיגע נאַכט פיעל אַרבייט: זיי פאַרקנעטען טייג און האַקען פלייש און פיהלען אָן דערמיט קרעפּלאַך, — אַ מאכל, וועלכען אַ יוד עסט דריי מאָל יעהר־ליך, און פיהלט אין זיי טעם גן־עדן. ווי גוט זענען דיינע קרעפּלאַך, דו יוד!...

— יאָ, די קרעפּלאַך זענען גוט, אָבער נאָר מיט דער תורה, וואָס ווערט היינטיגע נאַכט געלייענט אין דעם יודענס הויז. אָבער איצ־טער אין אונזערע יאָהרען, ווען די קינדער זיטצען אָהן תורה, און קרעפּלאַך הייסט מען אונז עסען, וואָס פאַר אַ צורה קענען ביי אונז האָבען די קרעפּלאַך?

— גיעב אָב כבוד דער קרעפּיל! — האָט אויסגערופען דאַווידזאָהן מיט גרויס בעגייסטערונג — ווייל זי איז איינע פון די פּראַקטישע מצוות אַך פון די יודישע מנהגים, אין וועלכע עס איז דאָ אי תורה אי

עראינערונגען וועגן די לעבענס-געשעהענישען פון פאָלק, וועגען זיין פראַכט און זיין שטאָלץ. און ווען מיר זאָלען זיי ניט האָבען, וואָלטען פיעל זאַכען פון דער יודישער היסטאָריע שוין לאַנג פון אונז פאַרגעסען געוואָרען. אַ גרויסער יום-טוב, למשל, ווי יציאת מצרים,—פיעל יאָהר זענען מיר געווען קנעכט צו פרעה׳ן אין מצרים, און מיר זענען פון דער קנעכטשאַפט אַרויס צו פרייהייט,—ער הייסט „חג המצות!” „זיעבען טעג זאָלסטו עסן מצות, האָט די תורה געזאָגט, כדי דו זאָלסט געדענקען דעם טאָג פון דיין אַרויסגאַנג פון מצרים אויף דיין גאַנצען לעבען”. די טעג פון פורים הייסען טעג פון עסען און טרינקען, און ווען ניט די המן-טאַשען און די האָניג-קיכלאַך, וואָס מיר עסען אום פורים, וואָלטען אָט די טעג פונ׳ם פאָלק שוין לאַנג פאַרגעסען געוואָרען, און די מגלה וואָלט דאָ גאָרנישט געהאָלפען. „די דאָזיגע טעג ווערען געטהון— שטעהט דאָרט, און דעראיבער—וועלען זיי ניט פערבייגעהען פון די יודען, און זייער אָנדענקען וועט ניט אויפהערען ביי זייערע קינדער”.

— איז ווערליג איהר זאָגט, וועט זיין דער פשט פון פסוק: „אום עס זאָל זיין די תורה פון גאָט אין דיין מויל”, טאַקי, ממש, די אכילה— האָט יונתן געזאָגט, און אַ פריינדליכער שמייכעל האָט בעשטראַהלט זיין שענעם פנים.

— זאָגט זיך, מיין פריינד, וואָס איהר וועט זאָגען, איך האַלט מיך ביי דאָס מייניגע, און וואָס איך האָב געזאָגט איז ריכטיג. אַ יודישער מנהג איז דאָס רוב אַ תורה, נאַציאָנאַל און זעהר שען.

— און אויך דער מנהג פון עסען אום חנוכה לאַטקעס און שפיעלען אין קאָרטען?—האָט איהם יונתן געפרעגט מיט אַ געלעכטער.

— אויך די לאַטקעס און די קאָרטען. ווען ניט זיי, וואָלטען פיעל ביי אונז ניט געוואוסט, וואָס איז דאָס אַזוינס חנוכה, און נאָר צוליב ז י י ע ר זכות דערמאָהנען מיר אונז אָן די חשמונאים. אַ יוד, ער מאָג זיך אפילו האָבען געזינדיגט און אָבגעזאָגט זיך פון כלל, בלייבען איהם דאָך אָנגענעהם פיעל יודישע מנהגים און יודישע שפייז. זיי ערוועקען אין איהם פיעל ערהויבענע געפיהלען און געדאַנקען, זיי לעבען אין איהם אָב די געשיכטע פון זיין פאָלק, און ער זעהט אין זיי דעם מקור פון זיינע אייגענע האָפענונגען. און באמת ווייזט מיר אויף טשיקאַוועס נאָך אַזעלכע פּוסטע און עביג שטעהענדע דענקמעלער פון זיי. די פּיראַ-מידען פון מצרים וועלען אונטערגעהען און בערג וועלן אַיינפאַלען—און די מצה און די קרעפּיל און די המן-טאַשען מיט די חנוכה-לאַטקעס, וואָס

זענען געמאַכט פון ש״ס, חעלען בּ׳לייבען ש״ס־ן און וועלען זיך ניט אויס־געהמען פון אונזערע מיילער און פון די מיילער פון אונזערע קינדער און קינדס־קינדער ביז עביג! היינטיגע נאַכט איז ביי מיר אַ וואַכ־נאַכט פון דער יוגענד אָן. איך זיטץ מיר אַ גאַנצע נאַכט, איך שטעל מיר פאָר אַמאָליגע צייטען, מיין געבורטס־שטעדטיל און מיין פאָטערס־הויז; איך לייען מיר איבער קהלת און מדרש־אגדה, און האָב פון דעם פיעל פער־געניגען. און ווי אָנגענעהם איז מיר צו זיטצען היינטיגע נאַכט און צו שמועסן מיט אַזאַ טהייערען פריינד ווי איהר.

דאַווידזאָהן איז געווען פון די ערשטע, וואָס זיינען אָנגעקומען אין ראַבינער־שול ווי ער האָט זיך נאָר געעפענט. אַלע זענען זיי געווען פון די אָרעמע פאָלקס־שיכטען, ישיבה־בחורים, קינדער פון געדריקטע על־טערען, וועלכע האָבען אַריינגעקוקט אין די השכלה־ביכלאַך, און זענען נתחמץ געוואָרן. פון די רייכע און חשוב׳ע בעלי־בתים איז דאָרט איינער ניט געווען. אויף די יאָרען פון די תלמידים האָט מען דאָן ניט מקפיד גע־ווען. אַני־עלטערער איז געזעסען אויף איין בענקיל מיט אַ יונגערען, אַלטע און יונגוואַרג אין איין קלאַס. עס זענען דאָרט געווען אויך בעווייבטע און טאַטעס פון קינדער, בחורים, חתנים און יונגע לייט, וואָס האָבען געוואָרפען זייערע ווייבער, און זענען אַנטלאָפען פון דער היים.

דאַווידזאָהנס עלטערען זענען געווען חשוב׳ע בעלי־בתים אין [illegible] פון די ליטווישע שטעדטליך. מיט דער צייט זענען זיי אַראָב פון מצב און געוואָרען אָרעמע לייט. אַ שלעכטע און אַ קורצע קינדהייט האָט ער געהאַט. ער האָט ניט געקאָנט זעהען די ליידען פון זיין היים געליבטען פאָטער, וועלכער האָט שוין ניט פאַרמאָגט צו געבען זיין טהייערען זוהן זיינע בעדערפענישען און צערטלען איהם אַזוי ווי קליינערהייד. זיין קינדהייט איז פאַרבייגעלאָפען ווי אַ שאָטען, אָהן ליכטיגע טעג און פרעהליכע מינוטען. דערפאַר האָט ער פריה דערקענט דאָס לעבען פון דער פראַקטיק. זיינע צרות האָבען איהם אויסגעלערנט פונאַנדערצוקלייבען זיך אין דער ווירקליכקייט, צו אורטהיילען וועגען יעדער זאַך מיט פער־שטאַנד, און אַזוי איז דער שכל געוואָרען זיין וועג־ווייזער. פון דער אַנדער זייט האָבען אָבער זיינע שווערע איבערלעבענישען אין איהם ניט אָבגע־טויט זיין פיהלענדיגע האַרץ, זיין נאַטירליכען טעמפעראַמענט, זיין בע־גייסטערונג פאַר פאָעזיע. די דאָזיגע בעגייסטערונג האָט אין איהם ער־וועקט אַ ליעבע צו דער פערגאַנגענהייט, און צו אַלץ, וואָס עס שטאַמט פונ׳ם יודישען קוואַל. בחורווייז האָט דוד געלערנט אין ישיבת [illegible]

האָט געשמט פאַר אַן עילוי. אַכטצעהן יאָהר אַלט איז ער אַריין אין ראַבינער-שול, וואו ער האָט שטודירט וועלט-קענטעניש צוזאַמען מיט יודישע ידיעות. די ראַבינער-שול האָט ער געענדיגט אַלס איינער פון די בעסטע תלמידים, און האָט באַקומען אַ לעהרער-שטעלע אין כפלונעווקער קרוינ-שער יודישער יונגעל-שול. פון אָנפאַנג האָט זיך דאַווידזאָהן געפרעהט מיט זיין שטעלע, ווייל ער האָט זיך מיט דער יודישער בילדונג זעהר אינ-טערעסירט, און האָט גערעכענט, ווי אַלע משכילים פון זיין דור, אַז כדי צו פערבעסערען זייער לאַגע איז קיין אַנדער מיטעל ווי בילדונג ניטאָ. ער האָט זיך פאָרגענומען אויסצובילדען ניט בלויז די תלמידים פון זיין שול אַליין, נאָר אַלע כפלונעווקער יונגע לייט. דאַווידזאָהן האָט אַוועק-געלאָזען די אַלטע; ער האָט פערשטאַנען, אַז ניט שטענדיג וועט זיך איהם איינגעבען אָבצולעבען די דאָזיגע פאַרטריקענטע ביינער, און אַז זיין מיה צו בילדען זיי וועט זיין אַרויסגעוואָרפען, און וועט נאָר אויפ-וועקען אין שטאָדט אַ רעש און אַ געפילדער. דער עיקר איז ביי איהם געווען צו פאַרשפרייטען וויסען נאָר צווישען דער יוגענד, וועלכע וועט מיט דער צייט פערבייטען דעם אַלטען דור, און דאַמאָלסט וועלען זיי, די יונגע, איינאָרדנען דאָס לעבען אויף גאַנץ נייע יסודות. אַזוי איז מיט דער צייט געוואָרען זיין וואוינונג אַ זאַמעל-פונקט פאַר יונגע לייט, וועלכע זיינען געקומען צו איהם שטילען זייער דאָרשט צו בילדונג. ער האָט מיט זיי געלערנט תנ"ך און געלייענט פאַרשיידענע נוטצליכע ספרים.
יונתן איז אַ ליטוואַק פון אַ יאָהר פינף-און-דרייסיג, אַ גרויסער תלמודיסט, אַ קענער אין תנ"ך, אַ קלוגער און אַ געלאַסענער פון דער נאַטור. אין זיין הילוך און זיינע קליידער אונטערשיידט ער זיך ניט פון אַלע פרומע יודען; ער אונטערשיידט זיך אָבער פון זיי מיט זיין גייסט און מיט זיינע געדאַנקען. ער שטרעבט דערצו, אַז די רעליגיע זאָל אויסגעלייטערט ווערען אין דעם שמעלץ-טיגעל פון דער וויסענשאַפט, אַז זי זאָל אָבגע-רייניגט ווערען פון די אַלע צו איהר אָנגעטשעפעטע נאַרישקייטען און דומהייטען. צוליעב דעם פלעגט ער זיך אָפט ווענדען צו משכילים מיט פאַרשיידענע פראַגען און פלעגט מיט זיי דיספוטירען וועגען פיעל זאַכען, וואָס קומען ביי איהם ניט אויס ריכטיג, כדי צו הערען, וואָס זיי וועלען איהם אויף דעם ענטפערען, און תמיד האָט ער זיך געפרעהט, ווען זיי האָבען איהם מנצח געווען. מיט די פרומע האָט ער זיך אַזוי ניט געפיהרט. מיט זיי האָט ער ניט דיספוטירט, זיי האָט ער קיין זאַך ניט פאָרגע-האַלטען און האָט זיך מיט זיי ניט דורכגעטענה'ט, ווייל ער האָט געוואוסט,

אַז זיי  וועלען איהם ניט הערען, און אַז ער וועט זיך נאַר  שאַדען און מאַכען צום נאַרען.

בעת אין ליטע האָט אויסגעבראָכען דער הונגער, און פיעל מענשען האָבען פון דאָרטען אויסגעוואַנדערט  און זענען געפאָהרען זוכען פרנסה אין וואָהלין, האָט יונתן אויך פאַרלאָזען  זיין געבורטס־שטאָט  און איז נעקומען קיין כסלוגעווקע. ער איז דאָרט  געוואָרען אַ מלמד, ווי אַלע דאַמאָלסט אָנגעפאָהרענע ליטוואַקעס. די וואָהלינער האָבען פיינד געהאַט די ליטוואַקעס ווי דעם טויט, און האָבען, ממש, געברענט זייערע טריט, און פונדעסטוועגען האָבען זיי געוואוסט צו שעטצען די ליטווישע מלמדים פאַר זייער תורה, און פלעגען צוליעב זיי מדחה זיין די אָרטיגע עם־הארצי׳שע מלמדים. יונתן איז געווען מפורסם אין גאַנץ שטאָדט אַלס פאַר־שטענדיגער מאַן און בעריהמטער „למדן״, און מ׳האָט איהם גערופען יונתן דער ליטוואַק, אָדער ליטוואַק סתם. ער איז ניט געווען קיין דרדקי־מלמד, און האָט ניט געהאַלטען קיין חדר פון קליינע קינדער. זיינע תלמידים זענען געווען שוין היבשע, מעהר צי ווייניג זעלבסטשטענדיגע בחורים און יונגע לייטלאַך אויף קעסט, וואָס האָבען ביי איהם געלערנט עטליכע שעה אין טאָג. קוואַרטיר און קעסט האָט ער זיך אָנגעדונגען ביי יוכבד די אלמנה, אַ חשוב׳ע פרוי, וועלכע איז אַמאָל געווען גאַנץ רייך און האָט זעהר ברייט געלעבט, און איצטער לעבט זי מיט איהר טאָכטער דינה׳ן ניט בהרחבה׳דיג. דינה איז אַ שענע און אַ קלוגע מיידעל; אַלע, וואָס קענען איהר, ריהמען איהר זעהר און זאָגען, אַז זי איז גע־ראָטען אין דער מוטער. דאַווידזאָהן, וועלכער האָט די ערשטע צייט נאָך זיין קומען קיין כסלונעווקע אויך געוואוינט ביי יוכבד׳ן, האָט זיך דאָרט בעקאָנט מיט יונתן, וועלכער האָט ביי איהם שטאַרק אויסגענומען מיט זיין קלוגשפאַט און אָרענטליכקייט, און זענען געוואָרען גוטע פריינד. יונתן פון זיין זייט האָט זיך אויך אָנגעקלעבט אָן דאַווידזאָהנען און האָט איהם זעהר ליעב בעקומען.

די דאָזיגע צוויי פריינד, איינער אַני׳אָפענער משכיל און דער צווייטער אַ פערבאָרגענער, זענען געווען די שלוחים פון דער השכלה אין כסלונעווקע, און יעדערער אויף זיין שטייגער האָט זיך געטהון זיין אַרבייט טריי. יונתן האָט פערשפרייט צווישען דער יוגענד די ידיעה פון תנ״ך, און דאַווידזאָהן האָט איר מחנך געווען.

אַז אפרים האָט דערהערט וועגען יונתנע׳ן, אַז ער איז דער בעסטער אפילו צווישען די ליטווישע מלמדים, האָט ער איהם אייגעלאַדען צו

לערנען מיט זיין שמעונ׳ען באַזונדערס די למודים, וועלכע זענען נויטהיג צו וויסען אַ חתן, וואָס האַלט ביי חתונה, ווי לייענען די הפטרה מיטן ריכטיגען ניגון און מיט דקדוק, אין וואָס די ליטוואַקעס זענען אַזעלכע מומחים, כדי דער עולם אין שול זאָל דאָס הערען און זאָל זיך וואונדערען אויף זיין זוהנס קענטעניש, און דערווייליע וועט ער, זיין פאָטער, אויך האָבען כבוד. שוין צוויי יאָהר ווי יונתן לערנט מיט שמעונ׳ען ניט בלויז קיין הפטרה, נאָר אויך תנ״ך בכלל, און צווישען די למודים, וועלכע זענען נויטהיג פאַר אַ חתן, מאַכט ער איהם בעקאַנט אויך מיט אַנדערע נוטצליכע ידיעות. און אפרים צאָהלט איהם שכר־למוד ווי דער גרעסטער גביר מיט דער פולער האַנד, לאַדט איהם איין צו זייז טיש אַלע שבתים און יום־טובים און בעריהמט זיך מיט איהם, און שמעון מאַכט גרויסע פאָרטשריט.

— שוין אַ חדש, אַז איך האָב אייך ניט געזעהען, מיין פריינד— האָט דאַווידזאָהן געזאָגט צו יונתנ׳ען נאָך אַ קורצען שטילשווייגען—מיין האַרץ זאָגט מיר, אַז די טעג האָבען געגעבען אַ סך נייעס. ערצעהלט זשע מיר.

— אוי נייעס, אוי נייעס!

— פאַרוואָס זיפצט איהר דאָס אַזוי, ר׳ יונתן?—האָט איהם דאַווידזאָהן געפרעגט אַ צעשראָקענער.

— אַוועק איז דער שלום פון אפרים׳ס שטוב. זיי האָבען דאָרט אַ פערשטערטען יום־טוב.

— וואָס אַזוינס איז געשעהען?

— דאָס וואָס ס׳האָט געדאַרפט געשעהען און וואָס ס׳וועט געשעהען—האָט געענטפערט יונתן—כל זמן מ׳וועט ביי אונז ניט קענען פעראייניגען דעם גייסט פון וויסען מיט יראת־שמים און מ׳וועט געהען גענען דאָס לעבען, און עלטערען מיט קינדער וועלען איינע מיט די אַנדערע שטרייטען. אין אפרים׳ס שטוב איז אַ גאַנצע איבערקערעניש. שמעון זיין זוהן, וועלכער איז געגען דעם סדר־העולם געוואָרען אַ חתן נאָך קינדווייז, איז שוין איצטער, בחורווייז, מעהר קיין חתן ניט, און איז צוריק געוואָרען אַנ׳אומפערקנס׳טער מיט מזל. ער איז מיאוס געוואָרען דעם מחותן, ניט דער כלה, נאָר דעם מחותן, און ער האָט איהם אָבגעזאָגט; אַ פסול האָט ער אין איהם געפונען: ער גאַרט נאָך בילדונג און איז נתחמץ געוואָרען. אפרים איז אין כעס; אין כעס איז ער אויף זיין מחותן, וואָס האָט איהם אָנגעטהון אַזאַ גרויסע שאַנדע, און אויך אויף

שמעונ׳ען, פאַרוואָס ער איז געוואָרען צולאָזען און אַראָב פון דרך הישר. שרה שרייט, שילט און וויינט. און רחל...

— וואָס איז מיט רחל׳ען? וואָס איז מיט איהר? — האָט אַ פרעג געטהון דאַווידזאָהן מיט שרעק, און איז בלייך געוואָרען.

— מיט רחל׳ען איז גאָרנישט; האָב קיין מורא ניט — האָט איהם געענטפערט יונתן, אַריינקוקענדיג זיך טיעף אין זיין פריינד —; רחל איז געזונד, אָבער אומעטיג. דער פאָטער ווייזט איהר ניט אַרויס קיין גוטע מינע, און די מוטער שאָקעלט אויף איהר מיטן קאָפּ. ס׳איז אויף איהר נגזר געוואָרען, אַז זי זאָל אויפהערען צו געהען צו יוכבד׳ן, און זאָל שוין איהר פריינדין דינה מעהר ניט בעזוכען.

— איצטער ווייס איך!... — האָט זיך אָבגערופען דאַווידזאָהן מיט אַ שטראַהלענדיגען פנים — צוליעב מיר איז אויף איהר אַרויס די גזרה. מ׳האָט זיך דערוואוסט, אַז איך מיט רחל׳ען קומען זיך אָפט צונויף ביי יוכבד׳ן און ראָמאַנסירען. און אויב זיי האָבען דאָס דערגאַנגען און זע־נען בייז, איז דאָ אַ האָפענונג, אַז זיי וועלען בעסער ווערען.

— איהר האָט אַ טעות, מיין טהייערער, ניט צוליעב אייך, נאָר צוליעב שמעונ׳ען איז אַרויס די גזרה. שמעון האָט זיך אַוועקגעשטעלט און געזאָגט: איך ליעב דינה׳ן! אפרים׳ען מיט שרה׳ן האָט דאָס שטאַרק פערדראָסען, וואָרום ווי קומט דינה צו ווערען אפרים׳ס אַ שנור, וויבאַלד אַז זי איז אַן׳אָרעמע יתומה. חוץ דעם איז דאָ עפּיס פאַרהאַן אַן׳אַלטער פאַמיליען־ברוגז. ביי אפרים׳ען אין שטוב איז מען איצטער צאָרע־דיג און אומעטיג און צעטראָגען, און איך האָב דערפון קנאַפּ נחת. יאָ, מחשבות׳ן! גוט וואָס איך האָב מיך דערמאָהנט! — האָט יונתן אַ זאָג גע־טהון — מ׳האָט מיך געשיקט בעטען דיר, אַז דו זאָלסט קומען צו יוכבד׳ן שמחת־תורה; דאָרט וועלען זיין געסט, און רחל אויך.

— אין וועמעס נאָמען לאַדסטו מיך איין?

— אין דינה׳ס נאָמען און אינ׳ם נאָמען פון... פון... — האָט יונתן געענטפערט פריהער שטאַמלענדיג, און דערנאָך מיט מעהר דרייסט — יאָ, זאָל זיין אַזוי, אויך פון איהר נאָמען... דו פערשטעהסט?

— איך פערשטעה, איך פערשטעה — האָט זיך דאַווידזאָהן אָבגע־רופען מיט גרויס פרייד — איך הער, און וועל דאָס טהון. אָבער ווי וועט זי קומען נאָכדעם, ווי עס איז אויף איהר אַרויס די גזרה?...

— די גזרה איז אויף איהר צו שווער, און זי וועט איהר ניט קע־נען אויסהאַלטען.

— דאָס איז ביי מיר אַ סימן, אַז זי האָט מיך שטאַרק ליעב, און איך בין זיכער...—האָט דאַוויד־זאָהן געזאָגט נאָך פרעהליכער—וואָס פייניגט איהר מיך, מיין פריינד, מיט אייער שווייגען? רעדט!

— און ווען איך וועל שוין זאָגען, אַז אַזוי ווי דו זאָגסט, אַזוי איז דאָס באמת, וועלען אייך דען מיינע רייד עפּיס העלפען?—האָט איהם יונתן געענטפערט אין אַ ביטערען טאָן—צי ווייסט איהר דען ניט, אַז דער ווילען פון אַ טאָכטער האָט ביי יודען קיין שום ווערטה ניט? אַז איהר ליעבע און איהר שנאה זענען גאָרנישט? און די ליעבעס־געפיהלען זענען בכלל אַ גרויסער פערברעכען. ווי שעפּסען צום קוילענען אַזוי ווערען ביי אונז געפיהרט די בליהענדע מיידלאַך אונטער דער חופה מיט בחורים גאָרנישטען און אומוויסענדע, גאָר ניט אָנפרעגענדיג זיך אַפילו ביי זיי. פרעגט אויף טשיקאַוועס אַ יודען: וואָס איז ליעבע? וועט ער אייך זאָגען: אַז ס'איז אַ מצוה האָלט צו האָבען גאָט, און האָלט צו האָבען דעם אַנדערען ווי זיך אַליין, ווי אין פּסוק שטעהט, אָבער אַז אַ בחור זאָל ליעב האָבען אַ מיידעל, און אַ מיידעל—אַ בחור, דאָס ווייסט ער ניט. אַזאַ ליעבע בעטראַכטען זיי פאַר אַ חרפה און אַ שאַנד, און געהט רעדט וועגען איהר, וועלען אייך לייט אויסלאַכען. צי איהר ווייסט ניט, אַז רחל'ס פאָטער איז איינער פון די, וואָס בעגעהען זיך מיט זייערע קינדער לויט זייער פערלאַנג און פערקויפען זיי פאַר געלד און פאַר יחוס? און איהר האָט דאָך ניט קיין געלד און ניט קיין יחוס, און אויסער דעם איז נאָך אייער בילדונג אויך פערהאַסט ביי אַזאַ מענשען ווי אפרים, און איז ביי איהם אַ חסרון. טאָ אין וואָס איז אייער קראַפט און אויף וואָס האָפט איהר דאָס, אַז ער זאָל זיך וועלען מיט אייך מתחתן זיין?

— איהר רעדט אפילו גאַנץ ריכטיג, מיין פריינד—האָט דאַוויד־זאָהן געזאָגט—אָבער וואָס די צייט מאַכט, דאָס מאַכט ניט דער שכל, און די צייט ענדערט זיך דאָך, און ווערט פאַר אונז אַלץ בעסער און בעסער. די פעהלערען פון דעם אַלטען דור וועט פערריכטען דער היינטיגער, נייער דור.

— אמן!—האָט געענטפערט יונתן, אויפהויבענדיג זיך פון אָרט,—איך האָב מיין שליחות ערפילט. זייט געזונד!

—געהט געזונד!—האָט דוד געזאָגט באַגלייטענדיג יונתן'ן צום טיהר—; שמחת־תורה וועל איך קומען צו יוכבד'ן און דאָרט וועלען מיר רעדען.

— און איהר געדענקט און פערגעסט ניט, אַז נאָר אין דינה׳ס נאָמען האָב איך אַייך אַיינגעלאַדען,—אַזוי האָט געזאָגט יונתן און איז אַרויס פון שטוב.

---

ד.

## יונגע משכילימ׳לאַך.

הושענא רבה איז געווען זעהר אַ שענער טאָג. די זון האָט געשיינט אין איהר פולסטען גלאַנץ, האָט אויסגעגאָסען איהר ליכט איבער דער שטאָדט און בעגולט מיט איהרע שטראַהלען די קופּאָלען פון די קלויסטערס. מ׳זעהט פיעל יודען אין די גאַסען: די געהען ,זיך טובל׳ען אין מקוה, און יענע געהען שוין פון מקוה און זייערע פאות רינען, אַנדערע געהען יום־טובדיג פּאַרפּוצט אין שול אַריין, טראָגענדיג אין האַנד דעם שענעם אתרוג מיטן גרינעם לולב; זיי פּאָראויס געהען קליינע יונגלאַך מיט הושענות, און אַלע לויפען און אַיילען זיך. אַ יודענע, בעוואָפּענט מיט אַלע מכשירין, לויפט אַליין אין גרויס אַיילעניש אַהין. איהרע אויגען זיינען שוין פייכט באַלד ווי זי גייט אַרויס פון שטוב, און ווי זי טרעט אַרויף אויפ׳ן שוועל פון שול, עפענען זיך תיכף אויף די קוואַלען פון איהרע אויגען, און זי וויינט זיך פונאַנדער פאַר גאָט, דער האַר פון גנאָד און פון רחמים, וועלכער פערנעהמט די בכיות און די זיפצן פון די צעבראָכענע הערצער און ענטפערט די יודישע טעכטער, וואָס רופען צו איהם.

די פרוי, וואָס געהט דאָרט, האָט אַ גאַנצע נאַכט מיט אַן אויג ניט צוגעטהון פון פיעל אַרבייט. פריהער פאַר אַלץ איז זי צוגעגאַנגען צום שטייג, האָט אַרויסגענומען פון דאָרט אַ פאָר העהנער און אַוועקגעשיקט זיי דורך אַ מענשען צום שוחט. דערוויילע וואָס וועו איז זי אַריין אין קיך און האָט איינגעהייצט דעם אויווען, און איז אַרויסגעגאַנגען. מ׳האָט איהר געבראַכט די העהנער, האָט זי זיך תיכף אַוועקגעזעטצט און האָט זיי אָבגעפּליקט, כשר געמאַכט און אויסגעזאַלצען, און איז ווידער אַרויסגעגאַנגען. נאָכדעם איז זי אַ צווייטען מאָל אַריינגעשפּרונגען אין קיך מיט אַ פאַן אין איין האַנד און מיט אַ סקאָווראָדע אין דער צווייטער האַנד, האָט פאַרקנאָטען טייג און האָט געמאַכט קרעפּלאַך. די קינדער האָבען דערשמעקט דעם ריח פון די שפּייז, וועלכער האָט אַרויסגעשפּארט פון

אויוועז, האָבען זיי זיך פונאַנדערגעשריען, אַז זיי זענען הונגעריג. גיך האָט זי געכאַפּט און איינגעשטילט זייער הונגער; איז צוגעגאַנגען צו אַ וויינענ־דיגען קליין קינד אין וויגעלע און האָט אים אָנגעזויגען. דערנאָך האָט זי די קליינע קינדער געלעגט אויף זייערע ערטער און האָט זיי פער־שלעפערט. האָט אָנגעגרייט אויף מאָרגען ליילאַכער און ווייסע ציכלאַך אויף די בעטגעוואַנט, אַ העמד און גאַטקעס פאַרן מאַן, העמדער און קליידעלאַך פאַר די קינדער, און פאַר זיך אַליין אַ נייעם טשעפּיק. איז ווידער אַריינגעלאָפען אין קיך און האָט אָבגעקאָכט דעם מאָרגעדיגען מיטאָג כסדר: פיש, יויך מיט פלייש און צימעס. ווי עס איז נאָר טאָג געוואָרען האָט זי זיך באַלד איינגעוואַשען, האָט זיך אָנגעטהון, האָט גענומען אין האַנד דעם קרבן־מנחה מיט דער תחינה מיט אַ סך הושענות פאַר זיך און פאַר איהרע מיידלאַך און פאַר דעם זויג־קינד און איז אַוועקגעלאָפען אין שול אַריין מיט פייכטע אויגען. דאָרט וועט זי זיך גוט אויסוויינען און ווידער צוריקקעהרען; צו איהר ארבייט: קאָכען און באַקען, אָנזויגען דאָס קינד, זיין אַ מוטער צו די קינדער, אויסהאַלטען זיי מיט גרויס ליעב־שאַפט, און ממלא זיין אויך דעם רצון פון איר מאַן!...

אין דעם הושענא־רבה־טאָג איז דאַווידזאָהן געווען באַזונדערס אויפגעלעגט און מונטער. אַ גאַנצער שטראָם מיט פרייד און מיט לעבענס־לוסט האָט זיך אין איהם אַריינגעגאָסען. ער האָט ניט געקענט איינזיטצען אין שטוב, און איז אַרויס אויפ׳ן גאַס. ער האָט זיך זעהר געפרעהט, וואָס ער איז איינגעלאַדען צו דינה׳ן, וואו ער וועט זיך זעהען מיט רחל׳ען. ער איז ביי זיך געווען גאַנץ זיכער, אַז דאָס, וואָס ער איז פאַרבעטען צו דינה׳ן, וואַקסט דאָס אַלץ פון איהר, פון רחל׳ען. צוליעב איהם גע־האָרכט זי ניט דעם פאָטער. זי האָט דאָס באַזאָרגט דעם אָוענד און האָט איינגעלאַדען די געסט, און אַלץ נאָר צוליעב איהם! דערצו נאָך די הייליגקייט און די רוהיגקייט פון הושענא־רבה מיט׳ן גוטען מיטאָג, און אַזאַ שענער טאָג, ממש אַ פריהלינגס־טאָג, אַ זוניגער און אַ וואַרימער.

דאַווידזאָהן איז אַרויס אונטערען שטאָדט, האָט אַרומגעשפּאַצירט איבער די פעלדער, אַרויף אויף די נאָך בעגרינטע בערגלאַך און אַראָב־געלאָזען זיך פון דאָרטען אין די טהאָלען. איהם האָט אויסגעוויזען, אַז די גאַנצע נאַטור פרעהט זיך היינט מיט זיין פרייד. עס לאַכט מיט איהם דאָס פעלד, די פייגעלאַך זינגען איהם אַ ליעד פון ליעבע, אַ שמעטער־לינג קומט שפרינגענדיג אַרויס פון גראָז און שטעלט אויף איהם אויס אַ פּאָר אויגען, אַ פליג קומט צו פליהען און זומט איהם אַריין זיין סוד

אין אויער, די בערג געריסען איהם פון דערווייטענס, און די סאַזשעלקע דאָרט אין טהאָל שעפטשעט איהם צו דורך איהרע וועלען: טהו אויס דיינע שיך, וואַרף אַראָב פון זיך דיינע קליידער, און קום צו מיר! דאַווידזאָהן איז אַראָב און האָט זיך אויסגעבאָדען און איז צוריק אַרויס, ערשט דער וואַלד בוקט זיך צו איהם פון ווייטען, שפּרייט אויס צו איהם זיינע הענד און רופט: קום, רוה דיך אויס אין מיין שאָטען!

אין וואַלד טומעלט זיך. עס הערט זיך ווי מענשען רעדען און דיספּוטירען, אויך פרעהליכע שטימען. ס׳האָט זיך צונויפגעקליבען די יונגוואַרג, גאַנצע קאָמפּאַניעס יודישע בחורים־לאַך און משכילים־לאַך אָפּענע און באַהאַלטענע: תלמידים פון די קלויזען און בתי־מדרשים, די וואָס לערנען זיך פערגנב׳עטערהייד חכמות חיצוניות אויף די בוידי־מער און אין די קעלערס. דערזעהענדיג דאַווידזאָהנען, האָבען זיי זיך מיט איהם זעהר דערפרעהט.

— וואָס טומעלט איהר אַזוי, פריינד? — האָט דאַווידזאָהן געפרעגט די יונגע לייט, וואָס האָבען איהם אַרומגערינגעלט, און זיין פנים האָט דערביי געלויכטן —; מ׳הערט דאָך אייערע געשרייען פון ווייטען, און אַלע וואַלד־פייגלאַך זענען זיך צולאָפען איבער אייערע קולות.

— מיר דיספּוטירען וועגען דער ליטעראַטור — האָט געענטפערט דער עלטערער פון דער קאָמפּאַניע —; ס׳איז ביי אונז דערוועקט געוואָ־רען די פראַגע: די שענע ליטעראַטור און די פאָלקס־ענטוויקלונג, וועד פון זייביידען ווירקט אויף דער אַנדערער? און ס׳האָבען זיך ביי אונז צעטיילט די דעות, די זאָגען אַזוי, און די אַזוי. און איך זאָג, אַז זיי זענען אָנגעהאַנגען איינע אָן דער צווייטער, און זיי ווירקען איינע אויף דער אַנדערער. די ליטעראַטור, וואָס איהר מקור איז דאָס פאָלקס־לע־בען, איז משפיע צוריק אויפ׳ן פאָלק און איז גורם צו זיין ענטוויקלונג.

— און אונזער העברעאישע ליטעראַטור — האָט זיך אָבגערופען אַ צווייטער —, וועלכע האָט צום פאָלק קיין שייכות ניט און ווערט ניט בעאַיינפלוסט פון זיין לעבען, קען דעריבער אויף איהם ניט האָבען קיין ווירקונג, און איז ממילא אַ גאַנץ איבעריגע זאַך.

— און איך מיין נאָך עפּיס — האָט געזאָגט אַ דריטער —; ניט בלויז די שענע ליטעראַטור, נאָר אפילו וויסענשאַפטליכע ספרים אין העברעאיש זענען אויך איבעריג; צו וואָס דאַרף מען זיי, און צו וואָס דאַרף מען העברעאיש? די משכילים, וואָס האָבען אַ פאַרלאַנג צו וויסענ־שאַפט, לייענען דאָך ביכער אין אַנדערע שפּראַכען, און די מאַסע איז

אַ פאַנאַטישע און אַ פינסטערע און האָט יעדע וויסענשאַפט פיינט ווי דעם טויט.

— ס׳איז ניט ריכטיג—האָט זיך אָבגערופען דאַווידזאָהן—אמת טאַקי, אַז פאַר יעדען געבילדעטען מענשען זענען אָפען די ביכער פון די אַנדערע פעלקער, פונדעסטוועגען וואָלט איהם אָנגענעהם געווען, אויב ער האָט נאָר אַ יודיש האַרץ, צו לייענען וויסענשאַפטליכע זאַכען אין העברעאיש, די עביגע שפראַך פון אונזער פאָלק, דער אוצר פון די יודישע קאָסטבאַרקייטען, די שפראַך, וואָס מאַכט אונז, נאָך דעם חורבן פון לאַנד ישראל, צו אַ פאָלק, צו אַ ביכער-פאָלק. פון אַלע אונזערע פערצייטיגע גייסטיגע אוצרות איז אונז פערבליבען בירושה נאָר די העברעאישע שפראַך. עפּיס ווי גאָט וואָלט זי לכתחלה איבערגעלאָזען כּדי אָבצולעבען נאָכהער דורך איהר דעם גייסט פון אונזער פאָלק און צו ערוועקען אין איהם דעם חשק צו בילדונג. דורך העברעאיש ווערט תּמיד געעפענט די טיהר צו דער יידישער בילדונג. דורך איהר באַקומען זיי אַ דורשט צו וויסענשאַפט און צו וועלט-קענטענישען. דורך איהר האָט זיך אָנגעפאַנגען די בילדונג ביי די יודען אין די מערב-לענדער; גאָר צום ערשטען איז זי געווען ווי אַ לייכטענדער שטערען אין די הענד פון משה מענדעלסאָן דורך זיין ביאור צום תּנ״ך, דורך די זאַמעל-ביכער מאספים און בכורי-עתּים. נאָך דעם זענען אויפגעשטאַנען נאָך געבילדעטע לייט, וועלכע האָבען אָבגעפרישט דעם יודישען גייסט, וועלכע האָבען פאַרשפרייט אונטער דעם פאָלק פערשיידענע וויסענשאַפטען און בעקאַנט געמאַכט איהם מיט די שפּראַכען פון די פרעמדע פעלקער. אויך צווישען די הונדערטער טויזענדער יודען ביי אונז אין לאַנד וועט נאָר דורך העברעאיש ערוועקט ווערען דער חשק צו בילדונג. זי וועט זיי עפענען די אויגען און אָנווייזען די יונגע מיט די אַלטע דעם ריכטיגען וועג, וועלכען זיי האָבען צו געהען אַלס מענשען. דאָס איז קלאָר פאַר יעדערען, וועלכער איז בעקאַנט מיט דעם גייסט פון אונזער פאָלק, און פיעל מאָל האָבען מיר עס שוין געהערט פון פערשיידענע שרייבער און משכּילים. און דעריבער טאַקי טהוט וועה דאָס האַרץ זעהענדיג, אַז אפילו צווישען די, וואָס אינטערעסירען זיך מיט דער בילדונג פון אונזער פאָלק, זענען נאָך דערווייליע דאָ גאַנץ ווייניג אַזעלכע, וואָס זאָלען זיך דערוועקען צו שטיצען העברעאיש און מאַכען איהר פאַר אַ פערמיטלער צווישען זיך און דעם פאָלק. ליידער זענען נאָך דאָ גאַנץ ווייניג אפילו צווישען די, וועלכע זאָרגען פאַר יודען

און פאַר זייער בילדונג, אַזוינע, וואָס זאָלען שטיצען יודישע שריפט־שטעלער און מחברים, כדי זיי זאָלען קענען נוטצען דעם פאָלק. דערי־בער געהט ביי אונז צו מיט דער יודישער בילדונג גאַנץ שוואַך, דערי־בער שטעהען ביי אונז אַייזערנע וועגד צווישען משכילים און משכילים און צווישען די משכילים מיט די פרומע און מיט דער גאַנצער יודישער מאַסע, און געגעהעגטערען זיך ניט איינער צום אַנדערען. כל־זמן מיר האָבען נאָך אונזער שפראַך און איהר ליטעראַטור, וועלען מיר יודען ניט אויפהערען צו זיין קיין פאָלק... און דאָס וואָס איהר זאָגט, אַז די מאַ־סען זענען אומוויסענד, פאַנאַטיקער און שונאים פון בילדונג, האָט איהר אין דעם אויך אַ טעות. נאָך מיין מיינונג ליגט די סבה פון דעם, וואָס דאָס פאָלק איז אומוויסענד, ניט אין זיין נשמה און אין זיין גייסט, נאָר אויסער זיי.

— זייט אַזוי גוט און ערקלערט אונז, וואָס איהר ווילט דערמיט זאָגען.

— איך בין ניט מסופק—האָט געזאָגט דאַווידזאָהן—אַז דאָס פאָלק, וואָס לויט איירע רעד איז ער פאַנאַטיש און אַ שונא פון יעדער ביי־איגקייט, איז פון דער נאַטור גאָר ניט ווייט פון בילדונג; די בילדונג איז אָבער ווייט פון איהם. און ווען די שריפטשטעלער וואָלטען נאָר גע־וואָלט געהען פאַר׳ן פאָלק און לייכטען איהם פאָראויס זיין וועג, וואָלטען זיך שוין לאַנג די פינסטערע וואָלקענס צעשפרייט, און אין דער יודישער גאַס וואָלט ליכטיג און העל געוואָרען. גיט דעם פאָלק נוטצליכע ספרים, ערקלערט איהם וואָס עס איז גוט פאַר׳ן מענשליכען לעבען, וועט ער זיך דאַמאָלסט אויפכאַפּען פון זיין שלאָף, וועט זיך אָבטרייסלען פון זיינע נאַרישע געדאַנקען און פינסטערע חלומות.

— ערלויבט מיר נאָר אייך צו פרעגען—האָט זיך אָבגערופען אַ יונגער בחור׳ל, וואָס לויט זיין געזיכט און זיינע פלאַמענדיגע אויגן האָט אויסגעוויזען, אַז ער איז געשטימט פאָעטיש—; פון איירע ווערטער נעהם איך אַרויס, אַז פאַר׳ן פאָלק דאַרף מען שרייבען נאָר וויסענשאַפטלי־כע ביכער, און וואָס וועלען מיר טהון מיט דער פאָעזיע, מיט יענער גאָטס־טאָכטער, וועלכע פערנעהמט אין אַלע ליטעראַטורען דעם גרעסטען פלאַטץ?

— ריכטיג—האָט איהם דאַווידזאָהן געענטפערט—; גרויס און ערהויבען איז די פאָעזיע, אויב זי איז נאָר באמת „גאָטס־טאָכטער", אַ טאָכטער פון דער נאַטור און פון לעבען, און איז בעלעבט דורך דער

נשמה פון אַ גרויסען געדאַנקען. אין דער אמת׳ער פּאָעזיע דאַרף זיך אויסגיעסען די שענקייט פון דער שעפּפונג און נאָר אין דעם בעשטעהט איהר בעדייטונג. אַ שיר, וואָס איז בלויז צונויפגעשטו־קעוועט פון פּסוקים און פון מליצות, און זאָגט גאָרנישט צום האַרצען, צום געפיהל, איז קיין שיר ניט. ליידער געפינען זיך ביי אונז פּוסטע מליצים, וואָס קענען ניט די נאַטור און ניט דאָס לעבען פון אונזער פאָלק, און זיי זענען דאָס אונזערע משוררים! אָבער—שאַ!—האָט דאַ־ווידזאָהן איבערגעריסען זיין שמועס—איך הער עפּיס ווי אַ ניגון, און ווי עפּיס אַ ניגון פון גמרא.

אונטער אַ בוים זענען געזעסען יונגע משכילים׳לאַך, ישיבה־בחורים. איינער פון זיי האָט געלייענט פון אַ ספר מיט אַ ניגון, האָט זיך דערביי געשאָקעלט און געדרעהט מיט׳ן גראָבען פינגער, ווי דער שטייגער פון די, וואָס לערנ׳ען גמרא. זיינע חברים האָבען זיך צוגעהערט, און אַלע זענען געווען בעגייסטערט, און זייערע פּנים׳ער האָבען אַזש געפלאַמט, און ווייל זיי זענען געווען פערטיפעט אין זייער לערנען, האָבען זיי אָנ־פאַנגס דאַווידזאָהנען ניט בעמערקט. דערזעהענדיג איהם איצטער צוגע־הענדיג צו זיי, האָבען זיי זיך אַ כאַפּ געטהון פון זייערע ערטער, און האָבען איהם געמאַכט צווישען זיך אָנ׳אָרט.

— איך וויל אייך ניט שטערען פון לערנען,—האָט צו זיי דאַווידזאָהן געזאָגט.

— מיר האַלטען ניט ביי׳ם לערנען; מיר לייענען „משה׳ס שליחות״ פון שילער,—האָבען איהם די בחורים געענטפערט, רעכענענדיג, אַז זיי וועלען ביי איהם מיט דעם נושא חן זיין.

— זיינע רעד זענען ממש האָניג—האָט געזאָגט דער בחור, וואָס האָט פאָרגעלייענט פאַר זיינע חברים—; ער מאַכט, פּשוט, בלינדע זעהענדיג.

— איצטער זעהען מיר ערשט—האָט זיך אָבגערופען אַ צווייטער בחור—ווי ווייט געוואַרט מיר זענען געווען; איצטער ווייסען מיר, אַז אַלע פון די נביאים ביז די כהנים זענען אַלע געווען איינפאַכע רמאים.

— איך מוז אייך זאָגען דעם אמת—האָט זיי דאַווידזאָהן אויף דעם בעמערקט—אַז מיר שיינט דאָס גאַנץ ווילד צו זעהען, ווי איהר פרעהט אייך ווען מ׳חוזקט אָב פון אונזערע אבות, די גרעסטע מענשען פון אונזער פאָלק און זיין שטאָלץ. מ׳לאַכט אָב פון אונזער מוטער שרה, פון יעקב אבינו, וועלכער האָט אָבגענאַרט זיין ברודער עשו און זיין

פעטער לבן הארמי, מ׳זאָגט אויף משה רבינו, אַז ער איז אַ ליגנער, אַז די תורה איז דאָס ניט זיין תורה, און נאָך און נאָך אַזעלכע ליגענס, און איהר נעמט זיך צו די דאָזיגע זידלערייען מיט גרויס פרייד. און איך פערשטעה ניט: וואָס איז דאָס מיט אייך אַזוי די שמחה? אַ פאָלק, וואָס מ׳זאָגט איהם: דיין פאָטער איז אַ רמאי און דיין מוטער איז אַ זונה, דיינע גרעסטע לייט זענען שפל׳ע בריות, דיינע חכמים זענען גאָרנישטען און וואָס זיי רעדען און וואָס זיי טהוען איז לויטער נאַרישקייט, אויף דיינע נביאים זענען פינסטער און אומוויסענד, און בכלל האָסטו ניט קיין רעכטע דענקער, פאָליטיקער, שריפטשטעלער און דיכטער. אַזאַ פאָלק דאַרף זיך פרעהען? איהם דאַרף דאָך, פערקעהרט, וועה טהון דאָס האַרץ פאַר בושה, און בפרט אַזאַ עביגע פאָלק ווי מיר זענען, אַזאַ גרויסע פאָלק, וואָס האָט בעלויכטען די וועלט מיט זיין תורה, אַ תורה פון מענשענ-ליעבע, פון רחמים און פון די שענסטע מדות. און ווען עס קומען צוגעהען קריטיקער פון די אַנדערע אומות און מאַכען אַייער פאָלק צו שפאָט און צו שאַנד און שפייען איהם אָן אין פנים, איז דאָס ביי אייך אַ שמחה?! דאָס איז דאָך אַ מדה פון קנעכט, פון שפל׳ע בעֿ-שעפעניששען, וואָס האָבען ניט ביי זיך קיין שום פונק פון עהרענ-געפיהל, און צו מיין גרויסען בעדויערען מוז איך זאָגען, אַז די מדה האָבען אונזערע יודען, און בעזונדערס יענע וואויל-לערנער, וועלכע זענען אי-בער אַ נאַכט געוואָרען משכילים. נעהמט ניט פאַר אומגוט, ברידער! — אַזוי האָט פערענדיגט דאַווידזאָהן, און האָט זיך געווענדעט צו אַנדערע יונגע לייט.

— מיר קענען בשום אופן ניט פאַרשטעהען דעם פשט פונ׳ם פסוק „אוֹ נְשִׂיש שֵׁבֶט בְּנִי מוֹאֶסֶת כָּל עֵץ״ — האָבען זיך אָבגערופען די יונגע לייט צו דאַווידזאָהנען — שוין וויפיעל יאָהר, אַז חכמים אַמפּערען זיך וועגען דעם אין „מגיד״, און קיין ריכטיגען פירוש איז נאָך אויפ׳ן פסוק דערווייליע ניטאָ. זייט אַזוי גוט און פערטייטשט איהר אונז דעם פסוק.

דאַווידזאָהן האָט ממלא געווען זייער בקשה און האָט זיי דערקלערט דעם פשט פון פסוק, זאָגענדיג דערנאָך מיט אַ שמייכעל:

— שוין וויפיעל יאָהר, זאָגט איהר, אַמפּערען זיך אונזערע חכמים אויף דעם פסוק און קענען ניט אויסגעפינען זיין ריכטיגען טייטש. וואַרט נאָך אַ יאָהר, נאָך צוויי יאָהר, נאָך צעהן יאָהר, און וואָס שפאַרט דאָס אייך אַזוי צו וויסען דעם פשט דוקא היינט אין אַזאַ פיינעם יום-טוב׳די-

גען טאָג און אָט אין דעם וואונדער־שענעם וואַלד, עפּיס ווי איהר מוזט דאָס האָבּען גראָד אין דער מינוט, און מ׳קען דאָס אויף מאָרגען ניט אָבּלעגען. אָט געהט, מיינע פריינד, שפּאַצירט אייך, זאַפּט אייך אָן מיט דער זיסקייט פון דער נאַטור, און זייט לוסטיג כל זמן איהר זייט יונג!...

די בחורים איז דער פּלאַן געפעלען געוואָרען, זיי האָבּען זיך אוועקגעלאָזען אַלע שפּאַצירן איבער׳ן וואַלד, און דאַווידזאָהן אויך מיט דער גאַנצער כאַליאַסטרע.

---

ה.

דער יום־טוב מיט זיין שענער לופט האָט אַ ביסעל אפרים׳ען בּע־רוהיגט, און ער איז אויפגעלעגטער און פרעהליכער געוואָרען. האָט אָנ־געהויבּען ווערען פריינדליכער צו דער פאַמיליע, און רעדען וויכער מיט יעדערען בכלל. הושענא־רבּה איז צו איהם געקומען דער שמש פון שול גוט־יום־טוב ביטען, האָט איהם אָבּגעבּראַכט זיין לולב מיט׳ן אתרוג אין דער זילבּערנער פּושקע און דערביי געוואונשען איהם און זיין הויז־געזינד אַ פרעהליכען און אַ געזונדען יאָהר, געבּענשט איהם צו דער־לעבּען האָבּען איבּער אַ יאָהר אויך אַזאַ שענעם און כשר׳ן אתרוג. אפרים האָט איהם פריינדליך צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, האָט איהם אַריינ־געבּעטען אין דער שענער און פערפּוצטער סוכּה און מכבּד געווען איהם מיט אַ גלעזעל וויין און פאַרבּייסענס. דערצו האָט ער נאָך איהם אַריינגע־רוקט אין האַנד אַ מטבּע. שרה האָט מזכּה געווען דעם שמש מיט אַ מצוה אַוועקצוטראָגען דעם אתרות צו איהרער אַ בּעקאַנטער מעוברת׳ע פרוי, און גע־בּען איהר אָבּבּייסען דעם פּיטום. דער שמש האָט געמאַכט דערוויילע עטליכע שנעפּסלאַך און צוגעבּיסען מיט אַ שטיקעל פיש און אַ פּאָר גע־פילאַכצלאַך, און איז גאַנץ פרעהליך געוואָרען. בּגלופין־דיג האָט ער זיך פונאַנדערגערעדט וועגען דער וועלט, און דערביי תּמ׳עוואַטע און משונה־ווילד אונטערגעלאַכט.

איבּער דער שטאָדט איז אויסגעגאָסען אַ יום־טוב־פרעהליכקייט, דער עולם געהט שפּאַצירען איבּער די גאַסען. אפרים מיט שרה׳ן זיטצען ביי דער סיהר פון זייער וואוינונג און שמועסען.

— זאָל מיך גאָט שטראָפען, אויבּ איך פערשטעה די דרכים פון אונזער בּחור! — האָט געזאָגט אפרים שמייכלענדיג — ער איז לעבּען

מיר היינט געזעסען אין שול און האָט געראַוועגט פון אָפּענעם מחזור, און איך קוק און פרעה מיך. בעת מ׳האָט אָנגעהויבען צו זאָגען „קול מבשר״ האָט דער גאַנצער עולם געשלאָגען הושענות איטליכער אויף זיין שטענדער, און אונזער בחור — ניט פון אָרט, און זיין הושענא איז געבליבען אַ גאַנצע, ניט קיין געשלאָגענע.

— און מיין הושענא און רחל׳ס, וואָס איך האָב אייך געגעבען? — האָט געפרעגט שרה מיט האַרץ-קלאַפּעניש.

— געשלאָגען! געשלאָגען! — האָט אפרים בערוהיגט זיין פרוי — איך מיט מיינע הענד האָב זיי „געשלאָגען, און אונזער בחור האָט זיך ניט געריהרט פון אָרט. שמעון — האָב איך צו איהם געזאָגט — נאַ דיר די הושענא און שלאָג אויפ׳ן שטענדער! וואָס איז דער שטענדער שולדיג איך זאָל איהם שלאָגען? — האָט ער מיר געענטפערט — צי אָט דאָס איז די כפרה פונ׳ם פאָלק ישראל, און אַז מיר וועלען שוין דאָס שלאָגען, ווערען מיר שוין ריין פון אונזערע זינד? — שלאָג! — האָב איך מיך אויף איהם אָנגעבייזערט שטיל אונטער מיין טלית, דער עולם זאָל ניט הע-רען. האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט און גענומען שלאָגען די הושענא מיט אַזאַ כוח און מיט אַזאַ גרייסען כעס, ביז עס זענען צושאָטען געוואָרען אַלע בלעטער, און דער שטענדער האָט זיך בעת מעשה געטרייסעלט און אומגעפאַלען, באופן, אַז אַלע מתפללים האָבען זיך אויף איהם פערקוקט. כדי מאַכען דאָס צו קליינגעלד האָב איך מיך פונאַנדערגע-לאַכט, און נאָך מיר האָבען שוין אַלע געלאַכט. און באמת איז דאָך נאָך יענע ווערטער, וואָס ער האָט מיר אָט דאָ ניט לאַנג געהאַט די העזה צו זאָגען, די גאַנצע מעשה מיט דער הושענא אפילו קיין שמעק טאַבאַק ניט ווערטה, אַזוי ווי די מעשה מיט דעם ווייסען האָהן צו כפרות, וועל-כען ער האָט אָבגעשוואַרצט.

— דו דערמאָהנסט מיר ווייטער די מעשה מיט׳ן האָהן! — האָט שרה געזאָגט צום מאַן מיט פערדרוס — טאָמער האָט זיך דער האַהן אַוועקגעסטעלט אויף דער מולטער מיט די יאַגדעס און איז שוואַרץ גע-וואָרען, זאָגט מען שוין: שמעון האָט איהם אָפּגעשוואַרצט! און וואָס ווערסטו עפּיס נאָך אויף איהם אויסטראַכטען? דו קוקסט אויף מיר און לאַסט, און איך ווייס ניט, וואָס לאַכט זיך דאָס דיר היינט.

— און ווי זאָל איך דאָס ניט לאַכען? דער קליינער זאָגט: „איך האָב האָלט דינה׳ן״. דו הערסט? ער, אונזער בחור, האָט האָלט! און וועמען? דינה׳ן!... ווי געפעהלט דיר די נייעס? נאַ דיר גאָר ליעבע ביי

אונז יודען! ליעבע צו זייבער, מחילה, ס׳איז גאָר אַ חרפה דאָס פון מויל אַרויסצורעדען. טפו, טפו, טפו! איהם איז נאָך ווייניג, וואָס ער בעשמוצט זיין מויל און זאָגט: איך האָב האָלט! האָט ער זיך נאָך אויך ניט גע־שעמט צו זאָגען: איך האָב ליעב דינה׳ן? דו הערסט? דינה׳ן האָט ער ליעב... און אפשר ווייסטו, וואָס אַזוינס האָט ער דאָס אויסגעפונען אין דינה׳ן? דינה איז אַ מיידעל ווי אַלע מיידלאַך, און ווער פון יודישע קינדער קוקט דאָס גאָר אויף אַ מיידעל?... אָבער וואָס זאָל איך זאָגען און וואָס זאָל איך רעדען? מיר אַרט אָבער ניט, וואָס ער האָט אין איהר געפונען. איך זאָל מיך מתחתן זיין מיט יוכבד׳ן און מיט איהר טאָכטער דינה׳ן—דאָס קען איך ניט. געדענק, וויפיעל צרות כ׳האָב געהאַט דורך זיי און דורך אלקנה דעם אפיקורס און מיין שונא, יוכבד׳ס ברודער. איצט זענען מיר שוין מיינע אויגן אָפען און איך פערשטעה, פון וואַנען דער שלעכטער גייסט האָט זיך דאָס גענומען צו אונזער שמעונ׳ען... מיר דאַרפען אונזערע קינדער דערווייטערען פון יוכבד׳ס הויז. זיי זאָלען אַהין ניט געהען? זאָג נאָר, שרה, דו ביסט מקיים מיין בעפעהל און לאָזט רחלען ניט געהען צו דינה׳ן?

— אָהן דיין בעפעהל געהט זי אויך אַהין ניט. אַ אומעטיגע און אַ פערטרויערטע זיטצט זי גאַנצענע טעג אַליין, און וויל ניט אַרויס אויפ׳ן גאַס,—האָט געענטפערט שרה מיט אַ זיפץ.

— איז ניט אַ געלעכטער דיין זיפצען?—האָט אפרים געפרובט טרייסטען זיין פרוי. זי האָט איהם אָבער איבערגעהאַקט די רעד און געזאָגט:

— פון וואַנען נעהמט זיך דאָס צו דיר היינט דער געלעכטער, אפרים? איך דערקען דיך, ממש, ניט! איך זיפץ איבער די צרות, וואָס מיר האָבען פון דער טאָכטער, און דו...

— איך לאַך ניט ווילענדיג—האָט געזאָגט אפרים, און אין זיין קול האָט זיך דעם מאָל געהערט ווי אַ שטילער קרעכץ—איז דאָס ניט קיין געלעכטער, ווען איז מיר, אַז יודישע מיידלאַך זאָגען שוין אויך אַ דעה אין שידוכים?!... היינט איז צו מיר ווידער געקומען דער שדכן יועגען דעם שידוך מיט פרצ׳ן. זיין זוהן דעם חתן לויבט מען זעהר, אַז ער איז אַ כשר׳עס קינד. פרץ וויל זיך זעהר מיט אונז מתחתן זיין. ער איז אַ גרויסער גביר און מיט אַ סך נדן, און רחל וועט זיין אַנ־עשר׳טע און וועט לעבען בייַ איהם גליקליך. האָסטו וועגען דאָס אַלץ מיט איהר גערעדט, שרה?

— איך האָב גערעדט; כ׳האָב פיעל גערעדט, און מיינע רעד האָבען ניט געהאָלפען.

— ווער ווייסט?—האָט אפרים אָנגעהויבען מיט צאָרען און גע־ענדיגט מיט אַ שמייכעל—ווער ווייסט, אויב זי וועט אויך ניט זאָגען: „איך האָב האָלט!״ איך ליעב דעם און דעם... וואָס קוקסטו אויף מיר אַזוי, שרה?

— דו ביסט מיר היינט אַ רעטעניש, אפרים, און איך ווייס ניט, וואָס איז דאָס פאַר אַזאַ גרויסע שמחה אויף דיין קאָפּ, און וואָס איז דאָס דער געלעכטער? אָט געה שלאָף דיך אויס!

— איך זאָג דיר, שרה, אַז די מעשה מיט רחל׳ען איז עפּיס ניט גלאַט, און דאָ מוז שטעקען אין מיטען עמיצענס אַ האַנד, און אַלץ וואַקסט פון יוכבד׳ן. איך זאָג דיר נאָך אַמאָל: מיר מוזן אָנווענדען אַלע מיטלען צו דערווייטערען די קינדער פון יוכבד׳ס הויז. דו הערסט, שרה?

— רעד, רעד, אפרים! איך הער.

— מיין האַרץ זאָגט מיר, אַז די דאָזיגע פריינדשאַפט צווישען שמעונ׳ען מיט דינה׳ן איז געוואָרען דורך יונת׳ען. יונתן איז דאָך אַ שכן ביי יוכבד׳ן, און שמעון האָט איהם זעהר ליעב, און קומט צו איהם אַלע טאָג, האָט ער דאָרט דערזעהען דינה׳ן, און האָט זיך אין איהר פערליעבט. און אפשר האָט יונתן אין דעם אויך אַ חלק, און מיט זיין הסכם איז געוואָרען די ליעבע.

— צי יונתן זאָל דאָס טהון? אַזאַ ערליכער מאַן און אַ ירא־שמים ווי ער איז, אַזאַ למדן, וואָס לערנט מיט שמעונ׳ען אַזוי טריי, ער זאָל איהם אָנרעדען צו ליעבעס?!

— אמת טאַקי, יונתן איז אַ וואויל־לערנער און אַ גרויסער למדן, אָבער ער איז דאָך אַ ליטוואַק, און אַ ליטוואַק איז גרייט אַלץ צו טהון. מ׳דערצעהלט, אַז אַ ליטוואַק האָט זיך געשמד׳ט און האָט חתונה געהאַט מיט אַנ׳ערלית נאָר צוליעב דעם, אַז זיין ווייב זאָל איהם מפרנס זיין, און ער זאָל זיך קענען רוהיג זיטצען און לערנען תורה. איך זאָג אָבער ניט אויף געוויס, אַז די ליעבע איז געוואָרען דורך איהם. איך האָב נאָר געזאָגט, אַז אפשר האָט יונתן אין דעם אַ חלק.

— איז וואָס קלערסט־דו צו טהון, אפרים?

— איך קלער פאָרצולעגען יונתנ׳ען: אָדער ער זאָל אַריבער אין

אנ'אַנדער דירה, אָדער, אריב ער וועט ניט חעלען, וועל איך נעהמען פאַר שמעונ'ען אַנ'אַנדער מלמד.

— מיר געפעהלט דאָס ניט, אפרים. צי ער וועט בייטען צי דו וועסט בייטען, שמעק וועט אַלץ איינס ניט אויפהערען צו געהען צו יוכבד'ן, און דו וועסט נאָך דערמיט געווינען יונתנ'ען פאַר אַ שונא.

— גיב דו, שרה, אַנ'עצה; אדרבה, זאָג דו וואָס מ'זאָל טהון.

— איך וועל איבעררעדען מיט יונתנ'ען. איך וועל איהם אַלץ דערצעהלען און וועל איהם בעטען, אַז ער זאָל אונז טהון די טובה און זעהען אָבהאַלטען שמעונ'ען פון צו געהען צו יוכבד'ן, ווייל ס'קען איהם פון דעם אַרויסקומען די גרעסטע רעה. איך בין זיכער אין יונתנ'ען, אַז ער וועט ממלא זיין מיין בקשה מיט גרויס שכל, און איך וועל מיין פערלאַנג אויספיהרען.

— רעד דו, שרה, און האָב גליק! און הלוואי זאָל איך ניט דאַרפען זאָגען: וואויל איז דעם מענשען, וואָס לאָזט זיך ניט פיהרען פון זיין ווייבס עצה!

---

ז.

פיעל נעכט נאָכאַנאַנד האָט רחל אויף איהר געלעגער געזוכט צו פערענטפערען די פראַגע: וואָס זענען דאָס אין איהר פאַר אַזעלכע פער־באָרגענע געפיהלען זינט זי האָט דערקענט דאַווידזאָהנען? פאַרוואָס ווערט זי דאָס אַזוי רויט אין געזיכט יעדעס מאָל, ווען זי זעהט איהם? וואָס איז מיט איהר און וואָס איז איהר פאַרלאַנג? אַזאַ מענש ווי דאַווידזאָהן, וועלכער דענקט אַנדערש ווי די אָרטיגע יודען און געהט אין אַנדערע דרכים, איז דאָך פערהאַסט ביי זיי און ביי איהרע עלטערען, און זי, ווי אַלע יודישע מיידלאַך, געהערט דאָך מיט איהר האַרץ און איהר נשמה צו איהר פאָטער, און ער קען איהר פערקנס'ן צו וועמען ער וויל, טאָ וואָס קען זי שוין אויפטהון, אַז זי וועט איהם ניט הערען, און וואו וועט זי דאָס נעהמען די קראַפט אויסצוקלייבען דעם, וועמען ער וויל ניט? די דאָזיגע געדאַנקען האָט ביי איהר אַוועקגערויבט איהר רוה און האָבען איהר אַזוי גייסטיג צוגעדריקט, דאָס זי איז שיער ניט קראַנק געוואָרען, אָבער די רעד, וועלכע זי האָט געהערט פון שמעונ'ען און וועלכע זי האָט די טעג אַליין געלייענט אין ביכער, אַז עלטערען האָבען קיין רעכט

ניט צו געוועלטיגען איבער קינדער און חתונה מאַכען זיי מיט גוואַלד, און אַז יעדערער קען זיך אויסדערוועהלען זיין פּאָר לויט זיין פערלאַנג, האָבען אין איהר דערוועקט גאַנץ נייע מחשבות, און אויף איהר געלעגער שמיני־עצרת ביי נאַכט האָט זי זיך געטרוכט פונאַנדערקלייבען אין איהרע פאַרבאָרגענע געפיהלען. און דעם מאָל האָט זי שוין דערגאַנגען וואָס מיט איהר איז — זי ליעבט! זי ליעבט „איהם”... און איהר ליבע איז אַ ריינע, · זי ליעבט איהם פאַר זיין עדעלען גייסט, פאַר זיין בילדונג און וויסען, זי ליעבט איהם ווייל... איהר האַרץ ציהט צו איהם, און ווער ווייס זיך דאָס פערהאַלטען מיט פעראַכטונג צו איהר און צו די דאָזיגע הייליגע געפיהלען? די דאָזיגע געדאַנקען האָבען איהר בערוהיגט און לייכטער געמאַכט אויפ׳ן האַרצען, און אין דער פריה אַז זי איז אויפגעשטאַנען, האָט זיך פאַרקעמט און אויסגעפוצט יום־טוב׳דיג, איז זי ביי זיך געוואָרען מונטערער און פרעהליכער, און פעסט איז זי געוואָרען אין איהר האָפנונג, אַז איר פערלאַנג וועט מיט דער צייט דערפיהלט ווערען.

שרה האָט זיך דערפרעהט זעהענדיג איהר רחל׳ען אַן אויסגעפוצטע מיט אַ לייכטענדיגען פּנים, נאָכדעם ווי זי איז אַ לאַנגע צייט אָבגעלעגען אַ פאַרטרויערטע און אַ פאַרצאָגטע אין איהר צימער. זי האָט ביי זיך אַ קלער געטהון: סוף־סוף איז רחל געקומען צום שכל און האָט פאַרשטאַנען, אַז נאָר צוליעב איר טובה חעגען ווילען דער טאַטע מיט דער מאַמען זי פערקנס׳ן מיט פרצ׳ס זוהן, און האָט געקראָגען חרטה. הלואי וואָלט זיך אַזוי שמעון בעטראַכט און אונז געהערט, וואָלט ער געווען גליקליך.

אַז אפרים איז געקומען פון שול און האָט געזעהען זיין טאָכטער אַ מונטערע און אַ פרעהליכע, האָט ער זיך אויך דערפרעהט אין האַרצען.

נאָך מיטאָג איז רחל אַריין אין איהר צימער און האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש און האָט גענומען לייענען אַ בוך, ווי איהר שטייגער. ערשט שמעון איז אַריין און האָט צו איהר געזאָגט:

— רחל! איך גיה צו דאַווידזאָהנ׳ען. אפשר דאַרפסט־דו וואָס צו איהם; זאָג מיר.

— דו ביסט אַ גוטער בחור, מיין ברודער, דו ביסט געגרייט צו טהון מיין ווילען, נאָך איידער איך פערלאַנג דאָס פון דיר. וואַרט אַ ווײלע. אָט תיכף ענדיג איך לייענען דאָס בוך „קראַפּט און מאַטעריע” פון ביכנער׳ען. דו וועסט איהם אָבגעבען דאַווידזאָהנ׳ען מיט גרויס דאַנק, און זאָלסט ביי איהם נעהמען פאַר מיר... אָבער צוליעב וואָס זאָל איך דאָס דיר אומזיסט בעמיהען? מאָרגען קלייבען מיר זיך דאָך צונויף ביי

יוכבד׳ן, חי מ׳האָט אָבגערעדט; דאָרט חעל איך מיך מיט איהם זעהען, און וועל איהם בעטען, ער זאָל מיר ערקלערען דאָס, וואָס מיר קומט אויס שווערליך אין דעם בוך, און ער זאָל מיר געבען צום לייענען אַנ׳אַנדער בוך, וועלכען ער וועט געפינען פאַר גלייך. און פאַרוואָס געהסט דו דאָס שמעון צו איהם היינט, אויב מאָרגען וועלען מיר זיך אַלע זעהען?

— היינט קלייבען זיך ביי איהם צונויף איינינע יונגע לייט פון זיינע נאָהענטע בעקאַנטע, און איך אויך. מיר האָבען מיט איהם אַ שמועס. אויסער דעם וועלען מיר דאָרט מקבל זיין אַ חשוב׳ן גאַסט, וואָס איז צו איהם געקומען, זיינער אַ געוועזענער חבר, מיט וועלכען ער האָט אַמאָל געלערענט אין ראַבינער־שול. צוזאַמען וועלען מיר זיך דורכרעדען, און נאָכדעם, אויב זיי וועלען מסכים זיין, וועלען מיר געהען אינאיינעם אין שול צו הקפות.

— ווי גליקליך זיינען איהר, איהר יונגע בחורים — האָט זיך אָבגעגע־רופען רחל מיט קנאה — אז איך וואָלט געווען אַ בחור, וואָלט איך איצטער...

— אַנשטאָט דעם ערוואַרט דאָך דיר אָבער פיעל גליק מאָרגען, — האָט שמעון געענטפערט, אַריינקוקענדיג זיך טיעף אין זיין שוועסטערס בעזיכט מיט אַ שמייכעל.

— אַוועק, דו שטיפער! — האָט רחל אַ זאָג געטהון, רויט ווערענדיג דערביי אין געזיכט.

ווי שמעון איז אַוועק, האָט זיך רחל אַריינגעלעגט אין בעט מיט איהר בוך אין האַנד. איהרע אויגען זענען אין בוך, און איהר האַרץ איז ביי איהר געליעבטען. זי נעהמט דערוועקען אין איהר זכרון דאָס, וואָס זי האָט איבערגעלעבט און איבערגעטראַכט זינט זי מיט דאַווידזאָהנען האָבען זיך דעם ערשטען מאָל בעגעגענט. זי נעהמט זיך פאָרשטעלען דעם גרויסען נחת־רוח, וועלכען זי וועט האָבען מאָרגען, בעת זיי וועלען ביידע זיצען ביי יוכבד׳ן, און האָפט אויף גוטס און אויף גליק. פאַרטאָג האָט זיך איהר געחלומ׳ט: ערשט זי שוועבט ווי אַ טויב איבער בערג און אָבגרונדען, און זי געהט אַראָב און בלייבט רוהען אין אַ שענעם גאָרטען אויף אַ בייט פון אַלערליי בשמים, אַרומגעצוימט מיט רויזען. אַרויסגעהענדיג היינט אויפ׳ן גאַס איז איהר פערבייגעגאַנגען אַן אַלטע גויה און טראָגט אויף איהרע פּלייצעס פולע קריג מיט וואַסער. דאָס אַלץ זענען ביי איר געוועזען גוטע סימנים אויף גליקליכע, פרעהליכע צייטען. זענענדיג אַזוי פאַרטיפט אין איהרע פאַנטאַזיעס ערשט ס׳איז אַריין יוכבד׳ס משרת,

װעלכער האָט איהר איבערגעגעבען אַ פערחתמ׳עטען בריעף און איז אַרויסגעגאַנגען...

רחל האָט געעפענט דעם בריעף און האָט אין איהם איבערגע־לייענט:

„אין מיין מוטערס נאָמען שרייב איך דיר, טהייערע רחל. מיין מוטער סהוט זייער לייד, וואָס די פערווייזלונג, וועלכע דו האָסט בע־שטימט אויף מאָרגען, קען ניט זיין אין איהר וואוינונג לויט דיין פער־לאַנג. דו ווייסט דאָך, ווי ווייט זי האַלט דיך טהייער, און ווי זי איז תמיד געגרייט צו טהון דיין ווילען. אָבער היינטיגען מאָל האָט זיך פלוצים געמאַכט אַ סיבה, וואָס דערלאָזט איהר דאָס ניט, און דו וועסט איהר אַזוי גוט זיין מוחל זיין. דאָס שרייבט דיר מיין מוטער. איך פון מיין זייט וועל אויף דעם עפּיס מוסיף זיין און וועל דיר ענטפלעקען אַ סוד. דאָס האָט אָנגעמאַכט דיין פאָטער. ווי דו ווייסט, איז ער דאָך שוין לאַנג אויף אונז אויפגעבראַכט; ער האָט נאָר ביז אַהער ניט גע־וואָלט אַרויסווייזען זיין שנאה פאַר לייט. איצטער, נאָך דעם, ווי ער האָט זיך צוווערטעלט מיט שמעונ׳ען, איז ער זעהר אין כעס, און ער חיל אַוועקשטעלען אַנ׳אייזערנע וואַנד צווישען אייך מיט אונז. ביז וואַ־נען וואָס־ווען זאָל דאָס ביי דיר זיין אַ סוד... און איך, ווי כ׳בין דיין פריינדין, אַזוי וועל איך פערבלייבען שטענדיג, און קיין אייזערנע וואַנד וועט אונז ניט פונאַנדערשיידען. דיין פריינדין דינה״.

דער בריעף האָט רחל׳ען זעהר אויפגערעגט. זי איז אויפגעשפרונ־גען פון איהר אָרט און האָט ביטער און מיט צאָרען אויסגעשריען:

— וועה, איהר עלטערען! איינשמידען דעם גייסט פון אייערע קינדער מיט גוואַלד ווילט איהר — דאָס וועט זיך אייך אָבער ניט איינגעבען!

---

## ז.

ס׳איז אַ פינסטערע נאַכט. עס זענען צעשפרייט שטערען איבערן הימעל, אָבער די לבנה בעווייזט זיך מיט זיי ניט. אויפגעקאָרטשעט איז איהר פּנים, זי איז ווי אַ מבויש׳ע און בעהאַלט זיך. אָבער קיינער אינ־טערעסירט זיך היינט ניט מיט דער ליכט פון דער נאַכט—יודען האָבען גענוג ליכטיגקייט פון שמחת־תורה. די מאַסע איז לעבעדיג, לוסטיג און

די שטאָדט קאָכט. אין די גאַסען איז ששון־ושמחה. מ׳פיהרט גבאים אַין שול אַריין מיט ליכט און מיט פאַקלען און מיט גרויס פרייד.

רחל, וועלכע איז געווען אויסגערעגט פון דינה׳ס בריעף, איז געזעסען אין איהר צימער אַני׳אומעטיגע. פאַרנאַכט איז זי אַרויס שפּאַציערען אין גאַס. זי איז אַזוי אַרומגעגאַנגען און געבלאָנדזשעט אין די גאַסען איינע אַליין און טרויעריג, ניט וויסענדיג וואוהין זי געהט. זי איז אַריין אין אַ גאַס, ערשט אַ מאַסע יודען געהען און זינגען און ליאַריִמען און פילדערען. רחל איז אַריינגעשלעפּט געוואָרען אין געזעמעל, און דער שטראָם האָט איהר מיט זיך פערטראָגען ביז צו דער גרויסער שול. די שול איז, ווי אַלע יאָר אום שמחת־תורה, געווען אָנגעפּאַקט מיט מאַנסביל און ווייבער, יונגלאַך און מיידלאַך, בחורים און פריילינס. דער עולם איז געגאַנגען „הקפות", פאָראויס דער חזן, און פון היגסטען די גאַנצע קליינוואַרג. די אַרומיגע האָבען זיך געשפּאַרט און געשטויסען, יעדערער האָט געוואָלט כאַפּען א ספר־תורה און געבען איהר אַ קוש. רחל האָט זיך אויך געשטופּט, האָט אָנגעכאַפּט אַ ספר־תורה און האָט איהר מיט גרויס געפיהל געגומען קושען, און ניט ווילענדיג האָבען די קושען בעריהרט אויך די האַנד פון דעם, וואָס טראָגט די ספר־תורה... זי קושט אַזוי, ערשט אַ ווייכע און אַ זיסע שטימע רופט איהר ביי׳ם נאָמען. רחל האָט דערהערט און האָט זיך אַ טרייסעל געטהון, ווי איינער וואָס כאַפּט זיך אויף פון שלאָף. זי האָט דערזעהען ערשט פאַר איר שטעהט דאַווידזאָהן און האַלט אין האַנד די ספר־תורה. איין מינוט זענען זיי ביידע געבליעבען שטעהן ווי פערגליווערט, אָהן ווערטער האָבען זיך אין זייערע הערצער אויפגעפלאַקערט די ליעבעס־געפיהלען. אין מיטען האָט זיי דער המון אָבגעשטויסען אַהינטער, און די ליעבענדע האָבען זיך צושיידט.

ס׳איז שוין אַני׳אַלטער מנהג אין כסלונעווקע, אַז שמחת־תורה ביי נאַכט צו הקפות קומט גאַנץ שטאָדט, אָרים און רייך, אין דער גרויסער שול. בשעת דאַווידזאָהן מיט זיין קאָמפּאַניע זענען אַריין אין שול, האָבען זיך דאָרט געפונען מענשען פון זיינע בעקאַנטע, וואָס זייערע קינדער לערנען זיך אין זיין שול, וועלכע האָבען איהם אַרויפגעפיהרט און אַוועקגעזעצט אויבענאָן נעבען ארון־קדש, און האָבען איהם מכבד געוועזן מיט אַ הקפה.

דאַווידזאָהן איז אַוועק און האָט זיך אַוועקגעזעצט איינזאַם אין אַ ווינקעל שול, אויפגערעגט און דערוואַרימט פון רחל׳ס קוש. ער זיטצט

און טראַכט וועגן איהר און צווי טראָפּענס טרעהרען, טרעהרען פון פרייד און גליק, האָבען אָבגעגלאַנצט ווי ברילּיאַנטען אין זיינע אויגען.

דער אַרומיגער געזאַנג האָט בעוועגט דאַווידזאָהנען אויפצושטעהן פון אָרט. ער איז צוגעגאַנגען צום ארון־קדש. די הקפות האָבען זיך שוין געענדיגט. די עלטסטע חשוב׳ע לייט פון דער קהילה טאַנצען אַ קאַראַ־האָד מיט די ספר־תורות אין די הענד, נאָך זיי טאַנצען און זינגען יונגע בחורים, און די אַרומיגע, קליינע און גרויסע, פּאַטשען מיט די הענד. אויך שמעון און זיינע פריינד שטעהען דאָרטען און קוקען זיך איין ווי דער עולם מאַכט זיך לוסטיג. רחל געפינט זיך אויך דאָרט און רעדט מיט׳ן גאַסט, שמעון׳ס חבר, און ווייזט בשעת מעשה אויס זעהר שען. דאַווידזאָהן האָט איהר דערזעהען און האָט אַזש אָנגעקוואָלען. ער איז צו איהר צוגעגאַנגען, געגריסט זיך מיט איהר און געזאָגט:

— מיך פרעהט זעהר צו זעהען אייך דאָ שטעהענדיג געראַם. איך האָב געזעהען די ענגשאַפט מיט די שטופּעניש הינטער דער בימה, ווי איינער דעם אַנדערען האָט געשטויסען מיט די זייטען און מיט די פּלייצעס. האָט אייך גאָרנישט פּאַסירט?

— גאָרנישט!—האָט געענטפערט רחל בעשיידען—איך דאַנק אייך, מיין הער, פאַרוואָס איהר בעקימערט זיך אַזוי וועגען מיר.

— איך וואונדער מיך—האָט געזאָגט דאַווידזאָהן—אייער ברודער שמעון האָט דאָך געוואוסט, אַז איהר געהט צו הקפות אין שול, סאָ וואָרום האָט ער אייך געלאָזען אַליין, און איז געקומען מיט מיר?

— שמעון האָט ניט געוואוסט, און היינט איז דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך בין אַהער אַריין. איך האָב אָבער קיין חרטה ניט, וואָס איך בין געקומען,—האָט געזאָגט רחל און האָט זיך פערשעמט, וואָס עס האָט איהר צוגעגעבען אַ בעזונדער חן.

דאַווידזאָהן איז געשמאַכען זעהר אויפגערעגט, בעמיהענדיג זיך איינשטילען זיינע געפיהלען, כדי זיין ליעבע זאָל זיך ניט אַרויסווייזען דאָ פאַר אַלעמען אין די אויגען.

— איך בין אַריין און האָב געזעהען דאָס, וואָס איך האָב שוין לאַנג ניט געהערט—יודען פרעהען זיך!... האָט רחל פערענדיגט איהרע רעד.

— און איך לעג צו דעם צו—האָט געזאָגט דער גאַסט—ווי יודען טאַנצען און מאַכען זיך נאַריש ווי שכור׳ע!

— ריכטיג האָסטו געזאָגט—האָט זיך דאַווידזאָהן אָבגערופען אַ

דיין חבר—ווי שכור׳ע, אָבער ניט שכור׳ע. אָט די יודען, וואָס זענען זיך משמח, וואָס שפּרינגען און טאַנצען, קען איך גאַנץ גוט. דאָס רוב פון זיי זענען אָרימע לייט, זייער ברויט קומט זיי אָן גאַנץ שווער, קיין וויין און קיין ביער טרינקען זיי ניט; זיי זענען שכור, אָבער ניט פון ווייך, די תורה מאַכט זיי שכור, און זי איז זייער פרייד. ווי שטאַרק זיי ליעבען איהר! זעהט נאָר די פייער-פונקען אין זייערע אויגען, זעהט נאָר זייער בעגייסטערונג, זייער התלהבות!

פּלוצים האָט איינער פון דאַווידזאָהנס בעקאַנטע איהם אַ כאַפּ געטהון פאַר׳ן פּאָלע און האָט איהם נאָך זיך אַריינגעשלעפּט אין קאַראַהאָד, אויסשרייענדיג דערביי: קום, מיין פריינד! לאָמיר טאַנצען! צו זיי האָבען זיך באַהעפטעט נאָך פרעהליכע יודען, איינער האָט אַרויפגעלעגט די האַנד אויף דעם אַנדערענס אַקסעל, און מ׳האָט זיך גענומען דרעהען אין קאַראַהאָד און זינגענדיג דערביי:

„נָגִיל וְנָשִׂישׂ בְּזֹאת הַתּוֹרָה,
כִּי הִיא לָנוּ עֹז וְאוֹרָה.
תּוֹרָה הִיא עֵץ חַיִּים,
כִּי עִמָּהּ מְקוֹר חַיִּים".

און אַנטקעגען זיי האָט זיך אַן אַלטער יוד געטאַנצט פאַר זיך איינער אַליין. די פּאָלעס פון זיין קאַפּאָטע זענען פערוואָרפען אויף זיינע פּלייצעס, און ער שפּרינגט זיך, און ווי אַ בת-קול ברומט ער זיך דערביי אונטער און זאָגט:

— וואויל איז אייך, יודען! וואויל איז אייך, יודען! וואויל איז אייך, יודען! וואויל איז אייך!

---

ח.

# וועה איז צו די עלטערען און וועה איז צו די קינדער!

דאַווידזאָהן און זיין גאַסט, יעקב נופף, זענען געווען חברים אין ראַבינער-שול. פון דער ערשטער מינוט אָן, וואָס זיי האָבען זיך איינער מיט דעם אַנדערען דערקענט, זענען זיי צווישען זיך געוואָרען גוטע פריינד. זיי האָבען זיך געטהיילט מיט דעם גראָשען, און איינער דעם צווייטען האָט געהאָלפען אין דער נויט. ביידע זענען זיי געווען גלייך

געבילדעט און ענטוויקעלט, גלייך בעגאַבט און פעהיג;ביידע זענען זיי געווען גוטע און פריינדליכע מענשען. און דאָך איז געווען צווישען זיי אַ־אונטערשייד. דאַווידזאָהן האָט ליעב געהאַט צו טהון גוטס צוליעב דאָס גוטס אַליין, ווייל דאָס איז אַ שענע זאַך, און פערדיענט מ'זאָל עס טהון; און יעקב נופך וויל, אַז פון דער גוטס, וואָס ער טהוט, זאָל איהם אַליין, אגב, אויך אַרויסקומען אַ שטיקעל טובה. דאַווידזאָהן יאָגט זיך ניט נאָך גרויסע זאַכען, ער איז אַ־עניו, און אַלע מענשען זענען ביי איהם גלייך, רייך און אָרים, און יעקב נופך וויל אַלץ זיין צווישען גרויסע, רייבען זיך אָן רייכע, און זיין מיט זיי אַ מחותן. און פונדעסט־וועגען, ווי פערשיידען זיי זענען געווען אין זייערע כאַראַקטערען, זענען זיי איינער מיט דעם צווייטען געבליעבען אויפגעבונדען אפילו נאָך דעם, אַז זיי זענען שוין אַרויס פון ראַבינער־שול און זענען לעהרער געוואָרען אין קרוינישע שולען—דאַווידזאָהן אין כסלונעווקע, און יעקב נופך אין אַנ־אנדער שטאָדט. זיי פלעגען תמיד שרייבען בריעף איינער צום צווייטען, און איצטער איז נופך אַראָבגעפאָהרען זעהען זיך מיט דאַווידזאָהנען און זיך דורכרעדען מיט איהם.

ס'איז אַריבער דער יום־טוב און ס'זענען אָנגעשטאַנען די וואָכע־דיגע טעג. יעקב נופך איז נאָך ניט אָבגעפאָהרען. אין אַ געוויסען פאַר־נאַכט איז ער געזעסען ביי דאַווידזאָהנען אין צימער, איטליכער ביי אַ גלאָז טיי און מיט אַ פאַפּיראָס אין מויל, און האָבען זיך געשמועסט.

— יאָ, מיין פריינד—האָט זיך אָבגערופען נופך—צוריק אויף מיין אָרט פאָהר איך שוין ניט. איך וויל אָנקומען אין אוניווערזיטעט לערנען זיך. אַזוי האָב איך בעשלאָסען.

— און איך זאָג דיר נאָך אַמאָל, אַז מיר געפעהלט דיין בעשלוס ניט—האָט איהם געענטפערט דאַווידזאָהן—; געדענק נאָר, יעקב. אַנ־אָרימער און אַנ־עלענדער ביסטו געווען ווי איך און ווי נאָך פיעל פון אונזערע חברים. די ראַבינער־שול האָט דיך אויפגענומען און האָט דיך דערצויגען פאָטערליך, געגעבען דיר עסען און טרינקען, און אַלע דיינע בעדערפענישען האָסטו בעקומען פון די אָרימסטע פון אונזער פאָלק, דורך זייער האָרעוואַניע און שווערער פראַצע, נאָר כדי דו זאָלסט זיך פריהער אַליין לערנען און זאָלסט דערנאָך לערנען מיט זייערע קינדער. און איצטער נעהמסטו מיט אַמאָל און ווילסט זיי אַוועקוואַרפען. וואָס איז?—דיר ווילט זיך זיין אַ דאָקטאָר צי אַ יוריסט, כדי צו פערדינען געלד און צו לעבען אַ גוטען טאָג.

— דו מיינסט אפילו גוט, אָבער רעדען רעדסטו ניט ריכטיג — האָט איהם נופך געענטפערט. — אָט אַזוי איז שוין דיין שטייגער פון דער יוגענד אָן צו בעטראַכטען די וועלט, נאָר ווי זי קומט ביי דיר אויס לויט דיין פאַנטאַזיע. דו אורטהיילסט וועגען דעם ענין ווי ער דאַרף זיין, און ניט ווי ער איז באמת. אין אמת׳ן האָט דאָך אונזער פאָלק ניט געדען ניט די צוויי ראַבינער־שולען און ניט אונזערע קלענערע שולען און ניט אונז לעהרער. ניט זיי האָבען דאָך געגרינדעט די דאָזיגע שולען און ניט זיי זענען אויף זיי די בעלי־בתים. מ׳זאָגט זיי: גיט געלד — גיעבען זיי, די הערשאַפט געהערט דאָך אָבער אַ פרעמדען, ער געוועלטיגט איבער זיי און טהוט מיט זיי וואָס ער וויל. יודען שטאָלצי־רען מיט איהם, און ער פון די יודישע לעהרער חוזק׳ט אָב. אונזערע שולען האָבען קיין ווערטה ניט; ניט דער יודישער גייסט און ניט די יודישע אָרדענונג הערשט אין זיי!

— דעריבער — האָט זיך אָבגערופען דאַווידזאָהן מיט גרויס גע־פיהל — דאַרפען מיר, די פיאָנערען פון בילדונג, וועקען אונזער פאָלק, און רעדען צו איהם נאָכאַנאַנד, אָהן אַנ׳אויפהער, אויפווייזען איהם, אַז ס׳איז געקומען די צייט צו פעראינטערעסירען זיך מיט דער צוקונפט פון די קינדער צו ערציהען זיי אין דעם גייסט פון דער נייער צייט און פון בייעם דור, און פערהאַלטען זיך צו די שולען מיט גרויס אויפמערקזאמקייט. צוריק צו דיין אַרבעט, יעקב! פאָהר אַ היים, און לאָז ניט דיין אָרט...

ווי דאַווידזאָהן האָט געענדיגט רעדען, האָבען זיך דערהערט טריט. אין צימער איז אַריין יונתן מיט אַ פערדאגה׳טען פנים.

— איך זעה, מיין פריינד, אַז איהר זייט עפּיס פערזאָרגט — האָט זיך צו איהם דאַווידזאָהן אָבגערופען — זאָגט שוין מיר, וואָס איז דאָס מיט אייך?

— שמעון איז ניטאָ!... ער איז אַנטלאָפען! — האָט געענטפערט יונתן פערטרויערט...

— ווי אַזוי איז דאָס צו דעם געקומען?

— אָנגעהויבען האָט זיך עס פון די ישיבה־בחורים. אין שטאָדט איז אַרויס אַ קלאַנג, אַז עס זענען דאָ צווישען זיי אויסגעטהאָנענע פון לערנען, וואָס זיטצען אָב גאַנצע טעג אין דער ווייבערשער שול און שפּיעלען אין קאָרטען. מ׳האָט די זאַך אויסגעפאָרשט און עס האָט זיך דערגאנגען, אַז דאָס איז אַ קאָמפּאַניע ליידאַקעס, אָהן אַ פונק אמונה, לאַכען אָב פון יודישקייט און זענען מחלל שבת. זיי האָבען נאָך אויך

אראָבגעפּיהרט פון וועג אַנדערע אָרטיגע יונגע לייט. די גאַנצע שטאָדט קאָכט מיט דעם און דער צאָרען איז זעהר גרויס. די חסידים בעשולדי־גען די ליטוואַקעס, וועלכע גלויבען ניט אין גוטע־יודען, און זאָגען, אַז פון זיי האָבען זיך דאָס די יונגע לייט אָבגעלערענט זייערע שלעכטע מעשים. די שטאָדטיגע מלמדים וואַרפען אַלץ אַרויף אויף די ליטווישע מלמדים, אַז זיי האָבען דאָס זייערע תלמידים איבערגעפּיהרט, לערנענדיג מיט זיי תנ״ך מיט׳ן ״ביאור״ מיט ״לשון״ און נאַרישע מליצות, וואָס דערלאָזען זיי ניט פרום צו זיין. אַז אפרים האָט דערהערט, דאָס וואָס עס טהוט זיך אין שטאָדט, און ווי די עלטערען זענען אויפגעבראַכט אויף זייערע צולאָזענע קינדער, האָט ער אויסגעלאָזען זיין גאַנצען כעס צו שמעונ׳ען און האָט איהם געפּרובט שלאָגען. האָט גענומען שמעון און איז פון איהם אַנטלאָפען.

— די קינדער האָבען זיי טאַקי פערזינדיגט — האָט זיך דאַווידזאָהן אָבגערופען גאַנץ צוקאָכט — אָבער שולדיג זענען זייערע עלטערען, וואָס האָבען ניט געזאָרגט צו ערציהען זיי ווי געהעריג איז אין תורה און דרך־ארץ, און צו פעראייניגען אין זיי די תורה מיט דער בילדונג נאָך אין דער קינדהייט. אַז זיי ווערען גרעסער און דערשמעקען פון דער־ווייטענס דעם ריח פונ׳ם עץ־הדעת, וועלכען זייערע טאַטעס האָבען אַרומגעצוימט מיט ברענענדיגע שלאַנגען, מיט׳ן העלישען פייער פון גיהינום און מיט מלאכי־חבלה, ווערען זיי אונרוהיג אין זייער נשמה אין הערען אויף צו גלויבען. די טאַטעס זינדיגען געגען זייערע קינדער און זענען נאָך אויף זיי אין כעס. די קינדער ליידען נאָר צוליעב זייערע עלטערען!

— און זיי בעשולדיגען נאָך אַנדערע! — האָט געזאָגט יונתן — אויף אונז איז מען אויך אין כעס, און מען פעראַכט אונזער נאָמען.

— אָט, פאָלג מיך, לאָז זיי! — האָט זיך אָבגערופען נופך, אָננעהע־מענדיג זיין פריינד פאַר׳ן האַנד — לאָז זיי; לאָמיר אַריין אין אוניווערזי־טעט, דאָרטען וועלען מיר זיך בילדען ביי די גויים, און אונז וועט זיין גוט.

— ניין, מיין פריינד! — האָט איהם דאַווידזאָהן, געענטפערט אויפ־הייבענדיג זיך פון זיין אָרט — געהען פיטערען זיך אין פרעמדע פעלדער בשעת דאָס אייגענע פאָלק וואַרט אויף דער הילף פון זיינע קינדער, — דאָס איז אַ גרויסער פערברעכען. איך וועל שטעהען אויף מיין פּאָסטען, וועל רעדען צום פאָלק, מהרה זיין איהם און זאָגען: ס׳איז צייט צו בויען

יודישע ערציהונגס-אַנשטאַלטען! קומט און בויט איהר זיי, דאַן וועט אין די הערצען אַ גייסט פון חיסענשאַפט און יראת-שמים, און די בעלי-בתים וועט איהר זיין. דאַמאָלסט וועלען אַלע אייערע קינדער זיין קינדער צו זייער פאָלק, געלערענטע אין תורה און אין חכמה, און שלום וועט זיין צווישען אייך. טאָמער ווילט איהר ניט און געהאָרכט ניט—וועט איהר האָבען אַ ביטערען סוף, און איהר וועט שפּעטער שטאַרק חרטה האָבען!...

---

## ט.

אַן אומעטיגער און אַ צעטראָגענער איז אַרומגעגאַנגען אפרים איבער זיין צימער אין איינעם פון די הערבסט-טעג. דער טאָג איז געווען אַ קאַלטער און אַ וואָלקענדיגער. אַ ווײַלע האָט ער זיך אָבגעשטעלט און גענומען גרייזלען זיין באָרד, אַריינלעגענדיג איהר מינוטענווייז אין זיין מויל פון פערטראַכטקייט, און אין אַ ווײַלע אַרום איז ער צוגעלאָפען צום פענסטער און האָט אַרויסגעקוקט מיט אונגעדולד אויפ'ן גאַס. ער האָט זיך אויף יעדען פון ווייטען אַיינגעקוקט, און זעהענדיג אַז ער האָט אַ טעות געהאַט, און אַז דאָס איז ניט דער, וועמען ער דאַרף, האָט ער פון כעס אַ טופע געטהון מיט די פיס, און איז אַריבער אין דעם אַנדער זייט צימער. באַלד איז ער אָבער ווידער צוגעפלויגען צום פענסטער, האָט אַרויסגעקוקט מיט האַרץ-קלאַפּעניש און מיט שמאַכטענדיגע אויגען. צו זיין בעדויערען האָט ער אויך דעם מאָל אַ טעות געהאַט. אַזוי איז אפרים אומגעגאַנגען אין שטוב הין און צוריק, ביז ער האָט דערהערט טריט אין פירהויז. באַלד האָט זיך געעפענט די טיהר.

— בעל-הבית'טע! בעל-הבית'טע! — האָט זיך פונאַנדערגעשריען אַ פרוי, וועלכע האָט זיך אַהעקגעשטעלט אין טיהר און האָט אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ אין צימער.

— געה צו אַלדי שוואַרצע יאָהר! — האָט זיך אויף איהר אפרים אָנגעבייזערט, דערזעהענדיג, אַז זיין האָפנונג האָט איהם ווידער אָבגעי נאַרט—איך האָב דיר חיפיעל מאָל פערזאָגט, דו נאַרישע יודענע איינע, אַז דו זאָלסט ניט אַריין צו מיר אין צימער מיט אַ ליאַרים. צו אַלדי שוואַרץ יאָהר, דו נאַרישע דיענסט!

די דיענסט האָט זיך געמאַכט ניט הערענדיג, האָט אויסגעשנייצט

דעם נאָז און איז אַרויסגעגאַנגען, און אפרים געהס נאָך אַלץ אום זעהר צעטראָגען, ער קוקט און הערט זיך צו מיט גרויס אונגעדולד. מיט אַמאָל האָט זיך ווידער געעפענט די טיהר.

— שרה?!

— וועה איז מיר, אפרים! — האָט שרה אויסגעשריען אויפ׳ן קול אַריינגעהענדיג—וועה איז מיר, וואָס פאַר אַ ביטערען מזל איך האָב דאָס אויף דער וועלט! ווייניג איז מיר מיין אַרבעט אין דער היים. אָהן מיר גיט דאָך קיינער ניט אַ ריהר מיט אַ פינגער עפּעס צו טהון און קיינער הייבט זיך ניט אויף פון אָרט ערגעץ צו געהען! ווייניג איז פאַר מיר, וואָס איך דאַרף אייך אַלעמען טראָגען אויף מיין קאַרק, וועה איז מיר, און בין אַ גאַנצען טאָג אַיינגעשפּאַנט ווי אַ ני׳אָקס אין דער סאָכע, דאַרף איך זיך נאָך, אַני׳אומגליקליכע, אַרומשלעפּען אין אַזאַ רגענדיגען טאָג, ווען מ׳זעהט אין גאַס ניט אפילו קיין משוגענעם הונד! מסתמא איז אויף מיר אַזוי נגזר געוואָרען, און בין געבאָרען געוואָרען אין אַזאַ שלעכטען מזל... גערעכט ביסטו, גאָט און זיין משפט איז גערעכט! אין אַזאַ שניי האָב איך געמוזט געהען צו בנימינ׳ען, וועלכער וואוינט אַני׳עק וועלט, אַזש ביי דעם נייעם שעכטהויז!.. גיעב כאָטש אַ קוק, ווי מיינע שיך זענען פול שניי און ווי עס קוקען אויף מיר אויס מיינע בגדים!

— וואָס האָט דיר געזאָגט בנימין? — האָט איר אפרים געפרעגט מיט אונגעדולד—ס׳איז ריכטיג, אַז ער האָט איהם בעגעגענט אין וועג?

— ווינד און וועה איז מיין מאַמע, וואָס האָט מיך געבוירען! — האָט שרה ווידער גענומען שרייען—ווייניג זענען פאַר מיר מיינע אַלטע צרות, האָט נאָך גאָט אויף מיר אָנגעשיקט נייע צרות! אויב ניט היינט, וועל איך פון מיינע צרות מאָרגען האָבען אַ פּלוצלונגען טויט... איך קען שוין מעהר ניט אריבערטראָגען!

— וואָס האָט דיר געזאָגט בנימין? — האָט איר אפרים אַ צווייטען מאָל געפרעגט.

— איך קען שוין ניט אויסהאַלטען! — האָט שרה אויסגעשריען אויפ׳ן קול און האָט אַ ביטערען זיפץ געטהון—וועה איז מיר, וויפיעל צרות איך האָב דאָס!... דו, אפרים, האָסט דאָס אַלץ אָנגעמאַכט, דו, דו, נאַר דו! און איך, נאַרישע פרוי, הער נאָך וואָס דו זאָגסט, און געה וואוהין דו שיקסט מיך...

— קומט, געהט אַרויס, זעהט איהם, מ׳האָט איהם שוין געפונען! — האָט זיך פּלוצים דערהערט אַ ליאַרים פון פירהויז.

הערענדיג די ווערטער, זענען שרה מיט אפרים׳ען הענדום־פּענדום אַרויסגעלאָפען פון שטוב.

— ווי ווערה האָט מיר געטהון דאָס האַרץ, אַז ער איז אַנטלאָפען געוואָרען! — האָט די דיענסט געזאָגט צו די שטוב־מיידלאַך.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ געשריי? — האָט שרה געפרעגט ווי אַ ווי אַ צומישטע.

— ס׳האָט זיך אָבגעפונען! ס׳האָט זיך אָבגעפונען! — האָט זיך אָבגערופען די דיענסט, דערזעהענדיג די בעל־הבית׳טע — און איהר געזיכט האָט געפלאַמט — געפונען, זאָל איך אַזוי געפינען ווען מיר איז ליעב! די רגע ברענג איך איהם אַהער.

ווי צוגעשמידטע זענען אפרים מיט שרה׳ן געבליעבען שטעהן אויף זייערע ערטער, דערוואַרטענדיג צו זעהען זייער פערלאָרענעם זוהן, — און האָבען אַ וואָרט ניט געקענט אויסרעדען פון אויפגערעגטקייט.

— איצטער וועט איהר שוין זעהען, אַז איך זאָג ריכטיג — האָט די דיענסט גערעדט צו זיך אַליין, צוריקקעהרענדיג זיך אין אַ ווײַלע אַרום פון קיך.

רעדענדיג האָט זי אַרויסגענומען פון אונטער דער פאַטשיילע אַ רויטען און אַ געזונדטען האָהן, וועלכער האָט זיך גאַנץ לוסטיג פונאַנדערקרעהט, דערזעהענדיג ווי אַלע שטוב־מענשן זענען איהם אַרויס מקבל פנים זיין.

— אַ רוח אין דיין טאַטענס־טאַטען אַריין! — האָט זיך שרה פונאַנדערגעבייזערט אויף איהר דיענסט! דו וועסט אויסברעכען דעם ברויט, וואָס דו האָסט ביי מיר געגעסען, פאַסקודסטווע דו איינע! האָסט ניט געקענט פערשליסען גוט דעם שטייג?... איצטער זעהסטו, אַ יי ן ווײַלע בין איך ניט געוועזען אין שטוב, און קיין זאַך איז שוין ניט אויף זיין אָרט!...

אפרים, דערזעהענדיג זיין סעות, האָט זיך דערווײַלע אַריינגעגנב׳עט צו זיך צוריק אין צימער, און די גאַנצע צייט, וואָס שרה איז געשטאַנען און האָט זיך געקריגט מיט דער דיענסט, האָט ער ניט געקענט אַיינשטיין; איהם האָט זיך שטאַרק געוואָלט הערען, צי עס איז אמת, אַז בנימין האָט באַגעגענט שמעון׳ען אין וועג. קוים וואָס ער האָט זיך דערוואַרט צו זעהען זיין פרוי און צו הערען איר תשובה, און איצטער, אַז זי איז שוין געקומען, שטעהט זי און קריעגט זיך צוליעב אַ

האָהן. וועה, ווייבער, ווייבער!—האָט אפרים צו זיך אַ זאָג געטהון פון פערדרוס, און האָט זיך געכאַפּט שטאַרק גרייזלען די באָרד.—אַז איהר זוהן איז ניט געוואָרען האָט זי פיעל געוויינט, און איך האָב אויסגעווי־זען ווי אַ האָרט־האַרציגער, און איצטער האָט איר די מעשה מיט׳ן האָהן אַזוי אָנגענומען פאַר׳ן האַרצען, אַז זי האָט פערגעסען אָן איהר זוהן... אַייערע טרעהרען, ווייבער, זענען וואַסער, און אַייערע זיפצען—גאָר־נישט מיט גאָרנישט! וועה, ווייבער! ווייבער!—האָט אפרים ווידער אויס־גערופען און האָט ווידער גענומען גרייזלען די באָרד נאָך שטאַרקער ווי פריהער.

— האָסט געזעהען אַ ביסעל, אפרים?—האָט שרה געפילדערט אַריינגעהענדיג צוריק אין איהר מאַנס צימער—דו האָסט געזעהן, וואָס דאָ איז געוועזן? אַ ווײַלע בין איך ניט געוועזן אין שטוב, ערשט עס טהוט זיך שוין מעשים תעתועים! איצטער ווייסטו שוין וויסען מיין פיין און מיין האָרעוואַניע. וועה איז מיר, איך האָב דאָך שוין קיין כח ניט צו ליידען. איך האָב נאָך ניט אָבגערוהט פון מיין ווייטער וועג, ערשט באַ דיר אַ נייע אָנשיקעניש!...

— וואָס האָט פאָרט געזאָגט בנימין?—האָט איהר געפרעגט אפרים, וועלכער האָט זיך שוין מעהר ניט בעקענט איינהאַלטען.

— שטעל דיך פאָר, אַז איך בין געגאַנגען אַזאַ מהלך ביז איך בין געקומען צו בנימינ׳ען, וועלכער וואוינט אין אַג׳עק וועלט—נעבען שעכטהויז!

— און וואָס האָט ער געזאָגט?

— מ׳הערט קיין זאַך ניט. וועה איז מיר! נעכטען איז בנימין צוריקגעקומען פון וועג, און ער האָט מיר געשוואָרען ביי גאָט, אַז ער האָט שמעונ׳ען ניט געזעהען, און אַז ערשט היינט האָט ער דערהערט וואָס ס׳האָט מיט איהם פאַסירט. געננוג חרפה און פערדרוס האָט ער פון זיין טהייערען איידימ׳ל, וואָס האָט איהם בעגנב׳עט און איז אַנטלאָ־פען געוואָרען צו זיין יודען... מיין קינד, אונזער שמעון, וועה איז מיר, איז דערוויילע ניטאָ... ווער ווייסט, וואו ער איז איצט, און וואו ער וואָ־געלט אַרום אין אַזאַ שניי?!... אוי, מיין זוהן! מיין זוהן!

— אוי, דער האָהן! דער האָהן!—האָט איהר אפרים נאָכגעבראָכט פון גרויס כעס.

— איך רעד וועגען מיין זוהן, און ער גאַ דיר גאָר, קומט מיט׳ן האָהן!—האָט זיך שרה פונאַנדערגעבייזערט—ער קען מיר אַלץ ניט מוחל

זיין די מעשה מיט׳ן האָהן. שוין וויפיעל מאָל האָב איך איהם, דאַכט זיך, געזאָגט, אַז דער האָהן, דער פּרעסער, איז אַליין אַראָב אין די יאַגדעס און איז שוואַרץ געוואָרען, און ער האַלט זיך אַלץ ביי זיין זאַך. אָט נעהם בעסער און לייען מיר נאָך אַמאָל איבער דעם בריעף, וואָס שמעון האָט איבערגעלאָזען פאַר זיין אַנטלויפען, טאָמער וועל איך עפּיס פון איהם קענען דערגעהען. נאָר זעה, אפרים, לייען אָקאָרשט ריכטיג, ועסץ מיר גוט איבער איטליכעס וואָרט, איך זאָל קענען גוט פערשטעהען.

אפרים האָט אַ ווײַלע אַ קלער געטהון. דערנאָך האָט ער אַרויסגענומען דעם בריעף און האָט איהם איבערגעלייענט. אין בריעף איז אַזוי געשטאַנען:

„צו מיינע טהייערע עלטערן, שלום!

מיט טרעהרען און מיט אַ ציטערענדיגער האַנד האָב איך גענומען די פעדער צו שרייבען אייך דעם דאָזיגען בריעף, איידער איך געה אַוועק פון אייער הויז! מיר טהוט זעהר וועה וואָס דאָס האַרץ, וואָס איך דאַרף פערלאָזען מיין געבורטס־שטאָדט און דאָס הויז פון מיינע עלטערן און אַרומצוואָגלען ווי אַ פויגל פון איהר נעסט. איך האָב מיך אָבער אויסגערעכענט און דערזעהען, אַז דאָ קען איך ניט פערבלייבען.

איך קען דעם טאַטען און איך וויים, אַז ער וועט מיך ניט אויפהערען צו שטראָפען און צו ברענגען מיינע טריט, אויב כ׳וועל אָבטרעטען פון זיין וועג כאָטש מעהר ניט ווי אויף אַ האָר. ער צעהלט מיינע טריט און ווערט אויף מיר אויפגעבראַכט פאַר יעדער קלייניגקייט, און איך, גאָט איז מיין עדות, קען מיך ניט פיהרען ווי ער וויל. וואָס זאָל איך טהון, אַז איך קען ניט זיצען אין דער פינסטערניש, אַז איך קען מיך ניט איבערגעבען צום פאַנאַטיזם, אַז איך וויל מיך בילדען, און וויל געפינען ריכטיגע ענטפערס אויף די אַלע פראַגען, וואָס דערוועקען זיך אין מיר טאָג־טעגליך!“

— וואָרט, אפרים! — האָט זיך אָבגערופען שרה — גיעב מיר צו פערשטעהען, וואָס מיינט ער דאָ.

— שמעון שרייבט... שמעון זאָגט... — האָט אפרים געפּרובט איבערזעטצען דעם בריעף, און זעהענדיג, אַז איהם קומט דאָס אָן שווער, האָט ער געכאַפּט אָן אַ זאָג געטהון: שמעון שרייבט נאַרישקייט; ער שרייבט, אַז איהם איז ניט גוט צו זיטצען ביי די עלטערן.

— וועה איז מיר! — האָט שרה געזאָגט מיט אַ קרעכץ.

אפרים האָט ווייטער געלייענט:

— „צי בין איך דען שולדיג, אַז די ספרים, וואָס איך האָב געלייענט ביז אַהער, לערנען מיר ניט קיין רעכטס און קלערען מיר ניט אויף די וועלט? זיי זאָגען, אַז נאָר די גויים דאַרפען אַלץ וויסען און אַלץ קענען, און די יודען זענען דאָ אויף דער וועלט בלויז מקיים צו זיין די תרי״ג מצוות... איך האַלט, אַז דאָס איז אָבער ניט אַזוי. איך האָב פיינט יענע, וואָס גיעבען זיך אָן פאַר די פיהרער פון פאָלק און פערפיהרען איהם אין אַלע פינסטערע וועגען. אפילו ווען דו וועסט מיך שלאָגען, הרג׳ענען, וועל איך פון מיינע געדאַנקען ניט אָבטרעטען. דו ווילסט מיר נאָר צווינגען צו זיין אַ פאַלשער מענש, צו פערשטעלען זיך, אָנטהון אויף זיך אַ מאַסקע און ווערדען אַ צבוע׳יאַק. וואָס איז אָבער דער סוף פון אַזאַ מענשען?...״

— גענוג, אפרים! — האָט שרה געזאָגט — דו האָסט זיך אַזוי פיעל אָנגעלייענט, אַז דו האָסט זיך שוין פערמאַטערט, און מיר האָסטו נאָך גאָרנישט איבערזעצט.

— וואָס זאָל איך זאָגען, און וואָס זאָל איך דיר איבערזעצען? — האָט געענטפערט אפרים — נאַרישקייטען שרייבט שמעון, דורך נאַרישקייטען. גלויב מיר, אַז איך פערשטעה אויך ניט, וואָס ער פלוידערט דאָ.

— ווי זאָל איך דיר ניט גלויבען, ווען איך זעה ווי דו מאַטערסט דיך אַזוי און ווי דו שטעלסט דיך יעדע רגע אָב, עפּיס ווי דו ווערסט געשטרויכעלט. אַז דו ביסט געוועזען יונג ווי שמעון, האָסטו אויך ניט געקענט שרייבען ווי ער, און מ׳האָט נאָך געדאַרפט האָרעווען, ביז מ׳איז דורכגעקראָכען דיינע בריעף און מ׳האָט פערשטאַנען וואָס דו שרייבסט. אַז שמעון וועט ווערען עלטער און וועט זיין אין דיינע יאָהרען, וועט ער אויך קענען שרייבען. און אז גאָט וועט וועלען געוואָלט, און ער וועט געוואָרען ירחמיאל׳ס אַ חתן, וואָלט איהם זיין שווער אויסגעלערנט גוט שרייבען. וויפיעל מאָל האָסטו דאָך געלויבט ירחמיאל׳ן, אַז ער איז אַ „ספרא רבא״ און פלעגסט מיר תמיד איבערזעצען זיינע בריעף מיט גרויס פערגעניגען... אָבער אַ רוח אין זיין טאַטענס טאַטען אַריין! פערענדיגט, אפרים לייענען דעם בריעף; אפשר וועסטו אין איהם פאָרט עפּיס אויסגעפינען.

— „דעריבער — האָט אפרים ווייטער געלייענט — מוז איך אַוועק פון דיין שטוב. מיט דעם וועל איך אי מיר טהון אַ טובה, אי איך וועל זיין אַן אָנלערנונג פאַר לייטען, זיי זאָלען ניט געוועלטיגען איבער זייערע קינדער מיט גוואַלד. גאָט שטראָפט ניט עלטערען פאַר קינדער,

„דעריבער טאַטע — האָט אפרים, ווייטער געלייענט, — איז פאַר מיר נישטאָ קיין אַנדערע ברירה ווי נאָר צו פערלאָזען דיין הויז, דער־מיט וועל איך זיך אַליין האָבען געראַטעוועט, און אויך אַנדערע וועלען זיך פון מיר אָפּלערנען נישט צו געוועלטיגען מיט געוואַלד איבער זייערע קינדער; זאָלען זיי זעהען און זיך אַראָפּנעהמען פון מיר אַ מוסר, אַז מען טאָר נישט געוועלטיגען מיט׳ן שטעקען איבער דעם מענשענס נשמה און אַז אַ טאַטע טאָר נישט בעצווינגען דאָס האַרץ פון זיינע קינדער צו טהוען דערמיט ווי איהם געפעלט. אַ זוהן דאַרף ערליך האַלטען דעם פאָטער מיט זיין געלד און מיט זיין פערמעגען, אָבער נישט מיט זיין נשמה, ער זאָל זי איבערענטפערען צום פאָטער אין האַנד אריין, ער זאָל מיט איהר טהוען וואָס ער וועט וועלען, וואָרום די נשמות קעהרען צו גאָט. סיי די נשמה פון פאָטער סיי די נשמה פון זוהן, בעדאַרפען עהרליך האַלטען גאָט: לערנען און וויסען זיינע דרכים און אויסקלויבען זיך זיין וועג מיט דעם גוטען ווילען און מיט שכל, דערפאַר משפט גאָט אַליין אַלע מעשים פון דעם מענשען, און דערפאַר שטראָפט ער נישט דעם זוהן פאַ״ן טאַטען און נישט דעם טאַטען פאַר׳ן זוהן... יעדער מענש קלויבט זיך אויס איין וועג און דערפאַר געהט ער אין איהם בשלום און מיט שכל. אַזוי דאַרף זיך פיהרען דער מענש, לויט די רייד פון איינעם אַ געלעהרענטען ביי וועמען איך האָב דאָס געלעהרענט און צו וועמען עס געהערען אַ סך געדאַנקען פון מיין בריעף... זייט-זשע געזונד מיינע טייערע עלטערען! מיט אַ צעבראָכען האַרץ געזעגען איך זיך מיט אייך איידער איך פאַרלאָז אייך. ווער ווייסט ווען איך וועל אַ מאָל צוריקקומען כדי אייך צו זעהן? און ביז דער צייט, האָף איך, פאָטער מיינער! אַז דו וועסט מיר נישט זוכען, וואָרום אומזוסט וועט זיין דיין אַרבייט. נאָך אַ מאָל גרוסט אייך אייער זוהן, וואָס ווערט פערטריבען פון זיין פאָטערס טיש, שמעון״.

— אויך אין דעם בריעף האָט ער אַ סך אָנגעבאַטשקעט — האָט אפרים געזאָגט — נאָר ס׳איז נישטאָ וואָס צו לייענען אַ חוץ דעם גרוס צו אינז.

— אַ גרוס צו מיר! — האָט שרה זיך צעוויינט — וועה צו דער וויסטער מאַמען! וואָס טויג מיר דאָס גרוסען און דאָס גאַנצע לעבען, אַז מיין קינד, מיין אויג אין קאָפּ, איז נישטאָ און בלאָנקעט זיך ערגעץ אַרום אויף גאָטס וועלט! דו, אפרים, דו, נאָר דו ביזט שולדיג אין אַלע צרות, שטענדיג ביזטו צו איהם שלעכט געווען און מיט הרפה

איהם געפּאַטשט, שטענדיג איהם מבזה געווען און נישט גערעדט צו איהם קיין גוט וואָרט, ווי עס רעדט אַ טאַטע צו אַ קינד.

—צו וואָלט דיר דען בעסער געווען—האָט אפרים געזאָגט—ווען איך וואָלט איהם געלאָזט טוהן וואָס זיין האַרץ האָט געגלוסט? מען וואָלט דיר דאָך פערשאָלטען, וואָרום דו ביזט דאָך די מאַמע וואָס האָסט איהם געבוירען. און פונדעסטוועגען זאָרג נישט. שרה! הער אויף צו וויינען און גיעסען מיט טרעהרען ווייל אַלץ וואָס ער שרייבט אין זיין בריעף איז נאַרישקייט, ס'איז נאָר גלאַט גערעדט אַזוי, ס'וועט געדויערען נאָך עטליכע טעג, וועט זיך איהם אויסלאָזען דאָס ביסעל געלד, וואָס ער האָט און ער וועט מיד ווערען פון אַרומבלאָנקען זיך, וועט ער זיך בעדענקען און וועט צוריק קומען. האָב נישט מורא שרה, ער וועט קומען, אַ ליאַדע טאָג וועט ער אָנקומען.

שרה האָט איבערגעווישט די טרעהרען, וואָרום דעם מאַנס ווער־טער האָבען זי געטרייסט.

—ווען דו ווילסט מיך פאָלגען—האָט אפרים געזאָגט—וואָלט איך דיר געראָטען אָנצוצונדען אַ לאָמפּ, וואָרום דער אָוועגד פאַלט צו און לאָמיר אַריינגעהן זוכען אין שמעונס. חדר, אפשר וועלען מיר נאָך דאָרט געפונען פון זיינע טרפהנע ביכלעך, וואָס האָבען איהם אַראָב־געפיהרט פון גלייכען וועג, וועלען מיר זיי אויסרוימען, כדי, ווען ער וועט צוריקקומען, זאָל ער זיי שוין מעהר נישט געפונען און זיי ווע־לען איהם מעהר ניש פערפיהרען.

---

# ט.

## די „רעוויזיע"

ווען אפרים האָט אויפגעמאַכט די ספרים־שאַנק אין שמעונס חדר, האָט שרה געזאָגט: „רבונו של עולם, זאָל אַריין אַ שד אין מיינע פיינד און זאָלן משוגע ווערען מיינע שונאים, פון זיי, אָט פון די בי־כער קומט מיר מיין גאַנץ אומגליק."

—לייכט צו בעסער—האָט אפרים געזאָגט צו זיין ווייב—איך זאָל קענען זעהן וואָס דאָ טהוט זיך.

—אויב דו וועסט אַרויסנעהמען פון שאַנק יעדעס ביכעל באַזונדער—האָט שרה געענטפערט וועסטו דאָך ביז מאָרגען אויך נישט ענדיגען; און איך האָב נישט קיין צייט דאָ צו שטעהן. צו מיינסטו אַז איך האָב ווייניג אַרבייט אין שטוב? פאָלג זשע מיך, וואַרף אַרויס פון שאַנק אַלע ביכער מיט אַמאָל וועל איך אַהער אַריינשטעלען די לאַדישעס און אָבהיטען דאָס ביסעל מילכיגס פון אונזער קאַץ די פרעסערקע.

—חלילה! אַזוי טאָר מען נישט—האָט אפרים געזאָגט—טאָמער זענען דאָ פאַראַן אויך אמת'ע ספרים, חלילה, איך וועל דאָס נישט טהוען. איינציגווייז וועל איך זיי אַרויס נעמען און אָבשיידען גוטס פון שלעכטס, און אויב דו ווילסט, שרה, קענסטו מיר אויך צו העלפען, וואָרום די „מערידען" האָבען זיך מיר היינט צושפיעלט און דער קושיוש ברעכט מיר שטאַרק...

—איך בין דאָך אַ פראָסטע יודענע—האָט שרה געענטפערט—ווי אַזוי זשע וועל איך וויסען וואָס דאָס איז?

—דו מיינסט האָט אפרים געזאָגט—אַז כדי צו דערקענען די דאָזיגע נייע חקירה ביכלעך דאַרף מען לייענען וואָס אין זיי איז געשריבען?—חלילה! וואָרום „אַ יוד טאָר נישט לייענען אין די ספרים חיצונים און טאָר נישט רעדען פון קיין שום חכמות חיצונים".

—און אויב מען לייענט נישט וואָס דאָרט שטייט בעשריבען—האָט שרה געפרעגט מיט וואונדער—ווי אַזוי זשע ווייסט מען אַז די ביכער טויגען נישט? טאָמער וועלען זיי גאָר האָבען אַ גוטע פעולה ווען מען וועט זיי לייענען?... נישט אַנרערש נאָר די שפעטעסט פון מיר אפרים, שפעטעסט אָב פון אַזאַ פראָסטער יודענע ווי איך בין.

פון דער דאָזיגער נאַאיווער שאלה איז אפרים געוואָרען שטאַרק געכפּלעפט, אַ ווייילע האָט ער געשוויגען, נאָר באַלד האָט ער געזאָגט צום ווייב מיט פערדרוס:

—איך האָב דיר שוין אַזוי פיל מאָל געזאָגט, דו זאָלסט מיר נישט פרעגען אַזעלכע נאַרישע קשיות, די דאָזיגע ביכלעך זענען טרפה, אַזוי האָטען געזאָגט אונזערע חכמים.

—אויב זיי האָבען אַזוי געזאָגט—האָט שרה ווייטער גערעדט תמ'עוואַטע—האָבען זיי זיך מן הסתם די דאָזיגע טרפה ביכלעך.

—שרה!—האָט אפרים אויסגעשריען בייז,—פערמאַך דאָס מויל און זאָלסט מעהר נישט ריידען אַזעלכע ווערטער.

—אפרים!—האָט אויך שרה אויסגערופען אין כעס,—וואָס איז, וואָס? וואָס האָסטו זיך עפּעס געגומען אַ צייט היינט פאַרנאַכט מיך צו דערגען ריידען, צו פייניגען און פערמאַטערן מיט אַזעלכע זאַכען, וואָס קעהרען זיך נישט אָן צו מיר. לאָז מיך צופרידען, אפרים! לאָז מיך אָפּ, איך וועל געהן צו מיין אַרבייט, און דאָ שטעה דיר דאָ און גראַבעל דיר צווישען די ספרים.

—העלף מיר צו,—איז אפרים ווייכער געוואָרען.—העלף מיר צו, שרה, ווייל ס׳איז מיר שווער אַליין, איך בין דאָך נישט געזונד!

—און ווי אַזוי וועל איך וויסען, וועלכעס ס׳איז גוט און וועלכעס שלעכט?—האָט שרה געפרעגט דעם מאַן, וואָס האָט איהר האַרץ ווייך געמאַכט מיט זיינע תחנונים־רייד.

—איך וועל דיך אויסלערנען בקיצור די סמנים,—האָט אפרים ווייטער גערעדט מיט גוטע ריידעלעך און זיך געבעטען ביים ווייב, וואָס ער האָט איהר פריהער דערצערנט.—זיי וויסען, שרה, אַז גאָט צו דאַנקען איז ביי אונז אין דער מדינה נישטאָ מעהר ווי צוויי יודישע דרוקערייען—איין דרוק אין ווילנאָ און די אַנדערע אין זשיטאָמיר, אין דער ערשטער דרוקט מען סיי גוטע ספרים, סיי שלעכטע ביכער. נישט אַזוי אָבער איז אין דער אַנדערער, וואָס האָט אַ רוהם אויף דער וועלט מיט איהרע הייליגע ספרים. דאָרט האָט מען נאָך קיינמאָל נישט געדרוקט דידאָזיגע נייע ביכלעך לויט׳ן דקדוק.

—וואָס איז דאָס אַזוינס דיק—דיק?—האָט געפרעגט שרה, וואָס האָט נישט געקאָנט אַרויסזאָגען דאָס וואָרט דקדוק.

אפרים איז ווידער געבליבען געפלעפט פון זיין ווייבס שאלה און נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערן. ביז אַהער האָט ער נישט געטראַכט צו וויסען וואָס איז טאַקע אַזוינס אין דער אמת׳ן דקדוק. כאָטש שטענדיג האָט ער אויסגערעדט אַלדאָס בייז אויף דעם דקדוק און אויף אַלע וואָס האַלטען פון דעם. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס אפרים האָט זיך פערטראַכט צו וויסען וואָס דאָס איז אַזוינס כדי צו ענטפערן דעם ווייב, וואָס האָט איהם געהאַלטען פאַר אַ מענש אַ גאַנצען ווייסער, ווי אַלע ווייבער, וואָס האָבען אָבשיי פאַר זייערע מענער און טראַכטען ביי זיך, אַז אַלץ ווייסען זיי, ווארום זיי זענען דאָך גרויסע, וואָס האָבען ווייבער און קינדער און אַ לאַנגע באָרד...

—ס'איז זעהר שווער,—האָט אפרים אָנגעהויבען שטאַמלען ווי אַ שטומער, נאָכדעם ווי ער האָט אַ ווײַלע געזוכט צו געבען אַנ'ענטפער לויט זיין כבוד און דעם כבוד פון באָרד,—זעהר שווער דיר צו געבען צו פערשטעהן... צו ערקלערן פאַר אַ יודענע אַזאַ זאַך איז זעהר שווער... און נאָך וואָס דאַרפסטו דאָס וויסען? דעריבער הער מיך אויס, שרה און וויים: אין זשיטאָמיר איז קיינמאָל נישט געדרוקט געוואָרען די נייע מליצה-ספרים, גון אַז דו וועסט אַרויסנעמען אַ ספר פון דער גרויסער שאַנק, וועסטו אַ קוק טהון אויף דעם פאָדערבלאַט, אויב דאָס ספר איז פון זשיטאָמיר, זאָלסטו דאָס אַוועקלעגען בעזונדער, וואָרום דאָס איז אַ כשר הייליג ספר.

—און וואָס זאָל איך טהון,—האָט שרה געפרעגט,—אויב אויפ'ן ספר וועט שטעהן ווילנאָ? דאָרטען, ווי דו זאָגסט, ווערען דאָך געדרוקט שלעכטע און גוטע ספרים.

—די מליצה-ספרים,—האָט אפרים ווייטער איבערגעגעבען סמנים זיין ווייב,—האָבען ברייטע בלעזען אַרום און זענען געדרוקט מיט קורצע שורה'לעך און מיט צייכענס, פינטעלעך, און כל'ערליי פאַסעקלעך; דעריבער זאָלסטו וויסען, אַז יעדער ספר וואָס איז געפינטעלט, מיט ברייטע און קורצע שורה'לעך איז עס אַ שלעכטער ספר!...

—איצט האָב איך עס שוין צעקייט!—האָט שרה געזאָגט צו איהר מאַן.—שטעל זיך אַרויף, אפרים, אויף דעם בענקעל און דערלאַנג מיר אַראָב די ספרים, און איך וועל שוין אַכטונג געבען, איצט וועל איך זיך שוין קאָנען פערשטעהן אויף די ספרים אַזוי גוט, ווי דו אַליין!...

אפרים האָט אַ ביסעל אָנגעבלאָזען אַ בייז פנים, הערענדיג דעם ווייבס תמ'עוואַטע רייד, וואָס האָבען דערנידעריגט זיין כבוד, נאָר ער האָט זיך איינגעהאַלטען און האָט נאָר אויסגעדריקט זיין שווער געמיט מיט אַ ציה פון די אַקסלען. ער איז אַרויפגעגאַנגען אויפ'ן בענקעל, האָט אַרויסגענומען פון שאַנק איין ספר און דערלאַנגט דעם ווייב.

—זשיטאָמיר!—האָט שרה אויסגערופען פרעהליך און בשמחה'דיג.

—לעג עס אַוועק אויפ'ן טיש,—האָט אפרים געזאָגט, אַראָפּבוי-גענדיג זיך אַ קוק צו טהון אויפ'ן ספר.—דער מחבר פון דעם ספר איז דער „בוצינא קדישא"!...—נאַ דיר נאָך אַ ספר.

—זשיטאָמיר!—האָט שרה אויסגערופען מיט אַ פרעהליך האַרץ.

—פון ווייטען דערקען איך דאָס טייערע ספר,—האָט אפרים געזאָגט,—הייליגע זאַכען געפינען זיך אין איהם און דער מחבר איז דער

„פטיש החזק"!... לעג עס אַוועק אויפ'ן טיש און נאַ דיר נאָך אַ ספר.
—זשיטאָמיר!—האָט שרה אויסגערופען מיט שמחה.
—אויך דאָס ספר דערקען איך, ס'איז אַ הייליג ספר, זיינע פירושים אויף תורה און אויף די הפטורות זענען גאָר הפלא ופלא, דער מחבר איז „עמוד הימיני"!... לעג עס אַוועק און נעם צו פון מיר אָט דאָס ספר.
די ספרים זענען געווען אויסגעשטעלט אין צוויי שורות. איין שורה אַריין ביי דער וואַנד און איין שורה אַרויס צו דער שטוב. אפרים האָט אַרויסגענומען אַלע ספרים פון דער אויסענוועניגסטער שורה און האָט אין זיי קיין שום שלעכטס נישט געפונען.
—מיינע שונאים אויף צעזעצעניש!—האָט שרה געזאָגט מיט גרויס געפיהל.—זאָלען מיינע שונאים זעהן די רעכטפאָרטיגקייט פון מיין זוהן,—ווייל נאָר אין מוסר-ספרים און גאָטספאָרכטיגע ספרים לערנט ער. און דו, אפרים!—האָט זי געשריען אויף אַ קול,—גאָר אומזיסט האָסטו געשלאָגען מיין קינד און האָסט איהם פערטריבען פון מיינע אויגען. איבער דיר בלאָנקעט ער זיך נעבעך אַרום ווי אַ פויגעלע, וואָס איז פערבלאָנקעט געוואָרען פון דער נעסט און ליידט הונגער און קעלט. דו, דו, דו נאָר האָסט פערשטערט מיין גאַנצע פרייד. מיינע שבתים און יום-טובים! גיב מיר צוריק מיין זוהן, אפרים!... אויב נישט, וועל איך אויך אַנטלויפען... כ'וועל אַנטלויפען, ווי איך בין אַ יודיש קינד!...
—בערוהיג זיך און שווייג!—האָט געענטפערט אפרים, וואָס איז שטאַרק נשתומם געוואָרען פון דעם אַלעמען און האָט זיך פערקרימט, הערענדיג דעם ווייבס געשרייען.—וואַרט צו נאָך אַ ווײַלע, און לאָמיר זעהן וואָס טהוט זיך אין דער אַנדערער שורה.
שרה האָט געקוקט אויפ'ן שער-בלאַט פון ספר, וואָס דער מאַן האָט איהר דערלאַנגט, האָט שטיל אָבגעזיפצט און געדרעהט דאָס ספר אויף אַלע זייטען.
—וואָס-זשע שווייגסטו?—האָט אפרים געפרעגט.
—איך קען נישט לייענען!—האָט שרה געענטפערט.
—וועה, וועה!—האָט אפרים אויסגערופען, אַ קוק געבענדיג אויף דעם ספר,—דאָס איז דאָך אַ בוך פון די גוי'שע ביכער! זעהסט שוין איצט ווער דיין זוהנדעל איז. דאָס האָט ער אומישנע אַזוי געמאַכט, כדי צו בעהאַלטען זיינע טרפה פסול'ן אונטער די הייליגע ספרים!...

—וואָס שטעהט דאָרט, אין די גוי׳שע ביכער?—האָט שרה גע־פרעגט.—מיר, יודען, לערנען, האָבען מיר אַ תּורה, מיט מוסר־ספרים, דינים און געזעצען, אָבער די גוים לערנען דאָך נישט... אויך זייערע קינדער לערנען דאָך נישט אין חדר ביי מלמדים, ווי אונזערע קינדער... דערויף זענען זיי דאָך גוים!...

—אַלע גוי׳שע ביכער,—האָט אפרים געענטפערט,—זענען איין פוסטע נאַרישקייט. פון איינעם אַ משומד, האָב איך געהערט, אַז די גוים האָבען נישט אַזעלכע ספרים ווי מיר, יודען, האָבען, וואָס זאָלען דערקוויקען דאָס האַרץ און שאַרפען דעם שכל, און ווען ביי זיי איז חגא, ווערט זיי מיאוס דאָס לעבען פון אַרומגעהען פוסט און פּאַסט, וואָרום זיי האָבען נישט וואָס צו לערנען... און דעמאָלט האָט ער נישט קיין אַנדער ברירה ווי צו לערנען משניות און זאָגען תהלים... און נאָך איינער אַ משומד האָט מיר דערצעהלט, אַז די גוי׳שע ביכער זענען אָהן שכל און ברענגען נישט קיין שום נוצען, דאָרט רעדט זיך פון נאַרישקייטען און שפּעטערייען: נאָכאַמאָל עפּעס אַ מעשה מיט אַ בתולה, וואָס בענקט נאָך איהר ליבהאָבער... און ווידעראַמאָל אַ מעשה מיט עפּעס אַ בחור, וואָס גלוסט דעם חבר׳ס ווייב... און עפּעס אַ מעשה מיט צוויי שררה׳ס, וואָס איינער האָט דעם אַנדערן אַ ביסעל פוגע בכבוד געווען, נעהמען דידאָזיגע משוגעים נאַראָנים און שיסען זיך איינער דעם אַנדערן... און ווידעראַמאָל אַ מעשה מיט עפּעס אַ יפת תואר און מיט אַ מויד, וואָס מען האָט איבערגערעדט, און מיט עפּעס אַ יונגער שענער אַלמנה...

ריידענדיג, האָט אפרים אַ סך מאָל אויסגעשפּיגען און האָט דער־לאַנגט דעם ווייב אַן׳אַנדער ספר, נאָכדעם ווי ער האָט אַוועקגעשמיצט דאָס ערשטע ספר.

שרה האָט געקוקט אויפ׳ן פּאָדערבלאַט און האָט געשוויגען.

—וואָס שווייגסטו שוין ווידער?—האָט אפרים געפרעגט.

—ווילנאָ!...—האָט שרה אַ רישטשע געטהון.

—זעהסטו שוין, זעהסטו שוין דיין זוהנדעלס מעשים?—האָט אפרים זיך געקאָכט,—דיין זוהנדעל האָט זיך שטענדיג געסטאַרעט מיך אָבצונאַרען און פערבעהאַלטען זיין שלעכטס, מיש נאָר איבער די בלעטער און זעה וואָס דאָרט איז.

—ס׳איז דאָ פינטעלעך מיט כּוַסקעלעך!—האָט שרה געענטפערט מיט אַ זיפץ.

—וואַרף עס אַרונטער אונטער׳ן טיש! נאַ דיר נאָך אַ גרויס שווער ספר.

—ווילנאָ... פינטעלעך מיט פּאַסקעלעך!...—האָט שרה געענטפערט מיט אַ ביטער האַרץ.

—אונטער׳ן טיש!—האָט אפרים אויסגעשריען.—קוק נישט, וואָס דאָס איז אַזאַ שווערער און שענער ספר, וואַרף אַרונטער, וואַרף אָהן שום דרך ארץ!

—ווי הייסט דאָס ספר?—האָט געפרעגט שרה, וואָס האָט געוואָלט אָבגעבען כבוד דעם ספר פאַר זיין גרויס און שווערקייט.

—דאָס איז אַ ספר פון תנ״ך מיט אַ פירוש. וואַרף אַרונטער!

שרה האָט זיך אַ ביסעל געקווענקעלט און נישט געוואוסט וואָס צו טהון, נאָר באַלד איז זי צו זיך געקומען און מיט כח געגעבען אַ שמיץ אַוועק דאָס ספר, אַז די פּאָדלאָגע האָט אַ ציטער געטהון פון דעם שווערען פאַל און דאָס איז געווען דער ספר בראשית!...

---

## י.

# און דער באָק האָט בעוויזען זיין גבורה.

צומאָרגענס פאַרנאַכט, איז שרה אַרויס פון איהר שטוב און האָט עפּעס געטראָגען אַ זאַק אונטער דער פּאַטשיילע. כדי מ׳זאָל נישט בעמערקען וואו זי געהט, האָט זי זיך געלאָזט דורך די שמאָלע ענגע געסלעך, וואו קיין מענשליכער פיס טרעט נישט; נאָר צו איהר וועהטאָג און אויף צעפּיקעניש, האָט זי דערזעהן ווי אַ יודענע קומט איהר אַקעגען און זי קאָן איהר נישט אויסמיידען, און אַז זי איז אָבגעגאַנגען נאָך עטליכע טריט מיט אַ ציטערדיג האַרץ, ווי אַ גנב, האָט זי זיך אָנגעטראָפען מיט חנה די טוקערין.

—וועה, וועה איז מיר!—האָט חנה זיך צעשריען דערזעהענדיג שרה׳ן.—איהר געהט אודאי איצט טבולה און איך האָב נישט אָנגעגרייט קיין וואַרימע מקוה!... זייט מיר מוחל, שרה, איהר אַליין זענט שולדיג, פאַרוואָס האָט איהר נישט געשיקט מיר אָנזאָגען, אַז איהר וועט קומען? אָבער—האָט זי ווייטער גערעדט,—גיט אַהער דעם האַנ-

טוך, דאָס העמד און אַלץ וואָס איהר האָט אונטער דער פאַרטשיילע, וועל איך עס טראָגען און געהן מיט אייך.

שרה איז געבליבען שטעהן שטאַרק צוטומעלט און נישט גע-וואוסט וואָס צו ענטפערן. אַ פּאָר מינוט האָט זי געשוויגען, דערנאָך האָט זי אַרויסגעשטאַמעלט עטליכע ווערטער, כמעט נישט וויסענדיג אַליין וואָס זי רעדט:

—געה געזונטערהייד, חנה! איך געה... איך געה וואו איך דאַרף געהן...

—ערגעץ אַנדערש געהט איהר? איהר האָט מיך ממש מחיה גע-ווען, שרה, איהר האָט מיך דערקוויקט, גאָט זאָל אייך דערקוויקען. אַ שטיין פון האַרץ איז מיר אַראָב—אַ גוט לעבען זאָלט איהר האָבען. און וואו, כ'בעט אייך, געהט איהר דאָס, שרה?

—איך געה... כ'געה, חנה, וואו איך דאַרף געהן...

—אויף ווען-זשע זאָל איך צוגרייטען אַ וואַרימע מקוה? איך שווער, אַז איהר וועט ווידער פערגעסען מיר מודיע צו זיין צו דער צייט.

—כ'על נישט פערגעסען, אויף מיין וואָרט, אַז איך וועל נישט פערגעסען!—האָט שרה געענטפערט און געהאָפּט אַזוי אַרום זיך אַרויס-צודרעהען פון חנה'ן.

—וואָס אַזוינס טראָגט איהר אונטער דער פאַרטשיילע?—האָט גע-פרעגט חנה, וואָס האָט נאָך גאָרנישט געטראַכט איהר צו פערלאָזען.

—גאָרנישט, גאָרנישט,—האָט געענטפערט שרה און זיך גענומען אַוועקגעהן.

—צי איז עס טאַקע אמת?—האָט חנה ווידער געפרעגט אָנכאַפּענ-דיגע שרה'ן ביים קליידעל און נישט געלאָזט אַוועקגעהן,—צי איז טאַקע אמת, אַז אייער זוהן איז אַנטלאָפען און מען ווייסט נישט וואו ער איז אַהינגעקומען?...

שרה איז ווידער געבליבען געפּלעפט און האָט נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערן.

—ווען איהר ווילט מיך הערען, פאָלגט-זשע מיך,—האָט חנה געזאָגט,— און כאַפּט זיך אַריין צו די ציגיינערקע דער מכשפה, וואָס וואוינט אונ-טער'ן שטאָדט ביים אַלטען בית-עולם, און זי וועט היילען אייערע וואונ-דען... פאַר יאָהרען איז צו איהר געקומען אַ יונג ווייבעל, וואָס האָט גע-טרויערט נאָך איהר מאַן, וועלכער איז פון איהר אַהעק שוין אַ צייט

מיט יאָהרען. זי איז שוין אויסגעוועזען ווי די וועלט האָט אַנ׳עק, בײ בעל-שם׳ען, בײ הייליגע צדיקים, און קיינער האָט איהר נישט גע-קאָנט העלפען. נישט געווען קיין איינער, וואָס זאָל קומען אין שטעד-טעל, וועמען זי זאָל קיין פּדיון נישט דערלאַנגען,—און קיין הילף איז נישט געווען. איז זי געקומען צו דער ציגיינערקע בײ איהר בעטען, זי זאָל היילען איהרע וואונדען און אַראָבברענגען איהר דעם מאַן איהרען. איז זי מיט איהר פאַרנאַכט אַרויסגעגאַנגען און מיטגענומען איהרע כשופ׳ן, האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין מיטען וועג, דאָרט ווי צווי וועגען צעשיידען זיך, נעבען אַ מיהל אַ חורבה, האָט געמאַכט אַ פייער און צוגעשטעלט אַ טאָפּ מיט ביינער און מיט געדערים פון כל ערליי שרצים, און זי האָט אָבגעשפּראָכען און געמאַכט פערשידענע צייכענס, ביז דער טאָפּ האָט אויפגעזאָדען, דעמאָלט האָט זי געזאָגט צו דעם ווייבעל: קוק אַריין אין טאָפּ און זאָלסט זיך נישט שרעקען פאַר דעם, וואָס דו וועסט דאָרט זעהן. האָט דאָס ווייבעל געטהון ווי זי האָט איהר געהייסען און אַריינגעקוקט אין דעם זודיגען טאָפּ און האָט געזעהן, ווי עס געהען דורך גאַנצע מחנות שדים מיט רוחות און דער קעניג זייערער געהט פאָראויס, דערנאָך איז דורכגעגאַנגען לילית מיט איהר גרויס חיל, און די שדים שפּרינגען אַרום ווי די יונגע קעלבער, יעדער פון זיי האָט אַ האָרן צווישען די אויגען און אַ לאַנ-גער ווידעל שלעפּט זיך נאָך אויף דער ערד, אַלע האָבען היהנערישע פיס מיט זעהר לאַנגע שאַרפע נעגעל. בײ אַלע דערגרייכען די אַרויס-געשטעקטע צינגער ביז׳ן אָפּעל און די אויגען לויפען הין און צוריק און בלישטשען ווי די שלאַנגען אין זייערע היילען. דאָס ווייבעל האָט זיך געשטאַרקט און האָט זיך נישט געשראָקען פאַר זייערע מורא׳דיגע פנים׳ער און פאַר די הענד, וואָס זיי האָבען קעגען איהר אויפגעהוי-בען, וואָרום די מכשפה האָט געמאַכט אַנ׳עיגול אַרום איהר און זי שטעהט זיך אין דעם עיגול. פלוצלונג האָט איהר אָנגעכאַפּט אַ צי-טערניש און וועהען, ווי אַ געוויינערין און זי האָט מורא׳דיג אָנגעהוי-בען צו שרייען.—האָב קיין מורא נישט,—האָט די מכשפה געזאָגט,— וואָס האָסטו געזעהן?—האָט דאָס ווייבעל געענטפערט: מיין מאַן האָב איך געזעהן, ווי ער געהט אויף פון דער ערד און געהט אין זיין אַלטער קאַפּאָטע, וועלכע ער איז געגאַנגען ווען ער איז נאָך אין דער היים געווען!—גאָה געזונטערהייד אַהיים!—האָט די ציגיינערקע געזאָגט.— איך זאָל אַזוי זעהן גוטס, ווי דו וועסט נאָך היינט ביינאַכט זעהן

זיין מאַן!...—און ווי נאָר דאָס ווייבעל האָט זיך ביינאַכט געלעגט און איז אַנטשלאָפען געוואָרען, און דער מאַן קלאַפּט אין לאָדען: עפען מיר, מיין ווייב! עפען מיר, מיין טייערע, מיין גאָלדענע! איז זי אויפגעשטאַנען און געעפענט, און דער מאַן איז אַריינגעפלויגען רייטענדיג אויף אַ קאָטשערע און אין האַנד האָט ער געהאַלטען אַ בעזעם!...

חנה'ס וואונדערליכע מעשה האָט זיך אַריינגעכאַפּט צו שרה'ן אין האַרצען, פון איהר פּנים איז געווען צו זעהן, אַז די דאָזיגע עצה איז איהר זעהר געפעלען.

—חנה טייערע!—האָט שרה געזאָגט, אָנכאַפּענדיג חנה'ס האַנד מיט ליבשאַפט און פריינדשאַפט,—זייט אַזוי גוט, חנה, מיין קרוין, קומט צו געהן צו מיר מאָרגען, וועלען מיר איבערשמועסען. איצט געהט געזונטערהייד אייער וועג און איך וועל מיר געהן מיין וועג.

—זייט מיר געזונד ביז הונדערט און צוואַנציג יאָהר מיט אייער מאַן און מיט אייערע קינדער,—האָט חנה געזאָגט נאָך אַלץ נישט ריהרענדיג זיך פון אָרט.—מאָרגען, מיט גאָט זיין הילף, וועל איך קומען, וועלען מיר צוזאַמען געהן צו דער ציגיינערקע, וואָס היילט צובראָכענע הערצער. נאָך היינטיגס יאָהר האָט געטראָפען און עס איז געקומען דער מכשף, וואָס האָט פערשטעלטערהייד אויסגעמאָלקען די מילך פון דער שכנה'ס קוה, ער האָט זיך פערשטעלט פאַר אַ קאַץ און צוגעקומען ביז צו מיין שכנה'ס שטוב, דאָס איז געווען פונקט אין דער צייט ווען די ציגיינערקע האָט דאָרט געקאָכט איהר געקעכטס, האָט ער אָנגעקלאַפּט אין טהיר און ביטער געאָכצט פון גרויס בויך-וועהטאָג, און אַז ער האָט געזעהן, אַז זי וועט זיך אויף איהם נישט דערבאַרמען און וועט די טהיר נישט עפענען, האָט ער זיך פערשטעלט פאַר אַ הונד, פון אַ הונד איז ער געוואָרען אַ ציג, און זיך צעמעקעט ווי אַ ציג, פון אַ ציג איז ער געוואָרען אַ קוה, פון אַ קוה אַ חזיר, פון אַ חזיר איז ער געוואָרען איהר מאַן און האָט זיך געבעטען, נאָר אומזיסט, און פון איהר מאַן... יאָ, איך האָב מיר נאָר וואָס דערמאָהנט!... איהר ווייסט וואָס זי האָט געטהון מיט דעם רויטען יצחק, וואָס בלאָנקעט זיך אַרום נאָך זיין טויט 'אין עולם התהו? איינמאָל פאַרנאַכט טרעפט זי איהם ביי...

חנה האָט זיך איצט געוואָלט נעהמען דערצעהלען פאַר איהר די גאַנצע מעשה פון אָנהויב אָן מיט אַלע פּליטערלעך און פּינטעלעך,

נאָר אַז זי האָט דערזעהן, אַז שרה שטעהט נישט נעבען איהר, האָט זי אויך גענומען און איז אַוועקגעגאַנגען.

און שרה איז אַוועק צו דער שוהל, איז אַרויף מיט די טרעפּ אין דער ווייבערשער שוהל אַריין, איז צוגעגאַנגען צו אַ גרויסען היל־צערנעם קאַסטען, וואָס איז געשטאַנען צו צפון־זייט פון דער טהיר, ביים סאַמעראָדנע אַריינגאַנג, אַזוי איז שוין פון אייביג אָן דער מנהג אין כסלון, אַוועקצושטעלען אין דער ווייבערשער שוהל אַזאַ קאַסטען, אין וועלכען עס ליגען פערשידענע הייליגע זאַכען: רצועות און אַלטע תפילין. שמאַטעס פון אַנ׳אַלטען טלית און פון אַ יאַרמעלקע; שטיקלעך פון אַ פּרוכת, פערפוילטע איינגעשמירטע בלעטער פון פערשידענע ספרים, אָבגעקלאַפּטע הושענות און פערדאַרטע הדסים, אויך אַ סך ערד און זאַמד פון די קאַסטענס, וואו יום־כפור האָבען געברענט וועקסענע ליכט, און נאָך אַ סך אַזעלכע זאַכען. אין דעמדאָזיגען קאַסטען האָט שרה געוואָלט אַריינוואַרפען דעם ספר בראשית, וואָס איז נעכטען אַרונטערגעוואָרפען געוואָרען אונטער׳ן טיש ווי אַנ׳אומווירדיגע זאַך, און וואָס לויט דעם מאַנס בעפעהל איז אויף איהם נגזר געוואָרען, ער זאָל בעהאַלטען ווערען אין דער ערד, און דאָס זאָל איהר גערעכענט ווערען פאַר אַ מצוה.

און פּלוצלונג האָט זי בעקומען אַ מורא׳דיגען קלאַפּ, האָט זיך פערטשעפּעט און געפאַלען!

די מעשה דערפון איז אַזוי געווען:

די שטאָדט כסלון פערמאָגט אַ סך קיה און איז פול מיט ציגען. און ווייל יודען האָבען נישט קיין שטאַלען און קיין פּאָדוואַרשען, וואָרום יודען זענען זיך אַנ׳אָבגעזונדערט פאָלק פאַר זיך, און האָבען ליב צו וואוינען צונויפגעקוועטשט אינאיינעם, אַ שטוב ביי אַ שטוב, אַז עס בלייבט נישט אין מיטען קיין לעדיג שטיקעל פּלאַץ וואו אַרויסצושטעקען די נאָז, דעריבער וואַלגערן זיך די בהמות אויף די גאַסען און נעכטיגען אויף די מיסטען, נאָכדעם ווי זיי גיבען אָב זייער מילך צו זייערע בעלי־הבתים. און נישט איינמאָל טרעפט, אַז דער וואָס געהט ביינאַכט ווערט אָן זיי געשטרויכעלט: ער טרעט אָן אויף אַ קעלבעל אָדער אַ בהמה און פאַלט אויף זיי. און אַ סך מאָל האָט שוין געטראָפען, ווי נאָר אַ מענש פאַלט אַרויף אויף אַ בהמה, גיט זיך די קוה פּלוצלונג אַ שטעל אויף און הויבט אָן לויפען מיט דעם מענש, וואָס בלייבט אויף איהר רייטענדיג און האַלט זיך אָן אָן

איהרע הערנער! די ציגען ווידער, וואָס זענען פלינקע בעשעפענישען, קלעטערן אַרויף אויף די טרעפּלעך פון די קלייטען, קריכען אַרויף אויף די דעכער און שעמען זיך נישט אָבצוטהון אַ מיאוסע זאַך, אויפ-צועסען דאָס שטרוי פון די קראָקוועס אַראָב. אַ טייל ווידער האָבען זיך שוין אַנ׳אויסגעטראָטענעם וועג אין שוהל אַריין. דאָרט לעקען זיי די וועגד אויף וועלכע יעדער איז משתין, און נעכטיגען איבער אין דער ווייבערשער שוהל, וואָס שטעהט שטענדיג אָפען. דאָרט נעכטיגט אויך דער שטאָדט-באָק, וואָס ווערט געקויפט פאַר קהל׳יש געלד. דאָרט ליגט ער זיך מיט כבוד, ווי אַ האַר, צווישען זיינע כאַליאַסטרע געליב-טע ווייבער... אָט אַזוי פיהרען זיך די בהמות און ציגען אין דער שטאָדט כסלון!

און ווען שרה האָט שוין געוואָלט אַוועקגעהן, האָט זי נישט געזעהן און אָנגעטראָפען דעם ר׳ באָק, וואָס איז זיך געלעגען נעבען זיינע ציגען, האָט ער זיך אויפגעכאַפּט ווי אַ גבור, וואָס איז פער׳-שכור׳ט פון ווין, האָט זיך געוואָרפען אויף איהר און האָט איהר אַ זעץ געטהון מיט זיינע גרויסע הערנער. האָט זי אַרויסגעלאָזט אַ גרויס געשריי און געפאַלען אין חלשות.

אין דער צייט איז זיך דער עולם צונויפגעקומען צו מנחה, און אַז זיי האָבען דערהערט דאָס געשריי, זענען זיי שטאַרק דערשראָקען געוואָרען.

—דאָס שרייט שוין די משוגע׳נע!—האָט דער שמש בייז גע-זאָגט.—נאָר וואָס אַז איך האָב זי פון דאָרט אַרויסגעטריבען און זי איז שוין ווידער דאָ, און מאַכט שוין איהרע משוגע׳נע שטיק. דעם קאָפּ נעהמט זי מיר אַראָב, אויסהאַלטען קאָן איך נישט פון איהר.

—שלעפּט זי אַראָב, שלעפּט זי אַראָב!—האָבען אַלע מיטאַמאָל געשריען.

—דאָס לעצטע מאָל וועט עס איהר שוין זיין!—האָט דער שמש זיך געקאָכט.—איך וועל זי איצט אַזוי אַראָבטרייבען, אַז זי וועט שוין אַהער קיינמאָל נישט צוריקקומען.—אַזוי רעדענדיג האָט ער אַרויסגע-נומען פון אָרון דעם קאַנטשיק, וואָס איז דאָרט געלעגען פון איין יום-כפור צום אַנדערן אויף שלאָגען מיט איהם מלקות.

—קומט חברה!—האָט אויסגערופען איין יונג—דער גרעסטער לאָ-בוז פון אַלע,—קומט, לאָמיר אויך געהן, לאָמיר שלאָגען די משוגע׳-נע און אויך נישט שאַנעווען דעם שמש, אונזער שונא, וואָס לאָזט

אונז נישט אַרומוואויִזוען. איצט איז די ריכטיגע צייט... קומט מיט מיר! וואָס איהר וועט זעהן, אַז איך וועל טהון, זאָלט איהר באַלד אַלע אויך טהון דאָסזעלבע.

באַלד זענען זיך חברה לאָבוזעס צונויפגעלאָפען און פּאָראויס געהט דער גרויסער לאָבוז, ער לויפט און שפּרינגט ווי אַ ציג. ער האָט געכאַפּט אַ פולע האַנד שניי, איינגעקוועטשט און האָט עס גענו-מען קוילען איבער'ן שניי און דער באַלעם איז גרעסער און גרעסער געוואָרען. אַלע יונגען האָבען אויך דאָסזעלבע געטהון, און אַלע זענען מיט די באַלעמס פון שניי אַרויפגעלאָפען מיט רעש אין דער ווייבער-שער שוהל אַריין.

—שטעה אויף און געה אַרויס, משוגע'נע!—האָט דער שמש זיך געוויצעלט און אַראָבגעלאָזט זיין קאַנטשיק אויף דער פּלייצע פון שרה'ן, וואָס האָט גע'חלש'ט.—וואָס זשע ליגסטו איינגעקאָרטשעט און וואָס שווייגסטו?... לאָמיך הערען דיין קול... איך קען דיינע שטיקלעך.. נאַ־זשע דיר, טייערע מוהמע, אָט האָסטו דיר מטעמים און נאַ דיר אַ ביסעלע האָניג און זאָל דיר ליכטיג ווערען אין די אויגען!—מיט'ן מויל האָט ער גערעדט און מיט דער האַנד האָט ער געטהון און געשמיסען מיט דעם קאַנטשיק אין שרה'ן.

די יונגען זענען אויך נישט געשטאַנען מיט קיין פּערלעגטע הענד, און אָנגעהויבען שיסען אין איהר די באַלעמס שניי.

—אוי!—האָט אַ געשריי געטהון שרה, וואָס האָט זיך אויפגעכאַפּט פון די שטיקער שניי און גוטע קלעפּ, און איז אויפגעשפּרונגען אַ צו-טומעלטע און דערשראָקענע.—אוי! וואָס האָט איהר מיך אַרומגערינגעלט ווי די ביהנען?!... נעהמט איהם צו, נעהמט איהם צו, עזות־פּנימ'ער.

—שרה?!—האָט דער שמש אויסגערופען מיט שרעק און וואונדער דערזעהענדיג זי.

—אַ רוח אין דיין טאַטענס טאַטען אַריין!—האָט איהם שרה געָ-שאָלטען.

—כ'שווער ביי מיין לעבען, שרה! ביים לעבען פון מיין ווייב און קינדער,—האָט דער שמש אויסגעשריען שטאַרק געפּלעפּט,—אַז איך האָב געמיינט, אַז דאָס איז די משוגע'נע! איך האָב זיך אַרויסגעכאַפּט, אַז דאָס ביזטו די משוגע'נע, וואָס שרייט דאָ שטענדיג...

און אַזוי ווי דער שמש שווערט און פּערענטפערט זיך, און די יונגען האָבען אָנגעהויבען שיטען אויף איהם פון אַלע זייטען שניי און

שטיקער אייז, גאַסע שמאַטעס און וואָס נאָר זיי האָבען געפונען אין שמעוד־קאַסטען.

—הערט אויף, יונגאַטשעס, הערט אויף!—האָט געשריע, דער שמש.—וואַרפט נישט, דאָס איז דאך שרה, הערט אויף, ווייסע־חבר׳ני? קעס, וואַרפט נישט, ס׳איז דאָך אפרים׳ס ווייב!

—איהר מעגט זיך שעמען, שמש, איהר מיט דער גאַנצער עד,ה פאַר די פּאָזשאָנדקעס, וואָס דאָ טהוט זיך. דאָס איז נישט קיין שוהל־גאָט זאָל מיך נישט שטראָפען פאַר די רייד,—נאָר אַ שטאַל פון ציגען און בעק!..—האָט שרה גערעדט מיט כעס.—איך בין אַהערגעקומען דאַ־ווענען אין טאַטענס יאָהרצייט, און..

נישט דערענדיגט איהרע רייד, איז זי דורכגעלאָפען די חברה יונגען און אין איילעניש אַנטלאָפען פון דאָרט.

—זאָל איך שטעלען אַ יאָהרצייט ליכט און זאָגען קדיש נאָך אייער פאָטער?—האָט איהר נאָכגעשריען דער שמש, וואָס איז געווען איינער פון די וואָס זאָגען קדיש זייער גאַנץ לעבען און פערדינגען זיך צו דער אַרבייט פאַר געלד, פאַר אַ קאַפּאָטע מיט אַ היטעל, וואָס זיי בעקומען פון דידאָזיגע וואָס שטאַרבען אָהן קינדער.

—וואָס האָט דאָ שרה געטהון און וואָס האָט זי געשריען?—האָט איין יונגעל געפרעגט.

—זי האָט דאָ דערקענט איהר ציג,—האָט אַ צווייטער געענט־פערט.

—דער שמש מעלקט אויס די ציגען,—האָט געשריען דער דריטער.

—דערפאַר האַלט ער זיי דאָ...—האָט אויסגערופען דער פערטער.

—ווייסע חברה!—האָט געשריען דער שמש.

—צאן קדשים!—האָט אויסגערופען דער יונג דער גרויסער לאָבוז.

אַלע יונגלעך האָבען זיך צעמעקעט ווי די ציגען: מע! מע! מע!

—פערמאַכט דעם שמש, זאָל ער דאָ נעכטיגען מיט די ציגען.

—ווייסע חברה! ווייסע חברה!—האָט דער שמש געשריען מיט גרויס כעס.

כאַפּט שרה׳ס ציג ביי די הערנער!

באַלד האָט מען געכאַפּט די תמ׳עוואַטע ציג. איין יונג האָט איהר געהאַלטען ביים ווידעל, דער יונג, דער גרעסטער לאָבוז, האָט זיך אויף איהר געזעצט רייטענדיג, די איבעריגע יונגלעך האָבען זי גע־האַלטען ביי די הערנער און איהר געפיהרט מיט גרויס פּאַראַד אַהיים.

## יא.

## ער זוכט זיך עצות.

שוין אַ וואָך אַ צייט זינד שמעון איז אַנטלאָפען און אַלע תחבולות און עצות וואָס מען האָט געטהון צו דערוויסען זיך וואו ער איז, האָבען גאָרנישט געהאָלפען, חנה די טוקערקע האָט געהאַלטען וואָרט און נישט איינמאָל און נישט צוויי-מאָל איז זי געגאַנגען מיט שרה׳ן צו דער ציגיינערקע, נאָר איהרע כשופ׳ן האָבען נישט געהאָלפען. אמת טאָקי ווען שרה האָט זיך געלייגט שלאָפען האָט זי איינמאָל דערהערט ווי מען קלאַפּט אין דרויסען אָן דער וואַנד, נאָר אויסגעלאָזט האָט זיך גאָר—אַז דאָס איז געוועזען די ציג, וואָס איז אָבגעקומען די זינד פון איהר בעלהבית׳טע. וואָרום דער שמש איז אויף איהר אויפגעבראַכט געוואָרען, זינד שרה איז געשטרויכעלט געוואָרען אין דער ווייבערישער שוהל, און ער האָט זי פערטריבען פון דאָרט, און נישט געלאָזט זי זאָל זיך בעהעפטען צו דער חברה ציגן און פערברענגען אין ליבשאַפט מיט דעם גרויסען באָק וואָס האָט דאָרט גערוהט... כמעט אַלע טאָג האָט זיך שרה געהאַלטען אַן עצה מיט חנה׳ן, וואָס איז געוועזען אַ וואויל-קענעווודיגע און האָט געהאַט אַ מענע לשון. דערמיט איז זי שרה׳ן זעהר געפעלען און זי איז געוואָרען די רעכטע האַנד איהרע. איהרע צרות האָט זי שטענדיג אויסדערצעהלט פאַר חנה׳ן, פאַר איהר האָט זי זיך געקלאָגט אויף דעם ביטערען מזל איהרען אויף דער וועלט, פאַר איהר האָט זי אויסגעגאָסען דאָס האַרץ, איהרע געדאַנקען און חלומות. אַ מאָל האָט זי געזעהן שמעון׳ען אין חלום און ער איז געוועזען אויסגעפּוצט ווי אַ חתן—מיט אַ שטריימעל אויפ׳ן קאָפּ און מיט אַ זיידענעם גאַרטעל אויף דער קאַפּאָטע—זיצט נעבען זיין מלמד אויווענאָן צווישען די פערבעטענע מחותנים, און ער זאָגט אַ דרשה, גאָר אַ שאַרפען פלפול. ווייבער קומען און בענטשען זיך מיט איהם, און פון אַלע זייטען דערלאַנגט מען איהם מתנות: אַ גרויסע גילדענע עטרה, תפלין-שייטלעך, אויך אַ גאָלדען הדסל, און נאָך אַזעלכע היילינע מלבושים און פערשידענע כלים... און א מאָל האָט זי איהם געזעהן—און ער בלאָנדזשעט

נעבעך אַרום ווי אַ פערבלאָנדזשעטס שעפעלע, געהט ער זיך אַזוי און קלאָגט און וויינט, ביז ער פאַלט פלוצלונג אַריין אין עפּעס אַ טיפען גרוב. מיט אַ גרויס געוואַלד און צובראָכען געמיטה פאַלט זי צו צום גרוב, און זי טרעפט ווי שמעון שטעהט צווישען זיינע מלמדים און שדכנים אין צווישען לייבען און בערען. טשעפּעט איהם נישט! בעט זיך איהר שטים, האָט רחמנות אויף זיינע יונגע יאָהר, דאָס איז מיין איינציגער זוהן, מיין לעבען און מיין פריידו! און פלוצלונג ווערט אַלץ פערשוואונדען פון איהרע אויגען: נישטאָ קיין גרוב, נישטאָ קיין שמעון, נישטאָ קיין מלמדים, שדכנים און קיין לייבען... אַמאָל זעהט זי אין חלום, ווי זי שטעהט אויף אַ ברייטער גרויסער לאָנקע, דאָרט זענען פאַרהאַן ציגען אָהן אַ צאָהל, בעק, וואָס געהען אַרום אויף צוויי פיס, זענען געפּינטעלט, געפלעקט און מיט פאַסקעלעך, און מיט רציחה שטויסען זיי קינדער מיט זייערע הערנער... און אַמאָל חלום׳ט איהר, אַז זי מאַכט אַ גראָבען קנויט פון אַ סך פעדים, לויט די נפשות פון איהר הויזגעזינר און פון איהר משפחה, און אַז זי ציהט אויס „שמעונ׳ס פאָדים" און זאָגט איבער איהם אַ תפלה און בעט און וויינט ביטער, און עמיצער קלאַפּט אין טהיר, לויפט זי צו, עפענט גיך די טהיר און שמעון קומט אַריין רייטענדיג אויף אַ בעזעם און פאַלט צו איהרע פיס... פון אַזעלכע און נאָך אַנדערע חלומות דערצעהלט שרה מיט גרויס געוויין און מיט זיפצען, און חנה האָט שטענדיג גוטע בע-שיידען: אַז אינגיכען וועט זי זיך פרעהען מיט איהר זוהן, איהר ליעב קינד און וועט טאַנצען אויף זיין חתונה, אויף צוזעצעניש איהרע ביי-זע שונאים... און אַז זי טרייסט אַזוי שרה׳ן, טראַכט זי דערווייל אויס אַלערליי ל׳געגטען און בערעדט איהרע שכנים, איהרע פריינד און בעקאַנטע, און ביידע הויבען אָן צו שעלטען זייערע שונאים מיט די ערגסטע קללות: עס זאָל זיי פערשטאָפּט ווערען די מיילער און זיי זאָלען נישט אויסלעבען זייערע יאָהרען, און דערנאָך בלייבט ביי זיי, אַז ס׳איז נישטאָ קיין אמת און קיין גערעכטיגקייט אויף דער וועלט, נישטאָ קיין איינער קיין רעכטער מענש!

און פון גרויס צער און יסורים זענען די געדאַנקען איהרע קאַ-ליע געוואָרען און זי האָט בעקומען אַ שוואַכען זכרון, אַזוי אַז זי איז גאָר אַרויס פון די כלים און האָט פערביטערט דאָס לעבען פון איהרע מענשען. פלוצלונג הויבט זי אָן אַרומצוזוכען די שליסעלעך, זוכט זיי מיט ליכט, מיט געשרייען און געוואַלדען פאָדערט זי זיי ביי דער דינסט.

און עס לאָזט זיך אויס, אַז זי האָט זיי בײ זיך אין בוזעם; מיטאַמאָל הויבט זי אָן שרייען און שעלטען די דינסט, פאַרוואָס זי האָט איבערגעלאָזט די קיך און אַוועקגעגאַנגען שפּאַציערען איבער די גאַסען, כאָטש זי אַליין האָט איהר דאָ נישט לאַנג געשיקט קויפען עפּעס צום מיטאָג. קיין זאַך איז איהר נישט געפעלען, אויך די חלות און דאָס געבעקס וואָס די דינסט האָט געבאַקען, אַז עס האָט פערלויכטען די אויגען, איז איהר שוין נישט געפעלען און זי האָט אין דעם נישט געפיהלט אַזאַ טעם ווי אַמאָל. שטענדיג האָט זי צו וואָס זיך צוצוטשעפען: אַמאָל, צופיל זאַלץ אַריינגעטהון אין טאָפּ, און אַמאָל פערקעהרט; די יויך איז גאָר אָהן זאַלץ, די פיש זענען צוגעברענט, פער׳שרפ׳עט, דער צימרינג איז נישט גוט צושטויסען און אין די קיכלעך איז וועניג בוימאייל און צוקער. צייטענווייז זיצט זי זיך איינע אַליין אין שמעונ׳ס חדר און קוקט אַרום זיינע מלבושים—די יום-טוב׳דיגע קליידער, די ליילעכער, די לייבלעך, און אַנדערע נייע מלבושים, וואָס מען האָט איהם צוגעגרייט צו דער חתונה; אָדער זי נעהמט גאָר אַ נאָדעל צו פעררירכטען זיינע מלבושים, דאָס העמד און די אַלטע פלידערען, אָבער ווי נאָר זי ריהרט זיך צו צו זיי, אַזוי הויבען באַלד אָן רינען טרעהרען פון איהרע אויגען און קיילעכדיגע טראָפּענס פאַלען אויף די מלבושים, וואָס זי האַלט אין דער האַנד. און פון גרויס אויפרעגונג און טרויערקייט, לאָזען זיך איהר אָב די הענד און זי קאָן שוין גאָרנישט טהון—קושט זי די קליידער פון איהר ליעב קינד און לעגט זיי צוריק אין קופערט אַריין, אַליין לעגט זי זיך אַוועק אויפ׳ן בעט און ליגט אַ טרויעריגע. ליגט אַזוי לאַנג, ביז די דינסט קומט אַריין פרעגען וועגען די שטוב-זאַכען, דעמאָלט ערשט שטעהט זי אויף און געהט צו איהר אַרבייט.

אויך אפרים האָט שטאַרק געטרויערט נאָך זיין זוהן און דאָס האַרץ האָט איהם אָנגעהויבען אויסגעהן נאָך שמעונ׳ען, וואָרום ער האָט געזעהן ווי עס געהט דורך אַ צייט און ער איז נאָך נישט צוריקגעקומען, ווי ער האָט תחלת געמיינט. און שמעון איז דאָך זיין איינציגער זוהן און דאָס ערשטע קינד ביי איהם, ווי אַזוי זשע זאָל ער זיך מאַכען אַ האַרץ און נישט בענקען נאָך איהם? אויך איהם פייניגען די חלומות, און ער קאָן זיך פון זיי נישט בערוהיגען. עס חלומ׳ט זיך איהם, ווי ער שטעהט און שלאָגט שמעונ׳ען מיט רציחה, שלאָגט און קלאַפּט, און אָט כאַפּט ער איהם אָן פאַר די האָר פון קאָפּ. פליקען

זיך אויס אַלע שוואַרצע שענע האָר, בלייבען ביי איהם אין האַנד— און זיין זוהן פאַלט אויף דער ערד אָהן כחות. ער שרייט נישט, ער רעדט נישט קיין וואָרט, ער שווייגט ווי אַ שטיל שעפעלע, נאָר פון זיינע אויגען גיסען זיך טרעהרען ווי וואַסער און זיין האַרץ וויינט אין איהם אין דער שטיל. און אַז ער איז אַ ביסעל צו זיך געקומען, האָט ער זיך אויפגעהויבען און אַוועקגעגאַנגען אַ טרויעריגער מיט אַ גאָלען קאָפּ און פון זיין האַרץ האָבען זיך אַרויסגעריסען ביטערע זיפצען. ווי פיילען האָבען די דאָזיגע זיפצען געטראָפען אין אפרים׳ס האַרץ און ער האָט געוואָלט וויינען, ווייל דאָס האַרץ האָט איהם וועה געטהון און ס׳האָט איהם שוין באַנג געטהון די גאַנצע מעשה. און אַז ער איז אַרויסגעגאַנגען אין דרויסען אומצוקעהרען זיין געשלאָגענעם געפייניגטען זוהן און איהם איבערבעטען, האָט ער איהם שוין נישט געפונען. דעמאָלט איז ער שטאַרק טרויעריג געוואָרען, ווייל ער האָט נישט געקאָנט פערגעסען זיין זוהן און דאָס וואָס ער האָט איהם גע-שלאָגען; האָט געדענקט זיין שענע פאָלקע האָר, וואָס האָט איהם צו-געגעבען דעם זיבעטען חן, און ווי זי האָט זיך אויסגעפליקט און גע-בליבען ביי איהם אין האַנד און שמעון איז שטאַרק מיאוס געוואָרען דערפון; ער האָט געדענקט, ווי זיינע אויגען זענען רויט געווען פון טרעהרען און זיינע באַקען ווייס פון גרויס פיין, האָט געדענקט אויך זיינע זיפצען און קרעכצען, זיינע יסורים און ליידען, ווי ער האָט זיך געבעטען ביי איהם מיט זיינע אויגען און אונטערגעשמעלט די פלייצע צו פערנעהמען די קלעפּ שטיל-שווייגענדיג—אַזעלכע זכרונות זענען ביטער ווי גאַל פאַר אַ פאָטער וואָס ווערט באַרמהערציג צו זיין זוהן נאָכדעם, ווי ער האָט איהם אַ סך צרות פערשאַפט; ווי דאָס גיהנום פייניגט עס זיין לייב, וואָס געהט אויס פון גרויס באַרמהער-ציגקייט. און דאָס פערביטערט איהם דאָס לעבען. נאָר אַ פאָטער פון קינדער קאָן דאָס פיהלען, נאָר ער ווייסט, ווי שרעקליך און מורא׳דיג אַזעלכע זכרונות זענען. און דאָס אַלץ האָט אפרים געדענקט צו זיינע יסורים און גרויס וועהטאָג.

---

-שרה, וואָס וויינסטו און וואָס פלאַפּעלסטו נאַרישקייטען?—האָט איינמאָל ביינאַכט אפרים געזאָגט צו זיין ווייב.—כאַפּ זיך אויף, שרה, כאַפּ זיך אויף און זעה, אַז עס זענען דאָ נישטאָ, נישט קיין בערען

און נישט קיין ציגען, נישט קיין קאָטשערע און נישט קיין בעזעם!... אפילו אין שלאָף ליגט איהר אין זינען דאָס בעל-הבתישקייט און זי רעדט פון דער קיך.

—גאָט איז מיט דיר, אפרים,—האָט אויך שרה גערעדט צו איהר מאַן, וואָס האָט איינמאָל בײנאַכט געשריען מיט אַ מורא׳דיגען קול און גערעדט ווילדע זאַכען פון שלאָף.—זאָל גאָט היטען, ס׳איז מיט דיר גאָרנישט געשעהן, דער ווינד האָט דיך, חלילה, נישט אַוועקגעטראָגען!... דו ביזט דאָך דאָ אין דער היים און דאָ וועסטו זיין אין נחת מיט דיין ווייב און קינדער ביז הונדערט און צוואַנציג יאָהר!

—ווייסטו, שרה!—האָט אפרים געזאָגט איינמאָל אין דער פריה, ווען ער איז אויפגעשטאַנען אַ טרויעריגער און אַ מרה-שחורה׳דיגער,— ווייסטו וואָס מיר איז איינגעפאַלען?

—צי ווילסטו היינט אויך עסען מצה׳לעך מיט יויך, אָדער אַ גריץ?—האָט שרה געפרעגט.

—הער אויס, שרה,—האָט אפרים געזאָגט,—איין זאַך וויל איך דיך בעטען, און דו שווער מיר צו, אַז דו וועסט מיר אין דעם נישט אָבזאָגען.

—בעט, אפרים, בעט!—האָט שרה געענטפערט זעהר נייגעריג.

—שווער מיר, שרה, שווער מיר צו!—האָט אפרים געזאָגט.

—ווי איך בין אַ יודישע טאָכטער!

—זיי זשע וויסען, שרה,—האָט אפרים געזאָגט,—אַז איך מאַך שולדיג אין דער גאַנצער מעשה דעם לעהרער דאַווידזאָהן...

—ווילסטו, הייסט עס, איך זאָל געהן און זאָל דעם מנוול אויסזידלען?—האָט שרה געשריען, נישט לאָזענדיג אפרים׳ען ענדיגען זיינע רייד,—שווער איך דיר נאָכאַמאָל, אַז איך וועל עס טהוען. נאָך היינט געה איך צו דעם שלימזל׳דיגען קבצן און וועל איהם אָנשעלטען וויפיל אין איהם וועט אַריין, און זאָל ער מיר אָבגעבען מיין קינד.— איך וועל געהן, אפרים, כ׳וועל געהן, ווי איך בין אַ יודישע טאָכטער.

—נישט דאָס מיין איך,—האָט אפרים געענטפערט,—פערקעהרט גאָר, איך וויל, אַז דערדאָזיגער דאַווידזאָהן זאָל אַריינקומען צו אונז.

—אָט דערדאָזיגער זאָל קומען צו אונז אין שטוב אַריין?—האָט שרה געשריען.

—יאָ, ער זאָל קומען,—האָט אפרים געענטפערט.—איך זאָג דיר, שרה, ער זאָל קומען, און ס׳איז זעהר נויטיג ער זאָל קומען.

—און וואָס־זשע ווילסטו פון מיר?—האָט שרה געזאָגט מיט כעס—וואָס ווילסטו, איך זאָל פערלאָזען מיין הויז און זיך לאָזען אין דער וועלט אריין?...

—הער אויף אין כעס צו זיין!—האָט אפרים געענטפערט.—בערוהיג זיך און הער אויס וואָס איך וועל דיר זאָגען. איך וויים, אַז שמעון האָט זיך גע׳חבר׳ט מיט דאַווידזאָהן, דעריבער פערשטעה איך, אַז שמעון האָט נישט געטהון קיין שום זאַך, ער זאָל דאָס פריהער נישט דערצעהלען דעם ימח־שמו׳ניק, און ס׳איז ביי מיר קיין שום ספק נישטאָ, אַז דאָס איז געווען זיין עצה ער זאָל אַנטלויפען, און אַז דאָס איז אינגאַנצען זיין אַרבייט.

—אויסגעריסען זאָל ער ווערען, דער הולטאַי, אין כף הקלע זאָל עס איהם פערוואַרפען!—האָט שרה געשאָלטען דאַווידזאָהן.

—דעריבער, שרה,—האָט אפרים ווייטער גערעדט,—דעריבער לאָמיר עס מאַכען מיט חכמה. נישטאָ קיין בעסערע זאַך, ווי נאָר איהם רופען צו אונז און זיך דערפרעהען מיט איהם ווען ער וועט קומען, און איך וועל איהם מאַכען פאַר אַנ׳איינגעהער אין אונזער שטוב, ער זאָל קומען אַלע טאָג שרייבען פאַר מיר בריעף, איך וועל שוין געפינען עפּעס אַנ׳אַרבייט פאַר איהם, און אַז ער וועט זיך מיט אונז געפינען שטענדיג, וועל איך איהם ביסלעכווייז אויספאָרשען, ביז מיר וועט געלונגען זיך צו דערוויסען אַלץ, וואָס עס טהוט זיך ביי איהם אין האַרצען.

די דאָזיגע עצה איז שרה׳ן געפעלען, פונדעסטוועגען האָט אַלץ געברענט איהר כעס.

—און וואָס־זשע ווילסטו פון מיר?—האָט זי בייז אויסגערופען.

—איין זאַך בעט איך פון דיר,—האָט אפרים געענטפערט,—אַז דו זאָלסט נישט קוקען אויף איהם בייז און זאָלסט איהם נישט פערשעמען מיט קיין בייזער מינע, וואָרום דו קאָנסט קאַליע מאַכען מיין גאַנצען פּאָרטעל. אַזעלכע לייט ווי דאַווידזאָהן, זיי פערטראָגען נישט קיין בייזען קוק, זייער האָנאָר איז ביי זיי טייערער פון אַלץ. דעריבער שרה, פערשטעל זיך, מאַך אַנ׳אָנשטעל ווי דו ביזט גאָרנישט בייז אויף איהם, און האָב אין זינען, אַז מיר זענען איהם מקרב נאָר פאַר אונזער טובה וועגען.

—און צום „אַלטען“, זאָל לעבען, וועסטו שוין נישט פאָהרען,

ווי מיר האָבען זיך געהאַט אָבגערעדט?—האָט שרה געזאָגט מיט אַ פרעטענזיע.

—בערוהיג זיך און שווייג!—האָט אפרים געזאָגט זיין ווייב.—אַז איך וועל נאָר מיט גאָטס הילף קומען צו זיך, וועל איך פאָהרען צום אַלטען, זאָל לעבען, וועל איהם דערצעהלען אַלץ, וואָס מיט אונז האָט פּאַסירט און ער וועט פאַר אונז מתפלל זיין.

# יב.

## חברים צווישען זיך

—וואָס זאָגסטו איצט חבר?—האָט דאַווידזאָהן געפרעגט ביי יונתן, ווען זיי זענען געזעסען צוזאַמען אין זיין צימער—וואָס וועסטו איצט זאָגען, מיין טייערער, אַז גאָר אויף אַ וואונדערליכען אויפען האָט דאָס מזל מיר געדיענט און מיר געבראַכט צו מיין ציעל? ווען וואָלט דאָס געקענט איינפאַלען דעמאָלטס, ווען מיר זענען דאָ געזעסען אין דער נאַכט פון הושענא־רבה, אַז איך יועל ווערען אַן איינגעהר צו אפרים׳ן אין שטוב אַריין און נאָך ער אַליין וועט מיר אַהין ברענגען איך זאָל קענען אָנקוקען מיין טייערער שיינער רחלען, וואָס געפעלט מיר זעהר!... איך ווייס נישט, יונתן, ווי אַזוי דו וועסט אויף דעם קוקען און וואָס דו טראַכסט, איך אָבער האָף און בין זיכער אַז רחל וועט זיין מיינע, מיין חבר׳טע און מיין אוצר אין לעבען. ווען גאָט וואָלט זי נישט געוואָלט מיר באַשערען, וואָלט ער נישט געטהון די אַלע וואונדער און וואָלט מיר אַזעלכעס נישט בעוויזען! נישט אַנדערש, מיין טייערער. ווי דאָס איז אַ בעשערטע זאַך, דערפאַר האָף איך.

יונתן איז געזעסען שטיל און פערלייגט די פיס. האָט פערמאַכט איין אויג און דאָס אַנדערע האָט ער אויסגעשפיצט אויף דאַווידזאָהנ׳ען.

—נעם צו דיין אויג פון מיר—האָט דאַווידזאָהן זיך געבייזערט—נעם צו דיין אויג וואָרום עס דערשטעכט מיר! פאַרוואָס זאָלסטו האָבען אַ מיאוסע טבע צו שווייגען דוקא דעמאָלט ווען איך וויל הערען דיין עצה, און נישט רעדען אַ וואָרט ווען מען וואַרט אויף דעם? איך קען נישט פערטראָגען אַזאַ קאַלטבלוטיגען מענשען ביי וועמען דאָס

מויל איז שטענדיג אונטער אַשלאָס פערמאַכט און ער קען נישט רע-דען. פון דער נשמה פון אַזאַ מענש בלאָזט מיט פראָסט און קעלט אויף אַלעמען אַרום, ער איז ווי אַ בוים וואָס האָט אויף זיך נישט קיין איין שיין בלימעל און קיין בלעטעל, נאָר שטעהט בלויז ווי אַ דראָנג פון בלויז לאָגיקע, אָהן אַ שום זיס געפיהל און אָהן אַ שען וואָרט, וואָס דערפרעהט דעם מענשענס האַרץ און מאַכט אַ פרעהליך פנים. ביי אַזאַ מענש איז אַ געלעכטער איינצושלינגען אַ מענש מיט געפיהלען און זיסע פערלאַנגען, און אַזוי ווי איך האָב פיינד אַ מענשען פאַר וועמענס בייזקייט מען קען זיך גאָר נישט אויסבעהאַלטען. אַזוי האָב איך פיינד דעם מענש וועמעס קאַלטקייט מען קען נישט אי-בערטראָגען, זיי ביידע וועלען נישט דערגרייכען צו דעם ריכטיגען מענש, זיי זענען גאָר קיין מענשען נישט. טהו זשע מיר אַ טובה, מיין חבר יונתן, און רעד אַ וואָרט אין דער צייט, וואָס די געפיהלען פון מיין האַרצען געהן איבער די ברעגען, און מיין נשמה ברענט ווי קויהלען; אין דער צייט ווען מיין האַרץ זוכט אַ פריינד און בעקאַנטען, פאַר וועמען איך זאָל קענען אויסגיסען אַביסעל פון מיינע געפיהלען און איהם דערפרעהען מיט מיין פרייד; ווייל אַ סך פרייד-געפיהלען מאַ-כען דעם מענש אַזוי מיעד ווי טרויריגע-געפיהלען, אויב ער רעדט זיי נישט אַרויס און זיין חבר׳ס האַרץ פאַרשטעהט זיי נישט, און אויב דו וועסט איצט שווייגען, וועל איך האַלטען אַז דו ביזט אַ נישט פער-גינער, און מיין שמחה איז פאַר דיר אַ טרויער.

—ווי דו זעהסט מיך לעבען!—האָט יונתן געענטפערט מיט אַ שמייכעל,—אַז דו האָסט געטראָפען פונקט קאַפּויער. איך שווייג נאָר דערפאַר, ווייל איך בעוואונדער דיך טאַקע באמת, ווי דאָס מזל האָט דיר פלוצלונג אָנגעהויבען שיינען!

—און וואָס-זשע זאָגסטו, חבר מיינער?—האָט דאַווידזאָהן ווידער געפרעגט,—צי וועט מיר דינען דאָס גליק?

—פון דיין מויל אין גאָטס אויערן, ער זאָל דיר העלפען און זאָלסט גליקען, אָבער...

—שוין, ער האַלט זיך שוין ווידער ביי זיינס,—האָט דאַווידזאָהן געזאָגט.—ער זאָגט דיר נישט און ענטפערט נישט, נאָר אָבער און אָבער!...

—איידער איך וועל דיר ענטפערן,—האָט יונתן געזאָגט,—וועל איך דיך קודם כל בעטען, דו זאָלסט מיך נישט חושד זיין אין גאָר-

נישט, אויב אפילו מיינע רייד וועלען דיך טרויעריג מאַכען. עס קאָן זעהר זיין, אַז איך האָב אַ טעות, און ווען דו שטעהסט נישט צו אַזוי שטאַרק צו מיר, וואָלט איך גאָרנישט געזאָגט. זיי וויסען, אַז אויך נאָך דעם אַלעם קאָן זיך מיין האַרץ נישט בערוהיגען, און מיר פאַלט איין, אַז נישט גאָט האָט דאָס געמאַכט, ווי דו מיינסט, נאָר אין דעם שטעקט עפּעס אַנדערש.

—צי וואונדערט דיך דען נישט די גאַנצע זאַך, און דאָס איז דיר גאָר קיין בעוויז נישט,—האָט דאַווידזאָהן געפרעגט.

—אַזוי איז שוין דער שטייגער פון אַלע וואָס האָפען,—האָט יונתן געענטפערט,—וואָס די האָפנונג פערפיהרט זיי, און אין אַלעמען געפינען זיי אַ בעוויז אויף דעם וואָס זיי ווילען, און זיי גיבען זיך נישט אָב קיין חשבון צו וויסען פון וואַנען די זאַך קומט, און וואָס זיי ווילען דורך דעם דערגרייכען... אמת, איך וואונדער זיך טאַקע אויף דער גאַנצער זאַך, פונדעסטוועגען זעה איך נישט, אַז דאָס זאָל זיין אַ גאָט-זאַך, און איך מיין, אַז דאָ שטעקט עפּעס אַנ׳אַנדער זאַך.

—וואָס פאַר אַ זאַך?—האָט דאַווידזאָהן געפרעגט מיט אַ ביסעל שרעק אין האַרצען.

—דאָס ווייס איך נישט,—האָט יונתן געענטפערט,—אַ סך זאַכען זענען פון אונז פערהוילען אין לעבען, וועלכע ס׳איז אונז אַ סך גלייכער נישט צו וויסען, איידער זיך צו מאַטערן און אויסטייטשען פאַלש... נאָר דאָס ווייס איך יאָ, אַז רחל האָט דיך זעהר ליב!...

—דאָס ווייס איך אויך, און נאָך מעהר פון דיר,—האָט דאַוויד-זאָהן געענטפערט מיט אַ שמייכעלע.

—און שרה?—האָט יונתן געפרעגט,—זי ווייסט אויך דערפון?

—כ׳האָב נאָך נישט געהאַט קיין געלעגענהייט מיט איהר צו ריידען און וויסען וואָס זי טראַכט וועגען מיר,—האָט דאַווידזאָהן געענט-פערט,—זי גרייט זיך מאָרגען אין וועג אַריין, צו מיין גרויסער פרייד.

—און וואָס איז די גדולה מיט דיר, אַז זי פאָהרט אַוועק?—האָט יונתן געפרעגט.

—ווייל איצט וועט מיר נאָך גרינגער זיין אַריינצוכאַפּען זיך צו רחלע׳ן אין צימער און מיט איהר ריידען און שמועסען.

—אָך!—האָט יונתן אויסגערופען,—גאָרנישט לאַנג, אַז דו געפינסט זיך ביי אפרים׳ען אין שטוב און האָסט שוין דערגרייכט אַזוי ווייט, צו זיצען צוזאַמען מיט זיין טאָכטער אין איהר צימער און פערברענגען

מיט איהר אין ליעבע-שמועסען! זעהר פיל איז דיר גערא̈טען חבר, נישטא̇ נא̇ך א̇זא̇ געשיקטער מענש ווי דו ביזט. ביזט ווערט גערוהמט צו ווערען!

—וואָס דען האָסטו געמיינט, איך וועל זיין ווי דו ביזט—כ'וועל פערמאַכען דאָס מויל און שווייגען?

—ווער קען זיך גלייכען צו דיר. דאַווידזאָהן!—האָט יונתן געענט־פערט מיט אַ שמייכעל—ווי דו זעהסט מיך לעבען, ווען דיר זאָל געלונ-גען, און רחל זאָל דיין כלה ווערען, וואָלט אַ גרויסער שרייבער גע-קענט דערפון מאַכען אַ וואונדערליכען ראָמאַן. ער וועט דאָ געפונען אַלץ וואָס ער דאַרף האָבען צו דעם: אַ מיידעל אַ יפת-תואר, ליכטיג ווי די זון, די ליפען איהרע—ווי פורפור-רויט, איהרע אויגען און איהרע לאָקען זענען שוואַרץ ווי קראָה, דער האַלז איז ווייס ווי ביין און איהרע הענד זיינען ווי זילבער"; אַן איינציגע טאָכטער איז זי ביי איהר פאָטער, אַ יוד אַנ'עושר, אַ פאַנאַטיקער און פון דער אַלטער וועלט. און פון דער אַנדערער זייט—אַ שענער אַ קלוגער בחור, אָרעם און פרעמד. אָהן אַ פריינד און אָהן אַ גואל, געהט קורץ געקליידט און פיהרט זיך נישט ווי די פרומע לייט!—ער וועט נאָך געפינען אַ גע-היימע ליעבע, און אַ וואונדערליכען צופאַל, גוטע האָפנונגען, הערצער, וואָס זענען פרעהליך און טרויעריג, און נאָך אַזעלכע זאַכען, וואָס מאַ-כען שטאַרק נייגיריג דעם לעזער, הפלא ופלא... גרויס וועט דיר מאַ-כען דער שרייבער, ער וועט דיר אַרויסשטעלען, אַז מען זאָל זיך פון דיר אָבלערנען. איינעם זעסט דערוועגען ליעב צו האָבען און וועסט איהם געבען גוטע האָפנונגען, דאָס צעבראָכענע האַרץ וועט זיך פון דיר אָב־לערנען צו ליעבען און האָפען, און די עלטערן וועסטו אויסלערנען צו וויסען, אַז זיי זאָלען נישט געוועלטיגען איבער'ן האַרץ פון זייערע טעכטער, זיי חתונה צו מאַכען צו וועמען זייער האַרץ גלוסט... דו ביזט דאָך דער ערשטער, וואָס בעווייזט אַזאַ נייעס צווישען יודען, ביז אַהער איז נאָך אַזוינס נישט געזעהן און נישט געהערט געוואָרען צווישען יודען פון אונזער לאַנד. ווענינגסטענס האָב איך נאָך נישט גע-הערט, אַז אַ בחור זאָל זיך פערליעבען אין אַ מיידעל און אַ נקבה זאָל געפעלען אַ מאַנספערשוין און זיי זאָלען ווערען חתן-כלה נאָר דערפאַר, וואָס זיי האָבען זיך ליעב, כאָטש זיי זענען ווייט איינער פון אַנדערן אין זייער בעשטאַנד כרחק מזרח ממערב, און געגען דעם ווילען פון זייערע עלטערן. נאָר אויף דעם טהוט מיר וועה דאָס האַרץ—האָט יונתן

ווייטער גערעדט מיט אַ שמייכעל—וואָס ביי אונז פעהלט דער מלאך פון ליבע, וועלכען אַלע פעלקער קענען אַזוי גוט...

—דעם חסרון קען מען ממלא זיין—האָט דאַווידזאָהן אויך געזאָגט מיט אַ שמייכעל—דעם דאָזיגען מלאך קאָנען מיר נעהמען ביי די גוים, ווי אַלע איבעריגע מלאכים וואָס זענען גענומען געוואָרען, ווי אונזערע פילאָזאָפען זאָגען—פון בבל, פרס און אַנדערע נידעריגע פעלקער, גע-בען איהם אין האַנד אַריין אַ בויגען מיט שאַרפע פיילען ווי עס פּאַסט איהם. און אפשר וועט זיך איינער פון אונזערע „חובבי שפת עבר" צע-היצען און וועט בעווייזען אַז דער מלאך פון ליבע איז אַ יודישע זאַך, און ווערט דערמאָהנט אין תנ"ך... אָבער—האָט דאַווידזאָהן אויסגערופען אויפהערענדיג צו שמייכלען—מיר זענען דאָך אַראָב פון וועג פון אונ-זער שמועס. וואָס איז מיט דיר, חבר מיינער, וואָס דו חכמה'סט זיך היינט אַזוי? דו ביזט דאָך שטענדיג אַזאַ שווייגער!

„ווען דאַווידזאָהן וואָלט געוואוסט—האָט יונתן ביי זיך געטראַכט און אַרויסגעלאָזט אַ שטילען זיפץ—ווען ער וואָלט געוואוסט, אַז מיין חכמה'נען זיך איז גאָרנישט פון גרויס נחת, נאָר פון געבראָכען געמיטה און זאָרג פאַר איהם!..."

—וואָס טראַכסטו—האָט דאַווידזאָהן ווידער געפרעגט, זעהענדיג ווי יונתן איז אַנטשוויגען געוואָרען און האָט פערמאַכט דאָס רעכטע אויג.

—און וואָס טראַכט רחלז—האָט יונתן געפרעגט.

—פון ליעבע טראַכט זי!—האָט דאַווידזאָהן געענטפערט.

—וואָס זשע נאָך ווילסטו?

—אָבער—האָט דאַווידזאָהן ווייטער גערעדט—אַ סך מאָל האָט מיר רחל געזאָגט, אַז זי האָט ליעב דעם פאָטער מיט דער מוטער ווי דאָס לעבען, און מיט'ן גאַנצען האַרצען וויל זי שטענדיג טהון זייער פער-לאַנג. און מיט מיין שכל פערשטעה איך, אַז זי האָט דאָס נישט גע-זאָגט גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין, נאָר זי מיינט צו זאָגען: אמת טאַקע איהר האַרץ איז זעהר נישט ווייט פון מיר, אָבער אַז זי זאָל מיט מיר חתונה האָבען געגען ווילען פון איהרע עלטערן—איז זעהר אַ שווערע זאַך.

—און וואָס, אייגענטליך, פערלאַנגסטו פון מיר?—האָט יונתן גע-פרעגט.

—דיין עצה פערלאַנג איך—האָט דאַווידזאָהן געענטפערט—זאָג

מיר מיט וואָס קאָן איך געפעלען ווערען אפרימ׳ען און געפונען חן אין זייגע אויגען. צוליב רחל׳ען בין איך גרייט אַלץ צו טהון, אפילו זיך טובל זיין אין מקוה אין אַ פראָסטיגען טאָג און זיך קוילערען אוים׳ן שניי.

—אפילו אַז דו ווערסט דאָס אַלץ טהון כדי זיך צו חנפה׳נ׳ען— האָט יונתן געזאָגט מיט פעררדרוס און אויסגעשפיצט זיין אויג אויף דאַווידזאָהנ׳ען—אפילו די פּאָלעס וועלען זיך דיר נאָכשלעפען אויף דער ערד, און ווערסט זיך אָנטהון אין לאַנגע גראָבע ציצית, ווערסטו פאָרט נישט געפעלען אַזעלכע מענשען ווי אפרים, זיי וועלען שטענדיג זאָגען, אַז דו האָסט נישט אין האַרצען דעם יודישען פונק!...

—און אויך איך וועל געהן אין דער פריה און פאַרנאַכט אין בית-המדרש אַריין, און דערצעהלען וואונדערליכע מורא׳דיגע מעשות, ווערסט מיר דאָס העלפען?—האָט דאַווידזאָהן געפרעגט מיט אַ ביטערן שמייכעל.

—אפילו ווען דו ווערסט זיצען אַ גאַנצען טאָג צווישען די בטלנים און זיך וואַרימען ביים אויווען—האָט יונתן געענטפערט אויך מיט אַ אַ ביטערען שמייכעל—און ווערסט דערצעהלען גאָר מורא׳דיגע מעשות פון די רויטע יודעלעך, פון די הרי־חושך און טייך סמבטיון, פון אלכסנדר מוקדון, און פון בוים וואָס האָט מיט איהם גערעדט, און פון מורא׳די־גען אָדלער אויף וועלכען ער איז געריטען הויך אונטער׳ן הימעל; פון סמאַ״ל און זיין ווייב און די תולדות פון גוג ומגוג; פון גולמ׳ס, גלגולים, רוחות און מתים, וואָס בלאָנקען זיך אַרום אויף דער וועלט און נאָך אַזעלכע זאַכען—פונדעסטוועגען וועט מען געפינען אויף דיר „זאַטשעפּקעס״, אַז אין דיר איז נאָך אַלץ נישטאָ דער יודישער פונק״! און אין אַזוינס וואָס דו קאָנסט נישט דערגרייכען אין אַזעל־כעס זאָלסטו זיך נישט אַריינלאַזען. דאָס איז מיין עצה און גע־דענק עס!

## יג.

# נחמן דער משולח.

פון כזיב׳ער „אַלטענס״ שלוחים און גבאים, איז דער גרעסטער— דער משולח נחמן שליט״א. ער איז די רעכטע האַנד פון כזיב׳ער און האָט צו בעפעהלען איבער די „טישען״ און משקאות. אויף אויסזוכען די מקורבים און אויסשטעלען זיינע חסידים, און די וואָס קומען צום „אַלטען״ פיהרט ער אַריין, יעדען איינציגען אין זיין צייט, אַלע יאָהר פאָהרט ער אַרום דעם גליל וואו עס וואוינען דעם כזיבי׳רס חסידים און אין יעדער שטאָדט, וואו ער קומט, איז אַ יום-טוב ביי יודען, מען מאַכט אַ סעודה, ער זיצט אויבענאָן און חזר׳ט פאַר זיי איבער דעם „אַלטענס״ תורות, זיינע וואונדערליכע הייליגע שמועסען—און אַלע זי-צען מיט אָפענע מיילער און הערען זיך צו מיט פרומקייט און התפעלות און יעדער איינציגער ברענגט איהם זיין מתנה.

ס׳זענען די חנוכה־טעג. אַ גרויסער עולם פון נאָהנט און פון וויט איז געקומען צו זעהן דעם „אַלטענס״ הייליג געשטאַלט און בע־טען הילף יעדער אויף זיינע צרות, די גבאים האָבען אַ סך אַרבייט, צו שרייבען „קוויטלעך״ מיט בקשות פאַר יעדען וואָס האָט אַ ביטער האַרץ, צו בעדינען אין „דערינען״, און צו גרייטען טישען פאַר אַנ־ עם-רב. און נחמן דער ראש פון די גבאים, זיצט זיך מיט כבוד אין זיין חדר, וואָס ביי „איהם״ זאָל לעבען אין הויז, און הערט אויס אַלע וואָס דאַרפען צו איהם, איינער געהט אַרויס און אַ צווייטער קומט אַריין. צום סוף איז אַריינגעקומען איינער און נחמן איז איהם אַקעג־ געגנגעלאָפען און האָט איהם אָבגעגעבען שלום.

—זעץ זיך נעבען מיר, ידידיה, מיין טייערער!—האָט נחמן גע־ זאָגט צו איהם מיט זיסע ריידעלעך און מיט אַ חוזק׳דיגען קוק, ווי ער וואָלט פון איהם געשפּאַסט—ווען קומסטו?

—אָט איצט קום איך—האָט ידידיה געענטפערט געלאַסען און מיט תמימות—ס׳טהוט מיר זעהר הנאה צו זעהן דיין גרויסקייט און דיין כבוד.

—דאָס האָב איך דאָך שוין געהערט פון דיר, מיין טייערער,

ווען דו ביזט דאָ געווען דאָס ערשטע מאָל, און וואָס האָסטו דאָ ווי-
דער געזעהן פאַר אַ בייעס וואָס דו פרעהסט זיך ווידער אויף מיר און
וואונדערסט זיך?

—איך פרעה זיך דערפאַר, ווייל דו ביזט דאָך מיינס אַנ׳אייגע-
נער קרוב—האָט איהם ידידיה גע׳חנפה׳ט—צי וואָלט זיך דיין מאַמע,
מיין מוהמע, עליה השלום, געקאָנט ריכטען, אַז איהר זוהן וועט אַזוי
ווייט דערגרייכען. זי האָט זיך דאָך שטענדיג געקלאָגט, אַז אָהן אַ
טאַטען, טהוסטו וואָס דיין האַרץ גלוסט און פאָלגסט איהר נישט, און
ביי די מלמדים ווילסטו נישט לערנען און זי ווייסט נישט וואָס מיט
דיר וועט זיין דער תּכלית.

—שטותים! לאָמיר גאָר נעהמען אַ ביסעל בראָנפען, ביזט דאָך
ביי מיר אַ טייערער גאַסט.

—קיין בראָנפען טרינק איך נישט—האָט ידידיה געזאָגט און זיך
פערקרימט.

—וואָס איז? ביזט עפּעס נישט געזונד, דאָס האַרץ טהוט דיר
וועה?

—איך בין אַ מת!

—אויב דו ביזט אַ מת דאַרפסטו דאָך זיין צווישען די מתים,
וואָס-זשע בלאָנקעסטו זיך אַרום אויף דער וועלט?

—איך זוך אַ תקון—האָט ידידיה געשפּאַסט—איך בין זעהר אָרעם
און בין ווי אַ מת, און בלאָנקע זיך אַרום אויף דער וועלט און זוך
אַ שטיקעל ברויט. וועה איז מיר, כ׳האָב פערלאָזט מיין הויז, מיין
ווייב און קינדער און איך בלאָנקע זיך אַרום נע-ונד שוין אַזוי לאַנג,
אין פיין און אין מאַטערניש. טהו זשע מיט מיר אַ חסד, נחמן, און
בעט פאַר מיר ביי איהם זאָל לעבען, אפשר וועט ער זיך דערבאַרי-
מען איבער מיר, וועט מיר מזכה זיין מיט אַנ׳עצה טובה און איך
וועל געהאָלפען ווערען.

—אַ מענש וואָס טויג נישט צו גאָרנישט אפילו צו עבודת
הקודש—דעם וועט קיינער נישט העלפען, נישט איך און נישט דער
מיב׳ער. אפילו אַ מלמד צו זיין טויגסטו נישט, אַ באַנקקוועטשער ביזטו
שטענדיג געווען און דיין גאַנצע תורה איז אין דיין בויך—אין דיין
בויך-מחלה, האָסט נישט געלערנט, קענסט גאָרנישט און קיין כח הדבור
האָסטו נישט. ס׳איז מיר אַ גרויס רחמנות אויף דיר, מיין טייערער!

—אַזעלכע ווי איך זענען פאַראַן אַ סך צווישען אונז ידען און

פונדעסטוועגען מיט גאָטס הילף און מיט דער הילף פון גוטע מענ-שען האָבען זיי זייער פרנסה. אַלץ הענגט אָב פון מזל און אויב ס'איז נישטאָ קיין מזל—איז גאָרנישטאָ, איז לא לחכמים לחם, און די קליג-סטע האָבען נישט קיין עשירות...

—און אַ שדכן קאָן קיין שדכנות נישט אויספיהרען—האָט נחמן געזאָגט.

—וואָס מיינסטו דערמיט? זאָג וואָס דאָס הייסט.

—קוק אָן דעם תם, ער ווייסט דאָך גאָרנישט! איך האָב דיר געמאַכט פאַר פרץ'ס אַ שדכן. כ'האָב דיר אַריינגעלעגט די ווערטער אין מויל אַריין און דיר געשיקט צו אפרים'ען זאָלסט ריידען זיין בת יחידה אַ שידוך מיט פרצ'ס בחור, פרץ'ן זאָלסטו לויבען. זאָלסט זאָגען אַז זיין עשירות האָט גאָרנישט קיין גבול און קיין גרענעץ און אַז דער כזיב'ער האַלט גאָר שטאַרק פון איהם, און ער איז גאָר אָנגע-זעהן צווישען די חסידים, און נדן און כלה-מתנות וועט ער געבען גאָר אָהן אַ צאָהל. און אויף זיין בחור דעם חתן זאָלסטו דערצעהלען אַז ער איז אַ גרויסער חסיד, אַ חכם מחוכם, אַ מושלם, איז געוואַלדיג אַ שענער—ס'איז גאָר איינס אין דער וועלט.

—לויבען פרץ'ן האָב איך געהאַלטען פאַר אַן'איבעריגע זאַך, וואָרום ווער קען עס נישט פרצ'ן, זיין נאָמען קלינגט דאָך איבער דער וועלט, מען ציטערט דאָך פאַר איהם, אפילו די גבירים גיבען איהם אָב כבוד, וואָרום אַלע זענען דאָך ביי איהם אין רשות, דער גאַנצער מסחר איז אין זיין האַנד, ער איז דער אָנגעזעהענסטער אין זיין שטאָדט, אַלץ וואָס שטאָדט טהוט—ווערט דורך איהם געטהון, ער גיט אויס דאָט קהלישע געלד ווי איהם געפעלט און קיינער נעהמט ביי איהם קיין חשבון נישט אָב. אַלע ירושה-געלדער פון אלמנות און יתומים טראָגט מען צו איהם, אויך נדן-געלדער, צדקה-געלדער ליגען ביי איהם.

—ווען דו וואָלסט געהאַט שכל אין קאָפּ, וואָלסטו פערשטאַנען אַז דאָס לויבען אַ מענשען איז שטענדיג אַ גוטע זאַך, נאָר וואָס ווען איך ריידען און פערלאַנגען פון אַ מענשען אַזאַ זאַך וואָס ער האָט נישט! איך פרעג דיר נאָר איינס: פאַרוואָס האָסטו נישט געטהון דאָס וואָס אַ שדכן דאַרף טהון צו לויבען אין טאָג אַריין און דערצעהלען ישענעמס גרויסע מעשים? איך האָב דאָך דיר געמאַכט פאַר פרץ'ס אַ

שדכן, און ווען דו וואָלסט אויסגעפיהרט דעם שידוך וואָלסטו דאָך אַ סך פערדיענט. און אויפ׳ן חתן וואָס האָסטו געזאָגט?

—אויפ׳ן חתן פרעגסטו, אויף פרצ׳ס בחור?—אויף איהם האָב איך גאָרנישט געזאָגט. אַז ער איז אַ שענער און אַ פיינער האָב איך נישט געקאָנט זאָגען, ווייל ער איז מיאוס—דער שטערען שמאָל און זיינע אויערן—גרויס ווי די כּרעמזלעך און בעוואַקסען מיט האָר, זיינע האָר זענען דין און שיטער ווי פלאַקס! דאָס פנים איז ווייס, בעשיט מיט געלע קלייען, זיינע צייהן זענען שוואַרץ און אויסגעקרימט און צווישען די פאָדערשטע פעהלען איהם צייהן און עס קוקט איהם אַרויס דאָרטאַרומער דער שפיץ צונג און אַז ער רעדט—גאַווערט ער, און אינגאַנצען זעהט ער אויס, אַז ער איז אַ שוטה און אַ טפש און ווייסט נישט קיין קאַץ אַ ווײַדעל צוצובינדען. און ווידער אַז ער איז מיאוס און נאַריש—האָב איך נישט געוואָלט זאָגען.

—און דעריבער האָסטו געשוויגען און גאָרנישט גערעדט—האָט נחמן געלאַכט קוקענדיג אויף איהם.

—חלילה!—האָט ידידיה געענטפערט תמ׳עוואַטע—איך האָב גערעדט. און מיט דעם גאַנצען מויל האָב איך גערעדט צו אפרים׳ן: הער מיר אויס אפרים! פרץ האָט שטאַרק חשק צו דיין טאָכטער, וואָס ער וויל געהמען פאַר זיין זוהן, וואָרום ער וויל שטאַרק זיך משדך זיין מיט דיר און דיין שענער משפחה, און מעהר האָב איך גאָרנישט געזאָגט, ווייל אָבנאַרען און זאָגען ליגען קאָן איך נישט.

—אַ מענש וואָס זאָגט נישט קיין ליגען, שלימזל, אַזאַ מענש קאָן קיין שדכן נישט זיין, וואָרום ער מאַכט זיך קאַליע און מאַכט אַנדע-רע קאַליע—האָט זיך נחמן געוויצעלט—וועה צו דיר, האָסט היזק גע-האַט אַ פערמעגען שדכנות-געלד, און וועה צו דעם בחור און דער בתולה, די צוויי ריינע כשר׳ע נשמות, וואָס זענען איבער דיר צו-שיידט געוואָרען.

—נישט איבער מיר, נחמן, נאָר איבער דעם זינדיגען דור. אונ-זער נייער דור איז אַ דור פון סורר ומורה, אַ דור וואָס יעדער טהוט זיך ווי איהם געפעלט, און מען פיהרט ליעבעס—אַ מאַנספערשוין פיהרט זיך אַרום מיט אַ מיידעל און אַ מיידעל זוכט זיך שוין אויס איהר מאַנספערשוין און זיי דאַרפען גאָרנישט אָנקומען צו קיין שדכן. אויך ביי אפרים׳ן אין שטוב איז געשעהן אַ מעשה נורא, זיין זוהן האָט פערבלאָנדזשעט פון גלייכען וועג און האָט אויך פערפיהרט זיין שוועס-

סטער, די דאָזיגע בתולה פון וועלכער מען רעדט. אַזוי, אַזוי, נחמן, איצט פערשטעהסטו שוין!

די לעצטע ווערטער ידידיה׳ס האָבען נחמנ׳ען געטראָפען גלייך אין האַרצען אַריין, און אָנשטאָט ער זאָל לאַכען און זיך וויצלען איז ער דערשראָקען געוואָרען און זיך איינגעקנייטשט.

שטיל. מיטאַמאָל און עס דערהערט זיך אַ קול אין דער טהיר און אַ יודענע זעהר שען אָנגעטהון איז אַריינגעקומען אין פאָדערשטען צימער, דאָרט זענען געשטאַנען, אַ שאַנק, אַ טיש און אַ שטוהל, און אויפ׳ן טיש אַ טינטער מיט טינט. איז נחמן אַרויסגעגאַנגען פון זיין צימער צו דער יודענע.

—כ׳וועל אייך מטריח זיין איהר זאָלט מיר אָנשרייבען אַ „קוויטעל״ צו „איהם״ זאָל לעבען—האָט די יודענע געזאָגט צוגעהענדיג נעהנטער צו נחמנ׳ען.

—ווער זענט איהר און פון וואַנען קומט איהר?—האָט נחמן געפרעגט נישט קוקענדיג אויף איהר.

—איך בין שרה—האָט די יודענע געענטפערט-אפרים׳ס ווייב פון כסלונעווקע... פון דאָרט בין איך... נעכטען פאַרנאַכט בין איך געקומען, איך קום צו „איהם״ זאָל לעבען, בעטען אַ רפואה צו מיין וואונד... אַ רפואה פאַר מיין מאַן, וואָס ליידט גרויסע יסורים, ווערה איז מיר, בין איך געקומען אָנשטאָט איהם אויסצוגיסען מיין ביטער האַרץ... אויסצודערצעהלען מיינע צרות, אויסצוויינען...

זי האָט נישט פערענדיגט איהרע רייד און די טרעהרען האָבען אַ שלאָג געטהון פון איהרע אויגען.

—ווי הייסט אייער מאַמע?—האָט נחמן געפרעגט, נעהמענדיג די פען אין האַנד, און האָט ווי אַ חסיד שטיל אָבגעזיפצט.

—לאה, האָט שרה געענטפערט און אַוועקגעלעגט אויפ׳ן טיש ח״י—ס׳הייסט אַכצעהן זילבערנע מטבעות.

—לאה בעטרעפט צוויי מאָל ח״י—האָט נהמן געזאָגט גלאַט אַזוי זיך און מיט אַ נגונ׳דל, גלעטענדיג די שפיצען באָרד מיט זיינע שפיץ פינגער.

שרה האָט אַרויסגענומען פון בוזעם נאָך אַכטצעהן זילבערנע מטבעות און אַוועקגעלעגט אויפ׳ן טיש.

נחמן האָט איינגעטונקען די פען און געשריבען ווי שרה האָט איהם געזאָגט און ס׳איז אַרויסגעקומען אַזאַ „קוויטעל״:

„שרה בת לאה. ד׳ יחזיר לה בנה, שיצא לתרבות רעה. בעלה אפרים בן יוכבד ד׳ ישלח לו רפואה שלמה מן השמים על המרידין וישלח ברכה והצלחה בכל מעשה ידיו.
בנה היחיד שמעון בן שרה, ליראת שמים
בתה היחידה, רחל בת שרה, לזווג טוב״.

—הממ-מ-מ-ם.—האָט נחמן געברומט צוריק אַריינקומענדיג אין זיין חדר, פערזונקען אין מחשבות און די האַנד אויפ׳ן שטערן ווי ער וואָלט געזוכט עפעס אַנ׳עצה און געטראַכט וואָס צו טהון.

—וואָס איז, נחמן?—האָט איהם ידידיה געפרעגט.

—דו ביזט זיך דאָך שוין מיאש, ידידיה, פון שדכנות—האָט נחמן געענטפערט, זיך אויפגעכאַפּט פון זיינע מחשבות אַ פרעהליכער און אַ לעבעדיגער, און אַ שמייכעל האָט ווידער געשוועבט אויף זיינע ליפען—אויב דו העלפסט אונז נישט—קאָנען מיר זיך אַליין העלפען, און מיר וועלען שוין וויסען וואָס צו טהון. און וואָס רעכענסטו אַצינד צו טהון?

—איך רעכען צו פאָהרען קיין אָדעס—האָט ידידיה געענטפערט—בין איך דיר געקומען בעטען, דו זאָלסט אויף מיר רחמנות האָבען און מיטגעבען מיר אַ בריעף צו דיין ידיד אליעזר פאַרלי, וואָס איז דער גאַנצער מאַכער ביי אפרים׳ען, וואָס איז בעוואוסט אין אָדעס, און ער זאָל מיר געבען עפעס אַ שטיקעל שטעלע איך זאָל מיר פערדינען אויפ׳ן שטיקעל ברויט.

—צו וואָס פאַר אַ שטעלע, צום ביישפיעל, קאָנסטו טויגען? זאָג מיר, אדרבה.

—דאָס ווייס איך נישט, שרייב איהם סתם אַ שטעלע.

—פונדעסטוועגען?... אַ שטייגער וואָס, וואָס פאַר אַ שטעלע.

—אַ שטייגער... אַ שטייגער למשל—האָט ידידיה געענטפערט נאָך דעם ווי ער האָט אַ ווײַלע געשוויגען און געטראַכט—זאָל ער מיר מאַכען פאַר אַ שומר פון זיין שטוב און איך וועל נעכטיגען אין קעך ווען ער וועט אַוועקפאָהרען אויף אַ התונה צי אויף אַ באַל. אָדער ער וועט מיר שיקען וואו ער וועט דאַרפען און איך וועל געהן. אָדער זאָל ער גאָר זעהן איך זאָל ווערען אַ שמש אין אַ שוהל.

—אָט אַזאַ שטעלע, צו זיין אַ שמש, פּאַסט דיר טאַקע, און דאָס וועל איך טאַקע בעטען פאַר דיר.

---

## טו.

# מזל-טוב.

צווישען אַלע וואָס זענען געקומען צום כזיב׳ער איז אויך שרה געקומען, און זי האָט זיך נישט געקאָנט דערשלאָגען דורך דעם גרויסען עולם ביז צו „איהם״ זאָל לעבען, כאָטש זי האָט געטראָגען אין די אויערן טייערע שענע אוירינג און אויפ׳ן האַלז שנירלעך פּערעל און מען האָט געוואוסט, אַז זי איז דאָס ווייב פון אפריס כסלונ׳עווקער... און ווער ס׳האָט זוכה געווען איינמאָל אין זיין לעבען צו זיין ביים רבי׳ן, דער וועט זיך אויף דעם נישט וואונדערן, ווייל ער ווייסט, אַז עס זענען פאַרהאַן אַ סך וואָס איילען זיך צו קומען צום רבי׳ן אַ שטיק צייט נאָך פאַר ראש השנה, כדי אויסצודערצעהלען זיין ביטער האַרץ, און זיך זאַט אָנקוקען אין זיין ליכטיגס געשטאַלט, און פאָהרען אַהיים אַ שטיק צייט נאָך יום-טוב און זיי געלינגט נישט זיך צוצושלאָגען, צו זייער פיין און הוצאות איז גאָר קיין גבול נישטאָ. און באמת, ס׳איז דאָך זעהר שווער פאַר איין מענש ער אַליין זאָל איבערטראָגען אַלע צרות פון טויזענדער יודען... איינער בעט פון איהם קינדער און באַלד קומט אַ צווייטער און בעט: גיט מיר פרנסה! איינער שרייט: זייט פאַר מיר מתפלל, עס זאָל געהן אַ רעגען, און אַ צווייטער שרייט: עס זאָל אויספאַלען אַ שניי! אַ סך זענען די בעדערפעגישען פון אונזער פאָלק ישראל און קיינער האָט נישט קיין צייט צו וואַרטען און אויב „ער״ זאָל לעבען וועט פאַר זיי נישט זאָרגען—ווער דען זשע?

פון אין דער פריה ביז בייטאָג איז שרה געשטאַנען ביים כזיב׳ער אין הויז, צווישען אַ גרויסען עולם מאַנסלייט און ווייבער, וואָס האָבען זיך דאָרט שטאַרק געשטופּט און געאַרבייט מיט די זייטען און אַקסלען. פּלוצלונג איז פון זיין חדר אַרויסגעקומען נחמן און זיך בעוויזען צווישען עולם.

דער עולם איז איהם בעפאַלען ווי די ביהנען, און ס׳איז געוואָרען אַ גרויסע מהומה, יעדער בעט עפּעס און פרעגט עפּעס. ביי זיין רעכטער האַנד שטעהט גאָר אַ גרויסער חסיד, וואָס איז נאָר וואָס געקומען פון מקוה און ציטערט אינגאַנצען פון קעלט און פרעגט:

וואָס טהוט דער הייליגער רבי? פון דער לינקער זייט שטעהט ווידער איינער מיט אַ נאַקעטען האַלז און צעבראָשעט האַרץ און רעדט: שוין צייט צו נעהמען עפּעס אין מויל אַריין און ווען וועט מען דאַוונען? פאַר איהם בויגט זיך איינער איין און שטעקט איהם אַריין אין האַנד אַריין אַ מתן בסתר" כּדי ער זאָל זיך אויף איהם אומקוקען, און הינטער איהם ציהט איהם ביי דער פּאָלע אַ יונגערמאַן, אַ פּנים חדשות, נאָר וואָס פון אונטער דער חופּה אַפּער, האָט שוין בעוויזען צוצו'גנב'ענען דעם ווייבס צירונג און געקומען אַהער צו לויפען צום ערשטען מאָל.

—טרעט אָפּ!—האָט זיך נחמן אויסגעשריען אויף די מענשען וואָס האָבען איהם אַרומגערינגעלט—וואָס זענט איהר מיך בעפאַלען מיט אייער גרעגעריי? לאָזט, לאָזט דורכגעהן! ..

נחמן האָט גענומען שטופען מיט די עלענבויגענס און זיך דורכ־שלאָגען אַ וועג צווישען גרויסען עולם, און זיינע אויגען קוקען אין אַלע זייטען:

—קומט מיט מיר!—האָט נחמן געזאָגט צו שרה'ן און האָט זיך צו איהר אַ לאָז געטהון ווי אַ קאַץ גיט זיך אַ לאָז נאָך אַ מייזעל.

אַלע האָבען געקוקט אויף שרה'ן מיט גרויס קנאה, זי איז גע־ווען ביי אַלעמען אין די אויגען אַ גליקליכע, ווּעמען ס'איז אַ גרויס גליק צוהאַנענגעקומען. און אַז זי איז געגאַנגען נאָך נחמנ'ען איז אַנ'עולם מענשען זיי נאָכגעגאַנגען, האָבען גערעכענט מיט איהר צוזאַמען אַריינ־צורייסען זיך צו „איהם" זאָל לעבען, ווי די אומגליקליכע נשמות אויף יענער וועלט, וואָס כאַפּען זיך אָן אָן צדיק'ס פּאָלעס ווען ער געהט בערביי דאָס גיהנום, כּדי זיך אַריינצוכאַפּען מיט איהם אין גן-עדן אַריין. אָבער ווי נאָר זיי זענען צוגעקומען צו דער טהיר האָט מען זיי מיט געוואַלד אָפּגעשטופּט.

—קום אַריין אפרים'ס ווייב!—האָט דער „אַלטער" געזאָגט צו שרה'ן אַז ער האָט געהערט ווי זי געהט אַריין אין דער טהיר—איך וויים אַז דו האָסט אַ ביטער האַרץ און אַ שווער געמיטה.

„נאָר אַ נביא איז ער—האָט שרה געטראַכט—נאָך איידער איך האָב איהם עפּעס געזאָגט, ווייסט ער שוין וואָס אין מיין האַרץ טהוט זיך—אַלע רבי'ס זענען גאָרנישט מיט גאָרנישט קעגען איהם..."

—וועה צו מיין קלאָגן!—האָט שרה געוויינט און אויסגעצויגען די הענד—גרויסע צרות. שטעה איך אויס פון מיין איינציגען זוהן, וואָס איז אַנטלאָפען און איך בין געבליבען אַ פערוואָגעלטע מאַמע, און

ווייס נישט וואו זיך אַהינצוטהון!—און זי האָט דערלאַנגט דאָס קוויטעל מיט׳ן פדיון.

—צי האָב איך דיר נישט געזאָגט נאָך מיט צוואַנציג יאָהר צוריק, ווען דו האָסט געבעטען ביי מיר אַ זוהן, אַז צוויי וועגען האָסטו פאַר זיך? אָדער בלייבען אַן׳עקרה אָדער האָבען אַ זוהן און זיך אָנליידען פון איהם צרות?

—וועה איז מיר!—האָט שרה געענטפערט וויינענדיג און זיך אויסגעשנייצט די נאָז מיט אַלע פינף פינגער—ווער וויל עס לעבען אָהן אַ קינד און נישט איבערלאָזען נאָך זיך קיין קדיש?!... און ווי אַזוי האָב איך זיך געקאָנט דעמאָלט איינהאַלטען נישט צו נעהמען פון אייער האַנד די טייערע מתנה און בלייבען אַ פינסטערע עקרה! דערצו נאָך האָב איך זיך געטראַכט, אַז איך האָב נאָך מיין האָפנונג אין אייך נישט פערלוירען, אויב איהר קאָנט מיר מזכה זיין מיט אַ זוהן, וועט איהר דאָך אויך קאָנען איבערקעהרען די גזרה צום גוטען, און מיין זוהן זאָל זיין אַ פרום קינד און אַ גוט קינד.

—וואָס האָט ער געטהון דיין זוהן?—האָט דער כזיב׳ער געפרעגט אויפהויבענדיג די אויגען צום הימעל און אַרויסגעלאָזט אַ שטילען זיפץ.

—קיין שלעכטס האָט ער חלילה נישט געטהון!—האָט שרה געענטפערט—נאָר מיין מאַן זאָגט, אַז אונזער זוהן איז אַראָב פון גלייכען וועג, און האָט זיך גענומען צום לערנען און בילדען.

—צו בילדונג!—האָט דער כזיב׳ער אויסגעשריען מיט אַ בייזקול, ווי אַ מענש וואָס ווערט דערציטערט און דערצערנט דערהערענדיג דעם נאָמען פון זיין דם־שונא.—צי איז דען פאַרהאַן נאָך אַן׳ערגערע זאַך?

—צי איז שוין גאָר נישטאָ קיין רפואה צו מיין מכה?—האָט שרה ביטער געקלאָגט.

—וואָס האָט ער געלערנט דיין זוהן?—האָט דער כזיב׳ער ווידער געפרעגט.

—תנ״ך—האָט שרה געענטפערט מיט אַ ציטערדיג קול.

—גרויסער גאָט! רבונו של עולם!—האָט דער כזיב׳ער געזיפצט.

-צי זענען מיין זוהנס זינד טאַקע אַזוי גרויס?—האָט שרה געוויינט און געזיפצט.

—צי איז אין כסלונעווקע פאַרהאַן פון די היינטיגע משכילים?—האָט דער כזיב׳ער ווידער געפרעגט.

—אודאי איז דאָ!—האָט שרה געענטפערט—אַ לערער פון אַ שוהל, אַן אָרימאַן אַ פערשלעפעניש, ער האָט דאָס מיין זוהן אַראָבגעפיהרט פון דרך הישר, אַ רוח אין זיין טאַטענס טאַטען אַריין!—און אַצינד זיצט ער נאָך ביי מיר אין שטוב צו מיין גרויס האַרצוועהטאָג. און שיט מיר זאַלץ אויף מיינע וואונדען.

—אוי וועה!—האָט דער כזיב׳ער אַ געשריי געטהון און איז בלייך געוואָרען—וואָס טהוט אַזאַ נבול ביי מיינס אַ חסיד אין שטוב?... זאָלסט איהם תיכף אַרויסיאָגען, וואָרום דער דאָזיגער טמא׳ר מענש וועט אייך אַלע מטמא זיין און איך וועל שוין נישט קאָנען פערריכטען דאָס וואָס איהר האָט קאַליע געמאַכט.

—כ׳שווער ביי מיין לעבען—האָט שרה געשוואוירען—ווי נאָר איך וועל אַהיים קומען אַזוי וועל איך דעם פּאַסקודניאַק תיכף אַרויסטרייבען און אויסלאָזען מיין גאַנץ האַרץ צו איהם. אפרים האָט מיר איינגערעדט, האָב איך זיך געלאָזט איינרעדען, איך זאָל דעם קבצן דעם שלעפער אַריינלאָזען צו מיר אין שטוב, ער האָט געמיינט, אַז ער וועט זיך פון איהם דערוויסען וואו מיין זוהן איז.

—ווען איז דיין זוהן אַנטלאָפען?—האָט דער כזיב׳ער געפרעגט נאָך דעם ווי ער האָט זיך בערוהיגט.

—אין חודש... אויב איך האָב נישט קיין טעות איז עס געווען ראש חודש... ראש חודש חשון, האָט שרה געענטפערט.

—פאַר׳ן מולד אָדער נאָכ׳ן מולד?—האָט דער כזוב׳ער ווידער געפרעגט.

—דאָס קאָן איך אייך נישט זאָגען,—האָט שרה געענטפערט—ווי אַזוי קאָן אַזאַ פּראָסטע יודענע, ווי איך בין, דאָס וויסען? איך געדענק נאָר, אַז ווען מיין זוהן איז אַוועק, איז יענע נאַכט געפאַלען אַ שנעע מיט אַ רעגען.

—אויב אַזוי איז ער אַנטלאָפען נאָך פאַר׳ן מולד—האָט נחמן, וואָס האָט ביז אַהער געשוויגען, זיך אָבגערופען געלאַסען.

—צי געדענקסטו די מראה פון זיינע מלבושים, וואָס דיין זוהן האָט אָנגעטהון אין דעם טאָג וואָס ער איז אַוועק?—האָט דער כזיב׳ער ווידער געפרעגט.

—איך געדענק, איך געדענק!—האָט שרה אויסגערופען מיט פרייד, גלויבענדיג אַז דאָס איז זעהר אַ נויטיגע זאַך—זיין פּאַלטאָ איז געווען רויטלעך און געהאַט אַ פוטערנעם קאָלנער מיט ווייסלעך פון מויל-

וואורף. און אויפ׳ן קאָפּ האָט ער געטראָגען אַ נאַפּאָלעאָן-היטעל.

—און איצט וועגען אפרים׳ן—האָט דער כזיב׳ער געזאָגט, אַריינ-קוקענדיג אין קוויטעל.

—מיין מאַן,—האָט זיך שרה געבעטען—מיין מאַן ליידט גרויסע וועהמאָגען פון די מירידין מיט די פוקלאַך, נישט פאַר אייך געדאַכט, פון זינט מיר האָבען חתונה געהאַט ליידט ער, נישט פאַר אייך גע-דאַכט... און איצט האָט ער דערפון גאָר גרויסע צרות אַזוי אַז ער קאָן נישט אַרויסגעהן, זאָלט איהר מוחל זיין, חוץ אין דער פריה פאַר׳ן דאַווענען. און פון גרויס וועהטאָג, איז איהם, מיין מאַן, שווער צו זיצען און ער געהט אַרום איבער׳ן חדר זיינעם אַהין און צוריק אַ גאַנצען טאָג. און דערפאַר טאַקע, איז ער אַליין נישט געקומען אַהער.

—גרויסער גאָט, פאָטער אין הימעל!—האָט דער כזיב׳ער גערעדט מיט גרויס געפיהל, האָט געוואונקען מיט די אויגען און געמאַכט כונות...—יהי רצון.—האָט ער פלוצלונג אויסגערופען, נאָך דעם ווי ער האָט אַ ווײַלע געשוויגען און זיין פנים האָט זיך אויסגעלייטערט—דו דער שיקער און איך דער שליח, יהי רצון!

אַזוי ריידענדיג, האָט ער אַ קוק געטהון אויף שרה׳ן, וואָס איז געשטאַנען שטאַרק פערוואונדערט און געזאָגט צו איהר מיט פרייד.

—מזל-טוב דיר, אפרים׳ס ווייב!

שרה האָט זיך נישט געריהרט פון אָרט און האָט זיך שטאַרק געוואונדערט אויף דעם וואָס זי האָט געהערט. פון אונטער דער טהיר האָט זיך געהערט דאָס גערויש פון די מענשען, וואָס האָבען אַריינ-געקוקט דורך די שפּאַלטען און האָבען אַ ביסעל געהערט פון דעם כזיבי׳רס וואונדערליכע רייד. ווי די פליגען האָבען זיי געברומט און געקוויטשעט און גערעדט איינער מיט׳ן אַנדערן. און איינער דעם צווייטען האָט גערופען: קום אַהער און הער זיך צו וואָס דער „אַל-טער" זאָגט!...

—אין הימעל האָט מען מזוג געווען דיין טאָכטער רחל!—האָט דער כזיבי׳ר אָנגעזאָגט שרה׳ן די גוטע בשורה.

—ווער איז דער מחותן?—האָט שרה געפרעגט, נאָך דעם ווי זי האָט געשוויגען אַ ווײַלע פון גרויס צוטומעלניש.

—פּדן פון צלמון-האָט דער כזיבי׳ר געענטפערט—איך האָף אַז אפרים וועט מיר פאָלגען

—מזל-טוב אייך, אפרים׳ס ווייב שרה בת לאה!—האָט נחמן גע-זאָגט צו שרה׳ן מיט אַ פרומער מינע און מיט אַ חסידישער תּנועה ווי אַ תּם.

—אַדאַנק!—האָט שרה געענטפערט—ווי דאָס האַרץ האָט מיר טאַקע נביאות געזאָגט צו פרעגלען איינגעמאַכטס איידער איך בין אַוועקגעפאָהרען פון דער היים און אַהער ברענגען דאָס פאַר אַ מתּנה. האָט שרה גע-זאָגט שוין ריידענדיג צום כזיב׳ער, און איך ווידער—האָט זי ווידער געזאָגט שוין צו נחמנ׳ען—וועל איך געבען צעהן גילדען אויף צו קוי-פען בראָנפען מיט האָניג-קיכלעך פאַר׳ן גאַנצען עולם וואָס געפינט זיך דאָ.

—נחמן—האָט דער כזיב׳ער געזאָגט—נעהם דאָס דאָזיגע קוויטעל און לעג עס אַריין אין מיין סדור למשמרת, כּדי איך זאָל עס זעהן ביים דאַווענען, לעג עס אַוועק דאָרט ביי „והחזירנו בתשובה״.

שרה האָט געקושט די מזוזה ביים כזיבי׳ר און איז אַרויסגעגאַנ-גען פון דאָרט אַ פרעהליכע און אַ הייטערדיגע.

---

# טז.

## אַ קרבן פון דער פאַנטאַזיע.

די גאַנצע צייט וואָס שרה איז נישט געווען אין דער היים האָט דאַווידזאָהן טאָג טעגליך געזוכט עצות ווי אַזוי אַריינצוכאַפּען זיך צו רחל׳ן אין צימער און שמועסען מיט איהר אומגעשטערט, און פון טאָג צו טאָג איז זיין ליבע צו איהר שטאַרקער געוואָרען. רחל איז גע-ווען איינע פון די דאָזיגע, וועלכע, וואָס מעהר מען דערקענט זיי אַלץ מעהר געפעלען זיי. די נאַטור האָט איהר געשאָנקען אַנ׳איידעל האַרץ און אַ גלייכען מענשליכען שכל, צו דערפיהלען וואָס ס׳איז גוט און וואָס שלעכט, כאָטש זי איז נישט געווען שטאַרק געלערנט. מיט איהר האַרץ האָט זי געפיהלט דאָס גוטע, וואָס אַ מענש פערשטעהט מיט זיין פערשטאַנד, וואָרום דאָס געפיהל דאָס איז דאָס ערשטע פון פערשטאַנד וואָס איז נאָך נישט קלאָר, וואָס איז נאָך איינגעהילט

ווי אַ פּרוסט אין דער שאָל; און דער פערשטאַנד—דאָס איז דאָס קלאָ-רע געפיהל, וואָס איז שוין אַרויסגעוואַקסען און מען זעהט עס שוין אָן. און אין דער צייט האָט רחל שוין אפילו דערגרייכט, דורך די קלוגע שמועסען פון דאַוו־דזאָהן און יונתן, צו דער מדרגה וואו דער ספק הויבט אָן פייניגען און קלאָר מאַכען דעם געדאַנק און דאָס געפיהל.

צו ביסלעכווייז האָט דער צווייפעל אָנגעהויבען פייניגען רחל׳ען. די כריהמאָרגען-וואָלקענס האָבען די געדאַנקען אָנגעהויבען אויפגעהן אין איהר האַרצען, און עס האָט זיך בעוויזען דער ערשטער קנייטש אויף איהר שטערן. און וואָס מעהר די געדאַנקען האָבען זי געפיי-ניגט אַלץ מעהר האָט זי הנאה געהאַט צו זיצען און שמועסען מיט דאַווידזאָהנ׳ען, אַרויסצוזאָגען פאַר איהם איהרע געדאַנקען און איהרע פראַגען און הערען וואָס ער ענטפערט איהר, און דערמיט זענען זיי נאָך מעהר און שטאַרקער פערקניפּט און פערבינדען געוואָרען. איהרע גוטע פעהיגקייטען האָבען נאָך פערשענערט איהר שענקייט און פער-גרעסערט איהר חן.—דאַווידזאָהן האָט זיך גליקליך געפיהלט און פער-געסען יעדע זאָרג. די וועלט איז פאַר איהם געוואָרען אַ גן-עדן און די שטאָדט כסלונעווקע ווי אַ געטליכער גאָרטען פון דעם ליעבע-ווינדטעל וואָס האָט דאָרט געבלאָזען.

אָבער נישט אַזוי פרעהליך און גליקליך זענען געוועזעןביידע גוטע פריינד דאַווידזאָהנס. רחל האָט טאַקע ליב געהאַט דאַווידזאָהנ׳ען מיט׳ן גאַנצען האַרצען האָט שטאַרק געקוואָלען פון איהם און זיינע שמועסען, און אַז ער האָט זיך פערזוימט און נישט געקומען צו דער מינוט איז איהר כמעט דאָס האַרץ אויסגעגאַנגען אויסקוקענדיג איהם. אָבער אין איהר פרייד האָט זיך שטענדיג אַריינגעמישט אַ געדאַנק וואָס האָט איהר גרויס וועהטאָג פערשאַפט, און פערוואָלקענט איהר ליעבע-הימעל מיט טרויעריזע-וואָלקענס. וואָרום, אַז זי האָט זיך דער-מאָהנט אָן איהרע עלטערן, וואָס האָבען תכלית שנאה פיינד געהאַט אַזאַ מענש ווי דאַווידזאָהן און וואָס טראַכטען וועגען איהר גאָר עפּעס אַנדערש—איז איהר יעדע שמחה פערשטערט געוואָרען.—און ווי טרויע-ריג איז זי געוואָרען, זעהענדיג פאָרויס, אַז אַלע איהרע געפיהלען וועלען אַוועק מיט׳ן ווינדט, און זי וועט געגען איהר ווילען מוזען חתונה האָבען פאַר אַ נאַריש פערגרעבט יונגעל, וואָס וועט געפעלען איהרע עלטערן!... אָבער נאָך מעהר איז זי טרויעריג געוואָרען, אַז

זי האָט געבראַכט פון דאַווידזאָנ׳ען, וועמענס סוף עס וועט זיין גאָר אַ בי-טערער. און פון די דאָזיגע פיעל פרעהליכע און טרויריגע געדאַנקען האָט זיך ענטוויקעלט רחל׳ס פערשטאַנד, און וואָס מעהר איהר פער-שטאַנד האָט זיך ענטוויקעלט — אַלץ מעהר געפיהלען האָט זי געהאַט און אַלץ מעהר האָט זי געליטען פון די טרויריגע געדאַנקען... אַ סך מאָל האָט זי בעשלאָסען גאָר נישט צו רעדען אין דאַווידזאָנ׳ס אָנוועזענהייט, כדי איהם נישט צו געבען קיין שום האָפנונגען צו טראַכטען וועגען איהר ליעבע; אָבער ווי נאָר זי האָט איהם דערזעהן איז איהר האַרץ דערוואַרעמט געוואָרען און איהרע ווערטער האָבען געברענט ווי פייער; ווי נאָר זי האָט געהערט די שטימע פון איהר געליעבטען וואָס רעדט צו איהר, האָט זי נישט געקענט זיך אַליין אָבנאַרען, נישט צו רעדען און איהם וועהטאָג פערשאַפען. אויך דער רחמנות האָט זיך דע-מאָלט בעהעפט מיט דער ליעבע צו מאַכען גאָר גרויס דעם כלאַקער. בקוצר — רחל איז געווען אַ אומגליקליכע מיט אַ שווער ביטער גע-מיטה!

אויך יונתן — אויך איהם האָט אין דער שטיל געווײנט דאָס האַרץ אויף דאַווידזאָנ׳ען, וואָרום ער האָט געזעהן, אַז די ליעבע איז פאַר איהם נישט צום גוטען און ער קען איהם גאָר נישט העלפען, וואָס מעהר דאַווידזאָן איז פרעהליך געווען — אַלץ מעהר איז יונתן געווען טרויע-ריג און דערשלאָגען, און אַז דאַווידזאָן האָט איהם דערצעהלט פון זיין גרויס גליק, האָט ער אויף איהם געקוקט מיט גרויס רחמנות, ווי אויף אַן׳אומגליקליכען פאַרלוירענעם מענשען.

„עס טהוט מיר וועה אויף דיר ברודער דאַווידזאָן!—האָט יונתן גע-טראַכט מיט זיין שווער געמיטה—דערמאָנענדיג זיך אין דאַווידזאָנען און אין זיין ליעבע—ס׳טוהט מיר וועה אויף אַזאַ מענש ווי דו ביזט וואָס געהט פערלוירען און קומט אום דורך פאַלשע האָפענונגען! דיין דער-הויבענער גייסט רעדט דיר אָן זיך צו יאָגען נאָך אַזעלכע זאַכען וואָס זענען פון דיר ווייט, נישט קוקענדיג אויף אַלע שטערונגען, ער ברענגט דיר צו דעם דו זאָלסט אָבהאַלטען דעם וועלט-ראָד און זיך נעהמען דיין חלק מיט געוואַלד, דיין הויכער גייסט דערהויבט דיר העכער איבער אַלע מענשען; העכער פון זייער געלד און יחוס פון וועלכען זיי האָבען אַוועקגעשטעלט אַ וואַנד צווישען איין מענש און אַנדערען. איצט שוועבסטו אַרום אין דער הויך לאַכסט פון רייכען און זיין רייכקייט, פון יחוס און פון די וואָס יחוס׳ען זיך. דו ביזט אַ מענש

פון פאַנטאַזיע און דיין פאַנטאַזיע איז פייער, וואָס, אַז עס כאַפּט זיך אַרויס אויף אַ ווײַלע פון דיין גרויסען פערשטאַנד, וואָס היט עס שטענ־דיג אָב, פליהט עס אַרויף צו די הימלען און שפּרייט אויס איהרע פליגעל איבער דער גאַנצער וועלט! דאָס פייער פון די ליעבע האָט שטאַרק אָבגעשיידט דעם שכל פון געפיהל וואָס זענען אין דיר בעהעפט, אַזוי, אַז אַצינד קענסטו גאָר דיין פאַנטאַזיע נישט אָבהאַלטען. אומ־זיסט וועט אַצינד שרייען צו דיר דער פערשטאַנד, ווייל דו ביזט הויך פערפלויגען און וועסט דאָס קול נישט דערהערען; אומזיסט טהוט איצט דער פערשטאַנד דיך בעטען, דו זאָלסט צו איהם צוריקקעהרען איידער דיין אומגליק וועט קומען ווי אַ שטורם, ווייל דיין פאַנטאַזיע פערשטעלט דיר און הערסט נישט זיין געבעט. דיין הויכע פאַנטאַזיע טראָגט דיר אין דער הויך פון דיין פרייד; אָבער—דו האָסט זיך אויפגעהויבען כדי שטאַרק אַראָבצופאַלען... אויף דער הויך פון דיין אומגליקליכער ליעבע פערגעסטו זיך אַצינד מיט די זיסע פאַנטאַזיעס און די זעהסט נישט אַז אונטער דיר איז שוין אָנגעגרייט אַ מזבח און דו וועסט זיין דער קרבן! כ׳האָב דיך ליעב, ברודער דאַווידזאָהן, דערפאַר טהוט מיר זעהר וועה פאַר דיר!"

מיט גאָר אַ פרעהליך האַרץ איז אַמאָל דאַווידזאָהן צוריקגעקומען פון דער שוהלע און האָט געאיילט צו נעמען די זאַכען וועלכע זענען איהם נוטיג געווען צו געהן צו אפרים׳ען, צו סהון דאָרט זיין אַרבייט ווי שטענדיג. דאָרט האָט ער געהאָפּט צו פערברענגען מיט רחל׳ען און איהר געבען אַ לעקציע אין דער לאַנד-שפּראַכע, וועלכע יונתן האָט איהר אין געהיים געלערענט שוין אַ לענגערע צייט און איהר פאָ-טער און מוטער האָבען דערפון גאָרנישט געוואוסט, דאָרט האָט ער געהאָפּט צו פערברענגען דעם טאָג און פערגעניגען, ווי נאָר אפרים וועט זיך צולעגען נאָך מיטאָג, ווי זיין שטייגער איז, אינערהויפּט נאָך איצט ווען ער האָט שטאַרק געליטען פון די מירידין.

דער לויטערער הימעל האָט דאַווידזאָהנ׳ען נאָך פרעהליכער גע-מאַכט, האָט דערוועקט זיין האַרץ וואָס האָט נאָך מעהר געגלוסט צו פרעהליכקייט און פערגעניגען. די זון האָט אין דער פריה אויפגעשיינט רויט ווי בלוט און ס׳איז געווען אַ שיינענדיגע פערגליווערטע ליכטיקייט אין דעם טאָג. ס׳האָבען זיך צונויפגענומען די קראָהען אויף די הויכע דעכער און געשריגען אויף קול דערנאָך זענען זיי פון דאָרט אַוועק מיט רעש און געשריי און געפלויגען און געפלאַטערט אין אַ ראָד הויך

אונטערען הימעל, ווי זיי וואָלטען דאָס געגאַנגען אין אַ טאַנץ, ווי דאָס וואָלט ביי זיי געווען אַ משפחה-שמחה, ווי זייער פעטער אָדער פעטערס זוהן האָט צוגעגרייט אַ סעודה און פערבעטען די געסט צו זיין חתונה.. עס זענען אויפגעשטאַנען די קיה פון כסלונעווקע האָבען זיך עטליכע מאָל אויסגעצויגען און אַראָפּגעטרייסעלט דעם שניי און דאָס אייז פון זייערע רוקענס, אויך די ציעגען האָבען פערגעסען צו ליגען אויף די מיסטען און אַלע בלאָנקען זיך אַרום איבער די גאַסען און געסלעך צו קלויבען צום עסען אַלץ וואָס זיי וועלען געפינען, אַ טייל עזות פנימ־ער האָבען אַריינגעשטעקט די מאָרדעס אין טאָרבע צו עסען פון אָבריק פון אַ פערד אַ גאַסט, וואָס האָט היינט געבראַכט אין שטאָדט אַריין די בעסטע זאַכען פון זיין בעל הבית דעם פויער: אַביסעל קאָרען און האָבער, אַביסל פענציג און פלאַקס אויך אַ צוויי דריי גענז און אַנ'אַלטען האָהן וואָס ווערט פערקויפט פאַר זיין זינד, וואָט ער האָט זיך צעקריגט מיט אַ יונגען שענעם האָן, וואָס האָט געגלוסט צו זיינע ווייבער און האָט מיט זיי פערבראַכט אין ליעבשאַפט; אַ טייל ציעגען ווידער האָבען זיך פערגנב'עט אָנצוכאַפּען פולע מיילער פון היי וואָס ליעגט אין וואָגען, וואָרוס דער פויער איז דאָרט נישטאָ, ער איז געגאַנגען נעמען אַ גלעזעל מיט זיינע ליעבע חברים.—דער שענסטער פון די ווינטער טעג איז דער טאָג געווען. ווער עס האָט ליעב די נאַטור איז דעם טאָג אַרויסגעגאַנגען שפּאַצירען אויפ'ן שניי, וואָס האָט גאָר פלא'דיק געשיינט און געסקריפּעט אונטער די פוס—דער דאָזיגער טאָג איז געווען ביי דאַווידזאָהנ'ען דער שענסטער טאָג אין זיין לעבען, און האָט געהאַרט פון איהם שטאַרק הנאה צו האָבען, און ווי נאָר ער איז אַרויס פון זיין שטוב און איינער אַ מענש איז געקומען און האָט איהם דער־לאַנגט אַ פערמאַכטען בריעף און איז גיך אַוועק פון איהם, נישט זאָגענדיג איהם גאָרנישט.

דאַווידזאָהנ'ס האַרץ האָט פּלוצלונג זיך אַ טרייסעל געטהון ווי עס טרייסלען זיך די ביימער פון וואַלד איבער'ן ווינד. זיין בלוט האָט זיך אַ רגע ווי אָפּגעשטעלט אין זיך אַטרייב געטהון אין זיינע אָדערען זיין פּנים איז בלייך און רויט געוואָרען עטליכע מאָל, זיין האַרץ האָט עפּעס דערפיהלט און נישט געוואוסט וואָס אַזוינס.

אַ קליין וואָלקענדעל גרויס ווי די האַנד פון אַ מענשען איז אויפ־געגאַנגען פון ים אויפ'ן ריינעם הימעל,

מיט ציטערדיגע הענד האָט דאַווידזאָהן געעפענט דעם בריעף און ער האָט איבערגעלייענט די ווערטער:

„איהר זאָלט מעהר צו מיר נישט קומען, איך דאַרף אייך נישט מעהר".

זיינע פיס האָבען פון דעם אַ ציטער געטהון, אין זיינע אויגען איז איהם פינסטער געוואָרען און די אותיות פון בריעף האָבען געטאַנצט און געשוועבט פאַר זיינע אויגען אין איין אויסגעמישט רעדעל, אַז ער האָט נישט געקענט ווייטער לעזען. אַז ער האָט זיך עטוואָס בערוהיגט האָט ער ווייטער געלייענט:

„צו דעם בריעף איז צוגעלעגט צוואַנציג קערבלעך פאַר דער אַרבעט, וואָס איהר האָט ביי מיר געטהון אַ חודש צייט אפרים כרמילי."

דערשלאָגען און צוטומעלט איז דאַווידזאָהן געבליבען שטעהן אויף זיין אָרט, ווי אַ מענש וואָס איז אַראָב פון זינען, דערנאָך האָט ער דערפיהלט אין זיך אַ שטאַרקען ציטער, ווי ער וואָלט אַראָבגעפאַלען פון הימעל אין טיעפען גרוב אַריין. אַלע זיינע טייערע האָפענונגען זענען געוועזען נאָר ווי אַ חלום אויף דער וואַך, און פלוצלונג איז ער אַרויס פון יום-טוב צו טרויער און פון פרייד צו פיין. פערטריבען געוואָרען איז די פרייד פון דער וועלט און זי האָט איהר שעהנקייט פערלוירען; וואָרום מיט די פרייד פון זיין האַרצען וואָס איז אַוועק איז אַוועק די שעהנקייט און ליכטיגקייט פון דער וועלט... זיין שטאַרקע ליעבע אָבער האָט זיך נאָך געשטאַרקט נאָך דעם ווי זי איז אַזוי גרייליך אַראָבגעפאַלען און אין איהם אויפגעבלאָזען אַ פונק פון האָפנונג וואָס איז אויף אַ ווײַלע פלוצלונג פערטינקעלט געוואָרען. ער האָט זיך בעשלאָסען צו זעהן זיך מיט אפרים'ן, זיך צו דערוואוסען פאַר וואָס דאָס איז, פאַר וואָס דאָס איז אַזוי געשעהן? טאָמער האָט מען אויף איהם אָנגערעדט, וועט ער זיך פאַר איהם פאַרענטפערען אַזוי לאַנג ביז ער וועט זיך איבערבעטען און וועט איהם צוריק צונעמען ער זאָל זיין ביי איהם אין שטוב ווי פריהער, אָדער אפשר וויל ער נישט צאָהלען קיין גרויס געהאַלט, וועט ער איהם זאָגען, אַז ער בעשטעהט צו אַרבייטען אַפּאָר חדשים אינגאַנצען אָהן געלד, נאָר כדי זיך אויסצולערנען דעם מסחר. און פאַר וואָס זשע זאָל אפרים נישט בעשטעהן צו טהון אַזאַ זאַך; וואָס איז נוצליך און גוט פאַר ביידע?

מיט אַזעלכע געדאַנקען האָט דאַווידזאָהן געאיילט צו אפרים'ס הויז צעבראָכען פון צווייפעל און האָפענונג, און זיין דערשראָקענע נשמה

האָט געשוועבט צווישען אַ טיעפען אָבגרונד און אַ גן-עדן. און אַז ער איז צוגעקומען צו דעם הויז, וואו זיין גורל דאַרף בעשלאָסען ווערען, איז זיין האָפנונג צעקלאַפּט געוואָרען אויף שטיקלעך, ווי אַ שיף ווערט צעשלאָגען אין אַ גרויסען שטיין אין שטורמיגען ים!

שרה האָט זיך אויף איהם צעשריגען, דערזעהענדיג איהם אין דער טהיר און האָט איהם מיט חרפה אַרויסגעטריבען.

---

## יז.

# פאַלשקייט און נאַרעריי.

אין איינעם פון די ווינטערדיגע טעג האָט שמעיה דער „בעַ-האַלטענער" דער שמש פון דער קהלה אין כסלונעווקע, געשפּאַנט איבער דער גאַס און אין האַנד האָט ער געהאַלטען אַ גרויסען בויגען פּאַפּיר.

און אָט פאַר וואָס שמעיה הייסט דער „בעהאַלטענער":

ס'איז שוין גאָר אַן אַלטער מנהג אין דער שטאָדט כסלנעווקע, אַז אין דער נאַכט פון הושענא־רבה פיהרט מען מיט כליזמר אין באָד אַריין יעדען מענש, וואָס האָט אַ פאַרעך אויפ'ן קאָפּ. אַלע סיי רייך סיי אָרעם, קיינער ווערט נישט פריי! נאָר אויב ס'איז ביי דעם מנהג נישטאָ קיין משא־פנים איז אָבער פאַרהאַן, מיט גאָטס הילף דאָס נעמען שוחט, און דער וואָס גיט אויסלייזגעלד פאַר זיין קאָפּ מיט ווין אָדער געלד. לויט זיין שטאַנד און צושטאַנד פון זיין פאַרעך— דער ווערט פריי. און אַ סך פון די פאַרכעס בעהאַלטען זיך און פאָה-רען אַוועק פאַר דעם „יום-הדין", ווייל זיי האָבען שטאַרק מורא פאַר איהם. און שמעיה וואָס איז צו זיין אומגליק געווען דער גרעסטער פאַ-רעך און אויף זיין קאָפּ האָט די רגע געבליהט פון אָנהייב יאָהר ביז'ן סוף יאָהר. און דערפאַר האָט מען איהם מכבד געווען ווי עס קומט איהם און מען האָט איהם געזוכט דעם ערשטען — איז ער זיך אָבער געווען אַ עניו, און איז שטענדיג אַנטלאָפען פון דעם כבוד. אין אַ טאָג אָדער צוויי פאַר הושנא־רבה איז ער נעלם געוואָרען פון שטאָדט און מען האָט נישט געוואוסט וואו ער איז אַהינגעקומען. און דערפאַר

איז איהם דער נאָמען פערבליבען אויף אייביג אויך נאָך דעם ווי ער האָט זיך שוין אויסגעהיילט דעם קאָפּ און איז געוואָרען גרעסער און גרעסער, ביז וואַנען ער איז דערהויבען געוואָרען אַזוי הויך צו ווע-רען קהל־שמש פון דער עדה אין כסלנעווקע.

און ביי די כסלונעווער איז דער שטאָדט-שמש באמת זעהר שטאַרק דערהויבען. אומעטום איז ער און ס'איז נישטאָ איין זאַך ער זאָל זיך אין איהר נישט אַריינמישען. אַז אַ מענש האָט חתונה און מאַכט אַ סעודה, אָדער איינער מאַכט אַ ברית דעמאָלט פרעהט זיך מיט זיין שמחה אויך דער שמש, ער עסט און טרונקט און נעהמט דערויף געלד ביי די פערבעטענע, אַז די עלטסטע בעל־הבתים פון שטאָדט נעהמען זיך צענויף, פעהלט ער דאָרט אויך נישט און דאָרט ווי זיי טרינקען און שכור'ען דאָרט איז ער. אַז מען קלויבט אַמאָל דאָזוערעס אין שטאָדט, הנפענען איהם מיט גוטע ריידעלעך די וואָס ווילען ווערען דאָזוערעס און דורך איהם צעטיילט מען די אָרעמע בחורים, די בעל־מלאכה יונגען, פון קליין ביז גרויס יעדען זיין פּאָרציע און זיין שטי-קעל פלאָדען. ווען מען האָט איינגעמאָנט דעם טעאַט, דעמאָלסט בע-פאָלט ער די אָרעמעלייט און שינד די הויט פון די קבצנים און נעהמט צו זייערע קאַפּעטעס פאַר משכנות. ער איז אַ שטעקען ביי די דאָזוע-רעס, צוזאַמען בעראַבעווען זיי די שטאָדט און לעגען עס אַריין צו זיך אין קעשענע. נאָר גאָר שטאַרק שרעקליך און מורא'דיג איז ער דעמאָלט ווען מען דאַרף צושטעלען פון קהל מענשען צו די זעל-נער. ער זעהט דעמאָלט אויס ווי אַ לייב וואָס זוכט צו פערצוקען, זיין האַרץ איז ווי פון שטיין און פון זיינע אויגען קוקט אַרויס פיינד־שאַפט. אַז ער בעווייזט זיך אין גאַס בעהאַלטען זיך די יונגלעך וואָס דערזעהן איהם, און באַרעמהערציגע ווייבער לויפען גאָר בעהאַלטען זייערע קינדער און פאַר זיין נאָמען ציטערט יעדער מאַנספערשוין;

די דאָזיגע רייכע לייט וואָס זיצען אייביג במנוחה, וואָס האָבען נישט געקענט דעם דאָזיגען נוגש מיט זיין שרעק וואָס ער האָט אָנ-געוואָרפען—וועלען דאָס אלץ נישט פערשטעהן, אָבער די אָרעמעלייט די קבצנים, וואָס זענען ווי שעפעלעך, וואָס עס פרעסען די אַלע בעלי טובות וואָס הערשען איבער זיי און האָבען זיך אָנגעליטען פון אָט דעם שמעיה'ן און זיין גיפט געטרינקען.—זיי ווען דאָך פיהלען און וויסען, אַז אַלץ וואָס מען זאָגט אויף איהם איז אמת.

און עס וועט נישט איבעריג זיין דאָ צו באַמאָלען דעם מעמד

פון דער שוהלע און דעם מצב פון דער השכלה אין דער שטאָדט כסלו-נעווקע, איידער עס ווערט דערצעהלט ווערען דאָס וואָס עס שטעהט געשריבען אויף דעם בויגן פּאַפּיר וואָס שמעיה האָט געטראָגען אין זיין האַנד.

ווען עס איז אַרויסגעקומען דאָס געזעצט פון דער רעגירונג, צו גרינדען שוהלען, וואו יודען זאָלען זיך לערנען און זיך אויסלערנען די לאַנד-שפּראַכע, האָבען די כסלונעוועקער זעהר אַ סך געוויינט אויף דער גזרה. האָבען גוזר תענית געווען און זעהר געטרויערט, און מתפלל גע-ווען צו גאָט, ער זאָל זיך דערבאַרעמען אויף זיין פאָלק ישראל. מען דערצעהלט, אַז די שטאָדט-פּרנסים זענען נישט געזעסען מיט פּערלעגטע הענד. די דאָזיגע שתדלנים מיט זייערע לעפּעל-לייט, וועמען די גזרה האָט אָנגעריהרט ביז'ן ביין, וויסענדיג אַז זיי וועלען קיין תקומה נישט האָבען אויב יודען וועלען ווערען אַן עם חכם ונבון, וואָרום פאַר דער ליכט פון בילדונג אַנטלויפען די טונקעלע שאָטענס און זייער פּרנסה וועט קאַליע ווערען! און ווער אַ שטייגער זוכט עס נישט קיין עצות תחבולות אויסצומיידען די צרה איידער זי קומט און נעהמט צו דעם ביסען פון מויל? און ווער אַ שטייגער קען בלייבען זיצען מיט פּער-לעגטע הענד צוקוקענדיג ווי מען נעהמט איהם צו זיין פּרנסה?.. דער וואָס איז געווען אין אַמעריקע האָט ער עס געזעהן. צי וועלען דען שוויי-גען די וואָס וואוינען אין דרום ווען עס וועט אויף זיי אָנפאַלען דער מושל פון צפון מיט אַ סך חיל צו בעפרייען די קנעכט וועלכע זיי פּייניגען? און ווי אַזוי זשע זאָלען בלייבען רוהיג די פלעדערמייז, ווען זיי דערשמעקען, אַז ביי יודען ווערט ליכטיג, אויסצובילדען די פאַנאַ-טישע וואָס זענען זייער „ברויט" שוין אַזוי פיעל יאָהרען? וואָס זענען זיי, וואָס איז זייער לעבען, זייער צדקות, זייער כוח און זייער גבורה אויב די יודען וועלען בעקומען ליכטיגע אויגען און וועלען דערזעהן אַלע נאַרישקייטען?... איז געבליבען ביי די דאָזיקע „פּאַסטוכער" נישט צו דערלאָזען צו אַזאַ אומגליק, זיך האַלטען מיט כוחות ביים עם הארצות און מאַכען געוואַלדען און בלאָזען אין אַלע טראָמפּייטען קעגען דער השכלה און די משכילים. האָט מען געזאַמעלט נדבות, האָט מען צענויפגענומען אַ סך געלד דורך פערשידענע תחבולות און האָבען זיך משתדל געווען דורך זייערע שלוחים זיי זאָלען צו דעם נישט דערלאָ-זען, זיי זאָלען זיין דער אבן-נגף און שטערען די יודישע שוהלען און נישט אריינלאָזען קיין שום גוטע נוצליכע זאַך אין פאָלק ישראל. —

אַ סך בין איך אויסגעשטאַנען אין מיין יוגענד—זאָגט די יודישע ביל-דונג.—אַ סך בין איך אויסגעשטאַנען און מען האָט מיר בייגעקומען!—גע-נומען האָבען אויף זיך די כסלונעווקער יודען פאַר אַ חק ולא יעבור, נישט צו לערנען זייערע קינדער אין די שוהלען. האָט מען דאָך אָבער מורא געהאַט פאַר די „טשינאָווניקעס”, וואָס פלעגען פון צייט צו צייט קו-מען אויף אַ „רעוויזיע”— האָבען זיי צונויפגענומען יונגלעך פון די חדרים און פון תלמוד-תורה, און געמאַכט פול די שוהלע. און דער „טשינאָווניק” האָט זיך געפרייד זעהענדיג אַזוי פיל תלמודים, כאָטש זיי האָבען נישט געוואוסט צו ענטפערען אויף זיינע פראַגען, ווארום ער האָט געטראַכט, אַז דער גאַנצער ענין פון שולען איז נאָך ניי פאַר יודען, און אויב די שוהלע טהוט ווייניג אויף אין אָנפאַנג, וועט זי שפעטער בעווייזען גרויס וואונדער, מיר דאַרפען איצט נישט קו-קען אויף גאָרנישט גאָר אויף דער צאָהל תלמודים, ווארום פון דעם וועלען מיר וויסען, צו האָבען זיך די יודען שוין צוגעלאָזט צו דער השכלה אָדער נישט. און דאָ אין כסלונעווקע זעהט ער דאָך אַז אַ סך תלמודים קלאַפען אָב די טהיר פון דער שוהלע, איז עס דאָך אַ בעווייז אַז די כסלונעווער זענען פאָרגעשריטענע מענשען און האָבען ליעב בילדונג און מיט דער צייט וועט דאָס לערנען אין די שוהלען אויך אויסגעבעסערט ווערען און די תלמידים וועלען ביסלעכווייז ווערען גע-בילדעטע מענשען. ווארום אַזאַ גרויסע זאַך ווי בילדונג, ווערט נישט מיט אַמאָל, איבער נאַכט געבוירען. וואויל איז דעם וואָס האָפט אויף דער צייט און איילט זיך נישט!—אַזוי האָט געטראַכט דער טשינאָווניק און פון טיעפען האַרצען האָט ער געדאַנקט די עלטסטע שטאָט-בעל-הבתים און האָט זיי פערזיכערט, אַז גאָר אין גיכען וועט מען עפע-נען נאָך אַ שוהלע אין זייער שטאָדט, ווייל ער זעהט דאָך, אַז איין שוה-לע איז ווייניג פאַר אַזוי פיעל קינדער. דער גובערנאַטאָר האָט געשיקט אַ דאַנק-בריף צו די חשוב'ע בעל-הבתים פון כסלונעווקע און אפרים'ען האָט ער גאָר אויסדערוועהלט און איהם געשאָנקען אַ גאָלדענעם האַלז-באַנד פאַר זיין אַרבייט אויפ'ן געביט פון בילדונג און זילבערנע קיי-טען האָבען אויך בעקומען ירחמיאל פון פאַרב-טאָהל און עזריאל און פלטיאל פון כזיבי זאָן פרק איז געוואָרען אַ „מיעשטשאַנסקי גראַזשדאַ-נין” אין צלמון!...

דער אויפזעהר פון דער שולע אין כיסלונעווקע, וואָס איז נישט געוועזען קיין יוד, אַז ער האָט געזעהן וואָס זיינע שטאָט-לייט טהוען אָב

און וויסענדיג גאַנץ גוט, אַז ער קען דאָ גאָר נישט העלפען, אפילו אַז ער וועט אויסזאָגען וואָס דאָ טהוט זיך און וועט זיך מיט זיי צו-קריגען, ער האָט אויך מורא געהאַט פאַר זיך, טאָמער וועלען זיי איהם פער׳מסר׳ן פאַר נאַטשאַלסטווע און ער וועט דאַרפען אַוועק פון כסלו-נעווקע—האָט ער דערפאַר גענומען „כּאַבאַר״ און געשוויגען. די חדרים זענען געווען פול מיט קינדער און די שוהלע איז געפאַלען נידעריג ביז אין שאול תחתיה. און דער אויפזעהער האָט זיך געהאַט צוויי תרוצים: איינמאָל—אויב אפילו ער וואָלט זיך גענומען שטרענג צו זיינע שטאָדט לייט, וועט עס איהם אויך נישט העלפען, ווייל ס׳איז שוין אַ געזעץ פון אייביג אָן, אַז מען טהוט ווי דער רבים וויל און די רייד פון יחיד הערט קיינער נישט. ווי זאָגט דאָס פאָלקס-ווערטעל: אַז צוויי זאָגען שכור—געה שלאָפען; צווייטענס ווידער, ער איז דאָך נישט פון זייעריגע און קומט נישט אַרויס פון זיי, וואָס-זשע דאַרף ער עס אין זינען האָ-בען זייער טובה און זיך מקריב זיין פאַר דער יודישער בילדונג?! וואָס דאַרף ער זיך זאָרגען פאַר אַזעלכע מענשען מיט וועלכע ער האָט קיין שום עסקים נישט! איהם איז אַלץ איינס, די מלמדים און די לעהרער, די חדרים און שוהלען, איהם געפעלען ביידע נישט! צוליעב דעם דען האָט ער זיך געלערענט און שטודירט אין די צווייטע קלאַס פון רעליג-יאָנס-סעמינאַריום כּדי צו בילדען די יודען?... אָהן דעם זענען אויך די יודען גענוג קלוג און נאַרען אונז אָב מיט זייערע כיטרע שטיקלעך. אמת טאַקע, זיי האָבען מיר געגעבען שוחד-געלד, נאָר צי וועט דאָס געלד דען נישט צוריקגעהן צו זיי? נעכטען האָט מיך דער קלייטניק משה באַראַבעוועט, היינט האָט מיך שמואל אָבגענאַרט, מאָרגען וועט זיך אַנ׳אַנדערער יוד צוכאַפּען צו מיין איבעריג ביסעל געלד... די יודען האָבען געגעבען און די יודען האָבען צוריקגענומען, זאָל זיי נע-מען דער רוח!—אַזוי האָט זיך דער אויפזעהר אַלע מאָל אַליין פאַר-ענטפערט און האָט זיך בערוהיגט האָט אַפּאָר מאָל אויסגערופען: צום טייוועל! צום טייוועל- און ווידער אויסגעצויגן די האַנד צו נעמען „מתן בסתר״.

איצט לייענט איבער די „פּראָשעניע״ וואָס איז אָנגעשריבען גע-וואָרען צום גובערניע אינספעקטאָר, לויט אפרים׳ס באַפעהל, אין נאָמען פון קהל. כאָטש קיינער האָט נישט געוואוסט און נישט געהערט קיין איין וואָרט, וואָס דאָרט איז געשריבען:

„ווי ס׳איז בעוואוסט אונזער האַר שוין פון לאַנג, שיקען מיר

מיט דעם גאַנצען האַרצען אונזערע קינדער אין די שוהלען וואָס זענען אויסגעשטעלט געוואָרען פון דער רעגירונג. און מיר האָבען שוין זוכה געווען אַ סך מאָל צו בעקומען פון דיר אַ דאַנק פאַר אונזער חשק צו בילדונג, דערפאַר שטעלען מיר זיך אונטער, מיר די אונטערגעשריבע-נע צו קומען מיט אונזער געבעט פאַר דיר גרויסער. דערהויבענער האַר און בעטען אַ קלייניגקייט, וואָס אויב דו ועסט עס אונז טהון מיט דיין גרויס גוטסקייט, וועט זיך נאָך מעהר פאַרשטאַרקן אונזער חשק צו ביל-דען אונזערע קינדער און מיר וועלען אויך וויסען, אַז מיר האָבען גע-פונען לייטזעליגקייט אין דיינע אויגען און ביזט גרייט צו טהון אונ-זער פערלאַנג, ווי דו האָסט אונז שוין אַ סך מאָל צוגעזאָגט. אונזער בקשה איז, אַראָבזוצען דעם לעהרער דאַווידזאָהן פון זיין שטעלע, ווייל ער איז אַ זינדיגער מענש און פיהרט זיך קעגען זיין דת און אַ חוץ דעם איז ער נאָך אַ מענש אַ פלאָטקע-מאַכער און אַ אונטערהעצער צו קריגערייען. האָבען מיר מורא אונזערע קינדער זאָלען זיך פון איהם נישט אָבלערנען און נישט געהן אין זיינע וועגען און מיר האָפען.., וכו׳.

די דאָזיגע „פראָשעניע״ דאָט מען איבערגעגעבען צו שמעיה דעם „בעהאַלטענעם״ און מיט זיינע לאַנגע פיס, וואָס זענען ווי די פיס פון אַ בושעל שפאַנט ער איצט האָפערדיק איבער די כסלונעווקער גאַסען, צו זוכען מענשען צום חתמ׳ענען.

שפאַנענדיג אַזוי האָט ער אויפ׳ן וועג באַגעגענט אַנ׳אַלטען זעל-נער, זיינס אַ בעקאַנטען, וואָס איז צוריק געקומען פון די סאָלדאַטען מיט אַ סך בענדלעך און מעדאַלען גרויסע און קליינע אויף דער ברוסט, און ער שטעהט און פאַרקעהרט די גאַס פאַר זיין בעל הבית׳ס הויז, האָט שמעיה צו איהם אַ וואונק געטוהן מיט אַנ׳אייגעל, איהם איז איינ-געפאַלען: ער וועט מיר היינט צונוץ קומען. און דורך איהם וועט מען פאַר מיר מעהר דרך-ארץ האָבען. האָט דער זעלנער געלאָזט ליגען דעם בעזעם, וואָס ער האָט געהאַלטען אין האַנד און געלאָפען נאָך שמעיה׳ן, האָט געעפענט דאָס מויל און אַרויסגעלעגט אָפויסט, ס׳הייסט: גיב צו פאַרזוכען פון ביטערען טראָפען, האָט שמעיה צו איהם צוריק געוואונקען, האָט אויך צוגעלעגט די האַנד צום מויל, פאַר אַ צייכען, אַז ער וועט איהם שוין מכבד זיין מיט דער אמת׳ער כוסה. און ביי-דע האָבען זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

און אַלע וואָס האָבען געזעהן שמעיה׳ן מיט זיין חבר, דעם זעל-נער, ווי זיי איילען זיך און לויפען איבער דער גאַס — האָט איינער

גענומען פרעגען ביים אַנדערן: וואָס איז, וואָס איז געשעהן?

און שמעיה געהט זיך מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ און דער זעלנער מיט איהם. זענען זיי געקומען אין אַ גאַס וואו עס וואוינען די אָרימע לייט, זיין סטאַדע שעפּסען, האָט זיך אַנידערגעשטעלט ביי אַ נידעריג שטיבעל. האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טהיר איז צוגעקומען צו דער טהיר אַ יוד אַן אָרימאַן אַ צעבראָכענער און דערשלאָגענער.

—שמעיה?!...— האָט דער מענש אויסגערופען אַ דערשראָקענער און ביטער אָבגעזיפצט.

—עפען ממזר די טהיר און לאָז אַריין אַ גאַסט אין שטוב!—האָט שמעיה אויסגערופען און געגעבען אַוואונק מיט׳ן אייגעל צו זעלנער.

מיט גרויס כעס האָט דער זעלנער אַ טופּ געטהון מיט׳ן פיס און געשאָלטען דעם מענש אין דער מאַמען אַריין. ווי ער וואָלט איהם עפּעס שלעכטס געטהון.

—שמעיה!—האָט זיך דער מענש געבעטען תחנונים — איך האָב שוין נישט די לייכטער אין שטוב, איינציגווייז האָב איך זיי אַרויסגע-טראָגען, נאַט אייך אַ זילבערנע מטבע און זעצט נישט אַריין צו מיר דעם זעלנער! זעהט, מיין אומגליקליכע יודענע ליעגט אויפ׳ן קראַנקען בעט, נאָך אַ ווײלע און זי וועט צוריקקעהרען גאָט די נשמה. דעם קליי-נעם קינד איז שוין טרוקען אין העלזעל, די קינדער זיפצען, בעטען אַ שטיקעל ברויט, האָבען זיך נישט מיט וואָס צו צודעקען, זיך צו דער-וואַרעמען, ס׳איז נאָך נישטאָ קיין חודש זינט איהר האָט מיר צוגענו-מען אַ משכן דאָס לעצטע קישען. ווי זשע זאָל איך נעמען צו שפּיי-זען דעם זעלנער?

—ממזר:—האָט שמעיה זיך אָנגערופען—כ׳בין שוין מיעד צו הע-רען שטענדיג דיינע קלאָג לידלעך, נאָך דאָס מאָל שענק איך דיר! גיב אַהער די מטבע, ממזר! גיב אויך דעם זעלנער אַ מטבע און געה צום טייוועל!

מיט אַ זיפץ האָט דער מענש אַוועקגעגעבען שמעיה׳ן די לעצטע מטבע פאַר וועלכע ער האָט געוואָלט קויפען אַ שטיקעל ברויט אויף וועטשערע.

—חתמ׳ע זיך אונטער. אונטער דעם פּאַפּיר!—האָט שמעיה בעפוי-לען אַראָבלאָזענדיג די מטבע אין קעשענע אַריין.

—כ׳על חתמ׳ענען, כ׳על חתמ׳ענען!—האָט דער מענש געענטפערט מיט שמחה, פון דעם וואָס ער האָט גע׳פועל׳ט ביי שמעיה׳ן ער זאָל

נישט אַריינשטעלען קיין זעלנער צו איהם. און ער האָט זיך איינגע-שטעלט און געפרעגט:

—זאָגט זשע מיר, איך בעט אייך, וואָס שטעהט דאָ אָנגעשריבען און אויף וואָס זאָל איך מיר חתמ׳ענען?

—דו עזות מחוצף פנים!—האָט זיך שמעיה צעשריגען—ווי שטעל-סטו זיך אונטער צו פרעגען און וועלען וויסען וואָס די שטאָדט-בעל-הבתים האָבען געשריבען! פערמאַך דאָס מויל, ממזר און חתמ׳ע! פאַר אַזעלכען ווי דו דאַרף זיין אַ כבוד אַוועקצולעגען דיין טאַטען דעם שכור אויפ׳ן פאַפּיער וואָס איז געשריבען געוואָרען דורך די עשירים די גרעסטע בעל בתים אין שטאָדט!...

—איך חתמ׳ע, איך חתמ׳ע!—האָט זיך דער מענש געבעטען. ווי ער וואָלט זיך פערענטפערט אויף דעם וואָס ער האָט געהאַט אַ העזה צו פרעגען און צו וועלען וויסען דאָס. וואָס עס האָבען אָנגעשריבען די שענסטע לייט און די חשוב׳סטע בעלי הבתים.

—אין דיין מאַמען די- — — !—האָט זיך דער זעלנער צעשרי-גען אויף איהם, זעהענדיג, אַז שמעיה כעס׳ט זיך און דער מענש בעט זיך און פערשטעהט נישט וואָס ביידע רעדען. האָט ער אויפגעהויבען די האַנד און איהם געשאָלטען קללות נמרצות איהם און זיין מאַמע...

—איך חתמ׳ע!—האָט זיך דער מענש ווידער געבעטען און גע-וואָלט זיך פאַרענטפערען פאַר שמעיה׳ן דעם בייזען אדון. ער זאָל נישט אין כעס זיין—איהר ווייסט דאָך שמעיה, אַז איך חתמ׳ע שטענדיג נישט וויסענדיג וואָס און ווען. נאָר דאָס מאָל האָט זיך מיר געגלוסט צו פרעגען, און איהר שמעיה זייט נישט בייז אויף מיר, אויב איהר ווילט זאָגט מיר, וועל איך אויך וויסען.

—חתמ׳ע. ממזר! אַז דיר געפעלט נישט... אַז דיר געפעלט נישט דער גרויסער פּאָדאַטעק פון וויין—האָט געענטפערט שמעיה. וואָס האָט אַליין אויך נישט געוואוסט וואָס אין דער „פּראָשענע״ שטעהט געשריבען.

—איך האָב נאָך פריהער געשריגען, אַז דער „פּאָדאַטעק״ טויג נישט—האָט דער מענש געזאָגט און האָט זיך אונטערגעשריבען מיט גרויסקייט, וואָס אין זיין אָרעמקייט און שפלות איז זיין דעה פאָרט נאָך עפּעס ווערט.

שמעיה איז זיך ווייטער אַוועק מיט גרויסקייט. און אומעטום ווי ער מיט דעם זעלנער קומען צו—ווערט דער בעל הבית אַ דערציטער-טער, גיט ער איהם געלד און שרייבט זיך אונטער, ביז שמעיה האָט

צונויפגענומען פון די אומגליקליכע קבצנים די תתימות און א סך געלד.
די „פראָשעניע” פון כסלונעווקער בעלי הבתים, וואָס האָבען זיך גע׳חתמ׳עט נישט וויסענדיג אויף וואָס, איז אָוועקגעשיקט געוואָרען צום גובערניע איספעקטאָר וואס האָט צוזאָגען איבער די שולען!...

---

# יח.

## אויף איהר צרה איז געקומען

רחל האָט גאָר נישט געוואוסט פון דעם וואָס עס איז אויף איהר נגזר געוואָרען ביים כזיבי׳ר, ווייל דער פאָטער און מוטער איהרע האָבען אין זינען געהאַט דאָס צו בעהאַלטען פון איהר ביז דער ריכטיגער צייט, און די דאָזיגע ריכטיגע צייט איז צו זיי געקומען אין איינעם פון די ליכ־טיגע טעג אין חודש אדר.

דאָס ליכטיגקייט און וואַרעמקייט פון דעם טאָג האָבען אַביסעל בערוהיגט רחל׳ען. וואָס האָט געטרויערט אויף שמעונ׳ען און דאַוויד־זאָהנ׳ען איהרע טייערע און נאָהענטע, וואָס זענען פון איהר דערוויי־טערט געוואָרען, איז זי געזעסען ביים פענסטער פון איהר חדר און האָט אַרויסגעקוקט אין דרויסען און דער דרויסען איז שעהן און ליכטיג. גאַנצע קאַפּעלעס פייגעלעך זינגען אַ נייע ליעד נאָך דעם ווי זיי האָבען דעם גאַנצען ווינטער אָבגעשוויגען. פון דער הויך פון אונטערען הימעל הערט זיך די שטים פון שוואַלב און דאָס געשריי פון די פייגעל, וואָס קערען צוריק די ערשטע, ווי שלוחים כון יענע זייט ימים, פון די ווייטע לענדער מיט אַ בשורה פון פריהלינג וואָס קומט אָן. אין שטאָדט רוישען די ריטשקעלעך קאַלטע וואַסער און רינען פון שניי אַראָב, וואָס איז נעכטען פערפרוירען געוואָרען און אין זיי שפּיגלען זיך די שטראַה־לען פון דער זון ווי אין קריסטאַל. אין די גאַסען זענען פול מיט יונג־לעך און מיידלעך וואָס שפּילען זיך—דער שטעלט אויף אַ מילעכעל אויף דעם וואַסער וואָס לויפט און דער שיקט פּאַפּירענע שיפלעך אויפ׳ן וואַסער—און אָט לויפט אַ שפּענדעלע און דרעהט זיך איבער אין וואַ־סער-רינוועלע שלאָגט אָן אין פּאַפּירענעם שיפעל און דרעהט עס איבער

מיט'ן פנים אַראָה. דאָרט געהט דער בעקער מיט אַ קויש אויפ'ן קאָפּ-און אין קויש—אַלערליי פּרים געבעקסען, שטעפּענט און מאָנקיכלעך וואָס זענען אָנגעגרייט צום שיקען משלוח-מנות. אויך דער אינדיק האָט זיך דאָרט בעוויזען מיט זיין גאַנצען פּערנעהם. מיט גאוה און גרויסקייט ציהט ער ווי אַ בויגען זיינע שעהנע פעדערען, שלאָגט מיט צאָרן אין דער ערד, און זיין קאַם ווערט רויט ווי כּורפור, און די נאָז הענגט איהם אַראָב איבער'ן שנאָבעל. ער דרעהט זיך ווי אין אַ ראָד און בע-ווייזט זיין אויפגעבלאָזענעם ווייידעל פאַר יערען און האַלט אין איין האָלדערען! דאָרט שפּילען זיך צוויי טאָבען, קושען זיך און לאָזען אַרויס קולות און די איבעריגע טויבען פליהען אַרום דאָ און דאָרט אויפצופּי-קען קערענדלעך, און אַז עס דערהערט זיך אַ שאָרך פון אַ בלעטעל גיבען זיי זיך אַ הויב אויף און פליהען אַוועק אין די טויבענשלאַקען.—אַזוי ווי רחל זיצט און האָט הנאָה פון דעם שעהנעם בילד—און איהר מוטער איז אַריינגעקומען אין איהר חדר און איינער אַ מענש מיט אַ גרויסער באָרד און לאַנגע פּיס נאָך איהר.

—טאָכטערשי, קינד מיינס!—האָט די מוטער געזאָגט—שטעה אויף און קום אַהער נעהנטער, דער מענש וויל דיך זעהן!

—גו, שעהנע כלה—האָט דער מענש געזאָגט צוגעהענדיג נעהנ-טער צו רחלען—ווייז מיר נאָר דיין כּתב און לאָמיך זעהן צי דו ביזט ווערט צו האָבען אַ שעהנעם חתן!...

רחל האָט אַ ציטער געטהון און נישט רעדענדיג קיין וואָרט האָט זי אַ בייזען קוק געטהון אויף איהם ווי זי וואָלט געזאָגט: געה אַוועק פון מיר! זאָלסט זיך נישט אַנטוועגען צו צוגעהן וואָרום...

רחל'ס בליק האָט דעם מענש צוטומעלט און איהם געגעבען צו פערשטעהן, אַז ער האָט צו טהון נישט מיט עפּעס אַ נאַריש מיידעל, נאָר מיט אַ מיידעל אַ געלעהרנטע, וואָס האָט עהרע-געפיהלען ווי אַ פריצישע טאָכטער. אַפּאָר מינוט איז ער געשטאַנען צוטומעלט און פער-וואונדערט, דערנאָך האָט ער זיך געלאָסען אָבגערוקט ביז ער איז צו-געגאַנגען צו שרה'ן.

אַ בייזער בליק דערשרעקט אַמאָל אַ סך מעהר פון הונדערט פּעטש!

—כ'האָב שוין אַלץ געזעהן—האָט דער מענש געזאָגט צו שרה'ן—אַלץ האָב איך שוין געזעהן. איצט געה איך צוריק צו די מחותנים וואָס וואַרטען אויף מיר.

אַזוי זאָגענדיג, האָט ער געפּעפּנט די טהיר און איז גיך אַרויס.

—רחל!—האָט שרה געזאָגט ווען דער מענש איז אַרויס פון שטוב—די ווייסט, רחל, אַז דער מענש וואָס איז דאָ געווען, איז אַ שדכן, און ער איז דיר געקומען זעהן? און דו, נישט גענוג, וואָס דו האָסט זיך נישט געפלייסט איהם צו געפעלען, האָסטו איהם נאָך מבזה געווען און געקוקט אויף איהם מיט אַזאַ בייזקייט! צו מיינסטו, אַז איך האָב דאָס אַלץ נישט געזעהן? כ׳האָב געזעהן, געזעהן, אַלויב צו גאָט, איך בין נאָך נישט בלינד!

—מאַמע. מאַמע!—האָט רחל אויסגערופען מיט הארץ און פון איהרע אויגען האָבען זיך די טרעהרען אַ גאָס געטהון ווי וואַסער—וואָלסט בעסער געטון. ווען דו האָסט שׂכל און טהוסט זיך אָן דאָס ציהרונג, וואָרום דיינע מחותּנים זענען שוין געקומען! נאָך נעכ־טען פאַרנאַכט זענען זיי געקומען.

רחל האָט אַ זיפץ געטהון און זיך געכאַפּט מיט דער האַנד פאַר׳ן האַרצען.

—כ׳הויב דיר נישט אָן צופערשטעהן, רחל! נאָר אַ רעטעניש ביזטו מיר—האָט שרה שטרענג געזאָגט—קוק זיך נאָר אָן אין שפּיגעל און וועסט זיך אַליין נישט דערקענען. דיין פּנים איז בלאַס און די נאָז איז דיר רויט פון טרעהרען, אַזוינס אַ וועט געפעלען דיינע מחותּנים?

—ס׳איז מיר אַלץ איינס—האָט רחל געענטפערט—אויב איך וועל זיי נישט געפעלען.

—דו רעדסט דאָך שוין גאָר ווי אַ חצופה—האָט שרה זיך בייז צעשריגען.

—מאַמע!—האָט זיך רהל געבעטען—וואָס איז דאָס געאיילעניש אַזוי מיר חתונה צו מאַכען? צו בין איך דיר שווער צום אויסהאַלטען מיר?

—וועה איז מיר;—האָט שרה אויסגעשריגען מיט אַ געוויין — אָט דאָס האָב איך פאַר מיין גאַנצער האָרוואַניע, פאַר דעם וואָס איך האָב דיר געטראָגען, געהאָדעוועט און ערצויגען, און איצט טראַכסטו אויף מיר אויס אַ בלבול, אַז ביזט מיר ווי אַ שווערע משאַ! וואָס הייסט דאָס? אויך נאָך דער חתונה דיינער וועסטו דאָך עסען קעסט ביי מיר, דו און דיין מאַן! דער מאַן דיינער וועט שטענדיג זיצען אין בית המדרש און וועט לערנען און דאַוונען, איך וועל איהם אָבהיטען ווי דאָס שוואַרץ אַפּעל פון אויג; דיינע קינדער וועל איך אַרומטראָגען און וועל זיי ניאַנטשען—וועה איז מיר! ווען דו וואָלסט געהערט וואָס די שטאָדט

רעדט, פערשטאָפּט זאָלען ווערען די מיילער פון מיינע שונאים און זאָל זיי אָבדאַרען די צונג אין מויל.

—וואָס רעדט מען?—האָט רחל געפרעגט מיט אַ קלאַפּענדיג האַרץ.

—וואָס מען רעדט?—האָט שרה געזאָגט—מען רעדט, אַז איך האָב אַ גרויסע מויד שוין פון אַכטצעהן יאָהר און מען האָט זי נאָך נישט חתונה געמאַכט אין דער צייט ווען די מיידלעך אין דיין עלטער האָבען שוין צו צוויי קינדער—וואו טהוט מען זיך אַהין פון חרפה.

—צו האָסטו פערגעסען מאַמע—האָט רחל געענטפערט—צו האָסטו פאַרגעסען, אַז שמעון איז אַ סך עלטער פון מיר און איך בין יונגער?

—ווען איז צו מיר און וועה איז צו מיין לעבען! — האָט שרה אויסגערופען—וועה און ווינד איז צו אַזאַ פערוואָגעלטער און טרויעריגער מוטער ווי איך בין! איך ווייס עס גאַנץ גוט און האָב עס נישט פערגעסען, אפילו בייגאַכט אין שלאָף פערגעס איך נישט. נאָר דער כזיב׳יר האָט געהייסען און ער אַליין רעדט דיר דעם שידוך! דאָס איז ביי דיר אַ קלייניקייט?

רחל האָט פאַרקרימט די ליפּען מיט די אויגען, ווי זי וואָלט געזאָגט: אין מיינע אויגען איז עס שוין גאָר אַ קנאַפּער כבוד, אין מיינע אויגען איז דער גאַנצער כזיב׳יר אויך גאָר נישט ווערט... דערנאָך האָט זי זיך געשטאַרקט און געזאָגט:

—מאַמע! ווען אפילו צעהן כזיב׳יר זאָלן מיר רעדען דעם שידוך וועל איך זיי נישט הערען און נישט פאָלגען, ביז איך אַליין מיט מיינע אויגען וועל נישט זעהן דעם חתן און וואָס ער איז אַזוינס.

—נישט אַנדערש אַז דו ביזט פון זינען געריהרט! — האָט שרה אויסגערופען שטאַרק איבערראַשט—באַדענק זיך רחל! אַ יודישע טאָכטער און רעדט... אַזעלכע רייד! צי איז נאָך אַזעלכעס געהערט געוואָרען אייף דער גאַנצער וועלט? וועה און ווינד איז מיר.

—שרה—האָט געזאָגט אפרים וואָס איז אין איילעניש אַריינגעלאָפען—געה נאָר שרה, געה גיך און גרייט אַלץ צו וואָרום היינט פאַרנאַכט שרייבען מיר תנאים צום מזל. איך געה איצט פון די מחותגים. אַלץ איז שוין אין דער בעסטער אָרדנונג.

—דיין טאָכטער מיינט נישט אַזוי—האָט שרה ביטער געזאָגט.

—וואָס זי? וואָס זי?—האָט אפרים געפרעגט. קוקענדיג דאָ אויפן ווייב און דאָ אויף דער טאָכטער.

—זי זאָגט— האָט שרה געענטפערט — דיין טאָכטער זאָגט, אַז זי

וועט אונז נישט הערען, ביז זי וועט נישט פריהער זעהן דעם חתן, אזוי זאגט זי, רחל.

—ווער אייגענטליך פרעגט איהר דען, צו זי וויל אדער נישט?— האט אפרים גערעדט צו זיין ווייב נישט קוקענדיק אויף רחל׳ען.—ס׳מאכט נישט אויס! אויב זי וועט נישט וועלען היינט—וועט זי וועלען מארגען.

—אמת טאקע, אפרים—האט שרה געזאגט און צוגעשאקעלט מיט׳ן קאפ זיפצענדיג.

—שעמען מעגסטו זיך—האט אפרים געשטראפט זיין טאכטער מיט בייזקייט—שעמען מעגסטו זיך צו רעדען אזעלכע ווערטער... א יודישע טאכטער, רחל, א יודישע טאכטער דארף זיך אין דעם נישט אריינמי־שען!.. דיינע עלטערען וועלען דיר אויסקלויבען דיין זווג און דו דארפסט שווייגען...

ווער ווייסט ווי לאנג אפרים ייאלט אזוי געשטאנען און געליי־ענט זיין מוסר, איבערגעהזר׳ט אלע ווערטער און געשפיגען אלע ווילע, ווען נישט זיין ווייב שרה, וואס האט אויך געפעפענט איהר מויל און זיך אויך אנגערופען:

—אפרים! אט איך אפרים, האב דיר נישט געזעהן פאר אונזער חתונה און דו אויך דאס אייגענע. איך האב דיר נישט געזעהן, כאטש איך בין געווען א יתומה אהן א טאטען, נאך היינט געדענק איך, אז צוויי יאהר נאך אונזער חתונה האבען מיר זיך געשעמט צו רעדען איינער מיט׳ן אנדערן, און פונדעסטוועגען האב איך געהאט קינדער און מיר לעבען בשלום ביז הונדערט און צוואנציג יאהר!...

—געה שרה!—האט אפרים געזאגט צו זיין ווייב, ווען ער האט זיך דערוואַרט זי זאל שוין ענדיגען איהרע רייד — לאמיר איצט נישט פערברענגען די צייט מיט די נארישקייטען. זאל זיך רחל דא זיצען און מיר וועלען געהן. ווארום איך האב נאך מיט דיר וואס צו שמוע־סען און דער טאג שטעהט נישט.

—וועה איז מיר און ארבעט איז דאך א סך!—האט שרה אויסגע־רופען—אהן מיר וועט דאך קיינער נישט טהון וואס א גראשען איז ווערט וועה איז מיר! אלע ווייבער זיצען זיך ווי די פריצעס ביי זייערע מע־נער און איך, דיין ווייב, בין שטענדיג איינגעשפאנט ווי דער אקס אין דער יארמע.

אז אפרים מיט זיין ווייב שרה זענען ארויסגעגאנגען, האט זיך רחל אוועקגעלעגט אויף איהר בעט און האט זיך ביטער צעוויינט

וויסענדיג גאַנץ גוט, אַז דער חתן, וואָס דאַרף באַשטעהן האָט איהר אויס־געקליבען מיט'ן בעפעהל פון מזיב'יר, איז ביטערער ווי דער טויט און צו מאַכען גרעסער איהר האַרץ־וועהטאָג האָט זי זיך פאַרגעשטעלט די כסלונעוואָקער און צווישען זיי בנימינ'ס איידעם, דעם טייערען יונגען־מאַן, ווי אויך שמואל'ס זוהן און נאָך אַנדערע אַזעלכע בחורים. וואָס האָבען נישט פערשטאַנען פון רעכטס ביז לינקס און זייער גאַנצער רוהם איז—זייער נאַרישקייט. און קעגען זיי האָט זי זיך פאָרגעשטעלט דאַווידזאָהנען מיט זיינע פעהיגקייטען און געזעהן דעם גרויסען אונטער־שיעד צווישען איהם און זיי, אַ חלוק פון טאָג צו נאַכט. אָבער וואָס זאָל זי טהון—אַז זי איז ביי איהר פאָטער אין די הענד כחומר ביד היוצר—אַזוי ווי אַלע יודישע טעכטער, וואָס די עלטערען געוועלטיגען איבער זיי מיט געוואַלד און זיי האָבען נישט קיין עצה זיך אַנטקעגען צו־שטעלען און צו אַנטלויפען, ווי אַ בחור אַנטלויפט קענען זיי נישט אַנטלויפען וואָרום אַ יודישע טאָכטער זיצט אין שטוב. אַ יודישע טאָכטער אַנטלויפט נישט. דאָס אַלץ האָט רחל פערשטאַנען און האָט זעהר ביטער געוויינט, געוויינט ביז פאַרנאַכט ווען די מאַמע איז אַריינגעקומען צו איהר מיט די שעהנע קליידער אין האַנד, און מיט'ן בעפעהל פון איהר פאָטער, וואָס האָט איבער איהר צו שאַפען, האָט זי איהר געאיילט אָנצוטהון די שעה־נע מלבושים און דאָס ציהרונג. וואָרום באַלד קומען אָן די מחותנים מיט די געסט אויף דער סעודה.

נאָך אַ ווייל—און מען האָט אין שטוב אַריין אַריינגעפיהרט רחל'ען, וואָס איז געווען אַזוי בלאַס, אַז זי האָט אויסגעזעהן ווי אַ כלה וואָס איז געשטאָרבען אונטער דער חופה און מען האָט געבראַכט אויפ'ן בית עולם...

—„קדוש, קדוש, קדוש ד' צבאות!”—האָט אויף אַ קול געדאַווענד איינער פאַר'ן עמוד. ווען רחל איז אַריינגעקומען.

—גאָט דערבאַרעמדיגער, גאָט רחמנותדיגער!—האָבען רחל'ס לעפ־צען געשעפטשעט ווען זי האָט אויפגעהויבען די אויגען צום הימעל.

---

## יט.

# אַ צעטומלעניש.

טעג זענען אַוועק, חדשים זענען דורך פון דער צייט, וואָס רחל איז פערקנסט געוואָרען צו פרצ׳ס זוהן פון דער שטאָדט צלמונה. אפרים איז שוין נישט געפאָהרען קיין אָדעס, זיין האַנדעלס שטאָדט, צוויי מאָל אין יאָהר, ווי ער איז שטענדיג געוואוינט געווען, צוליעב זיין בויך-קרענק וואָס האָט זיך געשטאַרקט. האָט ער זיין גאַנץ פערמעגען איבערגעלאָזט אין אליעזר׳ס הענד און איהם געמאַכט פאַר׳ן גאַנצען בעל הבית איבער זיין געשעפט און פאַר דעם גאַנצען מושל פון זיין מסחר. ער האָט זיך נאָך איבערגעשריבען מיט איהם און אליעזר איז געווען זעהר דורכגעטריבען און כיטרע, ער האָט געקענט זיך צו חנפ׳ענען צו זיין בעל הבית אַזוי, אַז יענער זאָל זיך פערלאָזען אויף איהם. אפרים האָט שוין נישט געוואוסט וואָס עס טהוט זיך אין געשעפט און האָט צו דער בעשטימטער צייט בעקומען פון איהם געלד אויף צו לעבען. אַזוי איז אפרים אַ לאַנגע צייט געזעסען שטיל און רוהיג אין דער היים ביז איינמאָל פלוצלונג אין אַ בריף פון אליעזר׳ן האָט איהם שטאַרק איבער-געשראָקען און פערשטערט זיין רוה. און איצט שפאַנט ער אַרום אַהין און צוריק אין זיין חדר, איז צעטראָגען און בייז און רעדט מיט כעס צו זיין ווייב.

—ווען ער וואָלט מיר מודיע געווען נאָר דאָס—האָט אפרים גע-רעדט פערביטערט—אַז יענער און יענער האָט געבאָרגט און וועט נישט בעצאָהלען, וואָלט איך נאָך געשוויגען. נישט שטענדיג געהט עס אַ סוחר גלאַטיג, און אפילו דעם וואָס עס גליקט—טרעפט אויך אַמאָל אַ צרה; אויב ער דערלעגט אויף איין אָרט, פערדיענט ער פון אַן׳אַנדער אָרט; אַזוי איז שוין דער שטייגער פון מסחר, מען דאַרף האָבען שכל און וויסען אויסצוגעבען דאָס געלד אויף פערשידענע ענינים מיט שכל און מיט אַ חשבון;—ווען נאָר דאָס וואָלט מיר אליעזר מודיע געווען אין זיין בריעף, מילא וואָלט איך נאָך געשוויגען. כאָטש עס טהוט מיר וועה דאָס האַרץ אויף מיין געלד, אָבער ער...

—וואָס זשע? עפעס נאָך אַ צרה און אַן׳אומגליק איז דאָ אין זיין

בריעף!--האָט שרה געפרעגט אַ דערציטערטע נישט לאָזענדיג דעם מאַן ענדיגען זיינע רייד.

--גאָר אַ מין צרה!--האָט אפרים געענטפערט געבענדיג אַ מאַך מיט דער האַנד און געקוקט אַ צוטראָגענער אויף זיין ווייב — איך האָב דיר נאָך נישט אַלץ געזאָגט.

דערצעהל זשע מיר אפרים — האָט שרה געזאָגט— דערצעהל גיך, וואָרום איך האָב נישט קיין צייט דאָ צו שטעהן, אַזוי פיעל אַרבייט האָב איך, און אָהן מיר, ווערט דאָך קיינער נישט טהון וואָס אַ גראָשען איז ווערט.

—אין דעם בריף--האָט אפרים ווייטער דערצעהלט, ווייזענדיג מיט'ן פינגער אויף אַ בריעף— אין דעם בריעף שלאָגט מיר אליעזר פאָר איך זאָל מאַכען שתפות מיט איינעם אַ פריץ און מאַכען אַ גרויס געשעפט: צושטעלען ברויט די זעלנער וואָס שטעהן אין טאַווּרישער גובערניע. און איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געמאַכט אַזעלכע געשעפטען. איך וויל בעסער האָבען וועניג און במנוחה איידער אַ סך מיט קאָפּ פאַרדרעהעניש און דערפאַר טאַקע, מיט גאָט'ס הילף האָב איך אַזא גוטען נאָמען צווישען סוחרים. איז נאָך וועניג וואָס איך האָב עגמת נפש וואָס איך זאָל פלוצלונג טהוען אַנדערש ווי איך בין געוואוינט, אַריינצולאָזען זיך אין גרויסע עסקים, געפעלט מיר נישט די גאַנצע זאַך איך זאָל אַריינלעגען מיין גאַנץ פערמעגען אין איין עסק וואָס איך הויב איהם נישט אָן צו פערשטעהן. אמת טאַקע אליעזר איז אַ מענש וואָס איז מצליח און ער פערזיכערט מיר, אַז דאָס איז אַ גוט געשעפט און מען דאַרף האָפען אַ סך צו פערדיענען, נאָר ווער קען וויסען וואָס מאָרגען וועט זיין, און ווער ווייסט וואָס עס קען געשעהן? טאָמער וועט איצט נישט אָבגליקען —בלייבען מיר דאָך אביונים!

—און וואָס אַזוינס צווינגט דיר--האָט שרה געפרעגט—דו זאָלסט מסכים זיין אויף דעם געשעפט? אליעזר איז דאָך נאָר אַ מענש און דו ביזט דאָך דער בעל הבית!

—איך בין זיין בעל הבית! — האָט אפרים איבערגע'חזר'ט זיין ווייב'ס ווערטער און ווידער געגעבען אַ מאַך מיט דער האַנד — דער וואָס פערלאָזט זיך אויף זיין משרת דער האָט אַ שלעכטען סוף. וועה איז מיר! איבער מיין קרענק פון וועלכער איך לייד גאָר שטאַרק די לעצטע צייט, קען איך שוין נישט פיהרען מיינע עסקים ווי פריהער און איך בין געצווינגען זיך צו פערלאָזען אויף אליעזר'ן און ער זאָל

עס זיין מיין שפייזער. און דער דאָזיגער אליעזר ביי וועמען אין האַנד עס געפינט זיך מיין גאַנץ פערמעגען און מיין כבוד. איז מיר היינט מודיע אין בריף, אַז מורא האָבענדיג עס זאָלען דערווייל נישט קומען אַנדערע און איהם אויסכאַפּן דאָס געשעפט, האָט ער דערפאַר צוגע-איילט און געמאַכט דאָס געשעפט מיט׳ן פריץ. געמאַכט מיט איהם שותפות און איהם פערזיכערט, אַז איך וועל נישט זיין קעגען דעם און איך וועל איהם צושיקען אַ כח הרשאה ווי ער און דער פריץ פערלאַנגען עס. און איצט—אַזוי שרייבט אליעזר אויב איך וועל אויף דעם נישט בע־שטעהן וועט איהם דער פריץ אָנקלאָגען צום געריכט און וועט אויף איהם אַרויפלעגען אַ גרויסע געלד-שטראָף ווייל ער האָט איהם פערפיהרט און אָב־גענאַרט אין דער צייט ווען אַ סך האָבען פאַר איהם געעפּענט זייערע קאַסעס צו געבען איהם גענוג געלד אויף איינצוקויפען אַ סך תבואות, וואָס זייער פרייז וואַקסט פון טאָג צו טאָג און אַ חוץ דעם וואָס ער וועט ליידען אַ גרוי־סע שטראָף און גרויס חרפה, וועלען איהם פערפאַלען ווערען די טוי־זענד קערבלעך וואָס דער פריץ האָט דערווייל ביסלעכווייז אָנגענומען.

—וועה איז מיר וואָס זשע טהוט מען?—האָט שרה געזאָגט מיט אַ זיפץ.

אפרים איז שטעהן געבליבען, האָט זיך שטאַרק געקרייזעלט די באָרד נישט רעדענדיג קיין וואָרט און געשטאַנען ווי אַ פערבלאָנזשע-טער מענש מיט אַ ביטער האַרץ.

—איצט וועל איך מיר געהן—האָט שרה געזאָגט אויפשטעהענדיג—וואָרום די אַרבייט אין שטוב וואַרט אויף מיר. ס׳איז נאָך דאָ צייט. מיר וועלען זיך נאָך מישב זיין.

—אָבער—האָט אפרים אויסגערופען—אליעזר פערלאַנגט שטאַרק, אַז איך זאָל איהם ווי צום גיכסטען ענטפערען, כדי ער זאָל קענען צוגרייטען אַ סך קאָרען און דאָס פיהרען מיט וועגענער צו דער אַרמיע איידער די וועגען ווערען קאַליע.

—מיינע אַלע צרות און מיין ביטער געמיטה צו אליעזר׳ס קאָפּ!—האָט שרה געשאָלטען מיט אַ בייז האַרץ—ס׳איז מיר ווייניג מיינע אַל-טע צרות, קומט ער מיר נאָך צו מיט נייע וועהטאָגען!

—אָט דער אליעזר איז דאָך דיין משפחה!—האָט אפרים געזאָגט מיט אַ ביטער שמייכעלע.

—פונדעסטוועגען—האָט שרה געענטפערט—זאָל אַ רוח אין זיין טאַ־טענס טאַטען אַריין, וואָס ער האָט זיך אָנגעפּרעסען מיט אונזער פּראַצע און אונז פערפיהרט אין אַ בלאָטע.

—און וואָס טהוט מען?—האָט אפרים אויסגערופען אַרויפלעגענדיג די האַנד אויפ׳ן קאָפּ און שטאַרק געקרייזעלט די האָר — גיב אַנ׳עצה שרה, רעדט?

—וואָס זאָל איך רעדען און וואָס זאָל איך זאָגען? — האָט שרה געענטפערט—איך האָב מורא, אַז דער שידוך פון אונזער טאָכטער מיט פרצ׳ס זוהן איז נישט קיין גוטער. און זייער פער׳קנסען איז אָהן מזל. אַמאָל איז רחל קראַנק און קוים וואָס זי געהט אַרום, און אַמאָל — לײַדסטו גרויס וועהטאָג; איך אַליין, וועה איז מיר, האָב שוין אויך נישט קיין כח אַרומצוגעהן אויף די פיס און כ׳טראָג אַ וואונד אין האַרצען: דאָ נישט לאַנג איז גע׳פגר׳ט אונזער גוטע קוה, וואָס האָט געגעבען אַ סך מילך, דריי מאָל אין טאָג און מיר האָבען געהאַט אַ סך פוטער; און איצט איז געקומען אַ נייע צרה. מיינע אַלע וועהטאָגען און ביטער האַרץ צו אליעזר׳ס קאָפּ.

—וואָס קומט דיר אַרויס, אַז דו רעדסט פוסטע נאַרישע זאַכען?— האָט אפרים גערעדט מיט אַ בייז געמיטה—בעדענק זיך, שרה, און האָב א׳צט אין זינען דעם בריף און גיב אַנ׳עצה!

—ווען דו וואָלסט מיך געפאָלגט — האָט שרה געזאָגט נאָך דעם ווי זי האָט זיך אַ ביסעל בעדענקט—וואָלט איך דיר געזאָגט מיין עצה, ביי אונז אין שטאָדט איז דאָ אַ כשוף-מאַכערין, לאָמיר געהן צו איהר און מיר וועלען איהר בעטען זי זאָל אונז קאָרטען-לעגען, און וואָס זי וועט אונז הייסען אַזוי וועלען מיר טהון, אַ סך קומען צו איהר אין אַנ׳עת צרה...

אפרים איז געשטאַנען שווייגענדיג און זיך געקרייזעלט די שפּיצען באָרד.

—איך זעה שוין—האָט שרה ווייטער גערעדט — אַז דיר געפעלט נישט מיין עצה, נעהם-זשע און פאָהר אַריבער צום כזיבי׳ר, און אַז דו וועסט שוין דאָרט זיין וועסטו שוין בעטען אַ רפואה צו דיינע וועהטאָגען, ער וועט דיר געבען אַ סגולה און וועט דיר היילען פון אַלע קרענק, פערלאָז זיך נישט אויף די דאָקטוירים פון אונזער שטאָדט. וואָס ווייסען גאָרנישט—זאָל אַ רוח אין זייער טאַטענס טאַטען אַריין!...

אפרים האָט זיך געקרייזעלט די וואָנסעס און די באָרד נישט רעדענדיג קיין וואָרט.

און נאָך דעם זעלבען טאָג איז אפרים נצול געוואָרען פון זיין צעטומלעניש. ס׳איז אָנגעקומען אַ ידיעה אין שטאָדט אַריין: דער אַלטער

קומט צו אונז! זענען געקומען די שענסטע בעלי בתים צו אפרים׳ען און געזאָגט צו איהם: זאָל דער „אַלטער״ ביי דיר איינשטעהן ווייל דיין הויז איז שעהן און גרויס מיט גרויסע חדרים. האָט אפרים מיט שמחה מסכים געווען און אין האַרצען האָט ער געטראַכט: ס׳איז פאַר מיר אַ גוטער סימן!

---

# כ.

## אַ רוהיג ווינקעל.

אויף אַ שטילער גאַס. אונטער דער שטאָדט זשיטאָמיר, אין טאָל נעבען אַ סאַזעווקע, לינקס פון באַרג וואָס איז בעוואַקסען מיט ביימער. ווייט פון שטאָדט מיט איהר טומעל און גערויש—שטעהט דאָרט אַ קליין הייזעל אין אַ גרויסען גאָרטען וואָס איז אַרומגעצוימט מיט אַ פּאַרקאַן. פאַר די פענסטער וואָס זענען גרין געפאַרבט שטעהט אַנ׳עפּעלבוים צווישען פערשיעדענע פרוכטענביימער אויף וועלכע עס וואַקסען זומער אַ סך פרוכטען. אונטערען דאַך געפינט זיך אַ גאַניקעל אַנטקעגען דעם טויבענשלאַג וואוהין די טויבען קומען און שטעלען זיך אַוועק. ווער עס געפינט נאָר פאַרביי פאַר דעם הויז מיט זיין שעהנעם גאָרטען — שטעלט זיך אָב און בעוואונדערט די רוהיגקייט וואָס הערשט דאָרט, און ער בעקומט גרויס חשק אויף רוהיגען שטילען לעבען!

אין חודש ניסן, ווען די ערד נעהמט צוריק גרינען און די ביימער הייבען אָן בליהען, דעמאָלט קומט דער סאָלעוויי צוריק פון גלות, זיך צו באַזעצען צווישען די ביימער וואו ער וואוינט שוין זייט איינינגע יאָהר און זינגט דאָרט זיינע ליעדער—דעמאָלט זינגט ער זיין ליעבע-ליעד פאַר זיין געליעבטע וואָס מאַכט זיך אַליין אַ נעסט. זינגט ער זיסע ליעדער און מאַכט דערפרעהען די הערצער פון זיינע צוהערער. דאָרט האָט דער בושעל זיך געזעצט אין דער נעסט וואָס איז געמאַכט אויף אַ ראָד פון אַ וואָגען וואָס ליעגט אויפ׳ן שפּיץ פון אַ בוים, און שטעהענדיג אויף איין פוס, פערבאָרגט ער אַלע ווייל דאָס קעפּעל אונטער׳ן פליגעל זיך אָבצורוהען אַ ווייל פון גאַנצען טאָג אַרבייט,

אָדער ער קלאַפּט הויך מיט'ן שנאָבעל אויף אויסצודריקען זיין גאַרונג און גלוסטונג; און דאָס קלאַפּען פון שנאָבעל דערפרעהט אויך דאָס האַרץ פון מענשען און עס קלינגט פאַר איהם ווי אַ שעהן געזאַנג... און פון דער קליינער סאָזעלקע אַרויס קראָקען דעמאָלט גאַנצע קאַפּעלעס פרעש, גאַנצע טעג און גאַנצע נעכט הערען זיי נישט אויף צו שרייען, אויך זיי מיט זייערע טויזענדער משוררים וואָס ווייסען די קונץ פון שריי-ען, גיבען צו דעם פריהלינג אַ בעזונדער שעהנקייט און פרעהליכקייט, אין די זומערדיקע היצען זענען די הימלען ליכטיג און די זון ברענט גאָר שטאַרק. עס בלאָזט נישט קיין ווינדטעל, עס ריהרען זיך נישט די ביימער, עס ציטערט נישט קיין בלעטעל, עס פליהט נישט קיין פוי-געל, עס מריקעט נישט דער אָקס, ער ליעגט זיך אויסגעצויגען אויף אַלע פיער אויף דער פאַשע און מעלה גרה'ט, די פייגעלעך זינגען נישט און די גאַנצע וועלט שווייגט און שטימט. פון צווישען גראָז זומ-זעט דער זעגער און זיין קול איז ווי דאָס זומזען פון אַ פייפעל וואָס געהט אַרויס פון דער ערד... עס שרייען די פליגען און די ביהן פליהט אַרום שרייענדיג אַרום אַ בלום, נאָך איהר פליהען נאָך זומער-פייגע-לעך מיט גרינע גאָלד-געפלעקטע פליגעלעך, שפּרינגען זיי אַרום, טאַנ-צען אַרום פרעהליך און לעבעדיג, און דער מענש וואָס הערט דאָס צו, קוקט דאָס צו, בעקומט אַ שטיל. הייליג געפיהל און גאַרט זיך אַריינצו-גיעסען אין גרויסען ים—אין דער בריאה און מיטלעבען מיט דעם לע-בען פון דער וועלט!

אויך אין ווינטער איז די נאַטור שעהן און זיס אויף דעם רוהי-גען ווינקעל. באַלד אין דער פריה קוקט דאָרט אַריין די זון ווי אַ פייער-צייל אויפ'ן ווייסען קלאָרען שנעע. און דער גאַנצער גאָרטען בלישטשעט ווי קריסטאַל און ביינאַכט שפּאַצירט זיך דאָרט פריי אַרום אַ שעהנע לבנה, און מיליאָנען שטערען ריגגלען זי אַרום פון אַלע זייטען צייטענווייז קומט אַהין אַ ווינטער-פויגעל וואָס פליהט איבער דער וועלט מיט אַ חברה ווינטער-פייגעל, שטעלט ער זיך אַוועק אָבצורוהען אַ ווייל-לע אויף אַ דין צווייגעל, גיט אַ פּישטש אַרויס אין גרויס געאיילעניש און פליהט זיך אַוועק זיין וועג. צייטענווייז שטעלט זיך דאָרט אַוועק אויף אַ הויכען בוים די ווייסע קראָהע און פּישטשעט און שרייט און קיינער ווייסט נישט צי דאָס בייזערט ער זיך און רעדט אויס זיין בי-טער האַרץ; אָדער ער דערצעהלט אונז אַ וואונדערליכע ליעבעס-געשיכ-טע, אַז ער אָדער זיין חבר האָט זיך פערליעבט אין אַ שעהנער קראָהע

און וואָס מיט זיי האָט פּאַסירט און אַז ער זעהט. אַז קיינער הערט איהם נישט און ער ווערט הייזעריג שרייענדיג, גיט ער זיך אַ ־אַנץ שעהנעם פערנייג און פליהט זיך אַוועק!

דאָס דאָזיגע רוהיגע הויז איז פערדינגגען צו לייבזאָהנען, איינער פון די קליינע „טשינאָווניקעס" פונ'ם ווײַן-אַקציז. לייבזאָהן איז אַ מענש פון אומגעפעהר פינף-און פערציג יאָהר. אַנ'עלענדער מענש, אָהן ווייב און קינדער. ס'רוב פאָהרט ער אַרום איבער זיין געגענד און געפינט זיך וועניג אין שטוב. און אין איין צימער פון זיינע דריי צימערען וואוינט אַ תלמיד פון רבינער-שולע—יצחק בבלי.

יצחק בבלי איז אַ מענש פון אַ יאָהר פינף-און צוואַנציג, איינער פון די בעסטע תלמודים און שולע, וואָס לערנט שוין אין אַכטען לעצטען קלאַס, וואָס האַלט שוין ביים עקזאַמען אָבגעבען, און אין אַ קורצער צייט אַרום וועט ער שוין ענדיגען אַלס אַ לעהרער. און נישט בלויז מיט וויסענשאַפט איז ער אַ גרויסער מענש, נאָר ער האָט אויך זעהר אַ גוט מענשליך האַרץ, מיט אַלע תלמודים אין שולע איז ער געווען שטאַרק צענויפגעלעגט און האָט זיי געהאָלפען מיט וואָס נאָר ער האָט געקענט —דעם מיט געבען צו פערשטעהן אַ זאַך, דעם מיט אַ גוט וואָרט און דערפאַר האָבען איהם אַלע ליעב געהאַט און זייער געשעצט.

איצט זיצט ער אָבגעשלאָסען אין זיין צימער. איינער פון די בחורים איז מיט איהם, און אויפ'ן טיש ליעגט פאַר זיי פערשיעדענע פּאַפּירען און ביכער, דער זומער-טאָג ברענט שטאַרק און זיי זיצען אָהן די מלבושים. יעדער נאָר אין העמד און באָרפיס און זיי לערנען און שוויצען, און אַז דער בחור פערשטעהט עפּעס נישט פרעגט ער ביי יצחק'ן און ער ענטפערט איהם מיט פערגעניגען און מיט ליבשאַפט. ס'איז איצט די צייט פון די עקזאַמענס, יצחק וועט זיך עקזאַמענירען און ענדיגען די שולע און דער בחור וועט זיך עקזאַמענירען און וועט אָנגענומען ווערען.

אַ שמייסען פון אַ בייטש און אַ רעש פון רעדער האָט זיך דער-הערט פון דרויסען און אין גיכען איז אויפ'ן הויף אַריינגעפאָהרען אַ וועגעלע. בבלי האָט אַרויסגעקוקט דורכ'ן אָפענעם פענסטער און אויס-געשריען מיט פרייד:

—לייבזאָהן איז געקומען! לאָמיך איך איהם אַקעגען געהן, מיר האָבען שוין היינט גענוג געלערנט, מיין טייערער, ס'וועט זיין גענוג אויף היינט. זיי מיר געזונד און מאָרגען קום ווידער צוגעהן.

און אַזוי ווי ער רעדט אַזוי—און לייבזאָהן איז צוגעגאַנגען צום פענסטער און אויסגערופען צו יצחק'ן:

—גאָט הע̇לף יצחק! אין דרויסען האָב איך דערהערט דיין שטים און פערשטאַנען, אַז דאָס לערנסטו דיינע לעקציעס. אָט אָט און דו וועסט ענדיגען און ווערען אַ לעהרער! זעה יצחק, די היץ האָט מיך פערשוואַרצט און איך בין פערשטויבט פון וועג. לעג אַוועק דיינע ביכער און קום זיך באָדען אין סאַזעווקע, דערנאָך וועלען מיר זיך אַוועקזעצען אונטערן בוים און זיך דערכאַפּען דאָס האַרץ, וואָרום איך בין הונגעריג און דאָרשטיג.

—דער רוח האָט איהם פערטראָגען—האָט זיך געהערט בבלי'ס קול ווי ער שעלט און זידעלט זיך—אַז דער טייוועל זאָל איהם כאַפּען!

—וואָס איז דאָרט?— האָט זיך לייבזאָהן געוואונדערט — וועמען שעלסטו דאָס?

—דעם שיך!—האָט בבלי בייז געשריגען לויפענדיג פון איין ווינקעל אין אַנדערן זוכענדיג און אין האַנד האַלט ער אַ שיך — היינט האָב איך אויסגעטהון די שיך און איינער איז נישטאָ, איך זוך און געפין איהם נישט. ווי דער ווינד וואָלט איהם ערגעץ פערטראָגען.

—אוי, געלערנטע לייט, חכמים!—האָט לייבזאָהן אויסגערופען מיט אַ געלעכטער—זיי קוקען אין די וואָלקענס און זעהן נישט פאַר די אויגען וואָס עס טהוט זיך. און איך אַ פראָסטער בשר ודם זעה אַז דו טראָגסט איהם אויפ'ן פוס, דיר איז איינגעפאַלען אַז דו האָסט איהם אויסגעטהון-און ביזט בייז אויפ'ן ווינד וואָס האָט איהם פערטראָגען... און ווי זענען דיינע מלבושים?

—אויף מיינע מלבושים פרעגסטו?— האָט בבלי געזאָגט— פון אָנטהון מיינעם האָב איך געמאַכט אַ פעקעל צו זיצען אויף דעם.

—און ווער זשע האָט מיט זיי פערהאָנגען דאָס פענסטער אויב נישט דו? איך זעה, אַז האָסט צופיעל געלערנט אין די עקזאַמען טעג, האָסט נישט גערוהט און נישט געשלאָפען איבער די נעכט. נעהם זשע גיך און טהו דיר אָן דאָס אָנטהון מיט דעם שיך און מיר וועלען געהן זיך באָדען אין סאַזעווקע. דערווייל וועל איך געהן זאָגען דער דיענסט זי זאָל אונז אָנגרייטען עסען.

# כא.

## די פיאָנערען פון דער השכלה.

פרעהליכע און לעבעדיגע זענען לייבזאָהן און בבלי געקומען פון באָדען. דער טיש איז פאַר זיי געווען שוין געגרייט, אונטערן עפּעל-בוים. און די שעהנע עפּעל זיינע האָבען געשמעקט. אַזוי ווי זיי זיצען און לאָזען זיך וואוילגעהן און אַ פריילין זעהר אַ שעהנע און אַ חנ׳עוו דיגע איז צוגעקומען. אַז בבלי האָט זי דערזעהן. איז ער איר אַ קעגען געגאַנגען און זי אַריינגעפיהרט אין שטוב אַריין.

לייבזאָהן איז דערווייל אויפגעשטאַנען פון טיש און האָט שפּאַצירט איבערן גאָרטען און צוגעקומען ביז׳ן פּלויט, האָט ער דערזעהן ווי איינער שטעהט דאָרט אין דרויסען נעבען טויער. און דער מענש קוקט דורך די שטעכעטען, גלעט זיך די באָרד און שאָקעלט זיך אַלע ווייל ווי ער וואַרט מיט אומגעדולד, אַז דאָס פריילין איז אַרויסגעקומען, איז זי צו איהם צוגעגאַנגען און ביידע זענען אַוועק. לייבזאָהן האָט זיי ווייט נאָכגעקוקט און אַז ער איז צוריקגעקומען אויף זיין אָרט, האָט ער שוין געטראָפען בבלי׳ן זיצען ביים טיש, האָט ער זיך אויך אַוועקגעזעצט און גאָר נישט גערעדט!

—איך זעה—האָט בבלי געזאָגט. אַז דו וואָלסט געוועזען אַ בעלן צו וויסען ווער די פריילין איז און וואָס פאַר עסקים איך האָב מיט איהר?

—אויב דו ווילסט זאָג מיר וועל איך וויסען — האָט איהם לייבזאָהן געענטפערט.

—אָט די דאָזיגע פריילין איז פאַר אונז אַ בעווייז ווי ווייט גרויס עס איז דער כח פון דער השכלה וואָס האָט איצט פערכאַפּט די יודישע יוגענד. זי איז אַ טאָכטער פון אַ רב, וואָס האָט חתונה געהאַט פאַר אַ רייכען בחור פון אַ קליין שטעדטעל, וואו אַלע איינוואוינער פון קליין ביז גרויס זענען פרומע חסידים. און איהר מאַן, מיט זיין אויסזעהן. מיט זיינע קליידער און מיט אַלע זיינע דרכים איז אויך ווי זיי, אויך זי אַליין איז אַ חסידיש ווייבעל נישט קיין געלערענטע, ווי אַלע ווייבער דאָרט, זייט זי לעבט האָט זי מעהר נישט געוואוסט ווי פון „קרבן-מנחה״ סדור און תחינות צו ליכט בענטשען, צו ראש

חודש און נאָך אַזעלכע. און פּלוצלונג אַ צוויי יאָהר נאָך זייער חתונה, ווייסט מען נישט פון וואַנען דאָס איז געקומען, נאָר איהר מאַן איז געוואָרען גאָר אַנ'אַנדערער, האָט ער איהר, זיין ווייב, פערלאָזט, האָט אַוועקגעוואָרפען זיין פאָטערס הויז, איז פון זיי אַנטלאָפען און געקומען קיין זשיטאָמיר! האָט זיך איינגעבעטען ביי די משכילים, זיי זאָלען איהם געבען לעקציעס, און איהם העלפען ער זאָל אָנקומען אין דער ראַבינער-שולע. און איך האָב אויך געטהון דאָס מייניגע און האָב דעם יונגען מאַן געגעבען אַ לעקציע. נעכטען בין איך געווען פערבעטען אויף מיטאָג צו מיינס אַ בעקאַנטען משכיל—זענען אַהין געקומען צוויי מאַנס-בילען און צוויי ווייבער מיט געוויין און מיט געבעט. איין יודענע אַנ'-אַלטע שרייט צו איהם: האָט רחמנות, גיט מיר אָב מיין זוהן! דאָס איז געווען, ווי איך האָב זיך דערנאָך דערוואוסט—די מוטער פון דעם יונ-גענמאַן, וואָס איז פון זיי אַנטלאָפען. און די אַנדערע פרוי ווייגט בי-טער און זאָגט: דערבאַרעמט זיך און גיט מיר צוריק מיין מאַן! דאָס איז דאָס פריילין וואָס דו האָסט דאָ געזעהן. און די צוויי מאַנסבילען זענען. איינער אַ רב, דעם יונגענמאַנס שווער, און איינער זיין פאָטער. יעדער פון זיי רעדט און בעט זיך. אַזוי האָבען זיי געשריגען גערעדט און געטענה'ט גאַנץ לאַנג ביז מען האָט זיי איבערצייגט, אַז קיינער האַלט דאָ נישט זייער זוהן מיט געוואַלד, זאָלען זיי זיך איהם נעהמען און פאָהרען מיט איהם. און איצט איז געקומען דעם יונגענמאַנס ווייב —די דאָזיגע וואָס איז דאָ געווען. און האָט מיר דערצעהלט, אַז איהר מאַן וויל נישט אַהיים פאָהרען, זיינע עלטערען האָבען מיט גרויס צאָרן איהם פערלאָזט און אַהיים געפאָהרען. און זי—הער אויס און וואונדער זיך!—זי בעשטעהט, אַז איהר מאַן זאָל דאָ לערנען און אויך זי אַליין בלייבט דאָ מיט איהם און וויל זיך אַליין אויך לערנען און איהר פאָ-טער דער רב וועט זיי אויסהאַלטען. אַזוי האָט ער איהר פערזיכערט אַוועקפאָהרענדיג פון דאַנען. און איין זאַך בעט זי פון מיר, אַז איך זאָל ווייטער אונטערשטיצען איהר מאַן, וואָס האָט זיך אַליין געשעמט צו קומען צו מיר מיט זיין ביטע, נאָכדעם ווי איך און אַלע אַנדערע וואָס האָבען געטהון פאַר איהם האָבען געליטען חרפות איבער איהם.

—איצט פערשטעה איך!—האָט לייבזאָהן אויסגערופען געבענדיג אַ פליעסקע מיט די העגד—איהר מאַן האָב איך דאָך געזעהן, ער זעהט אויס ווי אַ חסידישער יונגערמאַן, אַ דאַרער און אַנ'איינגעבויגענער אַ פעררויטעלטער און מיט אַהיבשער נאָז, אַ לאַנגען גאָרגעל און אַ קורץ

בערדעל, טראָגט אַ לאַנגע קאַפּאָטע און אַ קליין היטעלע.

—דאָס איז ער. וואו האָסטו איהם געזעהן?—האָט בבלי געפרעגט.

—ער האָט אויף איהר געוואַרט ביים טויער.

—דו האָסט געזעהן נאָר זיין אויסזעהן אין איך האָב געזעהן זיין האַרץ—האָט בבלי געזאָגט—ער איז אַ פיינער נאַאיווער יונגערמאַן. ער שטרעבט באמת צו גוטס און צו וויסענשאַפט. צווישען אַלע בחורים און יונגע לייט וואָס זענען אַנטלאָפען פון די עלטערען און פון זייערע ווייבער און אַהער געקומען אין דעם יאָהר, האָב איך נישט געפונען קיין איינעם וואָס זאָל אַזוי לעכצען מיט׳ן גאַנצען האַרץ צו בילדונג ווי דער יונגערמאַן און ווי דער בחור, וואָס האָסט היינט געזעהן ביי מיר אין צימער, וועלכען איך האָב מאַקע ליעב ווי דאָס לעבען.

—ווער איז ער און פון וואַנען איז ער?—האָט לייבזאָהן געפרעגט.

—פון כסלונעווקע איז ער. זיין פאָטער איז אַ רייכער יוד, פון די גרויסע סוחרים, אַ יוד פון דער אַלטער וועלט, און מיט געוואַלד געשטערט זיין זוהן פון בילדונג און וויסענשאַפט, זיין זוהן אָבער שטרעבט שטאַרק צו בילדונג און ער האָט זיך אַרויסגעגנב׳עט און אַנטלאָפען פון זיין פאָטער, אַהער געקומען און גרייט זיך צו אָנצוקומען אין ראַבינער שולע און איך, האָבענדיג איהם ליעב, העלף איך איהם.

—ווי הייסט ער און ווי רופט מען זיין פאָטער?

—שמעון הייסט ער און זיין פאָטער—אפרים כרמולי.

לייבזאָהן איז פּלוצלונג אויפגעשטאַנען פון זיין אָרט און זיין פּנים איז געוואָרען רויט און בלאַס און ווידער רויט און ווידער בלאַס.

—וואָס איז מיט דיר? — האָט איהם בבלי געפרעגט אַ דערציטערטער.

—גאָר נישט, גאָר נישט! איך בין מיעד פון וועג, איך וועל געהן זיך אַביסעל צולעגען.

---

# כה.

## ווער און פון וואַנען איז יצחק.

ס'האָבען זיך געענדיגט די עקזאַמענס אין ראַבינער-שולע און פאַר די תלמידים זענען געקומען פרייע טעג. בבלי האָט בעקומען אַ לעהרער-אַטעסטאַט און שמעון איז פעררעכענט געוואָרען צווישען די שילער פון פערטען קלאַס. מיט'ן וויסען פון לייבזאָהנען האָט בבלי איינ-געלאַדען שמעון'ען צו וואוינען מיט איהם צוזאַמען די -וואַקאַנסיע-צייט און וואוינענדיג צוזאַמען אין דעם רוהיגען ווינקעל זענען זיי צווי-שען זיך נאָך מעהר בעפריינדעט געוואָרען און האָבען פערבראַכט די צייט אין פערגעניגען. אַלע טאָג באַלד בעגינען, האָבען זיי זיך אַרויס-געלאָזט אין פעלד אַריין, האָבען זיך געבאָדען אין סאַזעיוקע און שפּאַ-צירט אין די וועלדער און לאָנקעס, און אויפ'ן באַרג פלעגען זיי שטענ-דיג זיצען, געזעסען און געקוקט אויף דער גאַנצער געגענד אַרום! אויף די וועלדער און לאָנקעס, האָבען געלייענט ביכער און גערעדט פון אַלץ וואָס זיי האָבען איבערגעלעבט.

—איך האָב דיר דאָך נעכטען דערצעהלט אַלץ וואָס עס האָט מיט מיר פּאַסירט—האָט שמעון געזאָגט צו זיין חבר אַרויפגעהענדיג אויפ'ן באַרג און זיך געזעצט אונטער אַ געדיכט פערצווייגטען בוים ווי אַלע מאָל—און היינט דערצעהל מיר דו די געשיכטע פון דיין לעבען. ווי דו האָסט מיר צוגעזאָגט איך וועל פאַר דיר נישט לייקענען, אַז די פריינדשאַפט צווישען דיר און לייבזאָהנ'ען, וואָס איז ווי צווישען זוהן און פאָטער. איז פאַר מיר אַ רעטעניש און איך וואָלט עס געוואָלט וויסען.

—אויב אַזוי—האָט בבלי געזאָגט, נאָך דעם ווי ער האָט אַ ווייל געשוויגען און געטראַכט—אויב אַזוי דאַרף איך האַלטען וואָרט אין טהו-ען דיין פערלאַנג, הער זשע זיך צו און איך וועל דערצעהלען:

נאָך דעם ווי מיין מאַמע האָט געהאַט ניין קינדער און פערגרע-סערט די חסידעווקער אָרימעלייט מיט נאָך ניין נפשות, איז זי טראָגעדיג געוואָרען און געבוירען, איהר מאַן דעם אביון נאָך אַ צעהנטען זוהן און דער שטאָדט חסידעווקע נאָך אַ נפש. דאָס בין איך עס טאַקע אָט דער נפש, דער צעהנטער זוהן. ווען איך בין געקומען צום שכל, צו זעהן וואָס עס טהוט זיך אַרום מיר, האָב איך געזעהן, אַז איך געפין

זיך אין אַ קליין ענג שטיבעל צווישען קליינע און גרויסע קינדער. אַ יודענע אַ דאַרע, אַ פאַרטרויערטע און אַ בייזע, דרעהט זיך אַרום אין שטוב פון ווינקעל צו ווינקעל און פאַרקעט זיך ביים קוימען. זיבען קינדער האַלטען זיך אָן אין איהר קליידעל און פאַרטוך, איך בין אויך צווישען זיי. און וויינען אויפ׳ן קול. און נאָך האָב איך דאָרט געזעהן אַ דאַר הויך מענשעל, אַ קורצזיכטיגער מיט אַ לאַנגער נאָז מיט רויטע פייכטע פרישטשיקעס פון שוייס. כמעט שטענדיג איז דער מענש אַ גאַנצען טאָג נישט געווען אין שטוב און נאָר ביינאַכט איז ער געקו-מען. אַמאָל איז ער געקומען אַ פרעהליכער און געלאַכט פון פערגעניגען, און דאָס פנים איז איהם געווען צערויטעלט; האָט ער געלאַכט צו מיין מוטער די טרויעריגע און דערשלאָגענע, וואָס איז געשטאַנען אויף איהר אָרט, ווי דער שטייגער איהרער, ביים קוימען און האָט זיך געבייזערט אויף איהם מיט כעס. און אַמאָל איז ער געקומען אַ טרויעריגער און אויפ-גערעגט. האָט ער געגעסען און געטרונקען, נישט קוקענדיג אויף זיין ווייב און קינדער מיט וועלכע גאָט האָט איהם מזכה געווען. און מיר שטעהען און קוקען און אונזערע אייגעלעך לויפען נאָך זיין לעפעל וואָס לויפט אַלע ווייל פון שיסעל צו איהם אין מויל און פון מויל צוריק אין שיסעל. מיר שלינגען דאָס שפּייעכץ, זיפצען און קראַצען זיך. דע-מאָלט בין איך געווען אַ געשלאָגענער דעם גאַנצען טאָג, פון פריה ביז נאַכט זענען אויף מיר געפאַלען קלעפּ און שטענדיג בין איך אַנטשלאָפען געוואָרען מיט מיינע טרעהרען—די טוי פון דער קינדהייט—ווי אַ רויז וואָס פערמאַכט אין אָווענד איהרע בלומען-בלעטלעך וואָס זענען נאַס פון טוי, אין שלאָף האָב איך מיר בערוהיגט און הנאה געהאַט מיט׳ן גאַנצען ריינעם האַרצען פון די וואונדערליכע חלומות, קינדהייטס-טרוימען און גוטע מלאכים; און איך האָב זיך אָנגענומען מיט כח צו פערליידען ווער-טאָג און פרישע קלעפּ צומאָרגענס.

איצט ווייס איך, אַז אויך די עלטערען האָבען פיינד אַנ׳אָריב קינד און ווער ווייסט, אפשר האָבען מיינע עלטערען מיר אויך פיינד געהאַט דערפאַר וואָס איך בין געבוירען געוואָרען ביי אַזעלכע קבצנים ווי זיי זענען, אין דערצייט וואָס זיי האָבען געהאַט שוין אַ סך קינדער אָהן מיר אויך, און נאָך וואָס בין איך באַלד קליינערהייט נישט גע-שטאָרבען אָדער פאַר וואָס האָט מיר די מאַמע נישט מפיל געוועו... דעם מענשענס האַרץ טראַכט צייטענווייז אַזעלכע מורא׳דיגע געדאַנקען, פאַר וועלכע ער אַליין דערשרעקט זיך און פודעסטוועגען טראַכט ער-

זיי אין געהיים ווי ער וואָלט דאָס געווען פערקויפט צו אַ פרעמד האַרץ. וואָס האָט צו שאַפען איבער אַלע הערצער, מיט וועלכע עס טהוט וואָס עס וויל. און זיי מיינען אַז זיי זענען פרייע.

אין פיין און אין נויט בין איך געוואַקסען אין מיינע עלטערענס ענגען שטיבעל, ביז איך בין געוואָרען אַ גרעסער יונגעל און דעמאָלט האָט מען מיר אַ נאַקעטען און באָרפעסען אַוועקגעשיקט פון מיין נעסט, צו לערנען אין „תלמוד תורה“, וועלכע איך קען נישט געדענקען אָהן עקעל. ווען איך בין אַרויס פון מיין נעסט—האָב איך זיך באַלד בעהעפט מיט די חסידעווקער יונגלעך, לאָבוסעס אַרויסגעוואָרפענע פון זייערע נעסטען, ווי עס בעהעפטען זיך קליינע פייגעלעך, וואָסכיהלען אַרויס פון דער נעסט וואו זיי זענען געבוירען געוואָרען, ווערען איין גרויסע חברה און פליהען אין דער וועלט אַריין. אונזער אָרט איז געווען אין שוהל און דאָרט האָבען מיר פערבראַכט זומער און ווינטער. ווען נישט דער שמש וואָס האָט איבער אונז געוועלטיגט און פון וועמען מיר זענען זיך אויסגעשטאַנען גרויסע צרות, וואָלט אונז גאַנץ גוט געווען דעמאָלט, דעם אמת וועל איך זאָגען, אַז אָט דער שמש האָט מיר אַליין אַזוי נישט געפייניגט ווי די איבעריגע יונגלעך. און איז זיך מיט מיר בעגאַנגען ווייכער צוליעב מיין טאַטען, וואָס איז געווען זעהר אַנ'אָנגעזעהענער מענש אין דער שוהל. אַז איך מיט מיינע חברים האָבען אָבגעטהון עפעס אַ מיאוס שטיקעל—האָט זיך דער שמש געוואָרפען אויף אונז מיט זיין גאַנצען גרימצאָרען, די חברים האָט ער געפאַטשט, געשלאָגען, און מיר האָט ער נאָר גע'מוסר'ט מיט ווערטער: „אויך דו, אברהם'ס א קינד זאָלסט זיין צווישען די לאָבוסעס?! אויך אברהם'ס אַ קינד זאָל זיך חבר'ען מיט די ווייסע חברה'ניקעס?! עס פאַסט נישט פאַר דיר, פאַר אברהם'ס אַ יונגעל... אַזוינע מיאוסע זאַכען צו טהון! נישט שעהן פאַר אברהם'ס אַ יונגעל. נישט שעהן!“ — פון די דאָזיגע שטראָף רייד בין איך ביי זיך געהויבען געוואָרען און מיט גרויסקייט האָב איך זיך אָנגעהויבען צו צוקוקען ווי גרויס מיין טאַטענס כבוד איז אין שוהל. אויב צוויי מענשען האָבען זיך געשפאַרט און איינער האָט דעם צווייטען איבערגעשפאַרט, האָט מיין טאַטע זיי שטענדיג אויסגעגלאַכט; ווער עס האָט געחלומ'ט אַ חלום—האָט דערצעהלט פאַר מיין טאַטען און ער האָט איהם בעשיידט דעם חלום. אויסענוועניג האָט ער געוואוסט די יאָהרצייטען פון דער גאַנצער שטאָדט. און נאָך מיט אַפּאָר וואָכען פריהער פאַרן יאָהרצייט האָט ער שוין אָנגעזאָגט וועגען

ביסעל בראָנפען וואָס עס וועט זיין אויף תקון. און האָט חס ושלום קיינמאָל קיין טעות נישט געהאַט. אויף יעדער שמחה איז ער געווען פערבעטען; אויף אַ ברית איז ער געווען דער מוצץ, ביי אַ חופה האָט ער מסדר קדושין געווען, ביי אַ גט איז ער אַנ׳עדות געווען, האָט גע- לערענט משניות און גערעוועוענד נאָך פערשטאָרבענע, האָט אויך גע- קענט אָבשפרעכען אַ גוט אויג און קדחת, און נאָך אַזעלכע זאַכען. אין דיווינטער נעכט האָט איהם יעדער איינציגער אָבגעטרעטען דאָס אָרט ביים וואַרעמען אויבען אין בית המדרש. איז ער זיך דאָרט געזעסען ווי אַ שררה און די מענשען אַרום איהם האָבען זיך צוגעהערט צו די וואונדערליכע מעשיות וואָס ער האָט דערצעהלט פון רביים און מופתים, די וויצען פון הערשעלע אָסטרעפאָלער און שמריהו שפיטקעיוער, וואָס זענען ביידע אַרויסגעקומען, לויט ווי ער האָט געזאָגט, פון „עולם הלצון״, און וועגען דעם אָנטרייבער אלכסנדר, וואָס איז בעקאַנט אונ- טערען נאָמען: דעם רבינ׳ס אַלעקסעי, וואָס איז געזעסען מיט דער פליי- צע צו די פערד, וואָס זענען געווען געשפאַנט צו דער בויד מיט די קדושים און פלעגען לויפען הונדערט טויזענד מייל אין איין רגע.

ווען ער האָט דערצעהלט אַזעלכע וואונדערליכע מעשיות, פלעגען אַלע הערען מיט שווייגענדיגע פנימער, און ס׳איז געבליבען ביי אַלע, אַז נאָך די גרויסע וואונדערליכע זאַכען וואָס זיי האָבען געהערט דאַרף מען נעהמען אַביסעל בראָנפען.

דער טאַטע מיינער האָט געלערנט מיט איינעם אַ יונגענמאַן אין שטאָדט, וואָס איז געווען יונג און איינאונאייציג ביי זיין רייכען טאַטען. און איז געווען זיין מדריך און שטענדיג זיך מיט איהם געפונגען. דער יונגערמאַן ווען ער איז נאָך געווען גאָר אַ יונגעל האָט איהם דער פאָ- טער זיינער חתונה געמאַכט פאַר אַ טאָכטער פון אַ גביר, אַ שוטה און אַ נאַריש יונגעל איז ער נאָך דעמאָלט געווען, האָט ער זיין ווייבעל נישט געקענט און זיך געשעמט צו רעדען מיט איהר ווען מענשען זע- נען דערביי געווען. און אַז ער האָט איהר בעגעגענט אין גאַס, איז ער אַנטלאָפען פון איהר און אַריין אין ערגעץ אַ געסעל, ווי מען אַנט- לויפט פאַר אַ ווילדען בער. נישט איינמאָל האָבען די יונגלעך די לאָ- בוסעס געשפעט פון איהם, אַז זיי האָבען דערזעהן ווי זיין ווייב געהט אין שוהל אַריין און געשריגען צו איהם: גיב אַ קוק, אָט געהט דיין ווייב!... ער איז אינגאַנצען געווען צוגעבונדען צו מיין פאָטער, וואָס האָט מיט איהם געלערנט און איהם געבראַכט צווישען מענשען.

מיט וועלכע ער האָט צוזאַמען געגעסען און געטרונקען. אויך איהם, ויין תּלמיד, האָט מען געמאַכט אַנ׳אָרט ביים אויבען און מען האָט איהם געשעצט פאַר זיין גוט הארץ, צו קויפען בראָנפען. צו דערפרע־הען די הערצער פון די חברים און בטלנים. זיי האָבען געוואוסט, אַז ער האָב ליעב צו הערען מורא׳דיגע מעשיות, דעריבער האָט זיך יע־דער געסטאַרעט צו דערצעהלען אַלע משונה׳דיגע זאַכען וואָס איהם פאַלט איין. אָבער מיין פאָטער׳ס מעשיות זענען איהם צום בעסטען געפעלען. וועיל מיין פאָטער האָט געקענט דערצעהלען גלאַטיג און מיט אַ סדר און מיט שעהנע משלים, אַזוי אַז אַלע וואָס האָבען געהערט האָבען שטאַרק געסמאַקעוועט און עס האָט דערוועקט אין זיי אַ חשק, צו טרונקען, און זיצען פויל און וואַרעמען זיך מיט גרויס תּענוג ביים אויבען!—אַ גוט לעבען האָט מיין פאָטער לאַנגע יאָהרען פערברענגט מיט זיין געליעבטען תּלמיד. און אויך פאַר אונז—זיין הויזגעזינד זע־נען די צייטען געווען גוטע, אונז האָט דעמאָלט נישט געפעהלט קיין ברויט און קיין וואַסער און צייטענווייז האָבען מיר אויך געגעסען גוטע זאַכען וואָס דער טאַטע האָט אונז געבראַכט אין די קעשענע. פון יונ־גענמאַנס הויז. אַזוי האָבען מיר געלעבט גאַנץ גוט ביז ס׳איז געשעהן דאָס אומגליק און עס איז געקומען די ביטערע צייט. וואָרום דעם יונגענמאַנס פאָטער איז פּלוצלונג געשטאָרבען און ער אַליין האָט זיך געדאַרפט נעהמען צום מסחר. און אַזוי ווי ער האָט אין מסחר און אין וועלט-זאַכען נישט פערשטאַנען, האָט ער מיט זיינע מסחרים נישט געגליקט און ביסלערווייז האָט ער פערלוירען זיין פערמעגען. און מיין פאָטער האָט געמוזט אויף דער עלטער אָבזוכען אַנדערע תּלמידים. ער זאָל זיי ערציהען ווי זיין שטייגער איז און האָבען פון זיי פּרנסה; וואָ־רום ער איז געווען אַ גרויסער אָרימאַן און האָט געהאַט אַ טראָגענדיג ווייב און צעהן קינדער.

איינמאָל איז דער טאַטע אַהיים געקומען מיט עפּעס אַנ׳אורח. מיט אַ גרויסען בויך און אַ ברייטער באָרד מיט לאַנגע פאות אָנגעטהון אין זייד און אין אַטלעס און אויפ׳ן קאָפּ אַ שטריימעל איך בין נאָך דע־מאָלט געווען גאָר יונג. אַ פערוואָגעלט פערלאָזט יונגעל.

—דאָס דאָזיגע יונגעל—האָט מיין פאָטער געזאָגט צום אורח. ווען זיי זענען צוגעגאַנגען צו מיר—דאָס דאָזיגע יונגעל וועט פונקט גוט זיין פאַר אייך. וואָרום ער איז קלוג און פלינק גאָר אַ פּלא.—און ווען דער אורח האָט מיר בעטראַכט. האָט מיר דער טאַטע געפרעגט?—ווערסט

מ - זיי פֿאָהרען! — האָב איך געענטפערט: יאָ, נישט וויסענדיג וועגען וואָס דאָ האַנדעלט זיך.

פֿאַרנאַכט האָב איך געזעהן ווי מיין טאַטע זיצט מיט דעם אורח אין בית המדרש נעבען אויבען און רעדען צווישען זיך אַזוי פריינדלעך, צו מאָרגענס איז ווידער מיין פֿאָטער געקומען אַהיים מיט דעם אורח, האָט דער מענש אַרויסגענומען פון בוזעם אַ שעהן היטעלע און האָט דאָס מיר אָנגעטהון און געזאָגט צו מיר:

—זעהסט, איך האָב דיר אָנגעטהון אַ היטעל, איך וועל דיר נאָך אָנטהון שעהנע מלבושים אויב דו וועסט נאָר פֿאָלגען וואָס איך וועל דיר הייסען און וועסט אָבהיטען דיין אַרבעט.

—אויב ער וועט אייך נישט פֿאָלגען--האָט דער טאַטע געזאָגט — זאָלט איהר איהם טאַקע נישט שווייגען און גוט אויספּאַטשען.

ווען דער טאַטע האָט דאָס געזאָגט, האָב איך געגעבען אַ קוק צו דער מאַמען, וואָס איז געשטאַנען ביים אויבען, ווי איהר שטייגער איז. און איך זעה זי גיעסט מיט טרעהרען.

—נו קום,— האָט דער מענש געזאָגט — קום לאָמיר געהן וואָרום איך אייל זיך.

—נאַ דיר—האָט מיין מוטער געזאָגט וויינענדיג — נאַ דיר, מיין קינד (דעם טייערען נאָמען האָב איך געהערט צום ערשטען מאָל) נאַ דיר מיט אַ קיכעל און אַ געקאָכט איי און פֿאָהר געזונטערהייד!.. פֿאָהר געזונדערהייט מיין קינד!—האָט זי נאָכאַמאָל אויסגערופען, האָט זיך פון מיר אָבגעקערט און געוויינט. און איך בין באַלד אַרויס פון מיין גע-בורט-נעסט מיט'ן קיכעל און מיט'ן איי אין האַנד און בין אַוועקגעפֿאָה-רען מיט דעם אורח.

אַ לאַנגע צייט האָב איך זיך אַרומגעבלאָנקעט אויף דער וועלט מיט דעם דאָזיגען מענשען, בין געווען זיין משרת און דער שומר פון זיינע זאַכען. אַז מיר זענען פערבייגעפֿאָרען אויפ'ן וועג עפּעס אַנ'אַכסניה, איז מיין אַרבייט געווען, צו געהן אָנזאָגען דעם בעל הבית פון דער אכסניה, אַז עס פֿאָהרט דורך אַנ„איניקעל״, אַ צדיק און ער בעט איהם: ער זאָל איהם עפּעס שענקען און געבען ברויט זיין משרת. אַזוי האָב איך געטהון אין יעדער אכסניה און אַזוי אַרום האָב איך געהאַט מיין שטיקעל ברויט. און אויב דער בעל הבית פון אכסניה האָט גאָר נישט געוואָלט געבען, בין איך געבליבען הונגעריג און דאָרשטיג, וואָ-רום דאָס אייניקעל האָט מיר נישט געגעבען קיין עסען און האָט מיר

נאָך געשלאָגען אָהן רחמנות. אַז אָרימעלייט האָבען געבעטען אַ גראָשען אָדער אַ שטיקעל ברויט: „שענקט אונז אַ שטיקעל ברויט וואָרום מיר פאַלען פון די פיס פאַר הונגער." האָט ער זיך אויף זיי נישט אומגע- קוקט און איך האָב פאַר איהם געענטפערט און געזאָגט: אַז ער איז אַ „איינינקעל, אַ צדיק, און וועט פאַר זיי מתפלל זיין.

איך האָב זיך צוגעקוקט צו זיינע פיהרעכצען, פאַר דער צייט וואָס איך האָב איהם משמש געווען — און איך האָב געזעהן, אַז ער איז בסתר קיינמאָל נישט געווען פרום ווי ער האָט זיך געמאַכט פאַר יענעם אין די אויגען... בסתר — האָט ער קיינמאָל נישט געדאַווענד און נישט מקיים געווען די מצות. האָט נישט געקוקט אויף מילכיגס מיט פליי- שיגס און אויף עסען טרפה. האָט געראויכערט די ליולקע אזם שבת און אַריינגעלאָזט דעם רויך אין קוימען אַריין. מאָנטאָג און דאָנערשטאָג שבעה עשר בתמוז און יום כפור — האָט ער געגעסען און געטרינקען, האָט אָבגעשפעט פון די וואָס זענען צו איהם געקומען ער זאָל פאַר זיי מתפלל זיין און האָבען איהם געגעבען געלד דערפאַר, „לעולם תקח" — אַז מען נעמט איז מען אַ פקח" — פלעגט ער זאָגען מיט אַ גע- לעכטער. „דער נאַר גיט און דער קליגער נעהמט" — אַז ער פלעגט אָב- שפעטען, פלעגט ער אַרויסשטעקען אַ צונג און האָט זיך געסטאַרעט נאָכצומאַכען ווי אַ מאַלפע יעדען חסיד ווי אַזוי ער געהט און רעדט. אין איין רגע האָט ער נאָכגעמאַכט זעהר געשיקט יעדענס צורה. און אַז ער האָט געענדיגט דאָס חוזק מאַכען, האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט און געבענשט זיינע חסידים און געזאָגט: ברודער, שוטים! וואַקסט אין צענדליגער טויזענדער ווי דאָס גראָז אין פעלד! און בגלוי: האָט ער געדאַווענט און געמאַכט כונות. האָט זיך געשאָקעלט אין אַלע זייטען און געבראָכען די הענד, האָט געשריגען מיט פערשיעדענע קולות, גע- טופעט מיט די פיס און אַרומגעלאָפען ווי אַ משוגענער; און דאָ האָט ער אָנגעהויבען געלאַסען. פאַמעליך צו דאַווענען און זיין פנים האָט גע שיינט ווי ער וואָלט זיך דאָס דורכגע׳טענה׳ט מיט דער שכינה און זיין האַרץ געהט אויס צו איהר ווי ער וואָלט געזאָגט: מיט מיר ביזטו כלה פון הימעל! מיט מיר געליעבטע שכינה פון הימעל! דערנאָך איז ער געבליבען שטעהן אויסגעצויגען גלייך, הערט זיך צו, שווייגט און זיינע אויגען צום הימעל, ווי ער וואָלט געהערט ווי די שכינה זאָגט צו איהם: ביזט הייליג, ביזט שעהן, טייערער איינינקעל! ציה מיך מיין פריינד, נאָך דיר וועל איך געהן!.. און באַלד זענען זיינע הענד פער-

בראָכען צום הימעל און ער שפּרינגט אויף די שפּיץ פינגער, ווי ער וואָלט זיך טאַקע באמת בעמיהט אַראָבצוציהען צו זיך די שכינה פון הימעל.--האָט שטאַרק גערעדט אויף די משכּילים פון נייעם דור און האָט געזאָגט, אַז זיי זענען זינדיגע יונגאַטשעס וואָס פערלענגערן דעם גלות, דורך זייערע שלעכטע מעשים מאַכען זיי יודען צו שאַנד און צו שפּאָט פאַר די גוים, בקצור--מיט א חסיד איז ער געווען א חסיד, מיט לאַבּוסעס--א לאַבּוס, מיט שפּעטער--אַן אָבשפּעטער און מיט משוגעים--זיך געמאַכט משוגע.

אַז מיר זענען אָנגעקומען אין א שטאָדט--האָט ער זיך גיך אָנגעטהון אין זיינע פרומע שעהנע מלבושים און מיט א גרויס שטריימעל אויפ'ן קאָפּ און באַלד האָט מען אָנגעזאָגט: געקומען דאָס אייניקעל! דאָס אייניקעל איז געקומען! האָבען זיך צו איהם צונויפגעזאַמעלט פערשיעדענע בטלנים אין האָבען מיט איהם געטרונקען. און איינער פון זיי, א מלמד אָדער א שמש, איז מיט איהם אַרומגעגאַנגען איבער די שטאָדט, זענען געגאַנגען איבער די הייזער און וואו זיי זענען אַריינגעקומען האָט מען אייגערופען: דאָס אייניקעל! האָבען דאָרט בעקומען א נדבה און מיר האָט ער נישט געגעבען קיין געלד צו קויפען זיך עסען. און איך האָב געמוזט אויסבעטלען ביי די וואָס זענען צו איהם געקומען. ווער קען עס איבערדערצעהלען אַלע מעשים פון דעם אייניקעל נאָר איין זאַך פון זיינע מיאוסע שטיק וועל איך דיר דאָ דערצעהלען און דערמיט וועסט שוין פערשטעהן ווער דאָס איז אַזוינס.

איינמאָל איז דאָס אייניקעל געקומען אין אַ שטאָדט. איז איהם אַקעגען געגאַנגען איינער וואָס האָט זיך געסטאַרעט אַראָבצושטויסען דעם שוחט פון דער שטאָדט פון זיין מעמד און פערנעמען זיין אָרט. דער דאָזיגער האָט דעם אייניקעל אָבגעחורש'ט מיט געלד ער זאָל איהם העלפען צו פערנעהמען די שטעלע פון שוחט. אַז מיר זענען געקומען אין אכסניה אין שטאָדט אַריין, האָט מען פאַר'ן אייניקעל דערלאַנגט צו עסען א געבראָטענע היהן. און אַז ער האָט זי אָנגענומען כדי צו צושניידען זי אויף שטיקלעך האָט ער פּלוצלונג זיך צעשריגען אויף אַ קול: אוי וועה! די היהן שרייט איך בין טרפה. איך בין נישט געשחט'ן געוואָרען כדין!.. איז מען געלאָפען און געבראַכט צו איהם דעם שוחט, א יוד א זקן און קען גוט שחיטה. איז ער געקומען מיט זיינע חלפים. אַז ער איז געקומען האָט ער געזעהן ווי אַ סך מענשען רינגלען אַרום דאָס אייניקעל און ער שעפּטשעט עפּעס איבער דער היהן,

און אַז ער האָט געענדיגט דאָס שעפּטשען, האָט ער זיך שטאַרק צע-בייזערט אויפ׳ן שוחט: די דאָזיגע היהן זאָגט עדות אויף דיר, אַז דו האָסט זי גע׳שחט׳ן נישט ווי די תּורה הקדושה הייסט! אַלע מענשען האָבען שטאַרק געגאַפט הערענדיג די דאָזיגע וואונדער. איז דער אַל-טער שוחט שטאַרק צעטומעלט געוואָרען, אַ ציטערניש האָט איהם אָנ-געכאַפּט, וואָרום ער האָט שוין געזעהן, אַז עס איז שלעכט מיט איהם, אַז דאָס אייניקעל וואָס האָט מיט ערמה געשטעלט געגען איהם אַנ׳עדות —אַ טויטע היהן. אַזאַ עדות וואָס מען קען איהם נישט אָבלייקענען אפילו ווען ער לעבט, וואָרום ווער פערשטעהט די רייד פון עופות. בפרט נאָך נאָכ׳ן טויט!... און דאָס אייניקעל איז אויפגעשטאַנען אַ ביי-זער האָט צוגענומען ביים אומגליקליכען שוחט די חלפים, זיי זאָלען ביי איהם בלייבען און מאָרגען וועט ער זיי בודק זיין. און אַז מען האָט איהם געפרעגט: און וואו וועט מען ביז מאָרגען נעמען פליישׁ פאַר אַ יולדות אָדער פאַר חולאים וואָס געפינען זיך אין שטאָדט? האָט ער געענטפערט מיט גרויס עניוות, אַז ער אַליין וועט היינט שחט׳ן אָנטטאָט דעם שוחט, דעם פושע, וואָס האָט יודען אַזוי לאַנג געגעבען צו עסען טרפה. דער טאָג איז פאַר די היהנער געוועזען אַ פּאָגראָם טאָג ווי דער ביטערער ערב יום כפור; דער דאָזיגער טאָג וועט פערשרי-בען ווערען מיט בלוט אין דער געשיכטע פון די עופות! ווער עס האָט געגלויבט אין גאָט און אין זיינע צדיקים, האָט געבראַכט אַנ׳עוף אין זיין האַנד און דאָס אייניקעל איז געשטאַנען און גע׳שחט׳ן, צו מזכה זיין די שטאָדט מיט זיין שחיטה!

ווען ער איז געבליבען אַליין ביי זיך אין חדר, האָט ער קאַליע געמאַכט די חלפים, וואָס זענען געווען געשטעלט ווי עס בעדאַרף צו זיין. צומאָרגענס האָבען זיך די שטאָדט-לייט צענויפגענומען ביי איהם אין הויז און דער אומשולדיגער שוחט צווישען זיי, איז זיך דאָס איי-ניקעל שטיל אַוועק אין מקוה אריין און אַז ער איז צוריקגעקומען, האָט ער אַוועקגעלעגט די האַנד אויף דער מזוזה איז געשטאַנען שטיל מיט פערמאַכטע אויגען, ווי ער וואָלט געהערט די רייד פון גאָט. דערנאָך האָט ער געעפענט דאָס מויל און געזאָגט: „דערלאַנגט די חלפים״! האָט מען דערלאַנגט, האָט ער דורכגעפיהרט דעם נאָגעל איבער דער שאַרף און געפונען אַ פגימה. נאָך איהם האָבען נאָך מענשען געפרובט און געפונען אַ פגימה, האָבען די שטאָדט-לייט געזעהן דעם מופת וואָס דאָס אייניקעל האָט זיי בעוויזען, האָבען זיי געגלויבט אָן איהם, איהם

מלבד געווען מיט געלד און מיט מתנות און דעם אַלטען ערליכען שוחט וואָס האָט געהאַט אַ ווייב מיט אַ סך קינדער, האָט כמעט מיט חרפה און שאַנד מעביר געווען פון שחיטות, און זיין אָרט האָט פאַר־נומען, דער דאָזיגער אויסוואורף, דער שוחט וואָס האָט אָבגעשטעקט דעם אייניקעל בסתר שוחד!

אַ סך יאָהרען האָב איך זיך ארומגעבלאָנקעט מיט׳ן אייניקעל. דעם בעל מופת, ביז מיר זענען אָנגעקומען אין דער שטאָדט זשיטאָמיר.

זשיטאָמיר איז אַ גרויסע שטאָדט, האָט דאָס אייניקעל געזעהן, אַז דאָרט קען ער פראָווען זיינע שטיק—און וועט קענען צוזאַמענעמען געלד. האָט ער דאָרט פערבראַכט אַ גאַנצען חודש צייט. אַלע טאָג איז ער געגאַנגען איבער דער שטאָדט צו פאַנגען נאַראָנים, וואָס מעהרען זיך אין דער שטאָדט און אויסלעדיגען זייערע קעשענעס. און איך בין אַ גאַנצע טאָג געזעסען אין אכסניה צו היטען זיינע זאַכען אײנמאָל ביינאַכט איז ער אַהיים געקומען אין אכסניה אַ פרעהליכער און אָנ׳־אויפגעלעגטער פון אַ סך טרינקען, איך בין דעמאָלט געווען פשוט הונ־געריג צו אַ שטיקעל טרוקען ברויט און האָב אַ גאַנצען טאָג כמעט נישט געגעסען.

—פאַק איין מיינע זאַכען—האָט ער צו מיר געזאָגט בשמחה׳דיג־וואָרום מאָרגען פאָהרען מיר אַוועק פון דאַנען.

אַז איך האָב געטהון מיין אַרבייט און איינגעפאַקט. האָט ער גע־שפאַנט איבער׳ן צימער אַהין און צוריק, האָט אַרויסגעשטעקט אַ צונג און פאַרקרימט דאָס פנים און נאָכגעמאַכט די משוגענע שטיק פון פער־שיעדענע נאַראָנים, זייער רעדען, זייערע אויסגעקרומטע פלייצעס, זייער דאַווענען און זייער פרייד, און האָט זיי דערנאָך געבענשט, חי זיין! שטייגער איז געווען: מעהרט אייך און פרוכפערט אייך און מאַכט פול גאָסס וועלט!...

—וויקעל צענויף די שעהנע מלבושים און פאַק איין אַלע זאַכען—האָט ער ווידער געזאָגט און האָט זיך אַראָבגעבויגען, אַפויערצונעה־מען פון אונטערען בעט זיין קעסטעל וואָס איז געווען בעשלאָגען מיט בלעך, און ווי ער האָט זיך אַראָבגעזעצט. איז ער אַנידערגעפאַלען אויף דער ערד און זיך צעשריגען מיט אַ מוראָ׳דיג געשריי.

אַלע מענשען פון הויז זענען זיך צענויפגעלאָפען דערהערענדיג דעם אייניקעלס מורא׳דיגע געשרייען, זענען אריין אין צימער דערשראָ־קענע און צעטומעלטע זעהן וואָס דאָרט טהוט זיך.— וואָס איז מיט

איך?—פרעגט איהם יעדער איינציגער און ער האַלט ־אין איין שרייען נישט רעדענדיג קיין וואָרט—וואָס איז דאָ? וואָס האָט פּאַסירט?— האָט מען מיר געפרעגט און איך שטעה אַ צעשראָקענער אַ פערוואונדערטער און קען דאָס מויל נישט עפענען. דערנאָך האָט זיך דאָס אייניקעל צעשריגען: וועה! מיין קעסטעל איז נישטאָ! מיין קעסטעל! מיין געלד איז נישטאָ!... די מענשען זענען פערוואונדערט פון זיין געשריי: איי־נער לאָזט זיך אַראָב אויף די קניהען צו קוקען אונטערן בעט און סאַ-פען דאָרט מיט די הענד, כאָטש ער זעהט מיט די אויגען, אַז ס׳איז דאָרט גאָר נישטאָ. און איינער פרעגט: וויפיעל געלד איז געווען אין קעסטעל? און דער גיט אַנ׳עצה פון היינט אָן און ווייטער גיט צו בע-האַלטען דאָס קעסטעל מיט׳ן געלד; דער זאָגט אַזוי און יענער אַזוי און דאָס אייניקעל שרייט און געוואַלדעוועט אויף זיין געלד. פּלוצלונג איז ער אויף מיר אַרויפגעפאַלען ווי אַ לעמפּערט און מיט שרעקליכע אכזריות מיר אַ זעץ געטהון און געשריגען: זיי זיך מודה, די אויס-וואורף! זיי זיך מודה, אַז דו האָסט גע׳גנב׳עט מיין געלד!—איך וויין און שווער זיך און שריי: גאָט איז מיין עדות אַז איך בין ריין פון זינד! און ער האַלט זיך ביי זיינעם: גיב מיר אָב דאָס געלד? דו האָסט מיין געלד, דו האָסט עס צוגענומען! און אַז ער האָט געזעהן, אַז מיט רייד וועט ער גאָר נישט מאַכען, איז ער אויף מיר אַרויפגעפאַלען ווי אַ שטימער הונד מיט גרויס גרימצאָרן און מיך אָנגעהויבען שלאָגען מיט די פויסטען, ביז וואַנען עס האָט זיך מיר אַ לאָז געטהון דאָס בלוט, ווי אַ שט־אָם פון מויל און פון דער נאָז און איך האָב פער-לוירען די געדאַנקען.

אַז איך האָב געעפענט די אויגען האָב איך געזעהן, אַז איך ליעג אויפ׳ן בעט און איינער אַ מענש העלפט מיר און געהט אַרום אַרום מיר. און דער מענש האָט מיר דערצעהלט, אַז שוין ביי צוויי וואָכען, ווי מיר ברענט דאָס פיבער פון די קלעפּ, וואָס איך האָב בעקומען פון דעם אכזר, דעם אייניקעל, און אַז איך האָב שוין געהאַלטען ביי שטאַר-בען, און אַז פון דער קרענק האָב איך גערעדט מיט יונגלעך וועגען עפּעס אַ נאָז וואָס איז געווען פול מיט פרישטשיקעס און אַ לאָגעל ווייָן און געשריגען: ס׳איז מיינער, פון חסידעווקע איז ער! איך האָב אויך געוויינט און זיך געבעטען ביי דער מאַמען, אַז זי זאָל רחמנות האָבען אויף מיינע דאַרע ביינער און זאָל מיר נישט שלאָגען מיט דעם גרויי-סען הילצערנעם לעפעל און דעם אייניקעל האָב איך געבעטען ער זאָ;

מיר נישט פערבערקענען מיינע ביינער. איך האָב נישט איינגעשלינגען זיין שטריימעל מיט די ווייַדעלעך און האָב נישט געלאַכט ווען ער האָט גע׳שחט׳ן, דער שוחט... און וועגען דעם מורא׳דיגען אייניקעל. האָט מיר דער מענש דערצעהלט, אַז ער איז נישט קיין שום אייניקעל נאָר עפּעס אַ ליטרער אויסוואורף אַ ליטוואַק; ער האָט געפּראָוועט זיינע שטיק צווישען די חסידים, אַזוי לאַנג ביז מען איז געוואָר געוואָרען און דעמאָלט איז ער אַנטלאָפען און נעלם געוואָרען. מיט דער הילף פון דעם מענש וואָס האָט זיך אויף מיר דערבאַרעמט בין איך אויסגעהיילט געוואָרען און איגגאַנצען געזונד געוואָרען. דעמאָלט בין איך שטאַרק טרויעריג געוואָרען, דערמאָהנענדיג זיך מיין ביטער מזל, ס׳איז געקומען די צייט צו פערלאָזען מיין וואוילטעטערס הויז און וואו וועל איך זיך אַהינטון? איך בין דאָך אַנ׳אָרים יונגעל אַ פערטריבענער און פערלאָזטער! איך האָב אויך מורא געהאַט טאָמער וועט מיר דער אכזר, דאָס אייניקעל, וואָס לאָקערט אויף מיר—פּאַקען און וועט אין מיר אויסלאָזען זיין גאַנצען כעס און אַזוי ווי איך בין אַזוי טרויעריג און וויים נישט קיין עצה זיך צו געבען און דער מענש פרעגט מיר: צו איך בעשטעה צו בלייבען וואוינען ביי איהם און ער וועט שוין פאַר מיר זאָרגען, פון טיעפען הארצען האָב איך איהם געדאַנקט פאַר זיין גוטס וואָס ער טהוט מיר און געזאָגט, אַז מיר איז זעהר גוט צו בלייבען ביי איהם... פון דער צייט אָן עס איך און איך טרונק ביי איהם. איך בין אַריין אין ראַבינער-שולע, האָב זיך גוט געלערענט, ביז איך האָב דערגרייכט צו דעם וואָס עס איז מיט מיר איצט. און דער מענש וואָס האָט מיר צו דעם געבראַכט, ווייסטו דאָך ווער דאָס איז—דאָס איז דאָך לייבזאָהן.

די דאָזיגע ערצעהלונג האָט די חברים טרויעריג געמאַכט, זענען זיי אַ ווײַלע געזעסען און גאָר נישט גערעדט דערנאָך האָט שמעון געזאָגט:

—איצט ווייס איך דיין ביאָגראַפיע, נאָר דו האָסט מיר נאָך אַלץ נישט דערצעהלט ווער עס איז לייבזאָהן און וואָס ער קעהר זיך מיט דיר אָן? און וואָס האָט ער עפּעס פאַר דיר אַזוי שטאַרק געזאָרגט?

—דיין ביאָגראַפיע דערצעהל פאַר דיין חבר, נאָר אַ פרעמדענס אַ סוד זאָלסטו נישט אַנטפּלעקען!—האָט בבלי געענטפערט. איז אויפגעשטאַנען, דערלאַנגט שמעון׳ען זיין האַנד, איהם אויפגעשטעלט און זענען ביידע אַוועק פון דעם אָרט.

# כג.

## זאָז ווער ביזטו.

אין דעם טאָג וואָס לייבזאָהן האָט געזעהן שמעון׳ען צום ערש־טען מאָל און אויך נאָכדעם אַז ער האָט איהם געזעהן — האָט עפּעס זיין הארץ אַ ציטער געטהון און זיין פּנים איז פערענדערט געוואָרען. בּבלי האָט דאָס געזעהן און איז דערפון טרויעריג געוואָרען, וואָרום ער האָט מיט רעכט פערשטאַנען, אַז שמעון געפעלט נישט לייבזאָהנען. און ווי פערוואונדערט איז ער געוואָרען, אַז לייבזאָהן האָט איהם איינמאָל געזאָגט, ער זאָל נעהמען צו זיך זיין חבר, ער זאָל מיט איהם וואוי־נען די גאַנצע וואַקאַנסיע-צייט. און ווי גרויס איז געווען זיין פרייד, אַז גאָר אין גיכען האָט זיך אַרויסגעוויזען ווי לייבזאָהן איז גאָר בּע־פריינדעט געוואָרען מיט שמעון׳ען! ווען בבלי איז בּעשטימט געוואָרען אַלס לעהרער אין אַ ראַבּינער-שולע, אין אַנ׳אַנדער שטאָדט און לייבזאָהן וואָלט געבּליבּען אַנ׳עלענדער, האָבּען בּיידע זיך געוומען צו שמעון׳ען, איהם איינרעדען ער זאָל זיך אַריינציהען צו לייבזאָהנ׳ען. שמעון איז בּעשטאַנען אויף דעם און האָט גאָר נישט געזאָגט. וואָרום ער האָט געפיהלט אין דעם עפּעס אַזוינס וואָס איז געגען זיין גייסט און עהרע.

שמעון׳ען האָט בּיי לייבזאָהנ׳ען גאָר נישט געפעהלט. ער האָט דאָרט אַלץ בּעקומען מיט ליעבּע און מיט דער גאַנצען הארצען. און דאָס אַלץ וואָס ער האָט בּעקומען איז פאַר איהם שווער געווען, וואָ־רום ער האָט עס דאָך בּעקומען אומזיסט. אָמת טאַקע אַז זיין געלד האָט איהם נישט געקלעקט צו האָבּען זיין גאַנץ אויסקומעניש, ס׳איז אָבּער בּעסער אַ טרוקען שטיקעל בּרויט און אייגענס איידער קאַפּהענער און פרעמדס. די ערשטע צייטען נאָך דעם ווי בּבלי איז אַוועקגעפאָה־רען, האָט זיך שמעון נאָך איינגעהאַלטען און איז טאָג טעגליך געקו־מען עסען צו לייבזאָהנ׳ען כּדי נישט צו פערשאַפען איהם נאָך עגמת־נפש צו דעם עגמת-נפש וואָס ער האָט געליטען פון דעם וואָס ער האָט געבּענקט נאָך זיין בּעסטען פריינד. נאָר מיט אַ שטיקעל צייט שפּעטער האָט ער אויפגעהערט קומען עסען אַלע טאָג. און אַז לייבזאָהן איז צו איהם שטאַרק צוגעשטאַנען ער זאָל איהם זאָגען פאַר וואָס דאָס איז,

האָט איהם שמעון געזאָגט דעם גאַנצען אמת.

—איהר ווילט מיט מיר טהון אַ חסד נאָר איך קען דאָס נישט, וואָרום אומזיסטע זאַכען מאַכען זינדיג און דערנידעריגען דעם מענשענס כבוד, בפרט נאָך אַז איך בין אייך אינגאַנצען אַ פרעמדער, און איך ווייס נישט פאַר וואָס איהר ווילט מיר אַזוי פיעל גוטעס טהון. צו האַל־טען מיר ווי אַנ'אייגענעם.

—דאָס ווייס איך אָבער.—האָט איהם לייבזאָהן געענטפערט—און איך בין אויך נישט קיין פרעמדער ווי איהר מיינט.

—איהר זענט ווירקליך אַ פערבאָרגענער מענש, מיין הער! אין דאָס האָב איך שוין געהערט...

—דאָס האָט געקענט דערצעהלען נאָר בבלי!—האָט לייבזאָהן גע־רעדט צו זיך אַליין קוקענדיג פערוואונדערט אויף שמעונ'ען— ער זאָל טהון אַזאַ זאַך קעגען מיין ווילען?!

—אַזוי איז עס טאַקע—האָט שמעון געזאָגט--בבלי האָט מיר דער־צעהלט זיין לעבענס-געשיכטע, אָבער וועגען אייך האָט ער מיר נאָר דערצעהלט דאָס גוטעס און דעם חסד וואָס איהר האָט מיט איהם גע־טהון. נאָר ווער איהר זענט און וואָס מיט אייך האָט פאַסירט האָט ער מיר נישט דערצעהלט—און איך קען אייך נישט. און איצט אויב איהר ווילט וועט איהר זיך געבען צו דערקענען צו מיר. וועל איך וויסען וואָס איך האָב צו טהון.

—לייבזאָהן האָט אַ ווײַלע געשוויגען און געטראַכט, דערנאָך האָט ער אויסגעצויגען די האַנד צו שמעונ'ען און געזאָגט:

—וואַרט צו ביז מאָרגען וועלען מיר שמועסען.

צו מאָרגענס—איז פון אייביג אָן אַ יודישער יום-טוב. חמשה-עשר בשבט. אַ טאָג אין וועלכען די תלמידים פון די שולען זענען פריי און שפּילען זיך אַרום, עסען טייטלען און ראָזינקעס באָקסער און מאַנדלען וואָס קומען פון הייליגען לאַנד, וואו אַלעס הייבט אָן וואַקסען אין דער צייט! אויך אונזער ערד דאָ אונטערן שנעע האָט נאָך אין זיך אַ רוח חיים, קוקט נישט אויף דעם וואָס זי ליגט ווי אַ געשטאָרבענע איינגע־הילט אין ווייסע תכריכים, דאָס איז נאָר פאַר איהר אַ כלה-שלייער, מיט וועלכען זי פערדעקט זיך דאָס פנים, די זון-שטראַהלען וואָס בליש־טשען ווי קריסטאַל אין שנעע, דאָס איז איהר ציהרונג און די אייז־צעפּלעך ביי די הילצערנע בעלקעס דאָס זענען אויירינג אין איהרע אויערען. די געטליכע שטילקייט וואָס הערשט אַרום-דאָס איז דער בע־

זיידענער חן וואָס איז אויף איהר אויסגעגאָסען. די שעהנע נאַטור שטאַרבט נישט אָב און אויך אין דער צייט וואָס עס דאַכט זיך, אַז זי שלאָפט ווי אַ טויטע—לעבט אין איהר אַ געטליכער גייסט און זי בע-וויזט וואונדער אָהן אַ שיעור. אויך אום ווינטער לעבען די צמחים אין די אייעלעך פון פערשיעדענע פרוכטפערוננען וואָס זענען צעוואָרפען דאָ און דאָרט אונטערן שנעע און אין דער ערד. נעבען קבר שטעהט שוי׳ן אַ וויגעל פאַר אַ ניי בעשעפעניש און נעבען פערפוילטע ביינער גרייט זיך שוין צו אַ ניי לעבען.

ביזטו זעהר שעהן נאַטור, די הערשערין פון הימעל און ערד! ביזט שעהן אום זומער, ביזט שעהן אום ווינטער, ביזט שעהן אין אַלע צייטען פון יאָהר!

דאָס דינע הייטעל שנעע וואָס ליעגט אויסגעצויגען איבער דער שטילער גאַס, דאָס אייז וואָס ליעגט ווי קריסטאַל אויף די ביימער און דער הימעל וואָס איז בלוי און ריין ווי אין פריהלינג, האָבען ווי מיט אַ כשוף געצויגען שמעונ׳ען און זיין פריינד אין דרויסען אַרויס צו זעהן גאָטס שעהנע וועלט. זענען זיי אַרויס אין פעלד אַריין האָבען שפּאַ-צירט איבער בערג און טאָהלען און פרעהליך געזינגען.

---

# כד.

## דער מענש האָט זיך שטאַרק אָנגעליטען.

פאַרנאַכט, ווען דער טאָג איז פערגאַנגען, איז זיך לייבזאָהן גע-לעגען אויף זיין געלעגער פערזונקען אין טיעפע רעיונות. אין דער פינ-סטער האָט אַריינגעשיינט די לבנה דורכ׳ן פענסטער און זיך געשפיעלט מיט די שטראַהלען אויף די וועגד פון שטוב. און אַז שמעון איז גע-קומען פון שפּאַציר אויפ׳ן פעלד וואָס ער האָט געמאַכט מיט אַ קאָמ-פּאַניע חברים,—האָט ער זיך דערפרעהט מיט איהם און געבעטען זיך זעצען נעבען איהם.

—זאָל זיין ווי איהר פערלאַנגט, שמעון, איך וועל דערצעהלען:—האָט געזאָגט לייבזאָהן—נאָר איין זאַך וועל איך אייך פרעגען איידער

איך נעהם דערצעהלען. ווען בבלי האָט אייך דערצעהלט זיין לעבענס-געשיכטע, צו האָט ער נישט דערמאָהנט וועגען אַ יונגענמאַן, אַ גביר'ס אַ זוהן פון חסידעווקע!

—וועגען דעם יונגענמאַן וואָס איז געווען זיין פּאָטער'ס תלמיד, האָט שמעון געפרעגט.

—יאָ, דאָס בין איך דער יונגערמאַן, זיין פּאָטער אברהמ'ס תלמיד—האָט לייבזאָהן געזאָגט, קוקענדיג אויף שמעונ'ען, וואָס האָט שטאַרק געגאָפּט הערענדיג דאָס — פאַר אייך איז אברהמ'ס אַ תלמיד, וואָס האָט זיך בעהעפט מיט בטלנים און נאַראָנים און פערבראַכט מיט זיי זיינע יאָהרען אין נאַרישקייטען, איז געווען אַ שלימזל און נישט געטויגט צו גאָרנישט און איז געוואָרען אַנ'אָרימאַן. איך וועל זיך נישט אַריינלאָזען צו דערצעהלען מיין לעבענס-געשיכטע פון אָנהייב אָן און וועל נאָר דערצעהלען וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט פון זינט איך בין אָרים געוואָרען:

אַז ס'איז מיר שלעכט געוואָרען, בין איך געפאָהרען צום רבי'ן, אויסצוגיעסען פאַר איהם מיין ביטער האַרץ, אויב אַלע מיינע פריינד האָבען זיך פון מיר דערווייטערט, וועט ער דאָך געדענקען אַלע מיינע מתנות, וואָס איך האָב איהם שטענדיג געגעבען מיט דער פולער האַנד. און וועט פאַר מיר מתפלל זיין און וועט מיר העלפען מיט זיין הייליגען כח. נאָר אויך צו איהם בין איך געוואָרען ווי אַ שווערע משא: וואָרום נאָכדעם ווי ער האָט מיר אַ צוויי דריי מאָל געטרייסט מיט פוסטע רייד, האָט ער זיך שוין דערנאָך אָנגעהויבען בייזערען אויף מיר אַז איך האָב זיך צופיעל צוגעטשעפּעט צו איהם. און וואָס קאָן ער מיר העלפען, אַז איך אַליין בין זיך שולדיג?!... און שפּעטער האָט מיר שוין דער משמש נישט צוגעלאָזט צו איהם. און האָט זיך אויף מיר אויסגעשריגען און מיך מבזה געווען. דעמאָלט איז געקומען דער סוף צו מיין גאַנץ חסידות און די געדאַנקען האָבען מיך אָנגעהויבען פּייניגען און שטראָפען אויף מיינע נאַרישקייטען וואָס איך האָב אָבגעטהון, וואָס איך האָב פערבראַכט מיינע יאָהרען מיט פוסטע זאַכען. דעמאָלט האָב איך פערשטאַנען ווי נאַריש איך בין געווען וואָס איך האָב זיך אין אַזעלכע נאַרישקייטען אַריינגעלאָזט און ווען נישט דאָס, וואָלט מיר דאָס אַלץ נישט צעהאַנען געקומען און נאָר דורך מיין אייגענער שולד געפין איך זיך איצט מיט מיין ווייב און קינדער אויף גרויסע צרות... דאָס אָרימקייט איז נאָך נישט געווען מיין לעצטע צרה. און פאַר מיר

איז געווען אָנגעגרייט נאָך מעהר פיין און ליידען. איך בין פון איין צרה אַרויס און אין דער אַנדערער אַריין: מיין איינציגע ליעבע טאָכטער וואָס האָט נישט געקענט איבערטראָגען קיין הונגער און פיין איז געשטאָרבען. דערנאָך האָב איך זיך געמוזט שיידען אויך מיט מיין עלטסטען יונגעל, וואָס איך האָב אַזוי ליעב געהאַט. וואָרום ווען עס איז געקומען די צייט צו נעהמען פון יודען זעלנער, צו צעהן פון הונדערט, ווי אַלע יאָהר. האָב איך מורא געהאַט פאַר מיין זוהן, אַ יונגעל פון אַ יאָהר צוועלף, טאָמער נעקמט מען איהם צו די זעלנער, כאָטש דער גורל איז אויף איהם נישט געפאַלען. האָב איך איהם גענומען אום ווינטער, אין אַ פראָסט און זאַוויערוכע און איהם אַוועקגעפיהרט ערגעץ אין אַ פרעמד לאַנד אַריין. וואו ער האָט נישט געהאַט קיין קרוב און קיין גואל. כ'האָב איהם נישט מיטגעגעבען גענוג געלד, איך האָב איהם נישט איבערגעגעבען צו אַ מענש אין די הענד אַריין, ער זאָל אויף איהם אַכטונג געבען, נאָר איך האָב איהם דאָרט אַוועקגעשטעלט און געזאָגט: גאָט זאָל זיין מיט דיר. מיין קינד! דער גאָט וואָס שפייזט די קראָה זאָל דיר שפייזען און דער גאָט וואָס היט אָב די פרעמדע זאָל דיר אָבהיטען!—מיט די ווערטער האָב איך איהם אַנ'-עלענדען פערלאָזט און זיך ביטער צעוויינט... וועה איז מיר, איך ווייס נישט וואו ער איז אַהינגעקומען און איך האָב איהם ביז אַהער נאָך נישט געזעהן. נישט אַנדערש, אַז ער איז אומגעקומען אין די יונגע יאָהרען זיינע!

די זיפצען האָבען זיך געריסען פון לייבזאָהנ'ס האַרץ, איז ער שטיל געוואָרען אויף איינינע מינוט. די לבנה איז דערווייל אַרונטער אונטער אַ וואָלקענדעל, און ביז ער האָט זיך בערוהיגט—איז זי ווידער אַרויס צום שיינען.

—פון טאָג צו טאָג— האָט ווייטער לייבזאָהן דערצעהלט— זעגען מיינע צרות גרעסער געוואָרען און דאָס האַרץ פייניגט מיר שטענדיג, אַז איך אַליין בין שולדיג אין די צרות פון מיינע קינדער און פון מיין ווייב די צאַרטע און איידעלע. אַז איך דערמאָהן זיך איצט יענע ביטערע שווערע צייטען געה איך אויס פון צער! איך געדענק ווי שטאַרק מיין ווייב די צאַרטע און איידעלע האָט געליטען, ווען איך האָב מיין זוהן אַוועקגעשיקט—קינד מיינס. קינד מיינס!—האָט זי געקלאָגט און געוויינט, איך וועל נישט וויינען אויף מיין טאָכטער וואָס איז געשטאָרבען, איך וועל וויינען נאָר אויף דיר, פערוואָגעלט קינד מיינס. נאָר אויף דיר

מיין טייערער, וואָס ווי אַ פייגעלע פון נעסט ווערסטו פעריאָגט אין אַ פרעמד לאַנד אַריין נאָך אַזוי יונג! דאָרט וועסטו וואָגלען און ליידען צרות און וועסט נישט האָבען ווער עס זאָל זיך אויף דיר דערבאַרע-מען. אָבגעריסען וועסטו אַרומגעהן אָהן אַ מלבוש, פערלאָזט און פער־וואָגעלט ווי אַ פערבלאָנדזשעט שעפעלע. ווער וועט דיר שפייזען אָרעם פייגעלע מיינס? ווער וועט דיר עסען געבען, קינד מיינס?! וועה מיר. קינד מיינס, קינד מיינס! יעדעס וואָרט איהר'ס האָט געשטאָכען מיין לייב ווי מיט ברענענדיגע שפיזען. און אַז עס איז געקומען די צייט זיך צוצעשיידען פון איהר טייער קינד, האָט זי פערבראָכען די הענד און זיך ביטער צעקלאָגט, אַז עס האָט זיך גערעכט די שטיינער ווי-נען מיט... פון דעמאָלט אָהן איז זי געוואָרען גאָר אַנ'אַנדערע, זי האָט געשוויגען און זיך נישט אומגעקוקט אויף אַלץ וואָס עס טהוט זיך אין שטוב. זי איז שרעקליך איינגעדאַרט געוואָרען און איהרע באַקען האָ-בען זיך איינגעקניישט ווי ביי אַנ'אַלטע יודענע, איהרע אויגען זענען רויט געוואָרען פון די טרעהרען, וואָס זי האָט פערגאָסען שטילערהייד, און אויף איהר פנים איז געווען אויסגעגאָסען אַ שטילער טרויער. זי האָט נישט געזיפצט, האָט נישט געלאָזט הערען קיין הויך וואָרט, און געזעסען אַ פערזומערטע דעם גאַנצען טאָג.—איך געדענק, ווען מיינע צוויי יונגערע קינדער זענען געלעגען קראַנק, איז זי צוגעגאַנגען צו זיי פאַר זייער טויט, האָט זיי געהאַלזט און אַרומגענומען און געזאָגט מיט אַ מורא'דיג געלעכטער, מיט אַ געלעכטער פון משוגעת, וואָס האָט מיר צעבראָכען מיין האַרץ אויף שטיקער: מיינע קינדער! נאָך אַ וויי-לע און איהר וועט גליקליך זיין. וועט פערגעסען אַלע צרות אייערע און אין שוים פון טויט וועט איהר רוהען בשלום. איהר וועט שוין מעהר נישט ליידען קיין נויט און נישט וויסען פון קיין הונגער. געהט מיינע קינדער! געהט אַהין ווי אַלע מענשען געהן און 'איך וועל קומען נאָך אייך. איך האָף. אַז איהר וועט דאָרט נישט וואַרטען קיין סך. זאָגט דאָרט אייער שוועסטער, אַז איך וועל אינגיכען קומען צו איהר. אפשר וועלען מיר אויך „איהם", אייער ברודער, דאָרט בעגעגענען... ווען זי האָט דאָס גערעדט האָט איהר פנים געשיינט מיט אַ מורא'דיג ליכ-טיגקייט, וואָס מאַכט פרירען דאָס בלוט אין די אָדערען, און זי האָט אָוועקגעלעגט די קינדער אויפ'ן בעט און זיי זענען שוין לאַנג געווען געשטאָרבען... וועה! האָר און נעגעל שטעלען זיך מיר קאַפויער, אַז איך דערמאָן מיר דאָס אַלץ.

ווידער אַמאָל איז לייבזאָהן שטיל געוואָרען און זיך פערשטעלט דאָס פּנים מיטביידע הענד און שמעון איז געזעסען אַ דערשלאָגענער און אַ צעטומעלטער—די שאָטענס פון די ביימער אין גאָרטען האָבען זיך צעלייגט איבער דער פּאָדלאָגע און איבער די ווענד, ווי די שדים וואָס קלעטערען אַרויס פון גיהנם. זענען זיי געשפּרונגען און געטאַנצט אַהין און אַהער קעגען דער ליכטיגער שיין פון דער לבנה. פון ווייטענס האָט זיך געהערט דאָס בילען פון אַ הינד וואָס האָט געוואָקעט ביטער, ווי ער וואָלט דערשמעקט דעם טויט אין שטאָדט!...

—זי האָט וואָרט געהאַלטען—האָט לייבזאָהן ווייטער דערצעהלט, נאָכדעם ווי ער איז אַ ביסעל צו זיך געקומען — זי האָט איהר צוזאָג צו די קינדער מקיים געווען. ס'איז נישט דורכגעגאַנגען קיין חודש צייט און זי איז אַוועקגעפאַלען, זיך אַוועקגעלעגט אויפ'ן קראַנקען בעט פון וועלכען זי איז שוין נישט אויפגעשטאַנען. די גאַנצע צייט פון איהר קראַנקהייט איז זי געווען פרעהליך און האָט אַזוי געגליסט צו שטאַרבען ווי איינער וואָס וויל זיך אומקעהרען אַהיים צו זיינע עלטערען און צו זיין משפחה. צייטענווייז נאָר האָט זי אויסגעשטעלט אויף מיר די ברענענדיגע אויגען איהרע און זעהר שטיל אָבגעזיפצט. איידער זי האָט אויסגעהויכט די נשמה האָט זי אָנגענומען מיין האַנד און איהרע ליפּען האָבען זיך געשאָקעלט און שטיל האָט זי אַפּאָר מאָל געשעפּטשעט: מיין זוהן, און זי איז געשטאָרבען... עלענד און אַליין בין איך געבליבען פון מיין ווייב און קינדער. און די מורא'דיגע זכרונות האָבען מיר געפּייניגט און טרויעריג געמאַכט, מיין געוויסען האָט מיר אויך געמאַטערט אַזוי, אַז איך האָב נישט געקענט איינזיצען אין שטוב און איך האָב זיך אַרומגעבלאָנקעט איבער די גאַסען, אין פעלד און אין וואַלד, נישט וויסענדיג וואו איך געה און נאָך וואָס איך געה.

איינמאָל בלאָנקע איך אַזוי אין פעלד און איך דערהער אונטער מיר דאָס טיפּען פון פערד און דעם רעש פון אַ וואָגען וואָס קלאַפּט מיט די רעדער, האָב איך זיך אויסגעדרעהט און געזעהן ווי אברהם זיצט אויפ'ן וואָגען און יונגעלייט זיצען אַרום איהם אויף זייערע פּעקלעך, האָב איך פערשטאַנען, אַז זיי פאָהרען דאָס צו זייער רבי'ן און אברהם פיהרט דאָס זיין סטאַדע, אין אַ ווייטע אַרום און די פוהר איז פאַר מיר פערבייגעפאָהרען, פון ווייטענס האָב איך נאָר געזעהן ווי עס פלאַטערען דינע פאות, האָב איך צו זיי אויסגעלאָזט מיין גאַנץ ביטער האַרץ און זיי נאָכגעשיקט מיט אַ ביטער געשריי: וואָס פאַר אַ שייכות

האָב איך נאָך צו מיין שטאָדט און צו איהרע איינוואוינער? איך וועל פערלאָזען זיי מיט זייערע פיהרעכצען און וועל אַוועק פון זיי.

אין דער יוגענד, ווען מיין וועלטעל איז נאָך געווען קליין, מיין שכל אויך נישט גרעסער, האָב איך געמיינט, אַז דער וועג פון אמונה וואָס איך האָב זיך אויסגעלערנט אין חסידעווקע, איז דער ריכטיגער וועג און דער גוטער וועג וואָס גאָט פערלאַנגט פון מיר, איך זאָל אין איהם געהן. אַלץ וואָס עס טהוען די חסידעווקער—איז הייליג. נאָר נאָכדעם ווי איך בין דערגאַנגען מיין טעות, נאָכדעם ווי איך האָב זיך אָנגעליטען אַזוי שטאַרק און די אמונה איז פערלוירען געגאַנגען פון מיין האַרצען, בין איך געבליבען לעדיג און לעהר. ליידיג פון אמונה און לעהר פון וויסענשאַפט און אַז מען פערמאָגט נישט די ביידע זאַכען קען דאָך דער מענש טהון וואָס זיין האַרץ גלוסט! האָב איך מיינע הויז-חפצים פערקויפט, געמאַכט פון אַלעם געלד און בין אַוועק קיין כסלונעווקע.

לייבזאָהן האָט געשוויגען אַ ווײַלע און געקוקט אויף שמעון׳ען ווי ער וואָלט געטראַכט וואָס ער זאָל ווייטער רעדען. דערנאָך האָט ער ווייטער דערצעהלט:

—אין כסלונעווקע האָב איך אַ שוועסטער, אַן׳עלטערע פון מיר, זי איז מיט מיר פון איין מאַמען אָבער נישט פון איין טאַטען—איהר מאַן איז געוואָרען שותפות מיט אונזערע אַ משפחה פון דער מאַמעס צד און האָבען ביידע געמאַכט אַ געשעפט, און איינער אַ געשיקטער פערוואַלטער האָט פערוואַלטעט מיט׳ן געשעפט. אין אַ צייט אַרום און מיין שוועסטערס מאַן איז געשטאָרבען און איבערגעלאָזט זיין גאַנץ פער מעגען אין דעם געשעפט. פאַר זיין ווייב און איינציגע טאָכטער. און דאָס פערמעגען וואָלט זיי געקלעקט אויף צו לעבען און זיך אָנטהין אַלע פערגעניגענס אויף לעבען לאַנג: נאָר דער פערוואַלטער, דער אויסוואורף, האָט זיך מיישב געווען צו בערויבען זייער פערמעגען, האָט ער אַ גרויסע סומע געלד זיך צוגענומען און געזאָגט, אַז דער פער־שטאָרבענער בעל הבית האָט אַזאַ און אַזאַ סומע צוגענומען ווען ער האָט נאָך געלעבט און פאַר זיינע יורשים איז ממילא זעהר ווייניג גע-בליבען. בין איך זיי צו הילף געקומען, און נאָך אַ סך קריגערייען האָב איך געוואָלט דערלאַנגען דעם גאַנצען ענין אין געריכט אַריין, אַז דאָס געריכט זאָל אויספאָרשען די גאַנצע זאַך און דעם פערוואַל־טער מיט דעם אַנדערען בעל הבית וואָס לעבט נאָך—זאָל מען משפט׳ן

דערמיט האָב איך אויף זיך געבראַכט אַז אַלע זאָלען מיר באַרעדען און שעלטען, וואָרום איך בין דאָך אַ מוסר און אויף מוסרים איז קיין שום רחמנות נישטאָ. נאָר צו וואָס אַזוי פיעל רעדען. דער סוף איז געוואָרען, אַז זיי זענען בעשטאַנען צו געבען מיין שוועסטער די אלמנה אַלע יאָהר אַ סכום געלד, און איך בין געוואָרען צו שאַנד און שפּאָט פאַר די זינד, וואָס איך האָב זיך אָנגעטהון קורץ-געקליידט; געקומען אין שענק און געזעסען צווישען חברה און צווישען קאָרטען-שפּילער. האָבען זיי מיר פערביטערט דאָס לעבען מיט זייערע שטיקלעך און מיט זייער בערעדען מיר, בין איך אַוועק פון כסלונעווקע, זיך אַרומגעבלאָנקעט אויף דער וועלט ביז איך בין געקומען קיין זשיטאָמיר.

די גרויסע ליידען און צרות וואָס איך האָב זיך אין די צייטען אָנגעליטען האָבען מיר פערמיאוסט דאָס גאַנצע לעבען — אַ לעבען פון אַ פערלוירענעם עלענדען מענש ווי איך בין, און האָבען מיר פערפיהרט אויף פינסטערע וועגען. איך בין אַריין צו אַ חברה קאָרטען-שפּילער וואָס האָבען זיך אויפגעהאַלטען אין אַ גאַסט-הויז און געלאָקערט אויף נאַאיווע אורחים צו שפּילען מיט זיי און אויפלעדיגען זייערע קעשענעס. אַ סך געסט זענען געקומען מיט פולע טייסטערס און מיט ליידיגע זענען זיי פון דאָרט אַוועק. און איינמאָל איז אַהינגעקומען אַנ׳איינִיקעל. האָבען חברה געזעהן אַז ער מאַכט זיך פאַר אַ הייליגען און נעהמט צענויף געלד, האָבען זיי פערוואָרפען אויף איהם זייער ווענדקע און געזאָגט מיט שפּאָט: דאָס אייניקעל נעהמט און דאָס אייניקעל זאָל געבען און ער איז פון זיי אויסגעלעדיגט געוואָרען.

—וועגען דעם אייניקעל האָב איך גערעדט מיט יצחק׳ן — האָט שמעון איהם איבערגעריסען די רייד — איך ווייס אויך אַז דאָס אייניקעל האָט זיין משרת געשלאָגען מיט שרעקליכען צאָרן.

—דאָס יונגעל וואָס האָט זיך נעבאָדען אין אייגענעם בלוט, האָב איך פון דאָרט אַוועקגעטראָגען און אַוועקגעלעגט אויפ׳ן בעט — האָט לייבזאָהן ווייטער דערצעהלט—און אַז איך האָב איהם אויסגעטהון האָב איך געפונען זיין פּאַספּאָרט, האָב איהם איבערגעלייענט און בין געבליבען נשתּומם — דאָס איז דאָך מיין מלמד׳ס אברהם׳ס אַ יונגעל! און איך האָב זיך דערמאָנט אין מיין גאַנצען לעבען אין חסידעווקע, מיין געבורטס-שטאָט. איך האָב זיך דערמאָהנט אין מיין ווייב, אין מיינע קינדער אין מיין זוהן וואָס איז פערטריבען געוואָרען. אַלע שטעהן פאַר מיר ווי לעבעדיג! די געפיהלען פון מיין האַרץ. די געפיהלען פון אַ

פּאָטער שטורמען ווי די כוואַליעס פון ים–דאָס דאָזיגע פערלאָזטע פער-וואָגעלטע יונגעל דערמאָהנט מיר מיין זוהן, וואָס איז אויך פערלאָזט און אומגליקליך. און מיין האַרץ וואָס האָט זיך דערוועקט מיט רחמנות צו מיין פערהאָגעלטען זוהן, האָט זיך דערבאַרעמט אויך אויף דעם עלענדען יונגעל. האָב איך איהם אריינגענומען צו מיר, איך האָב איהם ליעב-בעקומען ווי אַן׳אייגען קינד. און זינט ער איז אַריין צו מיר אין שטוב איז מיר ליכטיג געוואָרען. איך בין שוין נישט געווען עלענד, מיין לעבען איז מיר שוין נישט געווען איבעריג, וואָרום איך האָב געוואָלט מגדל זיין מיין געליעבטען יצחק׳ן. און צו מאַכען איהם פאַר אַ מענש. און כדי דאָס אויסצופיהרען האָב איך דאָך געמוזט אָנהייבען אַנדערש לעבען און זיך לאָזען אויף אַ גוטען וועג. האָב איך פערלאָזט אָט די געמיינע חברה און זיך אויסגעזוכט אַ שטעלע ביים בראַנפען־אַקציז, איך האָב זיך געדונגען דאָס דאָזיגע רוהיגע וואוינונג ביים וואַלד און פעלד, מיין יצחק׳ן צוליעב, כדי ער זאָל קומען צו זיך נאָך די אַלע ליידען און פיין וואָס ער איז אויסגעשטאַנען, האָב איך איהם געשיקט אין ראַ-בינער-שולע, איז ער אַהינגעגאַנגען טאָג-טעגליך ביז ער האָט געענדיגט, דאָס יאָהר האָט ער געענדיגט. ער איז פול מיט וויסען און גאָטספאָרכ-טיגקייט אַזוי ווי איך האָב געוואָלט, און איצט איז ער אַ לעהרער פאַר יודישע קינדער.

און איצט, כאָטש ער איז מיין רוהם, און זיין כבוד איז פאַר מיר אַ גרויסקייט און אַנ׳עהרע: אָבער ווי אַ קינד צו דער מוטער, אַזוי בענק איך נאָך איהם און דאָס האַרץ געהט מיר אויס, וואָרום צו וואָס טויג מיר דאָ אַלץ, אַז ער איז נישטאָ, גוטע צייטען האָב איך געהאַט ווען ער איז דאָ מיט מיר געווען, יענע צייטען זענען פאַר מיר דאָס גאַנ-צע לעבען. און איצט אַז דו וועסט מיר אויך פערלאָזען, ווען מיין האַרץ איז נאָך אַזוי טרויעריג, און איך וועל בלייבען אַליין, דאָס וועט מיר שוין אינגאַנצען אַוועקלעגען. פערלאָז מיך נישט שמעון! וואוין ביי מיר ביז מיין בענקשאַפט וועט דורכגעהן און איך וועל זיך אַבי-סעל קענען שטאַרקען. דו ביזט דאָך מיין קרוב און אַנ׳אייגענער פריינד מיין שוועסטער איז יוכבד, און דיין טאַטע אפרים אונזער קרוב איז דאָך דער שותף פון מיין שוועסטערס מאַן און זייער פערוואַלטער פון געשעפט איז אליעזר.

ביז אַהער איז שמעון געזעסען שטיל און געקוקט אויף לייבזאָהא-נ׳ען וואָס האָט דערצעהלט, האָט געהאַלטען אָפען דאָס מויל און געשלינגען

יעדעס וואָרט און געשוויגען, ווי עפּעס אַ פערבאָרגענע האַנד וואָלט צוגעקלעבט זיין צונג צום גימען און איהם שטום געמאַכט. און אַז ער האָט דערהערט לייבזאָהנ׳ס לעצטע ווערטער איז ער אויפגעשפּרונגען פון זיין אָרט און איהם געפאַלען אויפ׳ן האַלז.

—פעטער מיינער!—האָט ער געזאָגט מיט געפיהל און איהם גע־קושט—איך פיהל אייך מיט. איהר זענט אַן׳אומגליקליכער מענש, און ווי גרויס עס זענען אייערע צרות אַזוי גרויס איז אייער גוטס און רעכטפערטיג הערץ! מיט אייך בלייב איך.

---

# כה.

## אַ שווערער חלום.

—„דערבאַרעמט זיך, דערבאַרעמט זיך אויף מיר קינדער מיינע!— האָט לייבזאָהן שטאַרק געשריגען פון שלאָף אין יענער נאַכט נאָכדעם ווי ער האָט אַלץ אויסדערצעהלט.

אַ ווײלע איז ער געלעגען וואַך און דערשראָקען פון זיין מורא׳־דיגען חלום, ער זעהט נאָך זיין שווערען חלום און ער הערט נאָך עפּעס ווערטער, ער הערט אָבער נישט קיין דייטליכע ווערטער און זעהט נישט קיין שום געשטאַלט. ווי פריהמאָרגען-וואָלקענדלעך שוועבען זיינע פינס-טערע חלומות פאַר דער ליכט פון זיין שכל, וואָס קעהרט זיך אום צו איהם. און אַז ער איז צו די געדאַנקען געקומען האָט ער זיך גע-שטאַרקט צו דערמאָהנען וואָס ער האָט געזעהן אין חלום און האָט זיך אַלץ דערמאָהנט:

איהם האָט זיך גע׳חלומ׳ט: אַ מענש אָנגעטהון אין לייוועַנטענע קליידער שטעהט פאַר איהם, אַ סך מענשען רינגלען איהם אַרום און אַלע זענען יודען. די בייטלען זייערע זענען טייל גרויסע, שווערע, און טייל קליינע. דינע און ליידיגע. אַלע זאַמלען זיך צעמיף און געהן אַריין אין איין גאָר גרויסען בייטעל און ווערען אין איהם פערשלונגען ווי אין אַ קבר. און דער בייטעל וואָס האָט שוין נישט אַזוי פיעל כח צו דערגעהן און זיך בוקען צום קעניג פון די בייטלען, ווערט ער

פערטריבען מיט חרפה און שאַנד. מיט גרויסקייט זעהט ער דאָרט זיין בייטעל, אַזאַ פיינער סטאַטעטשנער בייטע,, אַלע גלוסטען צו איהם און חנפ׳ענען זיך צו איהם, און דער קעניג פון די בייטלען שמייכעלט צו איהם און איז גוט צו איהם, און אָט דאָס גלוסטען זייערס צו איהם האָבען איהם מאָגער געמאַכט און ער איז געוואָרען שוואַכער פון טאָג צו טאָג, ביז ער איז אינגאַנצען אומגעקומען. א׳ז געוואָרען אַ רעש, אַ געפילדער און אַ צייהן-קריצעריי, און אַזוי ווי ער האָט שוין צו גאָר נישט געטויגט, האָט מען איהם אַרויסגעוואָרפען אין דרויסען. ווי אַ יתום בלאָנקעט ער זיך אַרום אין דער פינסטער, עס קלאָגט די סאָווע און ס׳איז אַ געבּרומעריי פון אַלע זייטען. און פלוצלונג גיט זיך די ערד אַ טרייסעל אונטער איהם—און ער שטעהט אין מאַרק אויף אַ ברייטען ליידיגען פלאַץ וואָס איז באַדעקט מיט שנעע, און די לבנה שיינט אויף איהם, מענשען זיצען פערמאַכט אין זייערע הייזער, קיינער ווייזט זיך נישט אַרויס איבער דער קעלט ביינאַכט. אויך דער הונד בלאָנקעט זיך נישט אַרום איבער דער שטאָדט און ליעגט זיך אין זיין קליינעם ביי-דעל, די נאַכט איז עלענד! די נאַכט איז שטיל! און פון ווייטען הערט זיך עפּעס אַ ביטער געשריי, אַזאַ קלאָג, וואָס צעברעכט די הערצער און מענשליכע טריט דערנענטערען זיך, שפּאַנען מיט׳ן גאַנצען כח איי-לענדיג זיך. און אויף די הענד טראָגען זיי אַ קליין יונגעל אַ נאַקעטען ווי מען וואָלט איהם אַראָבגענומען פון זיין געלעגער, און זיינע גע-שרייען דערגרייכען אין דער נאַכט-שטילקייט ביז צו די הימלען און אַרום איז אַ פּחד און אַנ׳אימה. דאָס איז זיין זוהנ׳ס קול. זיין טייער קינד, זיין אויג אין קאָפּ. די „כאַפּערס", וואָס כאַפּען קינדער פאַר זעל-נער, האָבען איהם געכאַפּט פון זיין בעטעל אַראָב און געפּאַנגען. די לבנה און שטערען האָבען אויפגעהערט צו שיינען און ער לויפט אַהיים —און זיין היים איז נישטאָ. פאַר איהם שטעהט אַ קליין נידעריג היי-זעל אויפ׳ן בית עולם. דאָרטען ליגען אויף איין בעט זיין ווייב מיט די קינדער צוזאַמען, ער וועקט זיי און וועקט זיי—אין איין אויג; איין אָפען מורא׳דיג אויג קוקט אויף איהם. אַ ציטערניש האָט איהם אָנגע-כאַפּט פון די בליקען פון דעם אויג וואָס זענען ווי שאַרפע פיילען. האָט ער געכאַפּט די פיס און איז אַנטלאָפען אָבער ווי ער זאָל נישט געהן שטעהט דאָס אויג פאַר איהם. נישטאָ קיין פינסטערניש און קיין שוואַרצקייט וואו ער זאָל זיך פון דעם קענען פערבאָרגען. געהט ער אויפן ׳וועג. הונגעריג, דאָרשטיג און מיעד און ער דערזעהט אַנ׳איינ-

פ.הר-הויז דאָרט שטעהן געגרייטע טישען און אויף זיי ליגען אַלע טייערע מאכלים און שמעקענדיגע געקעכטסען, ער האָט שטאַרק חשק צו די דאָזיגע מאכלים, אָבער ווי נאָר ער האָט צו זיי אויסגעשטרעקט אַ האַנד און אַ שטים שרייט איהם אין אויער אַריין: ריהר נישט! נישט פאַר ליידיגגעהר זענען אַזעלכע מאכלים און נישט פאַר פוילענדע אַזעל-כע גוטע זאַכען. דאָס גאַנצע גוטס איז פאַר די מיה פון די אַרבייטער און זייער מיה עסען זיי דאָ. און דו אַנטלויף דיר צו דיין אָרט, אַהין ווי עס זענען די צעטומעלטע, צעמישטע, נאַראָנים און שוטים. באַלד איז ער מיט אַ שטויס אָפגעשטופט געוואָרען און ער האָט דערזעהן אָהן אַ שיעור איינגעבויגענע, צעבראָכענע, דערשלאָגענע, שטומע, מיט אַרויסגעשטעקטע צונגען געהן אין גרויסע מאַסען און מיט זיי אַ גאַנץ ערב רב: ברייטע מיילער, אויסגעשטרעקטע העלזער און גאָרגעלס, רוי-טע נעז, פלעשלעך וויין, ציבעלעס, קנאָבעל, וואָרימע אויבענס געהן מיט זיי. ער האָט געזעהן די דאָזיגע גאַנצע מחנה, האָבען זיך איהם די האָהר געשטעלט קאַפויר פון שרעק, און ער איז אַנטלאָפען געוואָרען. די פיס האָבען זיך איהם אונטערגעהאַקט פון פאַסטען און ער איז אַנידערגעפאַלען אָהן כחות. און נעבען איהם ליגען זיין ווייב מיט די קינדער, גלאָצען מיט די אויגען צו איהם און שוויגען. און אַז זיין רחמנות צו זיי האָט זיך שטאַרק דערוועקט און ער האָט זיי געוואָלט אַרומהאַלזען—און ס'איז געוואָרען אַ שטורעם-ווינד און האָט זיי צעשיידט און ער שרייט: דערבאַרעמט זיך, דערבאַרעמט זיך אויף מיר מיינע קינדער!—און האָט זיך אויפגעכאַפט.

אַ דערשלאָגענער ליגט לייבזאָהן אויף זיין געלעגער און מורא'-דיגע חלומות שרעקען איהם אויף דער וואַך. ער הערט דאָס קלאָגען פון שטורעם-ווינד, אַ מענש אין ווייסע מלבושים איז ווי אַ מת פון קבר אויפגעשטאַנען, ער קניהט פערשפרייט די הענד און קלאַפט אין די פענסטער, ער ברומט פון צער און צאָרן, און אַרום איהם שטעהן קלע-נערע פון איהם איינגעהילט אין ווייסען, בוקען זיך און רעדען מיט שפּאָט. אין שטוב שוועבען אַרום שאָטענס, שדים טאַנצען, און נשמות שוועבען און שפרונגען אויף טישען און בענקלעך און אויף די ווענד. אין גיכען האָט ער זיך אויפגעכאַפט און געזעהן, דער שטורעם-ווינד האָט ביי נאַכט אַרויסגעבראָכט אַ שנעע און בעדעקט דעם גרויסען עפּעל-בוים אַנטקעגען פענסטער ווי אויך די קליינע ביימלעך און ער שאָקעלט

זיי אין אַלע זייטען. און די שאָטענס אין שטוב זײַנען די שאָטענס פון די ביימער.

איז לייבזאָהן אַראָב פון געלעגער, איז גיך אַראָבגעשפּרונגען און זיך איינגעזעצט אין ווינקעל פון חדר פערזונקען אין זיינע געדאַנקען, וואָרום דער הלוב איז געקומען מיט אַלע פליטערלעך און געשעהענישען אין אַלץ איז איהם געווען, ווי ער וואָלט עס געלייענט אין אַ בוך און האָט אין דעם געפינען אויך אַ סך אמת, און געזען אין דעם דאָס, וואָס מיט איהם וועט שפּעטער געשעהן. נאָך איצט, ווען ער איז וואַך, נעהמט איהם אָן אַ גרויל פון דעם דאָזיגען שרעקליכען אויג און ער געהט אויס פון שרעק.

און פון דער נאַכט אָן איז לייבזאָהן געוואָרען שטאַרק מרה-שחורה׳דיג און ער איז שטאַרק אומעטיג געוואָרען.

---

## כו.

# טרויער און יום-טוב.

ס׳זענען די טעג פון פריהלינג אויף דער וועלט, טעג פון אויס-לעבונג און אַנטוויקלונג אין דער גאַנצער נאַטור; טעג פון פריהלינג און בעפרייאונג פאַר צעהנדליגער טויזענדער נאַטור-כחות, וואָס וואַכען אויף; טעג, אין וועלכע די זון בעשיינט אונזער ערד און מיט איהרע וואַרימע הייסע קושען מאַכט זי שפּראָצען דאָס פערזייהעטע און מאַכט רינען דעם זאַפט אין די ביימער און אין די גראָזען. טעג, וואָס די נאַטור, די אשת חיל, נעהמט זיך שפּינען און שפּינט אויס צעהנדליגער טויזענטער גראָזען און גרעזלעך מיט בלימלעך אויף צו בעקליידען די ערד; טעג, וואָס אַלע לעבעדיגע בעשעפענישען וואָס שלאָפען דעם גאַנ-צען ווינטער אין די ערד-היילען—כאַפּען זיך אויף און קריכען אַרויס פון די היילען מיט זייערע משפחות—פון דעם קלענסטען ווערמעל וואָס וויקעלט זיך אויף דער ערד, ביז דער חיה וואָס געהט אויף אַלע פיער בקיצור: טעג, אין וועלכע די גאַנצע נאַטור געהט אַרויס פון פינסטער-ניש צו ליכטיגקייט.

ווי שעהן איז איצט די רוהיגע וואוינונג אין גאָרטען וואָס ז. ? אויף דער גאָרטען-גאַס! די ביימער בליהען און האַלזען איינער דעם אַנדערען מיט זייערע זאַפטיגע צווייגען, אַז אַ ווינדטעלע גיט אין זיי אַ בלאָז הויבען אָן שמעקען די טייערע ריחות, אויף דער עפּעל-בוים פאַר׳ן פענסטער שטעהט אין זיין גאַנצער שעהנקייט, אָנגעטהון אין זיין שעהנעם בגד פון בלימלעך, אין חעלכע ער איז אויסגעציערט אין גאַנצען פריהלינג און גיט אַרויס גוטע ריחות. — ווי שעהן איז דער מאָרגענשטערען אום יום-טוב שבועות, דער שענסטער יודישער יום-טוב, אין דעם רוהיגען אָרט! ווי נאָר דער ברעג פון הימעל ווערט עטוואָס בלייך, כאַפּט זיך אויף יעדעס פייגעלע אין זיין נעסט און לאָזט הערען זיין זיס קול, זיצט זיך אַ ווײַלע און פישטשעט זיין מאָרגען-שירה, ווי-פיעל ער קען נאָר, און איידער נאָך ער פערענדיגט זיין שורה גיט ער אַ טרעל און פליהט אַוועק צו זיין אַרבייט, צו ברענגען שפּייז פאַר זיין ווייב, וואָס זיצט אויף די אייערלעך. נאָך אַ ווײַלע און עס כאַפּען זיך אויף די קראָהען אויף די שפּיצבוימער און קראַקען זיך איבער איינע צו דער צווייטער און צעשפּרייטען די פליגעל צו שוועבען אין דער לופט׳ן וואָס איז אַזוי ריין און לויטער איבער זייערע קעפּ, און אונ-טער זיי איז פערנעבעלט פון די וואָלקענס וואָס געהען אויף פון דער ערד ווי אַ רויך מיט טייערסטע געשמאַקע ריחות פון אַלע טייערע פלאַנצונגען—דערווייל ווערט דער מאָרגען נאָך ליכטיגער און אַלע פיי-געל פון גאָרטען כאַפּען זיך אויף. אַלע בלישטשען מיט זייערע פער-שיעדענע קאָלירען און אַלע הייבען אָן צו זינגען שירה און בעזינגען דעם מאָרגען—די, זינגען צווישען און די, שפּרינגען אַרום צווישען די גרינע גראָזען און שרייען אַראָב פון דאַך אַראָב, ז׳ער בו-שעל קלאַפּט מיט׳ן שנאָבעל אויף זיין געלעגער נעבען זיין געליעבטע און ער איז ווי דער פויקער צווישען דער קאַפּעל פון די פייגעל. גיך נעמט די טויב זיין ווייב און פערלאָזט די נעסט וואו ער האָט זיך געלאָזט וואוילגעהן און אָנהאַלטענדיג—מיט׳ן שנאָבעל זיין געליעבטע געהט ער אַרויס מיט איהר אין טאַנץ אויפ׳ן גאַניקעל אונטערען דאַך—וואָרום ווער קען זיך עס איינ-האַלטען און נישט פרעהען זיך מיט זיין שעהנער, זיין האַרצענס געליעבטער ווען עס זינגט און עס שאַלט?... גרויסע זאַכען בעווייזט דער מאָרגענשטע-רען! און ווי עס ווערט אַזוי ליכטיגער און ליכטיגער און אַ האַלבער ראָד פון דער זון בעווייזט זיך פון מזרח זייט, באַדעקט דעם הימעל מיט איהר שעהנקייט און די שטראַהלעז זענען ווי פונקען פייער און די

טוי-טראָפּענס אויפ׳ן גראָז און גרעזלעך. דער האַלבער ראָד פון דער זון זעהט אויס ווי דער ראָד פון גאָטס רייטוואָגען, ווי דער כבוד פון יודישען גאָט וואָלט זיך בעוויזען אויף די כרובים, אַ קוק צו טהון אויף זיין הייליג פאָלק ישראל און איהם בעגריסען מיט ליעבשאַפט אין דעם טאָג פון זיין יום-טוב, אין דעם טאָג, ווען ער האָט זיך אַמאָל ענט-פּלעקט אויפ׳ן באַרג סיני צווישען זיינע מלאכים צו פערקנסען זיך די בתולה בת יהודה דורך דער הייליגער תּורה, און פון די הימלען קומט ער איצט בעגריסען זיין כלה אין פרעמדען לאַנד.

דער מאָרגען מיט זיין לויטערקייט האָט אויך נישט פערגעסען די שטאָדט-לייט די יודען וואָס יום-טוב׳ען! אַ סך האָבען זיך געפעדערט באַלד בעגינען צו געהן דאַווענען, און נאָך דעם ווי זיי האָבען זיך אונטערגעלעהנט די הערצער מיט פּוטער און מילך ווי דער מנהג איז לאָזען זיי זיך אַרויס שפּאַצירען צו כאַפּען לופט; טייל געהן אַרויס אויפ׳ן פעלד, אין די גערטנער און געהן אין וואַלד אַריין, אַנדערע ווידער געהן אַרום איבער די גאַסען און פלעצער פון שטאָדט. אַלע פרעהליכע און אויפגעלעגטע, אָנגעטהון אין יום-טוב׳דיגע מלבושים, ווי זיי וואָלטען דאָס געגאַנגען מיט בכורים אין בית-המקדש אַריין, ווי זיי וואָלטען שטענדיג געלעבט אין גרויס שמחה און קיינמאָל נישט געזאָרגט.

אַ רעטעניש ביזטו מיין אָרים פאָלק פאַר די פרעמדע וואָס קע-נען דיך נישט! אַ רעטעניש ביזטו פאַר זיי מיט דיין טרויער, מיט דיין האָרוואַניע אַ גאַנצע וואָך, און מיט דיין פרייד אין די שבתים און ימים-טובים. ווען דו טהוסט נישט קיין שום אַרביים און פערברענגסט אין פערגעניגען! אַ רעטעניש ביזטו פאַר זיי מיט דיינע קליידער מיט די שמאַטעס וואָס די געהסט אָנגעטהון אין דער וואָכען און מיט דיינע זיידענע און אַטלעסענע קליידער אין יום־טוב! אַ רעטעניש ביזטו פאַר זיי מיט דיין שפּייזען זיך מיט דיין וועניג און שלעכט עסען אין דער וואָכען און מיט דיינע שעהנע חלות, פלייש און פיש, געקעכטסען און קיכלעך אין די שבתים! אַ רעטעניש ביזטו פאַר זיי מיט דיינע פער־לאָזטע נישט-ריינע וואוינונגען אין די אַרבייטס-טעג און מיט דיין צו-גערוימטע שטוב און גרייטען טיש אין יום-טוב און שבת! דו ביזט אַ קבצן און אַ קעניג! אַ קבצן און אַן עושר! דו ביזט אַ נאַקעטער און אַן אויסגעפּוצטער! ביזט אַ הונגעריגער און אַ זאַטער! ביזט מיאוס און שעהן. מיאוס ווי די געצעלטען פון די טאָטערען און שעהן ווי שלמה המלך׳ס פאָרהאַנגען! אַ רעטעניש ביזטו מיין פאָלק פאַר די פרעמדע

פעלקער וואָס קענען דיך נישט! אָבער דער וואָס פערשטעהט דיין הארץ, ווייסט דעם בעשייד פון די רעטעגישען, דאָס קומט פון דיין גלויבען אין גאָט און זיינע דרכים. נאָר פון דעם קוואַל טהוט טרינקען דער יוד און פערגעסען אין זיין אָרימקייט; נאָר דאָס מאַכט איהם פער-געסען זיין צער און פיין און ער געדענקט נישט אין זיין האָרוואַניע; נאָר אין בעשטימטע צייטען שאָקעלט ער זיך אָב פון שטויב. און זיין געפייניגטע, טרויעריגע און וויסטע נשמה דערוועקט זיך צו דערפיהלען דאָס זיסקייט פון לעבען ווי די וואָס לעבען שטענדיג רוהיג און צע-פריעדען. די גאַנצע אַרבייט פון אַ יוד אַ גאַנצע וואָך איז נאָר צוליעב זיין שבת און זיין גאַנצע האָרוואַניע איז נאָר צוליעב זיינע גוטע און שעהנע ימים-טובים, זיי זענען זיין תכלית און ציעל פון לעבען. צו זיי שטרעבט ער מיט זיין גאַנצען הארצען און פערמעגען און אין זיי גע-פינט ער אַ טרייסט און אַ בערוהיגונג פאַר זיין מיעדער דערניעדעריג-טער נשמה.

נאַ גאַנצע וואָך איז דער יוד אַ וואָרעם נישט קיין מענש, אַ וואָ-רעם אין אַ הייטעל און אַלע פרייטאָג פאַרנאַכט שפאַלט זיך דאָס דאָ-זיגע הייטעל און דער יוד, דער וואָרעם ווערט פלוצלונג אַ מענש מיט אַ נייע נשמה, מיט נייע געפיהלען און ווערט גאָר אַנ׳אַנדערער. דע-מאָלט זינגט ער צו זיין כלה צו שבת זיין געליבטער דאָס ליעד „לכה דודי״; דעמאָלט געהט אַוועק זיין געבראָכען געמיטה—דאָס קען דער יוד טהון פאַר זיין גאָט!

פרעהליכע און אויפגעלעגטע זענען די שטאָדט-לייט אַרויסגעגאַנ-גען שפאַצירען אין טאָג פון זייער יום-טוב, און אויף דער גאָרטען-גאַס, וואו עס וואוינען קריסטליכע פויערים, האָבען זיך געזעהן אַ סך יום-טוב׳דיגע יודען.

—טייערער פעטער! — האָט שמעון געזאָגט צו לייבזאָהנ׳ען וואָס איז געזעסען אַ פערוויעסטער און געקוקט אַרויס דורכ׳ן פענסטער וואָס איז געשטאַנען אָפען אין גאָרטען אַריין—וואָס זענט איהר אַזוי טרויע-ריג און דערשלאָגען? אַרום דיר איז פרייד און געזאַנג, די נאַטור איז אַזוי שעהן און איהר זענט טרויעריג און פערגעסט אויף דעם יום-טוב, אונזער פרייד!

--דו אַליין שמעון,—האָט לייבזאָהן געענטפערט—האָסט פאַר מיר געלייענט פון אַ בוך די דאָזיגע ווערטער: אַז די ערד פרעסט אויף איה-רע בעשעפענישען און מיט זייערע פערפוילטע ביינער ציערט זי זיך

אויס שעהן צו זיין. אזא פריהלינג איז שטענדיג געווען אלע יאהר. ס'האט אבער לאנג נישט געדויערט און דער פריהלינג איז אריבער, דער זומער איז אוועק, און וואס דער פריהלינג מיט'ן זומער האבען אויפגעהאדעוועט האט דער ווינטער אומגעבראכט! האבען דאך שוין יו־דען געזאגט: פרעה זיך נישט, בן אדם מיט די פריידען אויף דער וועלט ווארום דער סוף פון יעדער פרייד איז טרויער.. און אויך דער דאזיגער שעהנער יום-טוב אונזערער מאכט מיר זעהר טרויעריג, דער־מאהנענדיג זיך די אלע צרות און פיין וואס איך האב זיך צוליעב איהם אנגעליטען. וועה! א סך האבען זיך אונזערע יודען אנגעליטען איבער דעם יום-טוב, צוליעב אונזער תורה, וואס איז געווארען די ליכט פון פעלקער און פאר א קוואל פון לעבען פאר דער גאנצער וועלט. צוליעב איהר וועה, זענען מיר געווארען צו שאנד און צו שפאט צווישען די פעלקער! ווי דו אליין האסט מיר פארגעלייענט די געשיכטע, איז דאך נאר צוליעב איהר, די תורה אונזערע, זענען מיר אין מיטעל אלטער גע־פיהרט געווארען, ווי די שעפסען צו דער שחיטה, צום הרג'ענען שלא־גען צו שאנד און אומקומען; צוליעב דער תורה זענען מיר ערניעדע־ריגט געווארען. און צוליעב איהר האט מען פאר אונז פערשטעלט אלע קוואלען פון פרנסה. אומעטום זענען מיר פרעמדע און מען לאזט אונז אין ערגעץ נישט צו, און מיר זענען זעהר נידעריג... און אויף דעם אלעם. ווי קען זיך א יוד איינהאלטען און נישט טרויעריג זיין צום וועניגסטען, אויב שוין נישט וויינען אין דעם דאזיגען פרעהליכען יום-טוב?!

—כ'וועל שוין נישט, טייערער פעטער— האט שמעון געזאגט — כ'וועל שוין מעהר נישט אייך פארלייענען, אפילו איהר וועט מיר שטארק בעטען וועל איך אייך נישט פאלגען. ווארום די ביכער פאר אייך זענען ווי האלץ צום פייער.

—אויב דו וועסט נישט וועלען מיר פארלייענען צייטענווייז, וועל איך עפענען דעם ספר הזכרונות וואס איז אין מיין הארצען און וועל טראכטען פון מיין נארישע לעבען און נארישקייטען פון מיין דור—און דאס לייענען איז מיר איצט זעהר זיס.

—איך האב זיך נאר אזוי ארויסגעכאפט — האט שמעון געזאגט זעהענדיג. אז זיינע ווערטער האבען נאר פערשטארקט די טרויעריקייט פון לייבזאהנ'ען, וואס פון גרויס צער מאכט ער שולדיג זיך אליין און זיין דור און טראכט פון זייערע זינד און פון זיינע יוגענד-זינד — ווי ער

טהוט דאָס די לעצטע צייטען — איך בין גרייט אייך פאַרצולייענען פון דער יודישער געשיכטע. וואָס איך האַלט איצט אין האַנד.

— לייענן פאַר דיין אומגליקליכן פעטער, וואָס געהט אויס מיט זיין גאַנצען דור. מיט אַלע וואָס זענען ווי ער, לייען פאַר איהם איידער ער געהט אַוועק פון דער וועלט.

— איך וועל פאַר אייך לייענען פעטער — האָט שמעון אויסגערופען מיט אַ דערשלאָגען געמיטה — איך וועל אייך פאַרלייענען פון דער געשיכטע, וואָס איהר האָט שטענדיג ליעב צו הערען! איך וועל אייך פאַרלייענען פון אונזער פאָלקס גרויסקייט, גוטסקייט און רייכקייט אין אונזער געבענשט לאַנד, פון זיינע גבורים׳ס העלדישקייטען, פון זיינע הארען, כהנים און נביאים... איך וועל אייך פאַרלייענען פון די גרויסקייטען פון יודען פון זיינע חכמים׳ס חכמה פון זיינע פּאָעטען און משוררים, וואָס אין בבל און אין פרס, וואָס אין שפאַניען, איטאַליען און אין די לענדער...

— און וואָס איז דער סוף געווען פון די אַלע — האָט לייבזאָהן געזאָגט און אָבגעהאַלטען שמעון׳ען פון צו לייענען ווייטער — דער סוף איז דאָך געווען אַ ביטערער. ווען יודען האָבען געלעבט רוהיג אין די לענדער צווישען פרעמדע און קיינער האָט זיי נישט געשטעפּעט, איז דער יוד געוואַקסען און געגליקט און האָט דערגרייכט אַ סך אין ווי־סענשאַפט און פערשטאַנד, אָבער ווען אונזער פאָלק איז געוואָרען צע־טרעטען אין די פינסטערע ביטערע צייטען און די רעליגיעזע שנאה האָט זיי אויסגעוואָרצעלט פון דער לעבעדיגער וועלט — איז זיין פייכט־קייט אויסגעטריקענט געוואָרען, אַז דער שטאַם זיינער איז געוואָרען פערטריקענט זענען פערוויאַנעט געוואָרען זיינע פעהיגקייטען, אַזוי אַז מיט דער צייט איז געוואָרען פון זיי אַ סך גרויסע עמי הארצים און האָבען פערבראַכט זייערע טעג מיט נאַרישקייטען און זייער געלד אויס־געגעבען אויף פוסטע זאַכען. דאָס איז די אַרבייט פון די דאָזיגע מענ־שען און דאָס זענען די פרוכט פון זייערע זינד — איך, דיין אומגליק־ליכער פעטער!... איך דיין אומגליקליכער פעטער, וואָס איז קראַנק פון זיין זינדיגען דור. און ווערט געפייניגט פון די שרעקליכע זכרונות פון זיין ביטערער צייט... איך בין איצט אַנ׳אומגליקליכער און אַ שלימ־מזל... פערגעס זשע דעם דאָזיגען פעטער דיינעם, טהו עס דיר צוליעב פערגעס איהם און זיינע דרכים און נעהם זיך צו ערלערנען וויסענ־שאַפט צעזאַמען מיט די איבעריגע יודישע בחורים! וואָרום פאַר אייך,

די קינדער פון נייעם דור שייגט די ליכטיגקייט!

—וועה פעטער מיינער! וועה טייערער פעטער! — האָט שמעון, אויסגערופען פון רחמנות צו לייבזאָהנ׳ען.

— וועה מיין דור! וועה מיין אומגליקליכער דור!— האָט לייבזאָהן איבערגע׳חזר׳ט שמעונ׳ס ווערטער.

נאָכמיטאָג איז לייבזאָהן אַרומגעגאַנגען אין זיין צימער און זיך געלעגט אין בעט אַריין, און שמעון איז אַרויס אין גאָרטען, האָט זיך געזעצט אין שאָטען פון א גרינעם בוים, ווייל דער טאָג איז געווען הייס. און זיינע לעהר ביכער האָט ער געהאַט מיט זיך. וויפיעל מאָל ער שטאַרקט זיך אַריינצוקוקען אין דער געאָגראַפיע, וואָס ליעגט פאַר איחם אָפען, און זיינע געדאַנקען שוועבען ווי די פליהענדע פייגעל, צעהן מאָל רעדט ער אַרויס מיט די ליפען: „אין איירָאָפּע זענען צע-שפּרייט אַ סך יודען און ציגיינער"—און ער אַליין הערט נישט זיינע ווערטער. ער איז אפילו אַ ביסעלע שטיל געבליבען און זיך איינגעהערט אין די ווערטער „יודען און ציגיינער" נאָר באַלד פאַרפליהען זייע גע-דאַנקען און זיין מויל איילט ווידער צו לייענען פון בוך נישט וויסענ-דיג וואָס ער לייענט—שמעון קען היינט נישט לערנען. זיין האַרץ איז אין איהם צעוואַרעמט און זיינע געדאַנקען שטורמען און פליהען, לעגט ער אַוועק דאָס בוך און פערלאָזט דאָס לערנען. אין די געדאַנקען חזר׳ט ער איבער אַלע רייד פון פעטער וואָס ער האָט געהערט היינט אין דער פריה און טראַכט זיך אַריין אין יעדעס וואָרט און וואָס מעהר ער טראַכט זיך אַריין אין זיי אַלץ מעהר פערשטעהט ער זיי און בע-קומט גרויס רחמנות צום פעטער. אמת טאַקע—טראַכט ער—דער פעטער איז אַ פראָדוקט פון זיין איבערגעקעהרטען דור. ער איז קראַנק פון זיי-נע זינד און דערשלאָגען פון זיין פערבלאָנדזשען... און איך?... וואָס בין איך? וואָס זענען נאָך טויזענדער מענשען?... „איך האָב זיך געראַטע-וועט"—ענטפערט ער זיך אַליין, און די פאַנטאַזיע טראָגט איהם ווייטער און ווייטער. ברענגט איהם אַהיים, נאָכדעם ווי ער האָט שוין גע-ענדיגט זיין לערנען, צו דערפרעהען זיינע עלטערען פון זייער מרויער, און צו ווייזען זיי, אַז די בילדונג איז אַ רעכטפערטיגע זאַך נישטאָ אין איהר קיין פאַלשקייט און קיין קרומע זאַכען, ער קומט אַהיים זיי דאָס אַלץ צו בעווייזען און זיך געזעגענען מיט זיי איידער ער געהט אַוועק צו זיין אַרבייט. און וואָס איז דאָס פאַר אַנ׳אַרבייט?— פרעגט איהם דאָס האַרץ— און ער ענטפערט זיך: די גאַנצע וועלט ווערט דאָך

דעמאָלט פאַר איהם אָפּען זיין, ער וועט נוצליך זיין פאַר די יודישע קינדער אין דעם ברייטען לאַנד. ווייל די גוטע צייט איז שוין געקומען... און אַזוי ווי ער טראַכט אַזוי ווערט איהם דאָס פּנים פערענדערט, וואָרום ער דערמאָהנט זיך ווידער אָן די ווערטער „יודען און ציגיינער" און דאָס האַרץ ווערט אין איהם דערשלאָגען עפּענט ער דאָס בוך, צו זעהן ווען דאָס איז געדרוקט געוואָרען, נאָר זיין גרויס בעדויערען איז דער פּאָדערבלאַט נישטאָ. פּעהלט... לעגט ער ווידער אַוועק דעם בוך און פערזינקט אין זיינע געדאַנקען נאָר ער פערשטעהט נישט- פערהוילען זענען די צייטען!...

---

# כז.

## אפרים אַ געפאַלענער.

נאָך פיער יאָהר קעהרען מיר זיך צוריק אום צו כסלונעווקע וואָס פערנעהמט ווידער איהר אָרט אין דעם בוך. אין די פיער יאָהר איז דאָרט קיין נייעסען נישט פאָרגעקומען, און אַלץ שטעהט זיך דאָרט אויף זיין אָרט ווי פריהער. נאָר אין איין הויז האָט זיך אַלץ איבער-געקעהרט און ס'איז אַוועק פון דאָרט דאָס גרויסקייט און דער כבוד, וואָס האָט דאָרט אַמאָל געערוהט—דאָס איז אפרים'ס הויז וואָס איז פּלוצ-לונג פערוויסט געוואָרען און גאָר שטאַרק אַראָבגעפאַלען.

ווען די אָנגעזעהענע שעהנע בעלי-הבתים זענען געקומען צו אפרים'ען. ווען ער איז געווען שטאַרק צעטומעלט איבער אליעזר'ס בריעף, און האָבען איהם געזאָגט: דער „אלטער" קומט צו אונז אין שטאָדט אַריין, זאָל ער מיט זיינע גבאים איינשטעהן ביי דיר"—האָט זיך אפרים מיט דעם דערפרעהט און זיך געטראַכט: דאָס איז פאַר מיר אַ גוטער סימן, אַז ער וועט קומען צו מיר אין שטוב וועל איך איהם פרעגען און ער וועט מיר שוין זאָגען וואָס איך האָב צו טהון. און דער כזיבי'ר האָט איהם בערוהיגט און געהייסען פאָלגען אליעזר'ן זאָל ער זיך פערלאָזען אויף גאָט און זיך אָנלעהנען אויך אָן איהם און ער וועט מצליח זיין. האָט אפרים נישט געזוימט און געענטפערט אליעזר'ן

אַז ער איז גרייט צו נעהמען אויף זיך דעם דאָזיקען ענין, וואָס ער לעגט איהם פאָר אין זיין בריעף. האָט איהם אָנגעזאָגט ער זאָל גוט אַכ-טונג געבען אויף דעם גרויסען ענין, וואָס ווערט איהם אין האַנד אי-בערגעגעבען, און האָט איהם דערמאָהנט מיט גוטע רייד די פליכטען פון אַ פערוואַלטער און מיט אַ ווייך לשון האָט ער איהם אָנגעוויזען ווי אַזוי ער זאָל זיך פיהרען, האָט איהם אויך געחנפ'עט, אַז ער איז אַ הויפט-אָרענטליכער מענש און פערשטעהט אַ זאַך און אַז ער פערלאָזט זיך אויף זיין עהרליכקייט און פערשטאַנד איז ער רוהיג און זיכער — אליעזר האָט זיך דערפרעהט מיט אפרים'ס בריעף, וואָס ער האָט אַזוי אויסגעקוקט מיט אומגעדולד, און זיך גענומען צו דער אַרבייט גאָר גע-שמאַק, איז אַרומגעפאָהרען איבער שטעדט און דערפער צו קויפען תבואה און צו דינגען וועגענער און צו גרייטען אַלץ וואָס ער דאַרף. אליעזר האָט נישט געהאַט קיין בעסערע צייטען אין זיין לעבען ווי די דאָזיגע צייט, דעמאָלט איז ער געגאַנגען אין מסחר ביז'ן האַלז, און ווי ער האָט ליעב געהאַט איז ער אין דעם מסחר געשווימען גאָר בגייס. ביז אַהער האָט נאָך קיינער נישט געזעהן אַ מענש זאָל אַזוי שווימען אין ים פון מסחר ווי ער. קיין פערדיענסט האָט ער זיינע בעלי-בתים נישט געגעבען און שטענדיג האָט ער נאָר געפאָדערט געלד; שיק! און זיין בעל הבית לעדיגט זיך אויס זיין קעשענע, באָרגט זיך נאָך און שיקט. און אליעזר האָט געהאַלטען אין איין שרייבען און בעפעהלען: שיק געלד, שיק געלד! צו ביסלעך, געלאָסען, און עס וועט זיין אַ גרויס פערמעגען פערדיענסט!

און אַז ס'איז שוין פערבייגעגאַנגען אַ לאַנגע צייט מיט פוסטע האָפענונגען און אומזיסטען וואַרטען, האָט אפרים בעקומען אַ בריעף פון אליעזר'ן, אין וועלכען ער פערזיכערט איהם אַז נאָך אין אַ קורצער צייט אַרום וועט ער איהם רייך מאַכען מיט אַ גרויס פערמעגען, און אַז אַלע ווייץ-קויפער זענען איהם מקנא, וואָרום איהם איז געלינגען אָנצעקוי-פען אַ סך תבואה אין דער ריכטיגער צייט. און נאָך דער גוטער בשורה האָט ער איהם נאָך אָנגעזאָגט, אַז דאָ נישט לאַנג האָט איהם גאָט בע-שערט זעהר אַ גוט געשעפט פון וועלכען ער וועט באַלד האָבען זיין פער-דיענסט, דאָס איז: ער זאָל אין משך פון עטליכע חדשים צושטעלען ברויט פאַר די מאָבעלידירטע זעלנער וואָס געהן בעוואָפענט קיין טאַוו-ריע דורך כסלונעווקע. האָט גע'עצה'ט אפרים'ען ער זאָל דאָס האַלטען בסוד און אַרויסלאָזען זיך אין דער געגענד אַרום כסלונעווקע און פרי-

הער צוגרייטען ברויט אין די שטעדט און דערפער, דורך וועלכע די זעלנער וועלען דורכגעהן. און אזוי וועט ער טהון אין זיין געגענד און אזוי ארום וועלען זיי קענען צוגרייטען אַ סך תבואות און עסענוואַרג נישט צאָהלענדיג טייער.

זינט אפרים האָט זיך פערבונדען מיט דעם טאַווריע־עסק, איז ער געוואָרען ווי אַ נאַרישע טויב און האָט געטהון אַלץ וואָס אליעזר האָט איהם געהייסען און איהם איינגערעדט. אפרים האָט שוין מעהר נישט אין זינען געהאַט זיין קראַנקהייט און זיינע וועהטאָגען, און איז אָפט אַוועקגעפאָהרען פון דער היים און זיך געדרעהט דעם קאָפּ צו בעקו־מען געלד. וואָס ער האָט געדאַרפט. און ווי שטאַרק האָט זיך אפרים געפרעהט אויף דער ידיעה אין אליעזר׳ס בריף, אַז דער מסחר געהט גוט, און ס׳איז איהם שטאַרק געראָטען. האָט ער געטרייסט זיין ווייב שרה און זי דערפרעהט. נאָך אַ שטיקעל צייט און ער וועט ווערען דער גרעסטער עושר. און מיט אַזעלכע טרייסט-ווערטער האָט ער גע־נומען דאָס געלד וואָס ער האָט געהאַט און אַוועקגעפאָהרען צו בלאָנ־זשען איבער די תבואה-שייערען.

און אַזוי ווי אפרים איז אַזוי פערפאָרקעט, פערטערעראַמט און גרייט צו עסען, האָט זיך איבערן לאַנד צעטראָגען אַ געזאַנג:

„אויס מלחמה! מענשען הערט
ס׳זיצט שוין צוריק אין שייד די שווערד
גרויס די הילף, ס׳איז שטיל אין לאַנד
זינגט איהר מענשען פון רוסענלאַנד!"

ס׳האָבען זיך געפרעהט אלע מענשען און געשאַלט פון גאָט׳ס הילף, וואָס ער האָט אָבגעשטעלט די מלחמה, מען זאָל נישט אויפהיי־בען איינער קעגען אַנדערען די שווערד אויסצעהרג׳ענען און אויסצע־מאָרדען טויזענדער מענשען. נאָר אפרים׳ען האָט אַנ׳אומגליק געטראָפען, וואָרום אַלע מיליטער טיילען זענען אַוועקגעגאַנגען צוריק אויף זייערע ערטער און טאַווריע איז געוואָרען לעדיג ווי אַביידעל אין אַ גאָר־טען אום ווינטער, אפרים איז געבליבען דאָרט מיט זעהר אַ סך תבואה און האָט היזק געהאַט אַ גרויס פערמעגען. אויך די מאָבליזירטע זענען, לויט אַ בעפעהל פון דער מלוכה אויפגעהאַלטען געוואָרען און נישט געגאַנגען דורך די שטאָדט וואו אפרים האָט פאַר זיי אָנגע־גרייט עסען. זיי האָבען גערוהט אויף איין אָרט אַ לאַנגע צייט, און ער איז געצווינגען געווען זיי צו שפּייזען אַ סך חדשים, לויט׳ן קאָנטראַקט

וואָס ער האָט מיט זיי געשלאָסען, און אַזוי ווי אויף דעם אָרט זענען געווען אַ סך עסער, איז דאָרט יעדער עסענוואַרג טייער געוואָרען און אפדים איז שטאַרק בדלות געוואָרען!

דעמאָלט איז אויף אפרים׳ען געקומען אַ סך גרויסע צרות. איין אומגליק נאָכ׳ן אַנדערען. פון נאָהענט און פון ווייט — איינס נאָכ׳ן אַנדערען זענען זיי געקומען ווי מיט אַ סדר. אָנפאַנגס האָט ער געהאַט ביטערע יסורים פון זיינע נאָהענטע בעלי חובות וואָס האָבען איהם גלייך אַרומגערינגעלט, ווי נאָר דאָס אומגליק איז געשעהן. און נאָך דעם ווי ער איז מיט זיי פערטיג געוואָרען זענען אָנגעקומען די ווייטע בעלי חובות און איהם געסטראַשעט: אויב ער וועט נישט בעצאָהלען זיינע חובות וועלען זיי איהם איבערגעבען צום געריכט און וועלען פערנעהמען אַלץ וואָס ער פערמאָגט. — האָט אפרים געוויינט און זיך געבעטען ביי זאָלען איהם נישט אומברענגען. ווייל נישט ער איז דאָך שולדיג אין דעם וואָס ער האָט זיין פערמעגען פערלוירען ס׳איז דאָך אַ גזר פון גאָט. און האָט זיי פערזיכערט, אַז ווען גאָט וועט איהם העלפען, און די וואָס האָבען ביי איהם געבאָרגט אַמאָל, ווען ער איז געווען גאָר שטאַרק אין די פעדערען, וועלען איהם אָבצאָהלען די חובות, דעמאָלט וועט ער זיי דאָס געלד צעטהיילען — אָבער אומזיסט איז געווען זיין האָפנונג. און אויב פון דרויסען האָט מען איהם פערביטערט דאָס לעבען, איז איהם אין שטוב געווען ערגער ווי דער טויט. ער האָט שוין נישט מיט וואָס צו שפייזען זיין הויזגעזינד. און די זילבערנע און גאָלדענע חפצים זענען געוואָרען וועניגער פון צייט צו צייט. שרה האָט שוין לאַנג אויסגעטהון די גאָלדענע אויערינג און שוין נישט אָנגעטהון איהר ציהרונג, ביסלעכווייז האָבען זיי זיך אָבגעזאָגט פון גוטס און פערגעניגען, ביז לסוף האָט זיי שוין אַלץ געפעהלט. אויסגעגאַנגען איז אפרים׳ס האַרץ פון טרויער קוקענדיג אויף רחל׳ען, זיין איינציגע טאָכטער, וואָס איז שטאַרק פערשוואַרצט געוואָרען, שוין צייט, זי איז שוין אַ מיידעל אין די יאָהרען, און זי האָט נאָך נישט חתונה געהאַט. ביז אַהער, האָט דער חתן, פרצ׳ס זוהן, געליטען אַ סך קראַנקהייטען און נאָך נישט געווען אין די יאָהרען, און אַצינד, ווען ער איז שוין געזונד געוואָרען און איז שוין אַ בחור כהלכה — איז דער כלה׳ס טאַטע פעראָרעמט געוואָרען און ער פערמאָגט נישט צו געבען זיין טאָכטער דאָס, וואָס ער האָט צוגעזאָגט, דערווייל פערציהט זיך די זאַך און ווער ווייס

ביז וואַנען? אַלע צרות און אומגליקען האָבען אפרים'ען שטאַרק דער-ניעדעריגט, אַז ער איז געוואָרען שטאַרק דערשלאָגען און טרויעריג.

---

# כח.

## בערויבט האָט מען אפריב'ען

ווי דער שטייגער איז פון אַ גביר אַ יוד, האָט אפרים ליעב גע-קריגען צו דערצעהלען פון זיינע גרויסע בריה'שקייטען און זיין קענטשאַפט מיט די גרויסע געלד-זעק און מיט שררות און פריצים, און צענויפ-קלויבען אַלע בריעף און כתבים וואָס האָבען אַ שייכות געהאַט אַמאָל צו זיינע מסחרים און שטענדיג לייענען זיי. דער זכר פון זיין גרויס-קייט און רייכקייט אַמאָל — דאָס איז איצט זיין איינציגע טרייסט אין זיין אָרימקייט.

איינמאָל איז אפרים אַרויפגעגאַנגען אויפ'ן אויבערשטען גאָרען וואו דער „אַלטער" איז דאָרט איינגעשטאַנען ווען ער איז געווען אין כסלונעווקע, און ער האָט דערזעהן אַז עפּעס ווי אַ בריעף וואַלגערט זיך אין אַ ווינקעל צווישען פערשיעדענע כלים און שמאַטעס, האָט ער זיך איינגעבויגען און אויפגעהויבען. און דער בריעף איז געשריבען פון אליעזר'ן צום רבינ'ס משולח נחמן. האָט ער דעם בריעף געעפענט און געלייענט:

„שלום לאהובי, ידידי נאמני וכו' מהור"ר נחמן נ"י!

ראשית בין איך דיר מודיע, אַז דיין פערלאַנג וועט מיר געלונ-גען, מיר וועט זיכער געראָטען צו איינרעדען אַ סך פון אונזערע שטאָט בעלי-בתים, אַז זיי זאָלען אָנטהון אַ כבוד דעם „אַלטען" זאָל לעבען און פערבעטען צו זיך אויף עטליכע טעג, און אַז ער וועט דורכפאָה-רען דורך די שטעדט זיינע, זאָל ער צו זיי אויך אַראָבקומען. פרעה זיך, מיין טייערער נחמן, וואָרום דו וועסט רייך ווערען און וועסט מאַ-כען אַ סך געלד אין אָדעס, וואָס איז אַ גרויסע האַנדעלס שטאָדט, וואו קיין אדמורי"ם זענען נאָך נישט געוועזן. וועסט אַ סך בערייכערט ווע-רען דורך דער גרויסער שטאָדט וואָס איז אַ צענויפמיש פון אַ סך שטעדט.

אָהן פחד קענסטו דאָרט וואַרפען דיין ווענדקע צו פאַנגען מענשען און וועסט זיי אַריינכאַפּען אין דיין נעץ מיט זייער גאָלד און זילבער. זעה ליעבער נחמן, אַז איך האָב זיך נישט געפּוילט אין מיין אַרבייט, איך האָב אַלץ געטהון, איך האָב צוגערעדט, איינגערעדט, אָבגענאַרט. איך האָב נישט גערוהט ביז איך האָב נישט געמאַכט דאָס וואָס דו האָסט פערלאַנגט.—און איצט, מיין טייערער. נאָכדעם ווי איך האָב דיר דאָס אַלץ מודיע געווען, הער זשע זיך צו אויך צו מיין קול און מיינע ווערטער. וואָרום נאָר פאַר דיר איינעם וועל איך עפענען דאָס האַרץ מיינס, און נאָר אויף דיר פערלאָז איך מיך, אַז דו זאָלסט מיר צו הילף קומען אין מיין נויט. איך וועל פאַר דיר נישט לייקענען, אַז פון מיין גרויס חשק צום מסחר און צו קריכען אין די הימלען ביים האַנדעל-וואַנדעל, האָב איך זיך גענומען צו מאַכען גאָר נישט קיין זיכערע געשעפטען אַבי נאָר ס'איז געווען. אַ האָפענונג אַז זיי זאָלען ברענגען אַ סך פערדיענסט. און אויב מיר האָט זיך געמאַכט אַזאַ געשעפט, האָב איך אין דעם שטענדיג אַריינגעלעגט דאָס געלד פון מיין בעל הבית. און אַז מיר האָט עס אָבגעגליקט האָט מיין בעל הבית גאָר נישט היזק געהאַט און איך האָב פערדיענט. אַזוי האָב איך אַלע מאָל געטהון. און ביז אַהער האָט עס מיר אָבגעגליקט. איצט אָבער בין איך אַריינגעפאַלען און איך האָב אַ גרויסע צרה. איך האָב איינעם אַ פריץ אַוועקגעבאָרגט מיין גאַנץ געלד און אויך זעהר אַ סך פון בעל הבית'ס געלד. און געהאָפט גוט צו פערדיענען. און אַנ'אומגליק! דער פריץ האָט נישט נעגליקט און היזק געהאַט זיין געלד און האָט מיר נישט מיט וואָס צו בעצאָהלען.

נאָר איין זאַך איז איהם געבליבען: אָנצונעהמען אַ פּאָדריאַד פון ברויט פאַר די זעלנער פון טאַוורישע אין דער שווערער מלחמה צייט, און אפשר וועט ער פון דעם געהאָלפען ווערען אויב ער וועט קענען קריגען געגוג געלד וויפיעל מען דאַרף דערויף. דעריבער אויב אפרים וועט מסכים זיין איהם אויסצובאָרגען נאָך אַ סך געלד און מאַכען מיט איהם שותפות דאָס געשעפט, וואָס איך וועל עס פיהרען, דעמאָלט אפשר וועל איך קענען מציל זיין מיין געלד און מיט אַ סך פּראָצענט נאָך, און אויב נישט—איז מיין גאַנצע האָראָוואַניע ביז אַהער ארויסגעוואָרפען און מיין סוף איז זעהר אַ שלעכטער, און אַזוי ווי איך ווייס אַז אפרים וועט קיין זאַך נישט טהון ביז וואַנען ער וועט פריהער נישט פרעגען ביים אַלטען זאָל לעבען. און בפרט נאָך ביי אַזאַ ענין.

וואָס וועט איהם נישט געפעלען און וואָס קען איינשלינגען זיין גאַנץ פערמעגען—דעריבער בעט איך דיך טייערער נחמן, אַז דו זאָלסט מיר דאָס מאָל טהוען די טובה און מיר צו הילף קומען. רעד איבער מיט'ן אַלטען און גיב איהם צו פערשטעהן, אַז ווען אפרים וועט קומען צו איהם פרעגען, זאָל ער איהם עצה'ן, אַז ער זאָל מיך פּאָלגען און שלי-סען דאָס דאָזיגע געשעפט, און זאָל איהם מבטיח זיין אַז ער וועט מצליח זיין. האָב עס גוט אין זינען נחמן... טהו מיר די טובה און שטעה מיר ביי אין מיין נויט! רעד איהם איבער און איך וועל אייער שכר נישט פערלייקענען...

פאַר אפרים'ען האָט זיך ענטפּלעקט דאָס אָבנאַרעריי וואָס מען האָט איהם געגאַרט, ער איז צוטומעלט און אַ פערהוילענער כח ציהט איהם ער זאָל לייענען ווייטער, ווי אַ טיעפער תהום ציהט דעם מענ-שען וואָס שטעהט ביי זיין ברעג.

און ער לייענט ווייטער:

„נעכטען האָב איך אייך געשיקט פון מיין שטאָדט פיער פעסלעך ווײַן, אַ מתּנה פאַר'ן אַלטען זאָל לעבען, אָהן ספק, אַז ער וועט עס אין גיכען דערהאַלטען. דער ווײַן איז אַלט און זעהר גוט. און דיר, ידידי, האָב איך געשיקט אַ ביסעל פייגען, ראָזשענקעס און מאַנדלען; איך ווייס דאָך, אַז דו האָסט זעהר ליעב די דאָזיגע זאַכען.—און פאַר ידידיה'ן, דיין קרוב, וואָס האָט מיר געבראַכט פון דיר אַ בריעף האָב איך געטהון וואָס דו האָסט מיך געבעטען. נאָר גרויס מיה און אַרבייט האָב איך איהם געמאַכט פאַר אַ שמש אין אַ שוהל. דעם אמת וועל איך דיר זאָגען, ידידי, אַז דער מענש מיט זיינע נאַרישקייטען איז פאַר מיר ווי אַ שווערע משא. פונקט דעמאָלס, ווען איך בין שטאַרק פער-נומען און מיעד פון אַ סך אַרבייט, פערדרעהט ער מיר דעם קאָפּ מיט זיינע פוסטע זאַכען און דערצעהלט מיר וועגען זיין גרויסקייט און גרויס חכמה. היינט אין דער פריה, ווען איך שרייב דיר דעם דאָזי-גען בריעף איז ער געקומען צולויפען מלא שמחה מכח אַ נייעם רעיון וועגען פלגש בגבעה און האָט מיר פערדולט דעם קאָפּ מיט זיינע שטותים. מיט דער האָפנונג אויף דיין הילף און די הילף פון איהם זאָל לעבען, אַז איהר וועט איבערגעבען אפרים'ען צו מיר אין די הענד אַריין און מיך אַרויסשלעפּען פון מיין צרה, ענדיג איך מיינע ווערטער און גרוס דיך. ידידך אליעזר."

די לעצטע ווערטער פון בריעף האָבען אפרים'ען אין גאַנצען

צוטומעלט, האָט ער אַרויסגעלאָזען אַ מורא׳דיגען אָכץ, ווי איינער וואָס פאַלט אַריין אין אַ טיפען גרוב און האָט פערלוירען די געדאַנקען.

און פון דעמאָלס אָן איז אפרים ווי צומישט געוואָרען. פלעגט ויצען און לייענען איין בריעף, וואָס ער האָט שטענדיג געהאַלטען ביי זיך אין קעשענע און ער האָט ביטער געזיפצט. אָדער ער איז גלאַט געזעסען אויף איין אָרט, שטיל שווייגענדיג, מיט אויסגעשטעלטע אויגען נישט געבענדיג קיין פינטעל מיט זיי, און נאָר אַלע ווײלע האָט ער שטאַרק אויסגעשפיגען, האָט עפעס זיך גערגז׳נט און געברומט און עפעס נישט קיין קלאָרע ווערטער אַרויסגעבראַכט. און אַז שרה האָט איהם געשטערט און זיך אויסגעשריגען אויף איהם פאַר וואָס ער טהוט אַזוי, האָט ער זיך געזוכט צו דערווייטערען פון מענשען, און פערבאָרגען איז ער געזעסען איינער אַליין, האָט געשוויגען און געברומט און גע-שפיגען אַלע ווײלע וויפיעל איהם האָט זיך געגלוסט. פון טאָג צו טאָג זענען זיינע זיפצען שווערער געוואָרען און ער איז אַריינגעפאַלען אין גרויס מרה-שחורה, אַז ער האָט פערגעסען צו עסען. און איז נאָר געזע-סען פערוונקען אין זיינע געדאַנקען מיט אַ בייז פנים. זיין טרויעריג פנים האָט עדות געזאָגט, אַז אַ סך געדאַנקען שטויסען זיך אין איהם און זיין האַרץ קען נישט רוהען; צייטענווייז פלעגט ער וויינען פון שלאָף און פון צווישען נישט קלאָרע ווערטער האָט מען בפירוש געהערט די נעה-מען: אליעזר, דאַווידזאָהן, נחמן. נישט אַנדערש ווי נאָר ווענען זיי האָט ער געטראַכט בייטאָג און זיי האָבען זיך איהם גע׳חלומ׳ט ביינאַכט. די מרה-שחורה האָט איהם קראַנק געמאַכט, אויסגעזויגען דעם מאַרך פון די ביינער און איהם אויך אַלט געמאַכט, ער איז געוואָרען גרוי, דער-נאָך האָט זיין בויך-קראַנקהייט זיך געשטאַרקט און ער האָט זיך גע-לעגט אין בעט אַריין!

די שטוב איז געוואָרען ווי אַ שיף אָהן אַ רודער. די חדרים זע-נען גרויס און לעדיג, עס זעהט זיך נישט דאָרט קיין שום טייערע זאַך, פונקט ווי אַנ׳אָבגעפליקטער אויסגעדאַרטער בוים, נישטאָ דאָרט די גוטע שעהנע געשניצטע טישען און בענקלעך; נישטאָ די טערקישע טע-פיכער אויף דער פאָדלאָגע און די פאָרהאַנגען אויף די פענסטער; נישטאָ די קריסטאַלענע לאָמפען און די שעהנע שפיגלען. לעדיג און לעהר איז דאָס הויז פון אַלע שעהנע זאַכען און די ווענד וויינען. דער ווינד בלאָזט אין פענסטער, אין שטוב זשוזשעט די פליעג און פליהט זיך אַרום גאַנץ ברייטלעך. און דער שפין מאַכט מיט די לאַנגע פיס

און יועבט זיין שפינוועבס ביים באַלקען, וואָס איז געשמירט מיט אייל-פאַרב און בעפוצט מיט בלימעלעך.

אויפ׳ן בית-עולם איז דער טויטער נישט אַזוי מורא׳דיג און שרעק-ליך ווי צווישען לעבעדיגע וואָס געהן אַרום. און אויך דאָס אָרימקייט איז נישט אַזוי שרעקליך אין די אָרימע שטיבלעך, ווי אין די וואוינונ-גען פון די גבירים וואָס זעַנען זעהר פעראָרימט געוואָרען!...

אין ווינקעל צימער זיצט רחל פערוויסט און טרויעריג, איהרע ליפען וואָס זענען אַמאָל געווען אַזוי רויט זענען איצט ווייס ווי שנעע און איהרע אויגען זענען רויט פון טרעהרען. איצט אייגענטלעך ווייגט זי נישט נאָר זי זיצט פערוויסט און טרויעריג, איז פערזונקען אין איה-רע געדאַנקען און אַלע ווילע רייסען זיך אַרויס זיפצען פון איהר האַרצען. זי האָט איצט אַ סך וואָס צו טראַכטען, זי דערמאָהנט זיך אַלץ וואָס ס׳איז מיט איהר אַמאָל געווען, איהרע גליקליכע צייטען ווען איהר אויסדערוועהלטער איז מיט איהר געווען אין זיין גרויסע ליעבע צו איהר, זי געדענקט זיין ליעבע און זיינע שעהנע קלוגע ווערטער, וואָס זי האָט פון איהם געהערט ווען זיי האָבען ביידע אין געהיים גע-שמועסט, זי דערמאָהנט זיך זיינע ליידען און פיין, ווי מען האָט איהם פערביטערט און פיינד געהאַט, איהם אַראָבגעזעצט פון זיין שטעלע, זי געדענקט דעם ביטערען טאָג ווען מען האָט איהר פערקנסט מיט עפעס אַ פערגרעבט נאַריש יונגעל קעגען איהר ווילען און פערלאַנג— און אַז זי געדענקט דאָס, ווערט זי שטאַרק צעטומעלט. עס ווערט איהר שטאַרק ביטער אויף דער נשמה!

דער טאָג האָט געענדיגט צום פערגעהן און אַ גריל האָט זיך צע-גרילט פון אַ שפאַרע אין שטוב. נאָך דער גריל האָט אַ צווייטע גריל אַרויסגערוקט דאָס קעפעל פון שפאַלט און זיך צעקוויטשעט, אויך אַ זומער-פייגעלע האָט זיך בעוויזען און געפלויגען אַרויף און אַראָב פאָ-כענדיג מיט די שעהנע פליגעלעך. די פליגען האָבען זיך צום לעצטען מאָל אַרויסגעלאָזט צום טאַנץ אויף די פענסטער, האָבען געזשוושעט און געמאַכט מיט די קעפלעך. און פליהען אַרום איינציגווייז. פון דרויסען הערט זיך דאָס מעקען און מרוטשען פון די סטאַדעס וואָס געהן צו-ריק פון דער פאַשע: דאָס מעקען פון די ציגען און שעפסען וואָס לוי-פען אין געאיילעניש און האָפערדיג פאַר דער סטאַדע און הייבען אויף מיט די פיס אַ שטאַרקען שטויב; דאָס מרוטשען פון בהמות, וואָס געהן און מרוקען נאָך זייערע קעלבלעך, וואָס שטעהן אין די שטאַלען און

זיי טראָגען פולע אייטערס, דאָס רעווען פון בוהא, מיט די אויסגע-שטעלטע הערנער וואָס שדכנט זיך צו צוויי שעהנע קיה, פון דער בע-וואוסטער האָלענדישער פּאָראָדע, און פון צייט צו צייט גנב׳עט ער זיך אונטער צו כאַפּען אַ שפּיעל מיט אַ שעהנער יאָלעווקע, אַ בתולה נאָך. וואָס איז שוין אין דער צייט פון פערליעבען זיך, וואָס האָט שוין אָנ׳אייטער און די הערנערלער שפּראָצען איהר שוין. און די פּסלונעוו-קער פּיינע ביקלעך געהן איהר נאָך, שמעקען צו איהר און זוכען איהר ליעבשאַפט, און זי שטעכט זיי מיט איהרע גלייכע הערנערלעך פּער-רייסט דעם וויידעל און לויפט זיך גרינג, און באַלד לאָזען זיך נאָך איהר לויפען אַלע ליעבהאָבער איהרע און שפּרינגען צווישען די תמ׳ע-וואַטע בהמות, וואָס שפּאַנען זיך געלאַסען מעלה-גרה׳דיג און מאַכען זיך נישט וויסען.

אַ פינסטערער טרויער בעפאַלט רחל׳ען און דאָ קומט אַריין די דיענסט און דערלאַנגט איהר אַ בריעף. האָט זי זיך געאיילט און גע-פּענט דעם בריעף און אין איהם אַזוי געלייענט:

„טייערע חבר׳טע! היינט איז צו אונז געקומען אַ גאַסט, אונזער חבר און שמעונ׳ס חבר, ער וויל דיר זעהן און דיר עפּעס איבערגע-בען פון שמעונ׳ען. וועסט הערען די גרויסע זאַכען וואָס ער דערצעהלט זיך אָן וועגען שמעונ׳ען, און וועסט קוועלען הערענדיג. קום צוגעהן, קום מיין פריינדין, מיר וואַרטען אויף דיר. דיין פריינדין דינה.“

---

## כט.

# ביי יוכבד׳ן אין שטוב.

ביי יוכבוד׳ן אין שטוב איז ליכטיג ווי אין דער ערשטער נאַכט יום-טוב. דער טיש איז געגרייט און עס שטעהט אויף איהם אויסגעשטעלט אַלערליי מאכלים: געבעקס, געדעמפּטס, פרוכטען, מילך און פּוטער. יוכבד גיסט אָן טעה און דינה דערלאַנגט פאַר די צוויי מאַנספּערשוי-נען וואָס זיצען ביים טיש.

—עסט, ליבע!—זאָגט יוכבד־ פּערזיכט מיינע געבעקס און האָט האנה,

—איך ווייס עס שוין פון לאַנג, אַז איהר זענט אַ׳אשת-חיל. און אייער געבעקס—איז מעדני-מלך—האָט איינער געזאָגט—די גאַנצע צייט וואָס איך בין געוועזן אין מאָסקווע האָב איך געדענקט די פיש וואָס איך האָב ביי אייך אין כסלונעווקע געגעסען, עס זענען מיר געלעגען אין טעם אייערע מאכלים, די חלות, די קיכלעך, די לאַטקעס און די קנישעקלעך אָנגעפיהלט מיט קאַשע און מיט הינערען שמאַלץ.

—אַ דאַנק דאַווידזאָהנ׳ען וואָס עס געפעלט איהם אַזוי מיינע מאכלים—האָט יוכבד געענטפערט—איך אָבער מיין, אַז נישט צוליעב מיינע מאכלים איז די שמחה אַזוי גרויס מיט דעם וואָס איהר זענט צו אונז געקומען.

—מאַמע!—האָט זיך דינה ווי געבייזערט—זינט דאַווידזאָהן איז געקומען האָט איהם יונתן צו זיך אין צימער אַריינגענומען, דאָרט זיצען זיי און שמועסען און מיר ווייסען פון גאָרנישט צו זאָגען.

—זיי נישט בייז דינה און זיי נישט אָנגעבלאָזען אויף מיר—האָט יונתן געזאָגט מיט אַ פריינדליכען שמייכעל.—מיר האָבען נאָר פערבראַכט אין אַ חבר׳ישען שמועס, און וועגען איהם וועט ער אונז איצט דערצעהלען, ווי ער האָט צוגעזאָגט. זאָל מיין חבר זאָגען, צו איך זאָג ריכטיג,

אַזוי ווי זיי רעדען אַזוי און רחל איז אַריינגעקומען, האָט דערזעהן דאַווידזאָהנ׳ען און איז שטאַרק דערשראָקען געוואָרען, פון פלוצלונגער פרייד און גרויס וואונדער און נישט געקאָנט קיין וואָרט אַרויסרעדען. דאַווידזאָהן איז איהר אַקעגען געלאָפען האָט זי אָנגענומען ביי דער האַנד, און זי אַוועקגעזעצט ביים טיש.

—אַ גרוס פון שמעונ׳ען צו אייער פאָטער און צו אייך, זיין שוועסטער, און אַ גרוס אייך, מיין פריינדען, אויך פון מיר!—האָט דאַווידזאָהן געזאָגט צו רחל׳ען, ווען זי איז צו זיך געקומען.

—איך האָב נישט קיין ווערטער אייך אָבצודאַנקען פאַר אייער גוטען גרוס—האָט רחל געזאָגט און איהר פנים האָט געשיינט — וואָס מאַכט מיין ברודער? וואָס טהוט ער?

—איך קען אייך אָנזאָגען, מיין פריינדין, אַז איהר האָט אַ ברודער אַ געלעהרטען, וואָס האָט זעהר אַ סך אויפגעטהון. דאָס יאָהר איז ער אַריין אין לעצטען אַכטען קלאַס, און וועט ענדיגען זעהר גוט. אַלע בעקאַנטע זיינע האָבען איהם שטאַרק ליעב און זיינע עלטערען וועלען זיך מיט איהם פרעהען. ער בענקט שטאַרק אַהיים, און בעת די „קאַני־

קולעס", האָט ער צוזאַמען מיט מיר געוואָלט קומען אַהער, נאָר עפּעס אַ זאַך האָט איהם דאָרט אָבגעהאַלטען און נאָך אין אַפּאָר טאָג אַרום וועט ער קומען.

—איהר האָט מיר דערקוויקט—טייערער פריינד—האָט רחל געזאָגט און טרעהרען פון פרייד האָבען זיך בעוויזען אין איהרע אויגען. — די דאָזיגע בשורה וועט אויך מיינע עלטערען דערקוויקען.

—אַז איך וועל דאָ פערטיג ווערען מיט מיינע געשעפטען—וועל איך האָבען די עהרע צו בעזוכען אייער פאָטער.

—מיין פאָטער, וואָס האָט אייך שלעכטס געטהון?!

—גאָט האָט עס איבערגעקעהרט אויף אַ טובה פאַר מיר.

—איצט וועל איך פרעגען די קשיות—האָט יונתן געזאָגט מיט אַ שמייכעל און זיך אויפגעשטעלט—מיט וואָס איז פערענדערט די דאָזיגע נאַכט פון דער נאַכט פון פסח? איך אַליין פרעג און איך אַליין ענט-פער: אין דער נאַכט פון פסח זאָגט מען פריהער די הגדה און דערנאָך עסט מען, און די נאַכט—וועט די הגדה זיין צום לעצט. דערצעהל דאָ-ווידזאָהן, דערצעהל וואָס האָט מיט דיר פאַסירט פאַר דער צייט וואָס דו האָסט אונז פערלאָזט און מיט וואָס בעשעפטיגסטו זיך אַצינד?

—איך וועל אויך זאָגען ווי דו,—האָט דאַווידזאָהן געענטפערט—מיט וואָס איז פערענדערט די נאַכט פון דער נאַכט פון פסח? אין דער נאַכט פון פסח, דערצעהלט מען וואָס מעהר, וואָרום צומאָרגענס איז יום-טוב און מען רוהט פון אַרבעט, און די נאַכט—וואָס ווייניגער מען דערצעהלט איז בעסער, וואָרום מאָרגען איז אַנ׳אַרבייטס-טאָג און יעדער האָט צו טהון זיין אַרבייט, דעריבער וועל איך עס מאַכען קורץ

ווען איך בין אַוועק פון כסלונעווקע, איז מיר געווען זעהר בי-טער, נישט בלויז פון דעם וואָס מיין שטעלע אַלעס לעהרער איז פון מיר צוגענומען געוואָרען, נאָר אויך דערפאַר, וואָס איך האָב איצט שוין נישט געקענט העלפען אונזער יוגענד, וואָס דאָס איז געווען מיין איינ-ציגער פערלאַנג און מיין גאַנצער ציעל ווען איך בין געווען לעהרער. אַ לאַנגע צייט האָב איך נישט געוואוסט וואָס צו טהון, בין געווען דערשלאָגען און געווען אויפגעבראַכט אויף דער שלעכטקייט פון מענ־שען וואָס האָבען מיר אַראָבגעזעצט פון מיין שטעלע אומזיסט און אום-נישט, דערנאָך בין איך געקומען צום שכל און פערשטאַנען, אַז אומזיסט קלאָג איך זיך. וואָרום דאָס איז שוין אַנ׳אייביגער געזעץ, אַז מיט כח קען מען אַלץ אָבטהון. און דאָס געלד–איז דאָך אַ גרויסער כח, ווער

פּס האָט געלד, דער האָט די מאַכט. ווייניגסטענס איז דאָס אַזוי צווי-שען יודען. אַ יוד, אַ גביר, וואָס ער וויל קען ער אויספיהרען. איך זעה דאָס פון מיר אַליין. איך האָב געלערענט, האָב אַ סך געלערענט און פערשטאַנען, איז געקומען אַ יוד אַ גביר, ווען איך בין נישט געפע־לען, האָט אַ בלאָז געטהון אין מיר און איך בין ווי אַ ווערמעל אַוועק-געבלאָזען געוואָרען פון מיין אָרט! און די וואָס האָבען זיך אונטערגע-שריבען אויף דער מסירה, וואָס מען האָט אָנגעשריבען ווייל ער האָט געהייסען. זעננען געווען אַ סך וואָס האָבען מיר קיינמאָל נישט געקענט און איך אַזעלכע וואָס זעננען געווען פון מיינע מענשען. דאָס האָט מיר אויסגעלערענט צו פערשטעהן, אַז נאָר מיט כח קען גובר זיין אַזאַ מענש ווי איך, וואָס האָט אין זינען די טובה פון זיין פאָלק, וואָס וויל בילדונג און נוצען ברענגען. און דער כח איז ביי אונז נישׁ-טאָ, נישט ביים לעהרער און נישט ביים געלעהרטען אָרימאַן, נאָר ביים רייכען סוחר. איך האָב מיר אויך צוגעקוקט צום בעשטאַנד פון די יו-דען צווישען די פעלקער און איך האָב געזעהן, אַז אַלע אַרבייטען זעננען פון איהם ווייט, און נאָר צום מסחר איז זיין האָפענונג. און דעריבער האָב איך מיר געטראַכט: דער מסחר — דאָס איז דער וועג וועלכען איך דאַרף זיך אויסקלויבען!

האָב איך זיך בעהעפט צו אַ חברה סוחרים, וואָס זעננען געפאָהרען אין טאַווערישער גובערניע. וואו ס'איז פאָרגעקומען די מלחמה פון די רוסען מיט די דריי פעראייניגטע שטאַרקע מלוכות, גאָט האָט מיר געגעבען חן אין די אויגען פון קאָמאַנדיער וואָס האָט צו שאַפען אי-בער דער „אינטענדאַנטסטווע" און ער האָט מיך צוגענומען צו דער אַר-בייט. בין איך ביי איהם געווען אַ שרייבער און אַ סעקרעטאַר. איך האָב איהם געשריבען זיינע בריעף אויף פראַנצויזיש און ענגליש. און מיין אַרבייט אָבגעהיטען. ער האָט מיר אויך דערפאַר גוט בעצאָהלט זעהר גוט געצאָהלט. און ווען די מלחמה האָט אויפגעהערט, האָט ער מיר געשיקט קיין מאָסקווע, צו זיינעם אַ גוטען חבר, וואָס איז בע-וואוסט מיט זיין עשירות און מיט זיין גרויס געשעפט. האָט מיר מיט-געגעבען צו איהם אַ בריעף אין וועלכען ער האָט מיר שטאַרק געלויבט און געבעטען, אַז ער זאָל מיר אַריינעהמען אין געשעפט צוליעב זיין אייגענער טובה. דער סוחר האָט מיט פרייד מיר צוגענומען, גאָט האָט מיר געהאָלפען און וואָס איך האָב געטהון האָט ער דורך מיר מצליח געווען און איך בין איהם נאָר שטאַרק געפעלען. און דורך די דריי

יאָהר וואָס איך דיען ביי איהם, בין איך געוואָרען אַלץ גרעסער און גרעסער און מיין פענסיע איז אַלץ געוואַקסען און מיט גאָטס הילף האָב איך איצט אַ סך. איצט פאָהר איך אין שליחות פון מיין בעל-הבית צו עפענען פיליעס און פערברייטערען זיינע געשעפטען אויף דרום-רוסלאַנד, און זיך, בערעכענען מיט די סוחרים. מיט וועלכע ער האַנדעלט. און צוליעב דעם בין איך געקומען אַהער און איך פרעה זיך צ זעהן מיט אייך, טייערע פריינד!

ואַ פרייד געשריי האָט אויסגעבראָכען פון אַלע פריינד, האָבען זיי אָנגעגאָסען די גלעזלעך מיט וויין און געטרונקען פאַר'ן געזונד פון טייערען גאַסט!

—וויפיעל רעכענט איהר צו פערזוימען אין אונזער שטאָדט-—האָט רחל געפרעגט דאַווידזאָנ'ען מיט אַ דערשלאָגען געמיטה, איידער זי איז אַוועקגעגאַנגען. און אַראָבגעלאָזט די אויגען.

—דאָס געווענדט זיך אין—נישט אין מיר—האָט דאַווידזאָהן גע-זאָגט, האַלטענדיג רחל'ס האַנד און דאָס קול האָט איהם געציטערט פון האַרץ-קלאַפעניש און ליעבעס-געפיהלען—אויב איך וועל בעקומען דאָס וואָס איך גאַר... בעזעץ איך מיר דאָ און איך וועל זיך דאַ איינאָרדע-נען...

---

# ל.

## ביי אפרים'ען אין הויף.

אַ קראַנקער און אַ ליידענדער איז אפרים געלעגען אין צימער אויפ'ן קראַנקען בעט; דאָס פענסטער איז געווען פערהאָנגען מיט אַ גרין מלבוש און דאָס האָט געוואָרפען אַ גרינע ליכט אויפ'ן קראַנקענס בלייכען פנים און דאָס האָט זיין געזיכט נאָך מעהר פערענדערט. אין צימער הערשט אַ מורא'דיגע שטילקייט וואָס ווערט געשטערט דורכ'ן קלאַפען פון זייגער, וואָס ליעגט אויף אַ קליין טישעל, נעבען די גלעשלעך מיט רפואות און שוואַכע זיפצען, וואָס רייסען זיך אַלע ווייל אַרויס פון אפרים'ס האַרץ, ווי ער וואָלט געשלאָפען מיט אָפענע

אויגען: ווי אויך פון שטילען וויינען און זיפצען פון שרה'ן וואָס זיצט איינגעקאָרטשעט און טרויעריג נעבען איהר מאַנס בעט, כּדי אויף איהם אַכטונג צו געבען. איהרע אויגען זענען רויט פון וויינען און פון נישט שלאָפען דורך די נעכט, איהר פּנים איז פאַר דער צייט איינגעקנייטשט געוואָרען אַזוי, אַז אַלע וואָס זעהען זי שאָקלען אויף איהר מיט די קעפּ און בעוויערען זי: אָט דאָס איז שרה?! אָט דאָס איז די צאַרטע און גליקליכע וואָס מען האָט געזאָגט אויף איהר, אַז זי לעבט זיך גוט און שאַפט זיך אין איהר שטוב! שוין לאַנג, אַז זי האָט אויפגעהערט צו שאַפען איבער איהר הויז, אויפגעהערט—וואָרום זי האָט שוין נישט קיין משרתים מיט וועמען זיך צו שאַפען און זי איז פעראָרעמט! שוין נישטאָ קיין עופות אין שטייג און קיין שפּייז אין איהרע שפּייכלערס, איהרע בופעטען זענען שוין נישט אָנגעפּאַקט מיט כּל הגוטס. רחל בעט זיך ביי איהר: מאַמע, געה מאַמע, געה, לעג זיך צו שלאָפען נאָך די ביטערע נעכט פון זיצען וואַך,—און זי פאָלגט איהר נישט און פערלאָזט נישט איהר אָרט.

אפרים ברענט אין היץ, דרעהט זיך פון איין זייט אויף דער אַנדערער און עס ווערט איהם נישט גרינגער. ער זעהט ווילדע זאַכען און רעדט נישט פערשטענדליכע ווערטער, „אַנטלויפט, ווערט אַנטרונען און בעהאַלט זיך פאַר די פלעדער-מייז!—שרייט ער פון היץ.—זיין געשאַרפטע שווערד איז ביי מיר, איך האָב דעם קאָנטראַקט, אין איהם ווער איך פערקויפט להשמיד ולאבד, אַלע זענען מיר פערקויפט!... היט די שווערד, דעם דאָזיגען קאָנטראַקט! פערשליעסט פאַר מיר די טהיר, וואָרט אַ ווייַלע, שרה, וואַרט ביז דער גרויסער פלעדערמויז וועט אַוועק. די נשמה מיט'ן פלייש פרעסט ער אויף! מיין פלייש איז נאָך צווישען זיינע צייהן אין מיין נשמה אין זיין האַנד... נעהמט צו זיינע פאות, נעמט צו די האָהר פון מיינע אויגען, זיי שטעכען מיר ווי שפּיזען! אָט, אָט זענען די האָהר, וואָס איך האָב אויסגעפּליקט צו ברענגען זיי אַ קרבן פאַר די הייליגע חיות... נעהמט צו, נעהמט צו, נעהמט צו די האָהר פון מיינע אויגען! אָדער שטעכט מיר אויס די אויגען. איך זאָל נישט זעהן זיינע אויגען וואָס שוועבען דאָרט!... גיט איהם ברויט און וואַסער, וואָס זיין פּרנסה איז איהם צוגענומען געוואָרען. שוין לאַנג אַז ער האָט נישט געגעסען און נישט געטרונקען!... אוי, וואָס בלישטשען אַזוי צו מיר זיינע אויגען, דאָרט אין ווינקעל!... לייענט איבער וואָס דאָרט שטעהט געשריבען אויפ'ן ביישטידעל מיט פערשיעדענע

אותיות: „אַ נפש פאַר אַ נפש, הונגער פאַר הונגער!"—אַזעלכע רייד האָט אפרים גערעדט מיט אַ שווער געמיטה, ביז גאָט האָט זיך דערבאַרעמט אויף איהם, אויף זיין ווייב און טאָכטער וואָס זענען שטאַרק דערשראָקען געוואָרען פון זיינע רייד. איהם איז אַביסעל גרינגער געוואָרען און ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף.

—וואַסער!—האָט אפרים געבעטען.

שרה האָט איהם געגעבען צו טרינקען אַ ביסעל וואַסער און דערביי עפּעס שטיל געשעפּטשעט.

אפרים האָט זיך שטאַרק פערקרומט ווי ער וואָלט געטרונקען ביטערע וואַסער. דערנאָך האָט ער מיט זיין האַנד אָנגענומען רחל'ס האַנד און מיט זאָרג געקוקט דאָ אויף איהר און דאָ אויף זיין ווייב, וואָס איז געזעסען ביי זיין בעט.

„גאָט איז דער פאָטער פון יתומים און דער דין פון אלמנות"—האָט אפרים ביטער אַ זיפץ געטהון.

די טרערען האָבען אָנגעהויבען רינען פון רחל'ס אויגען און זי האָט זיך נישט געקענט איינהאַלטען פון צו צעוויינען זיך.

—שטאַרק זיך—האָט שרה געטרייסט איהר מאַן מיט אַ וויינענדיג קול—האָף צו גאָט, וואָס ער היילט די קראַנקע יודען, אַז ער וועט דיר אויך ברענגען אַ רפואה שלמה צו אַלע דיינע וועהטאָגען און מיר וועלען אין גיכען זוכה זיין צו פיהרען אונזער טאָכטער צו דער חופה.

אפרים האָט אַ שאָקעל געטהון מיט'ן קאָפּ און אָבגעזיפצט.

—דער „אַלטער"—האָט שרה ווייטער גערעדט—האָט דיר געשיקט אַ ברכה פון כזיב, און האָט געהייסען דיר געבען צו טרינקען דאָס וואַסער פון געקאָכטע הושענות און זיעבען מאָל דערביי זאָגען הין און צוריק דעם דאָזיגען שפּרוך „ינא ד' כאפור, אל הנאת כילא הער. הער כילא הנאת כאפור ד' ינא (פערקעהרט די פסוקים: אני ד' רופאך, לא תאנה אליך רעה) און דיך רופען מיט אַ נייעם נאָמען, דו הייסט שוין מעהר נישט אפרים נאָר ישעיה משה. אָהן ספק, אַז מיט אַזעלכע טייערע סגולות וועסטו אינגיכען געהיילט ווערען, נאָר פאָלג דיין ווייב ישעיה משה, און טרינק אַ סך דאָס וואַסער פון די געקאָכטע הושענות.

אפרים האָט אָבגעזיפצט און ווידער אַמאָל געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

—וואָס קרעכצסטו ישעיה משה?—האָט שרה געזאָגט מיט אַ זיפץ —געדענק, אַז ביזט אַ מאַן פון אַ ווייב און אַ טאַטע פון קינדער און שטאַרק זיך. קוק אויף דיין טאָכטער, שוין צייט זי חתונה צו מאַכען

און זי זיצט פערוויסט! שטאַרקע זשע זיך ישעיה משה. שטאַרק זיך, ווער געזונד און שטאַרק און מיר וועלען פיהרען אונזער טאָכטער, אונזער רחל׳ען צו דער חופה דעם ראש חודש תמוז נאָך, וואָרום פרץ יאָגט אונז אין זיינע בריעף און פרעגט: וואָס שווייגט איהר, וואָס?... היינט איז אויך אָנגעקומען פון איהם אַ גרויסער פערמאַכטער בריעף, דער קאָפּ איז מיר אָבער פערשלאָגען, האָב איך איהם אַוועקגעלעגט און איך ווייס נישט וואו ער איז, איך בין דאָך ווי דער׳הרג׳עט און דער קאָפּ מישט זיך מיר, געה טאָכטערשי—האָט זי געזאָגט צו רחל׳ען —געה, זוך אויס דעם בריעף און ברענג איהם אַהער.

רחל האָט פּאַמעליך אַרויסגעצויגען איהר האַנד פון טאַטענס האַנד און איז אַרויסגעגאַנגען מיט אַ ביטער האַרץ, צו זוכען דעם בריעף, וואָס איז איהר געווען דערוויעדער.

—אַ זיסער שלאָף איז בעפאַלען אפרים׳ען און ער איז איינגע-שלאָפען.

„ינא ד׳ כאפור וכו׳״—האָט שרה געשעפּטשעט מיט תמימות זיי-ענדיג זיכער אַז דערמיט ווערט איהם גרינגער.

—האָסט נאָך נישט געפונען, רחל. דעם בריעף?—האָט שרה גע-פרעגט אַרויסגעהענדיג פון צימער.

—כ׳האָב אויסגעזוכט די גאַנצע שטוב און איך האָב איהם נישט געפונען—האָט רחל געענטפערט.

—קום,—האָט שרה געזאָגט—לאָמיר זוכען אין שאַנק, אפשר האָב איך איהם דאָרט אַוועקגעלעגט איילענדיג זיך.

שרה מיט רחל׳ען האָבען בעטאַפּט אַלע קליידער אין שאַנק, און אַ בריעף איז אַרויסגעפאַלען. האָט שרה דערזעהן אַז דער בריעף איז פון אליעזר׳ן און זי איז דערשראָקען געוואָרען.

—אויסגעריסען זאָל ער ווערען, אָט דער אליעזר, וואָס האָט אונז אומגליקליך געמאַכט!—האָט זי געשאָלטען מיט צאָרן און מיט׳ן גאַנצען כח אַוועקגעשליידערט דעם בריעף, און צוריקגעגאַנגען צו איהר מאַן אין צימער אַריין.

אפרים איז נאָך געשלאָפען מיט׳ן פנים צו דער וואנד. און פּלוצ לונג האָט זיך דערהערט עפּעס אַ געשריי אין שטוב, אַ קושען זיך און אַ געשריי: אוי ברודער, אוי שוועסטער! שרה איז צערודערט געוואָרען, האָט געעפענט די טהיר און רערזעהן! שמעון איהר זוהן שטעהט פאַר איהר, האָט זי צו איהם אויסגעשטרעקט די האַנד, האָט אַ געשריי

געטהון און געפאַלען חלשות.

אַ בהלה און אַ טומעל! שרה חלש׳ט, שמעון און רחל זענען שטאַרק צערוישט. אין דער טהיר שטעהט אפרים. ער זעהט אויס שלעכט, זיי-נע אויגען זענען געזונקען טיעף אין זייערע לעכער און ער איז דאַר, אינגאַנצען ווי אַ שטעקען, פון מורא׳דיגען געשריי און גערויש וואָס ער האָט פלוצלונג דערהערט, איז ער אַ דערשראָקענער אַראָב פון בעט און איז גיך פון זיין צימער אַרויסגעקומען.

—אוי טאַטע!—האָט שמעון אויסגעשריגען אַ צערודערטער.

אפרים האָט געקוקט אויף שמעון׳ען מיט ברענענדיגע אויגען, האָט אַ ציטער געטהון און אָבגעקעהרט דאָס פנים, און באַלד האָט ער ווי-דער אויף איהם אַ קוק געטהון און אין זייערע אויגען האָט אַ בלישטשע געטהון אַ הייסע טרעהר ווי בליי וואָס צעגיעסט זיך אין פייער.

אויב נישט זיין דאַר פנים, האָבען אָבער זיינע אויגען עדות גע-געזאָגט, אַז געפיהלען פון פערדראָס און ליעבע, כעס און רחמנות שטויסען זיך אין איהם, דערזעהענדיג זיין זוהן.

—טאַטע, טאַטע מיינער.—האָט שמעון אויסגעשריגען פון טיעפען האַרצען און זיך געלאָזט צו איהם.

—אויב איך בין אַ טאַטע, וואו זשע איז מיין כבוד?—האָט אפרים בייז געזאָגט און זיך אָבגערוקט.

שרה האָט געעפענט איהרע אויגען און געקוקט מיט וואונדער איין רגע אויף שמעון׳ען און איין רגע אויף אפרים׳ען, זי איז ווי צע-שטאַרט געוואָרען פון דעם וואָס זי האָט געזעהן.

—דאָס איז ער, דאָס איז ער!—האָט אפרים אַרויסגעשריגען מיט אַ ביטער קול וואָס תאָט צעריסען דאָס האַרץ, ווייזענדיג מיט׳ן פינגער פון וויטענס אויפ׳ן בריעף וואָס שרה האָט אַוועקגעוואָרפען, און ער האָט זיך געוואַלגערט אונטערען טיש איןווינקעל שטוב—נעהמט איהם, נעהמט דעם דאָזיגען קאָנטראַקט, הייבט איהם אויף און היט איהם! אין איהם בין איך פערקויפט געוואָרען, אַלע זענען מיר פערקויפט גע-וואָרען!... גיכער, שטעהט נישט!

שמעון איז צוגעגאַנגען און אויפגעהויבען דעם בריעף.

—קום צוריק, קום צוריק!... פערלאָז מיך נישט, זוהן מיינער... פערלאָז מיך נישט אויף דער עלטער!—בעט זיך אפרים, און שטאַרקט ויך צולויפען נאָך שמעון׳ען, און ווי נאָר ער האָט זיך געריהרט פון אָרט, האָט ער זיך אויסגעגליטשט און געפאַלען.

איינגיכצען האָט מען אפרים׳ען אוועקגעלעגט אויף זיין בעט, איהם איינגעגעבען די רפואות און ער איז איינגעשלאָפען געוואָרען.

# לא.

## שלום צווישען עלטערען און קינדער.

אַז שמעון האָט בייגאַכט אויף זיין געלעגער איבערגעלייענט דעם בריעף, וואָס ער האָט היינט אויפגעהויבען פון אונטערען טיש, און האָט געזעהן וואָס אליעזר און נחמן האָבען אָבגעטהון זיין פאָטער—איז ער שטאַרק אויפגערעגט געוואָרען און נישט געקענט קיין אויג צו מאַכען און אַז די מוטער איז צו איהם אין צימער אַריינגעגאַנגען אין דערפריה, צו זעהן וואָס ער מאַכט, האָט ער איהר אָנגעוויזען אויף דעם בריעף, וואָס ער האָט געהאַלטען אין האַנד און געזאָגט:

—איצט פערשטעה איך וואָס דער טאַטע האָט גערעדט. איצט איז מיר אַלץ קלאָר, דער בריעף איז טאַקע אַ קאָנטראַקט. אין וועלכען מיין אומגליקליכער פאָטער איז פערקויפט געוואָרען.

—מיין ביטער הארץ, מיינע אַלע צרות זאָל אויסגעהן צו אליעזר׳ס קאָפּ—האָט שרה געשאָלטען—זאָל אַ רוח אין זיין טאַטענס טאַטען אַריין! ער האָט מיך פערקויפט און צוגענומען אונזער געלד.

—נישט ער אַליין — האָט שמעון געזאָגט —ביידע האָבען איהם פערקויפט.

—איך ווייס נאָר איהם, ער איז איינער וואָס האָט אונז בעראַבעוועט. אַלע וועהטאָגען און אַלע מכות פון מצרים זאָל אויף איהם קומען!

—אויב אליעזר׳ן קומט צעהן מכות, זאָל קומען אויף נחמנ׳ען צוויי הונדערט און פופציג מכות. ווייל ער האָט אונז מעהר שלעכטס געטהון.

—קינד מיינס, וואָס רעדסטו?!—האָט שרה אויסגערופען און געקוקט אויף שמעונ׳ען מיט גרויס וואונדער און דאָס קול האָט געציטערט פון שרעק און פחד—קינד מיינס רעד נישט אַזעלכע ווערטער.

—נישט איך, מאַמע, נאָר דער בריעף בעשולדיגט איהם, דער בריעף זאָגט עדות אין נחמנ׳ען און דעקט אויף זיינע זינד—האָט שמעון געזאָגט און פאַר דער מוטער איבערגעלייענט דעם בריעף.

—וועה, וועה איז מיר! — האָט שרה געשריגען און פערבראָכען מיט די הענד—שוין נישטאָ קיין אמת און קיין געטריי-גלויבען... די וועלט איז פערדאָרבען!

—דעם מענשענס נאַרישקייטען פערדרעהען איהם דעם קאָפּ צו גלייבען אין פוסטע זאַכען און זיך פערלאָזען אויף ליגענט—און אַז ער ווערט געשטרויכעלט, לאָזט ער אויס זיין האַרץ צו דער גאַנצער וועלט און זאָגט אַז זי איז פערדאָרבען און ס׳איז גאָר קיין אמת נישטאָ. אָבער זיי וויסען, מאַמע, אַז ס׳איז פערהאַן אמת אויף דער וועלט, און די וואָס זענען געשטרויכעלט געוואָרען און קלאָגען זיך, זאָלען זיי זאָגען, צי האָבען זיי דעם אמת געזוכט? און איצט מאַמע, אָט וואָס איך בעט דיך, נאָכדעם ווי דיינע אויגען האָבען זיך געעפענט צו זעהן, אַז דו האָסט פערבלאָנזשעט צו גלייבען אין די פאַלשע מענשען ווי אליעזר און נחמן, זאָלסטו איצט פערשטעהן, אַז דו האָסט געבלאָנזשעט אויך מיט דעם וואָס דו האָסט נישט געקענט פערליידען אַזעלכע עהרליכע מענשען ווי דאַווידזאָהן. איך האָף, אַז איך וועל דיר דערצעהלען זיין גרויסקייט און זיינע גוטע מעשים און וואָס ער רעכענט צו טהון וועסטו וויסען, אַז ער איז אַ פיינער מענש און דו וועסט איהם שעצען און עהרען.

—איך האָב טאַקע אַ סך געהערט וועגען איהם די צייטען, און אויב רחל האָט וועגען איהם דערצעהלט פאַר׳ן פאָטער, פונד׳עסטוועגען וויל איך אויך הערען פון דיר.

שמעון האָט לאַנג און שטאַרק געלויבט דאַווידזאָהנ׳ען ווי זיין ווערט, און דערצעהלט זיינע גוטע מעשים פאַר דער מוטער, ער האָט איהר דערצעהלט, אַז דאַווידזאָהן האָט ליעב רחל׳ען און אַז צוליעב איהר האָט ער בדעה צו גרינדען דאָ אַ גרויס געשעפט אויפ׳ן נאָמען פון דאַווידזאָהן און כרמולי און זיין זוהן— דאָס איז שמעון— וואָס זאָל זיין אַ שותף צו איהם, כדי אויפצושטעלען צוריק זייער נאָמען וואָס איז געפאַלען. שרה האָט עס געהערט און זיך געפרעהט אין האַרצען. און איז צוריק אַריין צו אפרים׳ען אין צימער.

נאָך אַ ווײַלע און דאַווידזאָהן איז געקומען, האָט מען אפרים׳ען געזאָגט, אַז דאַווידזאָהן וויל איהם זעהן. האָט ער איהם געהייסען

אריינקומען, האָט שמעון געאײַלט אַריינצופיהרען דאַווידזאָהנ׳ען צום פאַטער.

אפרים איז געלעגען אויף דער זייט אָנגעלעהנט אויף קישענס, נעבען איהם אויף אַ שטוהל איז געזעסען רחל מיט רויטע אויגען פון טרעהרען און אויף איהרע לויטערע באַקען האָט זיך געצויגען אַ טונקעל סטעטשקעלע פון טרעהרען. נישט ווייט פון איהר איז געזעסען שרה אָנגעלעהנט מיט דער האַנד אָן אַ קליין טישעל און געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ. די פנימ׳ער האָבען עדות געזאָגט, אַז זיי האָבען דאָ אַ סך גערעדט צווישען זיך. און אַ סך טראַכטען זיי נאָך.

דאַווידזאָהן האָט זיך פערנייגט אַריינקומענדיג אין צימער און געפרעגט אפרים׳ען וואָס ער מאַכט.

—גאָט צו דאַנקען—האָט אפרים שטיל געענטפערט—איך בין געשלאָפען און ס׳איז מיר אַביסעל גרינגער געוואָרען אָבער...

—גאָט וועט אייך העלפען—האָט דאַווידזאָהן איהם געטרייסט — נאָר שטאַרקט זיך.

אפרים האָט אַ זיפץ געטהון און געגעבען אַ מאַך מיט דער האַנד מיט יאוש.

—זעצט זיך דאָ נעבען בעט אַנטקעגען מיר-האָט אפרים געזאָגט צו דאַווידזאָהנען אויסציהענדיג די האַנד צו איהם צו בעגריסען זיך.

שמעון האָט דערלאַנגט דאַווידזאָהנ׳ען אַ שטוהל.

—איצט ווייס איך אייער גוטסקייט—האָט אפרים גערעדט צו דאַווידזאָהנ׳ען, וואָס איז געזעסען. געשוויגען און געוואַרט-איך האָב זיך בענאַרישט און שטאַרק געגרייזט!... כ׳בעט אייך, זייט מיר מוחל, וואָרום איך האָב אייך שלעכטס געטהון!...

—גאָט האָט עס איבערגעקעהרט צום גוטען—האָט דאַווידזאָהן געענטפערט שטאַרק גערירט פון אפרים׳ס רייד—זאָרגט נישט און זאָל אייך נישט פערדריסען, פאַר מיין טובה וועגען האָט מיר גאָט געשיקט פון כסלונעווקע.

—איך ווייס איצט אַלץ וואָס איהר טראַכט צו טהון, גוטער מענש—האָט אפרים גערעדט מיט געפיהל—איך ווייס אייער האַרץ און גוטען ווילען, אַלץ ווייס איך איצט... נאָר ס׳טהוט מיר זעהר לייד, וואָרום איך קען נישט טהון וואָס אייער האַרץ טראַכט.

דאַווידזאָהנ׳ס פנים איז טרויעריג געוואָרען פון אפרים׳ס רייד, זיין האַרץ האָט שטאַרק אָנגעהויבען צו שלאָגען. וואָרום יעדער האָפנונג

איז פאַר איהם פערלוירען געגאַנגען. צעטומעלט האָט ער געקוקט אויף שמעונ׳ען, וועלכער האָט אויך געקוקט צו דער מוטער און עפּעס גע-בעטען זיך ביי איהר מיט די אויגען, אַז זי זאָל זיך אָננעהמען פאַר דאווידזאָהנ׳ען, וועלכען ער האָט אָט דאָ נישט לאַנג אַזוי אויסגעלויבט פאַר איהר און איהר אַלץ דערצעהלט וואָס ער האָט געטהון און וואָס ער רעכענט צו טהון... אָבער זי האָט געשוויגען און אַלץ געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ ווי פריהער, נאָר די אויגען האָבען שטאַרק געטרעהרט און די געפיהלען האָבען זיך געשטורעמט אין איהר האַרצען.

רחל האָט אויסגעשטרעקט די האַנד צו פעררי׳כטען דעם פּאָטערס געלעגער און געקוקט אויף איהם מיט פערטרעהרטע אויגען, וואָס האָ-בען דערוועקט רחמנות און געמאַכט צוגעהן יעדעס האַרץ.

—כ׳וועל מיט אייך נישט רעדען קיין פערשטעלטע רייד — האָט אפרים ווייטער גערעדט קוקענדיג אויף דאווידזאָהנ׳ען,—דאָ נישט לאַנג האָבען מיר פון אייך גערעדט און איך וויים, וואָס איהר ווילט טהון פאַר׳ן כבוד פון מיין הויז, וואָס איז פערשוואַכט געוואָרען דורך מיינע אייגענע מענשען, וואָס האָבען געגעסען מיין ברויט, איך וויים אויך, אַז איהר ווילט זיך מיט מיר משדך זיין. מיינע אויגען זענען שוין אַצינד געעפענט געוואָרען צו פערשטעהן דעם ווערטה פון אַזאַ מענש ווי איהר זענט, אויף מיין קראַנקען בעט, ביי די לעצטע טעג פון מיין לעבען, האָב איך אָנגעהויבען קומען צום שכל און פערשטעהן ווי איך האָב נעגרייזט אין מיין לעבען. אין דערמיט געבראַכט אויף מיר און אויף מיין הויזגעזינד גרויסע צרות; פאַר מיר איז טאַקע אַ כבוד און אויך נוצליך זיך מיט אייך משדך צו זיין — נאָר מיין גרעסטען בעדויערען קען איך איצט אַזאַ זאַך נישט טהון, וויל מיין טאָכטער איז אַ כלה פאַר פרצ׳ס זוהן מיט וועמען איך האָב תנאים געשריבען און ווי אַזוי קען איך איצט מאַכען אַנדערש און מיינע ווערטער משנה זיין?! זייט אַליין אַ דין און אַ שופט און זאָגט: צי קען איך איצט טהון אַזאַ זאַך, צו צושטערען די תנאים מיט פרצ׳ען און טהון אַזאַ זאַך, וואָס מען טהוט נישט?! צו זאָל איך שטאַרבען נישט ווי קיין עהרליכער מענש?..

—אויב איהר זאָלט מיר מאַכען פאַר אַ שופט—זייט זשע מוחל און איך וועל אייך פרעגען: צי האָט אייער טאָכטער נישט קיין האַרץ און קיין אויסרעכענונג און קיין געפיהלען, וואָס איהר גיט זי אַוועק צו אַ מענש, און איהר רעדט אָב און מאַכט אָב פאַר איהרעט וועגען, נישט פרעגענדיג זיי?... צי קענט איהר האַנדלען מיט אייער טאָכטער ווי מיט

אַ שטיקעל סחורה, און קענט זי אַוועקגעבען צו וועמען אייך געפעלט?.. אפשר וועט זי נישט וועלען געהן צו דעם דאָזיגען מענשען, וואָס איהר האָט פאַר איהר אויסגעקליבען, וועט איהר זיין ריין פון דאָזיגען אָב-מאַך און איהר וועט גאָרנישט שולדיג זיין.

די דאָזיגע דאַווידזאָהנ׳ס ווערטער האָבען אפרים׳ען ווי צעמישט און אַז ער האָט זיך אַ ווילע בעטראַכט האָט ער געזאָגט:

—אויב אַזוי זשע... איילט זשע מיר נישט... נאָך ווייניג איז מיר געבליבען צו לעבען אויף דער וועלט... לאָזט זשע מיך איצט אָב און דערנאָך וועט זיך רחל טהוען ווי איהר וועט געפעלען...

אפרים׳ס רייד זענען פאַר רחל׳ען געווען ווי קלעפּ! האָט זי אַרומ-גענומען איהר קראַנקען טאַטען און זיך צעוויינט אויף זיין האַלז —

—בעל הבית׳טע, בעל הבית׳טע!—האָט מיט אַ געשריי גערופען די דיענסט, וואָס האָט פּלוצלונג געעפענט די טהיר און אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ אין צימער אַריין.

—וואָס איז געשעהן? — האָט שרה זיך אויסגעשריגען אויף דער דיענסט—די גאַנצע שטאָדט וועט זיך דאָך באַלד צענויפלויפען אויף דיינע געשרייען.

—ס׳איז זיכער—האָט די דיענסט געזאָגט דערלאַנגענדיג שרה׳ן אַ בריעף—ס׳איז זיכער, אַז דאָס איז דער בריעף, וואָס איהר האָט היינט געזוכט צווישען די דאַרע הושענות וואָס ליגען ביי דער פּליטע, האָב איך איהם געפונען, אַזוי זאָל איך גוטס האָבען! דאָרט האָט איהר פער-געסען דעם בריעף ווען איהר האָט געקאָכט די הושענות-בלעטלעך פאַר אַ רפואה און איך האָב איהם געפונען. אַזוי זאָל איך געפונען וואָס מיין האַרץ גלוסט.

—זי האָט שוין געעפענט דאָס מויל!—האָט זיך שרה אויסגעשרי-גען אויף דער דיענסט וועמענס רייד זי האָט נישט געקענט פערטראָ-גען—געה דיר צו דיין אַרבייט, גענוג גערעדט און געבאַטשקעט.

פון אַלע דיענסטען וואָס שרה האָט געהאַט אַמאָל אין די גוטע צייטען, איז ביי איהר אין שטוב געבליבען נאָר די איינע דיענסט, וועלכע דער לעוזער האָט דאָרט געזעהן נאָך מיט פיער יאָהר צוריק מיט דעם רויטען האָן אין דער האַנד.

—דאָס איז פּרצ׳ס בריעף—האָט שרה געזאָגט צו איהר מאַן, דער-לאַנגענדיג איהם דעם בריעף.

אַ שטילקייט האָט געהערשט אין צימער, אינעווייניג האָבען זיך

שוין אויסגעלעגט די אָווענד-שאָטענס, קיינער רעדט נישט קיין וואָרט, נאָר די הערצער שלאָגען און ברענגען אויף אַ סך געפיהלען ווי כוואַליעס אויפ׳ן ים... מיט ציטערדיגע הענד האָט שרה אָנגעצונדען אַ ליכט און אַוועקגעשטעלט נעבען אפרים׳ען.

אַלעמענס אויגען האָבען געקוקט אויף אפרים׳ען, ווען ער האָט געעפענט דעם בריעף צו לעזען. געקוקט אויף איהם און זייערע געפיהלען האָבען געברומט ווי שטאַרקע כוואַליעס...

—בּנ״ל הבית׳טע, בעל הבית׳טע!—האָט זיך ווידער דערהערט דאָס קול פון דער דיענסט, וואָס האָט אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ אין צימער און מיט דער האַנד זיך געהאַלטען פאַר דער נאָז:

—וואָס איז דאָס היינט פאַר אַ געשרייען!—האָט שרה זיך צעשריגען אויף דער דיענסט—וואָס שרייסטו! פערמאַך די טהיר און געה דיר!

—הנה די טיקערין איז געקומען—האָט די דיענסט געשריגען מיט שמחה, חי וי וואָלט דאָס אַ גוטער בשורה אָנגעזאָגט—זי איז דאָ אין קיך מיט׳ן טאָטער וואָס קען אָבשפּרעכען, אַזוי זאָל איך גוטס האָבען!... דער טאָטער הייסט אַרויסגיסען די געקאָכטע הושענות, ער האָט געבראַכט אַנדערע בלעטלעך אויף אַ רפואה... חנה זאָגט אַז דעם טאָטערס רפואה...

—שווייג!—האָט זיך שרה אויסגעשריגען אויף דער דיענסט, איידער זי האָט געענדיגט איהרע רייד וואָס זי האָט נישט געקאָנט הערען איצט—זי האָט צעעפענט אַ פּיסק אָהן אַ גרענעץ... געה דיר. געה און זאָלסט זיך נישט אַנטוועגען צו קומען נאָך אַמאָל—האָט זי אויף איהר געשריִגען איז צוגעגאַנגען און פערשלאָסען די טהיר.

אפרים האָט זיך אַביסעל איבערגעלייגט און אַרויסגעצויגען אַ גרויסען בויגען וואָס איז געווען צוגעלעגט צום בריעף און האָט געגאַפּט. דערנאָך האָט ער פאַר זיך אַוועקגעלעגט דעם בריעף מיט דעם בויגען און פאַמעליך געזאָגט:

—נאָר גאָט האָט דאָס געטהון!...

דאַווידזאָהנ׳ס און רחל׳ס הערצער האָבען שטאַרק אַ ציטער געטהון פון די דאָזיגע אפרים׳ס ווערטער.

—דאָס זענען די תנאים וואָס פרץ האָט צוריקגעשיקט—האָט אפרים געזאָגט ווייזענדיג מיט׳ן פינגער אויף דעם בויגען.

אפרים האָט דאָס אַרויסגעזאָגט און די פּנים׳ער פון דאַווידזאָהנען און רחל׳ען זענען געוואָרען בלייך אוין רויט און ווידער בלייך און ווידער רויט, זיי זענען געווען ווי זיי וואָלטען גע׳חלומ׳ט, און באַלד

איז דאַווידזאָהן אויפגעשטאַנען פון דער שטוהל, האָט געגעהנט צום בעט און מיט געבעט אויסגעצויגען די האַנד צו אפרים׳ען.

—טאָכטער מיינע—האָט אפרים געזאָגט—איצט וועל איך דיר שוין פרעגען... איצט אָנערקען איך פאַר דיר דיין רעכט און איך פרעג ביי דיר!...

רחל איז אויך אויפגעשטאַנען, זיך אַוועקגעשטעלט נעבען פאָטער און האָט זיך פערשטעלט דאָס פנים נישט רעדענדיג קיין וואָרט!

—שרה—האָט אפרים געזאָגט — קום אַהער און לאָמיר בענטשען אונזערע קינדער, ווער ווייסט אויב גאָט וועט מיך לאָזען לעבען איך זאָל זיי בענטשען מיט דיר צוזאַמען אונטער זייער חופה.

דאַווידזאָהן מיט רחל׳ען האָבען זיך געגעבען די הענד און איינ-געבויגען זייערע קעפּ, אפרים מיט שרה׳ן האָבען אָנגעלעהנט זייערע הענד אויף זייערע קעפּ... און באַלד האָט זיך דערהערט אין צימער די ברכה פון עלטערען און אַ געוויין.

עלטערען און קינדער האָבען צוזאַמען געוויינט: . . . ,

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אין זיבען טעג אַרום האָט זיך אפרים׳ס קראַנקהייט געשטאַרקט און ער איז געשטאָרבען.

---

# לב.

## צוריקגעקעהרט אויף זיין אָרט.

אַוועק איז דער זומער און דער שופר האָט אָנגעהויבען בלאָזען אין אַלע יודישע שטעדטלעך.

און ווי נאָר עס גיט אַ בלאָז דער שופר אין חודש אלול, הייבען יודען אָן צו דאַווענען און בעטען; די טויערען פון בית עולם ווערען געעפענט און יעדער מענש געהט מיט גרויס געפיהל אויף קבר אבות און צו בעטען ביי גאָט, וואָס קומט משפט׳ן די גאַנצע וועלט, ער זאָל מוחל זיין די לעבעדיגע און די טויטע.

אויך אין הסירעווקע, אַ קליין שטעדטעל, איז אָפען דאָס טויער

פון בית עולם. ווי נאָר דער מאָרגען שיינט אויף זאַמלען זיך צענויף און עס קומען אַהין מענער, ווייבער און קינדער און דאָס געראַוש און זייערע געשרייען הערען זיך ווייט אַרום. דאָ שטעהט אַן׳אַלמנה און וויינט ביטער אויפ׳ן קבר פון איהר מאַן און רעדט זיך אויס פאַר איהם דאָס האַרץ: אַז מיט זיין טויט איז איהר דאָס לעבען פערשטערט געוואָרען, איהרע קינדער זענען פערוויעסט געוואָרען. בלייבענדיג אָהן אַ טאַטען... אַז די סטעלע איז צו לעכערט און עס רעגענט אַריין אין שטוב אַריין, אויך די ווענד זענען איינגעבויגען צום איינפאַלען און דער פאַרקאַן האַלט זיך אויף היהנערישע פיסלעך... און דאָרט אין דער הייך הערט זיך אַ גרויס געוויין, אַ מאַמע בעוויינט איהר זוהן, וואָס איז געווען שעהן און ליכטיג, אין די בעסטע יונגע יאָהרען איז ער געגאַנגען אין דער ערד אַריין. דאָ קניהען און פאַלען מענשען אויף די קברים פון זייערע עלטערען און רעדען אָב זייערע ביטערע הערצער. זייערע ווער-טער פליעסען ווי אַ טייכעל, ווי אַ טייך וואָס פלייצט און ווי וואַסער וואָס יאָגט זיך באַרג אַראָב; און דאָרט קלאָגט אַ יודענע מיט אַ טרויע-ריג געמיטה, און מעסט דאָס פעלד האַלט אין איין קלאָגען און ציהט זיך אויס אויף די קברים פון איהרע נאָהענטע, צו בעטען רחמים אויף איהר קינד וואָס איז קראַנק. און צוזאַמען מיט׳ן וויינען און קלאָגען דערהערט זיך דאָס געשריי פון די קראָהען, וואָס הייבען זיך פלוצלונג אויף מיט אַ געשריי און אַ ליאַרעם פון אַ שפיץ בוים, ווייל די יונגען די לאָבוסעס האָבען זיך אויף זיי געוואָרפען ווי אַ היישעריק און זיי איבערגעשראָקען, מיט זייער אַרויפקלעטערען אויף דיביימער זיך אָב-צושניידען שטעקענס און צו רייסען די פרוכטען. וואָס מען קען זיי נישט עסען, ס׳איז אויך אַ געשריי פון די אָרימע לייט וואָס שטעהען ביים טויער און בעטען נדבות ביי אַלע וואָס געהן אַריין און אַרויס.

אויפ׳ן וועג וואָס געהט זיך גלייך ווי אַ טונקעלער פאָדעם נעבען בית עולם, געהן פויערים גאַנצע חברות, זיי פיהרען אין שטעדטעל אַריין האָלץ, נייע תבואה און גרינצייג, אויך יונגע היהנדלעך און ווייסע העהנער און אייער און אַנדערע זאַכען. ווי נאָר די פוהרען זענען פערבייגעפאָהרען און פון וואַלד וואָס שטעהט פון ווייטען פאָהרט אַרויס און אַ זייל שטויב נאָך אַ פויעריש וועגעלע, וואָס איז געשפאַנט מיט צוויי נידעריגע פערדלעך, וואָס שפרינגען מיט דראָבנע טריט און פאַר זיי שפרינגט און לויפט אַ לאָשעק פון אַ יאָהר, לויפט הין און צוריק מיט אַ פרעהליך הירזשען. אין וועגעלע איז געזעסען אויף שטרוי אַ

מענש איינגעהילט אין זיין מאַנטעל, ער זיצט שטיל און פערגליווערט, ווי אויסגעהאַקט פון שטיין, נאָר נעבען בית עולם האָט דער מענש אַ ריהר געטהון דעם פויער אין פלייצע און איהם געוויזען מיט דער האַנד ער זאָל אַהין צופאָהרען.

און דער מענש איז שטאַרק דערשראָקען און איבערראַשט, זיין פנים זעהט אויס ווי ביי אַ מענשען וואָס ליידט גרויסע וועהטאָגען און האָט אַזאַ קרענק וואָס עסט איהם אויף. זיינע אויגען ברענען ווי די פלאַקערען און זיינע ליפען זענען ווי פון פייער פערברענט, און ער אָטהעמט שטאַרק שווער. אַז ער איז אַראָב פון וועגעלע, האָבען איהם אַרומגערינגעלט די אָרימעלייט וואָס שטעהן ביים טויער, און געבעטען נדבות, דער פרעמדער האָט זיי צעטיילט נדבות האָט זיך גוט איינגע-הילט אין זיין מאַנטעל און געשפּאַנט ווייטער.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט דער קברן איהם צוגעפיהרט צו אַ בוים, דאָרט זענען געווען איין גרויסער קבר מיט דריי קלענערע קברים אַרום, וואָס זענען געשטאַנען ווי פערגעסען און קיינער איז אַהין נישט געקו-מען צו פערגיסען אויף זיי אַ טרעהר. און מען האָט זיי כמעט נישט אַרויסגעזעהן פון טיפען גראָז וואָס איז אויף זיי געוואַקסען דאָס איז דער קבר פון אַ מוטער מיט דריי קינדער וואָס האָבען זיך נישט צע-שיידט נישט ביים לעבען און נישט נאָכ׳ן טויט!

אַנ׳אויפגערעגטער איז דער פרעמדער געפאַלען אויף די קברים און איז דאָרט שטיל געלעגען. און אַז ער איז אויפגעשטאַנען זענען זיינע אויגען געווען אַ קוואַל טרעהרען און אויף זיינע ווייסע באַקען האָבען געפינקעלט צוויי רויטע פלעקען—דער. צייכען פון טויט אויף די פנים׳ער פון סוכאָטניקעס, דער פרמדער רעדט עפּעס צו זיך אַליין. אין דער שטיל וויינט זיין האַרץ און קיין קול הערט מען נישט. און נאָכ-דעם ווי ער איז אַזוי געשטאַנען נאָך אַ ווײַלע, האָט ער פערבראָכען די הענד, זיך ווידער איינגעהילט אין מאַנטעל און איז אַוועקגעגאַנגען...

* * *

ס׳איז נישט אַוועק קיין לאַנגע צייט און דער טויער פון בית-עולם אין חסידעווקע האָט זיך ווידער אַמאָל געעפענט און דער פרעמדער וואָס מיר האָבען דערמאָהנט, איז אַהין געבראַכט געוואָרען אויף אַ מטה און מען האָט איהם בעגראָבען נעבען בוים, נעבען די פיער קברים וואָס זענען דאָרט פון פריהער געווען. און אויף זיין קבר האָט מען אַוועקגעשטעלט אַ שטיינערנע מצבה. דאָס איז די מצבה פון קבר וואו עס ליגט בעגראָבען אלקנה לייבזאָהן...

